# שריפטן

א זאמלבוך



פארלאג אמעריקא

ווינטער 1925—1926

# א י נ ה א ל ט :

◆◆ ◆◆

ערשטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1912

צווייטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1913

דריטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1914

„וועלט איין וועלט אויס“
דערשינען — 1914

פערטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1919

פינפטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1919

זעקסטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1920

זיבעטער באַנד „שריפטן“
דערשינען — 1921

אויף צוויי זאכן האלט זיך די וועלט: אויף זאכלאכקייט און ווילן, אין אנדערע ווערטער, אויף שטאף און באגריף. אבער די צוויי ווערטער זיינען בלויז ווארט־ווערטן, אבסטראקציעס, — ווייל „באגריף" אליין איז נישטא, און „שטאָף" אליין, אָן „באגריף" איז אויך נישט פאראנען.ביידע צוזאמען זיינען איין זאך.

פארוואָס, אלזא, האָבן מיר פאר דעם געשאפן צוויי נעמען, אז עס איז בלויז איין זאך? מען האָט באשאפן דאָס ווארט „באגריף", כדי דערמיט עפעס אפצונעמען פון דער זאך, אזוי, אז עס זאָל בלייבן בלויז „שטאָף". זאג איך, אויב יא אפגעטיילט, פארשטיי איך דאָס נאָר געדאנקלאך, אבער אין טאט איז דאָס נישט אפצוענדערן. אויף דעם האלט זיך די וועלט.

אויפ'ן ערשטן בליק קוקט דאָס אויס, אז „ווילן" און „באגריף" מיינט נישט דאָסזעלבע. איך פארשטיי אבער אזוי: ווילן שאפט בלינדערהייט, ווילד, און באגריף שאפט מיט אפענע אויגן. „שאפן", זעלבסט־פארשטענדלאך, איז אויך בלויז א ווארט אזא. אלזא, אלץ שאפט זיך, ווערט, שפרייט אוים די ארימס, פלינל, פים, נעמט אויף, פארבינדט זיך, פארברענט זיך, וואקסט.

קענט איר דאך זאגן, אז דער ווילן איז דערזעלבער אומעטום, אז ער האָט איין פנים, אדער אז ער גייט ארום אינעווייניק אין זאכן, אזוי, למשל, ווי עס יאגט א ווינט איבער'ן ים. ניין. נעמט טאקי דעם ווילן פון ווינט און פארגלייכט אים מיט'ן ווילן פון א שטיין, אדער דעם ווילן פון פייער מיט'ן ווילן פון וואסער. און דא זעט איר דאך באשיינפערלאך, אז דער שטאָף נופא איז אויך פארשיידן. אזוי ווי דער שטאָף אזוי איז אויך זיין ווילן. צי מיט א כיון צי נישט, די וועלט איז פאנאנדערגעשפאלטן אויף מילי־מיליאסן פארשיידענע שטיקער. צי דאָס איז אזוי, כדי די וועלט זאָל זיין שיין, צי דאָס איז בלויז אזוי געווארן פון א צוזאמענברוך, איז שווער צו דערטיין.

אבער איינס איז זיכער: אויב עס וואלט אמאָל די אלע ברוכשטיקער געלונגען צוזאמענצוגיין און ווערן איינס, וואלט אויסגעלאשן געווארן דער ווילן און עס וואלט נישט מער געקענט זיין קיין וועלט, און, פארשטייט זיך, קיין שטאָף אויך נישט. עס וואלט גארנישט געוועזן. ציים

וואלט אויך אויפגעהערט. האלט זיך אבער די וועלט אויף ווילן, און אזוי ווי ווילן איז דאס ווייס פון שניי, מוז שוין דערפאר אויך זיין שניי.

אן סובסטאנץ קאן מען קיין זאך נישט אנען.

אין דער דרויסנדיקער וועלט, וואו נאר דער מענטש האט נישט די גאנצע דעה, לעבט יעדע זאך — אפילו דער טויטער שטיין לעבט. נעמט אבער דער מענטש עפעס אין די אייגענע הענט אריין, ענדערט ער עס אפט אזוי, אז מען קען דערויף בשום אופן נישט זאגן: דאס איז א זאך וואס לעבט. מען מוז אדער אבער צוגעבן: ס'איז א נוצלאכע זאך, מען דארף דאס האבן.

מיך אינטערעסירט דא נישט אלץ, וואס א מענטש מאכט. דא אינ־טערעסירט מיך נאר די קונסט. דאס בוך, דאס ב י ל ד האט נישט אין זיך דעם צוועק צו ברייגנען נוצן, באקוועמלאכקייט. און אין דעם קינסטלערס צוטריט ליגט אויך נישט קיין באקוועמלאכקייט, קיין נוצן. דא איז פאראן אן אנדער זין — שאפן. דאס מיינט, זיין באשאף מוז זיין אזוי עכט ווי ווייסער שניי.

איר פארשטייט דאך, איך בין נישט אזוי נאאיוו צו מיינען מיט דעם, אז דער קינסטלער דארף אדער קען מאכן לעבעדיקע וועזנס, ווי פיגמאליאן אין דער לעגענדע. הלואי וואלט מען דאס געקענט. איך וואלט זיך דעמאלט אוועקלאזן ערגעץ אין א פארוואָרפענעם אָרט מיט מיינע פינזלען און פארבן, און וואלט שוין דארט אפגעלעבט די יארן מיינע אין פריידן.

קונסט איז נישט פון נעכטן, קונסט איז דורכגעגאנגען פיל עטאפן, און היינט איז זי א גאנץ קאמפליצירטע ערשיינונג. אין קיין צייט איז קונסט נישט געווען אין גאנצן איינפאך — רייגער רעפלעקס. און ווי קען דאס זיין דירעקט ווי דאס לעבן גופא, אז איר באטראכט שוין די מיטלען אליין, אין ליד — דאס אומזיכערע ווארט, אין מאלעריי — פלאכע לייוונט און זיבן פארבן? און יעדע קינסטלערישע אויפלעבונג, שטרעבנדיק צו דערנענטערן די קונסט צום לעבן געפינט אלץ נייע מיטלען און מיט רעכט מיטלען אבער וואס שטעלן אוועק נייע פאדערשטיבער און ביז איר דערגייט צו די קדשי־קדשים איז שוין פון אייך אראפגעפאלן דער שטויב פון דער וועלט. און אמאל ווען איר ווילט גלייך אריבערגיין פון קונסט צו לעבן אדער פארקערט, גיט אייך אין די שלייפן א קלאפ ווי מיט א האמער. — נישט אזוי? דאס אָרט מיט'ן געזונטן ריח פון סאסנע בוימער, און די

לאנדשאפט וואס איר מאלט פון דעם — זיינען צוויי באזונדערע וועלטן.

א בילד — דעם ריח קען מען נישט איבערגעבן. דער געהער בלייבט אייך אויך נישט באפרידיקט. איר קענט דאס אויך נישט פארזוכן, און איר קענט דאס נישט אנרירן. איר קענט דאס נאר זען מיט די אויגן, און אנ־טאפן — כאטש אפילו נישט מיט די פינגער, און דערפילן מיט נאך א חוש, וואס דארף פארשריבן ווערן אין די שול־ביכער. אזוי, אז אפילו קינדער זאלן דערפון וויסן — דער חוש וואס באנעמט די עכטקייט פון זאכן.

איז צום ערשטן קומט דאס אויג. און דאס אויג שאפט פאר אונז די וועלט אלס ערשיינונג, וואס דאס איז א באזונדערע וועלט, אנדערש פון דער אמת'דיקער, פון וועלכער מיר באקומען פולערע באגריפן פון אנ־דערע קוועלן. יא, דאס אויג איז באגרעניצט. צי עס וואלט געקענט זיין אנדערש ווייס איך נישט, אבער אזוי ווי עס איז, איז עס נישט פולקאמען. שטעלט זיך פאר ווען מיר קענען מיט'ן אויג זען זאכן פון ווייטן אין דער גאנצער גרויס, אדער א הויז פון אלע זייטן מיט אמאל, אדער ניט־דורכזיכטיקע שטאפן, אזוי ווי דורכזיכטיק וואסער, אדער מיר זאלן קא־נען זען קאלירן אין דער פינסטער. דעמאלט וואלטן מיר געקענט זאגן, אז דאס אויג איז די איינציקע מאס צו מעסטן די וועלט. אבער אזוי ווי דאס אויג זעט די וועלט איז די וועלט אן ערשיינונג — די וועלט פונ'ם אויג.

אבער דאס אויג איז נישט ווי א פענסטער אין א שטוב. די שטוב בלייבט גלייכגילטיק צו דעם וואס דאס פענסטער זעט. דער מח וואס הינ־טער'ן אויג בלייבט אבער נישט גלייכגילטיק. און דערפון שטאמט די רע־גונג צו קונסט.

די פראגע איז: דארף זיך קונסט רעכענען מיט די באגרעניצונגען פון אויג? עס איז קלאר, אז די גרעניץ פאר'ן אויג איז נישט קיין פעסטע איינגעשטעלטע גרעניץ. און קונסט ווידער איז נישט גענויט זיך צו האלטן אין די גרעניצען פון אויג דארט וואו זי מוז עס נישט דורכ־אוים. פאר'ן אויג גילטן קאלירן, ליכט און שאטן, ליניען. דאס איז טעכ־ניש דער גרונט פאר יעדער קונסט.

צי זאל אבער אט דער טעכנישער גרונט זיין דער גאנצער אינהאלט פון א קונסט־ווערק?

## איך האָלט, אַז נישט.

די האַנט, וואָס מאָלט, מאָלט זיך אַליין, און די לעבעדיקע וועלט אין אייך מאַנט. פרעגט זיך, ווי אַזוי קומט צו אייך די לעבעדיקע וועלט? דורך יעדן חוש קומט זי. איר דאַרפט זיך אָבער נישט אָפּגעבן קיין גענויען חשבון ווי אַזוי. גענוג, אַז אייער גייסט איז פול מיט דער לעבעדיקער וועלט און עס שפּאַרט אַרויס פון אייך. און פון וואַנען נעמען זיך די מיטלען פון אויסדרוק? די מיטלען, אויך געגעבענע, זיינען אָפן און פריי פאַר אַלעמען. אין דער אמת'ן אָבער ליגן זיי ווי הינטער זיבן שלעסער און פון דער אַנגעזאַמלטער קענטעניש פון טויזנטער יאָרן מיט טויזנטער ביכער נעמט דער קינסטלער נאָר דאָס וואָס ער איז פייאיק צו פאַרווענדן. אויב איינער ווייסט אַלץ, ער איז אַ גרויסער קענער, ער איז אַרומגעגאַנגען איבער אַלע וועגן און אומוועגן פון די מייסטערס און וויל דאָס פאַרווענדן אויף זיין קלענערן גייסט — אויך דעמאָלט זאָג איך, אַז דאָס טאָר נישט און קאָן נישט זיין דער גאַנצער אינהאַלט פון אַ קונסט־ווערק.

דער עיקר איז נישט קענטעניש נאָר וואַרהאַפטיקייט. איין מענטש איז נישט מחויב צו כולל זיין אַלץ וואָס ס'איז געווען ביז אים נישט מער פון דעם וואָס אַ מענטש איז אין תוך וועט ער קיינמאָל נישט קענען זיין.

י. טאָפּעל.

א. וואָלקאָוויץ:

די איסט סייד און אנדערע צייכנונגען

ש. בודין:

פיר לידער

אייזיק פלאַטנער:

לידער

אשר רויזען:

דער נביא. (פּאָעמע)





א. וואַלקאָוויץ — אין טעאטער





א. וואָלקאָוויץ באם „פּושקארט"



א. וואָלקאָוויץ — שוועסטער



א. וואָלקאָוויץ — רוטאָג

## ש. בודין:

### גרינע טויבן

אויף מיינע פענסטער זיצן שווער געליימטע טעג,
און שאָקלען די אַלטע ווייסע קעפּ אַרום איבער זיך.
מיינע אויגן זיינען ווי גרינע טויבן
מיט יונג לעבן אין זיי.
פליען זיי אַרום איבער די געליימטע טעג
און האָבן מורא זיך אָפּצושטעלן.
איז געבענטשט זאָלן זיין מיינע פיס,
מיינע פיס, ווי די פיס פון הערשן זיינען;
רופן צו זיי מיינע טויבן —
מיינע צעשראָקענע אויגן.
שפּרינגען מיר אינאיינעם אַריבער
איבער די געליימטע טעג,
איבער די צעשאָקלטע אַלטע ווייסע קעפּ
פון מיינע טעג
וואָס זיצן אויף מיינע פענסטער.

### איך עס די מאָרגנס

איך עס די מאָרגנס, ווי איך עס די שיינע קיילעכדיקע בייגל מיט מיין קאַווע,
און ערגעץ בלייבן מיינע טעג, ווי עס בלייבן ערגעץ די לעכער פון די בייגל.

אָט אַזוי עס איך אויף מיינע יונגע מאָרגנס,
ווי איך עס אויף די קיילעכדיקע בייגל;
נאָר אַמאָל פאַרנאַכט בין איך אומגעגאַנגען מיט אַ שיינער מיידל,
האָב איך דערזען אויף דעם שאַרפן ברעג פון הימל,
ווי אַ ווייסער בער האָט אַ שוואַרצן בער אַרומגענומען
און אַוועקגעגאַנגען
אָט אַזוי צוגעטוליעט, אַרומגענומען,
מיט שפּילער, אמת׳דיקער ליבע.
טעג איך אויפעסן מיינע יונגע מאָרגנס,

ווי איך עס אויף די קיילעכדיקע בייגל,
מעגן מיינע טעג בלייבן ערגעץ
ווי עס בלייבן ערגעץ די לעכער פון די בייגל, —
מיינע אויגן האָבן געזען
ווי אַ ווייסער בער האָט אַ שוואַרצן בער אַרומגענומען.

גאָטס גאָב

אַזוי ווי עס קלינגען, גלעקער קלינגען,
אָט אַזוי אין ערוואַכונג, די טעג אין ערוואַכונג.
אָט אַזוי אין אויפגאַנג, די טעג אין אויפגאַנג.
אָט אַזוי אין זאַנגען, די טעג אין זאַנגען.
קומען טעג, די טעג פון שניטער.
שטייען ביי די וועגן רויטע טעג
מיט גרין קיילעכדיקע אויגן, און זינגען
אַ געזאַנג —
וואָס דרינגט אַריין אין יעדן אבר
און וואַקסט אַרויס פון דיר,
ווי די רייפע פרוכט אויף ביימער,
און די קאָרבן זיינען פולע,
און די שייערן זיינען פולע,
און די אויגן זיינען פולע;
שניידן שניטער אָפּ די זאַנגען.
שניידן מעסערס אָפּ די קלאַנגען.
שניידן ווינטן אָפּ די שטיינגן.
און די טעג, זיי קלינגען.
רינגען.
זינגען
און צעקלונגען
די גרויסע גאָב
פון גאָטס האַנט,
ווי עס קלינגען, גלעקער קלינגען.

ווען איך וויל

ווען איך וויל קען איך אַ פינגער פון מיין האַנט
זיך אָפּשניידן,
זיך שפּילן מיט מיין אייגענעם שאָטן אויפ'ן וואַנט.
איך בין ווי דער ווינט אין צעעפנטע גאַסן,
ווי דער שאָל פון אַ שווימענדיקע שיף אין נאַכט.

ווען איך וויל קען איך ווערן אַ פידלער
איבער די גאַסן אויסשפילן מיין מענטשנס וויי,
מיט מיין קאָפּ אין וואַנט אויספּויקן
דעם גראָטעסקן אומעט, פאַר מיר, אין זיי.
איך בין ווי דער ווינט אין צעעפנטע גאַסן,
ווי אַ ברענענדיק בינטל שטרוי.
ווען איך וויל קען איך זיך פאַרליבן
אין אַ גאָלד־בלאָנדער שיקסע,
פאַרזייען אין איר יונגן לייב מיין אומרואיקן שטאַם.
האָבן מיט איר צוועלף קלוגע אידן,
מיט שטילֿ געזונטן בלוט פון גוי.
ווייל איך בין ווי דער ווינט אין צעעפנטע גאַסן,
ווי די זיך אַליין אויפעסנדיקע רעדער
פון אַ לויפנדיקן באַן.

אייזיק פלאטנער:

שטאָט.

1.

פון אַלע זייטען אין דער וועלט,
פון אַלע וועגן דורך דער נאַכט,
האָט אַ באַן נאָך באַן געבראַכט
אַ מענטשן-קנויל, אַ רויען וואל.
א שפיי געטאָן מיט דעם דורך אָפענעם וואָקזאל,
אין פנים פון דער שטאָט.

א מרוק פון מעטאַלענע לונגען,
צוואוויגט דעם פארשלאָפענעם טאָג.
ס׳וועקן זיך שווער, און צעווייטיקט די הימלען,
וועקן זיך אויף אויף די ראַנדן פון שטאָט.
אויף באַרגיקע פלייצעס, און שפּיציקע אקסלען,
פון ווייטער, און ברייטער צעוואָרפענער שטאָט,
דערהויבט זיך א רעוון, פארוואָרגען פון הונדערטער שפּיינערנע ווענט,
שטאָט, איבער וואסער פארשליידערט דורך בריקן די הענט,
און גריסט זיך מיט דער וועלט. . .

2.

פארסמאלעטער טאָג איז געפאלן,
פארקאפטשעטער קופער,
אין סטאַדעס פון רויבן,
אויף שטאָטס לייב, און לעבן,
עס זיינען די שטאָט-לייט ארוים אין די גאַסן,
אין פאַסן, אין פאַסן,
געפּלאָכטן אין רינגען,
פאַרשלייערט די ראָגן,
גערינגלט מיט ארעמס, מיט שטעקנס, אפצאַסן,
שלאַנגען-טראַמוואַיען, מיט איינציקע אויגן,
שניידן אַריין זיך מיט קעפּ אין די מאַסן.
ס׳קרייצן זיך כוואליעס, פון ווינטן, און קעפּ-לויף,
אַ קאָפּ אויף צוויי אקסלען, א קאָפּ אויף צוויי אקסלען,

פּעדערן, שפּילקעס, און לענטעס פֿאַרצויגן,
אין פֿלאַטער פֿאַרבויגן.
דאָרט איז אַ נאַקן, און דאָ אַ פּאָר אויגן..
עס דרייט זיך, עס דרייט זיך, א רודל־געדריידל,
באַלד וועט אַ כאַפּ טאָן דער עולם די שטיבער,
און וועט זיך א קער טאָן, א קער טאָן אריבער,
ווילד זיך צופֿליען, מיט פּיס אין די שטערנס,
אַ טאַנץ אין די גאַסן,
אַז שטאָט וועט צופּלאַצן. . .

אין שטאָט פֿון פֿאַרזעסענע מיידן

אַ חתונה היינט אין דער שטאָט פֿון פֿאַרזעסענע מיידן,
ווינט טרייבט דעם רויך פֿון פֿאַבריקן,
און ווארפֿט אים ווי פֿלאַכטעס אויף דעכער.
דאָס קעמט מען אזוי בא די מיידן די פֿלאַקסענע קאָלטונס.
עס קוויטשעט א מאַמע א בייזע, און שמייסט אין די הינטנס,
אַז ס׳הויבן זיך אַזש די פֿארסאַרגעטע קליידער אין לופֿטן.
א חתונה היינט אין דער שטאָט פֿון פֿאַרזעסענע מיידן,
געקומען די פּריצישע פּעטערס אויף קאַטשן,
און אָרעמע עקרובים אין טראַנטעס, מיט פּעקלעך,
און דזשאַדעס מיט פֿידלען, מיט בלינדע „קאַביעטעס“,
און סתם אזא עולם אויף וואונדער צו קוקן.
פֿאַרקלעפּט די ראַמוואַיען ווי פֿליגן־פּאַפּירענע בלעטלעך,
עס רעש׳ט מיט פּאַראַדן, פֿאַרלייגט די בולוואַרן.
ס׳פּוצן זיך אוים די יחסנ׳ישע טעכטער,
מיט פּערפֿום, בריליאַנטן, און שטאַרקע דעקאָלטן,
און שפּירן דערוויילט אין מחשבה,
דעם ריר פֿון די וואנסן ביים קושן די ברוסטן.
אַי, וועט מען כאַפּן א טענצל אין אָוונט,
אַי, וועט מען כאַפּן א טענצל. . .

באַנאַכט, און די שטאָט האָט צו צינדן שטאַרקאַצן,
גאַפֿן אויף מיילן אַרום די ישובים,
און קוקן זיך איין אין דער לאַנגע פֿון פֿלאַמען.
אַ אילומינאַציע, מען פֿירט צו דער חופּה פֿאַרזעסענע מיידן,

און באַלד וועט מען גרייטן די טישן.
עס שטייט שוין דער עולם מיט אָפענע מיילער,
מיט ליידיקע בייכער.
די קלעזמער פארסטרויען די כלים,

עס וואַרטן די קעלנער ארוים אויף באַפעלן.
איינס, צוויי, דריי, און ס׳איז פאַרטיק,
עס קנאַקט שוין א ניגון א ווילדער,
אויף בוידעמס, אין קעלערס, אין רייכע סאלאנען,
א טויזנט קלאווירן, גארמאָשקעס און פויקן,
זיידענע קליידלעך, אין גראָבע „בארכאנקעס“,
דינינקע דאַמען, און ברוסטיקע שיקסעס,
פעטע באַזויפענע מאָרדעס, און גלאַנציקע פליכן,
פאַיאַצן מיט לאַטעס פון אונטן, האַלב נאַקעטע פרויען,
מיטקעס מיט שפיצן, די אויגעלעך בליצן. . .
ימ׳ען מיט שוויס, וואַגאָנעס מיט פודער,
טאַ רא טאַ, טא רא טא ! עס פינקלען די פארבן,
עס פלאמען די אָטעמס, עס גליען די קניען,
א פלאש נאָך א פלעשל, „פארקנאַקט“ ביז צום שטאַרבן. . .
פארטאַנצן די נעבט ביזן גרויען באַגינען,
און מאָרגן פארווארפן די קוישן אויף אקסלען,
ארוים אין די הויפן, און מאַכן א טומל,
צולייגן די גאסן מיט שווערע משאות,
שפאלטן די הימלען מיט פייף פון פאבריקן,
און חתונות פראווון כסדר, כסדר,
אין שטאָט פון פאַרזעסענע מיידן.

לידער

.1

א אינמיט׳ן־דער־נאַכט האָט פארהויבן דאָס קלייד איבער לענדן,
און ליגט אין די גראָזן, א הוילע,
צעשטרעקט מיט די נאַקעטע פיס פון באַגערן...
זשוזשעט די שטילקייט פון תאוה,
לעקט זיך די ליפן מיט שימער פון שטערן,

אוןביימער באגערן...
ווייטקייטן ליגן פארדומעט מיט הימלען,
און שווייגן, געזעטיקט פון זיסקייט . . .
ווינטלאך באהעפטן די בלומען,
וזארפן פאנאדער די זריעות פון ווילדע געשפראָצן.
ס'ברומט אינ'ם בלוטן־געלויף פונ'ם לעבן —
א מיטן־באנאכטיקער ליבן פון מינים . . .
פון מדבר'שע ווייטן פארציען זיך ברומען,
ס'גלוסטן צעוואָרפענע סקאלעס, אין מאכיקע הילן,
א כוואַליע מיט כוואַליע באהעפטן אין לייגג פון די ים'ען,
וויגן זיך, וויגן זיך, לעקן די ברעגן.

2.

ס'גייט דאָס לייב דורך דער וועלט —
א דורכזיכטיק שטיק.
דאָס נפש איז בלוט.
רינט אין די אָדערן דורך —
ארויף, און אראָפּ.
און מער איז ניטאָ . . .
שטייט דאָס לייב פון יעדער מויד —
און מאָנט מיט טויזנט מיילער אין דער רויטער הויט —
א שטום געבעט . . .
קומט דער מאן, און ליגט מיט זיי,
וואקסט דאָס לעבן אָן . . .

3.

ס'זאמלט פארשלאָסענע מחנות סאָלדאטן —
מיט חיה'שער לוסט, און צוזאטענע בלוטן.
— אין רויטע קאזארמעס, אף שטרוי־זעק, און נארעס,
חלום'ען זעלנער בא נאכט אין דער פינסטער —
שווארצע חלומות, מיט שטאָלענע גלידער.
וואָגלען ארום מיט צובויגענע פינגער,
אף היציקן לייב, און אין שווייסיקע ערטער,
סאָפּען ווי בערן, מטושטש אין תאוה . . .
ס'וואקסן די ברוסטן בא שיקסעס אף דערפער,
און יערן אזש איבער . . .
גרייטן זיך דאָרטן, און דאָרטן די מחנות,
אף גלאנציקע רוקנס, פון פערדלאך זכרים,
מיט זאפט אין די ביינער, און שטורמישע מאָרדעס

ס׳גלאנצן חלפים אנטקעגן די זונען,
און ריחות פון פולווער דערהיצן די בלוטן . . .
נאָכדעם די נעכט אין די וויסטע מדבריות.
אין נאסע פּאַרטאָגן, אין נאקעטע וועלדער
— פארלירט מען די קעפּ אין א שכרות פון בלוטן,
צופלאקערן שרפות, און רויכן דערשטיקן
ס׳האקן גראנאטן, צופליען די בריקן,
און ערגעץ פארשלעפּט מען די מיידן אין וועלדער . . .

## אשר רויזען:

### דער נביא

### 1.

זון־שפּראָצונגען האָבן זיך שוין באַוויזן אויפ'ן מזרח פון מדבר־הימל.
דאָס זאַמד האָט געלן זיך שוין אָנגעהויבן פון שאָטנקייט אַרויס,
איז ער נאָך אַלץ געזעסן, דעם קאָפּ באַהאַלטן צווישן זיינע קניען,
ווי אַן איבערגעקערטער וואָרצל פון אַן אונטערגעהאַקטן בוים,
און אַזוי האָט ער געבעטן:
גיב רו, גאָט, צו דער אַוועקגייענדיקער נאַכט,
זאָל די העליקייט וואָס וואַקסט פון איר אַרויס,
געבן פרייד צו די וואָס דערוואַכן פון איר שויס.
און אַז די זון האָט געהויבן זיך צום מיטן הימל,
האָבן זיינע אויגן, ווי די זון, געשטראַלט ארויף צום הימל.
ווער האָט דאָס דעמאָלט געקענט דערקוקן
די לויטערקייט אינ'ם הימל
און די קדושה אין זיינע אויגן.
און אַזוי האָט ער געבעטן:
פאָטער! זאָלן אונזערע טעג ניט אויסעסן די לויטערקייט פון
אונזערע קינדישע נשמות;
זאָל די זון ניט אויסברענען די ריינקייט פון אונזערע כשר'ע הערצער.
נאָר אויסשיינען דיין הייליקייט איבער זיי, פאָטער.
צו מנחה־צייט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט נעבן אַ גרויסן שטיין.
געשפּאָלטן איז געווען דער שטיין אין צווייען — און ער, ווי אַ מחיצה.
אַרום איז ניט געווען קיין וואַסער, האָט ער די הענט געשטעקט אין
זאַמד אַריין,
ארויסנעמענדיק זיי דערהויבן איבער זיין געהויבענעם קאָפּ.
און אַזוי האָט ער געבעטן:
זון מיט דיינע גאָלדענע שטראַלן, גיי צו דיין רו,
זאָל דיין שיין האָבן באַלויכטן דאָס וואַרטן פון כלות און יונגע
פרויען
און אומגעטרישט ווערן אין פרייד פאַר זייערע חתנים און מענער,
וואָס קומען אַהיים פונ'ם פעלד, און באַקרוינען זייער מידקייט.
און אַז די שאָטנס האָבן געהויבן זיך פון דער ערד און אים פאַרדעקט,
האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיינע הענט און פאַרמאַכט זיינע אויגן,
איז די בלאַסקייט אויף זיין פּנים געוואָרן לויטער ווי שיין,
אַנטקעגן די רויזקייט וואָס האָט געבוירן זיך אויפ'ן מערב.
און אַזוי האָט ער געבעטן:

שוואַרצע רו פון דער נאַכט, פאַרשיכור מיט ליבע אַלע הערצער,
היט אָפּ די ריינקייט פון די נשמות וואָס פאַרטרויען זיך דיר.
פאַרדעק די פרייד פון זייערע לייבער,
באַוואַך די מוטער טראַכט פון זייערע ווייבער,
און גיב הייליקייט צו זייער פאַרלאַנגען,
אין דיינע אָרעמס, נאַכט, נאַכט פון מיין פאָטער.

2.

און פון וואַלד האָט דער נביא אונטערגעהאַקטע בוימער אויף זיינע אַקסלען געשלעפּט,
אָפּגעהאַקטע צווייגן געזאַמלט, אונטערן אָרעם זיי געטראָגן.
יעדן דורכגייענדיקן באַגריסט: זייט געבענטשט פון מיין פאָטער,
בליענדיקע בוימער.
ביי זיין שטוב האָט ער דאָס האָלץ אַוועקגעלייגט — מיד זיך אַוועק־געזעצט,
פארלייגט די הענט אויפ׳ן האַרצן, האָבן זיינע ליפּן אזוי געבעטן:
פאָטער פון הימל,
זאָל פון די בוימער וואָס ליגן פאַר מיר,
דורכ׳ן כח פון אַרבעט, אויפלעבן געלעגערס,
וואו מיינע ברידער זאָלן אויסרוען זייער מידקייט,
וואו כלות זאָלן איבערגעבן זייער פרייד — חתנים,
וואו שוואַנגערע פרויען זאָלן געבוירן זייערע קינדער.
זאָל דער גערוך פון דער קאָרע — ברענגן ריח פון וואַלד אין זיינע שטובן,

אַלע טישן האָט אויסגעשטעלט אין אַ ריי — איין טיש.
ברויט און זאַלץ אויף אים אַוועקגעלעגט,
פון קוואַל האָט ער וואַסער געבראַכט,
און צו גאָט האָט ער געזונגען:
פאַר דיר, שעפער פון דער וועלט, גרייט איך אַ סעודה,
דיין נאָמען צו הייליקן.
מיינע געסט, די אונטערגהאַקטע בוימער,
מיינע תלמידים, די אָפּגעהאַקטע צווייגן,
אַלע זינגען מיר שירה
פאַר דיר, בורא עולם.

פון דרויסן האָט זיך געהערט פויגל געזאַנג,
ריח פון זאַפטיקע בלומען האָבן אָנגעפילט די שטוב.

ב. קאַפּמאַן :

ציינונגען און בילדער

די רייד און די זעאונגען פון זינדיקן גלאַטיום





ב. קאָפּמאַן

באַם שפּיגל



ב. קאַפּמאַן

שוואַרץ און ווייס



ב. קאָפּמאַן המוציא (אויל־פאַרב)



ב. קאַפּמאַן

דער רייטער און די אָקסן




ב. קאָפּמאַן ראַדירונג.

ב. קאפמאן:

די רייד און די זעאונגען פון זינדיקן גלאטיוס.

## 1

אויף די נידעריקערע שטאפלען פון ליבע־פארגעניגנס, ווי, צום ביישפיל, קושן, קניפן אין די באקן, צופן ביי די ניפלען, אדער אפילו וואשן אירע בריסט, וואס איך האב געטאן אין דעם טייכל אויסן שטאט, האט זינאבעל ארויסגעצייגט גרויס קלונשאפט. יעדעס מאל ווען איך פלעג טאן איינע פון די אויבנדערמאנטע זאכן פלעגט זינאבעל זיך אפילו ניט א קרים טאן. אדרבה, זי פלעגט האלטן אין איין לאכן און זינגען, אזוי ווי ניט איך מיינט מען עס. האט זי אבער ארויסגעצייגט גרויסע אומשולד ווען עס איז געקומען צו דעם פארגעניגן, וואס איז נאך לאנג צוריק פארשאלטן געווארן פון עפעס א נארישן גאט, וועלכער האט ניט געוואוסט וואס ער טוט, און האט געמאכט דער ארימער שלאנג דערפאר פויזען אויפ׳ן בויך.

נאר זינאבעל זאגט: „איך האב געשוואוירן צו א מאטראס, אז איך וועל בלייבן ריין ביז ער וועט קומען צוריק פון די ווייטע ימים וואו ער איז איצט. איך בין זייער אומשולדיק און וויים גארניט וואס דו ווילסט פון מיר, נאר מיין מאטראס האט מיר אנגעזאגט צו זיין פארזיכטיק“.

מילא, א ווארט איז א ווארט. אפילו ווען געגעבן צו א מאטראס. דאס איז „דאך דער באדן פון דער וועלט“, טראכט איך. דאך גיי איך אויס פון ליבע. און זינאבעל איז איצט פאר מיר די איינציקע, ווייל די וועלכע איך האב געליבט אויפ׳ן בית־עלמין האט אז אנבערן. און אנטואנעטע איז נעבעך געשטארבן. און אריסען האס איך. איז מיר ניט גוט. גאנצע נעכט שלאף איך ניט. גיי איך אין קאפע אריין, וואו די פאעטן דעבאטירן איצט וועגן „דער אנווענדונג פון שכל אויף דער רעאליטעט פון פאלקאמענעם צוזאמענפארן“, און איך הויב אן צו זופן טיי און רויכערן א ליולקע, אזוי ווי די איבעריקע.

אזוי אבער ווי מיין קאפ איז ניט ביי קיין פילאזאפיע, נאר ביי די פיס פון זינאבעל׳ס גוף, גיי איך ארויס אין גאס, וואו איך באגעגן דעם מאן מיט׳ן קליינעם קאפ און שווארצן מאנטל און איך גיב א זאג צו אים:

„היראַז, זאָג מיר וואָס איז די לעצטע דערפינדונג קעגן די ליידן פון ליבע?"

זיין פּנים בייט זיך ניט און ער ענטפערט מיר:

„ אין די הימלען, וואו נשמות האָבן ניט קיין קערפּערס, ווערט ליבע געבאָרן נאָר צוליב שיינקייט און ניט, ווי דאָ, צוליב קערפּערס".

ענטפער איך אים:

„וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז איך בין נאָך פאַרשאָלטן צו זיין אין מיין גוף, און אַז גאָט האָט אים אָנגעזאַפּט מיט געוויכט פון ערדישן זיין?

ענטפערט ער: „שפּאַציר צווישן די בלומען און וואַרף אַוועק דיינע זינד!"

זאָג איך: אויף מיינע זינד וועל איך תשובה טאָן ווען גאָט וועט מיר הייסן, און אין שטאָט זיינען ניטאָ קיין בלומען אַחוץ די וואָס מען קויפט.

ענטפערט ער ווידער: „איך מוז גיין צו מיינע שאָף. די וועגן פון זינ־דיקע זיינען צעוואָרפן אין אַלע עקן פון דער וועלט און מיינע שאָף זיינען געדיכט ווי פליגן אין זומער".

אַז ער גייט אַוועק טראַכט איך: „איז ער גליקלאַך — פאַרוואָס קומט נאַראַנים מער גליק ווי מיר?"

ווען איך דערצייל זינאַבעל'ן פון דער באַגעגעניש, זאָגט זי צו מיר:

„וואָס פאַר אַ מאָדנער מענטש דו ביסט, איך פאַרשטיי דיך גאָר־ניט!"

„מיין טייערע, — זאָג איך, — דאָס צייגט, אַז דו ביסט נאָך גע־בענטשט. די וואָס פאַרשטייען זיינען פאַרשאָלטן."

„אָבער פאַרוואָס האָסטו אַזוי ליב מיין גוף?"

„ווייל — ענטפער איך — דיין גוף איז שיין ווי אַ סאָסנע, און דאָס איז דער ריכטיקער וועג ווי צו ליבן דעם גייסט. ווען דו וועסט ווערן אַלט און דיין פּנים וועט ווערן צעשניטן פון קנייטשן, דעמאָלט וועסטו פרעגן פאַרוואָס איך האָב ניט ליב דיין גוף. דער שכל פון יוגנט איז ניט צו פרעגן. דערפאַר בין איך אייביק יונג. און אפשר בין איך יונג גראַד דער־פאַר, וואָס איך פרעג אַזוי פיל פראַגעס. ווייל איך דיינק, אַז יוגנט פרעגט טאָקע אַ סך פראַגעס. אָבער זי טוט אויך אַ סך. ניט ווי די אַלטע, וואָס פרעגן ניט און טוען ניט."

גייען מיר אַוועק אין וואַלד און זעצן זיך אויפ'ן גראָז. מיין האַרץ קלאַפּט מיר זייער, ווייל איך בין זייער נאָענט צו זינאַבעל'ן. דוכט זיך מיר אויס, אַז עמיצער איז אין וואַלד אַחוץ אונדז. קער איך אום דעם קאָפּ און זע אַ מאַטראַס הינטער אַ בוים. זאָג איך:

„זינאַבעל, דיין מאַטראַס איז דאָ אין וואַלד".

לאַכט זי און ענטפערט: „גיי, נאַר. ער איז אויף די ווייטע ימים".

פּער איך זיך אום און זע איצט, אַז ער האַלט ביים האַנט אַ קינד. זאָג איך:
„ניין, דיין מאַטראַס איז דאַ, זינאַבעל, און ער האַלט עפּעס אַ קינד ביים האַנט, און דו לייגסט מיר, אַז ער איז אויף ווייטע ימים. איך וועל גיין זיך דורכריידן מיט אים".

זינאַבעל אָבער האַלט מיך פאַר'ן אָרבל און בעט זיך, אַז איך זאָל איר ניט איבערלאָזן אַליין אין וואַלד, ווייל זי האָט מורא צו זיין אַליין דאָ. בלייב איך לעבן איר. איך קוק זיך נאָכאַמאָל אום, זע איך שוין קיינעם ניט אין וואַלד. שפּרינג איך אויף און ריים אַרויס דעם בוים, נעבן וועלכן איך האָב געזען דעם מאַטראַס. באַלד מאַכט מיר די פרייי־לאַכע זינאַבעל צו שמייכלען און צו שפּילן זיך מיט אירע האָר און אָרעמס און בוזים. און ביז איצט איז זינאַבעל אַ רעטעניש פאַר מיר. און ווען איך טראַכט וועגן איר דוכט זיך מיר אויס, אַז גאָט האָט מיך געוואָלט בענטשן, נאָר האָט זיך עפּעס ווי צוריקגעהאַלטן.

2

אַט איז שוין פיר וואָכן ווי איך האַלט אין שטאַרבן אויס ליבע נאָך זינאַבעלען. זי אָבער קימערט זיך זייער ווייניק וועגן מיינע ליידן. שלאָפן מיר אין אַ הויז געבויט אויף אַ שפּיץ באַרג, פול מיט שפּאַלטן, דורך וועלכע ביינאַכט שיינט אַריין די לבנה און בייטאָג די זון. און אין מיטן פון יעדער נאַכט זע איך ווי אויפ'ן באַרג צייגט זיך עפּעס אַ משוגענע בריאה, וואָס איז האַלב מענטש און האַלב חיה. אַ קאָפּ האָט עס אַ גרויסן, מיט אַ צעשויבערטער שוואַרצער באָרד, און אַ ברוסט באַ־וואַקסן אין גאַנצן מיט האָר. פון איין זייט ברוסט שטעקט אַרויס אַ פרוי־ען ברוסט גרויס און רונד, פון דער אַנדערער זייט שטעקט דער מענערשער געשלעכט. און ער טאַנצט אויפ'ן שפּיץ באַרג און הירזשעט ווילד. נאָר ווי איך גיי אַרויס פון הויז אַוועקצוטרייבן אים ווערט ער ניט.

בייטאָג האָב איך שוין געפּרובירט זוכן אין דעם גאַנצן געגנט אַרום, אָבער איך האָב קיין שפּור פון אים ניט געפונען. און די לייטע אַרום זאָגן, אַז ער צייגט זיך נאָר ווען עמיצער געפינט זיך אין אַט דעם הויז מיט די שפּאַלטן אין די ווענט, ווייל דאָס איז אַ פאַרשאָלטן הויז. לאָז איך זיך אָבער ניט איבערשרעקן, קריג אַ ביקס און איינמאָל פונקט צוועלף דעם זייגער ביינאַכט, ווען דער ווילדער האַלט אין טאַנצן און שפּרינגען אויפ'ן שפּיץ באַרג, שיס איך אין אים אויס. אָבער ווען איך לויף אַרויס געפין איך גאָר ניט קיין ווילדן, נאָר איך געפין דאָס מיידל וואָס איז אויפגע־טרייסלט געוואָרן דורך דעם ציטער פון די פיר דערשראָקענע מלאָכים, און וועלכע איז אַוועק בלאָנדזשען דורך דעם רוים. מיין האַרץ האָט מיר גענומען ווייטאָקן פאַר איר. באַלד דערזע איך, ווי פיר זיילן ליכט לאָזן זיך אַרונטער פון דעם שוואַרצן הימל און שטעלן זיך אַוועק אין יעדן ווינקל פון דעם טויטן מיידל, וועמעס פּנים ס'איז באַלויכטן פון דער

לבנה און זי איז שיין ווי די וועלט.

באלד הויבט זי זיך אויף. איך קערפער אין גאנצן נאקעט און אויס־געצויגן און בלייך ווי העלפאנט ביין. די פיר זיילן ליכט הויבן זיך אויף צוזאמען מיט איר און אלע שווימען ארויף צום הימל שטיל. זאג איך צו זינאבעלען:

„יעדער אויסדרוק פון גאט איז באשאפן געווארן מיט'ן ווארט, און יעדעס ווארט פארנעמט דעם גאנצן רוים פון דער וועלט".

זאגט זי: „אבער ווי קומט עס, אז געשאפן האסטו אין א ווילדן און געפונען האסטו גאר א טויטע מיידל?"

ענטפער איך איר: „מיין נשמה איז רייך און איך וויל ניט פארלירן דאס, וואס איז איר געגעבן געווארן. די וואס ווייסן זיינען געשטראפטע. און נגנוג איז פאר מיר, אז יעדע דערשיינונג זאל מיר געבן דאס, וואס עס פארמאגט. איך בין ניט קיין פראצענטניק, וואס וויל מער ווי עס קומט אים".

זינאבעל האט אבער, ווי עס ווייזט אויס, ניט פארשטאנען גוט וואס איך רייד און איז געוועזן ניט צופרידן פון מיין ענטפער. ביז מיר זיינען אריין צוריק אין הויז און האבן זיך געלייגט אין בעט אריין. דאס בעט פון זינאבעל'ן איז אבער א פארשאלטענע פאר מיר און איז דער קבר פון מיין פארגניגן. זאג איך:

„זינאבעל, איך זע יעצט דיין מאטראס אריינקוקן פון קוימען. אויב ער וועט ניט אוועק וועל איך אים שיסן, ווי איך האב געשאסן דעם ווילדן".

ענטפערט זינאבעל: „גלאטיוס, איך גלויב שוין ניט, אז דו קענסט טרעפן אין וואס דו צילט זיך. האסט דערשאסן אן אומשולדיקע מיידל און דער ווילדער לויפט אפשר ארום פריי און פראנק".

„אבער, מיין טייערע, איך האב ערשט געזען מיט מיינע אייגענע אויגן א מאטראס אין קוימען".

אזוי ווי אבער דער מאטראס האט געשוויגן און מיר איז געוועזן גאנץ ווארעם לעבן זינאבעל'ן, וועלכע איך האב שטארק ארומגענומען, באשליס איך צו ליגן, טראכטנדיק: „עס איז בעסער ארומצונעמען א ווארעמען בוזים איידער צו טראכטן זועגן א קערפער וואס איז ניטא" און וואלט שוין איינגעשלאפן, אבער עס לאזט מיך ניט — „סטייטש, א מאטראס וועט זיך ארומדרייען אין מיין הויז און איך זאל אים שווייגן!" איך שפרינג אויף און כאפ דעם ביקס. שפרינגט זינאבעל אויך אויף און שטעלט זיך אנטקעגן קוימען און שרייט אויס: „שיס מיך, אויב דו ווילסט, אבער ניט מיין באשיצער!" שיסן אבער א פרווי האב איך קיינ־מאל ניט געקענט. איך פאל אויף דער ערד אין קאנוואולסיעס. זינאבעל גיט מיר וואסער צום טרינקען און הויבט אן צו וויינען. הויב איך אן צו גלעטן אירע האר און קושן איר קאפ און איך שמייכל:

„נו, נו, ווייז ניט. איך וועל שוין מער קיינמאל ניט וועלן שיסן דעם מאטראס, אפילו ווען איך וועל אים זען אין קוימען".

און זינאבעל שמייכלט אויך: „דו שלעכטער אינגל, וואס דו ביסט. ווי דו האסט מיך איבערגעשראקן!"

און דורך די שפאלטן זעען זיך שוין די בלייכע פינגער פון פרימארגן ארויסשטעקן פון דעם בלוי־גרויען הימל. און מיר לייגן זיך צוריק אין בעט און ווערן אנשלאפן.

3

„ליבע זינאבעל, — זאג איך, — מילא אז דו האסט געגעבן דאס ווארט א מאטראס קען איך נאך פארשטיין. ווער איז אבער דער קונצנמאכער מיט דער מאלפע, וועלכן איך האב געזען ריידן מיט דיר נעכטן?"

ענטפערט זי מיר: „דאס איז טאלעמיוס, וואס דערפרייט אלעמען מיט זיינע גרוילע קונצן און קריגט דערפאר א סך געלט. מיט אים וועל איך חתונה האבן, ווייל ער זאגט מיר צו א סך זאכן".

זאג איך: „אז ער איז א קונצנמאכער האב איך באלד געוואוסט. און יעדער קען דאס זען א קוק טוענדיק אויף אים. און אזוי לאנג ווי דו ביסט אפנהערציק מיט מיר ווינטש איך דיר גרויס גליק. אבער זע, מיין טייערע זינאבעל, וואס דו טוסט. שוין פיל וואכן ווי מיר זיינען צוזאמען און איך האב דיר געוויזן, אז איך קען האלטן ווארט, וואס דאס צייגט, אז מיין ווילן איז שטארק ווי שטאל, און דערפאר מוזטו גלויבן, אז איך וועל דיך ליבן דעם גאנצן לעבן. און געווים וועט אט דער קונצנמאכער טאלעמיוס, וועלכער צייגט אוים צו זיין א גראבער יונג, ניט וויסן ווי צו באזינגען דיין שיינקייט אזוי גוט ווי איך קען עס טאן".

ענטפערט מיר זינאבעל: „מיר אבער האט שוין דערעסן צו וואוינען אין אט דער הויז מיט שפאלטן. און וועגן מאטראס — האב איך דאס בלויז אויסגעטראכט, צו זען אויב דו ליבסט מיך. און איך זע, אז דו ליבסט מיך ניט, ווייל ווען דו וואלסט מיך אויף אן אמת ליב געהאט, וואלסטו אים זיכער געשאסן. יעצט וועט גאר ניט העלפן, און איך גיי חתונה האבן פאר טאלעמיוס וועלכער האט מיך ליב".

„א, — שריי איך אוים, אזוי ווי א מעסער וואלט מיר אריין אין הארצן. — הייסט עס, אז דו האסט מיך גאר גענארט און איך האב געהאלטן א ווארט, וועלכער איז גאר קיינמאל ניט געגעבן געווארן!" איך כאפ איר אן ביי די האר און גיב זי א שלײדער צו דער ערד. און מיין רציחה וואקסט אין מיר. איך כאפ איר און לויף מיר ארוים פון הויז, און פלי ווילד ביז איך קום צו א גרויסן שטיין. איך גיב איר א ווארף אויפ'ן שטיין און רייס אראפ פון איר אירע קליידער ביז זי בלייבט אין גאנצן נאקעט.

און צום ערשטן מאל דערזע איך איר גאנצן גוף. עס גיט מיר איך

ליב אַזאַ קלאַפּ אין קאָפּ, אַז איך פאַל אַנידער אין אַ גראָבן דערביי און
ווער צעבלוטיקט. באַלד הער איך אַ זשיפּען אין גראָבן און זע ווי אַ
שלאַנג וואַרפט זיך אַרום לעבן מיינע פיס. גיב איך אַ שפּרונג אַרויס און
בין שוין ווידער לעבן זינאַבעל'ן און ביים מיט מיינע ציין אין אירע בריסט
און אירע היפּטן, און ריים מיט מיינע הענט די וועגט צווישן אירע פיס.
דערביי ברום איך: „גיב כוח, אַ גייסט, צו פאַרניכטן אַט די בייזע פרוי,
וואָס האָט מיך געפּלאָגט אַזאַ לאַנגע צייט — די פרוי, וועלכע איך האָב
אַזוי ליב געהאַט און וועלכע איז געווען פאַלש צו מיר!“

אָבער דאָ קומט אַן דער קונצנמאַכער און דערזעענדיק וואָס עס טוט
זיך, וואַרפט ער אַרונטער די מאַלפּע און רייצט זי אַן אויף מיר. אָבער
ווי נאָר זי איז צוגעלאָפן האָב איך זי מיט אַזאַ רציחה אַ כאַפּ געטאָן
ביים האַלדז, אַז זי איז גלייך געפאַלן צו דער ערד, אַרויסלאָזנדיק אַ
משונה'דיקן הוסט און איז געבליבן טויט לעבן מיינע פיס. ווען איך האָב
זיך אָבער אומגעקוקט איז שוין זינאַבעל ניט געווען. דער קונצנמאַכער
האָט זי אויסגעכאַפּט און איז מיט איר אַנטלאָפן.

איך בלייב זיצן אויף אַ שטיין אַ לאַנגע צייט און טראַכט:

„אַט אַזוי זיינען שוין די קונצנמאַכער. שטענדיק טראָגן זיי עפּעס אַ
מאַלפּע, אָדער אַ הונט, אָדער עפּעס אַן אַנדער חיה אויף זייערע פּלייצעס
אַט די זינאַבעל וועט דאָס ווייב פון אַזאַ קונצנמאַכער, זי גיט זיך אים
איבער, און ער וועט פאַרמאָגן איר גאַנצן קערפּער!...“

„פאַרוואָס האָב איך דאָס אַזוי געהאַלטן דאָס וואָרט? און איר גוף
איז אַזוי וואונדערלאַך שיין... עה, גלאַטיוס, צייטנווייז ביסטו געווען
נאַריש!“

אַזועקגייענדיק אָבער פון שטיין טראַכט איך: „ווען עס זיינען ניטאָ
קיין נאַראָנים צו האַלטן וואָרט, וואָלט גאָט דאָס וואָרט ניט באַשאַפן“.

4

שוין אַ צייט אַז איך בין אַוועק פון דעם פּלאַץ, וואו זינאַבעל האָט
זיך געפונען. און דאָס איז אַ שטאָט פון הוילע מאַרמאָר. און עס איז
אַזוי גוט צו שרייבן אויף די ווענט. און כדי צו רייצן זיך מיט די מענטשן
וואָס ווילן מיך פאַרטרייבן פון דאַנען, נאָר קענען ניט, ווייל זיי האָבן נאָך
ניט די נויטיקע פּאַפּירן דערצו, מאַך איך פאַרשידענע צאַצקעס אויף זיי־
ערע פּאַלירטע ווענט און האָב גרוים הנאה דערפון. און מאָדנע. די נאַ־
ראָנים פון דער שטאָט האָבן מיך אַזוי ליב פּונקט ווי די נאַראָנים פון
דער פריערדיקער שטאָט. איז מיר גוט. נאָר וואָס טולמע שדכנ'ט זיך צו
מיר איז מיר ניט אַזוי אַנגענעם. כאָטש צייטנווייז האָב איך זי אויך ליב.
איבערהויפּט ביינאַכט, ווען מיר ליגן אין פעלד הינטערן שטאָדט און די

לבנה שיינט אזוי צויבערלאך ארום, און איך האלט איר נאענט לעבן זיך, און פיל ווי די פינגער פון מיינע הענט ווערן געבענטשט ארומגייענדיק איבער איר ווארעמען לייב. נאר אין אלגעמיין וואלט איך בעסער גע־וואלט, אז זי זאל מיך ניט ליב האבן. איך בין טאקע א באשאפער פון שיינעם שכל. אבער זי איז פארט א מכשפ'ס א טאכטער. און איך האב מורא פאר מכשפים.

זאג איך צו איר: „טולמע, איך וועל אפפארן פון דאנען".

לויפט זי אוועק אין פעלד און מען זעט זי ניט א גאנצן טאג. און ווען זי קומט צוריק זיינען אירע אויגן רויט.

גיי איך אמאל פארנאכט איבער'ן פעלד, טראכטנדיק: „סיי גוטס, סיי שלעכטס זיינען באגריפן פון פאלקאמענהייט, וועלכע מען קען ניט דערגרייכן, ניט מיט'ן לעבן און ניט מיט'ן טויט". און איך זע ווי אין מיטן פעלד זיצט טולמע און שפילט זיך מיט פיר פאלירטע דרייעקן פון ווייסן שטיין, און זי האלט זיי אין איין צואזמענשטעלן און פאנאנ־דערוווארפן. אט שטעלט זי צוזאמען א פיראמיד, און אט א קוואדראט. און אט קוקן זיי ווי שפיציקע בערג איינס נאכ'ן אנדערן. און טולמע קוקט אויס זייער שיין לעבן אירע געאמעטרישע שפילציינ. און איך טראכט:

„ניין, איך טאר זיך ניט פארבינדן מיט טולמע'ן, א מכשפ'ס א טאכטער."

מיין גליק איז אבער ביים ווינט, און איך מוז נאכגיין דעם ווינט זוכנדיק מיין גליק.

ווער איך אמאל אנשלאפן אויף טולמע'ס בוזים ווייל די לבנה איז געווען זייער שיין יענע נאכט און טולמע האט מיך פארשלעפערט. אז איך כאפ זיך אויף, פיל איך גארניט ווי איך האב זיך אביסל צונעקילט שלאפנדיק, ווייל איך וואונדער זיך ווי אזוי איך בין געקומען צו אט דעם גרויסן זאל וואו איך בין, און וואו אזוי פיל מענטשן זיינען, און וואו אלע זויפן און פרעסן, און יעדע ווילע זינגען זיי אויס: „דער דאפלטער בונד וועמעס גליק עס שפראצט ארויס פון די טיפע ימים זאל אויף דאס ניי ווערן געבענטשט פון אונדז!"

איך הער און מיין קאפ ברענט מיר, און מיין נשמה בלוטיקט זע־ענדיק ווי דער חיות פון מיין פרייען איך ווערט פארפירט אין נעגנטן אומ־באוואוסט צו אים. און איך זאג:

„טולמע, איך וועל דאס ניט איבערטראגן. ווער זיינען אט די אלע מענטשן, וואס זיינען אזוי פריילאך, און וואס זויפן זיי עפעס אזוי און פרעסן אזוי? איך פיל ווי די וועלט האט ארויפגעווארפן א שטריק אויף דעם האלז פון אייביקער פרייד און וויל דערשטיקן מיין איך. מיין

פרייד איז איצט פאַרשכור׳ט פון זויפן און פרעסן, און ווייס ניט וואָס זי טוט. טולמע טייערע, אויב דו ליבסט מיך ריכטיק, לאָז איבער דיינע פיר געאָמעטרישע שפּילצייג מיט אָט דער גאַנצער חברה גראָבע יונגען און מיר וועלן אַנטלויפן פון דאַנען״.

הויבט נאָר אָן טולמע צו לאַכן און ווערט באַלד אַזוי היסטעריש, אַז איך דערשרעק זיך און כאַפּ אַ גלאָז וואַסער און באַרואיק זי קוים. און אַז איך פרעג וואָס האָט פּאַסירט מיט איר, רעדט זי קוים אַרויס:

„טייערער גלאַטיוס, איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט געוואָלט דער־הרג׳ענען מיינע צוויי קינדער״.

קוק איך און שטוין: „חלום׳ט זיך דאָס דיר, טולמע טייערע, איך זע דאָך גאָרניט קיין קינדער! און אויב דו האָסט יאָ צוויי קינדער, פאַרוואָס האָסטו מיר גאָרניט געזאָגט וועגן דעם?

ענטפערט זי: „ווייל איך האָב דיך זייער ליב, מיין גוטער גלאַטיוס. און ווען איך זאָג דיר פריער וואָלסטו אפשר אַנטלאָפן פון מיר. איצט, אַז אַלע ווייסן אַז דו ביסט אַזאַ גוטער, — ווייל איך האָב זיי דאָס אַלעמען געזאָגט, — וועסטו זיי געוויס ניט וועלן אַנטווישן״.

און איך זע ווי זי הויבט ווידער אָן צו לאַכן. ענטפער איך:

„יע, יע, געוויס. אָבער דאָך צוויי קינדער! ווען וועל איך צייט האָבן אפילו דיך ליב צו האָבן זאָרגנדיק וועגן אַזוי פיל קינדער?״

טולמע ענטפערט מיר: „טייערער גלאַטיוס, מיר האָבן זיך ביידע אַביסל צוגעקילט, טאַ לאָמיר גיין צו מיין מאַמען, וועט זי עפּעס טאָן פאַר אונדז״.

שרעק איך זיך איבער. נאָר אַזוי ווי איך וויל וואָס שנעלער אַנטלויפן פון אָט די מענטשן, וואָס פרעסן און זויפן צוליב דעם, וואָס איך און טולמע זיינען געשלאָפן אַ נאַכט אין פעלד. נעם איך טול־מען און די צוויי קינדער און מיר גייען אַוועק צו איר מאַמען. דערווייל איז ניט גוט. מיין איינציקע דערלייזונג איז וואָס איך האָב נאָך ניט אַנ־געוואָרן אין גאַנצן די בושה און מאַך נאָך אַלץ צאַצקעס אויף די ווענט פון שטאָט. דאָס גיט מיר פאַרגעניגן. כאָטש עס איז טאַקע אַ חרפּה פאַר אַ טאַטן פון צוויי קינדער זיך צו שפּילן מיט צאַצקעס, נאָר אַזוי ווי איך בין אין פרעמדע געגנטן אָרט מיר ווייניק וואָס מענטשן וועלן זאָגן וועגן מיר.

טראָגט מיך דער ווינט איבער דער וועלט זוכנדיק מיין גליק, און מיינע האָר ווערן גרוי. מיט מיר צוזאַמען טראָגט זיך טולמע מיט אירע צוויי קינדער. אָבער וואָס זיי זוכן איז גאָר עפּעס אַנדערש וואָס איך זוך. זאָג איך אַמאָל:

„ליבע טולמע, וואָס זוכסטו?״

און זי ענטפערט: „צוזאמען מיט דיר זוך איך דיין גליק".

ענטפער איך: „ניין, ווער עס זוכט יענעמס גליק נארט אפ אי זיך, אי יענעם".

קומען מיר אין א פרעמדן לאנד, וואו מענטשן עסן און שלאפן און טראכטן ניט. עסן מיר און שלאפן און טראכטן אויך ניט, אזוי ווי די אנדערע. וואלט אלץ שוין געווען גוט. איז אבער יעדן דאנערשטיק פון צען א זייגער אין דער פרי ביז פרייטיק צוועלף ביינאכט פאל איך אריין אין א קעלט און עס הויבט מיך אן צו טרייסלען. פאלט אויף מיר אן א היץ, און עס ווארפט מיך ארויף און אראפ, און איך ווער א פארבייאיקער. אז עס פאלט אויף מיר אן אט די קריינק בין איך גאר אויס מענטש.

געקומען איז דאס מיר פון דעם, וואס די אלטע מכשפה האט צוגעריכט פאר מיר עפעס אזא סם. הייסן הייסט עס, אז זי האט געוואלט ראטעווען אי מיך, אי איר טאכטער, מיט וועלכער איך האב פארבראכט א נאכט אין פעלד, דער לייכטער פארקילונג וואס מיר האבן געקראגן. האט די אלטע מכשפה געגראבן אין די פעלדער, געזוכט פארשידענע גראזן, ביז זי האט עפעס געפונען אזא גראז, וואס איז געווען זייער רויט. האט זי עס געקאכט דריי מאל און יעדעס מאל איז דאס רויטע גראז געווארן גרינער, ביז עס האט אויסגעקוקט ווי א גרינער סם. נאכדעם ווי זי האט עס צום דריטן מאל אויסגעקאכט, האט זי גערופן איר מאן מיט'ן קליינעם קאפ און שווארצן מאנטל און האט צו אים געזאגט:

„איך באשווער דיך, א הירען דו הייליקער, דו זאלסט מיט דיין הייליקן פינגער שמירן אט דעם זאלב אויף די הערצער פון אט דעם גלאטיוס און מיין טאכטער, וואס זיינען אינאיינעם געשלאפן א נאכט אין פעלד".

און הירען האט אויסגעשמירט אונדזערע הערצער און האט געזאגט דערביי:

„אויף די בוימער פון די וועלדער זיצן קראען מיט שווארצע שנאבלען, סימנים פון גוף, און אין די היילן פון די בערג ליגן פוילע חיות, סימנים פון ניט ריינעם קערפער. און די גאנצע וועלט פון נידעריקערן שטאם ווייסט ניט פון דעם ווארט, דו מענטש אבער מוזט וויסן, אז גאט איז דער האר פון נשמה און גאט האט דיר געגעבן דאס ווארט וועלכעם דו מוזט היטן הייליק. און די נאכט איז געבארן געווארן דורך דער פינסטערניש פון דעם טייוול און בלויז דו, מענטש, קענסט שאפן דאס אייביקע ליכט און פארטרייבן פינסטערניש. איך שמיר אייערע לייבער מיט דעם גרינעם זאלב, כדי וואו איר זאלט ניט זיין זאלן מענטשן וויסן, אז איר זייט געשלאפן א נאכט אין פעלד און כדי איר זאלט זיך קיינמאל ניט קענען באפרייען פון אייערע פליכטן, וואס די וועלט האט באשאפן פאר אזעלכע".

איז מיר אט פון דעם זאלב יעדן דאנערשטיק זייער ניט גוט. מאדנע

איז וואָס דער מכשפה'ס טאָכטער ליידט גאָרניט פון דעם זאַלב. אדרבה, זאָגט זי, זי פילט זיך נאָך בעסער פון אים. מיך אָבער, ווען עס כאַפּט אָן די היץ און קעלט — איז געפערלאַך און איך שריי ווי איינער, וואָס זעט נביאות:

„טולמע", זאָג איך, „דער קאָפּ פון דער וועלט וואַרפט זיך אין יסורים אין אונדזער הויז, העלף מיר אים ראַטעווען, טולמע!"

זי אָבער ענטפערט מיר: „ניין, מיין טייערער, דו האָסט היץ און דו שטעלסט זיך דאָס נאָר פאָר".

טענה איך: „אָ, פאַרשאָלטענער כח פון אַלע מכשפות, און מענטשן מיט קליינע קעפּ און שוואַרצע מאַנטלען, וואָס דו ליגסט ווי אַן אַלטע פאַד־לע איבער'ן קאַרק פון פליענדן אָטעם, וואו האָט זיך אויפגעהאַלטן די, וואָס האָט דיך געבאָרן, און ער וואָס האָט באַשווינגערט דיין מוטער? פון וועלכע ווילדע ימים, אָ, פאַרשאָלטענער כח, האָט דער ווינט פאַרבלאָזן דיין גייסט אויף די בוימער פון מיינע יאָרן!"

דערביי וואַרף איך זיך אויף דער ערד אין קאָנוואולסיעס, ווי אַ שלאַנג וועמעס רוקן איז צובראָכן און טולמע מיט די צוויי קינדער שטייען און וויינען אַרום מיר. כאַפּ איך זיך אָן ביים האַלדז און וואַרג זיך און שריי ווידער. רופט טולמע דעם מאַן מיט די גרויסע ברילן און ער ברענגט מיט זיך פאַרשידענע געציינגן און ער הויבט מיך אָן צו באַטאַפּן, און ער שטעלט אַוועק לעבן מיר אַזאַ קיילעכדיקן גלאָז און הייסט מיר אין אים קוקן. קוק איך. און ער פרעגט מיר:

„וואָס זעסטו?"

זאָג איך: „איך זע ווי מכשפות טאַנצן אַרום איבער די שפּיצן פון די בוימער פון דער וועלט און וואַרפן איינע צו די אַנדערע די ביינער פון די הייליקע וואָס זיינען אומגעקומען אין ערשטן מבול און וואָס קומען אום יעדן טאָג. איך זע ווי אין הימל ראַנגלט זיך איינער, וואָס איז מיר זייער נאָענט, מיט אַ גרויסן ריז, וואָס קלאַפּט אַרויף אויף זיין קאָפּ אַן אייזער־נעם רייף. און איך זע אויך ווי אין די ימים שווימען אַרום וואַסער־חיות מיט אָפענע מיילער און וואַרטן ביז דער הימל וועט אַרונטערפאַלן".

דער מאַן מיט די ברילן טוט אַ וואונק צו טולמע'ן, דיינקענדיק אַז איך זע דאָס ניט, און זאָגט: „האָב ניט קיין מורא, כאָטש דאָס ליכט פון זיין פאַרשטאַנד האָט אויסגעברענט אַ לאָך אין דעם צימער פון זיין שלאָפנדיקן איך, אַזוי אַז עס איז אים איצט שווער איינצושלאָפן איבער דעם ליכט וואָס שטראָמט אַריין אַהין, וועט ער פונדעסטוועגן דיר מיט דיינע צוויי קינדער קיין בייז ניט טאָן".

ווען דער מאַן מיט די ברילן איז אַוועק נעם איך אַ פּאַפּיר און שרייב אויף אים מיין צוואה. אַזוינע צוואות האָב איך שוין אַ פּאָר הונדערט. אַזוי ווי אָבער איך האָב זייער ווייניק ערדישעס וואָס איבערצולאָזן

שרייב איך אין מיינע צוואות מערסטנס וואָס מען זאָל טאָן מיט מיין נשמה אין די הימלען. ווארים איך גלויב, אז וואָס א מענטש באַגערט דאָס קריגט ער, איבערהויפּט נאָכ'ן טויט. דעם באַגער אָבער מוז ער מאַכן פאַר'ן לעבן נאָך.

און אזוי שלעפּ איך זיך אַרום מיט טולמע'ן און אירע צען קינדער איבער דער וועלט. און אָפט ביינקט זיך מיר, ווייל איך בין געבאָרן געווארן אַ זינדיקער און וועל שוין מסתמא שטאַרבן אזוי.

און איבערהויפּט בין איך דאָס יעצט אזוי אומרואיק, ווייל איך האָב זיך דערוואוסט, אז קיין גאַלגאַלע איז אַנגעקומען סאַנטינע, דאָס מיידל, וועלכע איך האָב שוין ניט געזען אַ סך יאָרן און וועלכע איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין אַ שיינקייט, וואָס מען קאָן גאָר ניט קוקן אויף איר. האָב איך זי געזען. זאָגט זי, אז אויב איך וועל ניט גיין מיט איר, וועט זי בעסער פאַרזיצן.

טראַכט איך: „בעסער אַפּרייסן אַ בלום איידער זי לאָזן פאַרדאַרבן". אָבער וואָס טוט מען מיט טולמע'ן און אירע צען קינדער. צו וועמען איך בין געוואָרן אַ טאַטע אזוי אומגעריכטערהייד?! איז ניט גוט. אָפט שריי איך אויס: „אַ, פאַרפירער פון דעם ליכטיקן שטערן קאַרו, וואָס פאַר אַ זינד האָט פאַרפירט דעם מאָרגן פון פאַרגניגן צום טייך פון פאַרגליווערטן טויט? ווער האָט אַריינגעזעצט אין אייער גוף דעם מח פון ספּקות און אויפגעבויט אין אייערע קעפּ אַ יריד פון פערדישן פאַרשטאַנד? זעט איר. ניט, אז איך בין אויסגעשניטן פון גאָט'ס געשטאַלט, וואָס איז די פאַרקערפערונג פון געשלעכט, אז איך בין אייביק דאַ, און אז איך קען ניט ווערן פשוט'ער ליים, נאָר באַלד דערמאָן איך זיך, אז איך בין גלאַטיוס, וועמען אַלע רופן דער זינדיקער! און דערמאָן זיך, אז היינט איז ערשט מאָנטיק און אז איך האָב נאָך דריי טעג ביז איך וועל ווידער אַריינפאַלן אין היץ. וועל איך נאָכגיין דעם ווינט, וואָס טראָגט מיין גליק און וועל טאָן מיין פליכט צו טולמע'ן מיט אירע צען קינדער.

מיין לעבן איז צעטיילט אין טעג וועלכע ווייסן ניט איינער פון צווייטן. קומען נייע וועלטן און בויען אויס פאַר מיר נייע וואונדער. איז שוין אַ צייט, אז איך האָב פאַרלאָזן די וועלט פון פרויען. און פיל יאָרן זיינען שוין פאַרבייגעגאַנגען זינט איך האָב פאַרלאָזן די ווייכע בעטן פון פרויען און וואָגל אַרום איבער דער וועלט. און די יאָרן האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן אין בערג און שטיינער און פיל וועלדער זיינען אויסגעוואַקסן אין די וויסטענישן און פאַרשטעלן די זון, גיי איך אַרום צווישן די שאָטנס און לויב די ערד, וואָס האָט אַרויסגעשאָסן אזוי פיל ביימער פון זיך. גיי איך אזוי אַרום צווישן ביימער. ווען איך וויל זיך אָבער אָפּרוען גיי איך אַוועק אין אַ פעלד און זעץ זיך אַוועק אויף אַ שטיין, דאָס

הייסט אויף אַ קופּע יאָרן. זיץ איך אַמאָל און קוק אויפ'ן וואַלד, וואו די זון האָט זיך אַריינגעשפּאַרט אין איר גאַנצער גאָלדענער נאַקעטקייט און האָט געטאַנצט פון בוים צו בוים, ווי אַ גאָלדענע מאַלפּע. קוק איך און קלייב נחת פון דעם וואָס איז. קומט באַלד אַז אַ ווינט און ברענגט אַרונטער אַ וואָלקן. די זון, ווי אַ גאָלדענע מאַלפּע, נעמט זיך דראַפּען איבער די ביימער און האָט זיך קוים אַרויסגעפּלאָנטערט פון די צווייגן און איז פאַרשוואונדן.

און גרוי איז געוואָרן דאָס פעלד און דער וואַלד. אַ פלאַם פייער האָט אַ שפּאַר געטאָן פון דער ערד לעבן מיר, האָט מיך אַ ריס געטאָן פון שטיין און האָט זיך וועקגעטראָגן מיט מיר אין די הימלען אַריין. דאָך איז איינער געבליבן זיצן אויפן שטיין און ער איז געווען איך. און איך האָב געקוקט ווי דער פלאַם הויבט זיך צוזאַמען מיט מיר אַרויף דורך דער גרויער לופט. באַלד איז דער פלאַם פאַרשוואונדן און דער הימל האָט זיך צוגעמאַכט. אָבער איידער איך האָב צייט געהאַט צו באַטראַכטן וואָס דאָ איז פאַרגעקומען, האָב איך דערזען ווי דער וואָס איז ערשט אויפגעהויבן געוואָרן אַרויף, פליט אַרונטער מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב געמיינט אַז ער ווערט באַלד צעשאָטן אויף שטיקער. איז ער אָבער באַלד געבליבן הייענגען אין דער לופטן און האָט זיך גענומען וויגן ווי דער אומרו פון אַ זייגער דורכ'ן רוים, מיט די פיס אין הימל און דעם קאָפּ אַרונטער. און דער קאָפּ האָט זיך געהוידעט פאַרביי מיר הין און צוריק איבער'ן גאַנצן לייגנג פון דער ערד און זיין גוף האָט געשניטן די וואָלקנס.

אַזוי איז ער געפלויגן פאַרביי מיר הין און צוריק און איבער'ן גאַנצן לייגנג פון הימל. ער איז איצט געווען אַן עלטער מאַן מיט אַ לאַנגער באָרד. האָב איך זיך געוואונדערט ווי שנעל ער האָט זיך דאָס געעלטערט, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין גייסט איז אַלט. און אַז איך וואָס זיץ אויפ'ן שטיין בין אַ פּראָסטער מענטש, קוק איך אויס יונג. און דער טאָג איז געווען פול מיט וואונדער פאַר מיר. האָב איך דערזען ווי אין די אָרעמס ביים אַלטן ליגט אַ פרוי שיין ווי אַ געטין, גרויס־גופיק און צאַרט־לייביק. דערקאָן איך באַלד, אַז דאָס איז מיין געליבטע, וואָס איז פאַרשוואונדן פון מיין לעבן מיט יאָרן צוריק און וועלכע איז ווי אין וואַסער אַריין. וויל איך אויפשפּרינגען פון שטיין, דערהער איך אָבער אַזאַ געשריי, וואָס האָט געשניטן מיין האַרצן. און דער געשריי איז געקומען פון דעם אַלטנ'ס מויל. און געשאָלטן האָט ער די פרוי וואָס איז געלעגן אין זיינע אָרעמס. האָט מיר זיין יעדעס וואָרט געברענט, ווייל מיין ליבע האָט ווידער גענומען זידן אין מיר. און איך האָב געהערט זיין יעדעס וואָרט ווי אַ וווייטיק אין לייב.

„אַ פאַרשאָלטענער גייסט פון אידמאַ. ווי די שטילקייט אין דעם

הייל פון מיין קומער וואָלסטו פאַרגלעטן אַלץ און אָפּרייבן די פאַרב פון וואונדער. דו פאַררעטער פון מיין געטלאַכן רוים און פאַרניכטער פון מיין אינערלאַכן וואונטש. ניט דעם ערשטן מאָל וואַרף איך זיך דאָס אַרונטער פון הימל, כדי אַרונטערצושליידערן דיין כשופ׳דיקן גוף אויף יענעם שטיין. נאָר יעדן מאָל איז אַט יענער פאַרשאָלטענער מענטש אונטן מיר אין וועג און ער צעטומלט מיר מיינע געדאַנקען. און יעדן מאָל בלייב איך הייענגען אַזוי ווי איצט אין דער לופטן, אַ וויגנדיקער אָטעם. אָבער מער וויל איך זיך שוין ניט אומקערן מיט דיר צוריק. געוויס וועל איך וויינען אויף מיין עלטער. אָבער איינער פון אונדז מוז אונטערגיין. און וואָלסטו געקלאָגט אויף מיין טויט, אַזוי ווי איך וועל קלאָגן אויף דייַנעם, דו פאַרשאָלטענע טאָכטער פון שוואַרצן מזל? גיי!"

און ער האָט זי אַ שליידער געטאָן אַרונטער. איידער איך בין נאָך צוגעלאָפן צו איר איז זי שוין געלעגן אויף אַ שטיין באַגאָסן מיט בלוט. דערזעענדיק מיך האָט זי אָנגעפאַנגען צו ריידן מיט אַ שטילער שטים:

„איצט, אַז איך בין אַרונטערגעשליידערט געוואָרן פון די הימלען, ווי איז מיר, וואו וועט מיין גייסט געפינען שפּייז פאַר די גייסטער פון הונגעריקע פרויען? וואו וועט קענען די נשמה געפינען די פלאַנצונגען, וואָס האָבן געבליט אין זוניקער גוטסקייט. ווי גיך עס שפּראָצן אַרויס די פליגלען פון אונטערגאַנג אין דעם גוף פון יעדן פאַרלאַנג! אַ פאַרמאַטערטע נשמה, בלויז דו אַליין טראָגסט אויף זיך אַרום די שווערע ערד, בלויז דו אַליין ווערסט איינגעוויקלט אין איר לייב! איך קאָן ניט שילטן מיין זון. באַטש ער האָט מיך אַרויסגעטריבן פון זיין שויס, ווייל פון מיין ליידנדיקן גוף זיינען געבוירן געוואָרן זיינע ליידן. דערפאַר וועל איך דיך בענטשן אין דיינע הייליקע רוימען, זון מיינער, וואָס דו ליבסט אַזוי שטאַרק. זאָל דיר קיינמאָל ניט באַוואוסט זיין די קללה פון אַ מוטער! דו, וואָס מוזט אייביק שמידן שיינקייט פאַר דער וועלט, מעגסטו אייביק זיין געבענטשט פאַר די ליידן וואָס איך האָב דיר געגעבן!"

דאָ האָט זי, וועלכע איז געווען שיין ווי די זון, צוגעמאַכט אירע אויגן. דער הימל איז געוואָרן שוואַרץ און וואָלקנס האָבן גענומען פליען איבער׳ן הימל. און באַלד האָב איך דערהערט אַ דונערן און אַ שטים, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט, האָט גענומען ברומען ווילד אין דער הויך און האָט געריסן די לופט. און די שטים האָט באַקלאָגט דעם טויט פון דער, וואָס איז געלעגן אויפ׳ן גרויען שטיין און וועמעס לייב איז געווען אין גאַנצן ווייס און קלאָר ווי שניי. און אַ צייט האָט די שטים געברומט און געריסן די לופט. און שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן איבער איר ווייסן לייב. מיין האַרץ האָט אין מיר שיר ניט געפּלאַצט זעענדיק אַזאַ גרויסאַרטיקן טויט, אַזאַ שרעקלאַכן לעבן. און איך בין אַוועק איבער די פעלדער וויינענדיק. און וואו איך גיי, גייט מיר נאָך אַ שטים נאָכ־שרייענדיק: „גלאַטיום, דו זינדיקער גלאַטיום!"

דער נאַטיץ בוך פון דעם זינדיקן גלאַטיוס
דער יאָרצייט פון שכל

היינט איז דאָס דרייסיקסטע יאָר זינט דעם געבורט פון מיין ערשטן שכל, וועלכער האָט אויסגעשניצט זיין גאָלדענע ראָם אַרום זיין קלוגן קאָפּ און האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין זאַל פון אייביקייט. אפילו צווישן די ליכטיקסטע גייסטער פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט זיינען דאָ ווייניק וואָס קענען זיך פאַרגלייכן מיט זיין וואונדער. אָבער צום ערשטן איז גע־קומען דער ווינט און האָט אַרויפגעבלאָזן שניי אויף מיין קאָפּ. דאַן איז געקומען רעגן און האָט מיינע האָר איינגעקלאַפּט שטייף איבער מיינע שלייפן, און צום סוף איז געקומען די זון און האָט זיי פאַרדאַרט. בין איך איצט אַ פאַרשווין ניט ווי אַמאָל. גיי איך דורך די גאַסן, קוקן אַלע אויף מיר ווי אויף עפּעס אַ פאַרזעעניש. איך האָב אָבער שוין אָפּגענומען ביי דער צייט, וואָס עס קומט מיר און דאַריבער ווייס איך, אַז וואָס מענטשן רופן אַ „גלגול“ איז בלויז די שטענדיקע ענערגיע פון גייסט. און איך לאָז צו זיך און גיי מיר פאַרביי האַרט ביי די ווענט פון שטאָט, און וואו איך זע נאָר אַ גלאַטע וואַנט קריך איך אויס אויף איר די געשיכטע פון מיין לעבן. די חמורים אָבער פון דער איצטיקער צייט קענען ניט לייענען (אפשר איז דאָס אַזוי געווען אין אַלע צייטן), זיינען דאָ בלויז עטלאַכע וואָס שטעלן זיך אָפּ און באַוואונדערן די רייכקייט פון אונדזער שטאָט. די איבעריקע בירגער, וועלכע זיינען זייער אַנשטענדיק און ליבן רו מער ווי אַלץ, האָבן מיר שוין איינמאָל אפילו איינגעשפּאַרט אין תפיסה פאַר באַ־שרייבן זייערע ווענט מיט מיינע נאַרישקייטן. נאָר אַ דאַנק דעם כח, וואָס נאָך אַלעמען פירט ער דורך אַ סך זינדיקע דורך דער זעלבער צאָל יאָרן ווי די ניט־זינדיקע, בין איך אַרויס אַ לעבעדיקער פון זייערע הענט. און איך האָף, אַז איך וועל אויסלעבן מיינע יאָרן זיי אויף צו־להכעיס.

איבערהויפּט קענען זיי מיר ניט פאַרגעבן ווי אַזוי אַזאַ מענטש ווי איך האָב דאָס אַזאַ מזל צו פרויען:

„סטייטש, — זאָגט איינער צום צווייטן — אַט דער גלאַטיוס האָט דאָך שוין אַ נייע, אַ ריכטיקער אויסוואורף, און קיינער ווייסט ניט וואָס ער טוט מיט זיי“.

דער צווייטער שאָקלט צו מיט'ן קאָפּ: „יע, מען מוז דעם חברה מאַן אָנלערנען“.

אַזוי ווי אָבער איז מיינע האַנדלונגען האָט גאָט אַליין אַ האַנט, לאַכט ער זיך אויס פון זיי און זאָגט צו מיר:

„איך, גאָט אַליין, וועלכער איז קיינמאָל ניט געבוירן און וועלכער שטאַרבט ניט, בין אַזוי פאַרקערפּערט אין מיין שיקזאַל, אַז עס וואָלט געוועזן נאַריש פאַר מיר מורא צו האָבן פאַר דער צוקונפט. האָט מיר איי־ביקייט דערעסן, האָב איך זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געשלעכט און האָב זיך

גענומען שפּילן מיט זאַכן, איז מיר דער שפּיל אַזוי געפעלן געוואָרן — וואָרים יעדן מאָל קומט עפּעס נייעס אַרוים פון דעם — אַז איך וועל דאָס איצט קיינמאָל ניט אויפגעבן, כאָטש די וועלט איז שוין פול מיט פאַרשיי־דענע ברואים".

הער איך דאָס אויס און טראַכט: „עה, אַז גאָט אַליין רעדט אַזוי, מוז געוויס אין דעם זיין שכל, און דערפאַר בין איך דאָס אַזוי באַשיצט קעגן זייערע הענט". דאָך אָפטמאָל ברענט מיין האַרץ פון ווייטאָק וואָס די וועלט איז ניט אַנדערש ווי זי איז.

וועגן מיין שטאָט

מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט מיר דער גייסט פון קירמאַ איינגע־ראָמט אַ סוד, אַז איך בין אַ ציגיינער'ס אַ זון. אָבער אין פּאַפּירן פון שטאָט שטייט באַשיינפּערלאַך איינגעשריבן, אַז איך בין דער זון פון לו־לאַטאַר, „דער פּריצטע" און טאַביאַס „דעם בייזן": אַז ביידע צדדים זיינען פון נאָבעלן שטאַם, און פון אַ הויז פול מיט חכמים און אָרעם ווי צדיקים. מיין מאַמע, זאָגן מענטשן, פלעגט זיך פון כעס קלאַפּן מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין. און דער טאַטע — זאָגן זיי — פלעגט ברעכן מעבל אין הויז, ווען עס פלעגט אָנפאַלן אויף אים דער כעס. אַז עס איז אַ וואונדער, ווי איך בין גאָר געבוירן געוואָרן, ווייל פּונקט מיט ניין חדשים איידער איך בין געבוירן געוואָרן האָט מיין טאַטע שיר ניט דערשטיקט מיין מאַמען. און אַז איך בין — זאָגן זיי — דאָס פינפטע קינד. און אַזוי ווייטער און ווייטער.

דאָס אַלץ אָבער געפעלט מיר ניט. מיין אייגענער שלום איז, אַז איך בין גאָר קיינמאָל ניט געבוירן געוואָרן. אַז איך בין אַזוי אַלט ווי די וועלט. און די וועלט, ווייסט דו דאָך, איז אַן יאָרן. אַזוי ווי אָבער די מערסטע מענטשן געדיינקען נאָר דאָס, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ קורצער צייט צוריק דערציילן זיי וואָס פאַר אַ שיינער אינגעלע איך בין געווען, און ווי אַמאָל ווען אַ שיינע דאַמע האָט מיר אַ קניפּ געטאָן אין בעקל, האָב איך דערפון געערעדט ביז איך בין שוין געווען אַ גרויסער. און, זאָגן זיי, אַז איך האָב געהאַט אַ מומען, וואָס האָט ווי קאָאַנטיפּע — סאָקראַטעס'ס ווייב — דערגאַנגען מיין פעטער דעם צדיק די יאָרן. און אַז מיין פעטער פלעגט גיין צופוס גאַנצע צען מייל יעדן טאָג אין שטאָט אַריין צו דאַוונען אין שול און דערביי פאַרקויפן פאַר אַ פּאָר גראָשן אַ פּאָר שטיקלאַך קעז.

נאָך אַ פעטער האָב איך געהאַט, וואָס איז געווען גראָד זייער רייך, איז אָבער אַ טאָכטער פון אים אַנטלאָפן אין אַ מאַנאַסטיר, און מיין פעטער איז גרוי געוואָרן איבער נאַכט דורך דעם. נאָך דערציילן אָט די מענטשן, אַז איך פלעג ליב האָבן צו גנב'ענען פרוכט פון די סעדער אַרום און פלעג ליב האָבן אַרומבראַדיען אין רעגן און שניי גאַנצע טעג און נעכט.

און אז אמאל בין איך אריבערגעפארן דעם גרויסן ים אין א נייער לאנד (וואו, מען האט געזאגט, אייזנבאנען לויפן ארום איבער די דעכער פון די הייזער.)

ווי ריכטיק אט דאס איז אלץ וואס זיי זאגן, ווייס איך ניט. דערפאר איז מיר מער אנגענעם צו ריידן פון דעם, וואס איך אליין ווייס און געדיינק. און דאס ווייס איך, אז איך בין קיינמאל ניט געבוירן געווארן. האב ניט קיין עלטערן, קיין פריינט, און מיין אפשטאם איז דערפאר פון גאט אליין. א ראיה האסטו, אז נאך מיט א זייער לאנגער צייט צוריק האב איך געפונען א לייטער געמאכט פון אזא שטארקן פאדים, וועלכער קען אויפהאלטן א גרויסן מענטשן. דעם לייטער טראג איך ארום מיט זיך וואו איך גיי נאר, און ווען איך וויל, אדער ווען גאט רופט מיר, צי איך אים אויס, אט דעם לייטער, אין דער הויך און קריך ארויף איבער אים צום הימל. דארטן העלף איך גאט צו צושטעלן די שטערן מיט די אנדערע מזלות אויף זייערע ריכטיקע פלעצער. און נאך א סך, א סך זאכן געדענק איך, — אבער מענטשן וועלן מיר ניט גלויבן, ווייל די מערסטע מענטשן זיינען ניט קיין גלויביקע פון דער נאטור. איך קען זיי אבער פארזיכערן, אז מיין לעבן אונטן איז ניט אזוי זיס צייטנווייז. דאס קומט דער, און דאס קומט יענער און טענה'ט, אז איך בין אים עפעס שולדיק. פארשיידענע מענער און פרויען האלטן אין מאנען פון מיר רעכנונג:

„ווייל — טענה'ן זיי — דו קומסט פון אונדזער מין און דערפאר מוזסטו אפגעבן דין וחשבון פאר דיינע האנדלונגען".

ערשט נעכטן האט מיר איינער, וועמען אלע רופן „דער הייליקער", אויסגע'מוסר'ט אזוי:

„ווייסט, אז דו האסט א היבשע ביסל קינדער אויבן, וואס וואגלען זיך ארום ווי יתומים און עס איז דיין פליכט צו ווערן ווידער זייער טאטע".

האב איך אים געענטפערט, אז „הייליקע ווייסן זייער ווייניק ווען דער וועלט סאי אויבן סאי אונטן. און ווען מיינע קינדער, איז ווען איך וועל קומען צום לעצטן מאל אין הימל וועלן זיי שוין זיין גרויסע און וועלן באשטיין זייער שטעטל אליין".

נאך אזעלכע ריידערייען אבער קריך איך ארויף אויפ'ן הימל און פארקריך ערגעץ אין א ווינקל און שנייד שטיקער פון מיין הארצן און ווארף זיי אין זון אריין:

„נאט, — זאג איך — זאל איך ברענען פאר מיינע זינד". און איך בלייב ליגן שוואך אין די נאסע גראזן פון דעם אויבערשטן רוים ביז איך ווער ווידער שטארק און לאז זיך ווידער ארונטער צו מיין שטאט וועלכע איך ליב.

דער צענטער טאָג

באַגעגנט מיר טאַדלע דער שוטה פון שטאָט און זאָגט צו מיר:

„גלאַטיוס, אַ סך מענטשן וואונדערן זיך וואָס מען זעט די לעצטע צייט אַזוי ווייניק פון דיינע חכמות אויף די שטאָט ווענט".

פאַרדריסט מיר וואָס ער דערמאָנט מיר אַן אַ זאַך, וואָס טוט מיר ווי, און איך שריי אויס: אַהער מיט'ן בלייפעדער, דו שוטה!" און נעם שרייבן: „איך קען ניט עסן דאָס, וואָס איז ניטאָ, עס איך קעז".

און טאַדלע גלאָצט מיט די אויגן און זאָגט: „איך פאַרשטיי דאָך גאָרניט וואָס דו מיינסט".

ענטפער איך אים: „דערפאַר ביסטו געבענטשט. די וואָס פאַר־שטייען זיינען פאַרשאָלטן". און איך שרייב ווייטער: „האָבנדיק אַ גע־זונטן מאָגן קאָן מען טראַכטן אפילו וועגן גאָט מיט אַ שפּייז קראַם אין בויך".

דאָ קומט אַן גראָב־לאַפּעק מיט די וואָסערדיקע אויגן, וועמעס אויפ־גאָבע איז צו אָפּהיטן די שטאָט פון זינד, און זאָגט: „אַזוי רעדט נאָר אַ זינדיקער. וואָלסטו געהאַט גאָט אין האַרצן וואָלסטו ניט גערעדט אַזוי"

איך אָבער רייד ניט אין דער צייט פון שאַפן און שרייב ווייטער אויף די ווענט: „אַ מאָגערער בחור איז אַרויפגעקראָכן אויפ'ן דאַך און האָט גענומען קרייען".

„ניטאָ קיין געפילן היינט" — האָט אים אַ פויגל אַ פּיק געטאָן גלייך אין נאָז אַריין.

„מיט אַ פּאָר טעג צוריק בין איך דורכגעגאַנגען דורך די הימלען און האָב געדונערט. ווי עס פּאַסט פאַר אַ מענטשן פון מיין שטאַם, ווען ער דערזעט גאָט שלאָפן מיט אַן אָפן מויל".

דער מאַן מיט די וואָסערדיקע אויגן, איבערלייענענדיק דאָס, שרייט אויס: „געוואַלד, מענטשן, פאַרשפּאַרט אים אין תפיסה!" און ער אַנט־לויפט פון מיר מאַכנדיק מיט די הענט און שילטנדיק. דער שוטה אָבער בלייבט לעבן מיר און זיין פּנים ווערט אָנגעצונדן מיט ליכטיקייט.

און איך שרייב ווידער: „די וועלכע זיינען פאַרבליבן נאַראָנים, פאַר־שטייט זיך, באַלאַנגען צום גליקלאַכערן מין. די וואָס זיינען גליקלאַך על פּי שכל דאַרפן זיין די קליגערע. האָבן מיר אַ וועלט מיט צווייערליי חכמים. ביז מיר וועלן קריגן איין אויג אין קאָפּ מוזן מיר דערפאַר קוקן דורך ביידע. דיין שטענדיקער אַפּלייקענען פון חכמות מיינט בלויז דיין שכל קירצער און דיין מאָרדע לייגגער".

דאָ קומט צו לויפן דער מאַן מיט די וואָסערדיקע אויגן און נאָך אַ סך מענטשן מיט ווייסע אויגן, און מיט גרינע אויגן, און מיט פאַרשיידענע אויגן, אָבער קיין איינער פון זיי ניט מיט קיין רויטע אויגן, און זיי שרייען און שטורמען און וואַרפן זיך צו מיר. כאַפּט אָבער טאַדלע דער שוטה,

װעלכער האָט געהאַט גרױס דרך ארץ פאַר מיר ניט װיסנדיק פאַרװאָס, אַ גרױסן שטעקן און פאַנגט אָן צו פּאַכן אין אַלע זײטן, אַזױ אַז זײ צופליען אַלע װאו זײ קענען נאָר, און איך פאַל אַרײן דורכדעם אין אַן אַנדער שטי־מונג און קריץ אױס אױף די װענט: „שיקזאַל איז װי אַ רױך. דאָ ניט לאַנג צוריק בין איך געזעסן אױפ'ן דאַך און האָב געזען װי מײנע יאָרן זײנען אַרױס פון קױמען אין שטילע קרײזן, און װי אַ ריח האָבן זײ זיך אױס־געלײגט איבער די גאַסן פון שטאָט אין שװאַרצע טרױמען. האַבנדיק גע־טראַכט טױזנטער געדאַנקען, װאָס האָבן מיר איבערצײגט, אַז איך בין אַ מענטש פון ניט אױסהײלבאַרער ענערגיע, בין איך געקומען צו דער אי־בערצײגונג, אַז נאָר אַזעלכע װי איך געפינען די װעלט אַלס אַ שײנע פרױ, װעלכע מען מוז גלײך באַפרוכפּערן. איך בין אַרױס װײט אין רױם צו באַטראַכטן די האָפּטיקײט פון מײן אומבאַמערקבאַרן איך, און איך האָב זיך אומגעקערט מיט הערנער אױפ'ן קאָפּ, פאַר װעלכע איך האָב געדאַנקט דעם באַשאַפער מיט'ן גאַנצן הארצן, און בין אַפילו אַרױפגע־קראָכן אױף זײנע פּלײצעס, כדי איך זאָל קענען העכער אױסשרײען צום המון אַ לױב־געזאַנג פאַר מײן איך. דאָס איז דער צענטער טאָג פון שטענ־דיקן טראַכטן װעגן גליק. און די נאַקעטע מײדל, װאָס איז געשלאָפן אױפ'ן לײװנט איבער אונדזערע קעפּ, האָט מיט אַמאָל אַ שפּרונג געטאָן אַרױף דורך דעם ציטער פון די פיר דערשראָקענע מלאכים, װאָס זײנען געשטאַ־נען אין יעדן װינקל פון איר בעט. אַזױ דאָס איצט שפּאַצירט זי אַרום דורך דעם רױם װי אַ פּוסטע דודע באַלױכטן, און זינגט אַ ליד, פּױקנדיק די שטערן אין די זײטן, און לאַכט און װײנט, װײל זי איז געװױס משוגע.

איך קלײב אױף אירע טרערן צוזאַמען מיט מײנע יאָרן און בײדע הירזשענען מיר װילד אין דעם װאַלד פון דער נאַכט. און מענטשן אונטן ברעכן זײערע פינגער אױפ'ן אומגליק אין הימל. דאָס איז דער צענטער טאָג פון שטענדיקן טראַכטן װעגן גליק.

דער שוטה, װעלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען לעבן מיר, רופט זיך אָפּ: „די אױסװאורפן, איך װעל זײ צײגן!"

און איך ענטפער אים: „צו אױסקערן אָפּט דעם פּעלץ איז זײער קלוג, טאַדלע. און דערפאַר האָב איך דיר ליב".

אויפ'ן בית־עלמין

אין אַ װינטערדיקן טאָג, װען דער זילבערנער פראָסט האָט געקנאַקט דורך דער לופט, בין איך געקראָכן אױף די גאָלדענע שפּיצן פון דער זון, כדי צו דערװאַרימען מײנע בײנער. האָב איך אָבער באַלד אױסגעפונען, אַז װאָס העכער מען קריכט אַלץ קעלטער װערט עס. האָב איך זיך דער־מאַנט, אַז אױף אַ געװיסער גאַס װאױנט מײנע אַ געליבטע, װאָס ברענט אױס ליבע צו מיר און װעמענס בריסט אַלײן קענען אָנװאַרימען אַ װעלט. גײ איך איבער דעם זילבערנעם שנײ און מײנע פיס זינגען אַ לױב, װאָס

זיי טראָגן אויף זייער רוקן דעם גייסט פון גאָט. זע איך ווי מענטשן אויטאָמאָבילן און הייזער פליען ווי אין דער לופטן. איינס דורך דעם אַנ־דערן. דאָס וואָס איז דאָ ווערט ווייט און וואָס ס'איז געווען ווייט ווערט דאָ. און אַלץ דרייט זיך אין אַ ריטמישן מיש־מאַש. אַזוי איז גאָט'ס וועלט. אַלץ איז און אַלץ ווערט ניט. גיי איך און פריי זיך מיט'ן לעבן. קום איך אַן און באַגעגן זי אין דרויסן. כאַפּן מיר זיך אַרום אַזוי ווי אַ פּייער כאַפּט אַרום שטרוי. גיי איך אַריין אין הויז און רעד ווייכע ווער־טער צו איר נאַרישן מאַן. אָבער מיין קאָפּ ליגט אויף איר ווייסן בוזים. זעט זי מיט איר שכינה די גוטסקייט פון מיינע ליידן און פאַלט אויף אַ שכל — היינט איז יאָרצייט נאָך איר מאַמע'ן. וועלן מיר גיין צום בית־עלמין. בלייבט דער טאַטע מיט די פּאָר קינדער אין דער היים. און די וועמען ליידנשאַפט האַלט ביי די העלדזער גייען דורך די גאַסן פון בית־עלמין. און די טויטע שטאָט דערמאָנט זיי, אַז דער לעבן ליגט אין דער ערד. און אַז ווען די עחד איז נאָך יונג און גייט אַרום אויף צוויי וואַרעמע פיס און פון די באַקן שפּראָצט די מילך פון קלוגן זיין, איז זייער גוט צו וויסן, אַז יוגנט גייט אַלע מאָל אויף אַלטקייט. און אַז איידער צייט וועבט אוים איר שוואַרצן מאַנטל, איז כאַפּ דעם קאָפּ פון פאַרגעניגן און טאַנץ מיט אים דעם טאַנץ פון רויטן שכל. נאָך די טרערן פון פרויען לויפן ווי וואַסער באַרג אַראָפּ ביים ערשטן געדאַנק פון צער. פאַלט מיין געליבטע אויף דעם שניי ביי דעם קבר פון איר מוטער און וויינט.

און דער פראָסט ציט אוים אין דער זילבערנער לופט זיינע קריסטאַ־לענע ביינער און עס קנאַקן די טרוקענע אברים פון לויטערן ווינטער. זע איך ווי אין דער קאַלטער לופט שווימען אַרום די קערפּערס פון געוועזענע. אַט איז זינאַ די בלאַסע, מיט וועמען איך האָב פאַרבראַכט מיינע יונגע יאָרן אין זודיקער ליבע. אָט איז אירמאַ די פול גופ'יקע, וועלכע אַלע זאָגן איז געשטאָרבן דורך מיין שולד. און אָט איז לוסי די פריילאַכע, וועלכע האָט ניט געוואָלט קיין גלח ביים שטאַרבן און וועלכע האָט געזאָגט, אַז איר לעצטער קוש אויף מיינע ליפּן וועט זיין איר ודוי.

באַלד ווערט אַרום מיר אַ יריד פון הייליקע פרויען. און זיי שווימען איבער'ן ווייסן בית־עלמין. און די נשמה פון פרילינג אָטעמט אפילו אין ווינטער און בליט אייביק אין דעם הארץ פון דער וועלט. און מיין הארץ איז די נשמה פון דער וועלט. שלאָגט דער אָטעם פון לעבן ביי די טירן פון טויט. נידער איך און כאַפּ קושן די הייסע באַקן פון מיין געליב־טער. און רויטע רייטער פליען דורך דער קאַלטער לופט און קנאַלן מיט לאַנגע בייטשן די סאַפּנדיקע פערד. עפן איך אויף איר קאַפּטל און צוויי ווייסע בריסט גיבן אַ בליאַסק אין דעם פאַרשנייטן בית־עלמין. טרינק דעם טעם פון איר לייב און מיינע שלייפן ברענען און מיינע הענט ציטערן ביי די ווענט פון גאָט'ס שאַפונג.

און גאָט פליט דורך דורך דער לופט און ווערט פאַרשוואונדן און קערט מיך אום צוריק ווי אַ בליץ און ווערט ווידער פאַרשוואונדן. און דער חיות פון גן־עדן שלאָגט פון איר האַלב נאַקעטן קערפער אויפ׳ן שניי, און דער דופט פון פרויען לייב פאַרשפּרייט זיך איבער דער ערד. און כאַטש איך זע ווי גרויע קברים שטייען אין ווייסן שניי, זע איך אָבער מער ווי די וועלט ווערט צעשאָטן אויף שטיקער, און חיות פון פאַרשיידענע מינים פליען אַרום איבער דער וועלט רעוועגדיק, און אַז איך לויף דורך דער וועלט יאַגנדיק זיך נאָך דער, וועלכע אַנטלויפט פון מיר. און איך שפּרינג איי־בער בערג און טאָלן און קען איר אַלץ ניט כאַפּן. און אַז איך כאַפּ איר ווערט מיר מיין ווייטאָג נאָך גרעסער. אַזוי גייט דער נאָכמיטאָג פאַרביי און דער טאָג הויבט אָן צו שטאַרבן און פאַלן פון די פיס. שטייען מיר אויף און גייען אַהיים. קומען מיר אין הויז און זעען ווי דער גוטער מאַן ניאַנטשעט די קינדער און ווי צוויי אומשולדיקע טייבעלאך פאַלן מיר צו צום טיש, וועלכער איז שוין געגרייט פאַר אַלעמען.

דער אַלטער, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיין

קום איך אַן אין שטאָט און דערזע ווי אין רעכטן מיטן אויפ׳ן באַרג, וואו עס שטייט דער העכסטער מויער, פלאַקערט עס. און אַז די פלאַמען דרייען זיך אַרויף ווי גאָלדענע ווערים. אַז די פיס ברענען, פאַרשטייט זיך אַז דער קאָפּ וועט זיך וואַרפן אין אַלע זייטן. וואַרפט זיך דאָס פייער אַרויף. שטיי איך און לאַך און שפּרינג אין דער לופטן, ווייל דאָס גאָלדענע וויגעלע פון מיין ערשטן געבורט האָט זיך געגומען הוידן אין דער לופטן. און אין דעם וויגעלע שטיי איך, אַ קינד מיט אַ גאָלדן קעפּל, און הירזשע מיט דער ערשטער פרייד ווען דאָס מיילכל כאַפּט אַן דער מאַמעס ברוסט. שטיי איך און לאַך און דאָס גאָלדענע וויגעלע וויגט זיך ווי דער אומרו פון אַ זייגער דורך דעם רוים. אָבער די פּראָים אונטן זיינען בלינד און שטייען ווי פערד אין די שטאַלן.

ברענט דער מויער און די פלאַמען ווייטאָקן אַרויף און דרייען זיך אין ווייטאָק צום הימל. און די פלאַמען טאַנצן אַרויף מיט פרייד און הויבן זיך פאַר די האָר, ווייל זיי האָבן ניט קיין אַנדער ברירה. זע איך ווי עס שווימט אַרויף אין מיטן מיט׳ן פלאַם אַ נאַקעטע פרוי מיט פעך שוואַרצע האָר, וואָס דערלאַנגען ביז אירע קני, און די מילך שפּראַצט פון אירע בריסט אַרוים. און זי זינגט לידער, און יעדעס וואָרט פון אירע לידער פאַלט אויף אַ מענטשנ׳ס קאָפּ און מאַכט אים גלאָט, און מענער כאַפּן זי אַן ביי די פיס און זי שווימט אַרויף מיט זיי און וואַרפט זיי דאַן אַרונטער אין פייער אַריין. און אַנדערע כאַפּן איר אַן ביי די בריסט און זייערע ליפּן ווערן געשוואָלן אַזוי ווי די ליפּן פון ים בהמות און זיי שרייען פון וויי־טאָג. און די פרוי זינגט און לאַכט. און איך זע, אַז זי האָט צויבער אין זיך, זי איז שיין, ווי אַ געטין. וויל איך זי אויך אָנכאַפּן ביי די פיס,

וועלכע גיבן אַ שווים פאַרביי מיין פּנים. אַבער אַז אַלטער מיט אַ לאַנגער באָרד כאַפּט מיר אַז ביים אָרבל און זאָגט:

„וואָס האָסטו צו טאָן מיט די פּרנסות פון די פאַרוואַגלטע?"

פרעג איך אים ווער ער איז. ענטפערט ער: „קום!"

און מיר גייען אַוועק אין אַ הייל און דער אַלטער זאָגט צו מיר:

„וואו עס זינגט דער פאַרגעניגן פון גאָט איז אַלץ שיין. לייבן זיינען אפילו בלוטדורשטיק, אַבער זייערע קינדער די לייבעלאַך טאַנצן אויף די באַקן פון דער זון און מענטשן האָבן זיי ליב. וואָס דו מוזט טאָן איז ניט צו שלעפּן אויף זיך פרעמדע קליידער. די קאָרע דערציילט אַ סך וועגן בוים".

און דער אַלטער רעדט ווייטער: „געבוירן געוואָרן איז אַ שטאָט אין דער מדבר און מענטשן ווילן לעבן אין איר. ווי דו זעסט מיך, בין איך שוין זייער אַלט. דאָס זילבער פון מיין קאָפּ איז געפלאָכטן פון מיינע יסורים. געוועזן אַמאָל אַ ווייב מיט קינדער. גאָט האָט ליב קינדער, מוז ער דולדן אַ ווייב. געווים איז אַלץ אַזוי וואונדערלאַך. ווען איך בין אַבער געווען נאָך יונג האָב איך געוואָלט אַליין באַשאַפן לעבן אַז דער הילף פון עפּעס אַנדערש און האָב געטראַכט: „פאַרוואָס שפּראָצט ניט פון מיין גוף דער פּורעם פון לעבן?" ביז דער נאָר וואָס איז מיר נאָכגעקראָכן אַ לאַנגע צייט איז אַרויפגעקראָכן אויף מיינע פּלייצעס און מיר אַריינגעלאָכט אין מיינע אויערן. איך האָב אַבער באַלד דערפילט די נעגל פון מיין שיקזאַל וואַקסן אַריין אין מיין גוף און בין פאַרשאָלטן געוואָרן אין אַ גלגול. ווי, ווי, וועך שלינגט עס אַזוי אין מיר דעם אָטעם פון פרויען לייב, און פיטערט אין מיר דעם פאַרגעניגן פון פאַרניכטונג? געשטראָפט בין איך אַזוי, אַז מיין גאַנצער חיות איז נאָר אין די לייבער פון פרויען און מיידלאַך. וואָרף איך מיין קאָפּ אין הימל אַריין, וואו ער בעט גאָט צו באַפרייען מיך פון מיינע ליידן. אַבער מיין קאָפּ פאַלט אַרונטער צוריק בלייך און מיט איינגעפאַלענע אויגן און זאָגט:

„גאָט אַליין טוט איצט תּפילה און קען קיינעם ניט זען".

איך קוק אויפ'ן אַלטן און זע ווי ער ווערט פאַרגליווערט ווי אַ שטיין. פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז דער מנהג פון דער וועלט און לאָז אים זיין. נאָר איידער איך גיי אַוועק פון אים קריץ איך אויס די ווערטער:

„דער בית־עלמין פון די זינדיקע איז אין די פעלדער פון גן־עדן. די מדרגה פון דעם שטיין איז אַ הויכע אין דער וועלט'ס געשיכטע. אפילו אַ קלייניקע דימענט שטיינדל האָט מערער צו דערציילן ווי אַ גרויסער נאַר."

גיי איך אַוועק צוריק אין שטאָט און אַלץ איז שוין איינגעטונקט אין נאַכט. נאָר אין דער הויך הוידעט זיך נאָך אַלץ די גאָלדענע וויגעלע מיט'ן קינד מיט'ן גאָלדענעם קעפּעלע, וואָס הירזשעט דורך דער פינסטערניש

מיט א הילכיקן געלעכטער. און אויפ'ן בארג שטייט דער סקעלעט פון דעם איבערגעברענטן מויער, ווי די ביינער פון עפעס א משוגענער חיה אנטקעגן דעם טונקל בלויען הימל. בלויז דא און דארטן כאפט זיך ארויס א רויטער צונג פייער און שיסט ארויף. און צייטנווייז דוכט זיך אויס, אז איבער די ביינער פון געביידע קריכט עפעס ארום ווי א פרוי מיט לאנגע האר. ווען איך בין ביי זיך אין דער היים טראכט איך: „אלץ וואס קומט פאר אויף דער וועלט איז געווים צוליב מיין זכות".

דאס שיינע מיידל און די שכור'ע פרוי

שוין עטלאכע מאנאט ווי איך האלט אין שכור'ן און האב שוין אויסגעטרונקען הונדערטער פלאשן וויין און פארשיידענע אנדערע געטראנקען. פון וועלכע א פשוט'ער מענטש וואלט שוין לאנג זיך אפגעטראגן אויף יענער וועלט, אפילו פון א צענט חלק. און דאס וואס קיינער ווייסט ניט וואו איך בין איז זייער גוט. גוטע מענטשן ווילן, אז אלע זאלן לעבן אזוי ווי זיי. די מעלה פון פארדארבענע איז וואס זיי קימערן זיך זייער ווייניק וועגן דיר. פון זייערט וועגן קאנסטו זיך אפילו הייגען אדער שיסן, וועלן זיי דיר ניט שטערן. ווייל זיי ווייסן, אז דאס לעבן האט נאר אזוי פיל ווערט, וויפיל מען באצאלט פאר אים. איז גוט וואס קיינער ווייסט ניט וואו איך בין און איך קען טאן וואס איך וויל. אבער אט דאס מיידל, וואס האט זיך באוויזן אין געגנט מאכט דאך מיר גאר משוגע. אט אזוי איז דאס שוין. ווי איך דערזע א שיינע פרוי, אדער א שיינע פרוי דערזעט מיך, פאנגען מיר זיך אן צו פלאנטערן איינער אין דעם אנדערנס טריט און אונדזערע פיס פארמישן זיך אזוי, אז מיר ווייסן ניט וועמעס זיי זיינען. שיין איז זי, אז זי פארבלאסקעט די לופט ארום. און פריילאך איז זי, ווי א ציג ווען זי דערזעט האבער אויפ'ן דאך. הויבט די צייט, וואס איז ביז אהער געפלויגן ווי אויף פליגל, זיך אן צו שלעפן פארביי מיר ווי אן אלט פערד. שמיים איך די פוילע צייט מיט מיינע קללות, אבער עס העלפט ניט. און איך פיל ווי מיט דער שלעפנדיקער צייט שלעפט זיך מיט מיין נשמה איבער דער קויטיקער'ערד. פאלט אויף מיר אן אומעט און איך טראכט:

„דער שפאן פון צייט איז געמאסטן מיט'ן פינגער פון שכל. דער שכל אבער בייט זיך זייער אפט. ווייס איך ניט אין מיין לעצטער חכמה דעם זין פון זאכן. דאכט זיך אנטואנעטע, מיט וועמען איך בין אנטלאפן, איז גאנץ שיין און זי ווייסט די עסטעטישע תורה פון פרויען חן. און זי האט מיך אזוי ליב. דאך הויבט מיך אן צו איבלען פון איר".

אנטואנעט אבער וויינט ניט, כאטש זי זעט וואס עס טוט זיך. נאר שטילער ווערן אירע טריט און בלייכער ווערט איר פנים. זוך איך די טעג, וואס האבן דא ניט לאנג צוריק ארויסגעברענט פון גאלדענע פורעמס און זיינען ווי פלאמענדיקע מלאכים געשוואומען ארום מיין קאפ. זוך איך און

קען זיי ניט געפינען. ווערט מיר ניט גוט פון איר קניען פאר מיר ווען איך עס און זי קיין ביס ניט. שריי איך מיט רציחה:

„אנטואנעטע, וואס ווילסטו?"

ענטפערט זי: „אפשר א געבראטן שטיקל ענדיק?"

קריג איך עס און זאג: „נא, מיין טייערע".

זי אבער: „ניין, איך האב געמיינט איך האב געוואלט. איך קען אבער ניט. עס אליין, מיין ליבער!"

און זי נעמט נאך א טרונק. מוז איך אליין אויפעסן הינדלאר, קאטש־קעס און פארשיידענע אנדערע איידלקייטן. אבער עס גייט מיר ניט איין. די פריילאכע מיידל זיצט מיר אין קאפ און פיקט מיין מארך. לויף איך ארויס פון הויז און לויף איבער די גאסן ווי א פאר'סמ'טער. מיט אמאל זיל איך ווי מיינע פיס ברעכן זיך אונטער מיר. די מיידל שטייט אנט־קעגן מיר און לאכט און פאטשט מיט די הענט. זי כאפט מיך ארום און בריט אפ מיין באק מיט א הייסן קוש און אנטלויפט זינגענדיק:

„דאס איז פון אריסע'ן, וועלכע ווייסט די מעלות פון גלאטיוס'ן בע־סער ווי ער ווייסט זיי אליין".

גיי איך און יעדערער שטויסט מיך אפ. מסתמא זע איך ניט וואו איך גיי. קום איך אהיים און אין מיטן נאכט, נאכדעם ווי איך האב א סך געטרונקען, גראב איך איין מיינע פינגער אין אנטואנעטע'ס ווייסן האלדז ביז איר קאפ פאלט ארונטער צו דער ערד און אירע גאלדענע האר צופאלן אין דער לבנה ליכט און קוקן אויס ווי די פעל פון א לייב. און אירע בריסט ווארפן זיך ארויס פון קאפטל, שאקלען זיך א ווייל און בלייבן הייגנען ווי צוויי פולע בארן. און אזוי לאז איך איר איבער מיט די פיס אויפ'ן בעט, מיט'ן קאפ אויף דער ערד און לויף ארויס פון הויז. איך גיי נאך דער לבנה א גאנצע נאכט, ביז זי ווערט ערגעץ פארשוואונדן. אין דער פרי קער איך זיך אום אהיים און דער טייוול שושקעט מיר עפעס אין אויער. נאר איך לייג זיך אויפ'ן בעט און ווער גלייך אנשלאפן.

דער מאן מיט'ן קליינעם קאפ און שווארצן מאנטל

ווען איך שטיי אויף געפין איך אנטואנעטע'ן, און אלץ איז שטיל. דורך די שפאלטן פון די לאדן זע איך, אז דער טאג האט זיך שוין אנגע־פרעסן מיט ליכט און ליגט אויף דער וועלט ווי א פוילע בהמה. גיי איך ארויס אין פעלד און הער ווי די גלאקן פון די בהמות קלינגען אזוי ווי די גלאקן פון די קלויסטערס און איך זאג צו זיך:

„סטייטש, וואו האט עס אנטואנעטע געקענט אהינקומען? נעכטן האב איך זי דערוואַרגן און היינט איז זי ניטא. וויי, וויי, וואס האב איך יעהאט צו איר?"

איך הויב אן צו תפילה טאן פאר איר, אז אויב זי איז טויט — און וואס איך האב ניט געצווייפלט— זאל גאט איר ארויפנעמען אין גן עדן און

מאכן איר אייביקן לעבן גליקלאך. ווארים וואס האב איך געקענט פון איר מער פארלאנגען ווען זי האט מיר אפגעגעבן איר גאנצן איך. און א פרוי'ס קערפער, דארפסטו וויסן, האט אין וועלטלאכן אפשאץ דעם זעלבן ווערט ווי א מאנ'ס שכל. און מיין הארץ האט מיר גענומען ווייטאקן פאר מיין אנ־טואנעטע'ן, וואס האט מיך אזוי ליב געהאט גאנצע דריי מאנאט. ווען איך בין אבער אפגעגאנגען א שטיקל פעלד דערזע איך ווי הינטער א קוסט נייט געארעמט אנטואנעטע מיט אריסע'ן. פאלט אויף מיר אן א רציחה:

„הייסט עס, אז זי איז גאר לעבעדיק, און האט זיך צוזאמענגעפארט מיט אריסע'ן און ביידע מיידן מיך אוים! הייסט עס, אז איר לאכן און פאטשן מיט די הענט און איר קוש מיינט גארניט, און זי האט מיך בלויז אפגענארט! איך בין אבער איצט ניכטער און קען בלויז נאך טראכטן". א, ווען איך בין אבער איצט שיכור וואלט איך זיי שוין געצייגט!"

גיי איך אוועק און זעץ זיך אויף א שטיין און קלער: „די ליידנ־שאפטן פון דער וועלט וועלן זיך קיינמאל ניט אויספלאנטערן איינער פון דער צווייטער. און אז א צדיק איז אפשר גאר דער, נעבן וועמען ליידנ־שאפט האט אויסגעצויגן אירע פיס". טראכט איך אזוי, גייט פארביי היראן, וועמעס קאפ איז זייער קליין און וועלכער איז אנגעטאן אין א שווארצן מאנטל. און היראן זאגט צו מיר:

„גלאטיוס, דיינקסטו, אז דיין שכל וואקסט אויף די פעלדער, וואס דו באטראכסט זיי אזוי?"

ענטפער איך אים: „מיין שכל וואקסט דא וואו איך זוך אים. מיין מזל אבער איז דא, וואו דער ווינט טראגט אים".

ענטפערט מיר היראן: „קום מיט מיר און איך וועל דיר ציינן וואו דער גליק שטייט אייביק אויף איין פלאץ און יעדערער קען אים דערפאר אנטאפן".

און ער האט מיך אריינגעפירט אין א הויכן מויער מיט א טורעם און האט מיר געהייסן פאלן אויף די קני און צומאכן די אויגן. באלד האב איך דערהערט זיין אומעטיקע שטים שווימען אין דער לופטן און צוזאמען מיט זיין קול האב איך דערהערט גלעקער קלינגען, אזוי ווי ביי די קעל־בער פון די בהמות, וואס איך האב געהערט ניט לאנג צוריק. און היראן האט גערעדט:

„דא, וואו די שכינה פון גאט רוט אייביק, וואקסט דער בוים פון גליק. האלט צוגעמאכט דיינע אויגן און די פינגער פון גאט וועלן אליין רייסן די פרוכט פון דיין מזל און מינטערן דיין הונגעריק הארץ אין דער ריכטיקער צייט. דער וואס בלייבט דא בלייבט אייביק גליקלאך".

און היראן האט גערעדט נאך און נאך. אבער זיין אומעטיק קול און איבערהויפט די גלעקער, וואס האבן געקלונגען ווי ביי די קי אויף די העלדזער, האבן מיך געמאכט זייער אומרואיק. איך בין אויפגעשפרונגען

און אויסגעשריען:

„ווייס, היראַן, אַז דאָס וואָס פּאַסט פאַר קי, פּאַסט ניט פאַר מענטשן. און אפילו קי מיט גלעקער געפינט מען אָפּט אין פרעמדע פעלדער. ניין, מיין גליק איז וואו דער ווינט טראָגט אים, און דערפאַר מוז איך נאָכגיין נאָכ'ן ווינט".

אַז איך בין אַרויס פון דער הויכער געביידע איז אין דרויסן געשטאַנען אַריסע און האָט געוואַרט אויף מיר. אַריסע האָט אָנגעוויזן אויף אַנטואַנעטע'ן, וועלכע האָט זיך געשלאָגן איר קאָפּ אָן אַ שטיין. און אַריסע האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און מיר זיינען אַוועק. איך טראַכטנדיק: „וואָס איז גוטסקייט אין לעבן, ווען די צוציאונגס קראַפט האָט ווייניק צו טאָן מיט איר? גאָט, וואָס פאַר אַ גזלן איך בין, און ווי איך וואָלט וועלן שטאַרבן אַפילו איצט, ווייל איך זינדיק צופיל און איך קען ניט אַריבערטראָגן די ליידן פון אַנטואַנעטע'ן".

אַריסע האָט אָבער מיך אויפגעוועקט פון מיין טראַכטן, שאָקלענדיק איר פינגער אין מיין פּנים:

„דו שלעכטער אינגל, וואָס דו ביסט. האָסט גאָר קיין האַרץ ניט. אָרעמע אַנטואַנעטע!" דערביי האָבן אירע אויגן געבלישצעט.

איך בין נאָכגעגאַנגען אַריסע'ן שווייגנדיק און האָב צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ צו אַלץ וואָס זי האָט גערעדט.



ב. י. ביאַלאָסטאָצקי:

פינף לידער

חיים קרול:

לידער און פּאָעמע

מאַקס וועבער:

בילדער
לידער
עסיי



## ב. י. ביאלאסטאצקי

### פינגער פינף.

פינגער פינף — באַקאַנט און אומבאַקאַנט; —
עס האָט פאר מיר באַוויזן זיך מיין אייגן האַנט.
אַ ווארימקייט יאָגט דורך און שלאָגט זיך אָן די נעגל אָן —
מיין טראָט ווערט לויז, פאָראויס — מיין האַנט — מיין פאָן.

צוגעטוליעט — אויסגעשפרייט; אָט געצוימטע אין אַ פויסט.
ס׳ליגט מיין וועג מיר נאַקעט ערוה׳דיק אַנטבלויזט; —
איז מיין האַנט נאָר מיר געבליבן, ברענט ווי אָנגעגליטער שרויט —
פינגער פינף — זיי בויגן זיך, באַוועגן זיך אין אנגעזיכט פון טויט.

מיין אויג זעט אלץ — עס האָט דער בוים געבליט, עס שטייט
דער בוים צעדאַרט:
מיין אויג קוקט הפקר׳דיק אויף אלץ צי איז דאָס שלעכט צי גוט;
מיין האַנט — זי ליגט פאר מיר און גליט און וואַרט —
און הויבט זיך אויף נאָר דאַן ווען ס׳הויבט זיך אויף מיין בלוט.

ווער זיינען זיי, די קאַליקעס, מיט הענט פאר בעטל-ברויט?
וואו שלעפן זיי דעם צייכן אויסגעקריצט אין שווארצער נויט?
מיין בלינדע עלטער-באָבע שאַרט זיך שעפטשנדיק פאר זיי פאָראויס:
— וואָס קען א מענטש דען טאָן מיט ליידיקע פינף-פינגער בלויז?

איך, אייניקל — איך לאָז זיך גיין אויף גאָטס באַראָט!
פינגער פינף — האָפנדיקער, שטאַרקער טרעט מיין טראָט.
איך שטעל איצט אלץ אין קאָן —
עס האָט פאר מיר א ווייַ געטאָן מיין האַנט, מיין פאָן.

### פנים׳דיגע מיינע.

פנים׳דיקע מיינע —
זעענדיקע אויגן-ליכטיקייט;
גליענדיקער שמייכל ארום מויל —

הייסער אָטעם —
קלאַנג פון שטים —
צלם אלהים!

פנים׳דיקע,
פנים,
לויטער פנים —
נאָר פנים.

(שיינט דער פנים פון דער זון, פנים פון פרימאָרגן - וועלט;
פנים פון ערד און אלץ אויף דער ערד אזוי זוניק באַהעלט).

און מיט אמאָל —
פאַרשוואונדן, בליץ-פאַרשניטן:
אוים פנים,
הינטערן פנים — קאַרק!
פליישיג, האָריק — שטום און טויב,
בלינדקייט, וועלקייט, געלקייט.

(בלינד און וועלק איז אין מערב זייט. חשכ׳ניש.
פוילקייט, גרוילקייט אין טיף פון דער ערד).

פנים׳דיקע מיינע —
פירט מיין וועג אויפן פנים פון דער ערד.
גענעען איך צו מזרח-זייט —
צום אויפגאנג פון דער זון,
צום אויפגאנג פון דיין פנים!

פנים —
אומעטום לויטער פנים.
מזרח, מערב, דרום, צפון —
אלע עקן, אלע ברעגן זיינען זיך צונויפגעלאָפן.

פנים׳דיקע מיינע,
זעענדיקע, לאַכנדיקע, אָטמדיקער וועזן,
איך האָב דיך דאָך אין אלע עולמות געגעשטערט!

(אזוי אין פרומע מוסר-ספרים מעשה׳לאך געלעזן
און האָב אזוי א גלויביקער צו דיר געפליסטערט...)

ווערטער.

איך צעבלאָז מיינע ווערטער אויף אלע שבעה ים׳ען —
אלף׳ן, בית׳ן, גימל׳ן — — —
אותיות — חלומות, פלאַמען,
בלאָקייט פון הימלען,
לבנה און שטערן —
באַגערן — אַנטפּלעקט און פאַרהוילן —
שלאַנגיקע קנוילן,
צעציען זיך, ווינקען און בויגן —
מיט הייסע, מיט בלישטשענדיגע פארבן —
פאַר מיינע טריט, פאַר מיינע אויגן.
פאַרפליט — פאַרפלויגן!
אַז אַלץ וואָס איך וויל — און פאַרוואָס איך בין דאָ —
איז ערדיש, איז נאָענט, איז גראָ.

„איך וויל זען מיין מאַמען איידער זי וועט שטאַרבן. און מיין קינד זאָל אויסוואַקסן פריש און געזונט. און איך מיט מיין ווייב זאָלן צוזאמען אויסלעבן די יאָרן אין פרייד ביז — “

טויט —
וועמעס טויט?...

פאַלט פלוצלינג דער געדאַנק אַן אָפּגעריסענער אין קאָפּ אראָפּ —
ווי ס׳פאַלט פון מויל אַ ביסן ברויט.
אָ, זינקענדיקע לעבנס שעה!
טית—וו—יוד—טית —
אַ וואָרט האָט אַ קוק געטאָן מיר אין געזיכט:
ט—ו—י—ט —
אותיות פיר — פיר שוואַרצע ליכט.
ווערטער, מיינע ווערטער,
קלייבט ווידער זיך צונויף —
עס רייסט מיין בליק זיך פון דער ערד שוין ווידער —
אויף אַרויף!
אלף, בית, גימל —
אָ, וואונדערלאכער, אויסגעטראַכטער הימל!

ברידער

ברידער, לאָמיר זיך איינגעוואוינען צו וואוינען אויף דער ערד.
הערט, —
אַמאָל איז געווען אַ מלך.
דער מלך האָט געהאַט אַ מלכה...

ס'האָט עמיצער אַן אומעטיקע מעשה אויסגעקלערט
אויף דער אומעטיקער ערד.

ברידער —
ס'איז ניט קיין מעשה'לע וואָס ס'איז אונז יעדערן באַשערט —

אַ שעפּעלע טוליעט זיך צו אַ שעפּעלע, די שרעק — פּאַראויס!
אַ בליץ שניידט דורך דעם וועג, אַ שאַרף און — אויס!
מיט פליגל שוועבן אום אין הימל מלאָכים אַרום גאָט.
דער וועג צו דער ערד —
טראָט נאָך טראָט.

מיר אַקערן און זייען מיט אונזער שוויים און בלוט.
לאָמיר אָננעמען די קללה אונזערע פאר גוט —
ס'איז אונזער ערד, ס'איז אונזער היים און אונזער ביסן ברויט,
ס'איז אונזער לעבן און אונזער טויט.

ס'איז ניט קיין מעשה'לע וואָס ס'איז יעדערן באַשערט —
— די מלכה איז אָפּגעשטאָרבן,
דער בוים איז געוואָרן פאַרדאָרבן — — —

די הענט וואָס שטרעקן זיך צום ווייטן, מלכות'דיקן ליכט,
זיי ווישן גאָר דעם טרויער אָפּ פון אייגענעם געזיכט.

ברידער,
לאָמיר זיך געוואוינען לעבן אויף דער אומעטיקער ערד.

מיט וואַרימקייט קומט אָן דער טאָג, מיט רו — די נאַכט.
ס'האָט עמיצער אַן אומעטיקע מעשה אויסגעטראַכט.
די נאַכט האָט אונז אַ טרייסט, אַ ניגון, איין און איינציקן געבראַכט:
— לולינקע מיין פויגעלע,
לו-לו, לו-לו — לולינקע מיין קינד.

צווייגן

איך — אַז איך דערזע די הערבסטיקע בוימער
מיט זייערע שטאַרע, אָטמלאָזע צווייגן, —
פֿאַל איך אַריין אין אַ שווייגן.
מיינע טריט ווערן שטיל און פֿאַרלאָרן —
אַזוי איז עס איצט. אַזוי איז געווען פֿאַר־אַ־יאָרן.

וואָלקן־שטיקער — צוריסענער אומעט פון הערבסטיקן אָוונט —
גליווערן אויפֿ'ן פֿאַרלאָזענעם הימעל, האַלטן זיך צוזאַמען.
דערמאָן איך זיך פּלוצלינג מיין מאַמען —
הערבסטיקער, היימישער אומעט אין מאַמע'ס האַרץ אָנגעלאָדן
האָט פּלוצלינג אויפֿגעטונקלט פֿאַר מיר אויף פֿרעמדן באָדן.

טונקל. טונקלער. פֿאַרשפּעטיקטער פֿויגל; אַ פֿלי, ווי אַ בויגן —
צי איז דאָס שפּיל, צי בלאָנדזשן — ווער קען וויסן.
די וואָלקן־שטיקער רוקן זיך צונויף — ווילן ניט זיין צוריסן.
און זיי, די בוימער, דוכט מיר, ווערן העכער, שטייגן —
און שטעכן דורך די טונקלקייט מיט שפּיציקע, מיט אָטמלאָזע צווייגן.

## חיים קרול
### לידער

א.

איז מיר מאָדנע:
שפּיל איך זיך מיט א פליג
און פארשפּיל זיך.
אָט שטרעקט זי אויס אַ פיסל —
רייס איך מיר אויס א האָר פון קאָפּ
און שטרעק איר אקעגן —
באטרעט זי די האָר —
בין איך גליקלאך —
פּאַטש איך מיט די הענט
פאר פרייד.
אָט שפּילט זי מיט מיר אין קלאס:
זי האָפּקעט אויף א פּאדלאָגע־ברעט.
איך שפּרינג אויף א פּאָדלאָגע־ברעט.
זי געווינט.
איך — פארשפּיל.
זי פּאַרשפּילט.
איך — געווין.
בין איך גליקלאך
פּאַטש איך מיט די הענט
פאר פרייד.

ב.

גנב'ע איך זיך צו דער טיר
און עפן איר אויף א שפּארע.
און איך זע וואונדער.
דער באלקן
א שיינענדיקער,
בוקט זיך
און קושט דעם זוים פון דער דילס קלייד.
די ווענט,
לייכטנדיקע,
גייען א רקוד מיט פארפלאָכטענע הענט.
די ווינקלען,
שאָטנדיקע,

גייען אָנגעטאָן אין יאַרמלקעס
און שפּילן אין באַהעלטעניש.
די בײשטידלאַך,
ווינקנדיקע,
טרעטן ארויס פון זייערע ראמען
און ניקן זיך מיט פאַריסענע נעזער.
די פענסטער,
שטראַלנדיקע,
גייען אויף שטאָלצן מיט אויסגעשטרעקטע העלזער.

ג.

איך הער זיך צו צום קריג
פון מיינע נערוון.
און ווי זיי טיילן זיך אויס פון מיין פלייש
און באשאפן פון זיך אן אָפּזונדער מענטשעלע.
בלייב איך שטיין,
ווי א גולם:
מיט אראָפּגעלאָזטע הענט.
געשטאַרטע פּיס,
און א שטום מויל.
און דאָס מענטשעלע באווייזט קונצן
פאַר מיינע פאַרבליפטע אויגן.
קודם,
שפּאַלט ער די וואָלקנס
און לאָזט זיך גלייך אין הימל אריין
און קומט באלד צוריק מיט פייערדיקע ריטער
אף א כמארע צו רייטן.
און אָן שאַנד, פון מיר ביז זיך,
דערלאַנגט ער מיר די ריטער איבער'ן הוילן לייב
באוויזן זיך טרערן אף מיינע ברעמען,
ווישט ער די טרערן אָפּ
און שמייסט ווייטער.

ד.

סהאָט היינט א קעצל דערבליקט מיין פרייד
און איך האָב זיך פארשעמט:
סאיז בא מיר אויסגעוואקסן א געפיל —
שטייף, האַרט —
אז סהאָט א נפש מיר צוגע'גנב'עט
מיין נאקעטקייט.
און איך בין געבליבן שטיין א הוילער

א דורכזיכטיקער:
אָן האַרץ.
אָן אינגעווייד.

ה

שפּרייטן זיך פאַר מיינע אויגן
גרייפּלאַך פעלדער,
ווי אויף טעלער אויפגעשמירטע
פרישע היידלאַך.
וויגן זיך פעלדער
מיט פרישן שפּייז
און וועקן אין מיין מאָגן
דעם הונגער.
זאַפּ איך אײַן
דעם זעטיקן ריח,
פון געזונטן געקעכץ,
פון די גרייפּלאַך פעלדער.

ו

אין חורבה׳ס,
אין פּוסטקעס
ברענט אויס מיין נשמה,
דאָרט געפינט זי א קוואַל
פאַר איר דורשט,
דאָרט געפינט זי א תקון
פאַר איר פּלאָגעניש.
דאָרט געפינט זי באַרואיקייט
פאַר איר אומרואיקייט.
דאָרט געפינט זי א היילונג
פאַר איר קרענקלאַכקייט.
אין פּוסטקעס,
אין חורבה׳ס,
ברענט אויס מיין נשמה.

ז

די זון האָט מיך דורכגעברענט,
ווי אַ פּענעצל אויף הייסע קוילן.
ברוין,
ווי רינד פון ברויט,
זיינען מיינע הענט.
און, ווי הערשן-פּעל
מיין בויך.

ח

כ׳בין אליין —
ניין,
ס׳ליד איז מיין חבר!
מיט אים נידער איך
צו מיינע וויטאָגן.
שטייג, —
צו מיינע לינדערינגען.
מיט אים מאַך איך שטאָלץ
מיין טאָג.
באַפעסטיק —
מיין נאַכט.
כ׳האָב אַ חבר.

ט

כ׳בין פריידיק —
אַ שטיק פייער —
אין מיטן פון מיין אליינזיין.
גלי איך אויף —
נעמען שווינדן די ווענט
פון דער וועלט
און עס ווערן דורכזיכטיק
אלע זיבן הימלען.
און עס געזעגנט דער כסא הכבוד
אין מיינע פיר איילן.
און איך קוש דעם של ראש
פון גאָט, ברוך הוא.

י

דו ביזט ווערט מען זאָל דיך צוהאַקן
ווי רמב״ם אריסטאָטלעסן —
אויב דו האָסט דיין גוף
אַרומגעוועבט מיט שפינוועב
און ניט צוגעלאָזן צו זיך
ראָס נאַקעטע לייב פון א ווייב.
ביזט ווערט מען זאָל דיך צוהאַקן
ווי רמב״ם אריסטאָטלעסן,
אויב דו האָסט ניט גע׳שכור׳ט
פון לעבנס־ברונעם
דעם זאפט פון זיין.

ביזט ווער טמען זאָל דיך צוהאַקן
ווי רמב"ם אריסטאָטלעסן.

יא

אַ טאָג פון ליכט און חכמה
שיינט איבער מיינע ברעמען —
צעשיטן זיך זילבערנע רעדער פאר מיינע טריט.
צעשפּרונגען גאָלדענע בייגנס ארום מיינע פיס.
באָד זיך מיין גוף
אין פאַליעס חכמה
אין פאַליעס זילבער
אין פאַליעס גאָלד.

יב

ציטערט אַ זשאַבעלע
בא מיר אף דער האַנט.
אַן ארים בריהלע —
און אפשר — א רייכס?
איך לאָז עס אין וואסער אריין:
שווים, רייך פיש־קינד!
שנייד דורך וועלן און כוואַליעס!
און דערציייל דייניקע
אַז אַ מענטשן־קינד
האָט דיך געהאַלטן צווישן זיינע פינגער.

יג

ליגט אַ קופּקעלע האָלץ —
א פאַרלאָזענער יתום —
פון קיינעם נישט באַמערקט.
נאָר פאַרנדיק פארביי דערביי,
גלעט און ווארעמט עס מיין אויג,
ווי א ברודערל מיינס
ס'וואָלט מיר זיין.

איך און די קאַליקעס.

אַ דאַר פעלד.
קופּעס קאַליקעס.
און אלע ציען זיך צום הימל.
די קאַליקעס:
מיר,
לאָמע,
שטומע,
טויבע,
קרומע —
וואַרטן אויף א נס:

שפּאַלטן זאָל זיך דער הימל
און אַראָפּנידערן זאָל צו אונז —
געזעגענונג.

איך:
נעמט מיך צו זיך.
פאַרעכנט מיך פאַר אייערס א חבר.
אויך איך וואַרט אויף א רפואה —
ס׳זאָל קומען אַן אויסלייז
צו מיינע יסורים

די קאַליקעס:
אַלע ליידנדיקע
זיינען חברים צו אונז.
לאָמיר אים אריינעמען
אין אונזער חברותא — — —
איי, א זעענדיקער!
א הערנדיקער!
נישט קיין קרומער!
גלייכע הענט!
גלייכע פיס!
קום אריין,
שיינער בחור׳עץ,
צו אונז אין קאָמפּאַניע.

איך:
נעמט מיך! נעמט מיך!
איך געפין נישט קיין רו
בא גלייכע.
כ׳געפין נישט קיין תקון
בא געזונטע.
מיט אייך וועל איך
זיך ציען צו גליק —
איך וועל מיינע אויגן אויסווײנען.
מיין שטים אויסבעטן.
מיינע פיס —
לאָם מאַכען, פון שטיין און תפלה.
מיינע הענט אויסקרימען
פון האַלטן זיי צום הימל.

די קאַליקעס:
מיר נעמען דיך.
מיר נעמען דיך —
אין איינעם
וועלן מיר שטאַרקער ווערן
און מיר וועלן קאָנען דעם הימל
אראָפּציען.
שפּאַלטן דעם אייביקן צודעק
איבער אונז.
און דערבליקן וועלן מיר
אונזער גליק.

איך:
כאָטש איך בין א זעענדיקער
און א הערנדיקער
לויף איך פון די אויגנדיקע.
פון די אויערנדיקע.
פון די באַפּיסטיקטע.
פון די באַהענטיקטע. — — —
אין אַייך!
און מיט אייך!
וועל איך געפינען
פאַרגיטיגונג
פאַר מיין פּלאָגעניש.
פאַר מיין זוכעניש.
פאַר מיין טראַכטעניש.

די קאַליקעס:
מיר נעמען דיך.
מיר נעמען דיך.
מיט דיר וועלן מיר
זיך אויסזעצן
בא די ראַנדן פון גליק.

איך:
נעמט מיך!
נעמט מיך!
בא אייך וועל איך געפינען
באַרואיקייט,
פאַר מיין אויסגעטריקנטן מאַרך

וואָס טריקנט כסדר —
שוין צוויי צענדליק יאָר,
פאר נישט קאָנען געפינען
קיין זווג.
בא אייך
וועל איך זיך אויסהיילן
פון מיין משוגעת,
וואָס טריבט כסדר —
שוין צוויי צענדליק יאָר,
פאר נישט קאָנען געפינען א צובינד
צו א חבר.

בא אייך
וועל איך זיך אויסרוען
פון מיין קאָפּ־שווינדל,
וואָס עגבערט כסדר —
שוין צוויי צענדליק יאָר,
פאר נישט קאָנען זיך אָפּזוכן,
א פּיצעלע ווינקל.
נעמט מיך.
די קאליקעס :
מיר נעמען דיך !
מיר נעמען דיך !




מאקס וועבער — קאמף



## מאקס וועבער

### אַ נס.

אַ פויגל,
ווי אַ פליענדיקער בליץ פון הימל
האָט דעם טייך פליענדיק אַ קוש
געבראַכט
און מיט שמחה זיך אין אים
גענומען באָדן.
אויסגעבאָדן, אויפגעהויבן און
אוועק,
ווי אַ בליץ.
די קרייזן, וואָס האָבן זיך אין
וואַסער אויסגעצייכנט
שפּרייטן זיין קוש
אין דער אייביגער צייט
אין דעם אייביגן רוים.

דער פויגער פליט נאָך דאָרט אין
דער הויך
הויבט דעם הימל,
פאַרשטעלט די זון,
שאַלט זיין פרייד אין דער וועלט.

איך הער,
איך זעה,
איך וואַרט אָן אָטעם —
נידעריקער,
נעהענטער,
נעבן מיינע פיס
האָט אַ פויגל
אין שפּיגלדיקן וואַסער,
ווי אַ בליץ זיך געבאָדן.

נאַסע פּערל.

גרוי,
טוי,
וואָלקנס,
פֿאַרשטעלן די זון.
אַלצדינג וואַרט.
שטיל,
אומעטיק.
אַט קומט דער רעגן ווי אַ גאַסט —
יעדער טראָפּן קושט די ערד.
די דעכער און גאַסן גלאַנצן־אויף,
דאָס פּנים פֿון הימל לויכט ארויס פֿון זיי.

עס רעגנט —
אַ סימפאָניע אויף דער וועלט,
דער רעגן — מוזיק און געטראַנק.
בוימער גראָזן טאַנצן און לאַכן.

גרוי,
טוי,
נאַסע פּערל —
די ערד טרינקט מילך פֿון הימל,
און זאַפּט וואָלקנס אין איר ברוסט אריין.

הערבסט.

אַ טישטוך וואַסער,
שיפֿלאַך צעשפּריצט ווי בריליאַנטן,
דאָרשטיקע צונגען ערד,
פֿלאַך, קלאָר, ווייט.
דער הימל ליגט אויף דעם טישטוך,
די ערד זאַפּט אים איין.

פֿאַרמאַטערטע בוימער,
פֿאַרטריקנטע ברעגן,
פֿעלדער און וועלדער פֿאַרברענט,
ברייגגען דעם אָנזאָג פֿון הערבסט.

טרויעריק איז דער הערבסט,
אָבער וואָלקנס פאַרב באַגלייטן אים,
און גאָלדענע בלעטער דעקן אים איין.
דער הערבסט שטאַרבט,
אָבער מיט פאַרביקן ליכט ווישט ער אונזערע טרערן אָפּ.

אינדיאַנער זומער.

פאַרשעמט הייגען מיינע בלומען,
באַהאַלטן זייערע פנים'ער.
זיי וואַרטן אויפ'ן טויט.
באַלד קומט דער פראָסט פון צפון
און מיט זיין קאַלטן צפון־אָטעם
וועט ער פאַרטרייבן
די פרייד פון פאַרב,
די לאָגיק פון געאָמעטריע.
די בלומען שטאַרבן,
אָבער זיי בליען אויף אין מיר,
פאַרפלאַנצט טיף אין מיין נשמה,
פאַרוואָרצלט אין מיין נשמה,
וואו אייביק, אייביק איז פרילינג.

דאָס ליכט גייט אויס.

די וואָלקנס פאַרדעקן די זון,
די ים'ען קושן די ליפּן פון דער ערד.
ווייס, פאַרפרוירן איז די וועלט,
שניי ווי פּוך אויף איר ברוסט,
נאַקעטע און דאַרע בוימער,
שרייבן אויפ'ן הימל: — „ווינטער, ווינטער"
און דער מענטש גייט און גייט,
און זעט בלויז דעם קאַלענדאַר.

עס איז גרין און פייכט,
מיט פרילינג באַקליידט זיך די וועלט,

די זון צעשפּאַלט די הימלען,
בלומען — אוצרות פון פאַרבן באַצירן די וועלט,
בוימער באַקרוינען זי,
שמייכלענדיקע שאָטנס באַשפּרייטן זי.
דער מענטש גייט,
מיליאָנען מענטשן גייען,
און טראָגן פאַר די אויגן דעם זייגער.
די שטערנס בליצן און שפּילן,
די לבנה מאַכט הייליק די נאַכט,
דער מענטש צינדט אָן אַ לאָמפּ.
פינסטער די טעג,
פּוסט די נעכט,
ליידיק די צייט,
קורץ, קורץ.
רו און פרידן פון דער נאַכט.
די נאַכט באַגלייט די זון,
דער זונ׳ס צווילינג-ליכט —
די שטערן מיט דער לבנה לאדן זי איין —
דער מענטש, אָבער, באַהאַלט זיך אין ליילאַך.

די שטילקייט היינגט און וואַכט,
די רוימען באַוועגן זיך און געבערן.
וועלטן מערן זיך,
דער מענטש, דער מענטש גייט,
דער מענטש לויפט,
און אַלע מאָל איז ער שפּעט.
רוימען זינגען,
ספערן טאַנצן,
דער מענטש איז טויב.

דער קאַלענדאַר, דער זייגער, דער קאָמפּאַס
באַשיצן און פאַרדאַרבן די חושים.
די אינסטינקטן שטאַרבן,
דאָס ליכט גייט אויס,
דער מענטש גייט.

אין דרוקעריי.

עס רוישט,
עס רודערט, —
אייזערנע פינגער קלאַפּן,
שטאָלענע פינגער ריידן.
א קלאפּ — אַן אות,
אַ קלאַפּ — אַ וואָרט.
מיין מאַרך גיסט זיך אין צין.
רעדער רודערן און רעדן,
עס רוישט,
עס דונערט.
שורות נייע־געשמאָלצענע בלאַנקענדיקע פאַלן.
אייזערנע פינגער טייטלען מיין גייסט,
אייזערנע רעדער פירן מיך צו אייביקייט.
סקובלעס, שרויפן, קליאַמקעס —
אַלע לעבן, אַלע רוישן,
צו ליכט מיין נשמה צו ברייינגען.
עס ברומט, עס ציטערט, עס רייסט!
רעדער קליינע,
רעדער גרויסע,
אין טומל און שטורעם
צופּן ווערטער פון מיין מויל.
ווערטער, ציילן, וואקסן איינס לעבן אַן אַנדער;
נאָך אַ לויף, נאָך אַ רויש
און נאָך א שורה פאַלט אַרויס.
אַ ראָד אַהער,
אַ ראָד אַהין,
אַ קלאַפּ, אַ זעץ, אַ שטויס.
היץ, פייער, ריטם
רייסן די ווערטער פון מיין האַרץ.
נאָך אַ וואָרט,
נאָך א מינוט, —
שטאָל, ליכט, עלעקטריק, טומל
גיסן הילכיק פאַנאַנדער מיין קול פאַר דער וועלט.

מיין קינד.

מיין קינד,
מיין קינד צוויי יאָר אלט,
שרייבט מיר אַ בריוו.
בלויז זיינע צייכנס זע איך —
צייכנס פון האָפנונג.
שטריכן, ליניעס, קרומע, גלייכע
אַרויף און אַראָפּ, —
אַ לאַנדקאַרטע,
די לאַנדקארטע פון לעבן —
זיינע צייכנס.
זיינע צייכנס —
זיין ריטם, זיין גייסט.
איך, זיין פאָטער,
לייען גאַנץ קלאָר
זיינע צייכנס,
זיין פרייד, זיין שליחות,
זיין זיין.

## מאקס וועבער

### די ירושה פון דורות.



צייט גייט, צייט שטייט,
וואָס איז צייט?
געטער קומען, געטער פאלן,
דער מענטש אליין,
דער מענטש, דער מענטש
מוז וויסן, דער מענטש
איז צייט.

די צייט, דער מענטש, קאָן פארשלאָפן, קאָן פאר־לוירן און פארוואקסן ווערן מיט מאָך און שטויב פון פארגאנגענע צייטן, קען זיך וואלגערן אין אויסגעוועפטע פרינציפן, וועלכע האלטן אָפּ דאָס אויפגייענדיקע און פאָר־שריטלאכע לעבן. דאָס לעבן וואָס דערפרישט דעם גייסט און דערקוויקט די טיפסטע אינסטינקטן אין דער נשמה, דאָס לעבן וואָס מאכט פון דעם מענטשן א באגייסטער־טען באשאפער, און ברייננט די מענטשהייט צו גרעסערן און טיפערן פארשטיין דעם אינהאלט און די אויסזיכטן פון דעם גאנצן זיין.

שטילשטאנד אליין גיט נאָך אייניקע יאָרן געבורט צו ליכט, צו נייער וויזיע און ווייזט אויס אייניקע פליסיקע באגייסטערטע מענטשן, וועלכע זאָלן און מוזן זיך פארפליכטן צו די־נען דער אויפשטייענדיקער צוקונפט. דאָס פאָדערט א געטלאכע קראפט, א מין סאָרט געדולד און ליידנשאפט, וואָס נאָר גאָט אליין שיינקט צו די דאָ־

זיקע אויסדערוויילטע, וואָס טראָגן די געטלאַכע פּליכט צו קריצן די טאַבלעטן, צו קריצן דעם אמת, צו מאַכן נייע קינסטלערישע אַנטפּלעקונגען.

די מאַלערישע קונסט איז געלעגן פאַרשטויבט אין די הענט פון אַזוי־גערופענע קינסטלער־מאַלער און איז געשלאָפן. די נאַטור מיט אירע אייביקע אָפּגעהיטע אינהאַלטן האָט מען פאַרלאָזן און אינגאַנצן פאַרגעסן, אָדער, אפשר בעסער געזאָגט, מען האָט איר אמת'ע באַדייטונג, אירע גרונטלאַכע, טיפע גרוים ניט פאַרשטאַנען. מען האָט איר נאָכגעמאַכט אָבער נאָר ווי פּאַפּוגייען. דאָס וואָס מען האָט אין די אַקאַדעמיעס געמאַכט, איז געווען מימיק, (און דאָס איז נאָך אין די אַקאַדעמיעס ביז היינט־צו־טאָג) אָבער ניט קיין לעבנדיקע פערזענלאַכע איבערשאַפונג, ניט קיין קינסטלערישע מאַניפעסטאַציע. יאָ, יאָרן איז די קונסט געשלאָפן, האָט געזוכט און געוואַרט אויף פּראָפעטן און וויזיאָנערן. מען האָט געמאָלן בילדער אָן עסטעטישן געשמאַק, אָן שטאַרקער איבערצייגונג, אָן פּלאַסטישער קראַפט. צו דינען דער קונסט איז ווי צו דינען די עשרת־הדברות אָבער נאָר ווייניקע טוען דאָס.

מען האָט אויף אַ טויטן אופן אילוסטרירט די ביבל, מען האָט געצייכנט נאַרישע און טויטע היסטאָרישע, אַלעגאָרישע און טעגלאַכע פּאָסירונגען — און צו וואָס און פאַר וואָס האָט קיינער ניט געוואוסט. די נשמה האָט זיך אין דעם ניט געקענט באַדן און דאָס ליכט פון פאַרשטאַנד האָט זיך דערבײַ ניט געקענט לייטערן. טויזנטער האָבן געמאָלן און האָבן מיט זייער מאָלן פאַרדעקט די שיינקייט און טרייקייט פון דער נאַטור, פאַרדעקט מיט שמוציקע פאַרבן, מיט אומקלאָרע, בלוט אָרימע ליניעס, אָפּגעשוואַכט און פאַרוואָסערט האָט מען די קלאָרע קאָנקרעטע עלעמענטישע פאָרמען, וואָס ליגן אין דער נאַטור אַזוי אייגנפאַך און קלאָר ווי די בוכשטאַבן פון אלף־בית פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן. פאָרמען, ווי דונערן ליגן איבעראַל און מען האָט זיי ניט דערהערט און ניט דערזען. די לופט שמעקט פאַר דער דערפרישונג פון אונזער טעמפּעראַמענט, פאַר דער דערקוויקונג פון אונזערע חושים; פאַרבן זינגען און בליצן, אָבער פאַר דער פילפאַרביקייט פון ליכט זיינען ביים שלאָפנדיקן מענטשלאַכן באַוואוסטזיין קיין נאָזלעכער ניט פאַראַנען. זיינען דערפאַר די גייסטיקע חושים געבליבן אומאַנטוויקלט און דער טעמפּעראַמענט קראַנק.

איינער אָבער, אַ זעלטענער מענטש, מיט דער ריינקייט און אומשולדיקייט פון אַ קינד, האָט זיך אין מיטן פון אכצנטן יאָרהונדערט אָפּגעשיידט פון די אַקאַדעמיעס. דאָס איז געווען דער פראַנצויזישער מאַלער קאָראָ. ער איז דער ערשטער אין יענע אומגליקלאַכע יאָרן אַרויס אויף דער וועלט מיט אַ נשמה פון אַ פּאָעט, מיט ריינע הענט און קלאָרע אויגן. ער האָט דער ערשטער די פאַרהאַנגען פון דער נאַטור צעשפּרייט.

און דעם אמת און דעם ליכט פון אמת געזוכט. ער האָט דער ערשטער אין דער טיף פון די הימלען אריינגעקוקט, פאַנאַנדערגעיאָגט די וואָל־קענס, כדי אַלץ ווייטער און טיפער צו מאַכען די וועלט פאַר דער וועלט. תחית־המתים איז דער מענשליכער גייסט דורך אים אויפגעשטאַנען. אמת, פאַר אים איז געווען דעלאַקראָאַ, אויך אַ באַגייסטערטער מענש, אַ גרויסער ראָמאַנטיקער, אַ מענש וואָס האָט געהאַט אַ מיסטישן גע־פיל פאַר פאַרבען, האָט דאָס באַהערשט און האָט שפּעטער מיט דעם געפיל אויך באַווירקט די טאַלאַנטפולע פּערזענליכקייט פון וואַן גאָגה.

נאָענט צו דער צייט איז אויך געווען בלייק, אין ענגלאַנד, אַ גרוי־סער און זעלטענער מיסטיקער, וועלכער איז גאַנץ אַליין געשטאַנען צווי־שען דער מענשהייט ווי אַן איינזאַמער אינזל אין דער ווייט פון נאָך ניט אַנטדעקטע ים׳ען. ער איז פאַר דער מענשהייט געווען ווי איינער וואָס לעבט אין יענע־וועלטיגע רוימען. זיין גייסט האָט געשוועבט אין אומענדליכע טיפע הויכן. דורך לידער און בילדער האָט ער געטראָגן דעם גרויסן אַנזאָג. אַ קונסט־קינד פון אַנדערע וועלטן, האָט ער פאַר דער פאַרשלאָפענער, פּראָזאַאישער, קראַנקער וועלט געבראַכט די שיינ־קייט פון שרעק. האָט באַוויזן די מאָס פון ניט געזעענע דימענסיעס.

נאָך אַן אַנדער ליכט איז דעמאָלט אויפגעגאַנגען, האָט געלויכטן ווי אַן אוצר אין דער פינסטער, מיט אַ גייסט וואָס האָט גערוישט ווי דער שטורעמדיקער ים. זיין קול, ווי דאָס הילכיקע קלינגען פון טיפע דונערן, האָט פאַרזיכערנדיק אָנגעזאָגט, אַז דער מענשליכער גייסט רייסט זיך צו דערוואַכונג. די וועלט פון אַפּגרונטן האָט ער צו די זעענדיקע הימלען צוגעפירט. דאָס איז געווען נאָך אַן איינזאַמער אינזל. דאָס איז געווען — גרעקאָ, דער גרויסער מאַן פון שפּאַניע, וואָס האָט גע־לעבט אין יאָר 1600. מענשען האָט ער געמאָלן ווי ניט פון דער וועלט. זיינע מענשען האָבן גרעסער געמאַכט דעם האָריזאָנט מיט די באַווע־גונגען פון זייערע הענט, מיט זייערע אויגן און שטערנס שפּאַרן זיי די הימלען פאַנאַנדער. שרעקליך ביזאַר איז זיין קונסט. די קליידער אויף זיינע מענשען זיינען ווי וואָלקנס און פלאַמען. גרעקאָ, דאָס איז אַן אויפגעעפנטער פענסטער צו גאָט און געטליכקייט.

קאָראָ אָבער איז געקומען קלאָר ווי די אויפוואַכונג. נעענטער צו אונזער צייט, צו דער צייט וואָס פירט אונז צום רענעסאַנס פון מיטן פון אַכצנטן יאָרהונדערט, די צייט וואָס האָט אָנגעשריבן, אויסגעקריצט און אָנגעשלאָגן די וואונדערליכע טאַטן פון אונזער היינט. גאָט איז אַ גוטער. ער שיקט דער מענשהייט אַן אויסלייזער אפילו ווען די קול־טור און דאָס ליכט פון דער וועלט איז שוין אויסגעלאָשן. מען האָט זיך דעמאָלט געגויטיקט אין אַ מענשן, וואָס זאָל מיט פאַרבן זינגען פריי און פריש, ווי פריי און פריש עס זינגען די פויגל אין וואַלד און אין פעלד ;

א מענשן, וואָס זאָל זיך מיט וואָלקנס שפּילן. קאַראָ האָט מיט דעם ליכט פון זיינע פאַרגענגער געלויכטן, האָט דעם הימל פאַרהעכערט און זיין אויג האָט געזען און פאַרנומען דאָס וואָס דער מאָרגנשטערן האָלט אין ברייננען. קאַראָ האָט געערדט מיט די בערג און מיט די שטראָמען פון די טייכן; מיט די בוימער איז ער געגאַנגען און געשטאַנען האַנט אין האַנט. ער האָט מיט ליכטיקע אויגן אָנגעוויזן אז די דערפער און זייערע דעכער זיצן ווי פּערל, ווי דימענטן און בריליאַנטן איינגעפאַסט אין דער ערד, ווי זיי שפּילן און פינקלען אונטער דער זון. אַזוי מוז מען די וועלט און דאָס לעבן זען כדי צו באַשאַפן גרויסע און אַלמעכטיקע קונסט. נאָר אַזוי קען מען די עסטעטישע פּרינציפּן פאַרקערפערן און פאַראייביקן!

עטליכע יאָר פאַר קאַראָ'ן האָט דעם גוטן וועג אויך באַטראָטן דער מאָלער אַנגער. ער האָט געצייכנט מיט א ריינקייט און זויבערקייט, מיט א ליניע ווי א טאָן פון א פּאַגאַניני. נאָכדעם איז אויפגעקומען דער מאָ־לער קורביי, אויך א פראַנצויז, וואָס האָט א סך פּלאַסטישע קראַפט און זייער פּיל פאַרשטענדעניש געבראַכט.

די אַלע זיינען ווי די זיידעס פון דער מאָדערנער קונסט: דער פאָטער פון דער מאָדערנער קונסט איז מיט רעכט סעזאַן.

מיט סעזאַנס קומען האָט זיך אויף איינמאָל אַזוי ווי די ערד געשפּאָל־טען. סעזאַן דער גבור, דער קאָלאָסאַלער מענש, דער פּראָפעט, האָט די נאַ־טור מיט אַזא מין קראַפט און אָנזען געמאָלן, ווי דער גרעסטער אַרכיטעקט אָדער אינזשיניר בויט, מיט פיין באַוועגנדיקער באַלאַנסירונג, מיט גאָאָ־מעטרישער לאָגיק האָט ער געזוכט און אַריינגעבראַכט אָרדנונג אין דער נאַ־טור. קלאָר און באַרעכנט איז יעדער שטריך, און אין דער אייגענער צייט פול מיט אויסערגעוויינליכע, אונענדליכע עסטעטישע רייכקייטן. מען קאָן אים אָפט פאַרגלייכן צו דער מוזיק פון באַך.

ער האָט געזוכט און עס איז אים געלונגען צו פאַרקערפערן די גאַנצע אימפּרעסיאָניסטישע שולע. ער האָט אויך אויסגענוצט און ערליך געדינט די ערפינדונגען פון פּיסאַראָ, פון מאָנעי און רענאָאַר. און אויך דעם פּוינטיליזם — די ענטדעקונגען פון די באַגאַבטע קינסטלער סאָי־ראַ און סיגנאַק. פּוינטיליזם איז א מין טעכניק וואָס באַשטייט פון מאָלן מיט פאַרביקע פּינטעלאַך אַנשטאָט פולע פלאַכע מאַסן און טענער. דורך דער טעכניק קאָן מען בעסער אַרויסברייננגען שאַטירונגען, לופט און ליכט. די דאָזיקע טעכניק, קען זיין, איז אויך א מין ווידערגעבורט פון דער מאָזאַאיק וואָס די גאָר אַלטע קינסטלער האָבן באַנוצט אויסלייגנ־דיק בילדער פון פאַרשידנפאַרביקע שטיינדעלאַך, אָנגעקלעפּט, אָדער ריכטיקער, אָנגעצעמענטעוועט איינס לעבן אַן אַנדער. די מאָזאַאיס

קונסט איז שוין הונדערטער יאָר אַלט און שטאַמט נאָך פון די די רוימער, פון די ביזאַנטינער און איטאַליענער פון דעם דריטן יאָרהונדערט.

די אַלע ביז איצטיקע פאָרמען און דערגרייכונגען האָט סעזאַן פאַר-נומען, פאַרשטאַנען און פאַראייניקט אויף א גוטן אופן, אַז זיי זאָלן דינען זיינע אייגענע רעגונגען און עמאָציעס. ער האָט זיי פאַרקליגערט מיט לאָגיק פון קאָנסטרוקציע. ער האָט די נאַטור מיט קאָנקרעטע פּרינציפּן פּאַרטיפּט און פּאַרגרעסערט. ער האָט זיך ניט באַשעפטיקט מיט אילו-סטראַציעס. ער האָט די וועלט, די ערדישע וועלט דערקלערט דורך דער שפּראַך פון ריינער און העכסטער מאַלעריי. ער האָט אַלץ אַנאַליזירט און געבראַכט צו אַ נייער סינטעטיק. די ערד האָט ער צעשפּאַלטן, די הימלען האָט ער צעריסן, כדי דעם וואונדער פון אויפבוי בעסער צו פאַרשטיין, כדי טיפער אַריינצוקוקן אין דעם אינהאַלט פון זאַכן, פון זייער סובסטאַנץ, זייער ליגנדיקן און שטייענדיקן ווערט, זייער וואוקס און אַנטוויקלונג, זייער ריטמישע קראַפט און די קראַפט פון רוים און צייט אויף דער ערד, און דעם ווערט פון דעם וואָס הייגגט און שוועבט אין דער לופטן און דעם ווערט פון דעם ליכט אַליין וואָס דעקט צו די ערד. ער האָט די ערד געמאַכט זיך קושן מיט ליכט. טעפּ פרוכט און אַנדערע „שטיל לעבן" בילדער האָט ער געמאַלן ווי מאַיעסטעטישע קאַ-טעדראַלן. טישטיכער האָט ער אויסגעלייגט ווי די בערג. געמאַכט בויי-מער שטיין אַזוי ווי אָנגעלענט אָן לופט און ליכט, און פאַסן ליכט פאַלן אויסגעשאָטנט און גלעטן שעמעוודיק און שמייכלענדיק דאָס פּנים פון דער ערד. די פעלדער האָט ער צעזייט און צעשפּרייט ווי קיינער פאַר אים. די בערג האָט ער אויסגעלייגט און אויפגעקנוילט ווי רוקנס פון קרעפ-טיקע חיות. דעם אָנגעזאַפּטן ריח פון דער לופט האָט ער אָנגעטאַפּט און קאָלאָריסטיש באַוויזן. מענשן ווי אַלימפּיער האָט ער אויפגעבויט. ווי סקולפּטור-ווערק שטייען זיי אין פאַרנעם און באַוועגונג. ווי די רייכ-סטע אַנטיקען זיינען סעזאַנס בילדער. יעדער בילד פון סעזאַן איז אַ פולקאָמענער פּלאַסטישער מאָנומענט. אַזאַ קונסט און אַזוינע קינסטלער דאַרפן ניט קיין שפּאַקטיוון, קיין ראַדיאָ, קיין פליענדיקע מאַשינען. זיי זען און הערן מיט זייערע אינסטינקטן, מיט זייער אידעאַלן פאַרנעם און גרייכן פיל ווייטער ווי די אַלע וויסנשאַפטליכע דערפינדונגען. זיי באַזיצן און באַשיצן די גאַנצע וועלט. זיי מאַכן די גאַנצע וועלט רייכער מיט זייער גייסט. זיי וועקן די וועלט פון שלאָף. זיי שטעלן די קונסט אויף דעם זיכערן און ריכטיקן וועג. ווי דאָס מונטערנדיקע קול פון אַ גינאַנט, אַ נביא, איז סעזאַנס מאַלעריי, ווי דאָס שאַלן פון שופר וועקט דאָס און רעגט דעם מענשליכן גייסט.

זיין ירושה וועט אָנהאַלטן אַזוי לאַנג ווי עס וועט לעבן די וועלט

און די קונסט, און זיין פונדאמענט וועט שטיין, אזוי לאנג ווי די וועלט וועט שטיין.

די פראנצויזן האבן פארזייט די מאדערנע קונסט, אבער יעדעס פאלק און יעדעס לאנד האט צו דער מאדערנער קונסט צוגעבראכט איר אייגענעם כח, איר אייגענעם פארנעם. די מאדערנע קונסט איז געווארן אל-וועלטלאך, האט אין זיך די בשמים פון אלטן כינא, פערסיע און גריכנלאנד.

די פראנצויזישע מאלער פון די לעצטע צוויי דורות זיינען באגייסטערט געווארן פון סעזאן און האבן אויך געוואלט מיטהעלפן ווייטער ברייננגען זיין געניאלן אנהויב. אבער זיי באזיצן ניט זיינע זעלטענע מענשליכע כחות. זיי האבן דערפאר ניט געקענט דינען דער קונסט ווי ער. זיי האבן אפט אויבערפלאכלעך—און אייניקע יונגע מאלער האבן גאנץ לייכטזיניק—גענומען בלויז די אויסערלאכע זאכן פון סעזאן. נייע מיטלען, אפטמאל אן ערנסט, קוביזם און פוטוריזם איז געווען און אוועק. קונסט, ערנסטע קונסט קען זיך אויף קיין טעאריעס ניט האלטן. די אלע לעצטע באוועגונגען זיינען געווען קאפ-זאכן, ניט הארץ-רעגונגען. מען האט געוואלט ארייננבלאזן גייסט אין הייגטיקע מאשינען, אבער די מאשינען האבן זיך אויסגעלאכט און זיינען פארבליבן דאס וואס זיי זיינען — וויסענשאפט, טעכניק, סיסטעם, אן א נשמה, קאלט און טויט, אזוי ווי א מאס וואס האט ניט וואס צו מעסטן, ווי א וואג וואס האט ניט וואס צו וועגן.

א ריינע רייכע שטים האט זיך געלאזט הערן אין דער צווישנצייט פון דעם פאריזער טומל און גערודער פון מאדערנער קונסט-דערוועקונג מיט צוואנציק יאר צוריק. דאס איז געווען די שטים פון רוססא. ווי סעזאן האט ער געשטרעבט מיט גרויסן באוואוסטזיין און מיט טיפער לאגיק. כאטש געארבעט האט רוססא גראד מיט אנדערע, איינפאכערע מיטלען און פילייכט מער נאטירלאך און אייגנטימלאך. ער האט גאר ניט גע-דארפט זוכן. אלע זיינע מיטלען זיינען אים אזוי איינפאך פאר די אויגן געלעגן. שפעט אין לעבן האט ער אנגעפאנגען צו מאלן. רוססא ערשיינט ווי א גאנץ באזונדער ליכט, באשטראלט מיט א ריינקייט וואס באלויכט כמעט מיט א פרימיטיווער עלעמענטישער ליבשאפט און גוטסקייט פון דער מענשהייט. ער איז געבענשט געווארן מיט'ן גליק פון ניט וויסן און ניט פארשטיין וואס דער גאנצער פאריזער טומל האט באטייט. ער האט קיין נייע מיטלען ניט געזוכט. האט ער זיך ניט אנגעשטרענקט ארויסצוקומען מיט רעוואלוציאנערע איבעראשונגען.

אפט האב איך אים געזען בא זיין ארבעט. ווי א קינד מיט זיינע שפילצייג, — פרייאך, פארטיפט, לאסטלאז. ווי א ריכטיקער פרימי-טיווער מענש האט ער געלעבט און געארבעט. ער האט שטענדיק טיף

אין זיין הארצן געטראָגן א ליבע אינטימליכקייט. שטענדיק געהאט א פריינדליכן בליק אויף אלץ. ליבשאפט, פריינדשאפט און פרידן האָבן איבערצייגנדיק פון זיין ריידן און פון זיין לעבן און זיינע טוואונגען ארויסגעפלאָסן. זיין גרויס אָרימקייט האָט אים ניט פארביטערט. אין זיינע בילדער שפיגלט זיך אָפּ זיין גאנצע זיין ריינע נאטור דערמאָנענ אָפּט אָן דשאטטאָ און אין די פערזיער.

קעגן די אינטעלעקטועלע ליידיקייטן, פוסטע טעאָריעס און אומ-פרוכטבארע שטרעבונגען דערשיינט רוססאָ'ס מאלעריי ווי א פרישע קלאָרע לופט נאָך א שטיקנדיקע שרפה. זיין וויזיע, זיין באגריף איז ריין נאטירלאך און פּאָעטיש. זיין פארסאָנאזש: — קינדער, חיות, וועלדער, טייכן, הימלען קוקן עפּעס אלץ אזוי ווי זיי וואָלטן פון בראשית ארויסגעקומען. דער אינהאלט פון זיינע בילדער, דער קוק אויף דער וועלט, איז גאנץ טראדיציאָנאל. זיין אויפפאסונג, זיין פארב, זיין ליכט, זיינע סילועטן, זיין באצייכנען איז שטענדיקע גרויסע באוועגלאכע אָרדנונג. הארמאניע און איינפאכקייט טראָגן בא אים גרויסע און אומצעשטערבארע פרינציפּן פון אייביקער אקטועלער קונסט. זיין ארבעט וועט איבערלעבן פילע אינטעלעקטועלע סיסטעמאטיש-אויסגעדענקטע קינסטלערייען. נאָר מיט ריינעם אָפענעם געדאנק, קען מען זיין קונסט ליב האָבן און פארשטיין, ווארום זיין מתנה איז געווען אָנגעגרייט פאר אים שוין באם טאָג פון זיין געבורט און ניט קיין זאך וואָס מען לערנט אויס אף דער שול-באנק. איבערהויפּט באווייזט רוססאָ מער ווי יעדער אנדער קינסטלער אז יעדער מענש מוז און זאָל זיינע אייגענע אינסטינק-טען אויסגעפינען, שעצן און קולטואווירן. אין דעם אליין ליגט די בשורה און מתנה פון שאפן.

איך שעץ מיין אייגענע ליבע און מיין פארשטיין פון רוססאָ'ס קונסט. דער אנדענקונג פון אים אליין אלס מענש, זיידע-קאמעראד, איז בא מיר זייער טייער. דאָס איז אן אנדענקונג וואָס צייט און רייפערע יאָרן פאר-שטאַרקן, באשיינען און באהייליגן. זיינע בילדער, וועלכע איך האָב, און מיט וועלכע איך לעב, קוק איך טעגלאך אָן ווי יאָר-צייט ליכט.

אנדערע, ווי מאַטיס, צום ביישפּיל, האָבן געשטרעבט צו פארמיידן די דריטע דימענסיע מיט א מין סאָרט פלאכער, גרינגער מאָדעליזירונג אין דער פארב. עס פעלט אָבער אין דעם די צעטיילונג פון לופט, פון אטמאָספערע, די אומענדלאכע קאָנטראסטן, גראדאציעס, פארביקע ניוּ-אנסן, וואָס מאכן פון דער מאָלעריי א מין סאָרט סקולפּטור-מאָלעריי. די צוויי דימענסיע קונסט איז זייער שיין און רייד. אָבער די פרייד פון איר איז בלויז מאָמענטאַן און קורץ. זי איז א הויט אָן א קערפּער. די דריטע דימענסיע גיט אומענדליכע פארקערפערליכונגען צו די צוויי אנדערע דימענסיעס, — גיט טיף, לייגג און ברייט. די דריטע דימענסיע

פארקרעפטיקט די פלאכע דעקאראטיווע קונסט. מען קען זאגן, אז די פלאכע צוויי דימענסיע-קונסט האט ניט קיין לונגען און איז דערפאר אן אטעמלאזע און לופטלאזע קונסט. די צוויי דימענסיקע קונסט איז ווי א פארהאנג אויף א וואנט. עס פעלט איר די לופטיקייט פון א פארהאנג צווישען צוויי צימערן. די פלאכע קונסט, ווי שיין, ווי ליכטיק, ווי קאלא-ריסטיש זי זאל ניט זיין, איז פארט ניט פונדאמענטאל, און זי קען קיינ־מאל ניט שטייגן און דערגרייכן די הויך צו וועלכע סעזאן האט זי געבראכט. די דריטע דימענסיע גיט גוף, סובסטאנץ און סטרוקטור צו די צוויי דימענסיעס.

אין דער לעצטער צייט האט מען שוין איינגעזען, אז ניט יעדער קען זיין א נביא. ניט אלע טאג האט די צייט וואונדער צו אנטפלעקן. מען איז צום שכל געקומען, מען איז באשיידענד געווארן. סעזאן איז פאר אונז אן עמוד האש, איז פאר אונז איינגעבונדן מיט די אנטיקן פון דער אלטער קונסט, פון די אלטע ציוויליזאציעס. אט דעם גייסט זיי־נעם מוז מען פארקערפערן ווי ווייט גאט העלפט איינעם אין זיין ארבעט, כדי די איצטיקע מאדערנע קונסט זאל אויך דערלעבן צו זיין אנטיק פאר צוקינפטיקע דורות.



ב. לאַפּין :

אין רויש פון גאַסן.

צו דער אויסגעטרוימטער פֿערזענלאַכקייט.

דער פֿאָטער.

ווערטער, ווערטער, ווערטער;
ווי בוימער בליאונג פאר דער צייט צעשאָטענע

אויף וועגן, פעלדערברייטע,
פון שטורם און פון ווינט פארווייטע,
און אָן אַ זין פון מענשנפיס צעטראָטענע.

---

ניטאָ קיין מענשלאך וואָרט.
און שווער איז שטומערהייט די לאַסט צו טראָגן.
אָ, שטעל זיך אָפּ א ווייל, מיין איילנדיק ברודער,
און פּרוב א מענשלאך וואָרט מיר זאָגן.
נאָר וואָס האָט אָפּגעקלונגען אזוי טויב פאר מיר דיין קול,
מיט דעם מאָדנעם אמעריקאנעם זונג,
ווי אין א צדקה־טעלער א נדבה־קלונג?...
צי אויף דעם האָב איך דיר אין געלאף פארהאלטן,
זאָלסט שיקן מיר א בליק א קאַלטן,
אַ „פּאַרדאָן" מיר זאָגן,
און ווידער זיך אין דעם געקרייץ פון גאַסן יאָגן?
אָ, ניין, וועסט זיך פון אָרט איצט מער ניט רירן,
כאָטש קאָנסט איצט טויזנטער אין דיין געשעפט פארלירן,
צי א ליבע־ראַנדעוואו פארשפּעטיגן; —
איך האָב אַ וואָרט, וואָס וועט פון וועג דיך אירן,
דיר אלע אפּעטיטן זעטיקן.
און מעג דאָס וואָרט א ליגן זיין,
וועט עס דיר ווי א נבואה קלינגען;
וועסט מער זיך פאַר אַ ביסל צייט ניט דינגען,
וועסט זיין אינגאַנצן מיין, אינגאנצן מיין.

* * *

אָט האָט שוין דיין געשטאַלט זיך אומגעביטן, —
עס רינט שוין בלוט, כאָטש מ׳האָט נאָך ניט געשניטן.
ווי פריער, שטומער נאָך ביזטו געוואָרן,
אָנמעכטיגער אין ווילדן צאָרן.

וואלסט לייבט זיך פון מיין האנט ארויסגעריסן,
דאך דעם וואָרט ביזט נייגעריג צו וויסן !
דיר שפּיצן זיך ווי ביי א טיר די אויערן, —
נאָר איינגעשרומפּן שטייסטו, — איינגעבויגן,
פון די שרעקן, וואָס דו זעסט שוין אויף זיך לויערן,
און ווי שווערע שאָטנס זיך צעלייגן. . .

* * *

אָ, ברודער מיינער ! ווי נאָנט ביזט איצט מיר געוואָרן.
דער זעלבער אומגליק ביידן האָט געטראָפן ;
האָסט אלעמען ווי איך אין זעלבן טאָג פארלאָרן,
האָסטו געוואוסט, אַז גאָט וועט אזוי שטראָפן ? —
עס האָט אזוי די מוטער חנה אירע זיבן קינדער
אין איין טאָג דעם טויט אוועקגעגעבן,
דערנאָך — אליין פון העכסטן מויער זיך אַראָפּגעוואָרפן,
צו בלייבן מיט די קינדער ווי באם לעבן . . .
און מיר ?. . . צי וועלן מיר עס קענען ?. . .
צי ווידער מיט דער גאַס משוגענע זיך יאָגן,
צי ווי די ניט דערברענטע פייערן דערברענען ? —
מיר ביידע מוזן אונזער אָרון טראָגן ;
מיר וועלן אים אין ערגעץ ניט באַגראָבן.
אויף אונזער פּלייצע אים דאָס גאנצע לעבן האַלטן,
ביז מיר וועלן שוין קיין כוחות מער ניט האָבן ;
און צווישן זיי, וואָס איילן זיך אין רייען,
וועלן מיר זיך וואקלענדיקע דרייען,
ביז עס וועט די זון פאַר אונז פארשטראלן,
ביז די ערד צו אונזער בליק וועט פאלן. . .

* * *

דו פּראָטעסטירסט, מיין ברודער ? —
דער גערויש ארום האָט אויפגעוואַכט דיר ?
דיינע אויגן ווי פון חלום אויפגעמאַכט דיר ?
נישט דיינע האָט מען עס דער׳הרג׳עט. . .
דיינע, ביזטו זיכער, זיצן אלע אין די היימען ;
האָסט נעכטן, היינט, — אַ רגע פריער זיי געזעען נאָך,
געזונטע, זאטע, מיט לעבעדיקן ברען נאָך . . .
דאָך הערסט ניט אויף די אויגן דיינע רייבן,
און ציסט און טרייסלסט זיך, ווילסט זיך אליין דערפילן ; —
דו האָסט שוין ניט דיין פריערדיקן ווילן.
דו וועסט מיט מיר דעם ארון מער ניט טראָגן,

נאָר ס'וועט דער מת נאָך דיר זיך אייביק יאָגן ;
האָסטו א רגע נאָר דעם שטומען צער פארנומען, —
וועט ע ר שוין ווי די פליג פון טיטום טיטום אין דיין מח ברומען ;
און י ע נ ע מ ס צ ע ר וועט דיינער ווערן,
ווייל צער איז א ל ע מ ע נ ס, איז יעדנס ;
צער, דאָס איז דער צייכן פון דעם מענשן אויפ'ן שטערן. —
וועסט אפשר זיין א שונא מיר דאָס גאַנצע לעבן,
נאָר איך האָב דיר די שענסטע גאב געגעבן :
דעם צער פון גאָר דער וועלט ! — —

1.

מיר מוזן דעם אפגרונט באבריקן,
דעם אפגרונט פון לעבן און טויט.
עס זאל אויף אונז אייביק ניט דריקן
דער שרעק, אז מיט אונז אלץ פארגייט.

דער קוואל מיט'ן טייך ווערט פארבונדן,
דער טייך מיט'ן ים גיסט זיך אויף;
פארוואס ווערט דער מענטש נאר פארשוואונדן,
און פליסט זיך מיט קיינעם צונויף?

א, גאט, גיב אונז ווילן און קרעפטן
מיט ליבע דערוואַרטן דעם טויט.
אין הארצן זיי בײדן באהעפטן,
און קיינמאל ניט זיין אפגעשיידט.

— דאס שטרעבן צו אומשטערבלאכקייט, איז די מורא פאר'ן טויט. איך פארשטיי פארוואס דו זאגסט עס. דו קאנסט ניט פארטראגן קיין שום פאזע אין מענטשלאכן לעבן. דאס וואס דער מענטש ציטערט פאר'ן טויט ארט דיך ניט, אבער די טוגנד, וואס ער מאכט דערפון — קענסטו ניט פארטראגן. דו ווילסט ער זאל ביידע זאכן ניט פארמאגן: ניט — דאס שטרעבן צו אומשטערבלאכקייט, און ניט די מורא פאר'ן טויט. לעבן און טויט איז פאר דיר איינס. ביידע זיינען נאטירלאכע שטעגן צו דער אייביקייט. ראובן אדער שמעון זיינען אין דער אמת'ן ניט געשטארבן; אומזיסט באקלאגט מען זיי. זיי האבן אויף א ווייל נאר געביטן זייער געשטאלט. קוק זיך צו, ווען זיי דערקאנען אין שמואל'ן און משה'ן. ס'איז געווען ווי אויף א סצענע, — בלויז א מינוט פארבלענדעניש — אין דער אמת'ן לעבן זיי נאר, און וועלן לעבן אייביק. א מענש אין זיין דורכזיכטיג רייגעם לעבן, דערשפינט ביז'ן סאמע עלטער דעם זעלביקן פאדים. די געדאנקען, וואס ער האט געטראכט — דערוועבט ער. זיינע יארן מאכן קיין קנייטשן ניט, נאר וואונדער-צייכנס אויפ'ן פנים.

ביזט גערעכט. ווילסט ניט, אז מיר זאלן זיך דוקא רייסן צו אומשטערבלאכקייט. ווילסט, אז מיר זאלען טראכטן וועגן טויט, ווי וועגן

יעדער נאטירלאכער זאך, ווי וועגן רו נאך שווערער ארבעט, ווי וועגן א קילער נאכט נאך א ברענענדיקן טאג. לעבן און טויט זיינען דיר ב י י - ד ע גלייך ליב. נעמסט ניט ביי איינעם און גיסט דעם צווייטן.

זאגט דאך שוין לאנג דאס פאלק: וועמען עס שווינדלט די הויכ־קייט, דער טאר זיך אין דער הויך ניט הויבן און ווער עס האט מורא פאר'ן אפגרונט, זאל אין ים ניט קוקן.

איך ווייס, אז דאס וואס איך זע אין דיר, מיין אויסגעטרוימטע פערזענלאכקייט, קאן איך ניט זען אין אלעמען. איך קאן דאס ניט זען איצט. שפעטער — אפשר יא. איז ניט דער פארלאנג, וואס באשאפט? וואס גייען מיך אן אלע, איך זע אלעמען אין דיר.

נאר אין דיינע אויגן, מיין אויסגעטרוימטע פערזענלאכקייט, האט דער נביא, דער קינסטלער, די ריכטיקע באדייטונג. ביי די דערגרייכט ער צו דעם טויבער מיט'ן וואונדערלאכן גלויבן אין די אויגן, וואס לאזט זיך אראפ אין די טיפענישן פון די ימים און קומט צוריק ארויף מיט די אוצרות פונ'ם אפגרונט. אין פאלק, ווי אין אן אפגרונט, ליגן די אוצרות פון דער וועלט.

יעדער ווארט — ווי דער מענטש — קריגט אין דיין אנגעזיכט זיין שאטן, זיין באגלייטער, זיין עכא, זיין אמת'ן באדייט, א שאטן איז דער הינטערגרונט, דער שפיגל פון לעבן.

פאראן אזא מינוט, ווען אלץ ווערט אזוי קלאר,
אלץ גיסט אויף צוזאמען;
דאס לעבן און דער טויט—ווי חלום מיט'ן וואר —
ווי טייכן מיט די ימ'ן.

פאר דיר, מיין אויסגעטרוימטע פערזענלאכקייט, איז קונסט, אויף אלע פארשיידענע געביטן וואס דער קינסטלער האט געשאפן, — ווירק־לאכקייט, לעבן. מענטשן לאכן פון אזא נאטירלאכקייט: אזוי לעבט א נאר. א מענטש — ווי א חיה, — האט ציין אויף צו בייסן. זיך אריינ־בייסן אין לעבן. דאס וואס דו ועסט אפבייסן, וועט בלייבן פאר דיר, וועט זיין דיין אייגנטום. קונסט איז א בייזאך.

2.

ס'האט נאך גאט אין מיין הארץ ניט זיין רו,
ווי א וואנדערער קומט ער צו מיר.
ס'העפט מיין תפלה צו אים זיך ניט צו,
אפטמאל טרעפט, אז ער ווייכט אוים מיין טיר.

אלץ אין דער נאטור האט אירע אייגענע פארבן. אלע מענטשן —

זייער באזונדער אויסזען, אלע פעלקער — זייערע שפראכן. די שפראכן — די נשמות פון די פעלקער. די אידישע שפראך — די נשמה פון דעם אידישן פאלק.

ווי לויטערדיק דין איז דיין באציאונג צו פעלקער און מענטשן. אזוי דין, — אז דער אמת׳ער מיין ווערט אפט פארלוירן, ווען מען וויל אים איבערגעבן אין ווערטער. ווי ליב דו האסט די פארב פון יעדער נא־ציע, אזוי ליב איז דיר די שפראך פון יעדן פאלק.

דער פארלאנג צו גוטס דארף ווי א לייטער זיין תמיד אויסגע־שטרעקט צו דאס העכערע. דער מענטש דארף אויף אים אייביק קלע־טערן און קלעטערן! אבער ניט דיין מיט־ברודער, דער שוואכער, — ער טאר ניט זיין דער לייטער און די בריק צו דיין וועג.

טאלסטאי האט אנגעהויבן ווי א פראסטער בשר ודם. ווי זיין העלד נעכליודאוו און אנדערע זייגע העלדן האבן פאחבראכט אין זינליכקייט זייער לעבן, ווי אלע מענשן זיינען געבארן. דערנאך האבן זיי פון זיך ווי היץ-קראנקע גענומען רייסן פלאסטער נאך פלאסטער פון יעדער וואונד, וואס זייער אייגענער געוויסן האט געמאכט. זיך גענומען אפזאגן פון פראסטע מענשלאכע תאוות, פון גראבע מענשלאכע פרייד. און זיין אוועקגיין פאר׳ן טויט פון דער היים, פארגאנצט דאס לעבן פון א ריינעם מענטשן.

ניט באזיגט זיך נאך אינגאנצן,
ניט באזיגט.
נאך ניט אלע ווילדע פלאנצן
אויסגעפליקט.

נאך ניט אלע וואונשן קומען
מיר צוגעהן.
און ניט יעדער ווארט פון גומען
איז נאך ריין.

ס׳מאניעט, בלאנקט נאך פאר די אויגן
רויטער שיין;
און איך ווער נאך צוגעצויגן
פון מיין פיין.

צו דיר, מיין אויסגעטרוימטע פערזענלאכקייט, שטרעב איך, שטרעבן מיר אלע. סיי ווירקלאכער לעבן, סיי קונסט, — וואס איז די נשמה פון ווירקליכן לעבן, — קאן נאר געלעבט און געשאפן ווערן אין לויטערקייט

פון געדאַנק און נשמה. ליגן איז פאַהב, מיט וואָס מענשן פאַרשטעלן זיך: אַנשטענדיקערע מענשן האָבן זיך שוין צוגעוואוינט צו פאַרהאַסן ניט־נאַטירלאַכע פאַרב אויף מענשליכע באַקן, אויף מענשליכע ליפּן. זייער אויג קאָן עס ניט פאַרטראָגן ווי א קראַנקהייט; אָבער מענטשן האָבן זיך נאָך ניט צוגעוואוינט צו דערקענען און פאַרהאַסן די באַפאַרבונג פון געפילן, וואָס איז נאָך שעדלאַכער. די זעאונגס קראַפט פון אויג איז ביי אונז מער אַנטוויקלט. די זעאונגס־קראַפט פון אונזער אינסטינקט איז נאָך אינגאַנצן טעמפּ. באַפאַרבונג דאַרף דינען אלס באַווייז פון פאַלש־קייט סיי אין לעבן, סיי אין דער קונסט.

וואָס ענגהאַרציקער און פלאַכער א מענטש איז, אַלץ גייציקער וועט ער זיך דאָס רוב רייסן צו דאָס אומדערגרייכבאַרע.

מענטשלאַכע מוחות האָבן אויסגעפונען פאַרשידענע באַקוועמלאַכ־קייטן ווי אַזוי צו מאַכן דאָס לעבן צוגענגלאַכער, גרינגער.

אַדער, אפשר זיינען טאַקע די סגולות אַליין די שטערונגען דערצו? די באַפּוצונג האָט פאַרטונקלט די זאַך גופא? געדאַנקען ווערן דערטרונ־קען אין דעם ים פון רייד. יעדער מענטש, כדי צו מאַכן זיך אַליין גרינגער, (און דער דורכשניטס מענטש זוכט דאָך נאָר דאָס גרינגערע!) טייטשט אויס דעם באַגריף, דאָס וואָרט אַזוי ווי ער וויל, ווי אַזוי אים לוינט זיך. אַזוי איז אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור, וואו דער דורכשניטס מענטש, דער דילעטאַנט, האָט ווי דער אַמאָליקער ערב רב, א גאַנצע מיספאַרשטענדניש געשאַפן דורך אימיטאַציעס אויף אמת׳ע געפילן און באַגריפן. ווערטער און געפילן ווערן פאַרביטן. דער באַטייט פון וואָרט איז אַזאַ דינער, אז אָפט צעמישט זיך דער באַגריף פון קונסט אין קינסטליכן. ליטעראַטור קלינגט שוין לאַנג באַנאַל און באַליידיקנדיק. מען מוז זיך צוריק אומקערן צו דעם אוממיטלבאַרן וואָרט און באַטייט. אַלע שרייבן און רעדן ליטעראַריש. זייף, פּודער, זאַקנבענדלאַך, הויזן און אונטערוועש, ווערן אַזוי פיפיק צוגעטראָגן צום עולם דורך ליטעראַריש־ראַפינירטער אַנאָנסן־ליטעראַטור. היינע האָט זיך שוין לאַנג געקלאָגט אויף דעם, וואָס זיין שניידער האָט א פּאָר וואונדערבאַרע „אידייען" פאַר די נייע הויזן וואָס ער נייט אים. די וועלט פּראָגרעסירט. זי ווערט אַלץ מער און מער אינדוסטריעל. איין אינדוסטריע־צווייג ווערט געשאַפן פון א צווייטער. אפילו שרייבעריי האָלט היינט אויך אין ווערן אַן אינדוסטריע. שוין געוואָרן. מענטשן לערנען היינט שנעלער און מער. לייענען א סך. יעדער ווייסט די קונץ פון דעם אויבערפלאַכלאַכן אויסדרוק. געזאַנג ווערט דורכגעגעבאָט דורך ראַדיאָ. טעאַטער — דורך מאַווויס. בילדער־קונסט — דורך פאָטאָגראַפיע. דער עולם האָט שוין קיין צייט און געדולד ניט אונ־טערצושיידן. און צו וואָס די גאַנצע טרחה? דאָס באַקוועמע איז דאָס בעסטע. — פּוטעריין גייט אַזוי גוט, און אפשר נאָך בעסער, פון פּוטער.

דער שאַבלאָן איז געוואָרן קעניג; ער רעגירט. דאָס מענטשלאַכע

אויג האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו קוקן אויף אומנאַטירלאַכער פאַרב פון זאַכן. די געוואוינהייט פון אויג האָט זיך אויך אריבערגעטראָגן צו דער פעלשונג פון געדאַנק און געפיל.

אַמעריקאַנער באָדן — דאָס אינדוסטריעלסטע לאַנד אין דער וועלט — איז ספּעציעל צוגעפּאַסט צו אַ שטימונג פון איבערטרייבונג און פּראַ־פּאַגאַנדע און דורך דעם — דערפּאָלג! אונטערנעמונגס־קראַפט איז וויכ־טיק פאַר דעם. ענערגיע — ווי אָנגעמאָסטן. אימפּעט ווערט פאַרביטן אויף טעמפּעראַמענט, עקשנות — מיט אַמביציע, עקשן זיך, שיט מיט פאַרליטעראַרישטן ווערטערשטויב, און גיי, ווי צו אַ מאַרק, מיט אויס־געשטרעקטע עלנבויגנס, — ווּעסטו קריגן דיין באַגערטן אויבנאָן. און וואָס וויל דען אַנדערש דער פּאַרוועניו, דער ארויפגעאַרבעטער — סיי אין ביזנעס סיי אין קונסט — ווי דעם פּעטן אויבענאָן, רום און אנער־קענונג?

פאַר דיר, מיין אויסגעטראַכטע פּערזענלאַכקייט, איז אַ באַליידיקונג צו זיין פּאָפּולער. עס איז פאַרדעכטיק. נאָך פון אַמאָל ווייסטו, אז דער פאַלשער נביא פאַרטונקלט אָפט דעם אמת׳ן. מען מוז אָבער תמיד פאַר־שטיין דעם דינעם אונטערשייד: ווער וועמעס פּאָפּולאַריטעט עס זוכט? דער קאַריערע־קינסטלער זוכט דעם המון כדי צו ווערן פּאָפּולער. אָבער דעם אמת׳ן קינסטלער, ווי טאָלסטאָי, שעקספּיר און אַנדערע, — זיי זוכט שוין דער המון. ער וויל פּאָפּולער ווערן דורך די קינסטלער. דער המון רעדט מיט זייערע געדאַנקען, כדי אַליין צו ווערן אַנגעזען און פלע־בעאיש פּאָפּולער.

ווען איך רעד פון המון, מיין איך קיינמאָל ניט דאָס פאָלק (אָט איז שוין פאַר די אויגן אַ לעבעדיקער ביישפּיל פון פאַרמישטע באַגריפן) דאָס פאָלק איז ווי דער טיפער ים און דער המון דער שוים וואָס די כוואַ־ליעס יאָגן אָן. אזוי ווי עס איז דאָ אָן איינצלנער דעליטאַנט־מושלם, נאָכ־מאַכער, אזוי איז פאַראַן דער המון אַלס גאַנצער. עס איז אפילו דאָ אַ המון דעקאַדענטישע שרייבער, און אַ המון דעקאַדענטישע לעזער. ביידע זוכן נאָר דאָס לעצטע וואָרט.

דער המון דעקאַדענטישער לעזער דאַרף האָבן דעם המון־דעקאַדענט שרייבער, און ביידע דאַרפן האָבן איינע די אַנדערע. זיי דאַרפן אזא, וואָס זאָל נאָר זיי דינען. און דערפאַר ווערן אַזוינע שרייבער און קינסטלער אויפן אָרט אָפּגעצאָלט מיט עולם־הזה. דער היינטיקער שלעכטער שרייבער הויבט ניט אָן, ווי דער אַמאָליקער אָנפאַנגער, מיט בדחנ׳ישע גראַמען. ער ווערט היינט גלייך אַ מושלם. ער הויבט גלייך אָן פון מאָדערן און דעקאַדענץ. דער וועג פון שאַבלאָן איז פאַר אים צוגעגרייט.

3.

בלוט און פאַרגעניגן.

די צייט פון רעוואָלוציע, מלחמה און פּאָגראָמען, האָט אויסגעקערט דעם אינגעווייד פון דער גאַנצער מענשהייט. דער ריח פון בלוט האָט צעמישט די מענשליכע מוחות, געדעגט די אינסטינקטן און אין היץ האָבן זיך ביי פיל צעמישט די טערמינען און געפילן. פּאָרנאָגראַפיע — אויף לײַדנשאַפט; לײַדנשאַפט — אויף סאַדיזם; סאַדיזם — אויף בלוט, די אויסגעוואַקסענע בלום פון די רווישיקע צייטן!

וואָס ווייניקער אייגענע פאַרב און קראַפט אַ מענש פאַרמאָגט, יאָגט ער זיך אַלץ מער נאָך דאָס פעטסטע, בולט׳סטע און שטאַרקסטע: רויט אָדער שוואַרץ. פון רויט איז געוואָרן בלוט. די גאַנצע ליטעראַטור — דער שפּיגל פון דעם מענשן — איז דורכגעשטראָמט מיט אַ בלוט־רויט־קייט, און שוין באַוויזן צו ווערן ראַפינירט און פּסעוודאָ-טראַדיציאָנעל.

מען יאָגט זיך נאָכ׳ן שטאַרקסטן וואָרט. דאָס איינפאַכע, פרידליכע וואָרט ווערט אויסגעמידן. קלענער ווי גאָט, שד און מלאך איז ניטאָ. גיהנום, שטורם, בלוט און וואונדן — דאָס איז די היינטיקע סטאַדע, וואָס יעדער געוויינליכער פּאַסטוך טרייבט. דעריבער איז דאָס אַזוי פּאַרדעכטיק און געפערליך.

אַלע ליטעראַטורן האָבן איצטער גענומען בלוט אַלס טעמאַ. יעדער וואָרט יעדער געדאַנק איז דורכגעווייקט מיט בלוט און מענשליכע פּיי־ניגונגען. ניט גראָד ווייל די וועלט אונזערע טרינקט זיך אין דעם אַלעם, — נאָר ווייל די געראַטעוועטע האָבן זיך צוגעוויינט זיך צו באָדן אין אַזאַ געמייזאַכטס. דאָס איז געוואָרן אַ מין לוקסוס ווי די קאַרלסבאַדער בעדער. עס איז געוואָרן אַן איבעריאַג אין שטאַרקע געפילן און גראָב־יונגישער עולם־הזה. עס איז געוואָרן אַ מין גייסטיקע שפּייז. אפילו פיש און פלייש, וואָס זיינען אַלע מאָל געווען פרידליכע עסנס ווי ברויט און קאַרטאָפל, האָבן אין אונזערע מיילער איצט אַן אנדער טעם, אַ שאַרף גאַסטראָנאָמיש סאַדישטישען ריח נאָך שטאַרקע רעגונגען. דער ביין ווערט געגריזשעט מיט מער ווילדקייט און די פלייש מוז זיין ניט דער־בראָטן, די בלוט זאָל אַרויסרינען; ווערים, לעבעדיקע ווערים עסט מען אין אַ טעלער ווי איטאַליענישע לאָקשן און מען גלאָצט דערביי קינסטלע־ריש די אויגן.

אַזוי ווי ווערים גראָבן זיך אַ סך פון די היינטיקע קינסטלער אין דער פלאָד פון דעם מענשליכן לעבן, און פאַרפּעסטן זי מיט גיפטיקע ריחות. און די וואָס זאָגן עס אַרוים אָט די מורא׳דיקע געדאַנקען, זיינען דאָס פאַר דער וועלט, און פיליכט פאַר זיך אַליין, עטיקער און מאָראַליסטן אפילו. זיי ווילן דורכדעם פאַר׳יום־טוב׳ן זייער אייגענער פּוסטקייט.

מען האָט אין אַ קינסטלער־געזעלשאַפט גערעדט וועגן מאָרד־פאַר־

ברעכער און פסיכישע איינדרוקן. איין קינסטלער, וואס זיין גאנצער וועזן איז, דאכט זיך, נידריקער פון גראז, האט באמערקט: יא, פיל פאר־ברעכער קלייבן בכיוון אוים הענגען, ווייל הענגענדיק לעבן זיי איבער דעם געגנוס פון געשלעכט... און אז אמת׳ע ניט פארגינערישקייט איז דערביי געלעגן אויף זיין שוואכן, מיט פאספאר באלויכטענעם, פנים...

— טאלסטאי, — זאגט אן אנדערער אין דער זעלבער קינסט־לער־געזעלשאפט, — איז אן אלטער בעל־עבירה׳ניק. אויף דער עלטער איז אים גוט צו פראווען אסקעטיזם. און דאסטאיעווסקי האט דאך נאך פאר־גוואלטיקט פערצן־יעריקע מיידלאך! — און א ניט־פארגינערישקייט האט אויך באלויכטן דעם אנדערנס פנים.

פסעוודא און עכטקייט איז א צו דינער קאנטראסט פאר דעם המון־מענש און המון־קינסטלער.

יעדער זעט נאר דאס שלעכטע אין לעבן און אין מענשן. ער נעמט עס ניט ווי עס איז, נאר וואס מער אויסטארטשען און נאקעטער מאכן. ווי קראען וואס ראיען זיך נאר אין פוילקייט. עס איז נישטא קיין ליבשאפט און ליבע צו מענשן און זאכן.

דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואס אויך אין אונזער אידישער ליטעראטור איז אזא גערעטעניש אויף סאדיזם. א טייל פון אונזערע אידישע קינסטלער, און דוקא דער בעסערער טייל, האט נאך ביז איצט קיין צייט ניט געהאט אפצוטרייסלען פון זיך דאס שאבלאן צייטליכע און פרעמד אנגעוואקסענע ווילד־פלייש אין דער אידישער ליטעראטור.

שלום אש, אין זיינער א דראמע, דעקלאמירט אזוי די מענשליכע ליידן:

> א שנירל פערל, א שנירל פערל
> אויף דעם האלז פון געשענדערטע
> אידישע טעכטער...

און אפילו איצט, אזוי פיל יאר נאך דער מלחמה, שרייבט שלום אש אין זיינע רייזעס פון שפאניען: „איך האב געזען בלוט, איך האב געשמעקט בלוט“... זעט ווי עס קלינגט אזוי גאסטראנאמיש און סאדיסטיש צו־זאמען.

ל. שאפירא האט עס נאך פריער און אויך גלייכצייטיק געטאן אין זיינע ווערק „דער צלם“, „דער קויש“, „ווייסע חלה“ און „די אידישע מלוכה“, כאטש ביי אים איז דאס געווען אפשר מער א מיטל אויסצו־בויען זיין בנין. אבער דאך איז דער אזארט פאר אזעלכע נייגונגען פאר־דעכטיק און שעדליך. עס איז געווארן א סאדיסטישער גציעג אין דער אידישער ליטעראטור באוואוסטערהייט און אומבאוואוסטערהייט. ניט רעדנדיק וועגן די האלב שונד־ראמאנען און שונד־דראמעס, וואס פאר זיי איז דאס דער ליבליכסטער געמויזאכטס צו שווייגקען זיך. וועגן זיי

רעדט מען ניט. כאָטש זיי האָבן ווי אמת׳ע בערג פארשאָטנט די אמת׳ע שיינקייט אין אונזער ליטעראטור.

אפילו ביאַליק, אין גײַיעג נאָכ׳ן שטאַרקן אויסדרוק, האָט עס ניט אויסגעמיטן אין זיין „שחיטה־שטאָט“, וואו די בייכער האָבן דוקא גע־דאַרפט אַנגעפילט ווערן מיט פעדערן א. אז. וו.

צו די שונד־שרייבער שרייבט מען עס צו צו זייער אימפּאָטענץ. אבער אויף ביאַליק׳ן טאָר מען זיך ניט איילן מיט אזא בילינן עפּיטעט. מען מוז עס צושרייבן צו דער ניט דערלייטערטקייט פון דעם איך אין דעם קינסטלער. קיין אַנדער ענטפער איז ניטאָ.

ווי אַן אמת׳ער שטורם, אַן אויסגעלאַסענע וואַקכאַנאַליע האָט עס פאַרכאַפּט די בעסטע שרייבער אונזערע איבער׳ן ים און אין אַמעריקע. פאָדערט זיך ניט קיין רעוויזיע, אַ ריין מענשליכע דיפערענירונג פון ריינ־קייט און שיינקייט אין מענשליכן לעבן, — פון וואס קונסט ווערט גע־שאַפן? —

דער באַגאַבטער און עטישער שרייבער פון יענער זייט ים, מ. ראַוויטש, האָט אין זיין סעריע „פון מיין וועגעטעריאַנישן עוואַנגעליום“ אַן אַדע: קצבים:

די האַקמעסערס ליגן גרייט,
דרייצאַקיג און שאַרף,
די קלעצער טריפן נאָך פון נעכטיקן בלוט;
און היינט פאַרטאָג.
ווען די בלויע הימל־שטויב־שפּרייענדיקע ראַסע
האָט יעדן מידן פאַרבייגייער געקושט,
האָבן זיך אין שעכט־הויז די חלפים געגליטשט
איבער אויסגעשטרעקטע העלזער,
איבער אָדערן ווי באַרג־קוואַלן שוואַנגער מיט בלוט,
העלזער פון לעמער, אומשולדיק,
גרויסאויגיק און סאַמעטפּיסיק.

די האַקמעסערס ליגן גרייט
און ס׳איז אַ שווערער טריפנדער וואָגן
פאַר דער יאַטקע־קראַם פאַרפאָרן;
פאַכען די פערד —
און אַ יונגער קצב ליגט זינגענדיק
אין העלן פרימאָרגן, אויף יונגן פלייש
און דורך דער טיר, הויט־פאַרביק שימערן
מיט מוסקוליאַרנע הענט אפיר פון בלוטיקע אָרבל,

יונגע קצבים —
און ס'ליגן די האַקמעסערס בלאַנק,
האַקמעסערס און זעגן,
האַמערן די הענט,
ברילט געזאַנג.

דאָס ליד איז נאָך ניט צו ענד. וואָס ווייטער צוזינגט זיך עס נאָך מער און מער וועגן פלייש און בלוט. עס פאַרענדיקט זיך:

און ווען דער שוחט האָט ביי דער ריינער מאָרגן־זון
באַטראַכט ווידער שוין די שעכטהויז שוועל,
איז ער אין מידן שלאָף פאַרפאַלן
און האָט געטרוימט פון שימערדיקע הענט,
וואָס קענען גלעטן,
אַזוי גוט ווי דער מאַדאַנאַס הענט.

נעם זיך אין זינען, אַז דאָס רעדט אַ צער־בעלי־חיים'ניק, וואָס קאָן קיין בלוט ניט פאַרטראָגן. אָבער מיט וואָס פאַר אַ ראַפינירטן טעם און רושם ער באַזינגט עס מיט יעדער איינצלהייט (ביים סאַדיסט שפּילט די הויפּט ראָלע דער דעטאַל) די אַרבעט און די געצייג פון די קצבים! עס איז באמת די שענסטע אָדע פון קצבים, ווי לויט זייערע אַ באַשטעלונג פאַרפאַסט. עס קומט אַרויס ווי מיט בלעמ'ס ברכות אַנשטאָט קללות.

אין זיינע נאַקעטע לידער, דאָס בוך פּרעהיסטאָריע, — אומעטום זיינען פול מיט סאַדיסטישע פלאַנצן. און דאָס גראָד ביי אַזאַ טאַלאַנט־פולן און עטישן קינסטלער ווי מ. ראַוויטש!

ס'איז אַ ווייטיק, אַ מיספאַרשטענדעניש ערגעץ אין די מוחות פון אונזערע יונגע שרייבער. זיי האָבן זיך אַליין נאָך ניט אָנגע־געבן קיין חשבון פאַר דעם מאָדנעם—איינגאַנצן פרעמדן טאָן פאַר אידן— דאָס אומבאַוואוסטע געזאַנג צו בלוט.

קריסטן מעגן עסן בלוט און מאַכן דערפון די אַפּעטיטלעכע שפייזן. אידן — טאָרן ניט. קריסטן מעגן עסן אבר מן החי. אידן — ניט. צו די אידן, אַז עס קומט אַ שטיקל פלייש, גייט עס אַדורך אַלע זיבן גיהנומס. זיי קומען ניט אַזוי דירעקט מיט דער ווילדקייט פון דער חיה, ווי דער קריסט. טאָ ווי קומט אָט דער פאַלשער טאָן ביי אונז? זאָל די אָנווייזונג פון דער מגושמ'דיקער צייט זיין אָן אויסרייד פאַר'ן עטישן קינסטלער, וואָס דאַרף שטיין העכער פון צייט, וואָס גייט פאַרביי!

אין אַ שוואַכערער פאָרם געפינט מען דעם איינדרוק בא מאַרקיש און קוויטקאָ. לויט זייער טעמפּעראַמענט, דערהויפּט ביים ערשטן, האָט עס

געדאַרפט זיין בולט'ער; מסתמא איז דער אינווייניקסטער קאָנטראַל שטאַרקער, און ס'קלינגט נאָר ווי אַנגעווייט. דער טאָן פילט זיך כמעט גאָרניט ביי די סאָוועט־קינסטלער, ביי וועמען עס האָט געדאַרפט זיין נאָך שאַרפער. עס פילט זיך רויקייט, אָבער ניט בייזקייט. אין אייראָפּאַ: ז. שניאָר, מ. פוקס. אין אמעריקע: ביי מ. ל. האַלפּערן, ב. גלאַזמאַן, משה נאַדיר, יונה ראָזענפעלד, אַפּאַטאַשו, לייוויק און פיל פון די נייערע.

דער עטישסטער פון אַלע, ה. לייוויק, דעקלאַמירט אין זיין פּאָעמע „די שטאַל“:

„מיידלשע לייבער,
נאַקעט, נאַקעט.
צינד גרעסער די פלאַמען.
האָר, קנוילן האָר!
צונגען, פייער־צונגען.

ווייס ווי א האַלז — בלוי ווי אַן אָדער —
בייט זיך דער ליכטיקער שטאַל — קלינגט מיט'ן קלונג פון א קול, —
גלאַט, ווי די גלאַטקייט פון גלידער...
נישטאָ אַזאַ פרייד ווי די פרייד פון גלעטן חלפים;
נישטאָ אַזאַ פרייד, ווי די פרייד פון די מידע
און די שמייכלענדע ברידער“...

די פּאָעמע די „שטאַל“ איז דאָס סטיליזירטע ליד זיינס. איינציגע ווערטער זענען צושטעלט אין רייען ווי סאָלדאַטן אין א פּאַראַד...

דערנאָך גייט זיין פּאָעמע „דער וואָלף“, זייער ענליך אויף ל. שאַפּיראָ'ס „די אידישע מלוכה“. וואָס איז פול מיט ראַפינירטע סאַדיסטישע דעטאַלן און זינלאַכקייטן.

מען מוז פאַרענטפערן מענשן. אין וואָס פאַר א סביבה מען איז, אַזאַ ליד זינגט מען. איז דאָס אָבער א פאָלקס־וואָרט מיט גאָר אַן אַנדער מיין. אָבער אין אַלץ וואָס לייוויק שרייבט איצט, זענען גראָד ניט קיין זינליכע טעמען, נאָר וועגן משיח און אויסלייזונג. און עס רעדט פאַרט פון אים ארויס א רייצעריי און סאַדיזם:

„דו זאָגסט, איך בין פאַרשאָלטן. —
זאָג, זאָג.
ס'וועט קומען, שוין געקומען,
שוין געקומען פון בענשונג מיין טאָג.
כ'האָב אָנטפּלעקט דאָס האַרץ פון דער וועלט,
אַנטפּלעקט אין סאַמע מיטן
מיט מיין קאָפּ, מיט מיין פאַרשאָלטענעם,
מיט מיין פאַרשאָלטענעם קאָפּ זיך אריינגעשניטן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און בלוט טריפט, — זאָל טריפן,
זאָל בלוט טריפן, ביז׳ן לעצטן טריף.
מיט וואָס פאַר אַ באַרימעריי, אַ בלחש׳דיקע הנאה און רייצונג־
טאָן עס קלינגט יעדער וואָרט און שורה!
דו זאָגסט, איך בין פאַרשאָלטן. —
זאָג, זאָג.
ס׳וועט קומען, שוין געקומען,
שוין געקומען פון בענשונג מיין טאָג.

דאָס אַלץ רעדט אַ מענש, וואָס פאַרמעסט זיך גראָד צו רעדן דאָס פאַרקערטע, דאָס שטילע אויסגעלייטערטע וואָרט!

די אייגענע ניט דערלייטערטקייט לאָזט אָבער ניט ריידן וועגן דערלייטערונג. אומעטום, אפילו אין „גולם״, זיינען דאָ די דאָזיקע שטע־רונגען, וואָס זיינען בכלל ניט אידיש און ניט מענשליך.

ט אַ ד ע אַ ו ש  זאָגט:

און אויך דער מעסער... גלאַנציק, שטראַלנדיק און שאַרף,
אַ שיין געטאָן האָט פון דער הייל אויף אים דער מעסער.
אַ שיין געטאָן, אַ גלעט געטאָן זיין אויפגעמאַכטע ברעם
— — — — — — — — — — — — — — — —
די בלוט פון די, וואָס האָבן ניט געקענט דערזען
דעם שטילן שיין פון זיין פאַרמאַכטער ברעם...

ג ו ל ם :

דאָס וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס דו האָסט מיר פאַרטרויט,
אַ רויטס, אַ שאַרפס, אַ ווארימס און אַ שטילס,
איך שפּיר עס און איך הער עס, און איך זע עס.
— — — — — — — — — — — — — — — —

מ ה ר ״ ל :

דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם...
און טראָט נאָך טראָט, אויף הינטער ניט אַ קוק טאָן,
הויב אָן צו גיין און זאָג וואָס איך:
דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם.
— — — — — — — — — — — — — — — —

ת נ ח ו ם :

דעם רויטסטן און דעם שטראַלנדיקסטן,
דעם שפּיגלדיקסטן — שפּיגלדיקער נאָך פון בלוט;
און ליכט האָב איך געבראַכט מיט זיך, —
אָט זיינען זיי...

דא גראד ווערן געבראכט פארשידענע ציטאטן, געשפרעכן פון פאר־שידענע העלדן, וואס האבן אגב פאר קיין פאל ניט געקענט און ניט געטארט רעדן אויף איינער און דערזעלביקער שפראך. אזוי סאדיסטיש ענליך. און שוין אפגערעדט, אז דאס איז פאר קיין פאל ניט עכט און ניט אידיש פאר׳ן מהר״ל און תנחומ׳ן. אלע העלדן אין „גולם“ רעדן מיט דער זעלבער לייוויק־שפראך און מיט די באליבטסטע אויס־דרוקן, וואס אין זיינע ריינע לירישע לידער; טאדעאוש׳ס אויסדרוק: „דעם שטילן שיין פון זיין פארמאכטער ברעם“, קען מען געפינען אין צענדליקער לייוויק׳ס לידער.

איז ניט דאס דער וועג צוצוגיין צום מענשן און קינסטלער? דורך סתירות אים אנטפלעקן, אים אויפווייזן און אים אפווענדן פון די טעות׳ן? . . .

אזוי גייען דורך ריי נאך ריי א סך פון אונזערע בעסטע אידישע שרייבער. משה נאדיר אין זיין פאעמע: „דעם טויט זיין אפצאל“:

א האלז, א ווייסער האלז פון שניי איז אויפגעגאנגען
פאר דעם ריינעם, יונגן מעסער
— — — — — — — — — — — — — — —
דערקוויק מיך מיט געפליגלטן געזאנג
פון טויבן, וואס די פליגלען ברענען אויף זיי.

דאס איז, אגב, געשריבן געווארן אויפ׳ן טויט פון א פריינט.

די דאזיקע אויסדרוקן זיינען נאך אומריינער און פארפירערישער ווי לייוויקס. ביי לייוויקן פילט מען, ווי ער ראנגלט זיך אומעטום. שוין זיינע שטענדיקע רייד וועגן דערלייזונג אליין ווייזט דעם פארלאנג נאך ריינקייט. און משה נאדיר אין זיינע ווערטער זשאנגלעריי שווימט וואויל־יונגעריש אין א בלוטיקן ים און כאטש נעמט דערלאנגט אים לעבעדיק־צוגעבראטענע טויבן אין מויל אריין!

צו שרייבן אזוי ביים אנגעזיכט פון טויט, פון א נאנטסטן פריינט, איז א לעסטערונג פאר דעם ווערט פון ווארט. ניט אנדערש, עס האט זיך ארייגעריסן אין דער ליטעראטור א ליטעראַרישער קאדעטיזם. א שטרעמונג, פאר וועלכער די ליטעראטור איז א מין זנות־צימער. עס איז נאך ביז איצט ניט געווען אין אונזער ליטעראטור אזא וואולגאריטעט. די קינדערשע ריינקייט פון י. ל. פרץ, דאס אסקעטישע פון ח. ד. נאמבערג, די תמימות פון א. רייזין. די ליכטיקייט פון מענ־דעלע און די גוטמוטיקייט פון שלום עליכם זיינען אויף א וויל פארטונקלט געווארן. אפילו דאסטאיעווסקי׳ס אויסגעפייניקטע מענשן וועלכע הרג׳ע־נען זיך אליין און יענעם, ווערן געטריבן צום דעם פון ריינקייט, פון דעם

אינסטינקטיוון פאַטאַליזם אין דעם מענשן און דער שטרעבונג צו אויס־לייזונג.

י. אַפּאַטאָשו האָט די לעצטע פּאָר יאָר אויסגעמיטן דעם פּלעבײ אין זיינע לעצטע ווערק. (אויסגעמיטן, אָבער ניט אוועקגעוואָרפן. ער איז אין זיינע העלדן צופיל איינגעוואַקסן). ער האָט זיך גענומען צו עטיש־אידעאַליסטישע טיפּן ווי חסידים און רביים. קאָן זיך פונדעסטוועגן פאַר קיין פאַל ניט אָפּזאָגן (אין זיינע ווייכסל־מיטן) מיט הנאה דערציילן אזוינע פּיקאַנטע שטעלן ווי: „דען ביי קראָקוסן צו האַקן מיט זיין שווערד מענשישע קעפּ איז מער פרייד געוועזן, ווי צו האָבן ביי זיך אויפ׳ן געלעגער די שיינע לאַנדאַנא“. און „אַפּאַטאָשו באַקרוינט נאָך זיין נייגונג צו סאַדיזם מיט איבערגעבע־נער ליבע. ער זאָגט גלייך נאָך דעם: „געבענקט האָט לאַנדאַנא נאָך קראָקוס׳ן. לאַנג געוואַרט, זיך אויסגעוויינט אירע בלויע אויגן — קראָ־קוס איז ניט געקומען“. — די שורות זענען פול מיט סאַדיסטישער בענ־קעניש נאָך דעם סאַדיסטישן העלד.

זיין פּאַראַידעאַליזירטער העלד (אַלע זיינע העלדן זיינען ביי אים אידעאַליזירט) אין פערד־גנב זאַנוויל האַלט אין איין שפּייען אויף דער ערד, צי יענעם אין פּנים, שלאָגן און מאַטערן די שוואַכערע. „אונטערן קאַפּטן האָט די משוגענע כאַשע גאַרניט געטראָגן. אַ היים וואָרים לייב האָט אַפּירגעקוקט“.

דאָס דאָזיקע געפיל איז נימאָ (און אויב יאָ, איז ניט קיין שעדלאַ־כער) גראַד ביי דעם באמת אימפּולסיוון מ. ווייסנבערג, למשל. עס ווילט זיך אים אַמאָל אַ שרעק טאָן מיט אַ הייסערן וואָרט, אָבער עס איז אין גופא ניט איינגעוואַקסן און ער גייט דעם געפיל אַריבער. אפילו ביי מ. ל. האַלפּערן איז עס מער אַ וואָויל־יונגערישער אויספּיינערײ ווי אַן אינסטינקטיווער געפיל, און בכלל איז האַלפּערן בטבע צו סענטימענטאַל. אַז דער דאָזיקער געפיל זאָל ביי אים זיין איינגעוואַקסן. „שפּרינגט מיין שוועסטער — אַזאַ מויד — נאַקעט איבער צוים און פּלויט, — טוט דאָס העמד אַ ווייסן פלי — האַלאַלאַ האַלי“. „קומט דער ווינט פון דאָ און דאָרט, — כאַפּט דעם טאַטן פאַר׳ן באָרד, — טוט דעם טאַטנס באָרד אַ פלי — האַלאַלאַ האַלי“. — „אַנגעוואָרן האָט דיין ברודער, נעבאַך ביידע הענט אין שלאַכט, קען ער זיך שוין מער ניט קראַצן — נעמט אים ניט קיין שלאָף ביינאַכט“.

דאָס איז בלויז פּאַרדריסליכער אָדער בטלני׳שער ציניזם: ער איז ניט שעדלאַך. עס איז אָבער באמת שעדלאַך ביי דעם וואָס ס׳איז אין בלוט אריין און קאָן פון דעם בשום אופן ניט אוועק.

* * *

אין דעם אַפּגרונד פון אונזער פּסיכיק מוזן מיר זוכן אַן ענטפער אויף דעם דאָזיקן ווילד־פּלייש, וואָס האָט זיך פּראָפּאָרציאָנעל מער אַנ־

געוואַקסן אין דער אידישער ליטעראַטור, ווי אין בעסערער אייראָפּעאי־שער. דעם דאָזיקן אפּגרונט מוזן מיר אויסטריקענען וואָס שנעלער און וואָס זאָרגפעלטיקער, כדי עס זאָלן אין אים ניט אַראָפּזינקען אונזערע שענסטע אוצרות.

ניין, ניט דאָס אויבנגעשילדערטע איז דאָס אָפענע פּנים פון דער אידישער און וועלט פּערזענליכקייט! איך זע שוין דאָס אויפגיין פון דעם ליכט פון דער אויסגעטרוימטער ריינער פּערזענליכקייט איבער דער אידישער און וועלט ליטעראַטור און איבער גאַנצן לעבן!

---

## דער פּאַטער.

(טאָג בוך פון א זעלבסטמערדער).

צו משה וואַרשע׳ן.

דער וועג פון איינזאַמען איז פון געבאָרן
געוועזן שוין אָנגעדייט זיגזאַגיש; —
ווי נאַכטוואַנדלער אין צוויבער־חלום פאָרן
אין הימל־שפּרונגען וואונדערלאך און מאגיש, —
האָב איך זיך אין מיין אייגן ווייט פארלאָרן,
און מיט אַ שמייכל קאַלט, און טראַגיש,
געטראָגן ווי א פאנצער מיין באַשערטע דאָרן,
שטאָט בלומען, וואָס באַקראַנצן קינדער־יאָרן.

2.

ס׳איז דאָ אן אָנהויב, א מיטן און א סוף.
אזוי איז די וועלט: געבורט לעבן און טויט.
דער וועלט׳ס א קינד בין איך, — א שפּרונג און א לאָף,
און האָב דעם האַרמאָנישן דריילינג צעשיידט.

דעם גאָלדענעם מיטן, אים לאָז איך פאר אייך.
דעם בריק מייד איך אויס, און איך שפּרינג ראַנד צו ראַנד;
מיין וואונש, איז פולער פון דעם טייך,
פאַרגינט מיר, פאַרגינט מיין אויסגעטרוימטן לאַנד.

3.

ניין, איך האָב אויך אויף האַרטער ערד געטראָטן,
און אָבגעקלונגען האָבן מיינע טריט.
ווי יעדערן — איז אויך מיין טרייער שאָטן
דעם וועג מיר פארלאָפן און געהיט.

נאָר כ׳בין זיך מודה, ווי איך פלעג אָפט לאַכן
פון זיין געטריישאַפט הינטישער צו מיר.

פלעגט שעה׳ן וואַרטן, ווען איך פלעג פאַרמאַכן
אַהינטער אים פון מויער־הויז די טיר.

און ס׳פלעגט נאָך ווילדער מיין געלעכטער ווערן,
ווען בא א וואַנט פלעג האסטיג בלייבן שטיין ;
דאַן פלעגט ער קאָפּ אַראָפּ זיך איבערקערן,
אויף אַ באַלקאָן זיך הייגען איינאַליין.

4.

א שלייפן־ברענענעניש, א שנעלער הארצן־שלאָג,
אין לייב — א פיבער גלוסט, דער אויער — אָנגעשפּיצט ; —
ס׳רייסט אויף די אויגן מיר דער אויפגעשטראַלטער טאָג,
ס׳לייכט אויף אין הארץ בא מיר א יונגער פרילינג־בליץ !

און ס׳הויבט אָן וויגן מיך א לייכטקייט פליגלדיק,
איך שוועב אַרויף, אַרויף צום בלויען קינדער־לאַנד,
וואו כ׳האָב אמאָל געלעבט, און איצטער — שפּיגלדיק
שיינט ווידער אָפּ פאַר מיר זיין רעגנבויגן ראַנד.

א גרינ־באַוואַקסענע, א זונ־באַשפּונענע,
מיט יונגע קינדערלאַך פליט אום מיין יוגנט־פרייד ;
נישט א פאַרלאָרענע, נישט אָן אַנטרונענע —
זי האָט זיך קיינמאָל גאָר פון מיר נִיט אָפּגעשיידט.

זי איז זיך טריט בא טריט נאָך מיר אַלץ נאָכגעגאַן,
און אין פאַרצווייפלונגס־שעה איז זי מיין טרייסט געווען ;
זי האָט פון בלויען טייך פאַריאָגט די שוואַרצע שוואַן,
און האָט ניט צוגעלאָזט, אַז ס׳זאָל מיר בייז געשען.

אַזוי רעדט זינגענדיק די ליבע יוגנט מיין
אין שאַרפן אויער מיר, וואָס קלינגט פון זיך אַליין ;
און העלער צינט זיך אָן אין הארץ דער בלויער שיין,
ס׳ווערט גרינגער, ליכטיקער פאַר מיר דער וועג צו געהן.

5.

— וויין ניט, מאַמע מיינע, טייערע,
און דו, מיין פאָטער, דו האַלסט אויך ניט אויס. —
וואַרימען וועלן מיך פרעמדע פייערן,
ווייט פון אייער רשות אַרויס.

— קוים דערלעבט דאָס ערשטע וואָרט פון דיר,
מיט וויפיל שרעק געלערנט דיך צו גיין.
ביזט דער ערשטער פויגל, וואָס אַנטלויפט פון מיר,
וואָס בלייבט מיר א חוץ געוויין ? — —

—מסתמא איז גאָט׳ס ווילן אזוי,
מאַמע טייערע, הער אויף, הער אויף! —
אומעטום וועגן און באַנען געשריי,
און שיפן לאָקערן: קום ארויף!

6.

אפילו די וואסער־פויגל האָבן ניט
געקענט דערגרייכן מער די ברעגן שיף,
האָט אייער בליק מיך אלץ נאָך אָפּגעהיט,
געמאָסטן די פארשלינגנדיקע טיף.

איך האָב אין טאַטע־מאַמעס טרייען בליק
די אונרו פון א פאָרגעפיל דערשפּירט;
ס׳איז יאָ און נישט געווען דער מאמעס וויג, —
די שיף, — וואָס האָט מיך וויגנדיק געפירט.

7.

ווייט — האָט איר ווייטקייט פארלאָרן,
געפאר — וועהט שוין מער ניט מיט שרעק;
דארפסט וועלן נאָר גיין אדער פאָרן,
און עס שניידט זיך פאר דיר אויס א וועג.

וועגן, אָנצאָליקע וועגן, —
פארגייסט זיך, פארדרייסט זיך אין זיי.
אין מיט פון א וועג איז געלעגן
מיין מזל פארצערט פון געשריי.

פון אלע פארלאָזט און פארטריבן —
האָב איך אים גענומען מיט מיר.
אויף שטויב אונזער שלוסבאנד פארשריבן,
וואָס מעקט זיך פון מינדסטן באריר.

ווי זייטיקע וועלן מיר שלייכן,
מיר ביידע, — די גליקלאָזע פּאָר;
זיך שפּיגלען אין גרונט פון די טייכן
אזוי ווי דער ווינטער ראָר.

8.

די ערד, — די בייכיקע, —
די מוטער פון דער גאנצער וועלט;
די ערד — שווארצלייביקע,

אויף וועלכער ס׳שטייט ניו יאָרק, —
האָט זיך פאַר מיר א ריר געטאָן,
ווען כ׳האָב אויף איר מיין ערשטן טראָט געשטעלט,
מיין יונגן טראָט פול זאָרג.

דורכגעבליצט האָט א באשייד
אין דער טיף פון מיין זעל:
דער ריז, פאַר וועמען ס׳ציטערט אויף די וועלט, —
ער אליין אויף די קניהען שטייט
פאַר אימיצנס א פרעמדן שוועל.

9.

פרעמדע ערד האָב איך באטראָטן,
פרעמדע ערד.
און האָב אלע לאנדגעבאָטן
באלד צעשטערט.

פאַר א פרעמדן איז נישט פּאַסיק
פרעך צו זיין.
זייער לעבן בונט און ראשיק
איז ניט מיין.

ניט אין ריכטיג פּלאַץ געטראָפן
קוק איך אויס.
מיינע אויגן מאָדנע אָפען —
גיבן אַרויס.

פון דעם ערשטן טאָג ביז יאָרן —
אלץ אזוי ;
גוט, וואָס ס׳קוקט פון אויג קיין צאָרן
גרינלאך גרוי.

פון דיין אייגענעם האַרבסט
די געלע בלעטער, —
וועלכע דו אליין גארבסט
פאַר זיך אויף שפּעטער.

ווען דיין לעבן אָן טויש
שטילט איין פארלעגן,
וועט דער בלעטער־געדויש
אויך דיר באוועגן.

װען באַגינזון אויף זיי
װעט פאַרבן צינדרן,
װעט דיין גורל אויף צוויי
מיט זיי זיך בינדרן.

װען דיין קאָפּ מיד און באַנג,
אויף זיי װעסט לענען ;
װעסט ביים זונענפאַרגאַנג
מיט זיי דערבערענען.

11.

מיטנטאָג.
עס געלן זיך שטרויענע בענקלאַך אין „סאָב"
פון קיינעם באַזעצטע,
װי בייטן אָפּגעשניטענע פון װייץ־פעלד,
פון פי און פון חיות צעטראָטן.
עס זיצען די מענשן צעװאָרפן
און בייטן פאַר לאַנגװייל די ערטער.
דער עקספּרעס, ער יאָגט זיך װי שטענדיק ;
די פאָרער — זיי איילן זיך מער ניט,
פון װייטלאַכע שטרעקן אודאי ;
װי מענשן אין די העכערע יאָרן.
פון באַגינען — שוין װייט. צו נאַכט — נאָך א סך.
װי ניט איז — זיי װעלן דערפאָרן . . .
און אפשר ? — —
קאָנסט ניט אָפּמעסטן אַלע אינאיינעם.
װי װעניג דאָ זיצן — דאָך זענען זיי מחנות.
גאַסן, שטעט, פאַרשידענע לענדער,
און פאַרשטייסט זיי ניט קיינעם.

דער באַן האָט זיך האסטיק צעװיגט,
אויף א װייל אַלע מענטשן אין איינס אויפגעגאָסן.
זיי װידער צעשיידט,
װי דער אבפלוס און צופלוס פון ים.
זיך אָפּגעשטעלט.
שװערע קלעפּ פון אויפגעעפנטע און פאַרמאַכטע טירן.
עטלאַכע זענען אראָפּ.
ארויף — זענען מער. זיך ארייגעיאָגט.
פון געװיינהייט געזוכט פאַר זיך פּלעצער,

כאָטש עס האָבן געגוג נאָך געגעלט זיך
שטיקער ליידיקע שטרייענע בענק.

12.

אָפּגעהאַקט באַם סאַמע אויג
ווי א פּרעמדנס טיר —
שטאַרצן פּלייצעס טונקעלע
אויסגעגלייכט פאַר דיר.

פּלוצלונג — ווי ס׳וואָלט אימיצן
דורכגענאָלט דיין קוק, —
גיבן יענעמס אַקסלען זיך
צאַפּלענדיק א צוק.

און דער מענטש פאַרשווינט אויף גיך
ווי די באַן בלייבט שטיין
נאָר דאָס שטומע רייד פון בליק
בלייבט בא דיר אליין.

13.

וויגנדיק זיך טאָג נאָך טאָג
אין „סאָב" און „על",
זאַפּ איך זייער רויש און יאָג
איין אין מיין זעל.

וואו איך גיי, אַלץ זינגט מיר צו
דער באַנען־קלאַנג;
ס׳רוישט אין שטילער שעה פון רו
מיר זייער גאַנג.

ס׳לעבט פאַר מיר אויף גאַנץ ניו יאָרק
אין מיין וואַגאָן,
גאָר מיין פרייד און גאָר מיין זאָרג
ווערט דאָ פאַרטאָן.

פינסטערניש — אין טיפן „סאָב",
די זון — אין "על",
דאָס איז דער געשאַנק און גאָב,
וואָס ס׳קריגט מיין זעל.

14.

פון א טראָט ביז א טראָט
גייען וועלטן פארביי —
בלויז דער דרעמלענדער סוד
אין דיין הארצן איז פריי.

און א לעבן — פארשווינט,
און א רגע — זיך ציט.
גאָט אליין ברענגט די זינד,
גאָט אליין זי פארגיט.

און פאר דיר וואָס פארבלייבט,
מיט דיין בייז, מיט דיין גוטס?
יענע קראפט, וואָס אלץ טרייבט —
דיין איינאיינציקע שוטץ.

דאָרט אויף יענער זייט ראנד,
פון קיין איינעם פארטרויט,
האָט מיין אייגענע האנט
אן אנטרינונג געבויט.

15.

איך האָב דיר פארבעטן צו גאַסט
און קיין היים ניט געהאט. —
דער, וואָס האָט מיר געצאָלט מיין וועכנטלאכן לוין
האָט איינאיינציגן צימער און קיך נאָר באוואוינט,
וואו ס'האָט זיך געראנגלט א גרויסע משפחה
ווי אין רייזינ׳ס — „געזינד זאלבע אַכט"
און בעטן נאָר צוויי". — —
א שפּאנישע ווענטל בא נאכט
האָט אביסל פארשטעלט מיך פון זיי.
אן אָרימע פרוי „אויף דער צייט,"
פיר קינדערלאך, אויף לאנגע יאָר, בא דער זייט,
האָט זי שוין מוטערליך ביז איצט געפירט.
דער נייער לעבן האָט זיך שוין אין לופט געשפּירט. — —
מיין באלעבאָס און איך — דער ארבעטער —
די צוויי פיינדלאכסטע קלאסן אויף דער וועלט,
האָבן פון מיטן נאכט ביז ניין אין דער פרי,
פאר ניו יאָרק פרישע צייטונגען צוגעשטעלט.
מען האָט אונז קוים ארויסגעזען פון אונטער די פעק
פעק זענען געגאנגען אין דער פינסטער אליין,
אזוי ביז׳ן שפעטן באגינען.

ווען דו ביזט געקומען, איז קיינער נישט געווען.
דער באַלעבאָס — געדרעמלט האָט באַם „סטענד."
זיין פרוי — געגעבן לופט די קינדערלאַך און זיך
אויף א "סטופ" אין ריווינגטאָן סטריט.
איך בין געזעסן אליין אין שטוב,
מיין קאָפּ — געהאנגען אויף מיינע הענט.
ווי א ברודער, א מוטער, און א פאָטער,
וואָס זיינען איצט ווייט, אזוי געווען פון מיר —
אזוי האָסטו בא מיר מיט טרייסטנדיקע רייד
אויף אלץ זיך נאָכגעפרעגט,
ביז א פרייד אזא, א ליכטיקע,
האָט זיך אין הויז פארשפּרייט.
דו האָסט מיין חלום צוריק מיר אויפגעוועקט.
דיין בליק האָט זיך אין ענגשאפט אָפּגעשלאָגן
פון איין געגנשטאנד אויף א צווייטן,
ווי דו וואָלסט אין זיי לעבעדיקע וועזנס געזוכט;
ביז וואן פון מויל האָט זיך דערטראָגן
א שטראָם פון אָפּגעריסענע ווערטער. — — —
האָסט געקוקט אויף די אויסגעבייכטע, אָפּגעטראָגענע,
לאנגע פרויען-קליידער אויף דער וואנט,
וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי שלאָפנדיקע לונאַטיקער,
וואָס וועלן באלד, באלד אָנהויבן גיין — —
און ווי מענטשן זיך באוועגן . . .

דערנאָך האָסט צו מיר געזאָגט:
א פולע שטוב מיט מענטשן איז בא דיר . . .
וויפיל קינדער האָט דיין באַלעבאָס?
און כ'פיל א נייעם לעבן קומען . . .
לעבן! לעבן! — — — —
מיר האָבן זיך ברידערליך געקוקט אין די אויגן,
און איינער דעם צווייטן האָט אָפּן דערזען.

פּלוצלונג איז אריין די באַלאבאָסטע.
מיט איר — די פריילאכע פיר קינדערלאך;
און דאָס פינפטע — וואָס דארף באַלד קומען,
האָט זיך געזעען נאָך מער פון אלע. . .
די טיר איז לאנג געבליבן אָפן,
דער ווינט איז ווי אַן אייגענער אין הויז ארומגעלאָפן,
און די הייגענדיקע בייכיגע קליידער

האָבן זיך נאָך בייכיגער א הויב געטאָן פון די ווענט ;
און ווי צו א שמחה, אָדער אַן אומגליק,
איז פול געוואָרן דאָס איינגע הויז
מיט מענשן און באַוועגונג. . .

16

צייכן און סמנים
פאר די אויגן שוועבן,
און אין יעדנס פּנים
שפּיגלט זיך זיין לעבן.

כ׳וואַרט שוין אויף דיין צייכן
זיך אין וועג צו לאָזן,
וועל איך דאָרט דערגרייכן ? —
כ׳וועל סיי ווי זיך לאָזן.

17

אויף די וועגן ליגן
אויסגעשפּרייטע שאָטנס,
האָט זיך ווער צעשריגן
ווען כ׳האָב זיי באַטראָטן.

האָב זיך איינגעבויגן
זעמען אויפצוהייבן,
האָט ווער מיינע אויגן
אָנגעשיט מיט שטויבן.

עס האָט מיך מיין שאָטן
שטאַרק אַרומגענומען : —
װאָלסט דיין וועג געטראָטן,
װאָלסטו אומגעקומען.

דאָס האָב איך מיט שטויבן
דיר פארשיט די אויגן, —
דיך צו מאכן גלויבן,
זאָלסט דיין וועג פארנייגן.

18

אָן יאָרן בין איך אַלט,
אָן לעבן בין איך מיד,
וועל איך נאָך זען ס׳געשטאַלט,
וואָס אייביג ציט מיך, ציט?

עס פליט א צוג אוועק,
א שיף גייט אָפּ פון ברעג,
האָב איך דען וועם באַגלייט,
מיט וועמען זיך צעשיידט?

עס רוישט די גאנצע שטאָט
אין איין צעררייצטן רויש,
אלץ דרייט זיך אין איין ראָד,
און כ׳פלאָנטער זיך ניט אויס! . . .

אָט גיט מיר ווער אַ ריר —
אַ פריינט געוויס — צו מיר;
איך גיב זיך פלינק א קער — — — —
קויפט עפעס יונגער הער!

און ס׳פאַלט אַן אומעט אָן,
אַן עלנד און אַ שרעק;
כאָטש נעם אַ פרעמדן אָן,
און גיי מיט אים אַוועק!

אַן אַלטער מאַן אָט גייט,
אין דרייען איינגעדרייט;
אַ שווערע משא ליגט
אויף זיין געניק און דריקט.

איך נעם זיין משא צו
און טראָג עס פלינק אים נאָך, —
כאָטש כ׳ווייס אליין ניט וואו, —
נאָר גוט אזוי ווערט דאָך!. . .

19

שטויב, אונטער די פיס געטראָטענער,
פארגיב מיר דעם דרוק פון די טריט.
דער מענש פון דעם שטויב א באשאפענער,
אין זעלביקן שטויב ווערט צעשיט.

לעבעדיקע נערוון און אָדערן,
ווי נעצן אומעטום צעשפּרייט.
זיי קוקן ווי אויגן און פאָדערן
דעם חשבון פאַר אַלעמענס טויט.

וואָס מער דיינע אויגן זיך ברייטערן,
און זאַפּן די וועלט אריין,
צעברענען דיך ווילדע ווייטיקן
פון פרעמדן און אייגענעם פּיין.

דו ווערסט ווי א הייל א פאַר'כישופ'טע,
פול ווייטזעען, עמפינדונג, געהער;
ווי דניאל'ן דער נס אין לייבנגרוב —
עס צויבערט, און ס'איז אזוי שווער!

20

די חלומות און זעאונגען
פון מיינע שלאָפלאָזע נעכט,
זיי זע איך שוין מער ניט ביי נאַכט.
אין וואכיגן טאָג איצט גייען זיי מיט מיר ארום.
פון אָנפאנג איז געווען מיר שווער אזוי.
אין וואַכיגן וואָכיגן טאָג מיט חלומות צו גיין!
ווי שווער די וואָר איז ניט געווען,
האָט זי דאָך מיר אין חלום גרינגער אויסגעזען,
ביז וואן כ'האָב מער אליין שוין ניט געוואוסט
דעם אונטערשייד פון טרוים און וואָר,
וואו אַלצדינג צעטיילט זיך אין צוויי;
צי לעב איך נאָך אַלץ מיין לעבן דעם ערשטן,
צי שוין א צווייטן גאָר? — — —
צי וועט נאָך מיר אויך ווי נאָך ז י י,
זיך נאָכציען א לאנגער דור? — — —

21

דער וועלקער בוים רעדט אזוי צום ווינט:
ברעך אראָפּ פון מיר, וואו נאָר א גרינענדיקע צווייג.
ווען דער גוף איז טויט, זיינען די אָדערן פאַרגיפט,
און פאַר'סמ'ט וועט זיין זייער לעבן.
וואָס גרעסער דער צווייג אויף מיין וועלקן גוף
וועט אויסוואקסן און זיך ברייטערן,
אַלץ פיינענדער וועט זיין קורצער לעבן זיין;

ווײַל קיין בוים וועט ער שוין ניט ווערן,
און מיינע יאָרן זענען געציילטע;
זאָלן די צווייגן ניט האָבן קיין צווייאיקן טויט:
שטאַרבן צוזאמען מיט מיין גוף,
און שטארבן ווי אן אויסגעשטרעקטע צווייג . . .

22

גליק און אומגליק.
מיט דעם שפּילן זיך שוין קינדער.
עס קלינגען מטבעות אויפן קאַלטן גראַניט:
קאָפּ צי אָדלער? אָדלער געווינט,
קאָפּ — פארלוירן.
דאָס זעלבע שפּיל.

23

מיט אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן, אַז די זון זאָל ניט אַריין,
בין איך איינער אליין אין מיין אייגענעם טונקל,
אַ גאַנצן טאָג פון פריען באַגינען געזעסן;
ווי א גרויער קאָפּ אַן אָפּגעגאָלטער ביי א טויטן
האָט זיך געגרויט דער דינער אַש
פון מיינע אויסגעברענטע יאָרן.
און פּלוצלונג האָט אַ מאָדנער געדאַנק
אין מיין מאַרך זיך איינגעגעסן,
און געריסן מיין בליק אויף יענער זייט שטאָרן,
אין דער פארצוקענדער רוישיגער גאַס. — — —
ניין, איך וויל ניט זיין ווי דער אומגליקלאַכער אייזל־עקר,
וואָס ווערט געבראכט אויף דער וועלט דורך א פערד און אַ בורראָ,
און קאָן אליין זיין מין ניט פּאָרן!
איך וויל ניט, אז זיין קלאָגעדיק עלנד געוויין
אין די פינסטערע נעכט אָן שטערן,
צי אין נעכט מיט לבנה באַגאָסן,
זאָל פאר מיר אויך מיין שוואנענליד ווערן! —
ניין! — — — — —
איך האָב זיך אויפגעשטעלט, זיך אויסגעגלייכט,
און בין ארויס.

24

געווען שוין נאַכט, רויטלאַכער שפּריציגער נעבל;
זיינען די מענשן געגאַנגען געבויגענע
ווי האָראָפּאשנע טרעגער איינגעוואקסן מיט זייער משא,

מיט די שווארצע שירמס אויף די קעפּ,
כאָטש קיין רעגן איז שוין ניט געווען ;
נאָר שווערע וואָלקן בלויז געהאַנגען פון אויבן ;
אין פּראצעסיעס האָבן זיך מענשלאַכע כוואַליעס געצויגן
איבער דער רוישיגער דעלענסי סטריט,
און די שווארצע שירמס האָבן זיך ווי קראָען געהויבן
אַרויף און אַראָפּ.
די נאַסע מויער-שילדן און ווענט
האָבן ארויסגעגלאנצט אין רויטלאכן לאַמטערן-שיין,
ווי נאָר וואָס פון אַ שרפה אויסגעלאָשן.
אָבער מיין אייגענער פייער האָט נאָך געהאַלטן
אין סאמע אָנהויב.
וואָס שטארקער ס'האָט געברענט אין מיין האַרץ,
אַלץ קלאָרער, רואיקער האָב איך געזען
דעם פרעמדן אין מיין אייגענעם ארום,
אַלץ נעענטער בין איך צו מיין אַנטרינונג געווען. — — —
און פּלוצלונג — אַ הייזעריקער מאָדנער קלאַנג,
ווי פון דעם נאַכטיגן נעבל אַרויסגעגאָסן,
וואָס האָט ווי דעם אַלבאַטראָס געזאַנג
מענשלאַכע הערצער פון דער ווייטן אויסגעלאָשן.
אָט האָט ער זיך צענויפגעמישט מיט אַ געוויין פון א קינד,
און ס'איז געוואָרן אַלץ פינסטערער,
און דער לאמטערנפייער — אלץ נעבלדיקער, רויטער . . .
אַ בלינדע מוטער מיט אַ קינד אויפן שויס
און א קאַטערינקע ביים זייט
האָט זיך אין נעבעל פאר מיר ארויסגעשיילט.
איין האַנט — צו די מענשן אויסגעשטעלט,
די צווייטע — אָן אויפהער כישוף'דיק געדרייט, און געדרייט,
ווי זי וואָלט דעם רייסנדיקן קלאַנג באוואוסטערהייט
געוואָלט אריינגיסן פיינענדיק אין האַרץ
פאר אלעמענס שלעכטס אויף דער וועלט.
ווי פון אימיצן צוגעשמידט, האָב איך לאנג, זייער לאַנג,
געקוקט אויף דער בעטלערין, דעם קינד, און די קאַטערינקע, —
אַלע דריי היימלאָזע אין דער נאַסער נעבעלדיקער נאַכט !
כ'האָב מיין גאנצן פארמעגן אין מיין הויפן
אויף איר שויס ארויפגעוואָרפן,
און זייער אָרימקייט האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט מיינער ;
זיי האָבן דערפילט מיין נאָנטקייט.
כ'האָב באַרירט מיט מיינע בליקן דער בעטלערינס בלינדע אויגן.

זי האָט אויף מיר געקוקט מיט אירע אויגן,
מיט איר היימלאָזן, אין שמאַטעס פאַרוויקלטן קערפּער.
כ'האָב צעמישטערהייט א גלעט געטאָן
דאָס קעפּעלע פון דעם כליפּנדיקן קינד,
און עס האָט ווי פון שרעק גענומען זינקן
אונטער מיינע פיבערדיקע פינגער,
ווי עס וואָלט שוין מער קיין פּאָטער־צאַרטקייט
ניט געקאָנט פאַרטראָגן . . .
מיט אמאָל האָט עס נאָך שטארקער אָנגעהויבן קלאָגן,
און פאַרגייענדיק זיך צעשריען :
פּאָטער ! פּאָטער ! — — —
דער קאַטערינקא קלאַנג איז געוואָרן שטום,
און די בלינדע מוטער האָט מיך מיטביידע הענט
א ווילדן כאַפּ געטאָן,
און שטרענג געקוקט אויף מיר מיט די בלינדע אויגן,
און באַפוילן מיך : קום ! — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א מחנה מענשן ווי צו א לויה
האָט זיך נאָך מיר געצויגן,
און די ווערטער — פּאָטער ! פּאָטער ! — זיי זיינען
ווי ברענענדיקע פיילן איבער מיין קאָפּ געפלויגן,
און ניט ערדישע משא'ס — ווי שכר פאר לעצטע זינד, —
האָבן מיר נאָך מערער איינגעבויגן.

### י. טאָפּעל:

## בילדער

אַמאָל איז געווען אַ מענטש
דער לייב, דער הירש און דער פויגל
דאָס ליכטיקע מיידל
איבער דער ערד
דאָס טויטע מיידל
קווייטן





י. טאַפּעל גרופּע (אוילפאַרב)



י. טאָפּעל — לאנדשאפט (אוילפארב)

## י. טאַפּעל

אמאָל איז געווען א מענטש.

1.

די לבנה שפּיגלט זיך אין טייך, און אין מיר איז שוין דאכט זיך אויך שטילער געוואָרן. איך פיל נאָך ערגעץ א ווייטאָג. ווייס אבער נישט צי איז דאָס דער גוף צי איז דאָס דער גייסט, וואָס ליידט יסורים. איך גאר אָנצוהויבן א גרעסערע ארבעט און כאָטש איינמאָל פארענדיקן. אָפט פארנעם איך זיך אויף עפּעס א זאַך, האַק אָפּ אין מיטן, און דערגיי נישט צו א סוף. אָבער היינט האָב איך נישט קיין געדולט פאר אזוינע אָפּ־ריסן. איך מוז זיך פארוועגדן אויף עפּעס גרעסערס, עפּעס אזוינס וואָס זאָל מיך דערשעפּן. איך קוק אָפּט אריין אין זיך, וואו איך זע א מין גערייצטקייט, א כעס, — א פייער מיט א ווינט. און פון דרויסן וואָס זע איך? ווי די טעג שטארבן. יאָ, אזוי וועט זיין: איך וועל שריי־בען: „אמאָל איז געווען א מענטש" — טריי און נישט געפּעלשט, וואו איך וועל אָפן ארויסרעדן מיינע גוטע טראכטונגען און פרואוון נישט פארבאהאלטן מייגע געדאנקען, וועל אָנווייזן וואו איך שטיי אויף דער ערד און וואו איך הענג אין דער לופטן, און אזוי ווייטער.

מיין פּערזענלאַכקייט האָט מיך פאראינטריגירט. איך באטראכט דאָס מיט געשפּאנטקייט און מיט פרייד.

אָפט טרייבט עס מיך ווי מיט שטעקנס אוועק פון מענטשן, צו לעבן אָן אָפּגעזונדערט לעבן. דערגיי איך דערפאר צו זיך אביסל נענטער, קום אויף אזוינע ערטער וואָס אנדערע קומען דאָרטן נישט. און דער־נאָכדעם פארבענקט זיך מיר צוריק. אָבער אזוי ווי איך בין נישט געוואוינט צו דעם מענטשנ׳ס פירונגען און זיינע טואונגען, קומט קיין גוטס דערפון נישט ארויס. יעדע זאך וואָס פארמאָגט נאָר אן אייגענעם ווילן נעמט זיך באָרן מיט מיר, און דער סוף איז: געשלעגן מיט קריגערייען, דער הויפּט מיט וואונדן וואָס פארהיילן זיך נישט לאנג. איצט גייט די לבנה אי־בער׳ן טייך פארשפרייטנדיק רו. וואָס איז דאָרט באהאלטן אין דער לבנה וואָס דאָס פנים איז איר אזוי גוט און ליכטיק? עס קומט מיר אויפ׳ן זין א שלאכטפעלד אין א לבנה נאכט.

איך בין איינער א מענטש וואָס גיי אינאיינעם מיט אנדערע מענטשן איבער די גאָסן פון שטאָט, אין דער פרי, אין די אָוונטן, קען זיך אָבער נישט פארלירן צווישן זיי. דאָס וואָס פירט מיך ארויס פון שטוב אין גאָס פירט מיך צוריק אין שטוב אריין, צום טיש מיט דער פעדער מיט׳ן זייגער אויפ׳ן טיש. שפּאציר איך שוין אזוי אין דער איינער גאס באלד

צוויי יאָר, אָבער יעדעס מאָל געשעעט דאָרט עפּעס א נייעס וואָס גיט דער גאַס א ניי אויסזען. איין טאָג שנייט, א צווייטן טאָג איז די לופט קיל און הורבזיכטיק, און א דריטן מאָל גייט ארום א ווינט א בייזער און שלעפּט די ביימער בא די נאַקעטע צווייגן. אמאָל שטייט א יונג מיידל פּאַר א טיר און רייניגט דעם אריינגאַנג צום הויז. גיט דאָס דער גאַס צו קאָליר. אמאָל שטייט אן אַלטע פרוי אויף א ראָג און צייעט זיך ארי־בערגיין אויף דער אנדערער זייט גאַס, וואַרט אָפּהענטיק און צעבראָכן. און נאָך אַזוינע געוויינלאַכע און וואונדערלאַכע זאַכען טרעפן זיך וואָס גיבן דער גאַס אן אנדער אַטמאָספערע און בייטן דעם ריטעם פון מיין גאַנג. איך האָב נישט צו וואָס צו גיין אין גאַס, אָבער אָפט גייענדיק פאַר׳ חלום איך זיך, דערהויפּט פרילינג־צייט און אין די קילע זומער פרימאָר־ גענס, און טראַכט ווי גוט ס׳וואָלט געווען צו האָבן אָט אין דער גאַס אן אייגן הויז. וואָלט איך דאָס אויסגעשטאַט מיט דעם פיינעם געשמאַק, מיט שטיבער צום ארבעטן און צום פאַרברייננגען, א סטודיאָ, א קאַסטן פאַר די ניט־פאַרעפנטלאַכטע מאַנוסקריפּטן, און בלומען אין בלויע וואַזן, און אַז די חלומות זעצן זיך אַף מיר אָן ווי די בינען, נעם איך לויפן איבער דער גאַס ווי א פאַריקטער, ווייל זיי אָפּטרייבן. און די מענטשן וואָס זעען מיך, מיינען דערביי אוואדע, אַז איך בין זייער א פאַריאָגטער מענטש. דריי איך זיך אזוי דערווייל אַרין און ארום צווישן מענטשן און הייזער, אָבער אַלע מאָל קום איך צוריק צו דער אייגענער שטוב און דעם איי־ גענעם איך. פון זיך קען איך זיך נישט אָפּטיילן. קיינמאָל נישט. און אפילו ווען איך פאַרגעס אַז איך לעב, הער איך אויך נישט אויף צו זיין דער אייגענער וואָס געווען. איך בין עפּעס אזא זאַך אַן אומפאַרענדערלאַכע, אַן עכטע. און דערפאַר בין איך שטענדיק אויסגע־ האַלטן אפילו דעמאָלט, ווען איך שיין זיך צו ווידערשפּרעכן. עס ווי־ דערשפּרעכן זיך די ווערטער, איך, דער מענטש, בין אפשר פּילזייטיק, און אפשר א נאַר. דער סך הכל בלייבט דער אייגענער — איך, אזוי ווי איך בין.

א שמייכל, אדער דאָס איידעלע פּנים פון א פרוי פאַרמאָגט דעם כח גובר צו זיין מיין אומעט, איינצושטילן מיין כעס. און היינט אָוונט איז עס די לבנה. און איך בענטש די לבנה און שמייכל. מאָרגן וועט זיין נאָך א טאָג. בארואיקט, לייג איך זיך שלאָפן. אַלץ וואָס רויבט דעם שלאָף, איז אומזיניק. רו, שטילע רו, גוטע רו.

2.

אָפּטמאָל געשעעט אַז גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד גיי איך ארום אין א וואָלקן. איך קום נישט אין די דלת אמות פון דער ווירקלאַכקייט. איך שטיי פּנים אל פּנים מיט׳ן טויט. איך ווייס נישט צו זאָגן פון קיין מורא. איך דאַרף נאָר אויסשטרעקן די האַנט, ווערן מיר קלאָר די האַרב

סטע שאלות. איך פאַרענטפער זיי אפשר נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין, אָבער אַזאַ געוויכט, אַזאַ אמת׳דיקייט ליגט אין דעם, אַז אַזוי מוז עס בלייבן. דאָס זיינען רגע׳ס פון טיפן גלויבן. איך דערוועג זיך קוים אָנ־צודייטן דאַרויף.

עס זענען מיר דערווידער די אַלטע ווערטער. אויף וואָס דער מענטש פאַרשאַכערט דאָס זיין לעבן, זיין חלום! אָט שטייען זיי און שרעקן מיך: צייט, רוים, צאָל, דימענסיע. איך וויל פון זיי נישט וויסן. מיט׳ן טויט, מיין חבר, בא דער האַנט, גייען מיר צוזאַמען שטיל און פאַרקלערט. ניין, איך בין ווייט נישט דער וואָס מענטשן דענקען אַז זיי קענען אים. איז דען מעגלאַך, אַז איך בין נאָר איינער אַליין? ניין. נישט מעגלאַך, אַז איך האָב זיך אַמאָל אָנגעהויבן און אַז איך וועל אויפהערן. איך וועל דאָך נישט שטאַרבן!

מיר זענען אַזוי געניט, אַזוי געניט און קלוג. ווערטער זענען אונזער גרעסטער שטער. ווערטער פאַרשטעלן אונז דאָס פּנים וואָס דאַרף זיך רויטלען פאַר שאַנד. סימוואָלען זענען צייטווייליק. יעדער דור איז אַ דור פאַר זיך. יעדער מענטש, אַ מענטש פאַר זיך. דאָס וואָרט אָבער ליגט איינגעגעסן אין בוך אויף אייביק. פאַרוואָס שרעקט דער טויט? וואָס איז פאַר מיר ליבע? וואָס הייסט שלעכט און גוט?

ווען איך גיי אום אין מיין וואָלקן ווערט אַלץ אַנדערשטיק. פרייד און טרויער — ווי צוויי פאַרליבטע. אין דער שטילקייט הערט זיך גע־זאַנג און גלייכצייטיק איז שטיל. פאַרביי מיינע אָפענע אויגן שפּרייזט לאַנגזאַם פאַרביי מיין פאָטער וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן. מיין טייער זיס מיידל זיצט גאָר דאָ אויף אַ שטול בא דער רעכטער האַנט. וואו איז מיין פאָטער און וואו איז איצט דאָס מיידל? אַלץ איז דאָ גאַנץ, אָפּ־געטיילט, באַזונדער, נישט צושוואומען, פאַרמישט, פאַרגעסן. יעדער ווענד און קער פון דעם איינעם מיידל, יעדער שטעל און קוק פון דעם איינעם מענטשן, איז אַ וועלט, אַ וועלט.

דאָ אין מיין וואָלקן איז נישטאָ קיין שטאָלץ. איך עס מיט׳ן חזיר, און שלאָף מיט׳ן הונט, באָד זיך אין קויט און העננ צוזאַמען מיט׳ן גע־האַנגענעם. איך לאַך און איך וויין. הערט, איך בין אַ חיה אַ ווילדע, אַ פאַרווירטע. איך וויל אַוועקגיין אין אַ וואָלקן, און מוז דאָ בלייבן אין דעם ענגן ראָד. אַנדערש, ווי ווערסטו קענען זיין מיט מיר און מיך טרייס־טען, און מיך ליב האָבן!

3.

בין איך געקומען, און אָן שום איינגענער מי ווער איך דער יורש פון אַן אַ שיעור רייכקייטן — די שיינקייט פון גאָט׳ס וועלט און די מעשות וועגן דעם. נעם איך און פאַרנוץ אַלץ וואָס נאָר מיין האַרץ גלוסט. עס פרייט מיך, איך בין אַנטציקט. גראָד אין די פאַרוואָרלאָזטע פלעצער

ליגט דאָס וואָס איך וויל — וועט קיינער דערפון נישט אָרימער ווערן. בפרט אז איך רעד דאָ נישט פון תבואה-פעלדער און וואסער-רעזערוואַרען. דור נאָך דור האָבן געלייגט א שטיין אויף א שטיין, א בלעטל צו א בלעטל. זיי האָבן געגאַנט פון מיר, א באַרוישטן, א זוכנדיקן. און איצט בין איך דאָ. איך פאַרמאָג מערער ווי איך קען פאַרטאָן. איך גיי נישט אוועק איין טריט, און אָט שוין נעם איך אין דער האַנט אריין, אויף דער פלאך פון האַנט, די שענסטע אוצרות. איך האָב פאַר דעם מער ליבע ווי פאַר דאָס וואָס דער קערפּער ברויכט. מיין מח איז מיר איידעלער ערצויגן געוואָרן. ער איז דאָס קראַנקע קינד וואָס וויל דאָס טעלערעל פון הימל.

אָפּטמאָל טוט מיר אַזוי באַנג וואָס איך קען אייך נישט פאַרגיטיקן פאַר דאָס וואָס איר האָט מיר געלאָזן און זענט אוועק. ווען א מענטש שטעלט מיר אוועק א קריגל מילך באַם טיר — איך וואָלט דאָך אוועקגע-גאַנגען צו אים אין הויז און באַדאַנקט. און אייך, איר הערט דאָך מיך נישט. ווען איך קען גלויבן אז איר קענט מיך הערן, איך וואָלט געקושט די ערד וואו איר ליגט: באַך, שפּינאָזא, גרעקאָ, שעלי, סעזאַן, דוד המלך.

4.

נעכטן אוונט איז די לבנה א קלאָרע א קרישטאָלענע געהאַנגען אי-בער׳ן ווייסן טייך אין די בערג, די לבנה הינטער הויכע שטילע בוימער. היינט איז די לבנה אַן אַנדערע, אין פאַרנעפּלטן גאָלד, אויפ׳ן טונקעלן טייך. איך הער זיך איין אין דער שטילקייט, און עס איז אַן אַנדערע שטילקייט. איך זע צוויי לבנה׳ס, א קרישטאָלענע און א גאָלדענע. דער נעכטן שטייט מיר פאַר די אויגן צוזאַמען מיט׳ן היינט, איינס באַ ס׳אַנ-דערע. די נעכטיקע שטימען הער איך היינט אָן שום שוועריקייט. און די נעכטיקע פּאַסירונגען — אויך איינס באַ ס׳אַנדערע, איינס אינ׳ם אַנ-דערן. איך געדענק די נעכטיקע איינזאַמקייט, און די היינטיקע. אָבער דער נעכטיקער געלעכטער קלינגט היינט טרוקן, שפּאָטיש. ניין, די מאָרגנדיקע פרייד איז מיר נישט קיין פרייד היינט. זי צורודערט מיך. איך שרעק מיך אז איך וועל זי אויסשעפּן היינט. עך, די מאָרגנדיקע פרייד וועט ליגן אין מיינע אָרימס, וועט מיר אָטעמען אין פּנים אריין און קושן די ציין. די לבנה וועט זיין א בלוט-רויטע. מאָרגן אָוונט, איך וויים, איך וועל וועלן צאַמען מיינע בלוטן, זיי שטיל, מאַך צו די גוטע אויגן, שלאָף, ס׳איז דאָך קיינער נישטאָ. ווער וויים צי איך וועל זיך קענען גובר זיין. אפילו היינט, אזוי וויל מיין פאַרשאָלטן בלוט, איז זי דאָ. איך זע זי. איך ריר זי אָן. איך וואָלט באַדאַרפט זיך אויסלערנען לאָזן צורו די מאָרגנדיקע פרייד. אָבער ווי אזוי, אז דער מאָרגן איז דאָך שוין דאָ איצט. ווי דען? וואו דען זאָל ער ווײלן ביז מאָרגן, אויב נישט דאָ מיט מיר היינט? יאָ, דער מאָרגן איז שוין דאָ, די רויטע לבנה, און

די קרישטאָלענע, אזוי גוט ווי די גאָלדענע.

די מאָרגנס וואָלטן באדאַרפט קומען ווי א שטורים פון א קלאָרן הימל. אָבער עס נעמט זיי לאנג דאָס קומען. איך וואַרט מיט געשפּאַנטקייט. דער פלינקער מח איז אומגעדולדיק. דער מאָרגן קומט, דער מאָרגן קומט, ער קומט, ער קומט. זעסט אמאָל א מענטש לאָזט זיך לויפן. ווען ער קומט צו נאָענט, הויבט ער אָן גיין פּאַמעלאכער, און ווען ער איז שוין דאָ, זעצט ער זיך גאָר אוועק וואַרטן.

מיין מח איז דאָך נישט קיין שפּילצייג, אז איך זאָל זיך שפּילן דער־מיט. ניין, איך בין אליין דאָס שפּילצייג, און עמיצער א פרעמדער טרייבט שפּאָס מיט מיר. איך וועל זיך צאמען. איך וויל אָפּשטעלן דאָס שפּיל. אומזיסט. די בלוט־רויטע לבנה גייט אויף איבער׳ן טונקעלן טייך אין די בערג, און שטעלט זיך אוועק אין הימל אנטקעגן דער לבנה אין פאַרנעפּלטן גאָלד. די נעכטיקע פרייד קען איך נאָך ווי עס איז פאַר־טראָגן, אָבער די מאָרגנדיקע פרייד — דאָס איז שווינדערלאך. איך וואַש מיר די הענט אין קאַלטן וואסער און רייב מיר ס׳פּנים און דעם קאָפּ.

5.

איך האָב ליב א מיידל, זי מיך אויך. דאָס איז גאַנץ נאַטירלאך — אז מענער ליבן פרויען און פרויען, מענער. אָבער פאַר מיר איז דאָס נישט אזוי פּשוט. צייטנווייז איז מיין ליבע, משוגעת. דאָס איז אין מאָ־מענטן פון שטורים, פון צופלוס. צייטנווייז ביז איך גלייכגילטיק. אזוי ווי יעדער איינער מענטש בין איך אָפט גלאַט פאַרשלאָפן, טויב און בלינד פאַר אַלץ אין דער וועלט. אין אָנהויב האָב איך זי דערזען מיט אירע חסרונות. איצט איז זי פולקאָמען. קיין מענטש איז פאַר מיר נאָך נישט געווען אזוי פולקאָמען און גאַנץ. נו, איך גלויב אז איך בין נישט פאַר דער צייט בלינד געוואָרן, און האָף אז איך בין נישט ווייניקער עמפּינד־לאך ווי געווען, אָבער דאָך שטערן מיר מער נישט אירע חסרונות. זיי זענען פאַר איר אייגן. מען קאָן זי זיך אנדערש נישט פאָרשטעלן. די אַלע שטריכן זענען מיר געוואָרן אזוי ווי סמנים מיט וועלכע איך קען זי גיכער דערקענען, און זיי רייצן מיך. איך קען דאָס נישט פאַרשטיין. זי איז מיין אמת׳ע ליבע און איך שטרעק זיך צו איר מיט גרויס בענק־שאַפט. איך זע איר יעדן ווענד און שטעל — און זי איז וואונדערלאך. צי האָבן זיך דאָס נישט מיינע אויגן געעפנט פאַר א נייעם חוש פאַר שיינ־קייט? איך פאַרגלייך זי נישט מיט׳ן אידעאַל פאַר פרויען. איך מעסט אַלע פרויען לויט מיין געליבטער, און איך מוז זאָגן אז זיי פאַרמאָגן קיי־נער נישט איר שטעל, איר קענען מענטשן, איר שטילע באשיידנקייט, אירע שיינע אויגן, אירע היפטן, און נאָך און נאָך.

אָפּטמאָל פיל איך זי גייט ארום אין מיר. אויף מיין וואָרט, איך גלויב אז איך אנטהאַלט זי, אזוי ווי איך אנטהאַלט מיין מח, און דער מח

די וועלט. און זי באַוועגט זיך אין מיר אַ גאַנצע, אין איר אייגענעם פאָרם, נישט קיין אַנטוואָרף פון איר, נאָר זי אַליין. ווען איך שלאָף מיט איר וויל איך זי אויך אַזוי אַריינעמען צו זיך. נעם איך זי אַרום און האַלדז זי — אָבער אומעגלאַך. מיין ווילדער פאַרלאַנג בלייבט אַן אומבאַפרי־דיקטער. וואָס מיר קענען יאָ טאָן, איז זיך צו פאַרקנופּן אין ליבע, זיך צו פאַרלירן, זיך איבערצוגעבן אין רשות פון אַ כח וואָס איז שטאַרקער פון אונז. מיר פאַרגעסן אָן אַלץ און אָן זיך און מיט די נאַקעטע אינ־סטינקטן שיפן מיר זיך אַרום אין די וואַסערן פון פאַרגעסן וואָס הינטער די הרי חושך — און אַזוי ביז די בלויע וואַלן וואַרפן אונז אַרויס אויפ׳ן ברעג.

און ווען זי פאַרלאָזט מיך און גייט אַוועק צו אירע פליכטן פון טאָג, און איך מיין וועג, ליד איך אַזעלכע יסורים אַזוי ווי מען וואָלט מיר אָפּ־געשניטן אַ האַנט. פאַרוואָס זאָלן מיר זיך שיידן? טאַקע, פאַרוואָס שנייד איך נישט אָפּ די האַנט נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגעטאָן איר אַר־בעט? מיין האַנט מוז מיט מיר בלייבן אויף שטענדיק. און מען שאַצט דאָך נישט קיין האַנט בלויז לויט דעם נוצן וואָס זי ברענגט. אָבער דאָך, זי, פון נויטיקייט ווענן גייט אַוועק פון מיר. מאַך איך זיך האַרץ און זאָג: זאָל זיין זי איז געשטאָרבן. די נויטיקייט האָט נישט אין ערך וויניגער געוויכט ווי דער טויט. אָבער דאָס אַלץ קען מיר נישט פאַר־לייכטערן דאָס געמיט. גיי איך אַרויס אין גאַס, שלייע זיך אַרום אין פּאַרק, פאַל אַריין ערגעץ אין אַ טאַנץ־זאַל. זי איז אין ערגעץ נישטאָ. דאָ ווידער זענען אַלע זייער קלוגע מיידלאַך, שיינע, געשיקטע. אָבער ווי קומען זיי צו מיין געליבטער? ווער איז נאָך אַזוי שיין ווי זי? ווער וועט מיר ברענגען אַזוי פיל עכטע פרייד, אַזוי פיל ביטערע ליידן? ווער איז נאָך אַזוי גוט ווי זי, און אַזוי אומבאַגרייפלאַך? ניין, קיינער נישט. פּלוצלונג ווערט מיר קלאָר, איך מוז זי אומבאַדינגט זען, זען מיט די איי־גענע אויגן. אָבער ווי אַזוי? איך פאַרמאַך די אויגן און דערזע זי — זי מיין טייערסטע, מיין כלה. איך שטרעק אויס די הענט. מיינע הענט מאָנען צו שטאַרק. זיי ווילדעווען ווען זיי טאַפּן אָן הוילע לופט. און זי שטייט דאָרט ווייט ערגעץ אין אַ צימער און באַגיסט די בלומען וואָס אויפ׳ן פענסטער. עס דוכט מיר, זי וויינט. מענער זענען נישט אַזוי לייכט אויף טרערן. דאָך פיל איך מיינע אויגן זענען מיר אויך נישט טרוקן.

און ווען איך בין גלייכגילטיק צו אַזאַ ליבע, בין איך ערגער ווי גע־שטאָרבן.

פאַרשטייט זיך, מיין געליבטע איז פאַרשטענדיקער פון מיר. אָבער איך פון מיין זייט ווייס, אַז מען ווערט נישט אָפּגעפרעמדט בלויז פון דעם וואָס מען איז צוזאַמען מאַן און ווייב. איך וויל זי, און וועל נישט קו־מען צו איר מיט קיין קרומע וועגן. אויב ליבע הייסט ליבע פון דער־

ווייטנס, גאָט אין הימל! זענען מיר דען נישט גענוג אָפּגעשייט איינער פון צווייטן ווען מיר האָבן נישט ביידע איין מח מיט איין געהירן? אָדער אויב דו ווילסט, איין לייב פון איין פלייש און בלוט? און ווי אזוי וועט אונזער ליבע ליידן, אז איך וועל וויסן די נאָענטקייט פון אירע היפטן און בריסט? וואָס וועל איך נאָך אזוי גוט וויסן ווי די פינגער פון מיין רעכטער האנט? דאָך מיט איר גאנצער פארשטאנדיקייט, שטייט זי דאָרט אלץ באם פענסטער, און קוקט אוים אויף מיר, און איך דאָ מיט מיין ליידנשאַפט, שרייב איצט און גיי נישט צו איר.

זי האָט געבראכט צו דעם אז איך זאָל זיך פארטיפן וועגן אבסטראק־טער פאָרם, ווייל קיין זאך איז פאר מיר נאָך נישט געווען אזוי ממשות'־דיק און עכט ווי איר טונקל-גאָלדן לייב, פון דער ווייטנס נאָכמער ווי פון נאָענט. און איך האָב דאָס ליב צו זען און וויל דאָס באגרייפן. און איך קום צום שלום, אז עס איז נישטאָ גאָרנישט א חוץ אבסטראקטער פאָרם. און מען קען דאָס קיינמאָל נישט האָבן נאָענט גענוג, אז אפשר דער דראנג קען זיין פולקאָם, אָבער די דערגרייכונג קיינמאָל נישט. דאָס אייגענע מיט מיין ליבשאַפט צו איר, אָבער נישט מיט דער דער־פילונג. און מיך פארדריסט אויפ'ן מח וואָס האָט זיך אוועקגעשטעלט צווישן מיר און מיין געליבטער און דערלאָזט נישט צו קיין דערפילונג. אָבער דער מח, דער אלטער כעסן, בייזערט זיך און זאָגט: „וואו וואָלט זי דען איצט געווען ווען נישט איך? בין איך דען נישט די קרוג וואָס האַלט זי אויף ווי ווין! און דער שפיגל וואָס בא'חנ'ט און באשיינט זי?“

נו, וואָס זאָל איך טאָן? אבסטראקטע פאָרם איז אונזער גאנץ לעבן — די טראַגעדיע וואו מיר ליבן און שטארבן. דאָס הייסט, אויב מיר נעמען דאָס אָן באהבה. אויב נישט, איז דאָס גאָר ביטער ווי סם.

איצט אז עס איז שוין אזוי שפעט, וועל איך איינדרייען דעם קנויט פון מיינע שווערע רעיונות און זיך לייגן שלאָפן, און אז איך וועל דיך טרעפן אין שלאָף, וועל איך מיט דיר אוועקגיין שפאצירן אין וואַלד.

6.

איבער א געוויסן פונקט קען זיך דער רייכער מער גאָר נישט איינ־שאַפן מיט זיין עשירות א חוץ אויבערפלעכלאכקייטן. און זיין גאָלד ארבעט אוים פון גוטע ערלאכע מענטשן לאַקייען און משרתים. איך בין נישט מקנא די רייכע. פארקערט, איך פאראכט זיי. דאָס געוויסן איז בא זיי צוגלייך מיט'ן שטויב פון גאס, מיט זייער שמוציקער צדקה שפייען זיי אָן אין פנים דעם ערלאכן מענטשן. זיי מאכן פאַלן דאָס דערהויבענע, און פירן איין פאַלשע ווערטן. זייערע געדאנקען זענען פארפוילט. זיי האָבן קיין מוט נישט. ווער פון זיי וועט זיך אָפּזאָגן פון צו פארכאַפּן מער? ווער פון זיי וועט עפּעס טאָן פאר מער ווי

אייגן נוץ?

האָבן זיי טאקע אין דער אמת'ן דערצויגן אונזער קולטור? זיי האָבן געקויפט א ווייב אויף צו טאָן זייער ווילן. זיי האָבן געדונגען מענטשן זיי צו שרייבן ביכער, מאָלן בילדער, פאַרפאַסן מוזיק — אלץ צוליב זייער תאוה צו באַזיצן, צו באַהערשן. מיר זענען ניט־געבעטענע געקומען צו א פרעמדער שמחה — זייער חכמה איז נישט פאר אונז, נאָר פאר פראַנטן.

אויף צוויי פראַגן באַדאַרף א מענטש געפינען אן ענטפער: וואָס זענען מיינע נויטיקסטע נויטן, און וואָס קען איך אמבעסטן טאָן?

דער גלויבן אין געלד איז א גלויבן אין געוואַלט, און אין דרויסנדיקן כח. דערפאַר זאָג איך, אז זיי האָבן קיין מוט נישט. ווער האָט נאָך אזוי ווייניק צוטרויען צו די געזונטע חושים? זיי זענען די ציניקער, און מאַכן ביליק דאָס לעבן. זיי מאַכן דעם אָנשטעל אז זיי זענען די אַר־כיטעקטן פון זייערע פּאַלאַצן. די אינזשינירן פון זייערע רייכטימער. זיי זענען אפילו דאָס אויך נישט — זיי נאַרן אָפּ אפילו זיך אליין. איך וואָלט געזאָגט, לאָזט זיי צורו, זיי וועלן שוין צעפאַלן פון אייגענער פאַר־פוילטקייט. ווען נישט דעם גרויסן שאָדן וואָס זיי טוען אָן. וואָס זיי רייצן אָן די הינט פון מלחמה, שיקן אָן הונגער אין לאַנד, און פאַר'עיפּוש'ן מענטשנ'ס מחות.

7.

א דורשט ברענט מיר אין מח. איך בין דורשטיק נאָך רו, אז איך זאָל זיך קענען פאַרטראַכטן וועגן די אָן־א־צאָל שאָטנס, וואָס ליגן מיר אין וועג פון פאָרנט און פון הינטן און איך שפּרייז ארום אין זיי, אין דער צייט ווען עס איז נישטאָ קיין זון אין הימל און אויך קיין שום אַנ־דער ליכט. אפילו דאָס וואָס האָט געוואָרפן דעם שאָטן, איז נאָך נישטאָ. זאַכן דאַרף מען דאָך קענען אָנטאָפּן. אפילו געדאַנקען האָבן א ממשות, אויב זיי זענען געדאַנקען און נישט קיין פאַנטאַזמאַגאָרן. אָבער דאָס זע־נען אומקלאָרע, פאַרמלאָזע שאָטנס, פּיינען ווי שטאָלענע רייפן ארום מיין לייב. איך פיל זיך געקראַמפּט און געקוועלט, געיאָגט ווי א יעגער יאָגט א הירש. אויב איך וואָלט זיך געקענט פאַרטראַכטן און זיצן לאַנג פאַר־טיפט אין טראַכטן, וואָלט איך געקומען צו אן אויספיר. אָבער די פּלוּ־צימדיקע אויפוואַלן צעשטערן די רו וואָס איך גאַר און איך קען נישט באַקומען אריינצובליקן אין פּנים פון מיין פּיין.

איך בין נישט קיין אַפּאַראַט אויף צו מאָלן, און קיין געדונגענער שרייבער. אלץ וואָס איך טו האָט קיין פאַלשע אבזיכט. איך טו, ווייל איך מוז. איך האָב ניט קיין אומריינע צילן. מיינע הענט זענען ווייס. דאָך פאַרפאָלגן מיך שאָטנס, בלענדן מיר די אויגן און פאַרפירן מיינע טריט דער טייוועל ווייס וואו. גיי איך ארום אין גאַס, עס, שלאָף, פאַר־ברענג מיט פריינט, און מיט אמאָל קומט אויף מיר אָן א דורשט ווי א

פּייער זיך אוועקצוריי‎סן פון אַלץ און זיצן אין א שטיל אָרט און טראַכטן: איך גיי ווי א פערד אין שפּאַן, און ווייס נישט צו וואָס. איך זע עס רוקט זיך אויף מיר אָן דער טויט ,און איך פאַרשטיי דערפון גאָרנישט. אמת, אז איך געפין אָפט א טרייסט אין מיין ארבעט. אָבער ווער ווייס נאָך אזוי גוט ווי איך ווי ווייט דאָס דערפירט מיך נישט צו יענער גע־חלום׳טער פרייד.

פאר א צייט לויף איך נאָך מיינע משוגענע אפּעטיטן ביז עס קומט איך קען נישט מער, און א דורשט נעמט פּיבערן מיין גאַנץ לייב: אָט דאָס איז מיין טעגלאָך ברויט? אויף דערויף בין איך געבוירן געוואָרן? און ווייטער פרעג איך: מיין לעבן איז מיינס טאקע אין דער׳אמת׳ן? וואָס פון מיר איז דאָס געוואָרן! ערלאַכקייט, ליבע — פּוסטקייטן. און דאָס אייגענע מיט פריינטשאַפט, מיט קונסט.

ניין, איך מוז אוועקגיין פון׳ם טומל, זיך איינלעבן אין א שטיל אָרט, אריינטראַכטן אין זיך. זאָל דער שטויב צעפרעסן די קליידער; זאָל דער הונגער איינדאַרן דעם בויך. אפשר וועט דער אמת פאר מיר אָנ־הויבן צו לייכטן, און איך וועל קענען צו זיך צוקומען נאָענט. די שאָ־טענס וועלן נעלם ווערן. איך וועל ארויסרייסן די ווילדע ווייטאָקן און זאָלן זיי אויך אוועק, געטראָגן פון שטילן ווינט וואָס אין שטילע אָפּגע־צאַמטע ערטער.

8.

וואונדערלאך זענען די טויזנט אומוועגן פון מיין הארצן. איך פּאַס אריין מיין אייגענעם פּאַל אין יעדער מעשה וואָס איך לייען, ווי אין א פורים, ווייל מיין לעבן האָט אָן א שיעור פאַרענדערלאַכע פאָרמען. יעדע דערציילונג איז בלויז איין איינציקער מאָטיוו, איין שפּיגל. קיין ווערק קען נישט ארייננעמען מיין לעבן אין גאַנצן און דאָס אָפּשליסן. פרייד, שרעק, ליבע זענען באַזונדערקייטן, און לעבן באַזונדער אין לעגענדן. אָבער אמאָל אין א זעלטענהייט דערבליק איך דעם כאָאָס אין זיך און ווער שיעור משוגע — און אז איך קום צו זיך, לאָך איך פון די דינע מאָטיווירטע קינדערייען — מעשיות.

טויזנטער ליכטער גייען אויף אין מיין הארצן, אזוי ווי וועגן פון א וואַלד ארויס. ווען איך לייען א מעשה, איז דאָס ווי איך וואָלט געגאַנ־גען מיט איין וועג אוועק ערגעץ. און מיין הארץ האָלט אין זיך אויף אזוי פיל פּנימ׳ער, לייבער, ערטער, אז עס איז משוגע צו ווערן. איך טרעף זיך מיט זיי אמאָל אין פרעמדע לעגענדן און דערקען זיי גלייך. און וואָס קאָמפּליצירטער די אידעע פון דער מעשה איז, אַלץ בויגזאַמער און דורכ־דרינגנדער און דינער, ווייזט זיך ארויס, איז מיין אייגענער געדאַנק. אַלע אפּנבאַרקייטן פון דער וועלט זענען גלייך צו בינען וואָס קומען צו דער בלום פון מיין הארצן.

היינט האָט עמיצער אָנגעטייט אַנגעטייט איין שוואַכקייט, איין האַנדלונג, איין געדאַנק. מאָרגן אַן אַנדערע. דאָ ווידער אין מיר שפּילן זיך אָפּ איינס, צוויי, צען האַנדלונגען מיטאַמאָל. קונסט איז באַשרענקט. אַ האַנדלונג גייט מיט לאַנגישן גאַנג ביז צו אַ הויכפּונקט — פאַלט און אַ סוף. איך באַטראַכט זיך אַליין, דעם געמיש פון אַלע עלעמענטן, כחות, און דאָס אומבאַגרייפלאַכע. לײדער באַנעם איך דאָס אַלץ אַזוי ווי איי־נער זעט אַ ראַקעט בעת ער צעשיסט. פּשטות איז אַ סימן פון מייסטער־שאַפט. אָבער נאָר גאונות וואָלט געקענט שאַפן אַ באַגריף פון דעם כאַאָס פון האַרצן.

פאַר מיין אייגענעם האַרצן שטיי איך אַ געפּלעפּטער. איך קלער: איז דאָס ווי די וואָלקנס אין די פאַרנאַכטן, אָדער איז דאָס מיין אייגן באַשאַף. און האָב איך דאָרט אויסגעלייגט די טויזנט וועגן? ווייטער קלער איך: זאָל איך צווייפלען אין קונסט, און, זאָל איך דאָס האַרץ אַרויס־שניידן פון לייב? קום איך צום געדאַנק: אַז ניין, ס'איז גוט אַזוי, אַז דאָס לעבן איז אַ גרויס, גרויס וואונדער.

9.

ס'איז נאַכט. איך זיץ אין פענסטער. אין דרויסן ליגט דער טייך, און די בערג שטייען שוואַרצע. מיינע חושים זענען טעמפּ געוואָרן. איך האָב זיך אַנטוויינט פון מענטשן. דער געהער שלאָפט. דער זין פאַר זאַכן שלאָפט. די חושים האָבן אַ גרעניץ — ציסט זיי שטאַרק אָן, פּלאַ־צען זיי. גיסט זיי קיין שפּייז, שטאַרבן זיי. דאָך וועל איך נישט גיין זאָגן אַז עס איז דאָ אַ מאַטעמאַטישע פאַרהעלטניש צווישן דער שפּייז און דעם געזונט און כח פון די חושים, אדער אַז עס איז פאַראַן אַ באַ־שטימטער שייכות צווישן דער ווירקלאַכקייט און דאָס וואָס מיר פאַר־טראַכטן, דאָס הייסט, צווישן דער זאַך און אונזער עמפּינדונג דערפון. אָפּילו אונזער זכרון וואָס מיר שטעלן אויף אים אַז ער איז ווי אַ שפּיגל, איז אויך נישט וואַרהאַפטיק. גלייך פירט נישט אימער צו גלייך. און קיין זאַך ווייס איך נישט געגוי ווי אַזוי זי קומט. איצט אָבער שלאָפן מיינע חושים.

ווען איך וועל זיך אויסטשוכן, און מיין פאַרלאַנג פאַר מענטשן וועט זיך שטאַרקן, וועל איך אַרויס פון דאַנען. איך וועל אָנטאַפּן מיט די פינ־גער און מיט יעדן גליד אין מיר, אַלץ צו וואָס איך וועל זיך נאָר קענען צורירן — וואַסער, היץ, ליכט, פרויען־לייבער, פרויען־האָר. הערן וועל איך די מוזיק פון מענטשלאַכע טריט, דאָס קלאַפּעריי פון רעדער, פערד אויפ'ן ברוק, מאַשינען, דאָס וויינען פון קינדער זיך שפּילנדיק אין בלאָטע אין גאַס. דער גוף האָט באַגערן, מוז זיך אָנזעטיקן. דער בוים גראָבט זיך טיפער אין דער ערד אריין.

איך בין נישט קלאָר בא זיך צי אַלע זאַכן און אַלע ערשיינונגען פון

דער גאנצער וועלט, וואָלטן געקענט אויף איין האָר רייכער מאכן די נשמה פון א מענטשן, אויב ער זאָל פאר דעם אויפמאכן אלע טויערן פון זיין לעבן. אָבער א פרייד מוז דאָס זיין א גרויסע. און אמאָל פון די איבער־לעבונגען קען זיך א מענטש אויפשטעלן א שטוב און פלאנצן א גאָרטן און אָפּלעבן די עלטער.

איך גלויב אז ווען איך וואָלט געקענט האָפן צו זען, צו הערן, אָנצו־טאָפּן פולקאָמענע דערגרייכונגען, וואָלט איך אויפגעהערט צו האָפן. איך וואָלט זיך אפילו אָפּגעזאָגט פון גן עדן, ווען דער גן עדן איז נישט אויפ׳ן הימל. איז וואו נאָר ס׳איז פאראנען לעבן — וואָס דאָס מיינט, צער און ניט־דערגרייכונג — דאָרטן וויל איך אויך זיין און זעטיקן מיינע חושים.

איצט דאָ אויפ׳ן טייך איז שוידערלאך שטיל. זיצט אפשר דער טויט מיט׳ן צועפנטן מויל אויפ׳ן גרונט — איך זע אים נישט. די בערג שלאָפן. ערגעץ אין הימל מוז דאָ איצט זיין די לבנה. איבער אלץ און צווישן אלץ איז אָפענער רוים. און רוים האַלט צייט אין די אָרימס, ווייטער איז גאָרנישטאָ.

10.

איך ווייס נישט פון קיין פרייד. און אלץ זוך איך דאָס דאָרט, וואו איך וועל דאָס קיינמאָל נישט געפינען. האָפן, האָף איך אז יאָ, און ווייסן ווייס איך אז נישט, קיינמאָל נישט. גרויס ווי דער טאָג איז מיין אומ־גליק. קלוגער פון אלץ וואָלט געווען נישט צו שטיין אזוי אין איין מורא און זיך בוקן דערפאר ווי איך טו דאָס, נאָר מיט א ברייטן זשעסט דאָס אָפּוואַרפן, פארשעמען. אין א צייט ארום, אז איך וועל צוריקבליקן אויף דעם היינטיקן שווער־מוטיקן אָוונט, וועט זיין מיין געפיל: געווען אמאָל א שווערע צייט. און טראכטנדיק, וועל איך הנאה האָבן וואָס אמאָל איז געווען שלעכט, אָבער איצט איז גוט. און דער היינטיקער אָוונט וועט פאר מיר אָנהויבן לייכטן אין פאלשן ליכט. און איך וועל מאכן דעם טעות און וועל זאָגן אז דאָס אומגליק איז נישט אזוי ביטער און אז איך האָב דאָס געוואויגן אויף א פאַלשער וואָג. ניין, ניין, דאָס אומגליק איז אן אומגליק. און אפשר וועלן די ליידן מיך קלוגער מאכן, פארשטענדי־קער, טיפער — דאָס וואָלט דאָך געווען א פארגיטיגונג. דאָס אבער, יענע טיפקייט, וועט קומען פון זיך אליין מיט דער צייט, אזוי ווי די עלטער קומט, ווי א גזלן, און קיין פרייד וועט אלץ נישט זיין. אויך באַ־דאַרף איך זיך נישט פארלייגן אויף דעם געצאָלט אויף פריער־אוים. מען האָט מיך אָפּטמאָל פארזען, און די חכמה וועט זיך פון מיר אויך אוועק־נארן. וואָס איך זע, איז די קנייטשן און שניטן איבער׳ן פּנים. און איבער דער גאנצער לענג און גרויס פון די אָרימע יאָרן, זע איך אלץ נאָר ליידן און פּיינען — דער אומגליק טוט וויי. יאָ, איך זע אויך א ווינקל הימל,

מיט בלויער רו. דאָס איז אָבער בלויז אַ קורצע צווישנצייט. באַלד וועט קומען דאָס לעצטע אומגליק — דער טויט.

11.

ווען איך בין יונג געווען, האָב איך געמיינט אז צו דרייסיק יאָר וועל איך שוין אוואדע זיין א קלוגער, א געזעצטער מענטש. אָבער די נאַריש-קייטן פון אמאָל זענען די אייגענע היינט, בלויז געביטן דאָס פּנים.

איך געדענק צום ווייניקסטנס דריי פארשידענע משוגעת'ן וואָס האָ-בען מיך באהערשט, יעדע אין איר צייט. דאנקן גאָט וואָס די משוגעת'ן בייטן זיך בא מיר. דאָס ערשטע אין דער ריי איז געווען, גיין אויף שטריק. ווי נאָר איך פלעג זיך לייגן אין בעט אריין, דערזע איך זיך באַלד הויך אין דער לופטן אויף א שטריק וואָס ציט זיך פון איין עק מארק ביז'ן צווייטן. מענטשן שטייען אונטן פארגאפט. קינדער זענען מיך מקנא; און איך גליטש זיך אָן מורא, מאַך קאָזשעלקעס, טאַנץ און באווייז די גרויסע קונצן. די שטריק איז שטארק אָנגעצויגן, דאָך גיט זיך דאָס עטוואָס נאָך, און איך וויג זיך אהין און אהער, ווער אַזש שיכור. אמאָל פאַלט מיר איין איך וועל מאַכן א שטריק פון פערדס-האָר. איך קניפּ צו-זאמען איינציגע האָר, איינע צו איינע, און פארצי דאָס איבער'ן מארק, ארום די צוויי הויכע שטארקע סלופּעס וואָס זענען דאָרטן געשטאנען טאקע פאר די אייגענע צוועקן. איך האַלט איין דעם אָטעם ווען איך גיי אויף דער האָר, און די פיס אין די לייכטע פאַנטאָפל גיבן ארויס דעם קלאַנג ברום, ברום, ווי א פידל ווען דו פירסט אריבער דעם סמיטשיק. יעדן טאָג טראכט איך אויס עפּעס א נייעם איינפאַל, ווי אזוי צו מאכן דאָס גיין אויף שטריק גאָר געפערלאַך און שיין, אזוי אז עס זאָל מיך מקנא זיין קינד און קייט. דערטראַכט איך זיך אזוי אמאָל: צוויי שיפן מיט מאסטן גייען איבער'ן מארק וואָס איז איצט א גרויסער שטורימדיקער ים. א שטריק איז פארצויגן צווישן די מאַסטן, און איך גיי אויפ'ן שטריק. די שרעק פון טאַטע-מאַמע איז אָן א שיעור, און דאָס צוזאמען מיט דעם וואָס די קינדער זענען מיך מקנא, פארשאפט מיר זייער א סך פארגעניגן. און טאקע דאָס גיין גופא, איז אויך נישט קיין קליינער פארגעניגן. אראָפּ-צופאלן, וואָג איך נישט. דאָס וואָלט דאָך געשעדיקט מיין גרויסע אמ-ביציע. אויף אזוי פיל בין איך נאָך געווען בא זיך אין די הענט. אָבער אין שלאָף האָבן זיך מיינע חלומות געמאכט א קנאפּ ווען פון מיין ווילן, און צונישט געמאכט די שטאנדהאפטיקייט פון סלופּעס, דעם זיכערן אומשטאנד פון דער ערד. און די שטריק זענען געוואָרן פראָסט גאָרנישט. אַקראָבאַטיק איז געוואָרן אויס קונסט, עפּעס א כימערע. ביז איך האָב דאָס אָנגעהויבן פארנאכלעסיגן און מיט דער צייט האָב איך עס אין גאנצן אויפגעגעבן.

נאָר איידער איך בין נאָך בא זיך קלאָר אז איך גיב דאָס אויף, בא-

ווירקט מיך שוין אַ ניי משוגעת: טויכן. איך טויך נאָך פּערל — איך ווייס נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג נישט וואָס פּערל זענען דאָס אַזוינס — נאָך לויכטנדיקע פיש, נאָך גאָלדענע שלעסער אויפ׳ן גרונט פון גרינע ימים. ווי נאָר אָבער איך לאָז מיך אַראָפּ אין אומבאַקאַנטן ים, בין איך שוין אויף אַזוי פיל אַ פאַרלווירענער פון דער וועלט, מיינע לעבעדיקע חושים זענען מיר ווי אָפּגענומען געוואָרן. אין דער מינוט וואָס איך בין אַריינגעשוואומען אין ערשטן גרינעם ראָד וואַסער פון די טויזנט קאָנצענטרירטע רעדער, בין איך שוין געווען אויס איך. איך האָב געזען אַזוינע משוגענע פאַרבן, אָבער נישט אַזוי ווי אויגן זעען דאָס. אין דער אמת׳ן זענען מיינע אויגן געווען צוגעמאַכט, אָבער דאָך האָב איך געזען. און אַזוי האָב איך אויך געהערט קלאַנגען ניט-מענטשלאַכע, אָבער נישט מיט׳ן אויער. געגעט האָב איך, אָבער נישט מיט דער צונג. און כאָטש איך ליג דאָ שטיל אויפ׳ן בעט, קאָך איך זיך אַזוי אין שטורים בייקומענדיק די געשרייען פון ים מיט די פיש מיט די מענטשן אין ים. און איינגעטונקן אינגאַנצן אין וואַסער בין איך עפּעס פאַרט נישט נאַס און גליטשיק, נאָר פאַרקערט, ריין און קלאָר ווי דאָס שוואַרץ-אַפּל פון אויג. וואו איך קום נאָר, טרעף איך וואַסער-באַשעפעניש, אָן באַשטימטער פאָרם, אָבער דאָך מיט אַן אויסזען — און זיי מאַכן פּלאַץ פאַר מיר, און איך קום און גיי אומעטום אומגעשטערט. געווען זענען דאָרט זייער פאַנטאַסטישע לאַבירינטן, אבער פון מיינע אָפּטע באַזוכן ווערן זיי מיר באַקאַנט נישט ווייניקער ווי די גאַסן פון שטאָט. און איך האָב אַ פאַרגעפיל אַז אַמאָל וועל איך זיי ערגעץ אָנטרעפן אין דער אמת׳ן.

און איצט, צום איין און דרייסיקסטן יאָר, באַפאַלט מיך דאָס דריטע משוגעת. אויסערן שטאָדט, וואו דריי וועגן קומען זיך צונויף, שטייט אַן אַלטער ריז פון אַ בוים, וואָס זעקס מענטשן קענען אים קוים אַרומנעמען. און הויך איז ער אַ שרעק, מיט אָן אַ צאָל צווייגן. רייס איך אָט דעם בוים אויס מיט די וואָרצל און ברייננג אים אין שטאָט אַריין. מיין האַרץ איז פול, רעד איך צו די קופּעס מענטשן וואָס האָבן זיך דאָ אַרומגעקליבן אַרום מיר; געקומען פון זייערע פינסטערע היימען מיט די פאַרהאַקטע לאָדנס. איך הייב אויף דעם בוים אין דער הויך און שלאָג דערמיט איבער די פאַרדריפּעטע הייזער און געפּלאַסטערטע גאַסן און מאַך אַ תל פון דער גאַנצער שטאָט. נעם איך דאָן דעם בוים אויפ׳ן קאָפּ און לאָז מיך גיין אין אַנדערע שטעט, און די מענטשן לויפן מיר נאָך פון הינטן, שעלטן מיך.

12.

דער כח פון אַ זאַך אַנטפּלעקט זיך אין דעם ווידערשטאַנד פון דער זאַך. איך קען אַ הויז אין אַ טאָל וואָס איך ווייס אַז עס בענקט צו שטיין אויפ׳ן באַרג אין די ווייסע ווינטן. איך אַליין בין טאַקע אויך אַזאַ הויז. און אָט בין איך דאָ אין די נייע אומשטענדן. געשטאַנען אַזוי פּראָסט און

געפּוסטעוועט, און אַ צווייפל האָט מיר גענאָגט דאָס אינגעווייד. אָבער פּלוצלונג — איך חידוש זיך — איך גיי אַנטקעגן, איך ענטפער אָפּ אויף די נייע אויפּאָדערונגען. עס איז אַן אָפּענע וועלט, און דער הימל איז בלוי. אַ ליכט גייט מיר ארויס פון די אויגן און באַלייכט אַלץ אַרום. די קראַפט פון מיין מח איז פאַר מיר אַ גרויס רעטעניש. די אומגעלומפּערט־קייט ווערט ריטעם, די אינערציע פּלאַצט, און איך הער ווי מיין האַרץ זינגט. עס טוט מיר ווילד הנאה צו שטיין אין די נייע ווינטן. אַנטפּלעקן זיך מיר דאָ מיינע כחות. איך גיי צו צו אַ זאַך, אַזוי פון אַ זייט, און זאָג דערצו איינפאַך און קלאָר: „הער, דו אַזוינער און אַזוינער, איך בין געקומען און אָט שטיי איך פאַר דיר. באַהאַלט דיך נישט פון מיר, און אַנטלויף נישט. איך וויל דו זאָלסט מיר קוקן גלייך אין די אויגן אַריין און וויסן זיין זאָלסטו, איך מוז דיך באַצווינגען." שטיי איך אַזוי און קוק דאָס אין פּנים אַריין, אפילו ווען דאָס זאָל זיין דער טויט. און איך פּיל באַשיינפּערלאַך עס קומט מיר צו נייער מוט, כח, פון בלויזן ווילן, פון בלויזן אויסדרויער. און דער כח וואָס פון מיר נעמט אַלץ אַרום ווי מיט צוואַנגען פון געהאַמערטן שטאָל.

אָט דער כח קומט נישט אָן לאַנגזאַם מיט געמאָסטענע טריט, נאָר מיט אַמאָל, און איך טו אים נישט אָן ווי אַ מאַנטל, נאָר ער שפּאַרט זיך פון אינווייניק אַרויס. און ער איז נישט אַ טייל פון מיר, נאָר איך אין גאַנצן.

און עס טרעפט, אַז פון אונטער די הענט פון אייגענעם כח גיי איך אַמאָל אַליין אַרויס אַ באַצוואונגענער און אַ דערשיטערטער, אַ צעבראָ־כענער און אַ דערשלאָגענער. און ווידער פּרעסט דער צווייפל דאָס אינ־געווייד. זוך איך צוריק אָפּ מיין איינזאַמע שטוב אום דאָרטן צוריקצוע־געווינען דאָס גלייכגעוויכט. זעצט זיך די רו אַוועק באַ מיין רעכטע האַנט און דער שלאָף באַ דער לינקער האַנט. דאָס פענסטער שרעקט מיך און די ווענט זיינען הינט, וואָס היטן מיך. די הענט וואַקסן מיר צונויף מיט די זייטן. דער האַלז ווערט מיר ווי פּאַרזשאַווערט. און אַ טרויער יאָגט אַרום אין דער שטוב. זיץ איך פאַרזונקען אין אַ פּלאָנטער פון בערג מיט טייבן מיט נעכט מיט לבנות, אָן אַ דיל אונטער די פיס.

— און פּלוצלינג, גאָר אומערוואַרטעט, אומעטיק און אומגעלומפּערט רייסט עס מיך ווידער אַוועק פון דאָנען און איך גיי אויפדאָסניי גע־פּרואווט צו ווערן.

13.

איך עפן אויף די אויגן און צי אַריין צו זיך אין מח די בערג מיט די פעלזן, מיט די בוימער, אומריסן און מאָסן. איך קען זיי נישט אָנרירן מיט די הענט. זיי ליגן אויף יענער זייט טייך. די שטראַלן, וואָס שפּיזן אַרויס פון מיינע אויגן, באַגעגענען זיך מיט דער אָפּענער פלאַך פון טייך, ווערט דערפון אין מח אַ שטילער טייך, וואָס ציט זיך צווישן באַגראָזטע ברעגן. איך שטוים די שטראַלן־שפּיזן פון מיינע אויגן אויף הינטער די

בערג, און איך דערזע יענע זייט פון די בערג און די פעלדער הינטער דעם. און אין מיטן, א וואסער, וואו אינגלאך שיפן זיך ארום אין לאנגע דוויטע קאנועז. און דאס, וואס איך זע, ליגט הינטער די קערפערלאכע גרעניצן פון אויג, און איך זע דאס, וואס איך זע נישט אויפ׳ן גרונט פון דאס וואס איך זע יא. ס׳איז פאר מיר גאנץ לייכט צו זען א געגענשטאנד און דאס, וואס הינטער דעם געגענשטאנד אין אייגע־נעם בילד. ווען איך זע א מענשן, זע איך אים נישט בלויז אין סילועט, נאר אין גאנצן, ארום און ארום מיט אמאל. דאס אויג פון מיין געדאנק איז נישט באשרענקט ביז וואנען עס הויבט נישט אויף די זאך פון דער ערד, וואו עס שטייט אויף אן ארט און באטראכט דאס נישט פון אלע זייטן.

איין אויסגאנגספונקט פירט העכסטנס צו דריי דימענסיעס. אבער דארטן, וואו דער אקט פון זען איז נישט קיין פארגליווערטער מאמענט, ווי דאס אויג פון דער קאמערא, נאר באוועגלאכע ענערגיע, דארטן גילט נישט קיין דימענסיעס. דאס לעבן שטעלט זיך נישט אפ אויף די קלענ־סטע ווייל, און דאס זען שעפט זיך אויך קיינמאל נישט אויס — און ווי־פיל דו זאלסט נישט באטראכטן א זאך, איז אין דעם אלץ דא נאך אזוינס, וואס דו האסט נישט געזען.

זען איז א לעבעדיקע קראפט. דאס ליכט פון מיינע אויגן גייט אוועק הינטער די גרעניצן פון קערפער און קומט צוריק צום אורקוואל, נישט געמינערט, נאר רייכער און פולער ווי געווען. נישט ווי דאס קול, וואס גייט ארויס און קומט נישט צוריק. דאס אויג איז געגליכן צו א טויב, וואס פליט ארויס פון טויבן־שלאק. זי קומט צוריק און מיט איר נאך. דאס אויג — און אלע חושים — און דאס הארץ, וואו עס געפינט זיך דער חוש פון ליבע, זיינען דראטן אויף צו פארבינדן די עלעקטריק פון קאפ מיט דער נשמה. און זיי פארצערן נישט נאר פארקערט, נערן איינס ס׳אנדערע.

14.

פון איינזאמקייט פארקריכט דער מענש צו זיך אין הארצן אריין. און וואס מער ער גראבט זיך אין זיך, אלץ איינזאמער ווערט ער. אויף דער עלטער, ווען די וועלט פארלירט פאר דעם מענשן איר האפטיקייט, און עס בלייבט אים גארנישט נישט איבער וואס זאל אים דינען אלס אן אנהאלט, פארנעמט ער זיך דאן מיט זיך אליין. אבער איך בין א פאר־איינזאמטער געבליבן קעגן מיין ווילן און פאר דער צייט, און בין שטארק אויפגעבראכט אויף אזא שיקזאל.

איך פלעג זיך אפט חידוש׳ן אויף דער שטילער און עטוואס צוגע־זעסענער חכמה פון די כינעזער דיכטער. איצט פארשטיי איך, אז דאס זיינען געווען אלע אלטע לייט. איך זע, אז זייער דיכטונג איז געווען אן אנטרינונגס־ארט פון דער שווערער איינזאמקייט. און ווען עס האט זיי

דערעסן זייער אייגענער איך מיט די אומפּאַרענטפּערטע קשיות, האָבן זיי זיך אָנגעטאָן א כח צו באַטראַכטן די קליינע וועלט ארום זיך אויף צו געפינען א באַשעפטיגונג און אפשר אויך א טרייסט.

יאַ, איך וויים, ס'איז אן אמת, אַלץ, יעדע זאַך איז פון גאָט, און ס'איז נישטאָ גאָרנישט וואָס ס'זאָל זיין אונטער א מענשנס ווירדע. מיינע אויגן שיינען מיר פאַר פרייד ווען איך באַטראַכט א פויגל, אָדער דעם ריטמישן גאַנג פון ים, אָדער די פאַרענדערלאַכע פאָרמען פון די וואָל-קענס. איז נאָך וואָס בענק איך? גוט, איך האָב העגט, וועל איך מאַכן שיינע זאַכן. איך האָב פּיס, וועל איך ארומגיין איבער דער וועלט. איך וועל אין זיך אַריינזאַפּן דעם גערוך פון פריש-געשניטן היי. וועל עסן גוטע, זיסע עסענס, וועל האַלטן אין האַנט זייד, האָלץ, פּאָרצעלאַן, אייזן. אָבער וואו ליגט דער שטורם, וואָס וועט לייטערן מיין האַרץ?

איך ענטפער: ליבע, נאָר ליבע. דאָס איז דער שטורם, וואָס וועט לייטערן מיין האַרץ.

די שיינקייט, מיט וואָס א מענש איז שיין, איז די עכטע, אמת'ע שיינקייט. א הונט לעבט אויך, אָבער נישט בלויז דאָס מיין איך. איך וועל זיך פון אַלץ אויסטאָן, אָבער דער מענש, וואָס איך האָב אים ליב, אָן אים קען איך זיך נישט באַגיין — און קיין נויטבאַדערפטיגערס איז פאַר מיר אויף דער וועלט נישטאָ. דאָס איז דער ערשטער קרייז פון מיין ליבע. אין צווייטן קרייז גייען אריין הינט, קעץ און פייגל, אפילו טישן מיט הייזער מיט בריקן, מיט וואָלקנס. ליבע צינדט אין מיר אָן א באַגייסטע-רונג, ליבע איז גאָט.

א מענש קען ניט אָפּטרייסלען די עלטער. די צייט וועט קומען, וועט קומען די עלטער, וועלן מיר דעמאָלט ריידן בנעימות'דיק שיינע, אויס-געהאַלטענע רייד, און מאָלן וועלן מיר שטילע באַשיידענע בילדער. וועל איך אויפבויען מיינע טעמען אזוי ווי איינער בויט א הויז, וועל אויס-מעסטן די לייוונט מיט'ן צירקל, און וועל זיך שטאַרק איבערנעמען מיט מיין מייסטערשאַפט. אָבער ווי לאַנג איך בין נאָך יונג, לאָזט מיך ליב האָבן, און לאָזט מיך מאָלן ניט-פאַרענדיקטע, אומקלאָרע, פאַרמישטע ביל-דער, און לאָזט מיך שרייבן די אומגעלומפּערטע ווילדע פלווידערייען. ווי-דער ארום, דאָס, וואָס איר רופט ניט-פאַרענדיקט, איז אָפּטמאָל אזוי פולקאָמען אזוי איבעריקער שטריך וואָלט אָפּגעהאַקט די פליגל. און וואָס איר רופט אומקלאָר איז אמאָל א נייער מין שיינקייט. און וואָס איר רופט אומגעלומפּערט איז א נייער מין אָרדנונג.

דעם געשמאַק פון אַלטע לייט גייט נישט אָפּצעפרישן. זייערע מוחות זיינען פאַרזשאַווערט געוואָרן. פאַראַן א פיינלאַך זיסער טרויער אין איינ-זאַמקייט, אָבער א מענש ווערט דאָ אַלט פאַר דער צייט. איך וואָרן זיך, אז דאָס טאָר נישט זיין, אז איך בין נאָך יונג, און אז די וועלט שטייט נאָך אָפן פאַר מיר.

15.

איך האָב שטענדיק געוואונשן אזוי איינצואָרדנען מיין לעבן, אז איך זאָל זיך קענען צו יעדער צייט לאָזן אין וועג אריין אָן חרטה צו האָבן אויף דאָס, וואָס איך לאָז הינטער זיך. די קופּעס קליינינקייטן, מיט וואָס מענשן האָבן זיך ליב ארומצורינגלען, האָב איך שטענדיג געהאַלטן פאר איבריק. נישט נאָר שטערן זיי דעם מענטש אין זיינע פרייע באוועגונגען, ווען ער דאַרף בייטן זיין אָרט, זיי שטערן אים אויך אין זיינע פרייע געדאַנקען. און נאָכאַלעמען, דאָס זיינען דאָך אַלץ קליינינקייטן, וואָס קענען דעם מענטשן נישט גליקלאַך מאַכן.

דערהויפּט וויל איך נישט איבערלאָזן קיין האַלב-געטאַענע ארבייט. ווען איך נעם זיך אונטער עפּעס צו טאָן, האָב איך דאָס ליב פאַרטיג צו מאַכן און איבערצוגעבן אין אַנדערע הענט. און אויב עס קומט אויס, מען דאַרף זען מענטשן, איז מיר אנגענעמער צו באַזוכן יענעם ווי יענער זאָל מיך באַזוכן, ווייל איך האָב קיין שום פארשטענדניש פאר דעם ווי אזוי מען באַדאַרף אויפצוואַרטן געסט, ווייל באַם אויפוואַרטן זענען פון גרויס וויכטיקייט די קליינינקייטן, און דער טיי-קעסל פּאַדערט אזוי פיל אויפמערקזאַמקייט כמעט ווי דער גאַסט אַליין. אויך האָב איך נישט ליב ארומצוטראָגן מיט זיך קיין ביכלאַך, קיין זייגער און קיין געלט. און עס מאַכן מיך מיד די בילדער אויף די ווענט, און די אייביקע וואַזעס מיט די אייביקע בלומען. גאַרדינען, פּאַרטיערן, טעפּיכער פארשטעלן דאָס ליכט און עסן אריין אין זיך מאַסן שטויב. און אויב איינער האָט פארהאַנגען די ווענט מיט וואַנט-פּאַפּיר מיט שרייענדיקע צייכנונגען פון בלומען אדער פון אויסטערלישע פויגל אזוינע בא א וואַסער ווי זיי שלינגען ווערים אדער ענלאַכעס, אזא מענטש זאָג איך איז א פאַר׳משפּט׳ער אויף אייביק צו זען יעדן טאָג די אייגענע רויטע בלומען מיט די געלע פויגל.

אָבער דאָך ווי אָן מיין וויסן, און זיכער קעגן מיין בעסערן געשמאַק ווערט די שטוב פול מיט אַלערליי זאַכן: ביכער, צום ביישפּיל, און אמאָל א בלום צווישן די בלעטער פון א בוך, און געוויינלאַך, בילדער. מיט די צייכנונגען און אמאָל טאַקע מיט א געמאָלטן בילד אויך, טו איך אזוי: אדער איך מאַך דאָס באַלד אוועק, אדער איך לאָז דאָס איבער אויף נאָך א ווייל ביז איך וועל קענען פאַסן א באַשלוס. איך טראַכט אזוי: ווען איך זאָל שטאַרבן און א פרעמדער זאָל קומען און פאַרנעמען מיין אָרט, וואָלט ער דאָך דאָס אַלץ איבערגעשאַצט לויט זיינע ווערטן. נו, בין איך אַליין אזא פרעמדער און איך פיל א רייץ צו באַטראַכטן מיין ארבעט מיט פרעמדע אויגן. און ווי נאָר איך הויב אָן צווייפלען אין דעם איז דערפאַר מער קיין אָרט נישטאָ.

וואָלט מען מיינען אז איך האָב ליב צו צושטערן, זאָג איך אז נישט. איך וואָלט נישט אויפגעהויבן קיין פינגער אויף צו פאַרניכטן די ברוקלין בריק אדער א-וועלכן-נישט-איז אנדער געבוי. און איך וואָלט קיינמאָל

נישט צושטערט קיין פּארק, אָדער געשעדיקט א בוים אָדער א בלום. איך וואָלט אפילו נישט געשטערט קיין וואָרים פרעסנדיק א בלאט. איין זאך בלויז. איך וויל נישט האָבן מיין אייגנס די אלע טויזנט זאכן. וואָס איך וויל יאָ, איז — פרייען צוטריט אומעטום, און קיין זשאנדארמען אויף דער גרעניץ צווישן לענדער.

16.

מיינע פריינט זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט, איבער נאָענטע און ווייטע שטעט, און זיצנדיק דאָ א פארבענקטער מיט די פיבערישע הענט, האָב איך דאָס געפיל זיי אלעמען ארומצונעמען און האלזן, זיך קלאָגן פאר זיי און וועגן עפּעס דערציילן. זענען זיי אָבער אלע ווייט פון דאנען. פאַרט, צי זיי הערן מיך צי נישט, איך זע זיי איצט, און איך טראַכט: צו וועמען ווענדט מען זיך איצט? איז דאָך יעדער פון זיי אן אנדערער מענטש, אנדערש עמפּינדלאך און אייגנארטיק. אפילו די באדינגונגען פון אונזער פריינטשאפט זענען פארשידן. אָט בין איך פארקנופּט מיט צענדליקע מענטשן, און דאָס געמיינשאפטלאכע איז אנדערש אין איטלאכן פאל. וואו וועט מיין רוף געפינען אן אָפּקלאנג? וועמען שרייבט מען? דעם מאָלער וואָס איז איצט אין א גערדריקטער לאגע און גאָר נישט גייט אים נישט איין? אדער דעם מאָלער וואָס שטייט איבער׳ן קאָפּ אין זיינע נייע אידעען? אדער דעם פיינעם מוזיקער און דזשענטלמאן וואָס נעמט שטארק אוים און איז דערפאר געוואָרן עטוואָס לייכטזיניק? אדער דעם איידעלן דיכטער וואָס פריינטשאפט איז אים א לאסט ווי אלץ איז אים א לאסט? אדער דעם נאָוועליסט וואָס פארבינט ליידנשאפט מיט געטלאכקייט, פאנטאזיע מיט לייב, וואָס וויל אז דער מענטש וואָס פון שטויב זאָל זיין אויסגעטאָן פון שטויב אין שטויב פון לעבן? אדער דער מיידל וואָס שיקט מיר א גרוס פון גריכנלאנד אָן אן אדרעס? אדער דער מיידל וואָס ווארט אז די צייט זאָל איר אונטערזאָגן וואָס ווייטער צו טאָן?

איך שרייב דעם, יענעם. אָבער ס׳איז נישט דאָס. איך האָב זיך אויף א ווייל פארגעסן און ווידער איז שלעכט אויפ׳ן הארצן. ס׳טויג נישט אזוי. מען דארף די מענטשן זען, זיי אָפּרייסן פון די פליכטן פון טאָג, און נעמען און ארומגיין מיט זיי שפּאצירן אויף גאָט׳ס וועלט. זאָלן די באציאונגען ווערן נענטער און ליבער.

אָבער מיר זענען פאריאָגטע מענטשן. מען שטייט איבער אונז מיט בייטשן אין האנט. מיר גייען אין שפּאן פון דאגות פרנסה און פרעסן טרוקן שטרוי. מיר האַלטן די אויגן געווענט צו אן אָפּגאָט און האָבן קיין גראָשן הנאה פון דער וועלט. דאָס טייערסטע האלטן מיר ביליק — די פריינט — פון זיי טראכטן מיר בלויז אין א נויט.

איך, וואָס בין מער פון אלע מיינע עקספּרעסיעס צוזאמענגענומען, איך, מענטש, האלט זיך אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פון מענטשן ווי

אַ חיה וואָס שרעקט זיך פאַר ליכט, און שרייב אַ בריוול צו אַ פריינט
וועלנדיק דערמיט פאַרבינדן די אויגן מיין גרויסער ליידנשאַפט.

17.

ווען מען פרעגט מיך וואו איך וואָלט ליבער וואוינען, אין אַ קליין
שטעטל צי אין אַ דאָרף, וואָלט איך געזאָגט, אַז ליבער וואָלט איך וואוי-
נען אין פרייען דאָרף. אָבער ליבער, ליבער פון אַלץ וואָלט איך וואוינען
אין דער גרויסער שטאָט. נאָך נישט אַלץ איז די פרישע לופט פאַר'ן
געזונט. מיר דאַרפן אויך אַטמאָספערע. מיר דאַרפן די דורות-אַלטע
ווייזהייטן וואָס הייסן קולטור. און די שטאָט איז אַ מין ארון קודש
וואו מיר האַלטן אויף די סימוואָלן פון דער ציוויליזאַציע. ציוויליזאַציע
מיינט פּראָדוקציע, מיינט קאָנטאַקט, און שטייגט אַרויף פון ענגשאַפט
ווי טוי פון די פעלדער. די שטאָט איז איינציק אויף צו מעסטן די איי-
ביקייט.

אַ מענטש ווערט געבוירן אויף אַן אָרט און גראָבט זיך אָפּטמאָל
אַריין אין דער ערד ווי אַ בוים, אין דער צייט וואָס גאָרנישט ווייט ליגט
מעגלאָך זיין דערגרייכונג. ווען איך וועל דערפילן גראַמער, וועל איך צו-
ריקגיין אין דער גרויסער פאַרשידנאַרטיקער שטאָט. אמת איז, פאַראַן
וואונדן אין לייב פון שטאָט: רויקייט, אָרימקייט און טומל. אָבער
מען קען זיך מיט אַביסל אָנשטרענגונג פאַרהיטן דערפון. דורך אנטוי-
שונגען, דורך דחקות, צו עקסטאַז, צו די דערגרייכונגען: שיינקייט און
ליבע. דער אויסטויש פון געדאַנקען, די נענטערע מענטשלאַכע פאַר-
שטענדענישן, די שיינע פרויען ווי קייסערינס וואָס גייען אַרום אין גאַס
— אַלץ וואָס דער מענטש פאַרנעמט, ווערט גוט און ליב. די ציוויליזאַ-
ציע האָט פאַרפילפאַכט אונזערע נויטן און דערמיט באַרייכערט די חושים,
זיי געמאַכט איידל און דין. אַ מענטש דאַרף נישט גיין אויף צוריק, צו
דער נאַטור, וואו ער זאָל ווערן אַ בוים אָדער אַ שטיין — אַ מענטש
דאַרף העלפן בויען שטעט, און אומבייטן דעם בוים וואָס אין מח, אויף
ווילן, און דעם וואָלקן וואָס אין מח אויף טאָט.

18.

ווען עס הויבן אָן פאַלן די בלעטער, זע איך מיך אַרום אַז ס'איז אָן
אמת אַז דער ווינטער קומט. מאַך איך מיך גרייט. בייט אום די קליי-
דער, און מיר דאַכט זיך איך בייט אום אפילו די הויט אויפ'ן לייב. און
די באַוועגונגען ווערן אויך איינגעהאַלטענער און פאַרקלערטער. עך!
איך האָב געדאַרפט געבוירן ווערן אין די הייסע לענדער. איך נעם איינ-
אָרדענען מיין שטוב אַביסל באַקוועמער, מאַך די נויטיקע באַשטעלונגען,
באַזאָרג אויף צום הייצן. איך וועל שוין איצטער מער אין ערגעץ נישט
פאָרן, און אויך די באַזוכער וועלן ווערן וואָס אַמאָל זעלטענער. איך וועל
זיך אָפּגעבן מיט ביכער, און די אויסגעטראַכטע מענער און פרויען וועלן

מיר שאַפֿן און אָנהאַלט אָן דער וועלט. איך מוז דאָך האָבן מיינע באַ-גייסטערונגען. איז אויב איך מוז מיר ווארימען די הענט אין שיין פון פייער, נו, מסתמא דאַרף אַזוי צו זיין.

אַזוי וועל איך מיר אָפּלעבן די עטלאַכע חדשים פאַרשפּאַרט ווי אַ בער אין נאָרע, און וועל טייזנט מאָל איבערטראַכטן וועגן די געשעעענישן פון פאַרגאַנגענעם זומער. אָבער וואָס עס וועט זיין שפּעטער, איז גליי-כער נישט טראַכטן. אַלץ פליט מיין געדאַנק אין די הימלען, אָבער קיין אויסערגעוויינלאַכעס וועט דאָך נישט זיין — איך ווייס. און איך וויל נישט זיין קיין געניאַרטער, דערהויפּט אַליין זיך נישט אָפּנאַרן.

אַלזאָ, בין איך דאָ אַליין געבליבן וואַרטן אויפ'ן ווינטער. און ס'וועט זיין נישט צו פאַרזינדיקן. איך זע איך וועל מאָלן בילדער און שרייבן לידער. וואָס דאַרף איך נאָך? אויב איך זאָל זיצן אין גרויסן פענס-טער פון שטוב — איז דאָך דאַרטן פאַראַן הימל-וואַסער-באַרג אין טויזנט וואַריאַנטן. איך פאַרגעס אויך אָן די טויבן וואָס אויפ'ן דעכל אונטער'ן פענסטער, און די ווייסע ים-פויגל און די ווייסע לבנה. ניין, דער ווינ-טער וועט זיך אויסשפּרייטן ווייט ארום מיר, אָבער צו מיין האַרצן וועט ער נישט דערלאַנגען. און דאָ זיצן שטענדיק, וועל איך דאָך אויך נישט. איך וועל אַרויסגיין שפּאַצירן אין דער זון אויפ'ן ווייסן שניי אין די פּראַסטיקע פרימאָרגנס.

איך האָב אַפילו מורא עס וועט קומען, איך וועל קראַנק זיין. נו, איז קראַנק זיין אויך נישט אַזוי שלעכט. עס קומען אין קאָפּ אַריין אַזוי-נע שיינע ווילדע רעיונות, און מען הויבט זיך אָן אויף דאָס ניי ליב צו באַקומען.

און אַזוי טראַכטנדיק דערשפּיר איך זיך ווידער באַרואיקט און גיי דעם ווינטער אַנטקעגן פול מיט דערוואַרטונגען.

19.

עס טרעפט אַמאָל, איך פיל זיך שטאַרק נידערגעשלאָגן און יעדע זאַך פאַרלירט איר רייץ און אמת'ן ווערט. כאָפּ איך זיך, איך האָב דאָך פריינט ערגעץ אין דער וועלט און איך נעם און שרייב זיי אויס מיין ביי-טער האַרץ. און אַז איך באַקום פון זיי דעם קלוגן גוטן ענטפער, ווייס איך נישט ווי אַזוי נאָר איך זע ממש ווי אַלץ וואָס האָט מיך געבונדן און געקוועלט, ווערט מיטאַמאָל לויז און גראַם און מיינע געדאַנקען צו-פליען זיך ווי די פויגל — איך קען זיי נישט איינהאַלטן. און איך נעם אַ סך אַרומגיין און הויך רעדן און לאַכן. צי וויל איך דאָס פאַרטויבן אַ פאַלשע האָפענונג, אַ פרייד וואָס איז קיין פרייד נישט?

עס איז מיר אָפּטמאָל שווער פאַנאַנדערצעוויקלען דעם חלום פונ'ם וואָר, אַזוי פאַרפּלאָנטערט זענען זיי דאָס איינס אינ'ם אַנדערע, און איך אַליין ווער אויך צומישט. און דאָס וואָס שיינט צו זיין אַ ליכט, ווייזט זיך גאָר אַרויס פאַר אַ שטיק פינסטערניש, ווען דאָס גאַרן טרייבט מיך

דאָך צו נעמען דעם ערשטן שריט און מיט די פיס פון קערפּער גיי איך און גיי און צו קיין ממשות׳דיקס קען איך נישט דערגיין.

און זייערע אויפגעהויבענע הענט וואָס ווינקען צו מיר זענען א טייל פון דער ווייטקייט וואָס ווייטערט זיך אַלץ מער און מער, ביז זיי ווערן ווי פארצערט פון דער אומבאשטימטקייט, פונ׳ם חלום. און נישטאָ די הענט מער, און דאָס שרייבן איז אויסגעלאָשן און קאַלט. און מיין אַלטע פיין וויקלט זיך פון דאָס ניי ארום דער אויסגעצערטער נשמה אויף לאנגע שרעקלאכע טעג און נעכט — די אַלטע פיין איז געגליכן צו א רויך אין שטוב, וואָס שטיקט און ווערגט און פילט אָן די אויגן מיט טרערן.

און די פריינט וואָס וואַרטן אויף אן ענפער וואָס קומט נישט און וועט נישט קומען, גייען זיך אָן יעדער מיט זיינע אייגענע דאגות, און פארגעסן אָן מיין פּלוצלינגדיקן אויסגעשריי.

ענערגיע וועט אמאָל דערשלאָגן א מענטשן פאר דער צייט, אָבער ערגער איז פּוסטעווען.

אָפּגעשטאָרבן איז דער כח אין הארצן פון דער ערד און אויסגעגאנ־גען דאָס ליכט אין די אויגן פון הימל. נישטאָ גאָרנישט וואָס זאָל אויף מיר לייכטן, וואָס זאָל מיך פירן, וואָס זאָל מיך טרייסטן. לאנגזאם און שווער שלעפּט זיך דער טויט, און איך בין לייכט ווי א פעדער אין זיין הארטער האנט. דער ווילן איז ערגעץ פארפאלן געוואָרן, און פארלוירן האָב איך מיין גלייכגעוויכט. און איצטער בין איך ווי א רויך אינ׳ם ווינט וואָס ווערט צובלאָזן און צונישט. מיין גייסט איז קראנק, קראנק. און איך שטרעק אויס די האנט מיט די פינף פינגער און טאַפּ אָן די גרעב פונ׳ם טיש. און אָט בין איך דאָך אליין אויך, פארמאָג לעבן, בין א זאך אויפ׳ן וואר, און זיכער נישט קיין חלום.

מיין גייסט, ביסט לאנג געשלאָפן. שטיי אויף, שטארק זיך, זיי אין גוטן מוט. איך וועל צוריקגעפינען די גלייכגעוויכט — און דעם גלויבן.

**20.**

איך בין נישט אין כעס אויף די טויזנט נישטיקע זאכן וואָס פאר־שלינגען מיך אָפּט אויף אזוי ווייט אז עס קומט מיר אויס דאָס מיין גאנץ לעבן איז געווענט אָן זיי. עס איז נישט די שולד פון יענע זאכן. גיכער איז עס די שולד פון מיר אליין. און נישט אזוי מיין שולד ווי די שולד פון די אומשטענדן, פון דער פּוסטקייט אין וועלכער איך לעב, וואו איך זוך און גאָר אומזיסט נאָך אביסל פרייד. אָבער די זאך וואָס איך האַלט איצטער אין האנט, איז אזאַ גאָרנישטיקע, אזאַ מיאוס׳ע, אזאַ אומנוי־טיקע זאך — איך האָב דאָס געדאַרפט וויסן באַלד פון אָנהויב. זי איז דאָך דעמאָלט אויך נישט געווען מער ווי איצט. אָבער אין דער צייט וואָס איך האָב זי געגאַרט—וואו איז געווען מיין שכל וואָס האָט זי געזאָלט אָפּשאצן געהעריק, ווייל זי איז דאָך פּאָרט קיינמאָל נישט געווען גאָר נויטיק אדער שיין? אָבער אפשר איז זי דעמאָלט יאָ געווען שיין, און

איך געדענק נישט גענוי, אפשר, אויב זי פארמאָגט נאָך אביסל חן, איז עס אן אָפּשפּיגלונג אדער אן איבערבלייב פון יענער ערשטער צייט. אָבער אין דער האנט איצטער ליגט די זאך ווי א שווערע משא און צווישן די פינגער פילט זי זיך גראָב און ניט-געלייטערט. איך בין צופרידן וואָס איך קען זי נעמען און אָן רחמנות צוקראצן און צושניידן מיט'ן מעסער און אריינשליידערן אין טייך — כאָטש איך ווארף אויף אזא אופן אריין א שטיק פון מיין לעבן אין טייך — א שטיק לעבן וואָס איך האָב אמאָל פארברענט און איצט לאָך איך אָפּ דערפון און באליידיג עס, און באליי-דיג זיך אליין אויך.

אויב איך רעד מיט אזא ביטערקייט, איז עס דערפאר וואָס איך בין שטארק אויפגעבראכט אויף זיך, ווייל איך זע שוין איין וואָס איך האָב פון זיך געמאכט. נישט אזוי האָב איך אמאָל גע'חלום'ט אויפצובויען מיין לעבן. געגלויבט האָב איך, אז איך וועל קענען אויסמיידן דאָס אומ-זיניקע און מיאוס'ע, און וועל זיך קענען דערהויבן פון מדרגה צו מדרגה. איז עס אָבער נישט אזוי. איך זע א זאך א קליינלאכע, א פאלשע, און ווער פארבלענט און פארכאפּט פון איר. און שטעל איין אלצדינג אויף צו באקומען די זאך און דערנאָכדעם אז יענער פאלשער שיין איז פון איר אראָפּ, בלייבט איבער א טויט שטיק האָלץ, און איך קען עס — מוז עס — אוועקווארפן.

איז וואָס האָב איך געוואָלט אז דאָס זאָל זיין מיין פרייד, מיין גליק? און אז איך זאָל זיך דערמיט האלטן אייביק?

אָבער איך גלויב דאָך נאָך פאָרט אלץ, אז עס מוז זיין פאראנען אזוינס וואָס מען זאָל יאָ וועלן אָנהאלטן אייביק, אז עס מוז זיין אזא שיינקייט, אזא חן וואָס זאָל נישט פארשווינדן, און איך וועל נישט אויפהערן צו זוכן און זיך איינצושאפן אזוינע זאכן. אָבער איך מוז אָנווענדן מיין גאנצע פעאיקייט און זען אז עס זאָל זיין בלויז אזוינס וואָס איך מוז עס האָבן נויטיק ווי דאָס לעבן — ווייל איך האָב פיינט גלאַט גייציקייט. עס איז בא מיר אין בלוט צו לעבן אן איינפאך לעבן, און איך וויל נישט אויפשטעלן בא זיך אין הארצן טויזנט אומווירדיקע אָפּ-געטער.

21.

אָפּטמאָל קלער איך בא זיך, ס'קען זיין געדרונגען אז איך בין ענג-הארציקער פון יענע מענטשן וועמעס ענגהארציקייט רעגט מיך אזוי אויף. זיי זענען אָפּטמאָל גראָב ביז ברוטאליטעט. וואָלט איך געוואָלט פאנאנדערעפענען דעם קוואַל פון זייערע טרערן — זאָלן זיי וויינען, און אזוי ארום אפשר נענטער ווערן מיט'ן טרויער מיט וועלכן ס'איז פול א וועלט. צום ערשטן גרייף איך אָן זייער גייציקייט. אָבער זייער גייצי-קייט איז געפּאנצערט אין א דיקן פאנצער. און אז איך קען צו זיי נישט צוקומען מיט דעם וועג, גיי איך צו זיי מיט אן אנדערן וועג — איך גיב

זיי אילוזיעס. איך דערצייל זיי משונה'דיקע מעשיות און וויל זיי דער־מיט אביסל אָפּרייסן פון זייער קליין אָרים וועלטל. איך וויל בא זיי אָנ־מאַכן א טומל אין מח — זאָלן זיי כאָטש אביסל אָנהויבן צווייפלען אין זייערע הארטע אמת'ן. איך זוך בא זיי צו דערוועקן א מורא פאַר'ן אומ־באַשטימטן, איך רעד צו זיי פון טויט, פון גאָט. אָבער זייער גלייכגיל־טיקייט איז א גראָבער געשטאַנק וואָס פאַרפּעסטעט די לופט. וואָס האָב איך געזאָגט, ווײנען? אודאי קענסטו מאַכן א מענטשן צום וויינען, קענסט אים אפילו צוברעכן דאָס האַרץ. אָבער דאָס האָט א קליינעם באַטרעף. גאָרנישט א חוץ אן אייביקע שרעק וואָס זאָל איבער זיי הענ־גען ווי א שווערד, קען זיי נישט מאַכן ווייכער, עמפּינדלאַכער.

דערנאָכדעם שטעל איך זיך אָפּ און זאָג צו זיך אזוי: בין איך דען נישט ערגער פון זיי, אז איך באַנוץ זיך מיט אזוינע מיטלען. און ווער האָט דאָס מיך דאָ אוועקגעזעצט איבער זיי צו משפּט'ן? און אז איך מוסר זיך אוים, קער איך זיך אָפּ פון זיי און מייד זיי אוים פאַר א צייט.

אָבער דאָס לעבן איז שטאַרקער פון מיר, און עס רייסט מיך ארוים איבערגעוואַלט פון מיין באַהאַלטעניש און ברענגט מיך ווידער אמאָל צונויף מיט זיי. און מיין באַשיידנקייט צוזאַמען מיט'ן כעסן אין מיר שלאָגט זיך גיך ווידער אָן אן זייער הארטער קליינלאַכער נאַטור. און יעדער וויל גובר זיין דעם אנדערן — אפשר אים אויסנוצן פאַר זיינע איי־גענע צוועקן — ווער ווייס? און מיינע מיטלען זענען ווי איך האָב אויבן געזאָגט. אָבער וואָס פאַר א אנדערע מיטלען קען מען אָנווענדן קעגן אזוינע שווערע איינגעזעסענע אָבער חוצפּה'דיקע מענטשן? און ווען דער געפיל פון נקמה האָט זיך אין מיר שוין צופלאַקערט גאָר גרויס, פרעג איך, ווי אזוי קען מען בא זיי אין האַרצן אָנצינדן א פייער פון שיינקייט און פון ליבע וואָס זאָל זיי פאַרצערן מיט אָן א סוף יסורים, און ווי אזוי קען מען זיי אויסמאָלן א גאָט וואָס זיין קללה זאָל זיי ארומ־יאָגן ווי די הינט איבער דער גאַנצער וועלט.

דוד המלך זאָגט: „געבענשט איז דער מענש וואָס גייט נישט אין די וועגן פון די לעסטערער און וואָס זיצט נישט אויף דעם אָרט פון די שפּעטער.“ יעדער מיט די זייניקע, און זאָל ער יענע לאָזן צו זייער מין, וואָס וועט זיי אָפּצאָלן לויט ווי זיי קומט, אָן חרטה צו האָבן.

22.

נישטאָ דאָס וואָרט וואָס זאָל אויסזאָגן וואָס איך פיל איצטער. און אפילו מיט א סך ווערטער וועל איך דאָס אויך נישט קענען זאָגן. ווער־טער זענען מיר איצט א שטער צו מיינע געדאַנקען וואָס זענען אזוי דין און דורכזיכטיק און באַנג. ווען איך קען, וואָלט איך מיינע געפילן ארויסגעשפּילט אויף סטרונעס, קען איך דאָס אָבער נישט. מיינע געפילן זענען ווי לופט, ווי לייכטע וואָלקנס פאַרנאַכט. אויב מיינער א פריינט

וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער געקענט וויסן וואָס איך פיל, אויב איך וואָלט זיצן אָפּגעווענט פון אים מיט׳ן פּנים און נישט רעדן? אין פּנים און אין די רייד וואָלט ער עפּעס געמערקט, וואָלט ער מיך ארויסגעפּאָדערט אים דערציילן אַלץ. און איך וואָלט נישט געוואוסט וואָס אייגנטלאַך צו זאָגן, אַזוי ווי איך וויים דאָס איצטער נישט. מיט אַ ווײַלע צוריק האָב איך עפּעס געמורמלט צו זיך. איך האָב עפּעס יאָ פאַרשטאַנען, אַזוי ווי מען פאַרשטייט אין אַ חלום איידער מען וואַכט אויף. איך וואָלט זיך באמיט צו דערמאָנען ווען איך וויים איך קען זיך דערמאָנען — איך קען אָבער נישט. איך בין געזעסן מיט׳ן קאָפּ אין די הענט און געזיפצט, און דאָס געמיט בא מיר אין האַרצן איז נישט געווען אין גאַנצן שטיל רואיג.

דער דרויסן איז פול מיט גוטער לופט. שוין קיל אביסל, ווינטערדיק. צוויי רייען בלוילאַכע בערג אהינטער דער גאַס און גאָר גאָר ווייט איז דער הימל עטוואָס פאַרצויגן מיט אָוונט. ערגעץ הינטער די הייזער זעצט זיך די זון. אויף דער ערד מיר צו די פיס אויף אַ פּאָר נידריקע גרינע גרעזלאַך ליגט נאָך אביסל ווארים ליכט. איך בין אליין ארומגעגאַנגען שפּאַצירן.

און איצטער אין האַלבן ליכט פון צימער בין איך ווידער אליין. איך וויל זאָגן, אָבער איך שעם זיך, אז איך בין איינזאַם און קיינער האָט מיך נישט ליב. צווישן מיר און דעם נאָענטסטן געגנשטאַנד פיל איך מײַלן ווייט, און פון די געגנשטאַנדן פון ווייטן איז שוין אָפּגערעט. זיי האָבן קיין ממשות, און אַלץ פאַרשווינדט פון אונטער די אויגן. איך שוועב ארום אין לייכטע ווייטע טענער, אין זומערדיקע וואָלקנס.

איך צינד אָן די לאָמפּ, און דאָס ליכט פאַרטרייבט מיר אַלץ ארוים פון מח. די פרייד איז דאָך אָן מיר געווענט, קלער איך. אז איך וויל איז מיר גוט. און מיר איז איצט גוט, און איך האָב גאָר קיין אנונג נישט דערפון . איך חלום צופיל, איך מוז אויפוואַכן. איך ווער פאַרפאַלן אין מיינע חלומות ווי עפּעס אַן אַלט מענטש. וואָס איז דאָס פּאַר אַ חלומ׳ען! איך וועל זיך אויסזידלען ווי אַ הונט, איך האָב דאָס פאַרדינט. איך בין אליין — יאָ, איז וואָס? יעדער מענטש איז אליין. אַ מענטש איז קיינמאָל נישט מער ווי איין מענטש. און ווי אַזוי וועט אַ צווייטער דיר פאַרשאַפן יענע עכטע פרייד וואָס דו גאַרסט און וואָס איז געווענט בלויז אָן דיר? מען דאַרף זיין איבערצייגט אז ס׳איז גוט — איז גוט. ס׳איז געווענט אָן ווילן. איך קען גיין אהין אדער אהער. איך קען נישט גיין גלייכצייטיק אי אהין אי אהער. איך האָב געדאַרפט וויסן וואוהין איך וויל גיין. אויב מען וואָלט געקענט גיין אי אהין אי אהער, וואָלט דאָס געווען פולקאָמענע פרייד, קען דאָס אָבער נישט זיין אַזוי. גיי איך אויף איין וועג. טיילט זיך אָפּ אַ טייל פון מיר און גייט אוועק פון מיר, און דער טייל נעמט מיט מיין בענקשאַפט. איז שטענדיק פאַראַן עפּעס וואָס האָט געקענט זיין און איז נישט געוואָרן, און געוואָרן איז אַזוינס וואָס

האָט נישט געדאַרפט זיין. איך וואָלט זיך וועלן באַנוגענען און זאָגן ס'איז גוט אזוי.

פאַרביי מיר אין ליכט פון לאָמפּ שטייען אויף פיגורן, פּנימ'ער לייכטען אויף. עך, איך בין א קמצן אויף מיינע כחות. איך בין א פייגלינג וואָס שרעקט זיך פאַר דער וועלט אויסערהאַלב זיינע געדאַנקען. אויב איך וואָלט נאָכגיין נאָכ'ן רוף פון מיין ווילדן בלוט, וואָלט איך געדאַרפט לויפן אין דער ווייטער וועלט אריין, אדער איך וואָלט זיך געדאַרפט א מעשה אָנטאָן אום איינמאָל פאַר אלע מאָל לויז צו ווערן פון די שלאַנגען וואָס עסן מיר דאָס האַרץ.

23.

איך האָב אוועקגעשטעלט איבערציי״גונג העכער פון גלויבן. די זאַך אין וועלכער איך גלויב מוז אויסהאַלטן גאָר א סך פּריפונגען. און יעדער באַווייז איז א פרישער נר תמיד וואָס איך צינד אָן אויף צו פאַרהערלאַכן מיין גאָטהייט.

און דאָך גלויב איך אין שיינקייט, כאָטש איך פאַרשטיי נישט דעם זין פון שיינקייט און ווייס נישט מיט וואָס די ערשיינונג איז שיין. און אויף דער אייגענער אַרט, ווער איך אויך הינגעריסן פון לעבן און ווייס נישט אייגנטלאך צו וואָס. איך וועל זיך מיט דיר אפשר אַמפּערן וועגן דעם גאָט פון די בתי מדרשים, אָבער איך זע ממש מיט די אויגן און פיל עס געוועלטיקט א גאָט איבער דער וועלט.

זאָלן די יעניקע וואָס קענען זיך איינריידן אז זיי זעען, זאָלן זיי מיינען אז זיי זעען די האַנט וואָס שרייבט. איך זע בלויז די שריפט און פּרואוו לייענען דאָס געשריבענע. איך פאַרשטיי די מעשה בוכשטעבלאַך. אריינטייטשונגען און באַהאַלטענע כונות באַגרייף איך נישט — אויף דאַרויף פאָדערט זיך גלויבן.

און די מעשה מוז קענען ביישטיין מיינע שטימונגען וואָס צואַקערן זי אַהין און אַהער פון גרוים ליבשאַפט אזוי ווי מען צואַקערט א פעלד באַם הויז.

און אז מיין מח איז איבערגעוועלטיקט פון צווייפל? צווייפלען צווייפלט מען דאָך אָבער נישט אייביק.

נאָר אז איך זאָל וועלן מיטאַמאָל דערגרייכן א נייעם באַגריף, דערזען א ניי־אויפלויכטנדיקע זעאונג — דערפיל איך עס פעלט מיר דער גלויבן וואָס קען זיך לייכט צואַווארימען פון דער אָנגעהויכטקייט אין דער לופט. אויב איך שפּרייט זיך אוים אין דער ברייט, איז עס מיט גרוים מי און לאַנגזאַם. באַדאַכט נעם איך יעדן שריט און וואוהין עס פירט מיט מיר, לאָז איך זיך פירן — און מיט אָפענע אויגן קוק איך צו.

איך בין מיין אייגענער געוויסן — דאָס וואָס איך קען נישט רעכטפערטיקן, וואַרף איך אָפּ אויב איך קען. קיין פאָרמול: וואָס איז שיין — האָב איך נאָך נישט אַנטדעקט און נישט ערפונדן קיין לעבנס־פילאָ־

זאָפּיע. איך האָב נאָך אפילו נישט אָפּגעמאַכט בא זיך וואו די נשמה בא א מענטשן האָט איר רו-אָרט.

די ערשיינונג, די עמפּינדונג, די זאַך אַנטפּלעקט זיך פאר מיר אזוי פּשוט ווי א מענטש וואָלט זיך מיר אוועקגעשטעלט פאר די אויגן — און איך נעם עס אריין צו זיך אין הארצן און מאך עס פאר מיין אייגנס, — און היט עס לאנג, לאנג אָפּ. אָבער אז מיין געדאנק נעמט פון מיר פאָ-דערן: וואָס, און צו וואָס? קען איך אים נישט אָפּקומען מיט א לייכטן מאַך מיט דער האנט — מיין נאטור איז נישט אזא וואָס זאָל זיך קענען באנוגענען מיט דער שטילער פארכטיקייט פון גלויבן.

24

נאָכדעם ווי איך באקום שוין די זאַך וואָס איך מוז אזוי אומבאדינגט האָבן, איידער איך קען אָנהויבן מיין פארטראַכטע ארבעט, זע איך שטענ-דיק איין אז די אלע פּאָרבערייטונגען זענען געווען ארויסגעוואָרפענע מי, און דערהויפּט האָב איך זיך נישט גענויטיקט אין יענער געגארטער זאַך. ווארים א חוץ דאָס גאָר נויטיקסטע, באדאַרף איך קיין שום זאַך נישט. איך האָב פּשוט געזוכט אויסצופּילן די לאַנגווייל, און פאר זיך אליין כלומר'שט געפינען אן אויסרייד פאר מיין אָפּלייגן די ארבעט. איך בין פּשוט א פוילער מענטש און דאָס ארבעטן פאַלט אויף מיר שווער. אמאָל פלעג איך זיך דאַכט מיר קענען שפּילן, און דאָס וואָס איך האָב שפּילעוודיגערהייט געמאכט, פלעג איך ווייזן אלס קונסט. איצטער אָבער פאַלט אויף מיר אויך דאָס שפּילן שווער.

פרעג איך זיך: דאַרף א מענטש זיך אָנשטרענגען צו מאָלן, צו שרייבן, אז עס איז פאר אים קלאָר אז ער איז שוין נישט קיין קינד און אז ער שאַפט נישט ארויס פון זיין פרייליכן געמיט? נאָך א זאַך פרעג איך זיך: און אז איך האָב שוין אמאָל געמאָלן, געשריבן, מוז איך שוין שטענדיק אָנגיין דערמיט, בלויז דערפאר וואָס איך האָב אמאָל אָנגעהוי-בען? איך האָב זיך דאָך אמאָל געשפּילט אין בלאָטע, און איצטער טו איך עס נישט מער, ווייל איך האָב דערצו קיין נייגונג נישט. אויב מיין איצטיקער וואונש איז צו זיצן און חלומ'ען מיט אָפּגעשטאָרבענע הענט אָדער ארומצושפּאצירן אין די גאסן פון שטאָט, אָדער אוועקצוגיין אין שטאָט-גאָרטן צו שעפּן נחת פון שווער-לייביקן פאר'עפּוש'טן היפּאָפּאָ-טאמאָס, — פארוואָס זאָל איך עס נישט קענען טאָן, נאָר אנשטאָט דעם אייביק קלערן וועגן פארטראַכטע ארבעטן וואָס איך לייג סיי-ווי אלץ אָפּ ווייל איך בין א פוילער מענטש?

און דארויף ענטפער איך זיך אזוי: פוילקייט איז א שלעכטע מידה. א בעסערע מידה איז ארבעט, ווייל ארבעט צוטרייבט די לייכטע נעפּלען און עס באוויַיזט זיך דער הימל מיט דער זון. און איך בין קיינמאָל נישט אזוי שטארק אנטציקט ווי ווען איך דערבליק אין זיך הימל און זון. און דערפאר דאַרף איך זיך נעמען אן קאָפּ אריין אויף צו געדענקען און

אַנצווווענדן: אַז צו לעבן אין דער וועלט אַריין, איז צו לעבן אין פינס־טערניש.

25.

דאָס לעבן באַוואונדער איך, אָבער דער טויט שרעקט מיך. רויט פייער, און בארג־נאַכט שרעקט מיך, און אַ חיה מיט איר שווערן ווייכן לייב. און אַז עס פאַלט אויף מיר אָן אַ פּחד מיט אַ ציטערניש, אַנטלויף איך. ווערט מיר לייכט און גוט אַזוי ווי אַן אַלטן מענטשן. ווער איך אין כעס אויף זיך דערפאַר, גיי איך צוריק אַריין אין די טויערן פון שרעק, און קלער וואוהין וועל איך אַנטלויפן פון טויט: און פון מיין גוף וואָס וועט ווערן? ווייס איך דאָך. ווייס איך נישט. ווארים עס איז נישט מעגלאַך אַז איך, וואָס ווייס אַז איך בין, זאָל אויך וויסן אַז איך בין נישט. אַלץ באַוואונדער איך ביז איך קום דערצו צו נאָענט, ווערט מיר דאַן אַזוי אומהיימלאַך. באַנעם איך גאָרנישט, פיל בלויז אַז איך האָב פאַלש גע-גלויבט אַז איך האָב באַגריפן, און באַגריפן האָב איך נישט.

אפילו די שאָל פון בינעזישן פאַרצעלאַן מיט די בלויע פישלאַך, פויגל און בלומען אויף דער שאָל און די רויטע בלימלאַך אויפ׳ן טעצל, זענען מיר אַזאַ פרעמד לעבן. דאָס דינע גרעזל אין דער שוואַרצער ערד — אַלץ, אַז איך קום צו נאָענט, איבערוועלטיקט מיך. און אַז זי האָט אין דער שטילער נאַכט שטיל אַרויסגעזאָגט מיין נאָמען, האָט מיך אַ שרעק גענומען פיבערן, און איך בין אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין איר. אָבער וואוהין וועל איך אַנטלויפן פון טויט: און פון מיין גוף וואָס וועט ווערן?

די שרעק שטעכט אַריין איר שוואַרצן שנאָבל אין דעם רויטן דמיון, נעמט זיך אין אַלע זייטן שפּרייטן און כוואַליען און צוטראָגן און זינגען. זע איך מענטשן אַנטלויפן צו די ווייבער מיט די הייזער און קלאַמערן זיך איין אין די ווענט, אין די טישן, אין די לייבער, בינדן זיך צו מיט שטריק צום לעבן — אַבי לעבן. צינדן אָן ליכט צו פאַרטרייבן דעם או-מעט, זינגען, טומלען, קלינגן זיך, מאַכן אַן אָנשטעל: דער טויט איז נישטאָ, אַלץ איז קלאָר ווי אויף דער האַנט.

און אַז די זעאונג גרייכט צו מיר, פאַרשפּאַר איך זיך איינער אַליין אין שטוב: אדרבה, קום און צופרעס מיר ס׳האַרץ מיט׳ן מח, גרויסע וואונדערלאַכע שרעק.

26.

צו זיבעצן יאָר האָב איך אין אַן עסעי אַזוי געשריבן: אויב מיין פאָטער וואָלט שטאַרבן און איך וועל אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, קען איך מיר נישט פאָרשטעלן וואָס עס וואָלט מיר אויסגעקומען צו טאָן, אָבער איך ווייס אַז עס וואָלט מיר אָנגעקומען זייער שווער דאָס לעבן. אָבער אַ מענטש מוז דאָך עסן און טראָגן אַ גאַנצן מלבוש און שלאָפן ערגעץ

אין א ריין בעט, גלויב איך אז איך וואָלט זיך וועגדן צו דער וועלט און אזוי געזאָגט: „הער מיך אויס וועלט, וואָס דו באַרנסט אוים געלט אויף פּראַצענט, איך בעט דיך לײַ מיר אוים טויזנט דאָלאַר. איך טראָג זיך ארום מיט א פּלאַן אין קאָפּ און אפשר וועט דערפון עפּעס ווערן מיט דער צייט. גלויב מיר דו האָסט אָפּטמאָל שוין מער אײַנגעשטעלט."

אָבער די וועלט ענטפערט מיר אָפּ אזוי: „וואָס פאר א פּלאַן האָסטו דאָס אזוינס וואָס דאַרף נעמען צייט אויף אויסצופירן? אָבער קודם כל דארפסטו דיך לאָזן באקוקן פון א דאָקטאָר וואָס זאָל באַשטעטיקן ווי לאַנג דו וועסט לעבן און ווי דו האלטסט מיט געזונט". האָט די וועלט, דער פּראָצענטניק, אײַנגעלאַדן זײַן פאמיליען־דאָקטאָר ער זאָל מיך גרינטלאַך אונטערזוכן. און ווי געוויינלאַך, פּרואווט דער דאָקטאָר אוים מײַן בלוט, מעסט אוים די לונגען, הערט זיך צו צום האַרץ, און פרעגט זיך בא מיר נאָך אויף מײַנע שלעכטע געוואוינהייטן. איז דער אורטייל נעגן מיר. ער זאָגט מיר אז לאַנג לעבן, שיינט, וועל איך נישט, און אז אין גאנצן געזונט וועל איך אויך נישט זײַן. און ער גריבלט זיך אין מיר ווייטער און געפינט אוים אז מײַן מח איז אָנגעשטעקט מיט פּאָעזיע און אז איך בין א בעל חלום און צו דעם אלעם בין איך נאָך א פוילער אויך. און די וועלט, דער פּראָצענטניק, האנדלט טאקע לויט׳ן באריכט, און פארהאַקט פאר מיר די טיר און וויל מער נישט הערן קיין טענות פון אזא איינעם. אָבער איין זאַך זאָגט ער מיר יאָ, מעשה עצה: „גיי און געפין ארבעט אין איינעם פון מײַנע רעכנ־הײַזער."

די שולן האָבן מיך אויסגעלערנט מאניפּולירן מיט ציפער. איך קען די נויטיקע פּראָצעסן פון רעכענען, וואָס וועלן מיך פארזאָרגן מיט מײַן טעגלאַך ברויט. ביז איצטער האָב איך געמיינט אז דער גאנצער רוים איז פול מיט קלאַנגען און מיט ווערטער, אָבער איצטער געפין איך ציי־מערן, הײַזער, גאנצע גאַסן, א גאנצע שטאָט, גאנצע שטעט פול מיט ציי־פער, הײַזעריק מיט ציפער. דאָס הייסט, די שולן האָבן פאַראויסגעזען מײַן קלאָג און האָבן מיך שוין פארזאָרגט.

מײַן פּלאַן אָבער גייט, ווי עס זעט אוים, צו גרונט — באשלים איך, איך וועל נאָכאמאָל פּרואוון ארײַנגיין צו דער וועלט, דעם פּראָצענטניק, אָבער ער האָט דאָך פארשלאָסן די טיר. שריי איך ארײַן צו אים, און ער ענטפערט מיר אָפּ מיט א געשריי. איך שריי: „איך וויל נישט דײַן געלט." ער שרײַט צוריק: „גאָט האָט נישט באשאפן די וועלט פאר קיין טויגענישטן." איך שריי: "איך וויל נישט דײַן געזונט." ער שרײַט צוריק: „איך האָב אָבער געוואוסט אז דו ביסט א דעגענעראַט און א נאַר." איך שריי: „לאָמיך צורו, דו הערסט, לאָמיך צורו. דײַנע ציפערן ברענגען זיך מיר אײַן אין לײַב. דײַנע פארשאָלטענע ציפערן פאר־מיאוס׳ן מיר ס׳לעבן. דער סם פאר׳סמ׳ט מײַנע רייד. מײַנע רייד זענען האס און קללות." פארטרייבט מען מיך מיט א שטעקן פון טיר.

אָבער איינמאָל אז די וועלט איז פארביינעגאנגען פאר א קליינע חרוב'ע הייזקע, דערזעט ער ווי איך זיץ און וויין, ווארים איך בין הונגעריק און מיין גייסט איז כמעט ווי אויסגעשעפּט. האָט ער אויף מיר רחמנות —ס'וועט דאָך אים נישט טייערער קאָסטן. ער גיט מיר לייכט א שטורכע מיט'ן פוס און זאָגט: „אוי, וואָס פאר א נאריש אינגל. אן איינפאל: א פלאַן אין קאָפּ. וועסט דאָך שטארבן מיט די חכמה אין בויך. א מענטש מיט אזא גוטן זכרון, מיט אזוינע איידעלע הענט אויף צו האלטן א פען, און דאָ — דער וועלטס חשבונות וואָס מוזן אזוי געגוי באהאנדלט ווערן. דו מיינסט אודאי איך האָב א שטיינערן הארץ — מאכסטו א טעות. איך גיב גאנצע קופּעס מיט צדקה, אָבער מיט א תנאי אז עס זאָל גרייכן אלץ א גרעסערן כלל. טאַקע יאָ, וואָס איז אן איינצעלנער, א יחוד, א מענטש — זאמד און שטויב — אנישט? און דו צו דעם אלעם ווייזט שוין אזוי פרי ארוים סמנים פון עקשנות און ניט-געטריישאפט.

ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט מיט גרויס גדלות, און גייט זיך אוועק. איצטער באגעגענען זיך אמאָל אונזערע וועגן, אָבער מיר האָבן שוין לאנג ביידע באשלאָסן זיך צו איגנאָרירן. און אז איר וועט פרעגן וואָס זענען די קוואלן פון וואנען איך שעפּ, וואָלט איך אזוי זאָגן: די קוואלן מיינע זענען געגליכן צו א מעסער מיט א שארפער זייט און א טעמפּער זייט. די טעמפּע זייט איז טעמפּ ביז גאָר און קוים זי דערגערט מיך. יוידער די שארפע זייט — נו, דאָס איז שוין עפּעס אנדערש — דין, שארף און געוואַגט.

קורץ נאָכ'עם איז מיר מיין פאָטער געשטאָרבן, און אלץ וואָס איך האָב דאָ דערציילט האָט אין א געווויסן זין זיך מיט מיר טאקע פארלאָפען.

27

איך האָב א סך געלערנט אין די ביכער און קיין זאַך זיך נישט אויסגעלערנט פון בוך. און דערפאר קען איך א סך און קען קיין זאַך נישט. קיין זאַך קען איך נישט אזוי ווי עס פאָדערט זיך פון א מענטשן ער זאָל קענען א זאַך, כדי אז אין א נויט זאָל ער זיך קענען אָנשפּארן אן זיין קענען. איך טו יעדע זאַך מיט אזא משונה'דיקן דריי, מיט אזא ווילדן ציקל, אז איידער איך קוק זיך נאָך רעכט ארום, שטיי איך שוין אין דרויסען פון געווינשטן קרייז. א מענטש בין איך אן אָפּגעזונדערטער, און מיין טאָן איז אויך אן אָפּגעזונדערטס. דער מח טראָגט מיר נישט אוים אויף אויסצופּאָלגן כללים, מיין האנט איז נישט קיין זיכערע, און גאָרנישט איז אין מיר נישט באשטענדיק. וויפיל איך האָב נישט געפּרואווט זיך איינצוברעכן, און וויפיל אנדערע האָבן דאָס נישט געפּרואווט טאָן פאר מיר פון מיין טובה וועגן, און וויפיל די טעג האָבן זיך אויף מיר נישט אָנגעזעצט און מיך געטריבן: זיי א מענטש מיט מענטשן גלייך — איך בין געבליבן דער ניט-איינגענומענער, אפילו פון זיך אליין נישט קיין

באהערשטער. דערפאר שטיי איך אין דרויסן פון אלץ און פארקער בלויז מיט א פּאָר געציילטע מענטשן. אויב עמיצער וועט זאָגן אז מיין ישאָפן איז גאָרנישט אזוי אנדערש ווי איך וויל מיינען, עס פעלט דעם בלויז אזא מין צעמענט וואָס זאָל עס צוזאמענהאלטן — ס׳הייסט ס׳איז נישט קיין קונסט — נו, אויף דעם גיי איך בשום אופן נישט איין.

אויב איך קען נישט קיין זאך געגוי ווי אנדערע קענען דאָס, נעמט זיך עס דערפון וואָס איך בין טעמפּ פאר דער נוצלאכקייט פון זאכן און בין באגייסטערט פאר זייער שיינקייט, רייץ און ריטעם. אזוי ווי דו האָסט גערן א מענטשן כאָטש דו ווייסט אים נישט דערגיין און דערגרונ־ טווען, אזוי באהעפט איך זיך מיט א זאך וואָס איך וועל קיינמאָל נישט קענען. איך גיי אוועק צו איר מיט א הינטער־טיר דורכ׳ן גאָרטן, נישט דורכ׳ן פארנעמען ארייגאנג. איז דער גאַנג זיס און ביטער מיט פיל ריחות. און אז איך באגעגן א מענטשן אין גרויסן זאל, איז מיין הארץ שכור און אויף די שיך ליגט געלער שטויב. און אז די פּרינצעסין קומט אריין שיינענדיק, ליג איך אין א ווינקל שטוב, הער זיך געשפּאַנט צו צום מענטשנס דינע רייד, און אָפּטמאָל נישט — און וואַרט צו בלייבן אויג אויף אויג מיט דער געאיידלטער ליכטיקער חכמה.

איך בין א פאר׳חלומ׳טער פון געבוירן, און פון קינדוווייז אָן האָט דאָס אויסערלאכע אויף מיר קיין שליטה נישט געהאט, און פון פעסט־ איינגעפונדעוועטעם אָנטלויף איך. פון דעם וואָס איך קען נישט קיין זאך רעכט לייד איך און וועל מסתמא ליידן, אָבער זיך איבערמאכן קען איך נישט. עס פעלן מיר פשוט יענע מאשין-צעלן אין מח וואָס מאַכן א מענטשן ער זאָל גיין ווי א זייגער ווען מען ציט אים אָן.

ווער איך דערפאר קיין קלאסיקער שוין נישט זיין, און בלויז מענטשן ענלאכע צו מיר, וואָס ווייסן נישט אויף געגוי קיין זאך נישט, און וואָס האָבן זיך געגריבלט אין זיך און גאָרנישט דערגאנגען, וועלן מיך אויפ־ נעמען בא זיך. זיי וועלן זיך מיט מיר פרייען מיט אן איניגער פרייד, ווייל זיי וועלן אין מיר דערזען א לייבלאכן ברודער, פון איין מאמען — דער שווערער ערד און איין טאטן, דעם געהויבענעם הימל, און ס׳וועט זיי זיין ליב וואָס איך, נאָך איינער אזא ווי זיי, בין דאָ צווישן זיי.

**י. טאַפּעל.**

### דער לייב, דער הירש און דער פויגל

**א.**

ס'איז גרויסער טאָג אויף דער וועלט. די גראָע האַנט פון נאַכט לייזט אויף דעם גרין־קופּערנעם הימל. איך גיי אין ציי־מער אַרום און קוש דעם טאָג דורך די שפּאַלטן פון שוואַרצן פענצטער. איך נעם דעם לייב אַראָפּ פון טעפּיך און זעץ זיך אויף אים רייטנדיק. שטייף און דין דער לאַנגער עק, און די אויגן ווי וואַזעס מיט בלומען, גרין און רויט. וואו ביסטו פאַרט אַוועק, מיין טייער לעבן? איך האָב דיך אַרומגעזוכט ווי א פויגל זיין יונגוואַרג, איבער ימ'ען אין די פינצ־טערע שיפן פון שלאָף. זאָגט דער לייב: „נו, גע־נוג — וויפיל איז דער שיער? די ריפּן־ביינער ברעכן. דיין לאַסט, פון ערד, וואַרף אַראָפּ". נעם איך דעם הירש אַראָפּ פון וואַנט, מאַך זיך אַריין אין זיינע הערנער. צענעמט ער די זילבערנע פיס, זעט אוים — ער זיצט איבער דער גאַנצער ערד מיט־אַמאָל, ווי א גרויסע מאַ־מע. איז וואוהין זאָל איך גיין איצט ,אַז איך בין שוין דאָ אומעטום, נאָר דו ביסט אין ערגיץ נישטאָ!



ב.

דער רעגן גייט מיט דריבנע פיס ווי אַ יונג פערדל. נידערט גאָט אַראָפּ און שטעלט זיך נאַקעט ביים פענצטער אַוועק צו באַווייזן ווי ער פאַרקערט מיט דער ערד. כאַפּ איך די שפּיצן פון אירע טויטע הענט אין מויל און קוש זיי. „דיין קוש איז דאָס לעצטע מיסט אין פעלד," הער איך מען זאָגט מיט פאַרוואורף. ביים איך די אייגענע פינגער, און הער ווי אַ מויז גריזשעט דעם דיל. איך נעם און פאַרשפּאַר זיך צוריק אין די אייגענע ווענט. מאָל אויס אַ בוים מיט עפּל, זעץ זיך אונטער אים אַוועק און עס די געלע עפּל. נעמט מיך דורשטן, מאָל איך אַ קוואַליק וואַסער און טרינק. שלעפּערט מיך, מאָל איך אַ לאַנקע און לייג זיך. איצט, קום און דעק מיך צו, די הענט צעבלוטיקטע גליווערן. שפּרייט זיך אַ דעק פון שוואַרצער ערד און דעקט מיך איין. און מען קושט מיר דעם שטערן מיט אַ פּייכט פריש מויל. וואַקסט אַ בלום אויס. צעברעכן וויל איך, איך וויל! די הענט אָבער זיינען פאַרפאַלן געוואָרן. וועט שוין מוזן זיין — אַ בלום אַ שפּעטיקע, פון פרעמדן ווילן! גאָט, רייס אויס! קומט צוטראָגן דער הירש און צוטרעט די בלום מיט איין טראָט מיט די פיר פיס.

ג.

איך וועל שטיין ביים פענצטער היינט און מאָרגן, טאָג און נאַכט, — ציי קומט נישט די פרייד. אַלץ קומט, אָבער זי קומט נישט. איך שיק אַרויס דעם הימל איבער איר — ניין. איך שיק די גאַס נאָך איר. מיינע הענט גייען אַרום און נישטערן. קיינער. זעץ איך זיך אויף אויף דעם לאַנגן דינעם לייב פון טעפּיך און רייט אַוועק, און לאָז מיך אַן אַנדערן איבער וואַרטנדיק. איך רייט, איך וואַרט. רייטנדיק דערזע איך זי, און וואו איך וואַרט איז זי נישטאָ. רייט איך ביז מיד. און ווען איך קום צוריק — נישטאָ. איך שליס זיך איין אין שטוב. לאַכט אַ קול אין חלל. שריי איך אויס: „דו?" „יאָ." שריי איך ווידער: „פרייד, דו?" „דאָ איז מיין מינדסטער פינגער, דער בלויזער שאַרד פון דיין קלייד". „איך ברען נאָך דיין מינדסטן פינגער, איך גאַר נאָך דעם בלויזן שאַרד פון דיין קלייד." „גיי מיך זוכן!" נעם איך אַראָפּ דעם פויגל פון איבער'ן פענצטער: „קום!" און פלי אַוועק, און לאָז מיך איבער אַן אַנדערן וואַרטנדיק. און דער וואָס וואַרט צעוויינט זיך, זאָג איך צו אים אַזוי: קום אויך מיט, לאָמיר ביידע פאַרלוירן גיין.

ד.

איז ווער וועט דאָ זיין אַז איך וועל נישט זיין? ס'וועט זיין דער לייב, דער הירש און דער פויגל. און ווער וועט לאַכן אַז איך וועל נישט לאַכן? איך וועל לאַכן. איז ווער ביסטו? איך בין איך — איך האָב געמאַכט דעם לייב, דעם הירש און דעם פויגל. און וועט זי קומען, ווען איך וועל

נישט זיין? די פרייד? — איך וועל זי באַצווינגען, און זי וועט קומען קניענדיק אויף די קני. און ווי אַזוי וועט זי דיך ליב האָבן? איך פאַר־לאַנג נישט איר ליבשאַפט. איז צו וואָס זאָלסטו זי פיינט האָבן? איך וויל ברעכן דעם שטייפן נאַקן, ווייל איך וויל, אַז דיינע ווענט זאָלן געהיט זיין. פאַלגט דיך דען דער לייב, דער הירש און דער פויגל? זיי פאָלגן. דערגרייכן זיי דיינע פאַרלאַנגען? ניין — זיי פאָלגן. איז צו וואָס זאָל זי קניען אויף די קני? ווייל איך וויל דיך דערהויבן. און זי וועט זיין געפאַלן? דיך צו גרויסן. און איך וועל זיין גרויס? איינציק. איינציק איז גרויס? — און וואו וועסטו זיין? אין דיר. און זי? זי וועט נישט זיין. און וואָס וועל איך טאָן מיט דיר, אַז זי וועט נישט זיין? דו וועסט זיין. בין איך דאָך! וועסטו ווייטער זיין. און צום סוף? בלייבט אַלץ דער לייב, דער הירש און דער פויגל.

ה

טו זיך אָן ווי אַ קייסערין אויב דיר געפעלט. ס'פאַרדריסט מיך נישט וואָס דו דערוווייטערסט זיך פון מיר. אַז דו באַשיינסט זיך, איז עס אפשר דאָך פאַר מיר. ווען די לאַדן פאַלן צו, שיינט דאָס ווייסע ליכט אַריין דורך די שפּאַרעס. אָט ווער איך מיד פון עלעגאַנטן קלייד. נעם איך און זעץ דיך אַוועק אויפ'ן הירש, און ער פאַרפירט דיך אין וואַלד און ענגט דיך אויף ביי די האָר אויף אַ שוואַרצן בוים. קומט דער ווינט און צעבלאָזט דיר דאָס קלייד און דאָס העמד. און די קראָען פליען אָן. שרייסטו מיט אַ באַנומען געשריי. קום איך אָן אויפ'ן פויגל, און נעם דיך אַראָפּ אַהיים צו זיך. בויגסט זיך מיט די גלידער פון גומי, שפרינגסט ווי דער אייגענער הירש. ווילד־געוואָרענע פרייד! אַז איך נעם דיך איצט צוריק, געדיינקסטו נישט אַז איך האָב דיך פריער פאַרשטויסן? שטייט נישט צו ווי אַן אַף מיט די שלעכטע אויגן. זיי שטיל און הער זיך כאָטש איינמאָל איין. נעמט זי זיך דרייען, און—פאַרשווינדט. בלייבט מיר אי־בער דאָס קלייד ווי פון אַ קייסערין, און די לאַנגע רויטע אוירינגען, און אַ פּאָס בלויע זיידענע שפּיצן.

ו

גייט דער טאָג אַוועק, צעלייגן זיך די שטערן אויפ'ן בלויען גרונט. די לבנה געוועלטיקט איבער דער וועלט. די וואַסערן שלאָגן זיך. די ערד לויפט איבער די בערג אַריבער. וואו איז דאָס בלויע מיידל פון דער נאַכט? קום, גיב מיר די איידעלע האַנט. צי מיט מיר אין דער נאַכט אַריין. צינד קיין ליכט נישט אָן. וואויל אַזוי. די ברעגן ווייטערן זיך, די פרייד קוימט אויף. אַ העלפאַנט איז די נאַכט, מיט'ן פּנים פון העלפאַנט־ביין. דאָס טאָג־וואַסער האָט אויפגעבראַכן דעם שלוז פון נאַכט. שטייט דער טויט און פּאַטשט מיר אין פּנים אַריין. קומט אים ביי דער מלאך גבריאל — זייער גראַנגל ליכטיקט און פינצטערט זיך ווי אַ שלאַנג מיט ווייסע

און ברוינע פלעקן. איך נעם אויף זיך די זינד פון גאנצן טאג. רייץ אויף מיר אויך אן די הינט פון נאכט מיט זייער קופערנעם בילן. זאלן די ווייטאקן ווייטיקן. פאלט א קללה ווי א שפיז און נאגלט מיך צו צו דער ערד.

ז

איך לויף ארום אין די גאסן הארט ביי די הייזער. צו וואס איז דא א הימל איבער דער וועלט? אויגן, מיין פויגל, דערהויבט מיך, דעם גע־פאלענעם. און צו וואס ליג איך דא א געפענטעטער, מיין פלינקער הירש, מיין בלוט? זי האט זיך פארשטעלט מיט מענטשן, איז זי א דערווייטער־טע געבליבן שטיין. הארץ מיינס, מיין שטארקער לייב, קום טראג מיך אין דער וועלט ארויס, אויף דיינע פלינקע אייזערנע פיס. ס'וועט קומען א צייט איך בין נישטא, נאר איצט בין איך נאך דא. זאגט דער לייב מיט א בייזער אין קול: „גענוג." גיי איך צו הארט צום ים. „ים!" בלייבט ער שטיל. „דיינע רויטע שיפן בארג אויס, איך דארף אין דער וועלט ארויס." „פירן סחורה?" שרייט דער ים. „ניין — איך וויל די וועלט אנזען." „איז ווילסטו פירן דעם לייב, דעם הירש און דעם פויגל?" „יא!" „גיב איך נישט מיינע שיפן, די געבוויגענע, די רויטע. די וועלט איז א שטוב, און דער מענטש איז די וועלט." זאג איך צום ים: „אויב אזוי, שיק מיר דא וואו איך שטיי א גרויסע כוואליע, און איך וועל גיין דערגרונטעווען דעם סוד פון טויט." ווארט איך מיט די הענט צום ים. ווארט.

ח

גילדערנע גליען די ליכטער ארום פון איר לייב. דער טאג באוועגט זיך אין דרויסן ווי ער וואלט וועלן אריין. דער הירש שפרינגט ארום אין קאפ, און די הערנער פלאנטערן זיך אין איר וואלד. דער רואיקער וואלד, ווי קען ער רואיק זיין? דער פויגל צופט מיר די האר: „זאל שוין זיין, וואס מאנסטו ביי איר? ווי וועט זי דיר וויסן וואס צו געבן?" גיי איך אר־מעטיק אום אין איר ליכט, אין ליכטיקן וואלד ביי איר. ברומט דער לייב און בייסט מיר די הענט און פיס. שווימען אן שאטנס און שטעלן זיך איין פאר מיר. פארשטעלט מיר נישט די שיין פון דעם גוטס, זאל דאס לאבן מיט'ן געדרייטן מויל! שטיל און שיין ווי א מוטער זיצט זי פאר מיר. און איך בין א שלעכט קינד ביי איר. די בריסט באהאלט זי פאר מיר. איך בין דער לעצטער ביי איר. זי הילט זיך איין און גייט נישט אוועק. זי זאגט מיר נישט: „גיי אוועק." גיי איך אוועק. גילדערנע גליען די ליכטער ארום פון איר לייב אין דער שווארצער נאכט.

ט

אין די גרויסע ליכטיקע הימלען שטייט א מענטש נאקעט. אויפ'ן דיל ביי מיר ליגט דאס קלייד פון דער קייסערין. איך הער א פארשפיצטן

רויזן־דריח. דו קומסט? — נישט. איך וואָלט געשיקט נאָך דיר, געקומען נאָך דיר. אין דיין ווייכער אָפּגעצאַמטקייט שוועבסטו אום, אָדער ליגסט שטום. נעם דאָס קלייד — קום. די לויפּיקע גאַס וועט דיר פאַרביילויפן. וועסט אַריין אין טיר, ביסטו ביי מיר. דאָס געשריי פון לייב איז אַ בייז געשריי. דער הירש טאַנצט מיט די גרינגע שפּרינגנדיקע פיס. און דער פויגל, מיינע אויגן, ברעכט און ברעכט די פליגל אָן דעם גרינעם גלאָז פון פענצטער. באַהאַלטסט דיך נישט, איך זע דיך אַ דאַאיקע שטיין אין גרויסן הימל נאַקעט.

## דאָס ליכטיקע מיידל.

### א.

שפּאַלט זיך דער טויער אין מיטן, דער חתן פֿאָרט אַריין. אַ געפּילדער אין דער קאָך אין הינטער־הויז. דער הויף איז פֿיר־קאַנטיק און ליידיק, מיט אַ בוים אין מיטן. דער האָז און די צוויי הינער און אַ קאַץ מיט בריליאַנטענע אויגן. אַ הונט אַ ברוינער, מיט ברוינע פֿיס מיט ווייס. ער פֿאָרט אַריין. אין מערב שטייט די זון, אין מזרח הענגט די לבנה. אַ סוכה מיט צוויי גרויסע פֿליגל אָפֿענע. ער שטעלט זיך אָפּ. דאָס פֿערד האָט אַ פֿלעק אויפֿ'ן שטערן, אַ ווייסן מיט פֿיר שפּיצן. ער שפּרינגט אַראָפּ און קושט דעם פֿערד אין פֿלעק העכער פֿון די אויגן. זי שטייט הינטער'ן גאַרדין און ווישט אַן גאַרדין מט די ליפּן ווי וואונדן. דאָס פֿערד הירזשעט: הרררר, הררררר. לאַכט ער: כאַ־כאַ־כאַ־כאַ. זי שמייכלט: פּה־פּה־פּה־פּה, און די געשליפֿענע פֿינגער אירע צינדן זיך ווי שבת־ליכט. נאָר איין אויג וויינט ביי איר אין קאָפּ. די מאַמע אין דער טיר זאָגט איר: „ער איז דאָ.“ זאָגט זי: „נעם דיר אים.“ זאָגט די מאַמע: „דרך ארץ, דו —.“ אַז ער גייט אַריין און ליגט דער מאַמען אויף די לאַנגע ליפּן, נעמט די יונגע טאָכטער שרייען און וואַרפֿט זיך אַנידער אויפֿ'ן דיל. אַלץ אין שטוב הויבט אָן טומלען. דער הונט מיט די ברוינע פֿיס איז דאָ, און די קאַץ מיט די בריליאַנטענע אויגן.

### ב.

דער טאַטע טראָגט אַ באָרד, אויגן ווייטע. ער קוקט מיט'ן שטערן. לאַכן לאַכט ער זאַכט. ער זאָגט פֿון ספֿר גרויסע זאַכן. באַנאַכט וואַכט ער איבער זיך, שלאָפֿט ער באַטאָג. די מאַמע מיט דריי גווידערס עסט די פּעטע קאַטשקע. שלאָפֿט טאָג ווי נאַכט. זי וואַכט בלויז איבער דער טאָכטער, דעם איידעלן מיידל מיט די ליפּן ווי רויע וואונדן. ביז'ן וואַלד איז ווייט. די מאַמע גייט נישט ווייט. דאָס מיידל גייט ווייט. זי שלאָפֿט נישט באַנאַכט — זי טאַנצט. זי שלאָפֿט נישט באַטאָג, זי לעכצט און בענקט ווי אַ זיי־פֿויגל וועמען מען האָט געשאָסן דעם ער. דער ער איז נישט קיין איינציקער ערגיץ. ער איז אַן אומעטומעדיקער. די מאַמע רעט און פֿירט אים פֿאַר דער האַנט: דער איז אַ בריליאַנטענער מענטש, דער איז ווערט די וואָג אין גאָלד, דער האָט אַ דימענטענע האַרץ. זי זאָגט דאָס און שמאַטשקעט מיט די גרויסע ליפּן און פֿאַרלייגט אַ האַנט אויף אַ דריי גאָרנדיקע האַנט. דאָס מיידל זוכט אוים די דימענטענע האַרץ און

נעמט אײנבײסן מיט די דינע שטײנערנע צײנדלאַך: טש־טש־טש. די קלוגע מאַמע באַװײזט װי ס'פּירט זיך צװישן מענטשן אױף דער זינדיקער ערד. און ס'קינד לערנט מיט התמדה די מידות פֿון דער װעלט.

### ג

דאַך זי האָט נישט ליב די מוטער און האָט נישט פֿײנט דעם פֿאָטער. זי האָט האַלט דאָס אײגענע ליב װאָס װערט איר גרױס און שײן װאָס פֿון טאָג. פֿון שפּיגל און פֿון װאַר װערט איר קלאָר אַז אײנציק איז זי. דאַך אױף יעדן שבת און יום טוב נעמט מען דעם פֿלעדערװיש און מ'װישט זיך אױס דאָס שפּינװעבס פֿון די הימלען, װערט ליכטיק אין די אױגן. דער העלד אין בוך פֿאַרטרײבט די גרױע לאַנגװײל — און לױטער ראָז און ראָז הענגען די טאַפּעטן און ס'קלעפּט דאָס װאַנט־פּאַפּיר. און אַלץ װאַרט אױף'ן אָװנט. די פּיס אין די װײכע פּאַנטאָפּל האַלטן שטילן טאַקט. און די קאַץ מיט די בריליאַנטענע אױגן װאַרעמט די װאַרעמע שױס, און דער ברױנער הונט דרײט זיך אַרײן און אַרױס דורך דער טיר.

### ד

דער פֿרילינג טאַנצט אַ טאַנגאָ. דאָס מיידל נײט איר חופּה־קלײד. די נעכט װילן גאָרנישט גײן שלאָפֿן, און די װעלט איז אַ ליכטיקע װעלט. זי איז אױפֿגעריכט געװאָרן — אַז די ליבע זאָל זיך װאַלגערן איר צו די פּיס און אַרומגײן אױף די הענט. די פֿרײד שיט זיך אין איר װי אין אַ זיפּ, און קױם װאָס זי קען אָטעמען פֿאַר פֿרײד. די געשאַנקען שענקט זי אַװעק, און מאָרגן שענקען אַנדערע די אײגענע געשאַנקען — און רײך װערט דערפֿון נישט אָרעם. דאָס ליב װערט איר לױטער װי כינעזישער פּאָרצעלײ. די האָר זײנען פֿול מיט פֿרישע לופֿט. און דאָס מױל עסט זיך אױף, — דין װי אַ קװיטש און רױט װי אַ קרעל. די אױגן קושן דיר דאָס מױל, ביז דו װײנסט. זי װײס פֿון גאָרנישט צו זאָגן. זי לױפֿט אַרױס װאו די לבנה ליכט. און ער בלײבט אין די קרישטאָלענע לײכטער מיט ליכט. ער מײנט זי אַנטלױפֿט, פֿאַרשפּילעט ער דעם שװאַרצן ראָק און זיצט. זי קומט צוריק: מיט איר, נאָך. גײט מען טאַנצן. די טאַליע די לײכטע רײף קאָלערט זיך אַרום אין די סאַלאָנען. די שײנע פֿלינקע פּיס טופּען און שאַרן און זוכן אים. און דער גאַנצער קאָפּ, האַלדז און נאַקן, זינגט. דרײען זיך די שטיבער און שיפּן זיך אַרײן אין הײסן גאַרטל אין גרױסן ים. און די װעלט האָט קײן עק. און יעדעס שטױבל און גרין גרעזל איז אַ נס פֿון הימל.

### ה.

דער דרױסן טאָג איז גראָ און נישטיק װי אַ גראַשנדיק ליכטל. פֿאַר דאָס דאָס האַרץ פֿון שטױב שײנט װי די לבנה אין מיטן חודש. ס'איז אַזױ גוט, אַז זי װיל שטאַרבן. בעסער װעט מסתמא שױן נישט זײן. זי זיצט בײם פֿאָרטעפּיאַן, פֿײגל פֿליען אַרײן אין פֿענצטער. דער טאָג װיל אױך

אריין. אַ וואָגן מיט רעדער ריצט אויפ׳ן ברוק און רייסט זיך אריין, און אַ פערד און מענטשן. זי טוט זיך אוים מוטער־נאַקעט און לאָזט נישט. דער שפּיגל גייט איר נאָך. דער גלעזער הונט ביים טיר היט. די קאַץ וואַכט מיט די צוויי ברילִיאַנטענע אויגן. אויפ׳ן הימל גייט אַרום אַ פּולער וואָלקן — זוכט ערגעץ רוי פעלד. אַ שטיין מיט זיבן ציין קוקט אים טראַציק אָן. און די דינע בוימלאַך אויף שפּיץ־באַרג ריידן זיך דורך. וועט זיין אַ רעגן — וועט נישט זיין קיין רעגן. זי טאַפּט דעם ווייסן בויך מיט די ליכטיקע פינגער, לייגט זיך אויפ׳ן דיל אַראָפּ און טרויערט, און ווייס נישט ווי אַזוי צו זאָגן, אַז — דאָס געשעענע איז ווי נישט געשען. אָבער אַז דאָס איז שוין יאָ געשען. אַלץ איז דאָך שוין געווען. ווער ווייס ווי אַזוי און ווען עס וועט אַלץ אויפהערן. דער ים איז אַ גרוים אָרט וואו שיפן שווימען אום — וואָס איז דאָרטן אונטן? און ווער וועט זי אויסלייזן פון וואַסער און אַוועקמאַכן פון דער לעבעדיקער וועלט, אַז מער נישט דער נאָמען אירער זאָל געדענקט זיין, און זי ערגעץ ווייט זאָל ראָוי זיין צו ליגן עמיצן צו די פיס פּאַר אַ פוסבענקעלע?

ו

קומט נישט אודאי די מאַמע און רופט זי צום טיש: דער טאַטע וואַרט. דער הונט דערקענט אַז אייגענעם — טאַנצט ער אַרום מיט די ברוינע פיס. די מאַמע רעט: „פון עסן אַז מען עסט איז מען גוט אויפגע־לייגט און די וועלט באַקומט דאָס אמת׳ע פּנים. מען עסט ווערט מען שטאַרק. אַז אַ מיידל עסט האָט זי כח ווען איר צייט קומט. ליגן אויף דער ערד איז נישט שיין, און צו וואָס גאָר נאַקעט?" דעם מיידל איז גוט ביז גאָר־מישוגעת, שטייט זי אויף און באַהעפט אירע דינע רויטע וואונדן מיט דער מאַמע׳ס ברייטע ליפּן, און האַלדזט איר דעם פעטן האַלדז און דריקט איר די לאַנגע שווערע בריסט, — און העשעט. גלעט די מאַמע איר די העלע האָר און ווייגט אויך עפּעס, ווי פון אַ ברונעם אַרוים. זי באַ־טראַכט די שיינע נאַקעטע טאָכטער וואָס זי האָט געהאַט אַ פּיציניאַנקעלע און וואָס איז אַזוי גרוים און ליכטיק געוואָרן. נעמט זי איר קינד אויף די הענט און קושט איר אויף די יונגע ברוסטן, אויף דעם באַ׳חנ׳טן נאַפּל, די צוואַקסענע היפּטן, און גיסט טרערן. אומגעדולדיק קוקט דער טאַטע אַריין מיט דער באָרד אין שטוב. זאָגט די מאַמע: „זע ווי אונדזער קינד איז גרוים געוואָרן." קומט ער אַריין אָפּהענטיק, פאַרכטיק. ווי פּאַר אַ קייסעריין, וואָס ער אַליין איז גאָר דער קייסער.

ז

ער באַקומט מוט, רעט ער: „פיינלאַך איז דער תענוג פון טאַטן צו זען די גרויסע ווייסע טאָכטער אויף אַזוי גרוים ענלאַך צו דער ווייב. די מורא שטייט דאָ ערגעץ און מאַכט ציטערן דאָס האַרץ — טאָמער איז די ליבשאַפט טומאה. דיין שיינקייט איז מיר נאָענט אין קלייד און אַז

קלייד. איך זאָל דיך קושן — ביסט גוט, קוש איך אויך דיין שיינקייט זינלאָד. בין איך אָבער אַלט און דו יונג. ביסטו מיר נענטער ווי איך דיר. ווייל איך נישט זאָלסט זיך מער אָפּפרעמדן. פּאַרקניפּט בין איך דיר מיט׳ן לייב. מיט די אויגן וואָלט איך דיך דערקאָנט צווישן טויזנט. ביסט מיין שיינע טאָכטער. און איך וויל נישט פאַרלייקענען אַז דו ביסט רייצנדיק שיין — ס׳זאָל דיר קיין שלעכטס ניט געשען". פאַרברעכט די מאַמע די הענט. און דאָס ליכטיקע מיידל פאַלט אים אַ נאַקעטע צו די קני. רעדט דער טאַטע ווייטער: „איך זע דאָך, גאָט האָט מיך געשלאָגן פאַר די רייד. זיי געלויבט דערפאַר—כאָטש דיינע וועגן זיינען מיר קרום און פינצטער".

ח.

גייען גאָלדענע טעג אַזוינע — ביז די הויכע צייט וועט קומען. ווייט אַוועק ערגעץ איז אַ וועלט פאַראַנען — דאָ איז דער זוניקער שטוב, די זון קומט און גייט איבער פון איין פענצטער אין אַנדערן. ס׳מוז דאָך ערגעץ זיין אַ וועלט, וואָס ער דער רייטער אויף׳ן פערד רייט אין איר אַרום, וואו ער דער פלינקער טענצער טאַנצט, און וואו עס איז נאָך מסתמא דאָ יענע קרישטאָלענע לייכטער מיט ליכט, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט ברענען, ווייל זי האָט זיי נישט אויסגעלאָשן. זי וועט אַמאָל צוריקקומען אַהין שוועבנדיק שטיל און אין ווייסן. דער טאָג ברעכט צונויף. און די שטילע לבנה אין פענצטער וואַשט זיך ס׳ליכטיקע פּנים, און דער הימל איז ריין, לויטער. זי זיצט און וואַרט — ווייס. עפּעס אין איר שפּילט — רויט. עס וויל שוין קומען און זיך אַוועקשטעלן פאַר איר: איך בין דאָ! זי אָבער זאָגט צו דעם: „ביסט נאָך נישטאָ. וועסט אָבער זיין, וועסט זיין! דערווייל בין איך! גוטער גאָט, האַלט אָפּ די צייט, דערנענטער די צייט." אין דער טיפער נאַכט שרעקט איר דאָס האַרץ אין די כשוף־שפּיגלען פון שלאָף. שוועבט זי אַ שווערע מיט׳ן פולן לייב. קומט זי אַריין אין אַ קאַרשן־גאָרטן. אַ מענטש טייט אויף איר, זי וויל אַנטרינען מיט די פיס, מיט די הענט, מיט׳ן קאָפּ, און זי קען נישט, און זי קען נישט וויינען.

ט.

פלינקע שאַרפע מעסערס שניידן איר אויף דאָס לייב ווי אַן עפּל, שניידן אָפּ דאָס קינד מיט די שוואַרצע הערעלאָך. דאָס ליכטיקע מיידל לויפט אָפּ מיט בלוט אויף דער מאַמע׳ס הענט. דער טאַטע שטייט צו־קאָפּנס בעט. גייט דער טאָג אַ געקראַמפּטער אין שטריק, געבויגן, גע־בראָכן, געלעמט. „ליכטיקע מיידל, איך האָב דיך אַן אַ שיעור ליב. איך קוש דיר דעם צעוויייטאָקטן אָרט. וועסט נישט אָט שוין גיין פון דער וועלט". הערט זי דער יונג רופט פון צעפּראַלטן טויער, שמייכלט זי מיט די דינע ליפּן ווי וואונדן: פּה־פּה־פּה־פּה־פּה. ער: „וואַרט ביז טונקל. געדענק דעם באָגראָזטן שטיין: כאַ־כאַ־כאַ־כאַ." זי: „יאָ, וואַרט,

שריי נישט. איך קום שוין." די מאַמע טאַרעט איר דאָס ליכטיקע לייב.
דער טאַטע רייסט איר די שווערע האָר. זי הערט נישט און גייט, דאָרט
צום גרויסן בוים, צום באַגראָזטן שטיין. „אהער, ליכטיקע מיידל, וואָס
איך האָב דיך ליב ווי ס'לעבן. אָט בין איך, אָט אַ דאָ." גייט זי צו:
„וואו ?" אטאָ." „וואו, וואו, וואו ?" „אטאָ דאָ." „וואו ? דאָ איז דאָך
ים." „ים ?" „דאָ איז דאָך הימל." „וואָס ?" „גאָרנישט איז דאָך דאָ."
„גאָרנישט !" „וואו איז דער טאַטע מיט דער שיינער באָרד און די מאַמע
מיט די גוטע הענט ?" עפּנט זיך פון גאָרנישט עפּעס אויף און זי גייט
אריין אינעווייניק. שמעקט דאָ מיט געווירצן, מיט אויבסט, מיט פריי־
מאָרגן. „איך בין שוין לאַנג דאָ ? איך דאַרף דאָך אהיימגיין געבן דעם
קינד די ברוסט."

איבער דער ערד.

א

די לבנה א פרישע איז ארויסגעקומען אויפ׳ן הימל. האט זיך דער בארג אונטערגעזעצט און אנגעטאן די קרוין־לבנה. איך בין אין דער פינצ־טער וואס איז ליכטיק געווארן, קומט זי אריין אויף די שפיץ פינגער אונ־טערטאנצנדיק מיט די יונגע פיס. מיט געהויבענעם מוט שטיי איך אויף און שפרייז אום אין ליכט. גוט וואס ביסט געקומען! זאג איך — זע נאר ווי די בערג זענען ארויסגעשוואומען פון די באהעלטענישן. זע נאר די לבנה קרוינען אויף זייערע קעפ. נאר דא איז עפעס פלוצלונג געשען. און דרויסן און אין שטוב איז שטאק נאכט. דער הונט פון נאכט ליגט אויף דער קייט ביים בעט און בילט. פיר איך אים ארוים אויף דער פריי. איך וועל נישט אנרייצן די נאכט אויף אייך קיינעם — איך וויל נאר אראפגיין צום טייך אים אנטרינקען, קומען מיר באלד צוריק. ער טרינקט דאס שווארצע וואסער און בילט. גייען מיר אהיים צוריק. איך בינד אים צו צום בעט, און אליין ליג איך אויך שוין אין בעט. גאט!

ב

געגאנגען איז א מיידל א צנועה איבער די גאסן און פארקויפט דאס לייב פאר בלויזע דריי גראשן. זאגט מען צו איר: דום! האט זי פארנו־מען דעם צאפ ארויף, אפגעשווארצט די אויגן־האר, און געבעטן דריי צע־נער. שיין! האט זי דאס זילבער איינגעטוישט אויף גאלד, אראפגעלאזט דאס זיידענע קלייד ביז די שיינע קנעכלאך. אנגעצויגן די שיך מיט די זיבעציק קליינע לעכלאך. גייט מען איר נאך אין צילינדערס, און זי הויבט מיט די געטלאכע היפטן ווען זי שפאנט. איז דאס זייער קלוג! איצט פירן זי קארעטן מיט פיר פאר פערד נאשפיץ. זי פאכעט מיט׳ן כינעזישן פעכער דאס ווייסע דינע פנים. די מאלפעס נעמען זיך פאר די עקן און טאנצן ארום אויף די הינטערשטע הענט. דינגט דער שווארצער דזשענטל־מאן דעם פאעט מהיכא תיתי ער זאל פאר איר לידער שרייבן. אזוי ביז זי קומט אן צום קיסר, דערנאך צום פאפ. און ווען אירע דינע פיס ליגן צו דער טיר, שטעלט זיך שוין אין דרויסן דער הונט צו דער וואנט.

ג.

איינגעהאנדלט טויזנט אקער ערד, אריינגערעכנט דעם שטאל, די הויי־זער און גאט׳ס הויז, האב איך דאס ארומגעדראטעוועט מיט א פארקאן. אין מיטן לאנד ארויפגעצויגן א פאן אויף א הויכן ווייסן דראנג, אויסגע־

ליגט וועגן ברייטע מיט שטיינדלאַך ביי די זייטן. אַרומגעשניטן די פּוילע צווייגן פון די אויבסט און שיין־בוימער. געדונגען היטער זאָלן היטן, און זייערע ווייבער זאָלן רייניקן, וואַשן און שייערן. און די פעלדער מיט די לאַנגע גלייכע שרענגעס זיינען גרין אין צייט און רויט אין צייט. קומען אויף די עפּל ווי קעפּעלאַך פון קינדער, די באַרן שטייען ווי בריסטן פון יונג־פרויען. די קי אין די לאַנקעס פּאַשן זיך, און די חזירים ביי די קאַר־רעטעס. האָב איך מיר אויפגעזוכט דעם בלויען אַגער, אַריבערגעשפּרונגען דעם פּאַרקאַן און אַוועק. קום איך אַן אין וואַלד. אַ וואַלד איז קיינעמס נישט. שטעל איך מיך אָפּ. גוט איז צו זיין אַ פרעמדער. איך קלאַפּ צוזאַמען אַן אָרעם צעלט מיט איין טיר. אָדער איך ליג אויף'ן דיל אָדער איך שטיי אין טיר. גייען טעג און יאָרן, און קיין רוף.

ד

אין גרויסן געלויף בין איך מיטגעלאָפן. און ווען דער מבול האָט די בריקן צעבראָכן, האָב איך זיך אַרומגעשיפט אין אַן אַלטן צעבער, ביז דער צעבער איז צושפּרונגען. איך האָב זיך געראַנגלט מיט די בלויע קנוילן וואַסער, און זיי ביסלעכווייז בייגעקומען. אין פעלד האָב איך זיך אָפּגע־שטעלט. איך נעם זיך טריקענען אויף דער זון — הער איך מען קלינגט אין טורעם פון טומאה און מען טרומייטערט: פייער. לויף איך אין ליי־מיקן פעלד צום רויטן הויז. דאָס פייער זעצט פון די שויבן. איך דרינג אַריין אין די רויטע פלאַמען, און אַז איך ברען שוין אין איטלאַכן טייל, לויף איך אַרויס צוריק. און דער ווינט וואָס איך מאַך, צעפּאַכעט דאָס פייער. שטעל איך זיך דאַך אָפּ און וואַרט ביז איך לעש אויס. קומט גאָר אָן אַ שפּאָגל־נייער טומל: עק־וועלט, מלחמה. לויף איך אין די אייזער־נע שטיוול איבער צעבראָכענע פעלדער און פרעמדע לענדער, און שטעך מיט דער פּיקע וואו אַ נאָענטער שונא און פון דערווייטנס שיס איך. ליג איך אַליין אַ צעשאָסענער אויף צען שטיק, הער איך מען בלאָזט שופר: משיח אויף'ן ווייסן פערד — — —

ה.

דער קייסער פּראַוועט זיך, מיט דער גראָבער קייסערין לינקס אין די געהאַפטענע, זיידענע קליידער, און מיט דער קורטיזאַנע אויף דער רעכטער זייט אין שוואַרצן געהעקלטן טול מיט די ליכטיקע לעבעלאַך לייב. דער מעשענער אָרקעסטער אָטעמט מיט אַנגסטן: זיג, איבער די פּאַלירטע דילן פוזען אום די שאַרפע קראַקאַדילן: זיג. דורך די פינצטערע פענצ־טער פליען אַן די היישעריקן: זיג. פראַלן פּלוצלונג אַריין דריי ווייסע נאַקעטע מענער. מיט אָראָפּגעשאָסענע קעפּ. גייט פון די רויטע גאָרגלען אויף אַ געשריי: זיג, זיג, זיג; אינאיינעם: זיג. שיסט אויס איין גאָרגל: זיג אויף דער ערד. פּלושקעט דער צווייטער גאָרגל: זיג אויף די וואַסערן. פּייפּט דער דריטער גאָרגל: זיג אין די לופטן. זיג! דעם

קייסער איז די בלאַז געשוואָלן פון טרינקען, און דער מח פּלאָנטערט. די קייסערין אָבער שטרעקט צירלאָך אויס די האַנט צו איר ווייסן באַצירטן בעכער. דערמאַנט זיך דער קייסער און רעט אַזוי: לאָמיר טרינקען דעם איידעלן רויטן וויין. זיי נעמען די דריי ווייסע בעכער, פירן זיי צו צו די ליפּן און טרינקען. וואַרפן זיי זיך האַלדזן און קושן צווישן זיך און מיט די געלאַדענע גאָלדענע געסט, און מיט דעם גרויס־אויגיקן חמור וואָס איז טיר: זיג!

.ו

דאָס וואָרט ברענט מיר אין פּנים, דאָס דינע אָפּגעמעקטע וואָרט, ווי אַ רויז אין דער מעשה אין אַ געפונענעם בוך. אין דער לאַנגער געשלאָ־סענער קייט — דאָס וואָרט. אין די שטערן און העט אַריבער די הימלען, די וואַרהאַפטיקייט, דאָס וואָרט — דאָס וואָס איך וויל זיין איידער איך שטאַרב. ס'וועט קומען דערנאָכדעם אַזוי ווי פריער ס'איז געווען — שיפן וועלן אונטערגיין, שטעט וועלן צעפאַלן פון אַלטקייט. דער שם אָבער שיינט אַרויס פון ראַסט, פון שימל און שטויב. ווען איך רוף: גאָט! — ווערט מיר אין די שלייפן לויז. די האָר פלאַקערן מיר אויף אויפ'ן קאָפּ. ווייט זע איך דעם תמצית, די לייטזעליקייט, דאָס וואָרט לעבעדיק, לויבנדיק, עס לעשט זיך נישט, ברענט די אינגעווייד. — אין ווייטאָק לעב איך. ווען איך שריי נישט, נעם פאַרליב, הער איך אין דער שטיל ווי אין אַ ים — וואונדער פּאַרטראַכטע וואָס דאָס וואָרט האָט פאַרטראַכט. פעלקער וואַכן אויף און שלאָפן איין אין וואָרט. איך וויל זיין דאָס וואָרט פון היינט ביז אייביק איינציייטיק, אומעטום.

.ז

אַז וואו איך בין, בין איך שוין געווען: און וואָס איך טו, האָב איך שוין געטאָן. דו ביסט דאָס אָרט פון מיין זיין, דו ביסט די האַנט פון מיין טאָן. פון דיר קומט אַרויס מיין מין, צו דיר גייט אַוועק מיין מין. ווי אַ פונק לעש איך אויס, פון דיין פייער אויפגעשפּריצט, אין דיין חלול פאַרטרונקען. די שרעק ציינט מיר אָן דעם מאַרך, די האָפענונג לייכט מיר אויף די וואַרימע אויגן, די ליבע מאַכט מיר ציטערן דאָס האַרץ. דו ביסט דער קוואַל פון פרייד און שרעק און ליבע. דו ווילסט איך זאָל לעבן! איך בין נישט דיין נביא, גאַרנישט ווייס איך, אָבער דאָס ווייס איך — מיט'ן טויט שטאַרב איך נישט. אַז איך קום אין הויז פון דיין שרעקלאָך־גרויסער ליבע בין איך מער נישט איינזאַם אין מיין איינזאַמ־קייט. איז דער צער עפּעס אַזאַ גרויסע פרייד, און איך קוש די פוסטקייט און שריי: גאָט! גאָט! ענטפערסט, צי ענטפערסט נישט — ביסטאָ — ווייל אַנישט, איך בין איצטער דאָ, און מיין ליבע צו דיר איז ווי דאָס לעבן וואָס איך היט אָפּ און באַוואַר אין מיר. זאָל דער צער, די שרעק, דער טויט, פון דעם נישט מינערן. — גאָט!

ח.

מענטשן וועלן נישט גלויבן, אַז איך וועל דערציילן איך האָב דיך גע־זען. איך שטיי אויפ׳ן וואַסער. די זון איז נישטאָ. די וואָלקנס טריפן רעגן. דו הויבסט זיך פון וואַסער אַרויס, אַ מעכטיקע זעאונג, און שטייסט מיט מיר. אין דיינע אָרימס ווי פון זילבער געגאָסן ווילסטו מיך אויפהויבן און אַוועקטראָגן. שעפּטשעסט: טרייסט, זיי געטרייסט ! די ליפּן ציט־טערן, די ווייטאָקן צעררייסן דיר ס׳לייב. מיט דריי קלעפּ צעשלאָגסטו ס׳וואַסער. איך רוף צו דיר מיט מיינע שאַרפע אויגן, מיט די הענט גע־שטרעקטע צו דיר. פירסטו מיך אַוועק איבער די שטאַרקע באַוועגלאַכע פלאַכן. דו ווייזט מיר — איך האָב קיין אויגן נישט פאַר גאָרנישט מער: רויט דרייט זיך בלוט אַ טייך פון אויבן ביז אַראָפּ און צוריק אַרויף. קלאַנ־גען שמעלצן זיך ווי אייזן און ברענען אין די אויערן. איך קען דאָס נישט פאַרטראָגן, לאָז איך אַזוי אַז עס פּלאַצט אין מיר דאָס האַרץ. דיין טרייסט עגבערט מיר אין מוח. דיין טרייסט טרייבט מיך ווי אַ קללה, דאָך צווינגט עס מיך בלייבן שטיין. קוש איך דיר אויף דיין מויל, האָט מיר אַזוי אַ ברי געטאָן ווי פון אַ ברען. דיין שרעקלאַכע ליבשאַפט, און איך בין פאַר־זונקען פון איין דמיון אין אַ צווייטן. ביז די לבנה דיין טאָכטער איז אַרויס אין אַפּענעם הימל און מיר אויסגעגלייכט די קנייטשן אויפ׳ן שטערן.

ט.

דו ביסט ווי אַ קוואַל אין אַפּגעפרישטער, וואָס דאָס ערשטע וואַסער האָבן פרעש און שלאַנגען אויסגענאָגט. איך האָב זיך געפּעדערט גאָר פרי — קוים עס טאָגט — און דעם גאַנצן טאָג האָב איך געוואַרט, און אַפּ־געהיט די נאַכט — דו קומסט אומגעריכט און פירסט מיך. איך האָב פאַהברענט די פעלדער הינטער זיך, אַפּגעווישט דעם נעכטן ווי מיט קרייד פאַרשריבן. האָסטו אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט — זע איך ווידער אַלץ און קען זיך מיט דעם נישט שיידן. האָסט מיך געפּרואווט, און ווידער געלייטערט און ווידער געפּרואווט — אַט ערשט קום איך צו זיך.

א

דאָס טויטע מיידל זיצט ביי דער מוטער אין שטוב, קומט צו גיין דער גאַסט און שטעלט זיך אריין אין פענצטער. קוקן אַלע דורכ׳ן פענצטער. גייט אויף די לבנה, גייען איר נאָך די שטערן. זעען זיי אַלע שטערן, נאָר איין שטערן אַ פינצטערן זעען זיי נישט. דאָס טויטע מיידל אָבער זעט אים יאָ. פינצטערער שטערן, פאַרוואָס ביסטו אַזוי פינצטער? טויטע מיידל, פאַרוואָס ביסטו טויט? גיבן זיי זיך די הענט, זעט אים ווי קיינער זעט נישט. ווילן זיי טאַנצן, שטייען טיש מיט שטולן. ווילן זיי לאַכן, ווערט אַ שטומעניש. כאַטש נעם מיט די הענט און צעעפן אַלעמען די מויל־אַנגלען. וואו האָסטו דאָס אַזוי געבלוטיקט אַז ביסט טויט? וואו האָסטו דאָס אַזוי אַרומגעבלאָנדזשעט אַז ביסט שוין פינצטער? דער גאַסט דערזעט דאָס, בליצט ער ביין מיט די גרינע פינגער. קוקן זיי ווידער אַלע: איז די לבנה אויסגעגאַנגען. און די שטערן ווי קיינמאָל נישט געווען. בלויז דער פינצטערער שטערן צעשטראַלט זיך רויט אַריבער געבוירענע בערג און פלאַכע טייכן. דער גאַסט צעשרייט זיך ווי פון ווילדן ווייטאָק. דאַ שפּרייזט דאָס טויטע מיידל צו אים צו: בין איך דאָך נישט טויט! נעמט דער גאַסט מיט די גרינע נעגל און שנייט איר דאָס האַרץ ביז בלוט רינט. מיר פאַר דיר, מיין טויט מיידל, — צעוויינט זיך דאָס גרויסע גוטע ליכט און ווערט צוריק פּיוצטער.

ב

זאָגט דאָס מיידל צום גאַסט אַזוי: מיט דיר און דורך דיר זע איך בלומרשט וואָס איך וויל. פונדעסטוועגן ביסטו נישט דאָס! און איך בין אויך נישט דאָס. און צי דו קומסט, צי דו גייסט, בין איך אַלץ דיין שאָטן וואָס הענגט אויף דער וואַנט מיט׳ן קאָפּ צוגענאָגלט צום סופיט. דאָס פערד האָט זיך זאַבריקעט און מיט די פיס מיר אין בויך, דאָס קינד שלאָפט אין ווייסן. און איך זיץ אַ ווייסע אין גרויען. אין גרוים שרעק וואַרט איך כ׳זאָל נאָכאמאָל שטאַרבן. דו שניידסט מיר ס׳האַרץ מיט די גרינע נעגל, וויל איך זאָלסט אַלץ פאַרשניידן. איך בין נישט אויף דעם געבוירן אַז כ׳זאָל ווייטיקן. אין טאַטנ׳ס הויז האָט די וועלט מיר פון די הענט אַרויס געגעסן. דאַ פאַל איך זיך אַליין צו לאַסט. אַ כשוף האָט מיך פאַרשאָלטן אַז דו זאָלסט זיין מיין פענצטער אויף דער וועלט אַרויס. לערער ביינער וואָס דו ווייסט אַלץ — איך וויל גאָר מער נישט ווּיסן. דאָס ווּיסן

האָט מיך פאַרבלוטיקט, דעם יונגן קאָפּ מיר גרוי געמאַכט. כ'בעט מיט גרויס צער: מיינע אויגן מיט שערבלאַך פאַרשטעל, און לייג מיך צופוסנס פון ווייסן קינד, אין ווייסן.

ג

דער גאַסט רעט נישט, אָבער נישט פון באַשייד. ער צעקרימט די הענט, און מיט דער פלאַך פּאַטשט ער זיך אין פּנים. מיט'ן אייזן פון שטיוול צעקראַכט ער אַלדאָס שפּיגלוואַרג. שפּרייזט אויף און אָפּ, קי־בערט און טרייסלט די שטוב. לויפט אַריין די מאַמע מיט הוילע אָרעמס — דערשרעקט זיך, לויפט אַרויס. לויפט אַריין די שוועסטער מיט אַנט־בלויזטע בריסטן — ווערט בלייך און וויינט. קומט אַריין דער ברודער: אַזוי? אַ חתונה? נעמט זיך שטעכן מיט'ן ווילדן גאַסט. עפענען זיך אַלטע וואונדן, נייע קומען צו. די שכנים קוקן אַריין מיט די קעפּ אין די טירן. זיצט דער גאַסט און קלאַפּט זיך מיט די פויסטן אין האַרצן. קומט דאָס טויטע מיידל צו, און קושט אים די גלאַטע בלויע האָר, נעמט אים אין די טויטע הענט און וויגט זיך מיט אים אַהין, און וויגט זיך מיט אים אַהער, אַהין און אַהער, אַהין — אַהער, און דאָס קלאָג־ליד וויגט זיך מיט, ווי אַ הירש מיט אַ קויל אין די פלאַנקען. בייסט ער איר די רויטע, טויטע ליפּן. זי פאַרשטומט, און קושט אים דעם ביין פון גאָרגל און די געקרייזלטע האָר וואָס אויפ'ן ברוסט.

ד

דער גאַסט טרייבט דאָס טויטע מיידל פון דער מוטער'ס שטוב. לויפנדיק פון די שטיגן פאַלט זי אַראָפּ אין קעלער. ליגט זי אַ פינצטערע. גייט אויף דער פינצטערער שטערן דאָ פאַר איר. ער דערלאַנגט איר אַ טעלער מיט עפּל, עסט זי און שטאַרקט זיך. גיט איר וואַסער, זי טרינקט. שטעלט ער זיך אַוועק אין אויסזען פון אַן אַלט בענקל, זעצט זי זיך אַוועק. און אַז זי זיצט אַזוי, הויבט ער זיך אויף מיט איר גאָר גאָר הויך. ער פירט זי אַריין אין אַ גאָרטן. בויגן די בוימער די קרוינען צו איר. די וואַסערן קומען אַרויס פון וואַסער און וואַשן איר די קאַלטע פיס, ביז דאָס בלוט אין איר הויבט אַן גיין ראַש. נעמט זי זיך אייגענע פליגל: זי פליט! פליט זי, פאַלט זי. און יעדער אָפּגרונט האָט ווידער אַן אָפּגרונט. זי פאַלט אויף די אונטערגעשפּרייטע פליגל, און דער גוף בלייבט גאַנץ, ווי אַ ווייס אויסגעלאָשן ליכט. אַביסל זון זיפּט זיך דורכ'ן מאַך אויף די פעלזן. — „איך בין טויט," זאָגט זי, „איך וועל שוין נישט לעבן." „אַז ביסט מיט מיר זיי מיט מיר." „איך וויל שוין גאָר מער נישט זיין." זי ווילט דאָרט עסנדיק דאָס אָפּפאַל פון פויגל, ביז די פליגל וועלן זיך אויס־שטיין. און מיט די פליגל גייט זי אַרויס אויף דער פריי אויפזוכן דעם גאַסט.

ה.

דעם ערשטן מאָל רעט דער גאַסט: „הימל, אַזוי ווי אַ רויבפויגל ביסטו אַנגעפלויגן אויף מיר. איבערגעוואַלט ווילסטו מיך דערהויבן, איך וואָס קריך דאָ אַרום אין קויט. לאָז אָפּ. זאָל זיין. איך באַגער דאָס טויטע מיידל, האָסטו מיר אין קאָפּ אַנגעצונדן רעדער וואָס דרייען זיך און שלעפּן מיך מיט. וואוהין ווילסטו זאָל איך מיטגיין? — אַז איך וויל נישט גיין. איך וויל דאָ זיין, ביי דער האַנט פון דער טויטער מיידל, די האַנט מיט די צען זילבערנע פינגער וואָס ציען מיר אַרויס דאָס חיות. גאָרנישט ווען שוין קיינמאָל נישט זיין. צוזאַמען וועלן מיר זיין, און נישט־צוזאַמען וועלן מיר שוין נישט זיין!" ער בליצט מיט די גרינע נעגל. די בלויע האָר פאַלן אים גלאַט איבער די שלייפן. ער וויינט לאַכנדיק, און דאָס לאַכן מיט'ן געוויין הוידען זיך ווי צוויי אין אַ הוידאַלקע ביינאַכט. ליגט זיך דאָס טויטע מיידל צו זיינע באַשטיוולטע פיס, מיט'ן פנים אַראָפּ און גראָבט איין די אויגן אין דיל, און מיט'ן מויל פון איר טויטן האַרצן זאָגט זי: „נישט־צוזאַמען וועלן מיר שוין נישט זיין. דער שטערן וואָס זיצט מיר אין בויך וועט מער נישט געבוירן." זאָגט דער שטערן: „איך בין אַ שטיין." שפּרינגט דאָס מיידל אויף און שרייט: „ניין, ניין!" און וואַרפט זיך אַרויס פון פענצטער.

ו.

זעט דאָס טויטע מיידל, זי לעבט, — ווי אַ רויטער עפּל אין דער האַנט, נעמט זי זיך קאַלערן איבער דער גאַס אַהין וואו די שטאָט ברעכט זיך אָפּ. דער טאָג אָבער לאַכט, הויבט זי אויף און שטופּט זי אין פּנים אַריין יעדן גייענדיקן מענטשן. פון די ווייסע ליכטיקע אָרעמס ביי איר פאַלן כסדר ווייכע בליטן. זי וויל אומקומען, דערלאָזט די שיינקייט איר נישט. מאַכט זי מיט די הענט אַזוי, ווערט די שטאָט אַ וואַלד וואו זי זאָל קענען איבערטאָגן דעם טאָג ביז נאַכט. באַנאַכט, זי גייט פאַרביי אַ געטורעמט הויז, נאַרט דער גרויער טורעם אויס ביי איר די אויגן, און פירט זיי אין הימל אַריין. זי גייט אָפּ אַן אַ זייט. באַוויַזט זיך דער פינצטערער שטערן. נעמען זיי זיך אַרום און קושן זיך אין מויל. פון די זייטן ווערט אַ שטופּעניש, מען מיינט עס איז אַ חתונה. ווי דען — ס'איז נישט קיין חתונה! קומט אויס פרעגן, וואו וואוינען? זאָגט זי: „אין הימל מיט דיר." ער: „אויב מיט דיר, איז אויף דער ערד." ווערט און פאַרבלייבט אַ שטומער אייביקער ברוגז. ער דאָרט, זי דאָ — די וועלט זאָל האָבן אַ קיום. און דער גאַסט מיט די גרינע נעגל קומט אַהער אין גאַס אונטער'ן פענצטער אויפהויבן דאָס טויטע מיידל.

ז.

צו דער חתונה רויטע ווייגען אין די גרויסע פלאַשן. ווייסע לייענע טישטיכער אויף די האָלצערנע טישן. שטייט דאָס טויטע מיידל מיט'ן שפּיץ פון שוואַרצן צאָפּ אין מויל פאַר'ן שפּיגל פון איר גאָרטן דעם וויי־

טערדיקן. מוטערס מיט באַבעס מיט עלטער־באַבעס, מיט פאַטערס, זיי־דעס, מיט עלטער־זיידעס, מיט פעטערס, מומעס מיט עלטער־מומעס — טראָגן בגדים פון שוואַרצן טוך מיט ווייסע זיידענס. די כלה אין ווייסן זיצט אויפ׳ן אויבן־אָן פון שטוב און קוקט צו דער טיר און צום שוואַרצן פענצטער. פינקלט דער עולם מיט די פערל און בריליאַנטן, זינגט פון נחת און מיט באַטייט: שיר השירים אשר לשלמה. כאַפּט זיך דאָס טויטע מיידל אַז זי וויינט, נעמט זי לאַכן. שטעלט זי זיך אַריין אין דער מיט פון די דריי שפּיגלען פון אייביקן צווייפל: וויינט זי, לאַכט זי וואָס זי וויינט, וויינט זי וואָס זי לאַכט, לאַכט זי וואָס זי וויינט — אַזוי ביז דאָס האַרץ גייט איר אויס פון איר אומגעהייער גרויסן צער. און דער געהוי־בענער שוואַרצער טומל טראָגט דאָס טויטע מיידל די כלה, צו דער אָפּ־געזונדערטער שטוב מיט׳ן בעט, געקלייט אין ווייסן.

ח.

דאַ קומט ער צוגיין מיט געשייטע טריט, דער פינצטערער פּנים פאַר־צערט פון צער. הערט זי אין שטוביקן שלאָף, ער שאַרט מיט די שטילע ווייכע פיס ווי שניי — וויל זי זיך פון איר שלאָף אויסטאָן, פון דעם האַרטן שלאָף וואָס האָט זי באַצוואונגען. וואַרפט זי פון זיך די ווייסע געוואַנטן פון שלאָף—בלייבט זי אַליין אַ געצאַמטע און לעבצנדיק. „איך וועל זיין דאָס פעלד פאַר דיין רעגן, איך וועל זיין די זי פאַר דעם בופאַל־אַקס דיין ווילן. טו מיך אויס מוטער נאַקעט פון דעם שלאָף וואָס מען האָט אויף מיר אַנגעטאָן, און האַלט נישט פאַר גרינגשעציק מיין קרבן וואָס איך גיי דיר ברייגנען אויף די שטיינער פון דיין גרויסער אייביקייט“. גייט אַריין דער גאַסט דורכ׳ן טיר פון דער מוטער׳ס שטוב וואָס מיט ליכט און פרייד, ליגט אין בעט דאָס טויטע מיידל איינגעטוליעט אין קלייד פון שלאָף. ער שליסט אָפּ די פענצטער, מאַכט אַ מחיצה — נאַכט דאָרט, נאַכט דאָ. שלאָפט זי ווי אַ מענטש וואָס מען האָט אים געטאָן זיין לעצטן רעכט. און אין דרויסן וויינט אַ רעגן מיט אַ ווינט, אַ רעגן מיט אַ גרויסן ווינט.

ט.

דאָס לעצטע וואָרט.

איך, דער מענטש, וואָס האָב פאַרטראַכט דאָס טויטע מיידל, וויל פאַרזיכערן אַז איך אַליין בין נישט דער שטערן, און נישט דער גאַסט. און דאָס טויטע מיידל אודאי נישט — און וויל בעטן דאָס טויטע מיידל, זי זאָל מיר מוחל זיין און דן זיין לכף זכות, אויב איך האָב קענגן איר מיט עפּעס פאַרבראָכן: ווייל מ׳איז דאָך בלויז אַ לעבעדיקער מענטש און וואָס אַ מענטשן קען זיך אַליין אָפּדאַכטן. און וואָס פאַר אַ פאַלשקייטן ער קען אַמאָל אַריינטייטשן אין אייַן אמת. אַז עפּעס אַן אמת איז הינטער דער מעשה פאַראַן, דאָס געשטיי איך.

## קווייטן.

שיין שיין איז דאָס זיין.
בלוי כוואַליעט זיך
דער ים —
די גרינע קווייטן לייכטן.

איך עפן דעם קאסטן מיט באגילטע שטערן־נעגעלאך.
נישטער ארום —
לייען בריוו פון געשטאָרבענעם חבר.

ביסט נישט דואי —
האָסט קיין ריאה —
ביסט א קמצן.

דער קייסער אין דער אייזירנער מיץ.
די קייסערין אין רויטן קלייד.
און ס'פאָלק גייט באָדאָראָם.

אין וואוילטאָג בליט דער ווייסער בעז.
פארוואָס
ווייטיקט מיין הארץ?

ווען די מאמע איז אויפגעשטאנען איז טאָג געוואָרן.
ווען ס'קינד איז איינגעשלאָפן איז געוואָרן נאכט.

וואלד אויף בארג, האלט איין די ווייסע לבנה.
לאָזט זי נישט
אראָפגליטשן אין טייך.

בארג, דו בייזער טאטע,
פארווער נישט דיין ווייסער טאָכטער
קומען צו מיר.

ווייסע מיידל,
מיין שטוב איז פול מיט דיר.

געוואָר געוואָרן אז ביסט געשטאָרבן.
איז מיין איין טרייסט:
דו וועסט נישט האָבן דעם צער
אז איך וועל שטארבן.

דיין האנט איז הימל —
אזוי ליב.

אוי ווי.
איך האָב נישט קיינעם
וועמען צו שענקען
מיינע ליבע־לידער.

גופּיק, גרוים זיצט בודאָ.
פון זיין פּנים לייכט אראָפּ די גוטסקייט
פון זיין הארצן לויטער ליבשאפט.

גופּיג, גרוים זיצט בודאָ.
פון טעלערל געקעכץ באַם מיידל אין האנט
גייט אַ לייכטע פּארע.

דער איינזאמער העלד אויפ׳ן געשטעל
לאָזט פאלן זיין שטיינערן געוואנט
און קומט אראָפּ אין גאס.

וואוהין איילט זיך עס אזוי דער ווינט?
ער גייט צובלאָזן א פייער.

מיין טאטע אין מיינע יאָרן —
בין איך אים געווען שוין ס׳פיפטע קינד.

און כאָטש דאָס פיפטע קינד,
דאָך — אָנגעזען,
און שטארק ליב און טייער.

האלטנדיק מיך פאר׳ן יונגן הענטל
פלעגט ער מיך פירן שפאצירן
אמאָל אין א לינדן שבת־נאָכמיטאָג.

דאָס געלעכטער שניידט מיט מעסערס.
דאָס באַדרויערן
טריפט ווי פעך.

די בלויע אלטע גויע
שטעקט ארוים דעם קאָפּ פון פענצטער
און עסט פון האַנט אַ שטיקל ברויט.

נישט אָפּגעשטאַנען —
ווי אַן אָקס.
און אויף צו פֿאַרלויפֿן דעם וועג
קיין שכל געהאַט.

דו וועסט נישט קומען, כ׳ווייס.
אָבער אַז דו וועסט פּאָרט נישט קומען!

אָפּגעוועזן אַ טאָג ווי נישט געוועזן.
ס׳ווייסע וואַסער, די זון, דער גאַנג — נישט געוועזן.
נישט געוועזן און נישטאָ, און איצטער פֿאַר גאָרנישט,
ווילט זיך אינאיינעם שרייען און שטיל וויינען.

ווען די לבֿנה באַנאַכט נעמט לייכטן אין הימל,
טראַכט איך פֿון מיין יונגער מאַמען
וואָס פֿינצטערט אין דער פֿאַרשלאָסענער ערד.

דאָס קינד שלאָפֿט
און אָטעמט אַזוי שטיל
ווי די לאַנדשאַפֿט אויף בלויען בראָקאַט.



**בען בען :**

בילדער

**א. בערגער :**

אָפּיום

**לוי גאָלדבערג :**

קאמירוויקע

**דר. א. א. ראָבאק :**

די קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגיע
בא פּרץ'ן





בען בען — צייכנונג

## א. בערגער:
### אָפּיום.

(1)

זוניקע טעג אין הערבסט.
רויטלאַכער ליכט פון פאַרגיין.
פלאַמיקע טרוקענע בלעטער
אויף צווייגן,
אויף ווענט פון קריכיקע פלאַנצן —
וואָס פאַלן
און ווייען אין פענסטער אַריין.
פאַלן אין שטילן
פאַרבן-געזאַנג פון פאַרגיין.
פון בראָנז און קופּער
און ווערמילאָן רויט...

זוניקע טעג אין הערבסט.
גאָלדיקער ליכט וואָס פאַרדאַרבט...
(אָ ליכט פון פלאַמיקן בליענדן מאָן!
אין מיין אויג.)
אין שטילן צער פון דאַרבן
און פאַרגיין פון מיינע טעג. —
די אָפּיום-לולקע צו די ציטעריקע ליפּן צוגערירט
און ס'רויטלען זיך,
פאַרציען און צעשווימען מיינע שעה'ן,
לעצטע זוניק-העלע שעה'ן —
בונטע, ווי די לייכטע שניר,
גאָלדיק דינע וואָלקן
פונ'ם פריען הערבסט —
שווימען אויף און ציען
שטראַלנדיקע, לאַנגזאַם,
פאַר דעם מערב'ס געלבן האָריזאָנט...

(2)

פיאָלעטע שימרנדע טולן איבער מיר...
און אויף מיין צונג,
ווי שאַרפער, ביטערער געווירץ,
בלענדנדיק,

ציען לאַנגזאַם מיינע אויגן־רעקלאַך האַלב זיך צו.
מידיקייט... זים־צעגאָסענע רו,
שאַרנדיקע סאַנדאַלן־טריט
ערגעץ־וואו...

פּיאָלעטע נידעריקע הימלען איבער מיר...
זונען רויט אויפגייענדיק אַרום מיר.
זונען גליענדיק אין לולקע־קעפּלאַך
פון בורשטין,
וויקלען זיך און ציען,
אין פּיאָלעטן
טיפן, פאַרפומירטן רויך...
זונען — פאַרביקע באַלונען,
הייבן זיך און הייבן
פון מיין בוזים,
פון די פאַלדן פון מיין קלייד.
זוניקער, אויפגעלייזטער ווײ, —
זיידן־גרינג פון האַרץ צענומען בלײ —
זינגנדיקער,
פייגל־פלאַטערנדיקער רויך,
רונד אַרום און איבער מיר...
רעגן־בויגן רינגען,
רונד אַרום און איבער מיר.

(3)

אינ'ם שפּעטן,
קיל פאַרגייענדיקן הערבסט,
אויפגעגאַנגען איז פאַר מיר
שימערנדיק אַ ליכט...
ווי ביים שטיל
פאַרגייענדיקן טאָג,
אויפגעגאַנגען
וואָלט אַ נייע זון:
ליכטיק, שטראַלנדיק,
פון אַ וואונדערלאַנד אַ זון.

אין פאַרוויגטער רו...
שטרעק איך אויס מיין האַנט —
און די פינגער־שפּיצן
פון מיין האַנט,

לייכט באַרירן ברעגן:
ווייטע, טוליקע,
ראָז און נעפּלדיקע ראַנדרן —
פון ניט זעעדיקע וועלטן...
הייב איך מיך אין לופט מיט זיי...
העכער... העכער... גרינג אַזוי.
אונטן,
אויף דער ערד,
אויסגעשטרעקט, פאַרצערט,
ליגט מיין גוף
פאַרהילט אין דינע שניר פון רויך...
און ערגעץ אין דער לופט,
מיט וועלטן — אין דער הויך,
וויג איך זיך מיט זיי...
היין און הער אַזוי...

(4)

אין בלאַסן גאָלד פון מאָרגנליכט,
האָט עפּעס וואונדערלאַך היינט מיר
געזונגען שטיל אין שלאָף.
ווי פאַר די דינע פאָרהאַנגען
פון פאַר מיין בעט.
געקומען וואָלטן פלייטן שפּילער,
מיט׳ן מאָרגנפרי צו גיין,
און אינ׳ם מאָרגנליכט,
מיט פלייט־געזאַנגען
מיך אין טרוים געוועקט...

איך האָב דערוואַכט...
און שטיל געוואָרן איז דאָס וואונדערלאַך געזאַנג.
און אויף מיין ליפּ
געברענט האָט אַ גליענדיקער דורשט.
אין פענסטער האָט אַ מאָרגן
וואָלקנדיק געגרויט,
און פאַר מיין בעט:
מיין פריינט,
מיין מאַנדל־אויגיקער —
אין זיינע נאַכט־סאַנדאַלן

שטיל האָט זיך געשאַרט.
און דאָ און דאָרט,
אַהינטער פאָרהאַנגען,
מיט קינדיש-פלאַפלדיקן רייד,
די באמבו-לולקע צוגעטיילט . . .
און אינ׳ם אויפגעגאַנגען קרייזלדיקן רויך,
אין בלאַסן גאָלד פון ליכט,
האָבן ווידער
וואונדערלאַבע פלייט-געזאַנגען אויפגעשפּילט . . .

(5)

שטיל אַריבער מיין געדאַנק,
ווי אַריבער טייכן
אינ׳ם אָוונט,
שפּרייטן זיך און ציען נעפּלען
האַרבסטיק גרוי און קיל,
פלאַטערן און פאַלן,
פאַלן שטיל און פאַלן,
אויף מיין זינען,
ליכטיקע וויזיאָנען,
פאַלן און פאַרהענגען טונקעלע געוועבן
רונד אַרום און איבער מיר . . .

גראָער . . . גראָער . . .
ציען דיק צונויף די געוועבן,
דורך דער גרויקייט
דאָ און דאָרטן, דינע ליכט-פאַסן זיך פלעקן:
ווייס און זילבער בלוי,
אַמעטיסטן-גרין און רויט,
און ווי פייערלאַך פון אויפגעשאָסענע ראַקעטן,
לעשן זיך און לעשן . . .
לייכטער . . . טוליגער, ווי אויפגעלייזט,
שפּיר איך מיט דעם טאָג׳ס פאַרגיין
מיין באַלד ניט ווערן.
וועל איך אָט אַזוי:
בענטשן יענע טעג, וואָס האָבן ליכטיק-זוניקע
אין געטער שימערנדן רויך זיך מיר באוויזן,
און ווי מיט פלייט-געזאַנג,
דעם וואַרטנדיקן און ערגעץ שטראַלנדיקן טויט
מיר גיין אנטקעגן . . .

## לוי גאָלדבערג:

קאמירויקע.

א.

פון מיין שטאָט אַ הינטערגאַס
מיט אָרים לעבן,
רוי און ניט ברוקירט, ביז׳ן
וואַלד אַוועק.
צוויי שורות הייזלאַך ביי די
זייטן: —
ווי קברים.
זון, פון אַלע זייטן,
וואַרימט דאָ.
נאַכט, לויכט דאָ מיט לבנה און
פאָנאַרן.
בית-עלמין-גאַס ליגט ווייט, —
נאָר אָוונט-צייט,
נעמט איר שטילקייט זיך אַהער
אַריבערשאַרן.

ב.

ריי נאָך ריי,
אַ געפּאָרעריי,
פון פויערישע וועגענער.
א רעדלען פון רעדער אויף
בלאָטע,
ווי אויף ווייכן טייג.
פערד שלעפּן מיד.
בלאָטע, ציט זיי צו זיך,
ווי א שד פון דער ערד.

ג.

יעדער תושב —
אַ שותף צום טרויער.
ווי אייגנשאַפטן פון טאַטע-מאַמע,
גייט טרויער—בלינדע ירושה—
איבער צו קינדער.
דורות שטויסן
דורות צום גרוב.
ווי א שילד צום דרויסן —
דער טרויער אויף יעדער שטוב.

ד.

בערגלאַך און גריבער.
צוויי שולן, אַ רב און זקנים.
אַ לויה: —
אין גאַס און אין שטיבער אַ
כליפּען.
יללות,
א ברעכן די פינגער.
קינדער מיט פיסלאַך צעדרייטע,
זאַפּן ווי שוואָמען אַריין, שרעק
פאַר די טויטע.

ה.

אַ קינפּעט: —
אַ יום-טוב פאַר געבויגענע
באָבעס.
אַ מיידל! — — — —
דעם טאַטן רויעט פאַרדראָס,
ווי אַ וואָרעם.
דער מאַמעס האַרץ קלעמט ביט
באַדויער.
זאָגט אָן די באָבע, אַ אינגל!
איז אויך אַ טרויער.
בראַנפן און לעקאַך,
פאַר׳ן רב, שמש און שכנים,
דעם מוהל — זיין מקח.
קאַלט איז דער בליק פון טאַטן
צום קינד,
ס׳קינד זאַפּט איין מיט אַ מורא.
וואַקסט ער אין מרה-שחורה,
און צערט —
מאַמעס טעג און נעכט.

ו.

די שטוב: — אַן אויוון און אַ
קאַמער,
אַ בעט, אַ קאַנאַפּע, אַ טיש און
ביינקלאַך,
אַ זייגער, מיט וואָג אויף קייטן,
וואָס שלאָגט די שעה׳ן
קריינקלאַך.
טאַטע-מאַמע, אַ ברודער און אַ
שוועסטער.
אַ פרעמד פּאָר-פאָלק, מיט נויט
אין קאַמער.

ער — אַ שוסטער. קלאַפּט ער
טרויער מיט זיין האַמער.
זי — מעוברת, טראָגט מיט
טרויער
סודות צו מיין מאַמעס אויער.
מאַמע טראָגט אין שוויגן,
טרויער
אויף מיין שוועסטערס מזל,
שוועסטערס אויגן: —
טרויער פון איר לעבן.
ברודערס ווערטער: —
טרויער נאָך אַ חלום.
טאַטנס אומעט: —
טרויער נאָך חיונה.
איך — אַ אינגל, צווישן זיי
פאַרקלעמט,
ווי אַן אורח אין דער פרעמד.

ז.

דאָ אין פרעמדקייט
לייזט זיך אויף דאָס רעטעניש
פון מיין טרויער.
ס'איז ניט די פרעמדע היים
אָט דאָ.
ס'איז ניט די שעה
וואָס דערמאָנט מיך —
מאַמעס טויט,
טאַטנס טויט.
אַלע שטאַרבן!
איך בין אַ יורש פון קאַמירוויקע.
איך טראָג איר טרויער —
דאָ,
אין רעש
פון נויאָרק.

דר. א. א. ראָבאַק: (האַרוואַרד אוניווערזיטעט)

# די קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגיע ביי פּרץ'ן

## §1. פילאָזאָפישער אַריינפיר

אויב איך האָב אַ טעות מיט דעם וואָס איך באַהאַנדל די פּערזענלאַכקייט פּראָבלעמע ביי פּרץ'ן אונטער דעם רובריק פון דער קאָלעקטיווער פּסיכאָלאָגיע, איז דער טעות דוקא אַ בכיונ'דיקער, אָדער ווייניקסטנס אַ אויסגערעכנטער. אין פלוג גענומען, קומט טאַקע אַרויף אויפ'ן שכל די קשיה: סטייטש אַלע אַנטיטעזן ווערן געמאַכט צווישן יחיד און כלל, צווישן פּערזענלאַכקייט און גרופּן־באַוואוסטזיין, צום סוף נעם איך און פאַר דאָ צונויף צוויי עקסטרעמען אונטער איין חופּה. דער אמת איז, אַז איך וויל דאָ בולט'ער מאַכן דאָס וואָס איך האָב שוין אַרויסגעזאָגט אין אַנאַנדער אַרטיקל (זאַמלבוך „פּרץ") בדרך אַגב, דהיינו: *פּרץ לייגט ניט קיין געוויכט אויף דעם חומר*. די סובסטאַנץ לייגט זיך ביי אים פאַנאַנדער אויף איינפאַכערע עלעמענטן, אויף באַציאונגען.

עס קען זיך אויסדוכטן, אַז אַ באַציאונג איז ניט עפּעס ממשות'דיקס, אַז באַציאונג איז גיכער אַ חלל. טענה'ט אָבער יעדער מעטאַפיזישער אידעאַליסט, „אַז אַלץ וואָס איז נאָר דאָ באַשטייט פון לויטער באַציאונגען". ניטאָ קיין תוך סתם אין דער וועלט, האָבן קאַנט'ס קריטיקער געשריען ווי מיט איין קול. אַי, מיר שטעלן זיך אָפּ ביי אַ געוויסן פּונקט און זאָגן אַט דאָס איז דער תוך שבתוך, איז דאָס פּשוט, ווייל מיר פוילן זיך צו אַנאַליזירן ווייטער. מיר זאָגן: „פאַר פּראַקטישע צוועקן (ד. ה. פאַר „אונזער" צוועק) איז דאָס אויך גענוג".

אָבער אַלץ האָט אַ ברעג און אַפילו אידעאַליסטן האָבן זיך אויך מער אָדער ווייניקער איינפאַרשטאַנען, אַז אין אונזער וועלט איז דאָ אַ געוויסע יחידות — און דאָס איז דער דענקענדער „איך". אַזוי גיך ווי דעקאַרט האָט פאָרמולירט דעם יסוד פון דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע אין דעם שפּרוך: „איך דענק, ממילא בין איך דאָך עפּעס", האָט מען אויסער דעם לכתחילה'דיקן שלום פון דעקאַרט'ן גופא געקאַנט אַרויסלערנען נאָך עפּעס, און דאָס איז: „איך דענק, בין איך דאָך אודאי אַ יחיד" און אויף דער גרונטאָוונער יחידות פון דעם „דענקענדן איך" האָט מען טאַקע געבויט אַ נייע טעאָריע פון השארת הנפש. 1).

---

1) זע קאַנט'ס אָפּשלאָג פון משה מענדעלסאָהנ'ס טענות וועגן השארת הנפש אין דער „קריטיק פון ריינעם שכל", ערשטע אויפלאַגע. (אין דער צווייטער איז ניטאָ).

מיר וועלן איבערהיפּן די גאונ'ישע השערות פון שפּינאָזא און לייב־ניץ איבער דעם ענין, ווייל ביז דעם גרויסן שאָטישן פילאָזאָף יום איז קיינעם ניט איינגעפאַלן פאַנאַנדערצונעמען דעם „דענקענדן איך" אויף דעם פּשוט'סטן אופן וואָס לייגט זיך נאָר אויפ'ן שכל.

אין זיין יוגנטלאַכן ווערק „טריטיז אוו היומאַן נייטשור", וואָס איז, לויט ווי ער דערציילט אונז, ארויס פון דרוק אַלס מפּיל־קינד, ווייל די וועלט האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם — האָט דייוויד יום צוויי עפּאָכע־מאַכנדע שאלות אוועקגעשטעלט און איינע פון זיי איז געווען „וואָס פאַר א רעכט האָבן מיר צו זאָגן, אז א מענטש איז דער זעלביקער זיין לעבנס־לאַנג ?" ער וויל וויסן וואָס איז דער יסוד פון דעם מענטשנ'ס יחידות. ער ווענדט זיך צו זיין איירישן פאָרגענגער, בארקלי, אויף אזא מין אופן : האָסט באוויזן, אז ס'איז ניטאָ קיין חומר אויף דער וועלט, אז אַלע איינגעשאַפטן זיינען אין אונז ? גוט, איך בין מסכים, אבער פון וואַנען איז געדרונגען, אז עס איז דאָ א גייסטיקער שטאָף וואָס איז דעם מענטשנ'ס „איך" ?

אָט דער גייסטיקער „איך" האָט ניט מער ממשות, ענטפערט יום, ווי יעדער אנדער שטאָף. דער „איך" אַלס אזעלכס איז אן אויסגעטראַכטע זאַך און שטאַמט דערפון וואָס מיר האָבן איינדרוקען און א זכרון, און דער זכרון פאַראייניקט איין איינדרוק מיט'ן צווייטן. על כל פּנים דער „איך" פאַר אים איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי א **בינטל איינדרוקן.**

דער גייסט איז א בינע — ווייל האָבן דער שאָטישער חריף — וואו פאַרשיידענע איינדרוקען דערשיינען איינס נאָכ'ן אנדערן, גייען פאַרביי און קומען ווידער אמאָל, גליטשן זיך אוועק און מישן זיך אוים אין כל־ערליי מינים איינשטעלונגען און לאַגעס גאָר אן א שיעור... איינגנטלאַך איז דאָ ניט פאַראַן קיין איינפאַכקייט אין איין און דערזעלבער צייט און קיין איינגקייט אין פאַרשיידענע צייטן 2). אָט דאָ האָבן מיר דעם קערנדל פון די שפּעטערדיקע באַגריפן איבער פערזענלאַכקייט. אודאי האָט מען זיך געסטאַרעט צו ראַטעווען דעם געדאַנק פון פערזענלאַכער יחידות און דער אינדיווידואַציאָנס־פּרינציפּ האָט שווין אנגעהויבן פאַרנעמען א בכבוד'ן פּלאַץ אין דער פילאָזאָפיע.

ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס קאַנט האָט זיך אנגעכאַפּט אן דעם עפּיסטעמאָלאָגישן „איך" צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט פון דעם מעטאַ־פיזישן „איך" דאָס הייסט, ער האָט געזאָגט, יום איז טאַקע גערעכט,

---

2) די וואָס האָבן א באַגער צום דענקען וועלן געפינען אין די לעצטע צוויי אָפּטיילונגען פון דעם ערשטן בוך פון דער „אָפּהאַנדלונג" און אויך אין דעם צוזאַץ (אַפּענדיקס) גענוג שטאָף פון אויסערגעוויינלאַכן אינטערעס.
David Hume: Treatise of Human Nature. Selby-Bigge Edition, p. 253.

ווען ער מיינט, אַז קיין גייסטיקער שטאָף עקזיסטירט ניט, אָבער דאָך יע־דעם מאָל, ווען מיר דענקען, יעדעס מאָל, וואָס מיר באַקומען אַן איינדרוק מוז פאָרקומען אַ ריין לאָגישער פּראָצעס, וואָס קען זיך בשום אופן ניט בייטן פון איין מאָל ביז'ן אַנדערן, אַניט וואָלט מען איבערהויפּט ניט געקענט דענקען, הכלל יעדעס מאָל וואָס עפּעס כאַפּט דאָס אויג, וואָס אַ קלאַנג טרעפט דעם אויער ווערט אַ דערקענטניש־טעאָרעטישער „איך"; יעדעס מאָל וואָס מיר קומען צום באַוואוסטזיין ווערט געבוירן אין דעם מענטשן אַ סינטעטישע טעטיקייט וואָס כאַפּט אַן די פּוסטע עמפּינדונגען און לייגט אין זיי אַריין אַ תוכן וואָס מאַכט זיי פאַר איינ־דרוקן — ניט קוקנדיק אויף דער נייער אויסטייטשונג פון דעם „איך" זיינען דאָך אַ סך דענקער געבליבן אומצופרידן. דערווייל האָט אָנגעהויבן וואַקסן די פּסיכאָלאָגיע אַלס אַ ווּיסנשאַפט פאַר זיך. נייע דערשיינונגען האָבן זיך דאָ באַוויזן אין אַ נייעם ליכט. אין דער ליטעראַטור איז שוין ניט געווען קיין נייעס צו רעדן וועגן פּערזאָנען ביי וועמען די אינטערעסן קענען ניט הויזן צווישן זיך. שוין ביי געטהע'ן זאָגט פאַוסט: „צוויי נשמות וואוינען, אַך, אין דיזער ברוסט: און איינע וויל זיך פון דער צווייטער שיידן".

דאָ הערן מיר אַז אַ פּערזאָן קען זיין צוזאַמענגעזעצט פון צוויי עלע־מענטן וואָס זיינען זיך איינס דאָס אַנדערע סותר. קוים אָבער, זאָגט עס נאָך אַ מענטש אויף זיך אַליין איז נאָך קיין גרוים געפאַר ניט; אַבי אַנדערע ווערן נאָר ניט געוואָר פון דער טאָפּלקייט.

עס איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען מען האָט אָנגעהויבן שטודירן ווּיסנשאַפטלאַך די געמיינטע דבוק־דערשיינונגען, און דאָ האָט זיך באַ־וויזן אַ נייע וועלט אי פאַר דער פּסיכאָלאָגיע אי פאַר דער מעדיצין. 3).

אויב עס קען שוין געמאָלט זיין, אַז אין איין פּערזאָן זאָלן זיך גע־פינען צוויי אָדער מער באַוואוסטזיינס און איינס זאָל ניט וויסן פון אַנדערן גאָר, איז דאָך אַ סמן, אַז דאָס וואָס מיר רופן אַן פּערזאָן איז ניט קיין דורכאויס אומצעטיילבארער עלעמענט. נאָר אַז עס קען זיך צע־ברעקלען אויף מערער טיילן.

מען מעג טויזנט מאָל טענה'ן, אַז אַזעלכע פאַקטן טרעפן זיך איינ־מאָל אין אַ שמיטה, אַז מען קען אַלע פאַלן פון דעם מין כמעט ציילן אויף די פינגער, אַז יענע מענטשן וואָס זיינען געשטראָפט מיט אַזאַ גייסטיקער שטערונג זיינען אומנאָרמאַל אין פולן זין פון וואָרט — איין זאַך דאַרפן

3) פאַר אַ בעסערן באַגריף איבער דער דאָזיקער דערשיינונג וועל איך מוזן אָנווייזן דעם לעזער אויף מיינער אַ סעריע אַרטיקלען איבער „פּילפאַכע פּערזענ־לאַכקייט" געדרוקט אין „דאָס נייע לעבן", 1913 און 1914, וואָס איז לכתחילה געווען אַ רעפעראַט אין פּראָף. מינסטערבערג'ס סעמינאַר, האַרוואַרד. אַזוי ווייט ווי מיר איז באַקאַנט איז עס די איינציקע אָפּהאַנדלונג איבער דער פּראַגע וואָס מיר האָבן אין אידיש.

מיר ניט פּאַרגעסן, אַז צווישן דעם נאָרמאַלן און דעם ניט־נאָרמאַלן מענטשן איז ניטאָ קיין תחום. ביידע זיינען זיי געקנאָטן פון דעמזעלבן שטאָף. יעדער מענטש האָט אין זיך אַ ניצוץ פון אומנאָרמאַלקייט, און פאַרקערט, דער אומנאָרמאַלער מענטש וואָלט אפשר קיינמאָל ניט געקו־מען צו אַזאַ מדרגה, ווען עס זאָל זיך אים ניט טרעפן אַ סיבה אין לעבן ווי אַ שווערע דערשיטערונג אָדער אַזוי אַ שטאַרקער אומשטאַנדלאַכער קלאַפּ.

פיל האָט די אַלגעמיינע פּסיכאָלאָגיע געוואונען פון דער אַבנאָרמאַ־לער פּסיכאָלאָגיע דערמיט, וואָס געוויסע דערשיינונגען וואָלטן קיינמאָל ניט אַרויסגעשוואומען בולט דאָרטן וואו מען וואָלט זיי באַדאַרפט שטו־דירן. די ניט דערפאָרענע טאָכטער וואַרפט אימער אַ שאָטן אויף אירע קלוגע בעל הבית'ישע עלטערן. דער אומנאָרמאַלער מענטש זאָגט אויס פון חדר אויף דער נאָרמאַלער פּערזאָן. אַזוי ווייט איז מען געקומען, אַז עס איז אָנגענומען געוואָרן פון אפילו אַזאַ שטרענג קאָנסערוואַטיוון פּסי־כאָלאָג ווי מינסטערבערג, אַז יעדער מענטש איז אַ מיניאַטור פילפאַכע פּערזענלאַכקייט. אַמאָל האָט די ממשלה דער ליבהאָבער, אַמאָל דער פאָ־טער, אַמאָל דער מאַן, אַמאָל דער פּאַטריאָט, אַמאָל דער אַמביציעזער „איך", א. אַ. וו.

אַלזאָ, האָט יום געזאָגט, אַז דער „איך" איז בלויז אַ בינטל איינ־דרוקען, אַזוי האָט ער געוואָלט אויף אַ פּסיכאָלאָגישן אופן לייזן די פּראָב־לעמע פון דער פּערזענלאַכקייט. דער היינטיקער פּסיכאָלאָג אַלס פּסיכאָ־לאָג איז ניט פיל מוסיף צו יום'ס לערע. לויט אים איז די פּערזענלאַכקייט א פּעסטע אָרגאַניזאַציע פון זייער פיל נייגונגען, אַנלאַגן און אינטערעסן אין איין מענטשן. צוליב אַ געוויסע סיבה וואָס מען קען אפשר אין ספּעציפישע פאַלן ניט דערגיין, קומט עס צו אַ שפּאַלטונג אין דער אָרגאַני־זאַציע פון די מאַרך־צעלן, וואָס זיינען די יסודות פון די פאַרשיידענע זכרונות, נייגונגען, אינטערעסן און אַלץ מיט אַנאַנדער. די פּערזאָן ווערט אַ דרייפאַכע פּערזענלאַכקייט. אַלץ ווענדט זיך אָן דער מאָס סאָלידקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און די אויסערלאַכע אומשטאַנדן פון דער אָנ־באַטרעפנדער פּערזאָן.

§ 2. פּרץ — א דינאַמיקער.

עס וועט אפשר איצט ניט זיין קיין קשיא וואָרום די פּערזענלאַכקייט אין פּרץ'ס טיפּן ווערט באַטראַכט אַלס קאָלעקטיוו. וואָלט זיך עס גערעדט וועגן איבסענ'ן, וועגן דיקענס, באַלזאַק, וועגן טאָלסטאָי און אַנדערע רו־סישע שריפטשטעלער, ווי אויך וועגן ראָלאַן, וואַסערמאַן, אָדער ד'אַנונ־ציאָ, קען זיך עס קוים דערלויבן צו מאַכן אַזאַ איינטיילונג. דער צוטריט מוז זיין אַנאַנדערער, ווייל ביי זיי איז די פּערזענלאַכקייט

געמאלן אלס א איינס וואס איז געמיינט צו זיין אויסגעהאלטן פון אנפאנג ביז'ן סוף. דוקא א געוויסן אינדיווידואום ווילן די דערמאנטע שריפטשטעלער אפּ־שילדערן און ארום אט דעם אינדיווידואום גרופּירן זיך אלערליי אינצי־דענטן וואס שטעלן צונויף דעם עיקר המעשה. אויפ'ן ערשטן קוק ווילט זיך קלאסיפיצירן די שריפטשטעלער פון פּרץ'ס חדר אלס אנאליטישע, ווייל זיי ווייזן אונדז פארשיידענע עלעמענטן פון איין און דערזעלבער פערזאן, בעת די אנדערע ווי באלזאק, דיקענס, א. א. וו. וואלט מען אנ־גערופן סינטעטישע שריפטשטעלער ווייל זיי לאזען פאר אונזערע אויגן אויסוואקסן א פולשטענדיקן טיפּ, אן אויסגעטאקטע אינדיווידואליטעט. אזא איינטיילונג וואלט אבער ווייט ניט געווען קיין צוגעטראפענע. פּרץ'עס שאפן איז לכל הפּחות אזוי קאנסטרוקטיוו ווי די ווערק פון יענע וואס מאלן טיפּן. יעדעס בילד פון פּרץ איז א סינטעז ווייל עס ווייזט אן אויף עפּעס וואס ליגט אויסערהאלב דעם בילד. כמעט יעדע זאך וואס ער האט געשאפן האט א באציאונגס־פּונקט. צו דעמזעלבן פּונקט, אדער בעסער געזאגט, פארשיידענע געשטאלטן פון דעמזעלבן פּונקט ציען זיך די געדאנקען־פעדים פון אלע זיינע בילדער און דערציילונגען. ערשט דארט בילדען זיי דעם סינטעז. אין וואס עס באשטייט אט דער פּונקט וועלן מיר זען ווייטער.

אין וואס, אלזא, באשטייט דער חילוק צווישן די צוויי פארשיידענע קלאסן קינסטלער? מעגלאך, אז מיר וועלן ארויסציען דעם הויפּט אונטער־שייד, ווען מיר וועלן זיך פארשטעלן דאס לעבן און די קונסט אלס א סאד וואו עס זיינען פארפלאנצט פארשיידענע בוימער. א באלזאק שטעלט זיך אפּ אויף יעדן בוים באזונדער, און מאכט זיך זיין אויפגאבע צו שטודירן אלע טיילן פון דעם איינעם בוים אנפאנגנדיק מיט'ן ווארצל. ער לאזט דעם בוים אויסוואקסן אין זיין ווערק. אפּגעפּארטיקט זיך מיט איינעם, גייט ער צו א צווייטן בוים, דערנאך צו א דריטן.

פּרץ אבער, זעט אין די בוימער נאר טיילן פון א סאד. אים ליגט אין זינען די פארצווייגונג פון די בוימער. ער זוכט נאר אין דעם איינצעלנעם בוים דאס וואס קען ווארפן א ליכט אויף דער פארבינדונג פון אלץ מיט אנאנדער אין דעם אויבסט־גארטן. אמאל שלענגלט ער זיך ארום די ווארצלען, און אמאל לויפט ער דורך די צווייגן ווי א ווירבל־ווינט. די הארטע קארע וואס א דיקענס וואלט זייער אויפמערקזאם באטראכט, בא־רירט ער אפּט אין גאנצן ניט. ער וויל וויסן וואס עס טוט זיך אינעווייניק. לאמיר אנרופן דעם באלזאק סארט — כאראקטער־קינסטלער, פּארט־רעטן־מאלער; און דעם פּרץ טיפּ — סיטואציע־מאלער. פאר דעם ערשטן דינען די עפּיזאדן נאר אום ארויסצוברענגען די אינ־דיווידואליטעט פון זיינע טיפּן; פאר דעם צווייטן זיינען די פּערזאנען

אינסטרומענטן בלויז וואָס שטעלן אַרויס פאַרשיידענע באַציאונגען אין רעליף. אומזיסט וועלן מיר ביי אים זוכן אַ יורייאה היפּ, אַ דר. דזשיקל, אַ יאַגאָ, אַ טאַרטיף, אַ האַמלעט, אַ זשאַן קריסטאָף, אַ וואַהנשאַפע, אָדער אַפילו אַ שוואַרצן יונגנמאַנטשיק.

מיר וואָלטן זיך שוין צופרידנגעשטעלט מיט צעקראַכענע העלדן ווי זיי ווערן גענמאָלן אין די סלאַווישע ליטעראַטורן, אָבער מיר האָבן ביי אים כלל קיין העלדן ניט. ער פּירט אונז נאָר אַרויף אויף דער סצענע אַ פּער־זאָן פאַר אַ ווייַלע ווייניקסטנס, אום צו ווייזן ווען וואָס עס האַנדלט זיך אין דעם בילד. עס דאַכט זיך אונז אַמאָל, אַז מיר ווערן אָפּגעצויגן פון דער „מיליעו" אום צו באַטראַכטן אַ טיפּ וואָס ער שטעלט אונז פאָר, אָבער עס איז אַ טעות, ווייל נאָך אַלעמען שפּרינגט אונזער אויפמערק־זאַמקייט אָפּ צוריק צו דער שטעטל, צו די מענטשן וואָס וואוינען דאָרט. מיט איין וואָרט, צום אידישן לעבן אַלס אַ גאַנצעס. מיר וועלן ברייינגען דעם איינציקן נעגאַטיוון פאַל וואָס קוקט אויס ווי אַ סתירה צו דער באַ־הויפּטונג וואָס איז דאָ געמאַכט געוואָרן. יוסיל דער לאַמער ישיבה בחור 4) שיינט צו זיין ווירקלאַך אַ טיפּ, אַ כאַראַקטער־שילדערונג ווי מען טרעפט עס ביי פילע רעאַליסטן, אָבער לאָמיר אַביסעלע נאָכדענקען וועגן דעם. וועלן מיר קומען צום שלוס, אַז די אינדיווידואַליטעט פון יוסיל'ן צע־פאַלט אין צוויי עלעמענטן. ער איז באַשטימט ערשטנס, דורך דער סביבה, צווייטנס פון זיין פאַלק. עס ווירקט דאָס אידישע לעבן אויף אים און דער אידישער גייסט אין אים. אייגנטלאַך, וואָס מאַכט אַ מענטשן פאַר אַ כאַראַקטער אין זיין האַנדלען? ניט קוקנדיק אויף דער צעדרייטקייט און עולם התוהו'דיקייט פון די רוסישע טיפּן, לאָזט מען דאָך אונז וויסן וואָס זיי טוען. די מעשים זייערע באַשרייבן זייער וועזן. ביי יוסיל'ן באַקענען מיר זיך אָבער, מער ניט ווי מיט זיינע געפילן און געדאַנקען; און מייסטערהאַפט האָט אונז פּרץ איבערגעגעבן דאָס אינער־לאַכע פון דעם אָרימען קריפּל. ער לאָזט אים ניט רעדן פאַר זיך, ער טוט אים ניט אַריין אין מויל אַ לאַנגן מאָנאָלאָג. נאָכמער, ער גלידערט ניט פאַנאַנדער זיין באַוואוסטזיין ביי אים דאָ און דאָרט און פאָלגט נאָך יעדע תנועה פון דעם געדאַנקען־גאַנג. דער קינסטלער אַליין רעדט פאַר יוסיל'ן, אָבער ער טוט עס אַזוי געטריי, אַז די קלענסטע שאַטירונג ווערט ניט פאַרלוירן פון דעם וואָס עס פאַרלויפט זיך ביי דעם קריפּל אין מוח גופא. איינזאַם פילט זיך דער לאַמער ישיבה בחור. ער איז געשטראָפט מיט אַ ביטערן מזל. קהל קוקט זיך ניט אום אויף אים. ער גייט אויס — ער וויל מען זאָל אים חתונה מאַכן, אָבער קהל האָט צייט, וועמען אַרט עס דען פאַר אַזאַ פאַרזעעניש, וואָס איז נאָך דערצו קיין גרויסער למדן אויך ניט? און אַ גוסט האָט יוסל דוקא אַ ניש'קשה'דיקן. ער האָפט שטאַרק, אַז עס

4) בשעת מגפה.

זאָל זיך אים מאַכן אַ שידוך מיט דבשה ירמיהו שוסטער׳ס טאָכטער, וואָס דינט גראָד דאָרטן וואו ער האָט אַ טאָג. „ער טרעפט זי אָפּט אײנע אַלײן אין שטוב, ער האָט דאָך די העזה נישט מיט איר אַ וואָרט צו רעדן״. פונדעסט־וועגן לאָזט ער זײן חלום זיך אױסשפּרײטן אין דער פאַנטאַזיע. ער שטעלט זיך שוין פאָר זײער לעבן נאָך דער חתונה, און דאָ ווערן מיר באַ־קאַנט מיט דעם קריפּל׳ס מאַזאָכיסטישע נײגונג. 5).

„ער וועט אפשר לײזן אַמאָל פון איר אַ גלעט איבער׳ן באַק, נו, מהיכא תיתי. עס איז מעשים בכל יום, און ער וועט עס אָננעמען פאַר ליב... ער וועט זי נאָך קושן און האַלזן דערפאַר. ער וועט איר וואַשן דעם שטויב פון די פיס. ער וועט איר נאָכגײן ווי אַ קלײן קינד.״

נאָר אַ שידוך האָט יוסל אױפ׳ן אױג — בערל קברנ׳ס טאָכטער: די איז אַנדערש ווי דבשה, זי איז גאָר אַ בלאַסע און אַן אײדעלע. אירע גוטע, מילדע אױגן מאַכן אױף אים אַ רושם. ער וואָלט געווען צופרידן זי צו באַקומען פאַר אַ ווײב, פאַרקערט נאָך אפשר בעסער ווי יענע. ער באַ־טראַכט די אױסזיכטן וואָס ליגן פאַר אים. קהל מוז דאָך אים חתונה מאַכן מיט ווער עמען ס׳ניט איז. אָבער דאָ פאַלט אים אײן אַ שרעקלאַכער גע־דאַנק: „און טאָמער פאַלט דער גורל אױף לאַפּיי״... אז ער דערמאָנט זיך ווערט אים קאַלט אין אַלע אברים. לויט דער שילדערונג פון „לאַפּיי״, וועלכע איז ניט נאָר אַ מורא׳דיקע העסלאַכקײט נאָר אױך אַן אידיאָט דערצו, קען מען אפילו דעם קריפּל ניט פאַרדענקען, ווען ער שרײט אױס פאַר שרעק:

„רבונו של עולם דאָס וואָלט שוין ערגער געווען ווי געהאַנגען. ער שיקט די צעשראָקענע אױגן מיט אַ געבעט צום הימל אַרױף. אױפ׳ן בלאָסן שטערן באַווײזן זיך גרויסע טראָפּן שווײס ווי די אַרבעס.״

וואָלט יוסל אַלס טיפּ באמת געווען אַ כאַראַקטער־שילדערונג וואָלט מען זיך שוין געקענט אָנשטויסן אױף דאָס איבעריקע, ווײל אפילו דאָרטן וואו מיר האָבן פאַר די אױגן היפוכים אין אײן און דערזעלבער פּערזאָן קענען מיר אױך נאָכשפּירן אַ געוויסע אױסגעהאַלטנקײט. די לאָ־גיק פון רעאַליזם וואָלט אַזוי און אַזוי געפאָדערט פון יוסל׳ס פּערזענלאַכ־קײט. איז אָבער לויט פּרץ׳ס אױפפאַסונג, יוסל ניט עפּעס אַן־און־פאַר זיך, נאָר אַ מאַניפעסטאַציע פון עפּעס גרעסערס, עפּעס העכערס: אַן אָפּ־שטראַלונג פון עפּעס אַנדערש, און עס דערוועקט זיך דאָך זײן רחמנות אין האַרץ:

„זי וויל אודאי אױך חתונה האָבן... זי איז אױך אַ בלענדנע שאָף, אױך אַ יתומה! זי האָט אױך ניט מער ווי אַ גאָט אין הימל! עס גלוסט זיך אים

5) זאָבער מאַזאָך אַלײן האָט קוים אַזאַ פּסיכאָלאָגישע שטעלע אין זײנע ווערק, כאָטש אין פילע פון זײנע דערצײלונגען קומט אַרױס די דאָזיקע מילדע אָבנאָרמאַליטעט אַ סך בולטער און ווילדער, למשל, אין זײן „קדוש לבנה״.

צו וויינען אויף איר און זיין מזל צוזאַמען. ער האָט אַ ישוב און גיט זיך איבער גאָט אין די הענט אַריין! וויל גאָט חס ושלום זי, זאָל זיין זי! ער פאַרלאָזט זיך בעפאָר אויף גאָט, דערנאָך אויף קהל. וועלכע גאָט ברוך הוא וועט באַשערן און קהל וועט געבן, מיט דער וועט ער לעבן. די וועט ער ערלאַך האַלטן, דער וועט ער געטריי זיין, דער וועט ער זיין אַ מאַן ווי אַלע מענער. — די אַנדערע וועט ער פאַרגעסן. שאַ! עס פאַלט אים איין אַ שטיקל יושר: ער זאָל וויסן זיכער, אַז דער אָרימער „לאַפּיי" איז באַשערט זי זאָל חס ושלום אומקומען אין דער מגפה, וואָלט ער געוואָלט חתונה האָבן מיט איר — זאָל זי נעבאך פאַר'ן טויט האָבן אַ מאַן, באָדיי אויף אַ חודש! פאַר וואָס נישט? דאָך אַ אידישע טאָכטער!"

ווי זאָגט זיין „משוגענער בטלן": איך בין אַ דירה, עס וואוינט אין מיר אי דער גוטער שכן, אי דער שלעכטער שכן. אָבער ניט דאָס אַליין, מחמת דער קלאָרער, דער וואָס זוכט זיך אַליין משיג צו זיין איז אויך דאָ אַלס דריטער שכן. מיר זעען דאָ ווי אַ האַלב משוגענער ישיבה־בחור קומט אַרויף אויף דער פאַרפּלאָנטערסטער פראַגע מיט וועלכער די פּסיכאָלאָגיע האָט זיך צו רעכענען און ער דערגרייכט ניט ווייט פון אמת. ניט נאָר אין זיך געפינט ער פאַרשיידענע פּערזענלאַכקייטן; אויך אין אַנדערע זעט ער זיי, צום ביישפּיל אין וואָלף סוחר. עס איז מערקווירדיק ווי נאָענט בערל חנה'ציעס איז געקומען צו יום'ס פילאָזאָפיע. דער זאָגט „מיין „איך" איז אַ בינע" — יענער האַלט, אַז ער איז אַ דירה. און דאָס אַפּנים האָט פרץ אויף אימער געהאַלטן פאַר די אויגן. דער משוגענער בטלן זאָגט אַליין אויך זיך אַז ער איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע איכ'ן. ווי קומט צו אים אַזוי פיל חריפות? מיר חדוש'ן זיך גאָר ניט, ווען מיר פאַרשטייען, אַז גראָד וויל ער איז אומנאָרמאַל שפּאַרט ער אָן אַזש אויף אַזאַ שווערן עניין. גראָד וויל ער איז אויסגעמאָרעט און אויסגעצערט פון ניט עסן אַרבעט ביי אים דער מאַרך אַזוי טעטיק. אַ סימן האָט איר, אַז יענע טעג, ווען ער עסט, זיצט ניט אין אים דער מענטש וואָס האַלט כסדר אין איין קלערן... זיין חקירה באַשטייט פון געניאַלע געדאַנקען געמישט מיט משוגעת, אָבער עס איז לייכט צו זען פון דער דאָזיקער שילדערונג, אַז פרץ האָט פיל נאָכגעדענקט איבער דער פראַגע פון פּערזענלאַכקייט, און די תשובה וואָס ער האָט זיך געגעבן איז אַנטהאַלטן אין די ניכטערע טיילן פון דעם בטלנ'ס פילאָזאָפיע.

אויך דער משוגענער בטלן איז ניט געמיינט אַלס כאַראַקטער־טיפּ. ער איז ניט קיין טיפּישער בטלן און ניט קיין טיפּישער משוגענער. ער איז אין זיך כולל פיל, און אין אַ פאָר אייגנשאַפטן טרעפט ער זיך צונויף מיט יוסל דעם לאָמען ישיבה בחור, ווי אין דעם רחמנות געפיל וואָס איז ביי זיי ביידן פאַראַן אין אַ שטאַרק־אַנטוויקלטער פאָרמע און אין דער איבערטריבענער צוריקגעצויגנקייט, אין דער אָנוועזנהייט פון אפילו זייער באַקאַנטע פרויען. אפילו דער געדאַנק פון אויסרעדן אַ וואָרט צו

דבשה׳ן אָדער צו טייבל׳ן איז ביי זיי פאַררעכנט פאַר אַן אומגעהייערע פאַרשייטקייט פון וועלכער זיי טרייסלען זיך אָפּ מיט א „חס ושלום“.

ווען מאַליער האָט געמאָלן דעם באַרימט־געוואָרענעם כאַראַקטער פון טאַרטיף, האָט ער געזען אַלע זיינע עובדות אַרונטערצוברענגען אונטער איין צענטראַלן מאָטיוו—צבועיאַצטוואָ. אַזוי האָט ער אויך געטאָן מיט זיין גוט באַקאַנטן טיפּ — „דער קמצן“. אין זיינע לעבערלאַכע עלעגאַנט־קעם (פּרעסיעוז רידיקול) האַלט ער זיך אָן דערזעלבער מעטאָדע. אמת, אים און ראַסין האָבן קריטיקער אימער פאַרצוהאַלטן דווקא פאַר דעם וואָס זיי האָבן צופיל אינדיווידואַליזירט זייערע פּערזאָנען. ביי זיי האָט יעדע אייגנשאַפט געהאַט א באַזונדערן טיפּ אַלס פאַרקערפּערונג, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער ערשטער איז געווען פראַנקרייכ׳ס גרעסטער קאָמעדיען־פאַרפאַסער (אויב ניט דער גרעסטער וואָס די וועלט האָט ווען געהאַט) און דער צווייטער — דער גרעסטער פראַנצויזישער טראַגיקער, וויניקסטנס פון דער קלאַסישער פּעריאָדע, האָבן זיי זיך דאָך ביידע צו־נויפגעטראָפן אין אָט דעם פּונקט גראַד, ווי שטאַרק עס זאָל ניט שמעקן מיט דעם גייסט פון דער מאָראַל־שפּיל פון 16־טן יאָרהונדערט. אַלע דראַ־מאַטורגן זיינען מער אָדער ווייניקער כאַראַקטער־שילדערער. ניט שעקס־פּיר און ניט שילער און ניט איבסען זיינען יוצאים מן הכלל.

און ווייל פּרץ איז ניט געווען פון דעמזעלבן שניט קינסטלער, איז ער טאַקע געווען א קנאַפּער דראַמאַטורג, הן, אין דער טעכניק, הן אין דער כאַראַקטעריסטיק־אַנטוויקלונג פון זיינע פּערזאָנען. יענע זיינען ס ט א ־ ט י ש אין זייער בליק. זיי האָבן דעם כאַראַקטער א פאַרטיקן נאָר זיי דאַרפן אים אַנטפּלעקן בלויז. פאַר פּרצ׳ן איז דער כאַראַקטער תמיד א י ן ב א ו ו ע ג ו נ ג. ער האַלט אין איין ו ו ע ר ן א פּ ע ר ז ע נ ־ ל א כ ק י י ט; דערפאַר קען מען אפשר אָנרופן זיין אַרט שאַפן — א ד י נ א מ י ש ע.

בעת זיי צייכענען דעם בוים אַלס א גאַנצן און אין דער פולער לענג, שניידט ער גאָר דורך א פּאַס ערגיץ אין מיטן און ווייזט אונז ניט נאָר די דאַרע שוואַרצע קאַרבנפולע קאָרע, נאָר אויך דעם תוך פון דעם בוים מיט די אַלע רינגען און שיכטן.

עס איז ביי אים ניטאָ קיין איין העסלאַך געשטאַלט, פּונקט ווי עס איז ניט צו געפינען ביי אים אויך קיין איין פאַלקאָם־אידעאַלער כאַראַק־טער. עס גיט זיך א ווייז דער שלעכטער, דאָס לעבערלאַכע, אָדער דאָס וואָס איז ווערט צו בלאַמירן, ריכטיק ווי עס טוט א שטראַל דאָס גוטע, דאָס ערהאַבענע און דאָס שענע. געניינגט איז ער מער לכף זכות ווי לכף חוב צוליב דעם ווייל ער איז א דיכטער און אידעאַליסט.

אפילו א מסור איז ביי אים אויך ניט קיין פּראָסטער מסור, „פּשוט כמשמעו“. אדרבא ער איז געווען א זיידענער יונגערמאַן, און איז גאָר ניט

שולדיק געווען אין זיין פאַרברעכן, אויב מען זאָל גלויבן דעם דרדקי מלמד. 6) ניט ווי א שטאַנג, וואָס ער איז פעסט אריינגעזעצט אין דער ערד איז ביי פּרצ'ן די פערזענלאַכקייט, נאָר ווי אַ פאַרפּלאָנטערטער קנויל מיט שנירלאַך וואָס מען קען קיינמאָל ניט אויספּלאָנטערן. דאַרף מען עס נעמען ווי עס גייט, אבי די פאַרבן זאָלן לאָזן זיך דערקענען, אבי די פאַרשיידענע שלייפן לאָזן זיך ציען. צו דער פאָרמע פונ'ם גאַנצן שאַדט עס ניט. אַזוי זעט ער דאָס לעבן. קיינער לעבט ניט קיין יחיד'ישן לעבן — איז איינס אַוועק; אָבער מען קען גיין ווייטער און זאָגן, אַז קיינער לעבט ניט זיין אייגענעם לעבן.

קיין סתם מענטש איז ניט פאַראַן. דער כלל שפּילט אין דעם יחיד. יוסל'ס לעבן איז באַפאַרבט פון די אומשטענדן, און די אומשטענדן זיינען אידישע אומשטענדן. זיי שפּיגלען אָפּ דעם אידישן גייסט. דערפאַר טרעפט איר ניט ביי אים קיין איזאָלירטן טיפּ, אויף וועלכן מיר זאָלן קענען זאָגן: „אָט דאָס איז דער כאַראַקטער פון אַ קמצן", אָדער „אַזוי און אַזוי האַנדלט אַ מסור". וועגן דעם וועט אונז נאָך אויסקומען צו רעדן אין דעם אַרטיקל „פּרץ אַלס פעלקער-פּסיכאָלאָג".

אַז פּרץ האָט אויסגעמיטן די קאָנקרעטקייט קען מען אויך ברייננען אַ ראיה פון דעם וואָס דער נאָמען פון יעדע פון זיינע בילדער אָדער דערציילונגען, אפשר מיט אַ פּאָר אויסנאָמען איז אַן אַבסטראַקטער. עס איז ניטאָ ביי אים קיין כאַראַקטער-נאָמען ווי „דער בלינדער מוזיקאַנט", „אָליווער טוויסט", „העדאַ גאַבלער". „דער איינזאַמער", „פיער און זשאַן", א. א. וו. — אַלץ אַזעלכע נעמען וואָס באַצייכענען אַ געוויסע קאָמפּליצירטקייט ווי „אַז מען זאָגט משוגע — גלויב", אָדער „מוסר". אָדער „דער גלגול פון אַ נגון", אָדער „אויב ניט נאָך העכער", אָדער „אין קעלער שטוב", „בשעת מגפה", „שלום בית", וכדומה. („מאָניש" „ר' בערל" און דער „משוגענער בטלן" זיינען אויסנאָמען).

נאָכמער, די אַבסטראַקטקייט צייגט זיך אַרויס בולט ביי פּרצ'ן אין דער איינלייטונג פון זיינע ווערק.

אַנשטאָט זיך צו האַלטן ביי דער אָנגענומענער פאָרמע,לויט וועלכער מע טיילט איין די שריפטן לויט'ן זשאַנר, געפינען מיר נאָך ביי אים אַ באַנד, וואָס הייסט „די צייט" און דאָרט גייען אריין זאַכן פון פאַרשיידענע זשאַנרן: בילדער, סקיצן, דערציילונגען, מעשה'לאַך, הומאָרעסקן, דיאַלאָגן, לידער, שטימונגען, באַטראַכטונגען, אויפזאַצן, פאַבלען און אויטאָביאָגראַפישע זכרונות — אַלץ, אַלץ אונטער דעם באַגריף פון צייט.

דאָס ווייזט, אַז די ספרונדזשינעס פון פּרץ'עס שאַפן זיינען געלעגן אין אַן אַבסטראַקטן געדאַנקן-גאַנג. פאַר דעם לעזער, וואָס איז ניט באַ-

6) רייזע בילדער—כ. ב.

קאַנט מיט פּרץ׳עס וועלט־אַנשויאונג, איז זיך שווער צו אָריענטירן אין אַזאַ מין, לויט עס דאַכט זיך אויס, אומסיסטעמאַטישער איינטיילונג. פּרץ אָבער, האָט זיך געהאַט זיין אייגענע אויסרעכנונג דערביי, ווען ער האָט מקריב געווען דעם זשאַנר פאַר׳ן געדאַנק, וואָס ציט זיך דורך יענעם ציקל וואָס הייסט „די צייט".

אָבער ווידער אַמאָל ניט די צייט סתם אין דער וועלט אריין איז דאָס. די צוויי לידער „די צייט" און „דאָס יאָר" אין אָנהויב און דער שטימונג־פּעליטאָן „צייטן און דורות" צום סוף, זיינען אַלגעמיינע ראַמקעס, אָבער איינגעפּאַסט אין זיי זיינען „שבת", „חנוכה", „די ימים נוראים", „פּורים", „פּסח", „נעילה", א. א. וו. אין דער אַבסטראַקטקייט ליגט פּאַרט עפּעס ספּעציפיש, עפּעס קאָנקרעט — דאָס אידישע לעבן אַנטפּלעקט זיך דאָ אונטער דעם באַגריף פון צייט.

דער סך הכל אין א פּאָר ווערטער איז אָט וואָס: די פּערזענלאַכקייט ביי פּרץ׳ען שפּאַלט זיך אין פילע עלעמענטן, אָבער יעדער עלעמענט צייגט אין זיך א קערנדל פון א אור־פּערזענלאַכקייט, יעדער טייל איז באַפאַרבט פון א קאָלעקטיוון באַוואוסטזיין. דער באַלאַנס־ציפער, וואָס איז געוויינ־לאַך דער אויסגאַנגס־פּונקט אין דער קאָנווענציאָנעלער וועלט, איז די פּערזאָן, דער כאַראַקטער־קאָמפּלעקס. איז אָבער דער כאַראַקטער־קאָמ־פּלעקס צענומען געוואָרן, בלייבן די עקסטרעמען — די אינפראַ־פּערזענ־לאַכקייטן, ד. ה. די פאַרשיידענע נייגונגען, געזינונגען וכדומה פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט, די אולטראַ־פּערזענלאַכקייט, וואָס שטייגט אריבער דעם יחיד. אימער ווייזן אָן די ערשטע אויף דער לעצטער פון וועלכער זיי זיינען סימבאָלן.

§ 3. די אומפּערזענלאַכקייט.

איידער מיר גייען ווייטער צו דעם ווינקלשטיין פון פּרצ׳עס שאַפן, מוזן מיר זיך שוין פאַר איין וועג אָפּשטעלן אויף א פּונקט, וואָס איז פאַר־בונדן מיט דער פּערזענלאַכקייט, ווייניקסטנס דורך אַסאָציאַציע, ווייל עס איז אַקוראַט דער היפוך פון פּערזענלאַכקייט.

עס זיינען פאַראַן שטעלן ביי פּרץ׳ן, וואָס זיינען מאָדנע צוליב דעם, וואָס מיר ווייסן ניט ווער עס רעדט דאָ. מיר קענען צושרייבן דעם געדאַנק צו עטלאַכע פאַרשיידענע לייט, און דער סוף איז אַליץ, אַז מיר ווייסן פּאָרט ניט פון וועמעס מויל די ווערטער דאַרפן קומען. עס איז אַן אומ־פּערזענלאַכער אויסדרוק, וואָס דאַרף אָפּעלירן בלויז צום לעזערס אונ־טערבאַוואוסטזיין. עס איז א מיטל צו מאַכן פולקום דאָס בילד.

מיר וואונדערן זיך אַמאָל ווי אַזוי דער זאַץ פּאַסט זיך גאָר דאָרטן. עס קוקט אונז אויס ווי א ווילדער פאַרגלייך — אַן אָנכאַפּ פון די הריי־חושך, אָבער ווען מיר באַטראַכטן די זאַך אביסל נענטער, מוזן מיר צו־

געבן, אז דערזעלבער אויסדרוק, וואָס האָט דאכט זיך ניט צום ענין, האָט פיל געהאָלפן צו באשאפן די געהעריקע שטימונג דורך דעם, וואָס עס ארבעט זיך ביי אונז אוים אין מוח א משונה'דיקע פארנעפּלטע פאנטאַזיע, איידער מיר קוקן זיך נאָך אום.

יעדער שטריך איז אינדיווידועל ביי פּרץ'ן, און דערפאר איז עס אזוי טשיקאווע. אַש, דאכט זיך, האָט אויך אזא שטעלע, וואו עס גיט א בליץ א מאוימ'דיקע השערה, און דער לעזער וויים ניט פון וואנען עס נעמט זיך. אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָט אַש זיך מיט דעם באנוצט ער־געץ אין זיין דערציילונג „אמעריקא“.

אלס אילוסטראציע פון דער אומפּערזענלאכקייט ביי פּרץ'ן קען אונז דינען פאָלגנדיקער ציטאַט פון א „גלגול פון א נגון“.

פּרץ באשרייבט דאָ חיימל'ס „אל מלא רחמים“. ווי עס איז פאר־וואנדלט געוואָרן אין טעאַטער.

„עס רודערט, עס קלאפּט, און עס פּייפט. . . נישט עס דונערט, נישט הייזער פאלן, גלאַט א געפּילדער! צי גליטשן זיך שדים אויפ'ן ים חקרה, צי רייסן זיך טויזנטער חיות רעות פון גהינום ארוים? א ציטערניש נעמט דורך דאָס טע־אַטער“.

איצט פרעגט זיך: ווער מאַכט עס די דאָזיקע השערה וועגן די שדים און וועגן דעם ים הקרח און די חיות רעות פון גהינום? זאָל עס זיין די טעאַטער באַזוכער? אָדער דער דערציילער אָדער דער איבערגעבער (ד. ה. פּרץ גופא?)

עס פילט זיך אָבער, אז ניט דער און ניט יענער זאָגט ארוים דעם געדאַנק בפועל ממש. די השערה איז אן אריינגע'גנב'עטע צום לעזער אין מוח, און אן ארויסגעגליטשטע פון דעם איבערגעבער'ס אונטערבאוואוסט־זיין. 7).

עס איז מיר ניט באַקאַנט, אז אנדערע שרייבער זאָלן האָבן אריינ־געבראכט זייטיקע זאכן אין זייערע דערציילונגען אזוי פיל ווי פּרץ. די פּארוויקלטקייט האָט אָבער, מערסטנס, געהאַט א טעם — אויב ניט א לאָגישן, לכל הפּחות א פּסיכאָלאָגישע סיבה.

די אומפּערזענלאכקייט זעט זיך אָן אין זיין חסיד'ישעס, אין זיין ראָמאַנטיק און פאָלקסטימלאכע געשיכטן — דאָרטן וואו די פאנטאַזיע ארבעט מער, און וואו עס איז שווערער זיך איינצולעבן אין דער אַט־מאָספערע.

§ 4. פּרץ אלס פעלקער־פּסיכאָלאָג.

דערווייל זיינען מיר נאָר פארבייגעפאָרן פארשיידענע סטאַנציעס.

---

7) פאר די טעאָריעס פון אונטערבאוואוסטזיין, זע מיין דערמאָנטע „פיל־פאכע פּערזענלאכקייט“, קאפּיטעל 4. „דאָס נייע לעבן“, 1913.

צום באַשטימונגס־אָרט זײַנען מיר נאָך ניט געקומען.

וואוהין פירט דאָס אַלץ?

מיט צעהן יאָר צוריק האָב איך אָנגעוויזן 8) אויף דעם פאַקט וואָס עס זײַנען פאַראַן צוויי סאָרטן פּסיכאָלאָגיע — די וויסנשאַפטלאַכע וואָס ווערט שטודירט אין דער אַקאַדעמיע, און די לעבנס־פּסיכאָלאָגיע וואָס דער קינסטלער האָט זיך געמאַכט די אויפגאַבע צו שילדערן.

פּונקט ווי אין דער וויסענשאַפטלאַכער פּסיכאָלאָגיע זײַנען דאָ פאַר־שיידענע צווייגן אָדער איינטיילונגען, אַזוי מוזן מיר זיך אין דער קונסט־פּסיכאָלאָגיע אויך רעכענען מיט פאַרשיידענע פעלדער.

אויסער די אַלגעמיינע פּסיכאָלאָגן, וואָס שילדערן רעאַליסטיש די געפילן און דורכלעבונגען פון דעם דורכשניטלאַכן מענטשן ביי פאַרשיי־דענע געלעגנהייטן און ביי כל'ערליי נסיונות, האָבן מיר די אַבנאָרמאַלע פּסיכאָלאָגן אין דער קונסט ווי עדגאַר אַלאַן פּאָו, דאָסטאָיעווסקי, טייל־ווייז מאָופּאַסאַן, האַמסון און פילע אַנדערע; (2) די חיות־פּסיכאָלאָגן ווי קרילאָוו, לאַפאָנטען און אַנדערע פאַבל־דיכטער, ווי אויך קיפּלינג און מעטערלינק; (3) די געגעטישע פּסיכאָלאָגן אין דער קונסט — אַזעלכע וואָס ווייזן אָן אויף דער פּסיכאָלאָגיע פון פאַרשיידענע עלטערס, וואָס מאָלן די נשמה פון דעם קינד, פון דעם נאָר־וואָס צייטיק־געוואָרענעם אינגל, פון דער בוגרת, פון דעם אַלטן מאַן, א. א. וו., צ. ב. ש. אַנאַטאָל פראַנס; (4) די אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגן, וואָס האָבן געמאַכט זייער ספּעציאַליטעט צו שילדערן כאַראַקטערן און טיפּן. איבסען און טאָלסטאָי באַלאַנגען צו דער דאָזיקער כתה, ווי אויך די מערסטע דראַמאַטורגן, איבערהויפּט פאַרפאַסער פון היסטאָרישע פּיעסן.

נאָר איצט איז אונז נוגע די קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגיע, מער ספּעצי־פיש די פעלקער־פּסיכאָלאָגיע. צווישן די פעלקער־פּסיכאָלאָגן אין דער קונסט־ספערע קען מען רעכענען אַזעלכע זשעניען ווי האָמער פאַר זיין אי־ליאַד און אָדיסיוס; ווירגיל פאַר זיין אייניאַד; אָוויד פאַר זיינע מעטאַ־מאָרפאָזן; אין דייטשלאַנד, די ברידער גרים פאַר זייערע מעשה'לאַך און וואגנער'ן פאַר זיינע מוזיק־דראַמען; אין רוסלאַנד, גאָגאָל פאַר זיין „טאַראַס בולבאַ“; אין פּוילן, סינקיעוויטש פאַר זיין פּוילישער טרילאָ־גיע, און אויך שאָפּען פאַר זיין אידיאָמאַטיש־פּוילישע מוזיק; אין ענג־לאַנד, מאַלאָרי פאַר זיין „מאָרט ד'אַרטור“ און טשאָסער פאַר זיין „קאַנ־טערבערי טיילס“, נאָר עס איז ניט נויטיק דאָ אויסצורעכענען אַלע וואָס האָבן פּרובירט מאָלן די נשמה פון זייער פאָלק.

צווישן די אַלע קען פּרץ פאַרנעמען אַ בכבוד'ן פּלאַץ. אמת, וואָס אַנ־באַלאַנגט די פאָרמאַלע עלעמענטן פון דער קונסט; ווען מען רעדט וועגן

8) ליטעראַטור און פּסיכאָלאָגיע: „ליטעראַטור און לעבן“, אפּריל, 1915.

די ריינע שיינקייט פון דער דיכטונג, קען זיך פּרץ גאָר ניט מעסטן מיט זיי, מיט די אַלטע קלאַסיקער אודאי ניט.

פּרץ אָבער, פאַרמאָגט אַן אינהאַלט־רייכקייט וואָס שטייגט אַריבער אפילו האָמער'ס און ווירגיל'ס ווערק. דער קרעדיט קומט פאַר דעם ניט פּרץ'ן אַזוי פיל ווי דעם אידישן פאָלק וואָס האָט אַזוי פיל דורכגעמאַכט אין די עטלאַכע טויזנט יאָר וואָס עס עקזיסטירט.

מען האָט זיך איינגעשמועסט, אַז דאָס אידישע לעבן איז ענג און שמאָל. צוליב דעם ווייל דער איד איז געווען איינגעצוימט אין אַ געטאָ, האָט מען געדרונגען, אַז זיינע באַציאונגען זיינען באַשרענקט. פון דעם שטח האָט מען אָפּגעלערנט אויף דעם גייסט וואָס לאָזט זיך באַיין אופן ניט איינציען אָדער ווערן איינגעשרומפן אויף דעם סמך פון רעסטריקציעס.

איין זאַך האָט מען פאַרגעסן, און דאָס איז אַז אַן ערפאַרונג בלייבט אַן ערפאַרונג, סיי ס'איז צום גוטן, סיי צום שלעכטן. עס איז אָנגענומען געוואָרן, אַז מחמת די אידן זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנ־צער וועלט, קענען זיי ניט האָבן די קולטורעלע הרחבה, וואָס זיי וואָלטן געהאָט, ווען זיי זיינען זיך אין זייער אייגן לאַנד.

דאָס איז אַ טעות, ווען מען האָט נאָר אין זינען די אידן אַלס געגנ־שטאַנד פאַר דער קונסט. צו שאַפן זיינען זיי אמת, אונטער געדריקטע אומשטענדן, ניט אַזוי אימשטאַנד ווי ביי פעלער פרייהייט און הצלחה; אָבער מעגלאַכקייטן זאַמלען זיך ביי זיי אַן פיל מער.

יעדער גירוש, יעדער בלבול, יעדע גזירה ווערט אַ טעמאַ מיט טויזנטער אָפּטיילונגען. דאָס אידישע לעבן איז פיל מער פאַרשיידנאַרטיק, פיל מער פאַרבן־רייך ווי דאָס לעבן פון וועלכער ניט איז אַנדערען פאָלק, ווייל דערמאָנט זיך נאָר, אַז אין יעדן לאַנד באַזונדער האָט דער איד גע־לעבט אַ באַזונדערן לעבן, און האָט געהאַט אַנדערע באַציאונגען מיט'ן הערשנדן פאָלק.

ווידער איז ביי אונז פאַרבונדן די רעליגיע מיט דער ראַסע און דער נאַציע. אַלע אינאיינעם בילדן זיי אַ מין דריי איניקייט. אונזער קייט פון שייכות'ן אין אַלע לענדער און אין אַלע צייטן איז אַן אומענדלאַכער.

מיר האָב ניט קיין געיעג־מחנות אָדער טורנירן צווישן ריטער? האָבן מיר אָבער דערפאַר דעם ראָמאַנטיזם פון דעם שפּאַנישן פּסח, פון דעם לעבן פון די אנוסים. אַלס יחידים מעגען מיר טאַקי מוחל זיין אַזעלכע דער־פאַרונגען; די קונסט ווייס, אָבער, ניט פון דעם חלוק צווישן ליידן און פריידן. די טראַגעדיע שטייט נאָך העכער ווי די קאָמעדיע ביי איר. מיר האָבן הנאה פון דעם קונסטשטיק „לאַאָקאָאָן", ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער פאָטער און די קינדער אין דער סקולפּטור ווערן געשילדערט ווי זיי האָבן גסיסה־וויטאַק.

דער גלות פאַר די אידן אַלס יחידים איז אַ גיהנום, אָבער צי האָט מען דען ניט הנאה פון דאַנטע׳ס שילדערונג פון גהינום. די פראַגע צי קען מען ניט זאָגן אויף דעם גלות „יצא שכרו בהפסדו“, איז דאָ ניט קיין געהעריקע, ווייל קוים קומט מען אין דעם היכל פון דער עסטעטיק, בלייבן אַלע פּראַקטישע אינטערעסן אין הינטערגרונט.

דער איד לעבט אַן אינטענסיוון לעבן, מחמת דעם איז ער אַזוי אינ־טערעסאַנט פאַר דעם קינסטלער.

אַ גאַנצן באַרג מיט פאַרשריפטן טראָגט ער אויף זיך — די וועלכע די רעליגיאָן האָט אויף אים אַרויפגעלייגט און די, מיט וועלכע די פעל־קער האָבן אים באַלאָדן.

פון דער נאַטור אַ זעלבסטבאַוואוסזיניקער — און דערמיט ערקלערט זיך די פאַרשפרייטקייט פון אַבנאָרמאַלקייט ביים אידן אין דער פאָרמע פון קראַנקהאַפטע גריבלעריי אין זיך אַליין — האָט אים די רעליגיע זיינע געמאַכט נאָך מער זעלבסט־באַוואוסטזיניק.

אפילו „נקיות“ איז פאַרבונדן מיט אַ ברכה, און דער וואָס איז באַ־האַוונט אין דער אידישער ליטעראַטור קען פאַרשטיין, אַז די נאַטירלאַכ־סטע פליכטן ווערן ניט אָפּגעטאָן ביים אידן אויטאָמאַטיש... דער אַמע־ריקאַנער וואָלט זיך גאָר ניט געקענט פאַרשטעלן וואָס פאַר אַ פאַרבאָר־גענע ווינקלען עס ווייזן זיך אַרויס אין דער אידישער ליטעראַטור. קען מען אין דער ענגלישער, דייטשער אָדער פראַנצויזישער ליטעראַטור דער־וואַרטן צו געפינען אַזעלכע טעמאָס באַשריבן ווי פּרץ׳עס „אַ פאַרשטער־טער שבת“, אָדער יונה ראָזענפעלד׳ס „זומער“ (פון דער סעריע „אין די שמאָלע געסלאַך“) אָדער וויסענבערג׳ס „די משוגענע אין דאָרף“?

איבער בלויז איין דערשיינונג פון דעם געשלעכטלאַכן לעבן איז דאָ אַ גאַנצע מסיכתא אויסער אָנווייזונגען אין כמעט יעדער גמרא, איז דאָס רעכנט מען ניט דעם גאַנצן סדר נשים וואָס האָט מער צו טאָן מיט די ציווילע געזעצן צווישן מאַן און פרוי.

ניטאָ קיין מעכאַנישעס אין אידישן לעבן. יעדע מצוה און יעדע עבירה —יעדער רעליגיעזער גדר רופט זיך אָפּ ביים אידן אין מוח, און אָט־די רע־אַקציע דריקט זיך אויס ווידער אין דער פאָלקלאָר, אין די שפּריכווערטער, אין די לידער און אין אַנדערע אויסדרוקסווייזן פון פאָלק.

אַזוי אויך מיט דער סאָציאַלער וואָנט וואָס האָט איינגעשפּאַרט דעם אידן אין אַן ענגע געטאָ. יעדער פאַרבאָט און יעדער פאַרזאָג האָט רייי־כער געמאַכט דעם אידישן גייסט, ווייל מען פלעגט זיך אָפּשטעלן, נאָכ־דענקען דעריבער. מיט יעדער גזירה וואָס דער איד האָט געדאַרפט אין זינען האָבן איז דאָס באַוואוסטזיין שטאַרקער געוואָרן.

דער געוויינלאַכער ניט־איד וואָס האָט געמעגט גיין פראַנק און פריי וואו נאָר זיין האַרץ האָט געגלוסט, האָט פאַרשפּאָרט צו טראַכטן איבער

אַזעלכע קליניקייטן ווי דעם גאַנג גופא. דער איד האָט אָבער, אַלע מאָל געדאַרפט קלערן וואו ער מעג גיין און וואו ער טאָר ניט. אַלע פאַרבאָטענע פּלעצער האָבן אים געמוזט ליגן אין קאָפּ, אויב ער האָט געוואָלט היטן זיין פרייהייט.

נעמט דאָס אַנטאָן זיך — דער דורכשניטלאַכער מענטש טוט זיך אָן אין דער פרי ניט קלערנדיק וועגן דעם. דאָס אַרויפכאַפּן אויף זיך דעם קאָמזויל, דאָס אַרויפציען דעם ראָק פאָדערט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט. אַנדערש איז עס ביים אידן צוגעגאַנגען, ווען ער האָט געמוזט אָנטאָן די געלע לאַטע אויפ'ן ראָק אָדער ווען ער האָט נאָר אַ קוק געגעבן אַפילו אויף זיין גלאָררייכן שאַנדצייכן. דאָס באַוואוסטזיין האָט זיך יעדעם מאָל געגעבן אַ שפּיל אויף אין אים, און זיין לאַגע פלעגט אים ווערן קלאָר פיל מאָל אַ טאָג.

מיר ווילן האָבן, אַז דאָס ענגע געטאָ האָט ניט נאָר דאָס אינערע לעבן פון די אידן ניט אַרימער געמאַכט, נאָר אדרבא, די ווירקונג איז געווען אַ פאַרקערטע. אויפ'ן פיזיאָלאָגישן לשון וואָלט עס הייסן, אַז יעדע געזעלשאַפטלאַכע רעסטריקציע האָט געפירט צו אַן אינהיביציע אָדער אָפּהאַלט פון באַוועגונג. איידער די אָפּהאַלטונג אָדער שטערונג ווערט אַזוי מעכאַניזירט, אַז עס קען אַנגיין אויטאָמאַטיש, מוז זי ווערן באַגלייט פון אַ געוויסן גראַד באַוואוסטזיין אין מוח. מיט אַנדערע ווערטער, גראָד די שטערונגען אָדער אָפּהאַלטן פירן צו נייע ערעגונגען פון נערוו־צעלן. עס עפענען זיך נייע וועגן פאַר די פאַרשיידענע נערוון־שטראָמען וואָס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם באַוואוסטזיין, אַז דאָס און דאָס טאָר מען ניט, ווארום יעדע אינהיביציע מוז האָבן אַן אויסוועג, ריכטיק ווי ווען מען קען זיך ניט פאַרטיידיקן מיט די הענט, פאַרטיידיקט מען זיך מיט'ן מויל, און טאָמער איז אויך דאָס צו ריזיקאַלנע גיסט מען שוועבל און פעך אויף דעם אַנגרייפער בלויז אין געדאַנק.

יעדע שטערונג מוז האָבן אַן אויסגאַנג — בילדעט זיך אַ נייע סיסטעמע פון נערוו־שטראָמען אין מאַרך, און אין די דאָזיקע ליניעס האָבן מיר דעם יסוד פון נייע געדאַנקען־פאַרבינדונגען, נייע עמאָציעס און סענטימענטן, נייע נייגונגען, נייע אימפּולסן וואָס זיינען דעם ניט־אידן ווילד־פרעמד.

וואָס ווערט אָפּגעטאָן ביי דעם לעצטן אויטאָמאַטיש, רופט אוים ביי דעם ערשטן אַן איינגעהאַלטענע שטעלונג, וואָס דריקט זיך אוים אין אַ רייע געדאַנקען און געפילן אַלס רעאַקציע.

וואָס מער גזירות, וואָס מער דאָס אויסערע לעבן איז פאַר אים אַ פאַרבאָטענע פרי, אַלץ מער וועט דיזעלבע האַנדלונג פאָרקומען ביי אים אין באַוואוסטזיין, אין אינערלאַכן לעבן. זיין דורכלעבונג

איז דאָן וואָס מען רופט אַן ספּעציפיש־אידיש. דער הבדל צווישן אים און דעם גוי ווערט אַלץ שאַרפער, און זיין זעלבסטבאַוואוסטזיין אַלס אַ בריאה וואָס אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע פעלקער, ווערט אים דאָן קלאָר און בולט.

דערביי מוז מען נאָך ניט פאַרגעסן, אַז איין גאַנג רעאַקציעס פירט צו אַנדערע — תולדות. צוערשט באַטראַכט מען די בעסערע לאַגע אָדער די פאַרהעלטנישן צווישן די גוים און די אידן. דערנאָך נעמט מען אַ געוויסע שטעלונג צו אַזאַ סאָרט לעבן, און נאָך דעם אַלעמען, הויבט מען אָן אָפּמעסטן זיך אַליין, דאָס הייסט, מען נעמט באַטראַכטן ווי מען באַציט זיך אַליין צום לעבן אונטער אַזעלכע אומשטענדן. אַזוי ווערט די קייט אַלץ גרעסער און גרעסער ביז עס געשטאַלטעט זיך אַ ריין־אידישעם דענקען און פילן וואָס איז כולל אין זיך, פאַרשטייט זיך, אַלע אייגענע עלעמענטן אויף אַ פּאָזיטיוון אופן, און די פרעמדע עלעמענטן (ד. ה. זאַכן וואָס זיינען אָדער אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף זיי, אָדער אין וועלכע זיי ווערן געשטערט) אויף אַ נעגאַטיוון אָבער, טראָץ דעם, באַשטימטן אופן. 9).

עס איז כדאי געווען אַביסל מער ווי געוויינטלאַך מאריך צו זיין ביי דעם דאָזיקן ענין כדי אָנצואווייזן אויף אַ טעות וואָס ווערט אויסגענוצט אויף פאַרשיידענע אופנים און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן הויפּטזאַכלאַך צו פאַרביליקן ביי דער וועלט דעם אויפטו פון דעם גלות־אידן. פון אויבן אויף איז טאַקי די סברה מחיב, אַז זינט דעם חורבן שני ווערט דאָס אידישע לעבן אַלץ שוואַכער און פאַרבלאַזער, בעת אין דער אמת'ן, ווען מען נעמט זיך איינטראַכטן קריטיש אין דער היסטאָריע פון אידישן פאָלק, וואַקסט דאָס אידנטום (פאַרשטייט זיך ניט אין ענגן זין) אַלץ ברייטער און רייכער. יעדער דור און יעדעס לאַנד גיט צו עפּעס אַ נייע שאַטירונג צום גאַנצן, און אַזוי קייקלט זיך די אידישע קולטור ריכטיק ווי אַ שניי־קויל דורך אַלע עפּאָכן פון דער געשיכטע; און 3500 יאָר איז עפּעס ניט קיין משך פון 8 ביז 9 יאָהרהונדערט אָדער אפילו שוין טויזנט יאָר ציוויליזירטעם לעבן. עס איז דאָך פאַראַן אַן אונטערשייד.

הכלל, מיר זעען אַלזאָ, אַז פּרץ האָט פיל צו פאַרדאַנקען דאָס אידישע לעבן פאַר די מעלות פון זיין פעלקער־פּסיכאָלאָגיע. עס קומט אים אויס אַרויסצוברענגען מער באַציאונגען ווי זיינע גרויסע קאָלעגן האָבן עס געקענט טאָן.

אין אָווויד'ס מיטאָלאָגיע לעבן בלויז רוימער אָדער גריכן; ביי וויר־

9) די גרויסע פּלוגתא צווישן די ניי־לאַמאַרק'יאַנער וואָס האַלטן, אַז צוגעקראָגענע אייגנשאַפטן קענען איבערגיין בירושה פון דור צו דור און די ניי־דאַרוויניסטן וואָס לייקענען דאָס לחלוטין אָפּ, גייט אונז דאָ ניט אָן, ערשטנס, ווייל עס שמועסט זיך דערוויל וועגן אַזעלכע וואָס ווערן דערצויגן אין אַ אידישע סביבה און וועלכע מוזן בעל כרחם דערפילן דעם דרוק אויף זיי.

גיל׳ן אויך באגעגנט איר אָן נאָר רוימער. (דאָס טרעפֿן זיך פֿון איינעאַד מיט דער קאַרטאָגענישער קעניגין אויף יענער וועלט איז ניט קיין שיל־דערונג פֿון א פֿעלקער־באַציאונג. עס ווערט ניט געצייגט אין דער וואונ־דערבאַרער עפּאָפּעע קיין ברעקל חלוק צווישן די רוימער און זייער סע־מיטישן שטענדיקן שונא — די קאַרטאָגיניער). אויך ביי וואַגנער׳ן לעבן מיר אין א וועלט פֿון לויטער טיוטאָנען. עס איז א פּרימיטיווע פּעריאָדע, ווען דער נאַטור־מענטש חלום׳ט ניט, אַז עס זיינען דאָ אַנדערע פֿעלקער און ראַסן חוץ זיין אייגענע.

אַנדערש איז די זאַך געווען מיט די אידן. אין יעדן מאָמענט פֿון זייער לעבן האָבן זיי געהאַט שייכות׳ן מיט אַנדערע פֿעלקער. זאָגאָר זייער געבורט איז געווען אין א פּרעמדן לאַנד אָלס שקלאַפֿן ביי אַנאַנדער פֿאָלק. אַזאַ צייט ווי די טיוטאָנען וואָס האָבן נאָר געקענט די אייגענע שבטים אַרום זיך האָבן די אידן קיינמאָל ניט געהאַט. אַלע זייערע מיטהען, אפילו די, וואָס שטאַמען פֿון תלמוד, פֿון די מדרשים און די קבלה־ספרים, זיי־נען עטוואָס פֿאַרבונדן מיט דעם אידנ׳ס פֿאַרהעלטנישן צום ניט־אידן. ווייניקסטנס ווערט ע פּ ע ס דערמאָנט דאָרט וועגן די „עכו״ם". די פּרימיטיווע נאַאיווקייט ציינט זיך אין ערגעץ ניט אַרויס. דורכאויס אויס־געלאָזן ווערט דער גוי בלויז אין עטלאַכע פֿון די גאָר מורא׳דיקע מיס־טעריעזע ספּורי נפֿלאות פֿון דעם למד־וואָוו אָרער אליהו הנביא סאָרט.

די שענסטע לעגענדעס ביי די אידן שטאַמען פֿון דעם גלות־קוואַל. די גוי׳אישע אויבערהערשאַפֿט האָט געשאַפֿן די מאַראַנאַ־לעגענדעס, די רש״י־לעגענדעס וואָס וואַרטן נאָך עד היום אויף א פּרץ און טאַקי יענער קלאַס לעגענדעס פֿון וועלכע פּרץ האָט געשעפּט זיין מאַטעריאַל פֿאַר די פֿאָלקס־טימלאַכע געשיכטן.

פּרץ האָט אין דער סאַמע נאַאיוקייט מרמז געווען אויף עפּעס א מחיצה צווישן דעם איד און דעם גוי, וואָס וואָלט זיך אין יענע קלאַ־סישע ווערק וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, בשום אופן ניט גע־לאָזן. קומען קומט עס דערפֿאַר וואָס דאָס אידישע פֿאָלק האָט געהאַט אַנדערע אומשטענדן — א גאַנץ אַנדערע געשיכטע.

מען דאַרף אָבער דערפֿאַר פֿאָרט ניט אונטערשעצן פּרצ׳עס זעל־טענעם טאַלאַנט, ווען אפילו דאָס פֿאָלק אליין האָט א היבשן חלק אין די מעלות פֿון זיין אַרט פֿעלקער־פּסיכאָלאָגיע.

פּרצ׳עס זשעניע באַשטייט אין דעם וואָס ער האָט געקענט דערפֿילן דעם מינדסטן ציטער אין דער לופֿט. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער שטראָם פֿון אידישן לעבן פֿאַר די לעצטע עטליכע הונדערט יאָר האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן, האָט ער דאָך געקענט אַנכאַפּן יעדע בוואַ־ליע איידער זי האָט פֿאַרלוירן איר פֿאָרמע.

אויב ער האָט אונז ניט געקענט געבן קיין איליאַד אָדער מעטאַמאָר־

פּאַזן אָדער ניבעלונגען־ליד, האָט ער אונז, אָבער, איבערצייגט, אַז ער האָט אַריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון דער אידישער נשמה מער ווי ווער ס׳ניט איז פאַר אים.

זאַנגוויל קען אויך דעם אידן. מיט זיינע „טרוימער" און „קינדער פון דער געטאָ" האָט ער זיך אפילו קונה שם געווען ביי דער וועלט מער ווי פּרץ, אָבער דאָ טאָקי איז די שייד־ליניע צווישן זיי וואָס זאַנגוויל קען זיך גוט אַריינטראַכטן אין דעם אידישען טיף, בעת פּרץ האָט געקענט אומפאַסן די גאַנצע אַטמאָספערע אין וועלכער דער טיף האָט געלעבט און געאָטעמט.

יעדע באַוועגונג, יעדעם ווינטעלע, יעדער שאָרך איז רעגיסטרירט געוואָרן ביי פּרצ׳ן. יעדע שאַטירונג איז באַטאָנט געוואָרן. אַלץ וואָס פּרץ האָט געשאַפן אויף דעם דאָזיקן געביט שטעלט מיט זיך פאַר איין גאַנצעס, כאָטש מיר שטויסן זיך אָן אויף פראַגמענטן. ביי זאַנגוויל׳ן זיינען די טיפן אידישע; ביי פּרצ׳ן ווערט די אידישקייט צי דאָס אידנטום (פאַרשטייט זיך ניט אין רעליגיעזן זין בלויז) אַנטפּלעקט דורך פאַרשיידענע כאַראַקטערן. ביי איינעם איז דאָס פאָלק ניט מער ווי אַ פּסיכאָלאָגישער אָנווייז פאַר׳ן יחיד. ביי דעם אַנדערן איז דער יחיד אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין פאָלק.

פאַר פּרצ׳ן איז דאָס אידנטום אַ מייסטערווערק פון פאַרשיידנאַרטיקע פאַרבן און טענער. ער האָט ניט קיין ליבסטע. פאַר יעדער שאַטירונג, פאַר יעדער נואַנס אין אידישן לעבן איז ער אַ מליץ יושר. מער ווי אַ גרעץ און מער ווי אַ קראָכמאַל האָט ער באַגריפן די רייך־פאַרביקייט פון אידישן פאָלק, און דעם קולטורעלן ווערט פון די הונדערטער דעות און שטאַנדפּונקטן וואָס האָבן זיך געשאַפן אין משך פון דעם גלות.

אויב פּרץ ווייזט יאָ אַרום אביסל פּאַרטייאישקייט, איז עס אין דער ראָמאַנטישער טייל פון אידנטום. ער איז דער פאָעט פאַר עקסעלאַנס פונ׳ם חסידיזם, אָבער פון דער אַנדערער זייט איז ער ניט מבטל דעם כח פון דער מתנגדות און אפילו פונ׳ם סאָציאַליזם ווי מיר זעען עס אין זיין „נס חנוכה". אין פּרצ׳עס דערציילונגען און בילדער קומט פאַר כסדר אַ שטרייט פון קולטורן, פון שטאַנדפּונקטן. פערזענלאַכע חשבונות זיינען פאַראַן וויניק צווישן די העלדן זיינע; דאָס רוב האַלטן מלחמה איינע אַנטקעגן די אַנדערע גרופּע־ניגונגען, און מחמת דעם זיינען די האַנדלונגען אַזוי פאַרצווייגט, כאָטש ניט אַזוי אינטענסיוו אָדער טראַגיש, ווי ווען זיי וואָלטן זיך קאָנצענטרירט אַרום יחידים.

פּרצ׳עס שאַפן איז מחמת דעם טאָקע אַ פיבערשער, אַ בחפזונ׳דיקער,

פּשוט צוליב דעם וואָס עס גייען געקניפּט און געבונדן אַזוי פיל אינצי־דענטן. עס שלענגלט זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע און מיר האָבן נאָך ניט געהאַט קיין צייט צו זען דעם סוף פון איין אינצידענט, אַז עס איז שוין אויסגעוואַקסן אַ צווייטער און אַ דריטער. אַט דערפאַר קומט מיר אַזוי אָפט ארויף אויפ׳ן זינען באַכ׳ס א פוגע. ווען איך לייען אַזעלכע דערציי־לונגען ווי „דער גלגול פון אַ נגון", אָדער יוחנן דעם מלמד׳ס מעשה׳לאַך, אָדער די פאָלקסטימלאַכע מעשה׳לאַך. ניט אַנדערש ווי עטלאַכע שטימעס רעדן כמעט מיט איין מאָל ביי פּרצ׳ן. הקיצור, דער נוסח איז אַ פּאָ־ליפאָנישער און פּאַסט זיך גאַנץ גוט צו צו פּרצ׳עס עפּישן גע־דאַנקען־לויף וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט זיין פּסיכאָלאָגישן אויפּפאַס.

אָבער כדי צו פאַרשטיין בעסער פּרצ׳עס ביישטראַג, טאָר מען ניט פאַרפעלן זיך אָפּצושטעלן אויף זיין מיסטיציזם, וואָרים מיט דעם געהער זיך א סך אַן יענער שטריך וואָס צייכנט אים אויס פאַר אַ פעלקער־פּסיכאָלאָג.

§ 5. פּרצ׳עס מיסטיציזם.

ווי איך זאָל האָבן חשק זיך צו פאַרנעמען באריכות מיט פּרצ׳עס מיסטיציזם, וועל איך עס דאָך מוזן אָפּלאָזן אויף אַנאַנדער געלעגנהייט און האָפן, אַז אַמאָל וועט אַ אידישער סטודענט דאָס נעמען אַלס אַ טע־מע פאַר אַ דיסערטאַציע, און שרייבן קען מען איבער דעם גענוג.

איך וועל דערווייל נאָר אויף אַזוי וויט אַנרירן דעם ענין אויף ווי־פיל עס האָט אַ שייכות מיט פּרצ׳ן אַלס פּסיכאָלאָג און קען באַלייכטן זיין ארט שאַפן.

קודם כל, די פאַקטן: פון וואַנען איז געדרונגען, אַז פּרץ איז אַ מיס־טיקער? אויף דעם קען מען אויבנאויפיק ענטפערן, אַז יעדער איינער וואָס אינטערעסירט זיך מיט פאָלקס מעשה׳לאַך און קען זיי איבערגעבן אויף אַזאַ׳ן ארט, אַז זיי זאָלן אָפּעלירן צום לייענער מוז זיין אַ מיסטי־קער. חוץ דעם איז אויך מעגלאַך אַנצואווייזן אויף פּרצ׳עס וואָרימער סימפּאַטיע פאַר׳ן חסיד׳יזם. מען קען אויך ברענגען ראיות פון זיין פער־זענלאַכן אומגאַנג מיט פריינט, זיינע אויסדרוקן אין טאָג־טעגלאַכן לעבן. דאָס וואָלט נאָך אָבער אַלץ ניט געווען גענוג. עמיצער וואָלט פאַרט גע־האַט אַ רעכט צו בעטן אַ באַשטימטן מראה מקום, און אַט אַזאַ עקשן איז מיין כונה צופרידנצושטעלן.

עס איז ניט נויטיק דאָ צו דערקלערן וואָס דער טערמין מיסטיציזם באַטייט. לאָמיר נאָר האַלטן אין זינען, אַז דער מיסטיקער ליגט ניט אַזוי פיל געוויכט אויף צו דערגיין אַ זאַך דורך פאָרשן ווי אויף אַ מין געפיל וואָס הייסט אינטואיציע. די בעלי־חכמה, תלמידי חכמים ווייסן, אַז אויב מען האָט ניט קיין גרונטאַוונע לומדות, צו וואָס נאַטירלאַך מען דאַרף זיין געבענטשט מיט אַ גוטן קאָפּ

— האָט מען ניט קיין ידיעות. דער מיסטיקער אָבער, האַלט ביי זיך, אַז זיין וויסן, זיינע איבערלעבענישן זיינען פּונקט אַזוי וויכטיק ווי דעם גע־לערענטנ'ס, און אפשר נאָך חשוב'ער. אמת, קיין אַנטדעקונגען מאַכט מען מיט זיי ניט. זיי זיינען ניט לתשמיש, נאָר ווער זאָגט עס דען, אַז נאָר נוצלאַכע זאַכן האָבן אַ ווערט. אדרבא, טענה'ט דער מיסטיקער, די אייביקע זאַכן, דאָס גוטע, דאָס שענע און דאָס אמת'ע האָבן קיין פּראַקטישע נוצן אינגאַנצן ניט.

פאַר יעדן מענטשן, האַלט דער מיסטיקער, איז זיך פאַראַן זיין באַזונדער אמת, וואָס איבערגעבן אַ צווייטן קען מען עס ניט, און דעם אמת קען מען דערגרייכן נאָר דורך אינטואיציע, און אינטואיציע קען זיך געפינען ניט נאָר ביי דעם שאַרפן קאָפּ אָדער ביי דעם טאַלאַנטפולן, נאָר דוקא ביים פּשוט'ן מענטשן וואָס איז געבענטשט מיט אַזעלכע מעלות ווי ליבע, דביקות, און עקסטאַז.

פּרץ האָט ניט איינמאָל באַטאָנט דעם אונטערשייד צווישן דעם שכל'דיקן סאָרט וויסן און דעם אומאויסדרוקבאַרן סאָרט וויסן, וואָס ער האָט געהאַלטן העכער אין אַ געוויסן זין. דער גאַנ־צער יסוד פון די למד וואָוו צדיקים באַשטייט פון דער דאָזיקער ניט־שכל'דיקער גייסטיקייט. ווי באַוואוסט זיינען די אַלע פון דער דאָזיקער כיתה געווען אין טעגלאַכן לעבן פּראָסטע בעלי מלאכות, לויט דעם פאָלקס־גלויבן.

מיסטיקער, — און אין דעם קומט זיך פּרץ צונויף מיט זיי, — זיי־נען געניינגט צום גלויבן, אַז מיר אַלע וועלן דורכגע־נומען פון אַ קאָסמישן פּסיכישן כח — אַ וועלט־באַוואוסטזיין, אַז מיר ווערן געבוירן צו שטיין אויף אַזאַ און אַזאַ מדרגה. פּערזענלאַכקייט אַלס אַזעלכעס האָט שוין ממילא ניט דעם זעלטן באַטייטפולן זין וואָס מיר שרייבן צו צו דעם אין דער גייסטיקער וועלט פון גרויסע מענטשן. מיר ניט־מיסטיקער האַלטן, אַז דער גרויסער מאַן, לאָמיר זאָגן, אַ אַריסטאָטל, שפּינאָזאַ, געטהע, האָט אין אַ היבשער מאָס אַנטוויקלט זיין אייגענע פּערזענלאַכקייט. מיסטיקער וועלן דאָס אפשר ניט באַשטרייטן, נאָר זיי זעען ניט איין, אַז די דאָ־זיקע פּערזענלאַכקייט איז אַ דבר העמד ברומו של עולם. נאָך זיי קומט אויס, אַז די פּערזענלאַכקייט וואָס רעכנט זיך אין דער פּסיכישער וועלט איז דער חלק אלוה, וואָס ווערט געגעבן מענטשן אָפּט מיט גאַנץ קנאַפּע השגות און לויט די וועלט זעט זיי, נאָך מיט קנאַפּערע פאַר־דינסטן.

אַט אַזאַ שטאַנדפּונקט ווייזט זיך אַרויס גאַנץ בולט אין פּרץ'עס חסיד'ישע און פאָלקסטימלאַכע מעשה'לאַך, און דערפאַר

פאַרנעמט ניט די אינדיווידואַליטעט ביי אים אַזאַ בכבוד'יקן פּלאַץ ווי ביי אַנדערע שרייבער. דערפאַר איז ביי אים די פּערזאָן צעברעקלט און צע־שפּליטערט ווי מיר האָבן עס געזען אין אָנהייב פון דער עסיי.

מען דאַרף ניט בלעטערן קיין סך צו אַנטדעקן ביי פּרצ'ן אַ ניצוץ פון מיסטיציזם. אַט לאָמיר אויפמישן אין זיינע פאָלקסטימלאַכע מעשה'לאַך „אַ קאַפּיטל תהילים" אָדער „יוחנן דער וואַסער־טרעגער און דער אורח חיים".

ווער איז געווען יוחנן דער וואַסער־טרעגער?

„דער נפטר איז געווען, ער זאָל מיר מוחל זיין, אַ פּשוט'ער איד... אמת געדאַוונט ותיקין; מגהה ומעריב, אין גרויסן בית מדרש; דערנאָך ארומגעטראָגן קאַלט וואַסער פאַר די לומדים. אָבער אַזאַ לויה?

געווען נאָך אַ תהילים־זאָגער, אָבער די עברי זיינע? מען פלעגט זיך קוים איינהאַלטן פאַר געלעכטער... איינמאָל האָט אים דער „וחלחלקות" בשום אופן ניט געקאָנט פון מויל אַרויס, האָט זיך געקייקלט..."

אָבער דער אורח חיים האָט געוואוסט פון דעם סוד, און האָט באַלד דערקלערט דעם פאַרגאַפטן עולם וואָס האָט ניט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי אַן עורח חיים איז זיך מתעסק ביי דער קבורה פון אַ גאָר פּראָסטן מענטשן.

„זייט וויסן, אַז עס איז נפטר געוואָרן אַ איד וואָס האָט געהאַט אַ חוש הריח צו דערקענען לומדי תורה וואָס אַן אורח חיים האָט עס נישט. און דערצו א איד, וואָס האָט מער גע'פּועל'ט מיט דער מאַך אין דער גראָבער האַנט ווי דער אורח חיים מיט די כוונות אין מות."

נאָר לאָמיר אַ קוק טאָן ווי יוחנן גופא דערקלערט זיין חוש, ווען דער אורח חיים איז אויף אים גוזר ער זאָל אויסזאָגן וואָס ער האָט צום פּרוש וואָס ער וויל אים קיין וואַסער ניט דערלאַנגען.

„איך בין זייט איך לעב משמש תלמידי חכמים, דאָס איז מיין עבודות... האָב אַליץ אָבער מורא געהאַט איך זאָל נישט נכשל ווערן אין אַ פאַלשן תלמיד־חכם, האָב איך מתפלל געווען דערויף צו גאָט, און עס איז געווען אַן עת רצון, און מען האָט מיר געגעבן אַ חוש צו דערפילן דעם ריח פון דער תורה... פון דעמאָלט אָן, אַז איך גיי פאַרביי אַ תלמיד חכם, דערפיל איך זיין מדרגה, פאַראַן אַ תלמיד חכם, וואָס די תורה זיינע שמעקט מיט'ן ריח פון פריש ברויט, פון אויוון אַרויס — דער לערנט אין פּשטות אַריין... איז ער גרעסער במעלה, פיל איך זיין תורה ווי פרישע עפּל... טיילמאָל ווי בלומען אויפ'ן פעלד, טיילמאָל אויך — ווי פרישע בשמים...

— און ביים פּרוש, וואָס פילסט דו, יוחנן?

— סמאָלע! ברענענדיקע סמאָלע פון גיהנום..."

אָבער פּרץ איז נאָך ראַדיקאַלער אין זיין מיסטיציזם ווען ער צייכנט אויס אַ פּשוט'ן שוואַכזיניקן בחור פאַר איינעם פון די יחידי הדור. עס

רעדט זיך דאָ וועגן אברהמ'לן אין דער מעשה „ש מ ע י ש ר א ל אַ ד ע ר ד ע ר ב א ס", און אָט ווערט ער אָפּגעשילדערט פון דעם דערציילער:

„אויגן האָט ער, וואָס קוקן דאַכט זיך וויט־וויט און וואָס אין די ד' אמות טוט זיך, זעען זיי נישט, און מיט די שפּלאַך פון די אויערן רירט ער שטענדיק ווי אַנדערע מיט ברעמען איבער די אויגן, גלייך ער וואָלט שטענדיק געכאַפּט קולות פון דער לופט; כאָטש עס איז שטיל ווי פאַר שופר בלאָזן. און דעריבער ווייל ער זעט מכלומרשט אַזוי וויט און הערט וויט איז ער שטענדיק פאַר'חושט. אַז מען גיט צו אים אַ רייד, ווערט ער פאַרציטערט, גלייך מען וואָלט אים געוועקט פון יענער וועלט, און אַז ער ענטפערט, ענטפערט ער „יאָ" צו „ניין" אַניט — פאַרפּלאָנטערט ער זיך אין די אייגענע רייד ווי אין אַ נעץ; עס קומט אים דער שווייס אויפ'ן שטערן אַרויס און קאָן זיך נישט אויסאַר־בעטן...

און פלעגט אַמאָל אַ בעל־הבית, צי אַ בעל־הבית'טע וועלן זיך באַנוצן מיט'ן בחור און אים שיקן אַ גאַנג פלעגט דער בחור פאַרלוירן ווערן אויף עטלאַכע טעג און קומען צוריק מיט אַ תשובה קאַפּויר, נישט געפלויגן, נישט געשטויגן, און נישט חלילה פאַר פוילקייט, נאָר פאַר פאַר'חושט־קייט.

— האָסט געטראָפן דעם און דעם? (צו וועלכן מען האָט אים געשיקט).

— ערשט היינט.

— און ביז אַהער?

ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען אין שליחות האָט ער אויפן וועג געטראָפן אַ מייזל, האָט דאָס מייזל געפּישטשעט, עס האָט אודאי נישט געקענט טרעפן אַהיים... דערנאָך האָט מען אים גערופן פון דער הויך, עפּעס אַ פויגל,— איז ער נאָכגעלאָפן, און ער איז ערשט געקומען וואו מען דאַרף; און מען האָט אים געזאָגט — און דאָס וואָס מען האָט אים געזאָגט, אָבער ער האָט פאַרגעסן, אָבער ער האָט באַלד נישט פאַרשטאַנען..."

פונדעסטוועגן וועגדט זיך אַן אומגעבעטענער גאַסט, הפנים ניט פון אונזער וועלט, אויף דער חתונה צווישן די קינדער פון לובלינער פּרנס און קראָקאָווער רב, צום לעצטן מיט אַזעלכע ווערטער:

„— קראָקאָווער רב, אַברהמ'ל שפּילט צו חצות... איר גלויבט נישט קראָ־קאָווער רב וועט איר הערן... איר זאָלט זוכה זיין צו הערן, ווי אַברהמ'ל שפּילט צו חצות איז אייך באַשערט געוועזן צו טאָן מיט'ן לובלינער פּרנס, טאָמאַשאָוו זאָל זיין אין מיטן וועג. . . און אייך צוליב וועלן אלע הערן, נאָר נישט אלע אַזוי ווי איר, איר זייט אַ מבין אויף מוזיק."

דער מיסטיקער פּרץ נעמט זיך אַן אַפילו פאַר שוואַכזיניקע און גע־פינט, אַז אַפילו אין זיי קען שטעקן א וועלט כח וואָס איז ניט פאַראַן אין די גייסטיקע ריזן. אָבער נאָכמער, דער מיסטיקער דאגה'ט זיך ניט וועגן אונזערע אָפּשאַצונגען און ווערטן. ביי אים איז רעכט צו זאָגן, אַז אַזא ווינציקע זאַך ווי א שידוך, וואָס דאַרף פאַראייניקן צוויי מענטשן

אויף אַ גאַנצן לעבן איז געווען באַשערט כדי דער קראָקאָווער רב זאָל קענען הערן ווי אַברהמ'ל שפּילט צו חצות, און אויסגעפירט האָט עס גע־קענט ווערן נאָר ווייל טאָמאַשאָוו איז צווישן לובלין און קראָקאָוו.

פּאַר'ן מיסטיקער שפּילט אַברהמ'ל אַ גרעסערע ראָלע ווי דער קראָ־קאָווער רב און דער לעצטער ווערט דעם לובלינער פּרנס'עם מחותן נאָר כדי עס זאָל אים קענען אויסקומען צו הערן אַברהמ'עלס חצות וואָס האָט געשפּאַלטן דעם הימל.

דער מיסטיציזם איז אַ מרידה אַנטקעגן דער גייסטיקער אַריסטאָ־קראַטיע, אַן אויפשטאַנד פון וואַרימען געפיל אַנטקעגן קאַלטן אויסגע־רעכנטן שכל. דער חלוק שווימט אַרויף בולט אין דער מעשה'לע וואָס הייסט „צווישן צוויי בערג". אויך דאָ ווערט די פּראַקטיקייט דערהויבן, כאָטש דער ביאַלער רבי אליין איז געווען אַ תלמיד מובהק אין דער ישיבה.

„אייער תורה" ווענדט זיך דער ביאַלער רבי צו זיין אַמאָליקן רבי'ן, דעם בריסקער רב, „איז סאַמע דין! אָן רחמים איז זי, אָן אַ פונק חסד איז אייער תורה! און דעריבער איז זי אָן שמחה, אָן אַ פרייען אָטעם... סאַמע ברזל ונחשת, אייזערדנע חוקים, קופּערנע דינים... און סאַמע הויכע תורה, פאַר לומדים; פאַר יחידי סגולה."

„...און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איר פאַר'ן כלל ישראל? וואָס האָט איר רבי פאַר'ן האָלץ־העקער, פאַר'ן קצב, פאַר'ן בעל־מלאכה, פאַר'ן פּראָסטן איד?... בפרט — פאַר אַ זינדיקן איד? וואָס, רבי האָט איר פאַר נ י ש ט לומדים?"

אין דעם חלום, וואָס דער ביאַלער רבי האָט געהאַט וואו דער בריס־קער רב פירט אים, זיין תלמיד, אין אַ גרויסן פּאַלאַץ וואו ס'איז נישטאָ קיין טיר און ניט קיין פענצטער אחוץ די טיר דורך וועלכער זיי זיינען אריינגעקומען, וואו ס'איז אפילו נישטאָ קיין שטול, קיין בענקל, און קיין אַנדער כלי בית — אין דעם חלום, ווערט אונז דער תהום צווישן מיסטיקער און ניט מיסטיקער אַלץ טיפער.

— „דאָ זיצט מען נישט, פאַרטייטשט אים דער בריסקער רב, נאָר מען גייט אַלץ ווייטער און ווייטער!"

אָבער דער שפּעטערדיקער ביאַלער האָט זיך באַגאַסן מיט שווייס. די זאָלן זיינען געווען איינס גרעסער און ליכטיקער פון צווייטן. עס איז אים אָנגעפאַלן אַן אימה פון דעם באַשטענדיקן גלאַנץ.

„און עס איז אים אָנגעפאַלן אַ שטאַרקע בייַנקשאַפט, אַ בייַנקשאַפט צו אידן, צו חברים, צו כל ישראל! אַ קלייניקייט — מען זעט קיין אידן נישט פאַר זיך!..."

„לויף נישט צו קיינעם — מאַכט דער בריסקער רב — דאָס איז אַ פּאַלאַץ נאָר פאַר מיר און פאַר דיר... דו וועסט אויך אַמאָל זיין בריסקער רב!"

אָבער דער תלמיד האָט זיך נאָך מער דערשראָקן פאַר דעם. „רבי,—

האָט ער אַ געשריי געטאָן — די ווענט זיינען אייז, נישט קרישטאָל! פּשוט אייז!"

און ווער האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון דעם ליכטיקן, אומגעהייער־גרויסן פּאַלאַץ? אַלץ אַ פּראָסטער איד.

„און באותו הרגע האָט זיך ארום באוויזן א פּראָסט אידל מיט א רויטן בעל־עגלה'שן גאַרטל אויף די לענדן און אַ לאַנגע בייטש אין דער האַנט. דאָס אידל האָט אים שווייגנדיק אָנגענומען ביים אַרבל, אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ און איז פאַרשוואונדן געוואָרן."

אין דער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע פון די פּסיכאָ־אַנאַליטיקער, אָדער ריכטיקער פון יונגס חדר, וואָלט דער בריסקער געוועזן דער טיפּ פון אַ ריינעם אינטראָווערט, בעת דער ביאַלער וואָלט פאַרקערפּערט מיט זיך דעם עקסטראַווערט, וואָס זוכט האַנדלונג, וואָס גיט אויסדרוק צו זיינע געפילן, וואָס מוז האָבן מגע ומשא מיט אַנדערע מענטשן.

---

דאָ איז ניט דער פּלאַץ זיך אַריינצולאָזן אין חקירות אָדער דער פילאָזאָפיע פון מיסטיציזם, אָדער אַפילו צו באַטראַכטן די פּסיכאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן צושטאַנד. איין פאַקט דאַרף אונז אָבער יאָ אינטערעסירן, דהיינו: צי זיינען פּרץ'עס מיסטיקער גענומען פון לעבן, און צי זיינען זיי ענלאַך אין זייער אויפפירונג צו די ניט־אידישע מיסטיקער וועגן וועלכע עס איז אַזוי פיל געשריבן געוואָרן?

דער אידישער מיסטיציזם איז נאָך ווייט פון אויסגעפאָרשט צו ווערן, און קומט שווין צו גיין אַ פאָרשער דערפון, באַהאַנדלט ער בלויז די טעאָרעטישע זייט דערפון. דערפאַר זיינען טאַקע פּרץ'עס שילדערונגען אַפּוי וויכטיק פאַר'ן צוקונפטיקן אונטערזוכער.

אמת, פּרץ גופא האָט אויך זיך ניט פאַרטיפט אין דעם אינערלאַכן לעבן פון זיינע מיסטיקער. אַפילו זיי האָט ער ניט באַהאַנדלט ווי יחידים, נאָר ווי אָפּשטראַלונגען פון אַ ברייטערן, כאָטש ספּעציפיש־אידישן, מיסטיציזם. דערפאַר אייגנטלאַך חזר'ט ער זיך אַזוי פיל איבער אין זיינע באַשרייבונגען פון די איבערלעבענישן. עס דוכט זיך ווי אַזוי זיי וואָלטן אַלע געהאַט דיזעלבע איבערלעבענישן. די סתם דערשיינונג אָבער, וועלכע ער באַשרייבט איז געטריי און דערמאָנט שטאַרק אָן די ביאָגראַפיעס פון אַזעלכע ווי סאַנטאַ טערעזאַ, פראַנסואַדע סאַל, מאַדאַם גיאָון און נאָך אַזעלכע. די הימלישע ליכטיקייט (זהר) וואָס פּרץ באַשרייבט, די אינטאָנאַציעס, (דאָס מלאכים'שע זינגען, למשל, ריכטיק ווי דורך פידלען און פליטן), די מידקייט וואָס מען פילט, די לייכטקייט ריכטיק ווי מען וואָלט שוועבן אין דער לופטן — אָט דאָס אַלץ אונטערשיידט זיך ניט בנוגע דער פאָרמע פון די איבערלעבענישן פון די קריסטלאַכע מיסטיקער.

דאָך איז יאָ פאַראַן אַ באַטייטיקער חלוק צווישן די לעצטע און די,

וועלכע ווערן באַשריבן ביי פּרץ׳ן. די אידישע מיסטיקער ווייזן נ י ט ארויס די פּלייִשיקע באַגערן אין זייער מ י ס ט י צ י ז ם. עס איז ניט פאַראַן קיין יעזוס צו דינען פאַר א געטלאַכן חתן פאַר די פרויען, און עס איז ניטאָ קיין מאַריע וואָס זאָל פאַרקערפּערן סימבאָליש די כלה פאַר די מענער. די תורה, די כנסת ישראל איז פאַרט אַ לויטער אַבסטראַקטער באַגריף, און מען קען זיך ניט פאָר־שטעלן קיין הארץ אָדער אַנדערע אברים ביי אַזעלכע באַגריפן. נאָך עפּעס איז דאָ אַנצומערקען. די נגינה שפּילט אַ גרויסע ראָלע ביי פּרץ׳עס מיסטי־קער. דעם בעסטן ביישפּיל דערפון קען מען געפינען אין זיין „מקובלים", וואו דער אויסגעמאַרעטער תלמיד איז זיך מסכר נפש אבי צו הערן די סאַמע רחניות׳דיקע נגינה וועגן וועלכער דער ראש הישיבה האָט אים דערציילט. מעגלאַך איז עס, אַז די באַטאָנונג פון דער נגינה ביי פּרץ׳ן שפּיגלט אָפּ בלויז אַ פּערזענלאַכן שטריך. לכל הפחות אָבער ווייסן מיר ווי חשוב די נגינה איז ביי חסידים.

עס איז אַ שאָד וואָס פּרץ האָט אונז ניט געגעבן אַ מער קאָנצענט־רירטן און טיפערן בילד פון דעם אידישן מיסטיקער, וואָס ער האָט בלויז באַוויזן פראַגמענטן, אין איינקלאַנג מיט זיין גאַנצן געדאַנקען־גאַנג וועגן פערזענלאַכקייט. אָבער אויך פאַר די ברעקלאַך דאַרפן מיר אים דאַנקבאַר זיין, און דער וואָס וועט לייענען דזשיימז׳עס באַרימטן בוך „פאַרשיי־דענע מינים רעליגיעזע איבערלעבענישן" (וואַרייעטיס אָוו רעלידזשיאַס עקספּיריענס) אָדער לאָיבאַ׳ס „די פּסיכאָלאָגיע פון רעליגיעזן מיסטיציזם„ וואָס איז נאָר וואָס ארויס פון דרוק, וועט נאָך מער קענען אָפּשאַצן דעם ווערט פון דעם גרויסן אידישן שרייבער׳ס שילדערונגען און די פּיל־באַ־רייטיקייט פון זיין שאַפן.

## לוי בערמאַן:

### אין טיפע נעכט

1.

געוועזן אַמאָל איז איינער אין דער וועלט פאַרלוירן
וואָס זיין מזל האָט אים מאָדנע צוגעשפּילט;
האָט אים דאָ דערהויבן און גלייך אַפּגעלאָזן,
אים אָפּגענאַרט און שפּעטער מיטגעפילט.

ווי ער איז געפלאָנצט געוואָרן אין דער צייט
אַ וואונדערלאַך באַשעפעניש קוקט ער זיך אָן אַליין,
אומבאַגרייפלאַך די פאַרזעעניש און וואונדערשיין,
שוואכער פון א מילב און שטארקער פון א שטיין —
פון אלע ווינטן אומבאַשיצט, צו יעדער בלאָנדזשעניש באַקערט,
אַ רויב צו יעדער שוואַכקייט אָפּגעלאָזן.

ווען ער איז ארויס מיט העלדישקייט,
מיט געשטארקטן הארץ און מיט געשארפטן מוט
און מיט פולן אָטעם אין דער וועלט אריין;
דערפילט אין זיינע אָרעמס פעסט און גוט
אז אויף די פון זיינע טעג עס שטייט די וועלט.
און זיך צוגעהערט צום טראָט פון פוס,
אים אויסגעוויזן אַז די ערד געהילכט האָט פוסט
גלייך אַן אויסגעהוילטע נוס.

בלוטיונג דער זון פון קראַפט און איבער אים
פון זייליקייט און הייליגונג די שיין,
פאַר שיינקייט די אַנטציקונג צאַפּלט ווילד,
די קלאַנגען ציען אין אים פעדימווייז
און שפּילן טיפער ווען דער ציטער שפּילט.

פון יענער זייט פון שלאַגבוים שטייט ער איין,
זעט ער זיינע ברידער צו פון יענער זייט,
אויסגעפּילט די שיינע שטיקער פלייש,
וואָס רויטלען זיך אין שפּראָציגן געזונט:
די יונגען וואָס עס האָט אין זיי געשפּריצט,
און די שוים האָט זיך געדעקט אין וואוילגענוס
ביי די לויפּערוועטן זיך געשטילט מיט פולן טרונק.
ווייל זיי לויפן מיטן פולן אָטעם,
און זיי טרינקען מיטן רויטן הויך פון יונגגעזונט.

די וועגן זיינען אויסגעבעט מיט בליהונג ווי מיט שניי:
דער עולם האָט זיך אין די גאסן אויסגעשאָטן.
פֿון הימל איז אַראָפּ אַ לעבעדיגער האָגל
גאָטס פֿארזייאונג אויפֿגעגאנגען שטארק געראָטן.

2.

נאָר ווען דער האַר פֿון אַלע וועלטן נעמט אים אָן
אָפּגעטרייסלט אים די נאָר וואָס אויסגעשפּראָצטע בלעטער,
האָט ער געבעטן: איצטער קאָנסטו צונעמען מיין זייל,
אָדער לעג מיין לעבן אָפּ אויף דורות שפּעטער.

וויפֿיל קראַפֿט עס איז אַראָפּ אויף דר'ערד
אזוי פֿיל האָט אין אים אריינגעשלאָגן.
פֿון צען מאָס ביטערקייט איז אים ניין באַשערט,
און גאָר דעם אומגליק פֿון דער ערד
אויף זיינע יונגע פּלייצעס טראָגן.

געגעבן איז צו אים דאָס העכסטע פֿילן,
און דאָס נידעריגסטע אים געמאַכט צו זיין,
דאָס הייליגסטע און גרעסטע אין זיין ווילן
און אַש פֿארקילטן אין זיין וואָך אריין.

אזויפֿיל קראַפֿט אויף אים פֿארווענדט
דאָך אים הפקר מיט זיין כח אָפּגעלאָזן.
פֿאַראוים זיך ווי א קינד אליין געלאָזן,
פֿארלאָרן קוקט זיך אום נאָך וועמעס הענט. . .

ניט ניחא אים זיין שטאָט, נאָר לעבן איז אים איינגעבאַקן,
שוואַכקייט פֿיל מיט גוטס צונויפֿגעמישט,
אָפּגעזונדערקייט מיט ליבשאַפֿט איינגעקנאָטן
און מיט אומרו אַלץ אַראָפּגעווישט . . .

זיין ווילדע שמחה־גליק אויף זיינע קרעפֿט,
און די קלעמעניש אויף וואָס אים פֿעלט. . .
זיין פֿארלאָרן זיין אין דעם אין סוף,
און זיין ניט סובל זיין די וועלט!

צווישן מילשטיינער א שטייבעלע צו זיין!
פֿארן וואונדער אין א הייסער צייט געשטעלט,
צו געפֿינען רו און ליבליכקייט און שיין
אין א חולי־נופֿל וועלט!

דערשטיקט צו ווערן צווישן ווינט און פֿלאָם,
ווי א פֿיש געשפּרונגען הויך אריבער שוים
צו זען ווי אונטן צאַפּלט זיך א לעבעדיגער ים. . .

בליאַסקען פלאָספעדער — איין לעבעדיגער ים,
און שפּילעווודיג צום אויג ווי פיש אין וואסער.
און אין דעם ים וואָס דאָ איז געשטעלט
איז פיש פאַראַנען מער ווי וואסער.

און ווען דער האר פון אלע וועלטן נעסט אים אָן
און ווארפט דעם בערגל ביינער אויף דער ערד אַוועק,
פארלירט איר ווערט און האָפט די רירעווודיקע וועלט
און עס שטייט פאר זיינע אויגן גאָר איר קאלטער שרעק.

3.

פארנאַכט דעם טאָל פארכמורעט. אָוונטפאַל.
דער באַרג מיט וואַלד און גראָז אין שאָטנס אײַנגעטאָן.
זיך איינגעוואָרצלט ווי דער בוים אין פעסטן גרונט
האָט זיין אויג זיך אַיינגעגעסן טיף אין אלץ.
דערווידער, דאָך אין האַרצן אַיינגעבאַקן שוין.
די וועלט האַלט אים ניט צו. נעמט ער פארצווייפלט אָן
און קלאַמערט זיך אין שרעק און שטייפט זיך אָן.

און דער אומגליק און דער טרויער פאַלט אים אָן.
ווערט אים שווער און ווערט אים פינסטער, ווערט אים ווינד.
ווי א שפּאַרבער אויף א צאַרטער טויב
אזוי דער שווארצער שטן אויף א שוואכן קינד.

געזייט אין יונגן בלוט דעם אַלטפאַרראָסטן זאַלץ.

און וויפיל צער עס האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד
האָט אין זיין פלייש דעם נעסט דעם שטעכיגן זיך אויסגעבוים,
און ווי עס היפּן פייגל צווישן זון און בלאָט
שפּרינגען זיינע טעג דורך עצבות און דורך לייד.

4.

אין דער צייט איז דער געדאנק געוויקט און פול:
וויפיל זיינען שוין געבאָרן אין דער וועלט אריין
און ער איז אויך געקומען צווישן זיי.
און באָטש אזויפיל זיינען שוין געגאַנגען פון דער וועלט
איז ער דער, וואָס איז נאָך ניט פון זיי.

אין ליים פון אָרט געזעצט און ווערט דורך צייט געצויגן,
עפּעס האָט געבראַכט אים, עפּעס האָט געטריבן,
פארבייי, פארביי טראָגט אים, ווי מיטן ווינט אַ פעדער,
און צו אַלץ אַ זייטיגער איז ער געבליבן.

געווען און ניט געבליבן, געלעבט און ניט געוואַקסן,
דערזעלבער גורל איז באַשערט די אויסגעדאַרטע גראָזן,
באַפֿאַלן פֿון דעם פֿייער, דאָרשטיג אָפּגעלעקטע ;
און ווינט האָט רויך געשטיקט און אָפּגעלאָזן.

האָט די צייט געהייצט די שווערע קעסלען פּעך,
איז ער געבליבן שטעקן אין דער וועלט פֿאַרפֿאַלן,
א צעטראָגענער אין מידע טעג,
אַ פֿאַרטראַכטער אין די טיפֿע נעכט.

ווי אין שלאָכטס איז אַ זאַפּטיגער דער נוס געזעצט
איז זיין יעדער טאָג מיט אומעט פֿול,
און פֿון אויפֿשטיין ביז צום שלאָפֿגאַנג שלעכט.
צעטראָגן איז ער און אַן אומעט שניידט
דורך די קאַלטע פֿינסטער־סומנע נעכט.

5.

די צייט וואָס ירשנט אַלצדינג אָפּ,
און קיינער ירשנט ניט די צייט.
אַלצדינג איז אין צייט און האַלט ניט אַנדערש אָן.
זיך היטן נאָר ניט אויסצוגליטשן זיך אין צייט,

ביז ס׳וועט אָפּשלאָגן דער איינער זיינע פֿיס
אָן די לעצטע קליינע קורצע טעג,
און איז צום באָרטן צוגעטראָטן
זיך אַראָפּגליטשן אין קאַלטן שווייס פֿון שרעק. . .

אין זיין אנגסט אויף צייטיגער פֿאַרלענדונג בעט ער :
זיין קיום איבערגיסן אין אַן אַנדער פֿורעם,
אָדער אָפּלייגן זיין לעבן דורות שפּעטער.

וויל ער גיין צו דעם וואָס האָט אים אַלץ געגעבן
ער זאָל פּרובן אָפּלייגן זיין לעבן.
פֿון צייט און פֿון דער וועלט ארויסצוהויבן.
זיין זיין אויף דורות שפּעטער אָפּצולייגן.

6.

וואָלט כאָטש דער ווילן קעגן צייט געשטעלט זיך
און אונזער קיום וואָלט ניט אָפּגעלאָזט,
ווען שטיין אין האַרצן זאָל אַזוי דער הונגער
ווי אויף דרויסן שטייט דער פֿראָסט.

נאָר אַלץ איז ניט באַשטענדיג, בלייבט ניט גלייך,
ווי אין פֿרי יאָר דער געוויסער,
און זומער טרוקן איז די בעט פֿון טייך.

עס ווערט געאַנדערשט, נאָר צי איז עס ווייט
פון די שימל־מומיעס אין די סאקראָפאגן קאַלט
(טרוקענער שטיין אין פארשימלטער צייט)
ביז די איינגעשמינקטע מיידלאַך היינט;
פון יונגן בלוט ביז איינגעפראָרענעם באזאלט:
זיינען ביידע אויסגעוואקסן פון דער צייט.

ווערט יעדע זאך אַן אַנדער זאַך אין צייט,
ווערט איינגעשאָצט אויף ס׳ניי, צי ווערט באַנייט;
אַלע תאוות ווערן אויסגעליידיגט אין דער צייט,
ווי א זאק ווערט אויסגעקערט אויף יעדער זייט.

וואָס יענעם טאָג געלינגט איז היינט דער דורכפאַל,
דער שיינגעדאַנק פון נעכטן היינט איז שווער,
וואָס ער האָט געקאָנט — קאָן ער ניט איצטער,
וואָס געוואָלט — וויל ער ניט מער.

וואריל איז דעם, וואָס האָט זיך נאָך ניט אָפּגעשטעלט,
געגאנגען דורך די וואונדער פון טאָג און נאַכט,
געזען אויף זיינע טעג עס שטייט די וועלט.

7.

פריער טאָג. גראָז איז נאַס און זון איז וואַרעם־גוט,
די ערד איז ווי א מיידל ערשט פון טייך ארויס,
אויף דער קני דער קאָפּ, דער רוקן ווי א בויגן;
אַ צעוואַרעמטע, מיט בלוטן ליכטיגע, באַשיינט,
אין קלאָרן לייב די ליבקייט איינגעזויגן.

צווישן זאַמד און טיפן וואָרצל אויסגעשפּרייט דער טייך,
ווי דער בוים ליגט אין זיין קאָרע. ווי א פלוים דער טייך.
ערד און קאָרע. און דאָס וואַסער שמעקט מיט זון.
די קרוין פון וואונדער הענגט אויף יעדן בוים באַמאָכט,
אויף יעדן גראָז וואָס שטייט אין זון.

שפּאַרט אריין די זון און ווארעמט אָן דעם זאַמד.
און דער באַשאַף איז פריי זיך אין דער וועלט צעגאַנגען,
ווי דער קול וואָס זינקט איין אין דער ליכטיקייט. . .

א פעלד אין מיטן, צווישן וועלדער אויסגעשניטן,
טיפע גראָזן און א הויכע זון.
צעיאָגטע ווי די האָזן וואָס דו האָסט באַגעגנט
יעדע זאך איז נאָך איר לעבן און דער שפּיל דערפון.
און ליכטיג אויפגעעפנט שטייט די גאַנצע געגנט.

טרעטסטו מיט אַמאָל אָפּ פֿון דער גרינגער פֿרייד
און הינטער טויערן עס ענדיגט זיך די שיין,
ווי איינער וואָס שפּאַצירט אין פֿרייען פֿעלד
פֿאַלט דערנאָך אין שווערן וואַלד אַריין. —
שטייען אויף די גראָבע שטאַמען, שפּאַרן זיך געדיכט,
הימליך איז ניט שטאַרק אין טיפֿן וואַלד.
מעת לעת'ן אומצוגיין אין שטאַרקן אנגסט,
ארויסצוטרעטן צו דער פֿרייער פֿרייד און אָפֿענער
ווייט איז דער גאנג און דער וועג איז לאַנג.

8.

אזוי איז אויך ארויסצוטרעטן פֿון דער פֿריי
אָנצוזען די רעטעניש פֿון דעם פֿאַרזעענעם,
פֿאַרלירט דעם אָטעם ווער ס'האָט אים דערקענט,
דעם אויסגעזונדערטן צו שפּירן און צוצוזען
ווי איינער א מענטש א געבאָרענער איז פֿרעמד.
און ווי עס פֿילט זיך שוין דער מענטש וואָס ער איז אַנדערש,
פֿון אַלע אַנדערש און פֿון לייטן אויסגענומען.
דער מענטש וואָס ער איז פֿרעמדער פֿון געבאָרנהייט,
און איז ווי דורך א הינטער טיר אריינגעקומען.
וואָס ווען ער קוקט אויף אַנדערע און ווען ער שטייט צווישן לייט,
ער ווערט געזונדערט און עס ווערט אויף אים געטייט ;
איז ער שרעקלאָך פֿאַר אַ טייל, נאָר אים אליין איז אומעטיג
וואָס ער לעבט צווישן אַנדערע פֿון זיין געבאָרנהייט
אזוי ווי ס'האָט אים אויסגעבעט די צייט.
מענטשלאַכס און פֿרעמד — נאָר אזוי באקאנט,
נאָנטס און באקאָנטס — און אזוי גלייכגילטיק.
קאָן זיך ניט צוגעוואוינען צום לעבן וואָס איז מענטשלאך,
און ניט שלום מאַכן מיט'ן טויט וואָס איז אויכעט מענטשלאַך,
אָדער ביידע זאָלן גלייך אים גילטן.
אַ זיפֿץ האָט דורכגעצויגן דורכ'ן פֿעלד
ווען ער איז אָנגעקומען אין דער וועלט.
אַ צווייטער וועט נאָך אפשר דורכגיין דורכ'ן פֿעלד
ווען ער וועט גיין פֿון דער וועלט.
איז שטעכיג ארום אים און שווער איז זיין געמיט ;
זיך צו שפּירן אין פֿארזאמלונגען פֿון לייט
ווי זיין גלייכן האָט אים אויסגעמיידט,
געמיינט אַז אַלע קענען לעבן — נאָר ער איינער ניט,
וואָס אלע ווילן לעבן — ער מיט קיינעם ניט.

און צווישן זיי איז ער אַרומגעגאַנגען
איבער לייט פאַרזאַמלטע געריכט זיך אויפצוהויבן
די איינגעבראָכענע אַיינגעשפּאַרטע אויגן,
זיי צו זיך צו ברענגען און זיי מיטצופירן:
נאָר באַשערט געווען דערשטיקן זיינע אויפגעהויבענע פאַרלאַנגען
און אַלץ אין מוטנעם שטויב פון קאַלטע גאַסן צו פאַרלירן.

האָט די צייט געהייצט די שווערע קעסלען פעך,
איז ער געבליבן שטעקן אין דער וועלט פאַרפאַלן
אַ צעטראָגענער אין מידע טעג,
אַ פאַרטראַכטער אין די טיפע נעכט.

9.

האָט געלעבט דער מוטגעשוואכטער העלד,
וואָס זיין האַרץ איז ווייך געווען און גוט.
אין וואָס ער טוט האָט זיכערקייט געפעלט,
האָט נאָר מיטגעפילט צו יעדערן באַשאַף.
אליין האָט אין געפאַר פון לעבן אומגעציטערט
ווי א יונגער האָז אין זיין געפאנגענשאפט.

ווי ער האָט געציטערט, אין מיטן גאַס געציטערט
וואָס ער איז אזא מאָדנער אנדער מענטש, —
זיין לעבן — לויטער אומרו, צאַפּלדיגער, פרישער,
און עס בלייבט די שווערניש פון האַרץ ביים צוזען
די פאַרהאַרטעוועטע הערצער וואָס טוען אַלצדינג זיכער
וואָס שיקן אין געפעכט אַריין דעם מענטשנלייב. . .

. . .האָט ער געציטערט אין זיין מאַנטל און זיין קאָפּ באַהאַלטן:
ווי שווער עס איז דער שוידער פון א לעבן —
ציטעריג צו לעבן, אימה׳דיג צו גיין צום שטאַרבן,
אין שרעק צו פאָכן מיט׳ן אָטעם און אים גלייך אַרונטערשלינגען
דורך אַלע זיינע טעג.

יעדן טאָג דער וואונדער קומט אויף פון דאָס ניי
און אים באַגעגנט אין זיין וועג די רעטעניש
ווי אלע פיינען אויף באַשאַפן אויסגעגאָסן
און פילגעפרובט אַ מינדסט באַשעפעניש.

ווי א וואונדער־אויסגעקינצלטע געביי
אין פורים פון די לייבליבע איז לעבן איינגעשטעלט
פאר לאנגן דויער און געשטארקטן פרוב.
דאָס געמייסטערטע אין קערפּער און אָפּגע׳ירש׳נטע
שפּאַצירט אין וואוילזיין, שפּילט מיט גליק.

אין פלייש באַזעצט א וואונדערלאך לעבן,
שטאַמט געפיל פון ציטעריגן בלוט.
אין לייבלאכן באַדינג פון לעבעדיג-זיין
געמאַכט עצם לעבן אי שלעכט, אי גוט.

10.

און וויפיל מינים אויסגעשטאָרבן פלאץ צו מאכן,
פון וויפיל דורות שטאַמען אָפּגעקליבענע,
האָבן נאָכגעלאָזן זייערס פאר די פארבליבענע,
האָבן געלעבט צו ברייגגען אויף דער וועלט געזונט,
געלעבט צו פעסטיגן, ירושה לאָזן, צוגעוואוינען,
שטאַרק מאַכן די לעבעדיג געבאָרענע פון היינט;
פאר די געזונט געבליבענע וואָס וועלן אויך
זיך איינבויגן און שטאַרבן?

הענגט נאָך אלץ דאָס מענטשנלעבן אויף א האָר.
שפרינגט די שרעק ארום אין קראַנקן שאַרבן,
ביי חולאים מיט׳ן פוילן פלייש
ווי שוואָמען פונ׳ם פוילן און פאַרדארבן.

כאָטש זיכער איז דאָס לעבן וואָס געבערט און טייט,
נאָר עס קומט אוים ווי צו טאַנצן אויף הויכע שטריק געצויגן
אין גוואלדיג לאַנגע אויסגעצויגנקייט פון אומגעדולד
פון שאַרפקייט ביזן פלאַצן אָנגעצויגן.

און העכסטע אנשטרייגגונג פון אַנגסט פאַרגיכערט,
וואָס באַגיסט זיך, אָנגעטרונקען און פאר׳שכור׳ט,
ווי פון אַ שוואָם ארויסגעפרעסט דאָס בלוט פאר שרעק:
שרעק פון מענטשן וואָס זיין לעבן גיט אַוועק.

טוט אַ שפאר צוריק פאר אנגסט באגוואלטיגט,
אין איין אויגנבליק שטרעקט פלינק פאר מיילנווייט
זיין צייט זיך אוים און זעט אַוועק אויף טיף זיין צייט.

ווי וואַסער דורך א שוואָם נעמט אים זיין לעבן דורך,
זיין גוף מיט אָדערן געבונדן, איינגעפּאַסט,
ווי מיט יונגע ריטער איינגעקראמפּט א פאס.

זעט איינעם צו, וואָס שפּראָצט געזונט,
זעט אַ צווייטן צו, געפעלערט,
נאָר מיט אויגן טיפגעזעצט און דאָרשטיגקראַנק,
וואָס האָט ליב אזוי און ברענט מיט טיפן באַנג
און וויל אזוי שטאַרק לעבן — — —

אָנגעשטרענגט געפיל פון לעבן וואָס וויל בלייבן לעבן,
געפעלערט אָדער קראַנק. און דאָך ער פרעגט,
און זיין בלוט שלאָגט אים אָקעגן,
האַרץ געפעלערט אָדער לונגען זיינען קראַנק —
נאָר זיין איך איז ניט געפאַלן, הויבט זיך, פילט ווי אַלע:
צי דערפאַר זאָל ער ניט לעבן ?!

נאָך אַ טאָג ארומגיין אין דעם פרייען ווינט,
נאָך אַן אָטעם טון איין שפרייאיגן באַגינען,
נאָך אַ וואונדער אָנצוזען וואָס ער געפינט.

ביז ער פאַרלירט אַמאָל, גיט אויף דעם אָטעם, ווערט פאַרקילט,
קאָן בלייבן קאַלט און בלייבן שטיין און שטעלט זיך אָפּ,
אַ גרויסער וואונדער און אַ שווערער בייז.

11

מיר און פילבאַר ווי עס זאָל ניט שוידערן זיין רוקנביין,
שטאַרקט זיך אַלץ און ווי אַ שלאַנג ווערט שווער אויף אים,
מאָדנע אויפגעלעבט, די קלאָרע וואַרעמקייט אַליין.

און שאַרף און אָנגעשטרענגט און זודיק וואָס ער פילט
עס נעמט אים דורך אַ ציטער פון געשוואַכטקייט,
און טראָגט אים גיך און וואַרעמט אזוי ווילד.

אין די נעכט ווען אויפגערודערט איז זיין פלייש
און עס קלעפּן זיך די אָדערן ניט אַיין
און עס שטעלן די געוועבן זיך ניט איין.
און עס מאַכן זיך ניט זיינע אויגן צו,
און עס קלעפּט זיך זיין געדאַנק ניט איין
ווען עס טוען זיך ניט זיינע אויגן צו.
און מאָדנע פילבאַר זיינע פינגער טאַפּן אום זיין קאָפּ
קריכן צווישן זיינע האָר, רירן יעדן אָדער אָן.

12.

אַ ווילדער יום טוב קומט אַמאָל אָן אויף זיין זייל
און ווארעם וואַרעם צאַפּלט וואַרעם זיין געדאַנק
און דאָס געברייי וואָס גייט ארדום פון זיינע הייסע ברעגעס
צעגיסט זיך ווי אַ טאָפּ אויף קוילן ברענענדיג,
און טיף אין הייסן אַש דערלאַנגט.

זיין לעבן ווי אַ נעפּלהויך צעגיין און אָפּגעמעקט —
זיין פלייש פון זיינע ביינער שיידט זיך אָפּ —
אוי וויי, אוי וויי! צו לעבן אויף דער וועלט
ווי אָנגעצונדן לאַנג עס ברענט דער קאָפּ!

שרעקט, פארכאפט זיין אָטעם און פארהאלט גערדאנק:
וויפיל אין יעדער ווייל פון אים בלייבט אומגעזען
וואָס ער טראכט אפילו ניט דערביי;
און טויט דער טויט א גרינגן שוועב פארביי — —

אז יעדע רגע וואָס ער זעט און לעבט און הערט
לעשט זיך לעבן אויס, און יעדער זינען ווערט צעשטערט,
צוואוואָס, פארוואָס און וועמען איז ער אויף דער ערד
גרייט פארצוקט צו ווערן אין פארגעסנקייט?

אז די ווארעמע האנט וואָס ער האלט אָן היינט —
אז די צייט וועט זיך אוועקרוקן פון אים די צייט — — —
שיילט זיך ווי א נוס אויס זיין גערדאנק
פול מיט וואונדער פון זיין לעבן און זיין זיין.

איז ער פארנומען מיטן וואונדער פון זיין זיין,
און דורכגענומען מיטן ציטער וואָס ער לעבט,
און פארשאָטן מיטן שאָטן פון פארגעסנקייט,
און פארשאָטן אין דעם שאָרן פון די טעג.

לעבן איז געפאר פאר דעם אומזיכערן
און איז גוטער שפיל פאר דעם געוואגטן,
עס זאָל איינער וועלן זיין לעבן צו פארגיכערן
און דער צווייטער זאָל ניט קאָנען אים פארהאלטן.

13

און אזוי איז ער דערגאנגען ווייטער אין די יאָרן,
דערוויטערט פון זיין שטאם, געוויכט פון זיינע וועגן.
האָט אליין זיך אָפּגעשיידט זיין גלייכן צו באנעמען,
און אָפּט פאראכט דאָס פריילאכע און קליינע לעבן.

אין גלייכן וועג פון אלע מענטשן ניט געגאנגען,
ניט געפונען אין דעם שטייגער פון זיין מין קיין טעם;
און גיין דעם גאנג פון צייט איז אים געוועזן א טרויער,
ווייל ער וויל ניט זיין און קאָן ניט זיין קיין טראָפּ אין ים.

האָט צווישן אנדערע אפילו ניט געוואָלט זיך צווינגען
זיין גרינג און פריילאך, דרייען זיך מיט זיי אין טאנץ,
שפארט זיך דורך און דרייט זיך אויס, בלייבט אליין און גאנץ,
מיידט לייכטן זינען, שענע רייד און שפיל פון גרינגע.

האָט מיט זיין גלייכן זיך אזויפיל אָנגעקערט
ווי אויף דער וועלט זיי וואָלטן נאָר געווען
זיין הארץ צו רייצן און זיין מויל מיט אויפרעגונג פארשטאָפּן,
איז ניט ארוים זיי קענען, נאָר זיי אָנצוזען.

14

אין וועג פון אלע מענטשן איז ער ניט געגאנגען,
אלץ כמעט וואָס מענשלאך איז געוועזן פרעמד.
זיך פון קינדווייז אָן געפילט ארויסגעטאָן
פון אלץ וואָס איז משפּחה׳דיק און נאָנט,
היימלאך, לייכטפארשפּילט, אין ליבלאכן געשפּאַן,
וואו געפיל שפּריצט צו געפיל און האנט גלעט האנט,
צו פרייען זיך און לאכן מיטאנאנד.

האָט אומעטיק דאָס היימישע פון וויטן צוגעזען,
אזוי זיך ציענדיק דאָס פרעמדפארטרויטע רופט ער ליב — — —
און וואָס ער האָט ליב אמאָל איז אויך אים פרעמד.

און עס טרעפט אויף אים,
און ער ווערט פארפרעמדט פון יעדער לעבעדיקער זייל — —
שווימט אום די פארפרעמדקייט, האָט צו קיינעם ניט צו טאָן,
אָפּגעזונדערט ווי אין וואסער בלייבט א טראָפּן אייל.

ווי א נייער מענטש וואָס קוקט דורך אלע ווינקעלאך
איז ער אין זיין שטאָט און לאנד פארלאָרן,
און א לאנגע צייט געהאט פארגעסן
אז ער אליין פון לייב איז ארויסגעשיידט געוואָרן.

15

שטייט איין דאָס מענטשלאכע — דער וואקסנדיקער דור,
מיט דאָס קינדלדיגע — מאמעס און די קינדערלאך,
דאָס ווייכע לייב פון שמעקעדיקע עופ׳עלאך
איז ווי אלע מאָל ארויסגעוואקסן פון די ווינדעלאך.

נאָר ער קאָן ניט איינגיין זיך מיט זיי, צונויפצוקומען
ליב און לעבלאך־ווארעם, שפּילעוודיק אזוי,
און ער קאָן ניט ווארעמען אין זיך די פריינטשאפט
כאָטש ווי קליין דאָס פייערל וואָס ווארעמט זיי.

זיי זענען ניט ווי ער וואָס שטעלט זיך אָפּ
פאר יעדן טראָט וואָס נאָר ער טוט און ער גייט טאָן,
און וויים צופיל פון אלצדינג, און פרעגט אלץ אָפּ.
ווי גרינג געמיטלאך און געוואוינט עס קומט זיי אָן.

שפּיל איז יעדערן זיין לעבן, טראָגט דאָס אויפן האלז ;
איז פאר איינעם שפּאס צו זען וואָס קומט ארויס,
און ניט איינער שוין וואָס האָט פארקויפט זיין אלץ.

און ווער עס לעבט און ווער ס׳גייט נאָך זיין וואונטש
ווערט אריינגעצויגן און פארצויגן ווייט
ווי אין די זיסע וואסערן פון ליבן טייך
ביז ליכטיק עס פארגיסן זיך די אויגן
אין די טיפעניש פון ליידן און געפאר
מיט די גרויסע וואסערן אוועקגעצויגן — —

און ווי גיך זיי גייען איבער
פון קינדשאפט צו באמאנונג,
פון באמאנונג צו עלטער
און פון עלטער ביזן ענד,
און שפרינגען גיך דעם ענד אריבער.

16

ווי אין א שאָלאכטס שייט אריינגעפאסט
אין זיין זיין איז איטלאכער באשאף אריינגעטאָן,
מיט זיין גלייכן קומט ער זיך צונויף, באהעפט זיך אָן.
אום זיין בונד מיט אלע לעבעדיקע אָנצוהאלטן
ווערט אן אנדערער אים נאָנט ווי זיך אליין.

און ווייט פון אים איז דער געדאנק פון שותפות
פון זיך אריינגיסן און פון צעגיין,
ווי זאלץ אין וואסער זיך צעלאָזן אין דער וועלט,
זיך פאראייביקן אין לעבן, צי אין קינדער איבער גיין ;
אין וואסער פון א וויטן לעבן און באשאפנטום
איז ער געבליבן ווי א טראָפן אייל אליין.

17

ארומגעגאנגען דרויסן ביי זיין שטוב
אין א הימלדיקן מיטנאכט,
ארויסגעגאנגען א פרימאָרגן פון זיין שטוב
אין דער אָפנקייט פון טאָג פארטראכט,
געקוקט ווי איינער אין א פרעמדער צייט פארטאָן, —
האָט די לעבעדיקע וועלט אים אויסגעוויזן
ווי אן אויסגעטראכטע זאך וואָס ער זעט אָן.

און די אָנזעעוודיקע וועלט וואָס האָט א קיום
און האָט אים פארפעסטיקט אין איר צייט,
ווערט אויך ווי די אויסגעבלייכטע אלטע דורות
פון דאָס ניי דערמאָנטע בא זיין זייט . . .
נאָר באלויכטן מיטן וואונדער וואָס ער לעבט דערין
אין דער ווייליקער פארנומענקייט וואָס ער געפינט ;

און זעט זיך אָן אין אויסגעטראכטער צווישן אויסגעטראכטע,
צווישן אנדערע נאָך בלייכערע און אויסגעדאכטע . . .

ווען ער איז געזעסן אין די שפּעטע נעכט,
האָט געטראכט פון גאָט־און וועלט־געדאנק,
און אין רערן די מחשבות האָבן זיך געצויגן,
אין מענטשן הייזעקע, אמאָליקע, געדרונגען,
די פּלעצער און די צייטן האָבן אָפּגעשאלט,
האָבן זיך ווי גלעקער ווייט צעקלונגען. — —

האָט יאָרנלאנג זיין קאָפּ ווי אין א מיל געררוישט,
מער ווי פּלעווע האָט זיך אָפּגעשטעלט,
און מער ווי ווינט איז דאָרט געבליבן . . .
דורך אָוונטן און נעכט זיך אָנגעקליבן ;
געדאנק האָט זיך געכאַפּט ווי שטרוי צום פייער.

עס איז געווען דאָס זייטיקע. און דאָס וואָס אייגן
האָט זיך אויך געמערט. האָט ער געלעבט אין זיי אליין.
האָט ער אויפגעטראָגן און איינגעזאמלט זיינע טעג און נעכט
מיט זיי אונטערצוגיין, מיט זיי אויפצוגיין.

ווי דער שווארצער שטיין מיט צעפּלאָסענע שטרייפן
מיט זילבערבליק געאָדערט־דורכגעוועבט,
איז זיין נאכט אזוי פון געדאנקען־שליינגלאך
דורכגעניט און אויפגעהעפט.

און עס האָט זיך אים אין מיטן נאכט צעשפּילט
טרומייט און הילך פון טופּעדיגע פערד.
טרומייט שפּילט מיט די בענדער פון זיין לייב
און עס הויבט און שלאָגט אזוי שטארק און גוט אין הארצן.
און עס ציטערן ווענט און הילכט אָפּ די ערד.

ווי די פונקען שפּריצן אָפּ פון פּאָדקאָוועס פון פערד
די רגע׳ס ווערן נעלם אין דער נאַכט.

זיין לעבן און אַלע זיינע טואונגען
פאר אים ווי דורך א נעבל דורך. —
און דאָס פארשלאָפענע שטייט איין א ווײלע
און ער איז פארלאָרן און גייט אדורך.

צווישן זיינע הענט אנטלויפט דער ווינט
און איבער אים און העבער ברענט זיין קאָפּ.

האָט זיך ווייטער זיין דערמאָנונג איינגעפלאָכטן
אין יעדער זאך וואָס האָט כסדר זיך ארויפגעבראכט

און צו זיין געדעכעניש צוריקגעקומען,
זיין קאָפּ באַלאַגערט און אין פרישן בלוט פאַרטראַכט —

וואָס ער האָט געזען — און ס'איז ווי ניט געזען . . .
ארויפצוציען צו זיין זינען גאָר פאַרגעסן
און פאַרלאָרן וואָס עס איז געווען.

פון זיין היים דערמאָנונגען די לעצטע צייט
האַלטן זיך אין אויפדעקן. טרעטן גאָר ניט אָפּ,
שיילן איינע פון די אַנדערע זיך אויס
הילן זיך דערמאָנונגען ארויס.

פון חלום שניידט זיך אויס זיין מומע
מיט די שענע קליינע קריגעלאַך פון ליים,
נאָכן וואונדערגאנג פאַרנאַכט אין וואַלד
אָנגעקומען מידערהייט אהיים.

זעגען קריגעלאַך, ווי די שוועמלאַך, אין א ריי געשטאַנען
אויסגעשטעלטע אונטער ביימער, לעבן וועג,
וואו וואָרצלען אָדערן זיך דורך הוילער רויער
דורך געלער ערד און זאַמדיקער, באַם וועג.

ווי מיט איין שטאַרקן ריס דערנאָך אוועקגעצויגן.
פאַרטראָגן שפּעט געגנוג אין דעם געדריקטן לאַנד,
אין געדריכטער שווערקייט זיך א יונג האַרץ געפּלעכט;

און פאַרנאַכטן נאָכאַנאַנד האָט אויסגעווייַנט
זיין קינדערישער פרישער שוואַכער לייב,
ווען ער האָט ניט שלאָף געזוכט אין יענע וואונדערנעכט.

צי אין דער לאַנגער גאַס ווען שניי האָט אָפּגעלאָזט
און ליכטיקער ווי וועמעס אויגן ווען עס איז
האָט פון קינדערישע בליקן שטילערהייט געפּונקט,
ווי קליינע פישלאַך צווישן שטיקער אייז געטאַנצט —
און געדאַנק האָט זיך אין וואונדערשיין געטונקט.

פּיאַטקעס רויטע קינדערשע דעם לייס געקנאָטן,
האָבן האַלבגעדאַנקען שטומע זיך ווי די טריט צעשאָטן
רייט די שאָטנס אויפן שמעלצעדיקן שניי.
רינען דורך די וואַסערלאַך זיך וואַרפּנדיק דערפון
ווי יונגע פישלאַך צאַפּלען זיך אין זון.

פון יענער זייט וואַסער איז ער געקומען
א ניטבאַמערקטער דורכ'ן שלאַגבוים זיך פאַרנאַרט;

ווי מען האָט אים דורכן טויער דורכגעלאָזן
האָט מען ביי אים אַלצדינג צוגענומען.

ווערט לאַנגזאַם געפירט און באַנומען פויל.
פיינלאַך אַזוי ווי ער גייט אַריין
טוט מען אים אויס און מען ליידיגט אויס,
ווי איינער ווערט אַנטוואָפנט און געלאָזן הויל,
און מען דעקט אים אָפּ און מען לאָזט אים לויז.

טוט ער זיך הויבן און אויפגיין אויך
ניט אָנצורירן זיין לייב אין פיין.
ווי דער פאַרטראָגענער אין לעצטן פלייץ
פרובט אריבערשווימען אויף דאָס ניי.

און ווען ער האָט זיך אומגעקוקט אין ניכטערקייט
און געבליבן וואַרטן און ווי ער שטייט אַליין,
האָט ער זיך צעווײנט אין ליכטיקן געוויין,
אין ריין און לויטערן געוויין.

דעם אויסגעלאָדענעם האָט לייכט געשיינט זיין שרעק
און האָט ווי פאַרגרינגערט געטראַכט צוריק
ווי איינער צעווײנט זיך אין קלאָרן גליק
וואָס גייט אויף פאַר אים אין מיטן וועג.

18

ווי געשייערט מעש אַן שאַרפּן זאַמד
זיינע גלידער. און די ביינער לייכטן זיך דורך.
ווי אַ געצונדן ליכט גייט ער אַרום.

אין זיין גאַנצער לייג אַ פאַרשלאָפענער
וואַקלט ער זיך אום.
נאָר ער פאַלט צו און ציט זיך אויס —
איינגאַנצן אַ וואַכער.

געקוקט דורך די שטילע טיפע נעכט
דורך נעבל זיין אויג ווי אַ שטערן שניידט
צום דערוויטערטן לעבן וואָס ניט צו דערזען
דערגרייכן נאָנט און דערקענען וויט.

זיפּן דורך דער צייט און זיך דערזען
ווי ער הויבט זיך פון בעט און צום באַנק געגענט
באַם סקריפּיקן טיש צו פּאַפּיר און שטיפט.
דאַמאָלט איז דער קאָפּ ווי נייגעבאָרן
פול און געוואָרעמט און שאַרף און טיף.

19

שרעק צעמאָלן אייביק אין די אויגן,
אין הייסן הארצן אָטעמט בלייכער שטויב,
וואָס טרעט דערנאָך ארויס אין שווייס פון אנגסט. —
און אויסגעשניטן שארפער ווערן זיינע אויגן.

און ווי דער שטויב וואָס זעצט זיך אָפּ,
לאָזט דער טומל זיך ארונטער אויף זיין קאָפּ
און ער ווייס ניט מער פון זיך
און וואָס עס איז אין אים אריין . . .
גלייך פאלט דער שלאָף פון זיינע ברעמען
זעצט זיך אָפּ ווי הייוון נאָכ׳ן וויין.

האָט זיין קאָפּ זיך אים פארדרייט,
שטייט ער אין דער פרעמד.
און ער איז ארויס פון דער פארשלאָפנקייט,
און ער האָט זיך ארום ווי ניט דערקענט.

אלץ מיט אים פאראנדערשט איז געוואָרן,
און ער פילט ניט ווי עס טרעטן זיינע פיס,
און זיינע אויגן האָבן זיך פארלאָרן.

און ווי פרימאָרגן האָט פארנאכט זיך אויסגעוויזן,
ווייל ער האָט זיך גערירט, ווי נאָר פון פינצטערניש ארויס
די זון האָט שארף געקוקט און מוטנע פארן אונטערגיין,
האָט זיך אים אָפּגעדרוכט: ער האָט זיך אָט באגינען אויפגעכאפט
און טונקלדיק און שרעקיק האָט אים דורכגענומען
אזוי האָט יעדער אָדער אים געקלאפט . . .

און אלץ ווי גאָרנישט פון דער ערד,
קאלט און ווייט און שטעכעדיק געוואָרן.
און זיינע נאָענטע אנדערש, און ער צו זיך איז פרעמד —
האָט גאָט צעמישט און ער האָט נישט דערקענט.

דאָס לייב וואָס האלט דעם אָטעם איין,
און ווייס ניט מער פון שרעק.
פונוואנען ס׳ברענט ארויס זיין קול און וואו זיין אָטעם ברענט,
גאָט באשאפער! מיטן ווינט זיין אָטעם צי אוועק.

ווען פארנאכט האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי פרימאָרגן
און ארום זיך ער האָט שוין ניט דערקענט
אין דעם וואונדערפארנאכט, אין פארטראָגענער נאכט
צווישן ביימער אין לעצטן וואונדערטאָג.

איינגעבויגן זיך אין שטילער נאכט
און האָט געקלערט:
איצטער אין דער פינצטער לעב איך,
און כמעט ווי גאָרנישט איז דאָ אין דער מינוט;
נאָר וויפיל איז פון הינטער מיר,
און וויפיל פון ארום און וויפיל ווייט;
איצטער — ווייט;
צעוואָרצלט און צעצווייגט דער שטאם דער מענטשלאכער.

וויפיל פעלקער פון די טויטע, איינגעדעקט אין ווייסן זאמד,
שבטים גאַנצענע פון דור צו דור, אויסגעבעט אין שטיין,
פון אייביק אָן, פון אלע צייטן און אין יעדן לאנד.
און עס וואקסט און שמעקט דער יונגער קינדער לייב,
ווען דער וואסער האָט געוואשן שטיל א ביין...

די מינים וואָס זיי גייען דורך דער וועלט,
די ביינער פון דעם לאסטפערד מיר, פון דור צו דור געשלעפט;
דורך טויערן געטורעמטע און האלבפארשאָטענע,
יעדע לעבעדיקע זאך גייט דורך דער וועלט.

נאכט. דער שוואכער ריח צו מיינע ציטערדיקע נאָז־פליגלען
ברענגט מיר אין דער שאָטנקייט פון לייב און בילד:
די ווארעמקייט פון גלידערדיקע גייהיקע באשאפן;
קעפ באוואקסענע, און ליפן פעסט אויף ציין;
די בליקן פון דעם קלוגן, אויסגעפרובטן מין;
דער שמייכל אויף די באקן וייך, וואָס דעקן ווידער צו
דעם איידעלן, דעם אלט־פארשווארצטן ביין.

און מיט אמאָל
מיטן ריח פון פרעמדמענטשלאכקייט,
פרעמדמענטשלאכע געקעבלטקייט, וואָס איז אזוי באקאנט,
דערהער איך אויך שטימען ארום מיר
אין די שטיבער און די גאסן, אין די מערק און די בולווארן,
און אויף פארקן, סקווערן, זאמלפלעצער, אלטע געסלאך;

20

פון הינטער דעם שטיינערנעם פארקאן פארצאמט
איז דער קלויסטער איןביימער געוועזן פארצאמט
און בא דעם שטיינערנעם פארקאן האָט ער זיך געשארט.

ס'האָבן אָרעמע מענטשן די שטיינער געשלעפט,
אָרעמפארשעמטער, באַהאַלטענער שטאָם,

נאַריש און גלויביג, געהאָרכזאַם און נידעריג
האָט דאָס געמויערט וואַנט נאָך וואַנט.

האָט אים אַלעמאָל צוריק געבראַכט אין הויז
צוריק איז ער אַלץ צו זיין אייגן שטוב געקומען,
וואָס איז געוועזן מיט שטרוי געדעקט, נאָר ער געדענקט
ווי שפּעטער האָט מען איבערדעקען אים גענומען.

דורך וועלדער זעט ער זיך דערנאָך, פאַרביי די וועגן
אין איינזאַמקייט, אין גאַסן, אין הייזער אַריין,
זיך אַזויפיל געצויגן אויף וועג און פעלד
פון וואַלד אַרויס און אין וועג אריין.

יענער יונג מיטן אייגעבערענטן קוקן אין זיין צייט —
און יענער שמייכלענדיגער אַלטער זאָל שוין מער ניט זיין —
ס'איז אַזויפיל שוין געוועזן און שטויב האָט פאַרדעקט,
און ער האָט ניט געטראַכט פון פאַרגענגלאַכקייט. —

זיין מאַמע האָט געשלעפּט די שווערע עמער וואסער
מיטן שווערן האַרצן אויפן אַלטן הויף.
ווען פּיאַטעס רויטע קינדערשע דעם ליים געקנאָטן,
און ווינט האָט זיין אָטעם פאַרכאַפּט אין לויף —

פון פרעמדן עלנט שפּעטער געזוכט זיין טרייסט,
געלאָפן אין דעם ברענענדיגן פראָסט אַהיים,
געבראַכט דעם גוטן רויטן אָטעם פון טיפן שניי ארוים.

21

ווען די שרעק צינדט אָן מיין קאָפּ,
ווען די פאַרשלאָפנקייט אַנטלויפט
אין מיטן נאַכט.
געעפנט היים די אויגן, זיי ווי אויפגעגראָבן
גלייך פון רויטן זאַמד אַרויס.

אין הימל דער קאָמעטנגאַנג,
די גאַנצע קאַלטע רחבות, שטילע וועלט
פון ווייטע קאָנסטעלאַציעס דער געדאַנק
האָט אלע שרעקן פאַרן אויג געשטעלט.

און וויפיל הונדערט יאָר די שטראַלן גייען שוין,
און וויפיל טויזנטער זינט צו מיין פאַרשטאַנד דערגאַנגען,
און וויפיל נאָך פאַראַנען וואָס איך ווייס זיי ניט
קאָן גאָרניט חושד זיין, אז ס'איז גאָר דאָ אזוינס,
אז איך זאָל קענען ווען פאַרשטיין.

דער געדאַנק פון ווייטע קאָנסטעלאַציעס
און פון שווארצע ביינער פעכפארשטיינט.

ווי פון טויט די אייביגע מלוכות
פון גרויסן הימלהויכן וועלטנטויט.
און דער לעבעדיגער רויטער פלייש
פון באַשאַף מיט זיין געביי און זיין געביין.
און פון מענטשנקערפער הויבט זיך אויף דער געלער ריח,
געדרוך פון מויל און האָר און טעם פון זיין פארשטאַנד,
ווי שארבנס פארקופערטע, אויסגעגראָבענע ביינער
שווארץ פאָסיליזירט און האַלב פאַרשטיינערט.

וואָס איז מיין גורל און וואָס בין איך ווערט?
גאָר מאָדנע וואונדערלאך וואָס איך בין דאָ
אין מיטן אזא וואונדערלאכער וועלט
א קליינס, א טייל, א ווייליגס און אין צייט געפלאנצט,
אין צייט אַ פאַרציטערטער, ניט אָפגעקילטער,
און בין יעדע רגע פון מיין זיין פארביי.

און וואָס עס זאָל ניט זיין צום סוף מיט מיר
איז דאָך גוט און גרויס דער וואונדער מיר
ווי שוואך איך בין, ווי ווייט איך זאָל ניט זיין —
אַז איך זאָל זיין און עפעס זאָל איך וויסן.

עס לעבן טיף אַ האַלב באַוואוסטן לעבן מיינע ביינער
און איך אליין האָב זיי נאָך ניט געזען.
ביינער מיינע ביינער, אומגעזען,
ווי קנאָכן נאָך ניט קיין אויסגעגראָבענע, —
ביינער, מיינע ביינער, ווי טייער ליב איר זייט.

שטעלט די צייט זיך אָפּ אין מיר, שטייט אַיין און שטאַרבא אָפּ
ניט רירט, ניט פארשלעפט זיך אויף ווייטער און גייט;
ניט דאָס טון — נאָר דאָס אויפבליצן ווילעווייז
ביז עס שלאָפט אַיין און ווען איך כאַפּ זיך אויף —
שטיי איך און איך כאַפּ זיך אויף איין אָרט.

...ציט זיך ווי א שנירל, בייט קאָלירן, בלינצלט, שפּילט און שיינט
ווייזט די פערלדיגע ציינער, שעלמיש חנ׳דלט, לאַכט.
ווי אַ וואונדערשלאַנג — אָט שיינט זי, אָט פאַרלעשט זי זיך.
ווי די גליווערים אין א ווארימגוטער זומערנאכט.

דער ציטער בלייבט, איז לעבן הויל געפאר,
יעדע רגע גרייט זיך צו אנגסטן און צער,

און שוואַנגערט בייז פאַר מיר דער קומענדיגער טאָג
ווי עס לעגט זיך אָן צום טויט עטנאַ די באַרג.

ווי לאַנג ערד האָט געברענט און אָפּגעקילט זיך לאַנג
די אַלטע ערד אין קאָנסטעלאַציעס גאַנג
און ווי דער טאָג בויגט זיך צום אָוונט צו
יעדע רגע זיך ציט ווי צו א מאַנגנעט
צו קלענער ווערן און צו אונטערגאַנג.

איז טויטגעפאַר צייט דורות געוואָרן פעסט
אין וועג פון גאַנצן לאַנד, פון לאַנד און לייט,
ווייל זיכער איז די ערד ביים קראַטערס מויל,
וואו ס׳האָט פינסטער אויסגעלאָשן זיך די לאַך פון גרויל. . .

די וועגן וואָס קיין חי קאָן קוים פאַרשטיין,
ער גייט דורך זיי דורך ניט באַרירטערהייט,
אין טויטגעפאַרן טרעט ער פעסט,
ווי צום טאָג דער אָוונט בויגט זיך אָן,
און איין נאַכט די אַנדערע שלינגט איין,
ווען עס בויגט דעם טאָג צום אָוונט איין.

22

ווען איך האָב זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע אין באַן
האָב איך פּנים׳ער דערקענט און זע פיגורן אָן
ווי פון וואַקס געקנאָטן — וואַקסן זיך צונויף —
און טייל דערמאָנען צייטן אויסגעגליטשטע
און ברענגען אַלטע דורות אויף. . .

מינים, דורות ווי זיי גייען דורך דער וועלט
און אומגעשריבענע היסטאָריע שוועבט פאַרביי,
דעם גערוך דערטראָגט צו דעם וואָס שטייט פאַרוואונדערט.
אין די פאַלבן פון די ווינטיגע קליידער
שטעקט ארויס אַ שטיק פון פופצנטן, פון זעכצנטן,
פון אַכצנטן, פון ניינצנטן יאָרהונדערט. . .

און וויפיל דורות אומבאַשריבן, וויפיל זאַכן אומבאַגריפן,
עס האָט אויף לענדער ברייטע שוין אזוי פיל זיך געטאָן,
און וואָס עס האָט נאָך קיינער ניט באַזונגען:
ווי האָרדעס פאַרביגע אויף טראַקטן זיך געצויגן
צו שטויבפאַרדעקטע שטעט, וואָס האָבן טיף פאַרקלונגען.

און די ערד באַפעלקערטע פון אייביג אָן,
וויפיל פעלקער פון די טויטע

אײַנגעדרעקט אין ווייסן זאַמד,
שבטים גאַנצענע פון דור צו דור,
פון אייביק אָן פון אַלע צייטן און פון יעדן לאַנד.

ווײַל איך זען ווי די, וואָס זיינען ווען געווען
אויף אונזער וועלט געווען, — די ניטדראַאיקע, ניט היגע
ווי זיי רעדן, גייען אום — ווי זיי האָבן געלעבט
און אין זייער צייט וואָלט איך זיי אלע וועלן זען.

אין היילן זיך געוואַרמט די פאַמיליעס סקיטן,
די בני ישראל זינט עמרפל׳ס צייטן,
די לאגערן פון אַשור און די דינער פונ׳ם בעל;
און באַ די טייכן זיך גע׳טובל׳ט ס׳פאָלק פון קלויסטערס,
אויפ׳ן רהיין דאָס פאָלק און ביים באָקאַל.

יונגן שפּרינגען באַגינען אַזוי ווי די הירשן
פון פאַרשטעקטע בעטן ארויס פון געלעגערס
האַלבנאַקעטע צו לויפן אינ׳ם זיסן רעגן
אין זומערדיקן ווינטיג־יונגן רעגן — — —

די קופּפערררויטע בערד און די שווארצע בערד
קומען פון וועלדער, פון סעדער, פון וועגן און מערק
מיט דעם שטויב און די בלעטלאַך אין די קעפּ און די בערד.

און פרישע האָניגעפּל אין גרויסע קערב.
וואַלדלייט אין די שטיבער, וואָס שמעקן מיט פּעך —
אומעטיגע טעג און קילבליבע פאַרנאַכטן,
גאָלד איז דער טאָג לופט, זילבער אין די נעכט,
ציטערדיגער זילבער אין די קלאָרע נעכט — — —

און טיפער שלאָף באַפאַלן אין זאַפטיג שווערער נאַכט
אויף שטאלקנעכט און זעלנער און דינסטמייד און האר. —

מידער שניטער מיט דער פאַסטושקע ביים ברעג פון וואַלד
זומער אַ פאַרנאַכט.

און אלץ בלייבט אזוי אויף היינט און שפּעטער:
און היינט די צייטן ווי געוועזן און אַמאָל:
ווי אין פריען זומער די טראָגעדיגע ווייבער,
ווי די ריחות פון די סעדער און די לופט פון שפּעטן יאָר,
און די אומעטיגע ווינטן צווישן גאָלדענע און רויטע בלעטער.

אַרײַנגעקומען דורך דורות ווי דורך שויבן
צו אוראַלטע און דורכגעלעבטע צייטן,

אין הינטערגאַסן פון געשטאָרבענע קוואַרטאַלן,
אין הויפן און אין שמאָלע אלטע געסלאך,
וואו רעד און טריט ווי אלטער רעגן איז געפאלן. . .

איך דערשמעק די ציטן און איך ברענג ארויף
פארצייטיקייט פון גאָר אַמאָל און לענדער קומען אויף
אינם שטייַגער פון אוראַלטער וואָס האָט אויפגעבראַכט
דעם מין פון ברואים און די שטאַמען פון זיי,
האָט געפּאָרט זיי, געוואַרמט און זיי באַהאַלטן. —
און טראַכטנדיק פון אויסגעגראָבענע, מיר שמעקט אזוי
ווי דער ווייסער ריח פון יונגן קינדער לייב
אויף די ביינער פון באַגראָבענעם מאַמאַט אין שניי.

סיי א שטויביג פעל פון אָ פירפיסיגער
מיט שטויביקע און ווארמאיינגעווייכטע האָר —
סיי די גלאַטקייט פון שמעקנדיקן ווייסן לייב
און דורכזיכטיג ווי געלע פלוימען קלאָר.
פון ברוינעם מענשנלייב די גלאַטע ווארמקייט
ביז די האָריגע פאַרשטויבטע חיה־פעל —
ביידע זיינען וואַרעם, לעבעדיק און וואָר.

דער פּנים און די אויגן פון א ליב באַשאַף,
און דאָס ווייסע בענדל פון אַן אונטערהעמד
צוגעשנירט צו זיסע טויבנבריסט,
געוואַרעמט זיך צום שלאָגעדיקן פולס פון אָדערן
פון איידל־שמעקעדיקער מיידלשאַפט — — — —

און וואו נאָך זיינען מענשן ניט געווען,
און באַשעפענישן ניט געווימלט ערגעצוואו ?
פון די, וואָס מיר דערמאָנען זיך פון זייער רו,
דורך מצבות און פון אַלטע ספרים,
צו דערזען זיי פון דער ערד און פון שטויב פון דער ערד ;
און מיר זוכן און פאָרשן די שאָטנס נאָך
אין פּאַלאַצן און מלכים׳ס קברים.

אויף אלע הייליגע און הוילע שטיקער ערד
וויפיל מינים האָבן אייעלאך געלעגט
און זיך געמערט דורך יעדער רגע,
געצויגן דורך די טויערן פון מיליאָנען יאָרן.
וויפיל הינט און שאַקאַלן זיך ניט אויסגעוואַלגערט.

און קעץ געוויינט, און ווערים געקראָכן;
און אלע — זייער פרייד און עלנט אָנגעוואָרן.

טעג שווער ווי קרעך, און אויך טעג ווי די טויבן,
אומעטיגע, קאַלטלאַבע, נאָר שענע טעג,
סוף זומערדיקע, אלול׳דיקע, ציטערדיקע, קיל;
ווי טויבן שוואַך און לאַנגזאַם, ווי טויבן שען און שטיל.

און די ליכטיגע און שטילע נעכט
ווען דיין אָטעם שוואַך
און דער וואונדער לייכט זיך שטיל — — —
פלאָנטערט זיך פון שלאָף ארויס און טראַכט זיך וואַך.

און מע גראָבט אויס אויפגעדעקטע צייטן פאַר דיין אויג.
די פרעה-קברים און די טעמפלען-שטויב,
אין רעגנדיקע נידעריקע טעג, אין הייַנטיגע טעג,
און טויבישע ווי טויבן.



מיט פאַרראָסטן בלעך און אַייזן, אין שפינוועב און אין מיסט
וויפיל הינט עס זיינען אויף דער הייליג ערד געלעגן,
געלעגן אויף די הייליקייטן און אויף שטויב פון ריינ׳קייטן
און אויף דער הייליג ערד געלעגן.

מיט שמוץ, מיט אַלטווארג האָט זיך אויסגעמישט,
מיט ווערים אויסגעטריקנטע, אין שטיקלאַך צווייגלבראָך,
שפינדל און אאיר, און זאַמד און מאָך,
ערד איינגעפוילט אין טאָרף און גרין באַמאָכט.
געדוך פון גראָז פון וואַלד, פון מאָך און מיסט
און די היסטאָרישקייט וואָס איז שוין אָן א ריח.

און וועלכע פלעצער זיינען ניט היסטאָריש?
אין וועלכע טייכן-וואסערן וואָס טוען זיך ניט בייטן?
און וועלכע לענדער האָבן קיין טראַדיציע ניט,
און קומען ניט מיט די זכרונות פון פארצייטן? —
איידער כ׳האָב געזען, אז דאָס איז געווען
דעמאָלט שוין איז דאָ דער טייך געווען.

אַלט ווי די בערג און אַלט ווי די צייט,
אַלט ווי די לבנה שטייט הינטער די בערג.
אַלט ווי די טייכן וואָס זיי שטראָמען ווייט,

אַלט ווי די וואַסערן וואָס לויפן אום,
אײַנגעגעסענע אין ערד און שטיין,
אַלט ווי די בערג, וואָס שטייען ארום.

די אַלטקייט וואָס זי ווערט קיינמאָל ניט אַלט,
זינט די עלטסטע צייטן אין דער ווייט אריין,
ביז אין די אייביקייטן ווייט די וועלט וועט שטיין
די שווערע אייביקייט און אייביג יונג און שען.

24

און הייליק איז דאָך יעדע שטיקל ערד,
און געצוויגן האָט זיך לעבן אייביג. —
עס זיינען באַשאַפן פון טיפן וואסער ארויס,
און געריבן זייער פוסטריט טרוקן, שטויביג.

וויפיל אויסגעוועלגערט, — וויפיל אויסגעלעגן,
וואו ניט אויסגעקראָכן — וואו ניט דורכגעשפּאַנט;
זיך דורכגעוועלגערט אין די הייליגע פלעצער
און אײַנגעהייליגט לאַנד נאָך לאַנד.

וויפיל קעץ אין די חורבות און אויף פארלאָזטע ביידימער
האָבן זיך געמערט און אומגעקומען ?
אין די דערפער וואו נאָר איך בין ניט געוועזן
אין די שטיבער וואו איך בין ניט געקומען — — —

אין די גרויסע שטעט געבוים, אַמאָל און היינט,
פון פּאַרצייטיקע און היינטיקע מלכים און מאַגנאַטן;
אין די רעזידענצן פון אַלטע און נייע הערשער,
פון גרויסע לייט און קעניגן און פירסטן און מאַגנאַטן.

אויף די מערק און אין די פּאַלאַצן און גערטנער ארום זיי,
און אויף די פלעצער, אין די גרויסע הויפטשטעט,
וואו זאמלונגען און דינער האָבן פארן קוק געציטערט
פון געזעצגעבער און הערשער וואָס געוועלטיגט וייט,
און יעדער איינער אָנגעזען און הויכגעשטעלט. —
און אויף בית־עלמינ׳ס — ניט פאר דעם געמיין, נאָר פאַר די רייכע
און די שטאַרקע און די גרויסע פון דער וועלט.

די גרויסע עובדה פון די שטאַרקע פון דער ערד
פון אייביג אָן די העלדן, פון די ערשטע טעג
פון די ערשטע צייטן,
וואָס פירן אָן מלחמות און וואָס נעמען איין די ערד.

די וואָס האָבן דעם שונא צום קניען געבראַכט,
און דעם האַנדל געפירט אויף קאַראַוואַנען און זעגלשיפן.
מיט גילדענע אותיות די פאַרשריבענע,
צי אין שטיין געהאַקטע הירעאָגליפן.

האָבן זיי א לעבן אָפּגעשפּילט
און געשטאַנען אין געבענטשטן שיין,
און זיי לאָזן גאַנצע בערג מיט אוצרות שטיין,
און גיטער בליהיגע, און קעלערס פול מיט ווייַן.

און פעלדער — מיט'ן אויג ניט צו דערוואַרפן
און וועלדער און מאַיאָנטקעס — וואו אליין ניט אויסגעוועזן,
לענדערייען ווייטע — דורכגעפאָרן נאָר,
און וויפיל ווינקלען גאָרניט אָנגעזען.

און דער טויט קומט נאָך זיי אומעטום
וואו זיי זאָלן זיך ניט ווייט באַזעצן;
אין קליידונג און אין אויסזען זיך פאַרשטעלן;
וואוהין זיך ניט פאַרקלייבן, ווייזן זיך ניט צו ענדערן —
וועט ער נאָך זיי קומען ניט פאַרפעלן.

אין איינגעפאַסטע בילדער, רייכגעבונדענע פאָליאַנטן,
אין געקליבענע זשורנאַלן, אין די ביכער און די בלעטער,
און וואָס עס האָט אין זיי זיך ניט געשריבן —
אין די טאָוולען פון די ביכער, אין די פּאָליצעס געדעקטע
זיינען לעבדיגע מער ווי מילבן ניט געבליבן.

די כבוד-טאָוולען גילדענע וואָס בלייבן איבער
מיט אותיות איינגעקריצט און נעמען אויסגעקריצט,
וואָס וואַרפן אויך אין נעפּל זייער שימער. —
אותיות גאָלדענע — וועלן אויך ניט העלפן,
ווי ס'האָט ניט געהאָלפן זיי ביז איצט.

פון יעדער זייט ווי אין גסיסה-מי,
פון צייט צו צייט עס פאַלן אומעט בערג,
אין איין הרף עין מאַכן חרוב שטעט,
אַ שאָס פון שטיינער אויף דער מי פון צווערג.

קומט אָן א טאָג און מ'שלאָגט זיך אָן די ערד
און חרוב אין איין שעה און פינסטער ווערט

מיט גאָפּל אין דער האַנט, מיט ביסן נאָך אין מויל
און צווישן די ציין ווי זאַמד קריצט דער גרויל.

קיין צייט ניט בלייבן שוין. וועט זיין א טאָג
ווען ס'בלייבט ניט צייט, ניט פּלאַץ פאר ווי און קלאָג,
און פאר מודיע זיין די נייס און פאר אויסשרייען די נייס
און פאר אָפּדרוקן די ידיעה שווארץ אויף ווייס.

25

דער ווינט כאַפּט מענטשן און שלעפּט זיי פאר די קעפּ
האַלט די קליידער אין זיין מויל ווי א הונט,
מאַכט די אויגן בלינד דער בליץ, און בלייכער פארן בליץ
ווערן זיי דערשראָקן, און אין כוואַליעס יאָגט
דעם הייסן רעגן דער בייזער קאַלטער ווינט.
פליען די באַפעלן פון דער ווייטער האַנט
און די בליצן שלאָגן אין דער ערד
ווי שפּיזן ליכטיגע נאָכאַנאַנד.

צעאַקערן די ערד, הויבן שטויב אין לופטן.
פאלן אין דער ערד אריין ווי שפּיזן,
און אין מיטן פון דער נאָענטקייט פון לייב
האָט אונז פארקילט דער בליץ צעריסן.

שטעל מיך פארן בליצאָפּלייטער, לעבן מיין
און דער דונערשלאק אין הארצן יאָגט אַריין.

און גרונטן הויבן זיך, טרייסלען זיך און פאלן,
דער איבערקער האָט איינגעשלונגען אַלע אלטע טעג,
און מיטן בראָך פון ציגל, שטיין און שטויב
פארשארט מיך און פארנעמט אוועק.

די שרעק ארויסגעלאָזן אין דער נאַכט געבליבן
האָט פאַרגליווערט ווינטן, זיי אין בערג פארוואנדלט
און זיי איינגעשרומפּן אין דער קעלט דערנאָך.
טייל גערירט זיך און געפאלן איבער היילן,
ווי די שווארצע חיות אין די נאָרעס.
זיך געלעגט אף שווארצן גרונט, באוואקסענעם מיט מאָך.

שטערן ציטערן און בליאַסקען אין דעם ווינט
פאַרבאַהאַלטן טרייסלען זיך פאר קעלט

ווי ליכטלאַך איידער זיי פאַרלעשן זיך,
ווינט פאַרכאַפּט, דעם אָטעם בלאָזט זיי אויס.

שטערן ציטערן אין שטאַרקן ווינט ווען ס׳רייסט
די וואָלקן ווי די פאָרהאַנגען, ווי שטיקער טוך
און שרעקעדיג עס פינקלט זייער שיין.

אין ווינט מיין אויג איז ווי א שטערן פריש פאַרטרערט.
האָט זיך ווינט מיט מענטש גערירט,
איז לויז די ערד און וויגט זיך ווי אויף וואַסערן אַוועק,
גליטשיג ווייך די כוואַליעס אונטער איר.

26

וואונדערלאַכע מענטשן האָבן ווען געלעבט:
ביטערע עקשנות׳דיגע קעפּ,
פונם ביטערוואָרצל קומען זיי;
עילויים, שאַרפע, שפאַלטנדיגע קעפּ,
שכורים מיט מיאַזמע־קעפּ,
שטערנס וואָס זיי האָבן רויט געבליט,
אויגן ווילד געפּונקט
און שפּעטער בלייאיג איינגעשלאָפן.

מיט דער משוגעת וואָס האָט דורך שטעט זיך דורכגעוואַלגערט
אין די רינשטאָקן און פּאַרקן, אין קאַזאַרמעס און האָטעלן,
אין די דולהייזער, אין אַלע העק, וויינקעלער און דאַכשטיבלאַך.
און פון דאָרטן אויסגעוואַקסן יענער שטאַם,
וואָס די שענקייט האָט געבליט פון קאָפּ,
פון מיטן קאָפּ
זיך ווי דער מאָן צעבליט!

. . . זיין געלעגער האַרט און זיין שפּייז געוועזן ביטער. — —
נאָר דער וואונדער דעקט זיך אָפּ
ווען אויפן שפּיצקאָפּ קומט דער ציטער
די שאַרפע פּיין פון מיטן קאָפּ.

און אין די ליימיגנעפּלדיגע נעכט,
אין סוף זומער און אין אָנהויב זומער,
די וואַרעמע, די קילע און די ג ו ט ע אָוונטן
דו גייסט דורך זיי, ווי דורך צווייגן איינגעבראָכענע,

שמעקעדיגע יונגעביימער, צווייגעדיגע, איינגעבויגן,
גייסטו מיט דיין הייסן מוט און ווערסט אויך מאַט און מיד.

מיינע אויגן גייען ביזן הימל
קריכן צו די שטערן, ציילן זיי,
הענגען אָן די הויכן זיך און ציען צו צו זיך,
און זיי זעהען ביזן הימל.

חכמים, שטערנזעהער, קריצלער, וואונדערקעפּ —
וויפיל האָבן קלוגע קעפּ געלעבט ביז היינט.
און אין מיין מין דורך יאָרן הונדערטער און טויזנטער
וויפיל ליכטיג ווי סן האָט אריינגעשיינט.

געזונטע שאַרפע קעפּ און אייזנשטאַרקע
און טיפע קלוגשאַפט האָבן ווען געלעבט פאַר מיר,
געצייכנט אויף גראַניט, געקריצט אויף שטיין,
געקריצלט און געשריבן אויף פּאַרמעט און פּאַפּיר.

27

די קילע ווינטלאַך א פאַרשלאָפענעם;
אין מיטן נאַכט פון פענסטער אָפענעם
ער שטעקט ארויס זיין קאָפּ אין מיטן נאַכט.

די טיפע, קלוגע,
פול מיט רו,
די פריש-ווינטלדיקע נאַכט.
אין דער גרויסער שטילקייט אויסגעשטערנט רו.
אין דער גרויסער אויסגעשטערנט שטילקייט רו.

ווי מאָרנע אַלץ און ניי פון טאָג אויף טאָג!
ווי לאַנגזאַם איז די צייט און רוקט זיך ביז עס קומען אָן
די מאטעווע פרימאָרגנס און דער אָפענער טאָג,
דער טאָג פון לופט און ווינט און ליכטיקייט.
און דער שטויב פון זון און פון ערד די פייכטיקייט.

און קערט זיך אום פאַרנאַכט,
מיט'ן ווינט, וואָס מורמלט אין דער טרוקנקייט,
די קאַלטע, קלוגע, שאַרפע אָסיענאַכט,
אויסגעשטערנט, פול מיט שאַרפער אומעטקייט
ווי מיט שאַרפן זאַמד.
איז שטאַרק די קעלט צו אים און זי פאַרזוכט זיין בלוט,
ווערט פילבאַר יעדער וואָרצל האָר אין קאָפּ.

און די שטילקייט זשומט אין זיינע אויערן,
אָן זיין שאַרבן שלאָגט זיך אָן דער גאָטגעריש.

זיין מח אָפן ווי א נייגעבאָרענעם
ווי ער שלאָפט ערשט איין פון וועלט באַרוישט.

28

איך בין געווען ווי אַ ליכטיגער גערשאַנק,
איך האָב געלעבט אין קלאָרער צייט,
וואָס האָט געצויגן ווייט און האָט צופיל געזען,
אַזש מיינע אויגן פון געשימער זיינען קראַנק,
ווייל וואו בין איך ניט אויסגעווען,
וואָס האָב איך ניט געזען — — —

איז געבליבן שאַרפער ווייטיק אין די שלייפן,
וואָס ציט מיט הייסע שטריק ארויף־אַראָפּ,
און האָט מיט הייסע פינגער מיר די אָדערן געריסן.

איז אויף אַלץ אַ הויט געפאַלן און געשלאָפן,
האָט די מידקייט יעדן ווינקל אויסגעפילט;
ווי א בעלמע צוגעדעקט מיין קלאָרן שכל,
מיין הייסן פונקיגן גערשאַנק פאַרטונקלט ווי א מילך.

געשלאָגן איז מיין לייב פון קאָפּ צו קנעכל,
טרעטן ווייטיקן אַרויס פון יעדן ריר און קער.

ווייל אין ווייטיקן און ווייך די קנאָכן אויסגעגעסן,
בלייבט ניט ליגן יעדער גליד נאָך יעדן הויב,
ווערן מיינע ביינער ניט צעפאלן, לעבעדיגערהייט
ווי א ווייסער שטיין וואָס שיט זיך איין אין שטויב.

מיר מיין לעבן און מיין קאָפּ איז קראַנק
ווי פון ביטערניש־און טויט־געטראַנק.

יעדער גליד איז מיר און צאַפּלט זיך,
נאָר עס וואַרפט זיך ניט געלייסט די צונג און רעדט.
דערשלעפּ זיך אין דער פינסטער — ליג איך ווי א שטיין,
נאָר ווי א שטיין וואו יעדער שטויבל רעדט.
גאַנצער שווערער שטיין, איך ליג אין דיר,
וואָס דו ברענסט און רירסט זיך ניט.

פון שלאָף באַרוישט און טשאַד מיין קאָפּ,
גיי איך ביז דער ווייטיק לאָזט מיך אָפּ.
און מיט אַן אויפגערעגטן קלאַפּעדיקן האַרצן
אין מיטן פון די וואונדער פון פרימאָרגן.

אויפגעגראָבן מיך, ארויפגעהויבן,
פון דער מידקייט מיך ארויסגעצויגן,
ארויס מיט אלע וואָרצלען פון מיין טיפן שלאָף

ווי א בוים פאַרשלאָפענעם פון טיפער ערד.
און נאָכן ווייטאָג ווערט מיר גוט,
און אָפּגעגאַנגען מיין דערשראָקן בלוט,
צי איך מיינע קרעפט ארויס פון טיפן שלאָף.

און מיט באנייאונג שפּראָצט מיין כח
ווי עס לויכט אין מילכשיין אויף א לאָמפּ.

וואָרעם חלומ'ט נאָך מיין קאָפּ —
א נעסט פון טויבנפּאָרן —
ווען דער שלאָף לאָזט אָפּ.

און וואונדערשאפט ווי איך האָב נאָר געזען
און ווידער ווי א ניי באַשאַף געוואָרן,
און נאָך דער מידקייט זיך באנייט
ווערסטו נאָך מער ווי נייגעבאָרן.

אָנגעטאָן זיך אין א נייער הויט,
און זיך אָנגעפילט מיט הייסן לעבן.
געוואָרן פון דאָס ניי א ליכטיקער געדאַנק,
וואָס האָט געצויגן זיך אין אלע וועגן.

29

איך בין אנטשלאָפן און איך האָב זיך אויפגעכאפּט,
ווייל אין שלאָף א וואָרעם ציטער איז אריבער מיר:
— אז דאָס איז ווי מען לעבט, ווי איך לעב און ווי אנדערע
איז אויסגערוט געקומען איבער מיר דער אויפגעשפּיגלטער
פאַרשטאַנד

ווי א ריינער אויסגעשיילטער מאַנדלצווייג,
ווי א יונגע טויב צו מיר אין האַנט.

און ווי ניי דאָס איז ניט היינט, ווי שטאַרק דאָס וואַכט אין מיר —
ווערט דאָס ווייטער גיין אזוי ווי דאָס איז היינט;
און ווייל דאָס איז ניט פון מיין זיין די לעצטע שעה
און פון מיין וויסן איז דאָס ניט דער לעצטער אויפבליק היינט.

און אָט אזוי איז דאָס און אָט אזוי איז דאָס,
ווי איך האָב דאָס אזוי פיל מאָל געזען,
איך האָב דאָך אָט דאָס אלץ זיך ניט געגלויבט
און היינט מוז איך דאָס ווידער אָננעמען.

איך האָב זיך דאָך נאָך אליי ניט צוגעוואוינט
אז דאָס א י ז עס, און אזוי איז ווי מען לעבט,
און אזוי בין איך אויך צווישן אנדערע
און האָב ניט גלויבנדיק אליין אזוי געלעבט.

ווי מאָדנע עפּעס ווי איך לעב און לעב
און ביז צו וואונדער קלאָר ווי איך פאַרנעם
און נאָך מער מאָדנע ווי איך טראַכט פון דעם.

זון גייט אויף און זון גייט אונטער,
און די לופט ווי מילך און נעפּלדיק;
וואסער גייט און לייכט און ליכט און פאַרב ווערט און ניטאָ,
און איך לעב און איך בין דאָ.

און מאָדנע איז, און וואונדער זע: באַקלער,
ווי אזוי פון וואנען קום איך דאָ אהער,
און אלצדינג איז מיט דיר אזוי געשען
אז דו ביסט אלץ צווישן די, וואָס זענען דאָ,
און ניט צווישן די וואָס זענען שוין געווען.

ליכטיק איז דאָס וואסער, וואָס איך זע,
און געזונט דאָס וואסער וואָס איך טרינק.
ליכטיקער פון מיינע אויגן איז דאָס וואסער,
און טיפער פון מיין לעבן דרינגט.

30

און דערוויילע לעב איך און ס׳איז קלאָר מיין קאָפּ
און אלע זאכן קומען מיר אין קאָפּ,
און ווי גוט מיר וואָס איך ווייס פון זיך פון וואָס איך קלער,
געדענק אַזוי פיל און באַנעם נאָך מער.

ווי וואונדערלאך די וועגן פון׳ם מענטש,
ווי אויסגעקלערט די גענג פון גאָט׳ס באשאף.
און ווי גליקלאך בין איך איינער ביז אהער,
ווי גוט וואָס איך בין דאָ און וואָס איך לעב,
פון צווישן די מיליאָנען וואָס האָבן שוין געלעבט,
געלעבט אלץ ביז אהער, און וועלן לעבן מער
און בייטן טאָג אויף טאָג און זעען ניט דערוויל קיין ענד.

איז וואויל ווען גוט איז צו מיין לייב,
און רעכט אויך ווען ס׳גייט שלעכט מיין טאָג און שווער:
מיין לעבן צווישן מענטשן אויף דער וועלט פאַרשעמט,
ווען די שווערניש גייט אונטער צו מיין הארץ פאַרקלעמט.

דערוויל נאָך לעב איך און ס׳איז קלאָר מיין קאָפּ,
און אלערליי געדאנקען קומען מיר אין קאָפּ.
א סך געדענק איך, נאָר פאַרגעס נאָך מער
און ליכטיק איז דאָס טראַכטן, כאָטש אָפּטמאָל — שווער.

## פערזאָנען:

אורי דאַן
ריי — זיין פרוי.
לוריאַ — דאַנ׳ס אַ חבר.
די אַלטע — דאַנ׳ס מאַמע, נאָר וואָס געקומען קיין אַמעריקע.
סאָפיע — וואוינט אין שטוב ביי די דאַנ׳ס.
דער אַנקל
די טאַנטע.
דער ברודער.
די שוועגערין.
ערשטער קאַזין.
צווייטער קאַזין.
ערשטע שכנה.
צווייטע שכנה.
דריטע שכנה.
ערשטער שכן.
צווייטער שכן.
אַ איד מיט אַ זאַק.
אַנ׳אַלטער איד מיט אַ שטעקן.
אַנ׳אַלטע אידענע.
צוויי פּאָליסלייט.
צוויי אַמבולאַנס דאָקטוירים.
אַ בחור׳ל.
אַ בחור.
אַ מאַן.
און נאָך מענטשן פון גאַס.

---

קומט פאָר אין ניו יאָרק.

## ערשטער אַקט:

אַ דייניגג רום. ביים פענצטער אַ הויכע ראַבער־וואַזאַנע. אַ סך בלעטער זיינען געל און האַלטן ביים אַראָפּפאַלן. לינקס אין ווינקל, אַ שראַנק ביכער, לעבן אים אַנ׳אַלטמאָדישער זייגער מיט אַ לאַנגן פּער־פּענדיקל און שווערע וואָג אייגגעפּאַסט אין אַ הילצערנעם קאַסטן. אַ דיוואַן מיט אַנ׳אַלטן ליילאַך איבערגעשפּרייט. רעכטס אַ טיר צו דעם צימער פון דער אַלטער מאַמען. דערביי דער אַרויסגאַנג אין אַ קליינעם האָל און קיך. לינקס — צוויי טירן צו נאָך צוויי חדרים. דאָס הויז איז צוגעקליבן אָרים, אָבער מיט געשמאַק.

ווינטער. אָוונט. קאַלט. עס ברענט אַ טונקעלער גאַז. איבער די ווענט אומהיימלאַכע שאָטנס.

ר י י — אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ פּנים פון אויסגע־צערטער שיינקייט. זוכט מיט אַלע מיטלען צו באַהאַלטן דאָס אָרימקייט פון אירע קליידער. זי שטייט ביים פענצטער און קוקט מיט אומעט אויף די שויבן, וואָס פאַרציען זיך מיט פראָסט.

א ו ר י ד א נ ׳ ס מ א מ ע — אַנ׳אַלטע אידענע, נאָענט פון זיבעציק, געבויגן, האַלט זיך קוים אויף די פיס, גייט אַרום הין און צוריק, צום קיך און פון, מורמלט עפּעס שטענדיק פאַר זיך, אַז מען הערט ניט וואָס.

ס א פ י ע — אַ יונג מיידל, זיצט איבערגעבויגן איבער אַ בוך.

ד ע ר א נ ק ל — אַ מענטש פון אַ יאָר 45; אַמעריקאַניש אַ שאַרפער ענערגישער פּנים, וואָס גייט איבער אין בייזקייט.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף דערפילט מען, אַז צווישן די מענטשן איז אָנגעגאַנגען אַ שווערער ניט אָנגענעמער געשפּרעך. דער אָנקעל זיצט ביים טיש מיט׳ן פּנים געווענדט אָן אַ זייט. דריט מיט׳ן האַנט די האַרטע הוט. אַלע שווייגן.

**א ל ט ע:** — (צו ריי) אָבער איך מעג דאָך וויסן, טאַכטער.
**ר י י:** — (ניט אָפּקערנדיק זיך פון די שויבן) איך זאָג דאָך אייך, ס׳איז גאָרנישט, שווייגער.

אַ ל ט ע : — עפּעס הער איך דאָך דער אַנקל בייזערט זיך . . . עפּעס מיט אורי׳לן?

אַ נ ק ל : — (ווי צו זיך אַליין) יאָ, מיט אורי׳לן, מיט אורי׳לן.

אַ ל ט ע : — (צו סאָפי׳ן) מען דערציילט מיר ניט, מען באַהאַלט פון מיר . . .

ר י י : — אַז ס׳איז ניט נויטיק פאַר אייך צו וויסן, שוויגער. מכח ביזנעס . . .

אַ ל ט ע : — נו אודאי, ניט נויטיק . . . (גייט אַפּ אַן אַ זייט און מורמלט) און אורי׳לע דערציילט מיר אויך גאָרנישט. איך בין שוין פיר חדשים אין אַמעריקע און אורי׳לע דערציילט מיר גאָרנישט.

ר י י : — וואָס זאָל ער אייך דערציילן?

אַ ל ט ע : — איך זע דאָך, עפּעס איז ניט גוט ביי אייך . . . אורי׳לע גייט אַרום אַ צעטראָגענער . . . איך דערקען דאָך אים גאָרניט . . . ס׳איז דאָך ניט דער אורי׳לע וואָס אין דער היים . . . אָט זאָג דו, סאָפּילע, איז דאָס דער אורי׳לע וואָס אין דער היים?

ר י י : — מאַלע וואָס אין דער היים. אורי איז דאָך שוין צען יאָר אין אַמעריקע.

ס אָ פ י : — (לאַכט) אורי איז אוועק פון דער היים, ווען איך בין נאָך געווען אַט אַזאַ אַ (ווייזט מיט׳ן האַנט ווי קליין זי איז געווען). מיר ביידע דאַרפן זיך ניט מישן, טאַנטע . . . מיר זיינען דאָך ביידע גרינע . . . און דער אַנקל איז זייער אַ בייזער מענטש זעט זיך אַן . . .

אַ נ ק ל : — (קוקט אויף איר מיט שאַרפע אויגן) טאַ מישט זיך טאַקע ניט אַריין וואו מען באַדאַרף ניט . . .

ס אָ פ י : — יאָ! איך מיש זיך ניט, אָבער אַז איר רעדט אַזוינע שלעכטע רייד אויף אורי׳ן פאַרדריסט עס מיך . . . אין דער היים ביי אונז איז אַ זכיה צו דערמאָנען נאָר אַפילו אורי׳ס נאָמען — ווייסט איר?

אַ נ ק ל : — נו טאָ נעמט און פאָרט צוריק אַהיים, אַז אייך געפעלט דאָ ניט.

ס אָ פ י : — דאָ געפעלט מיר גראָדע יאָ.

ר י י : — קומט, שוויגער, איר דאַרפט בעסער ליגן.

אַ נ ק ל : — אין מיינע ביזנעס בעט איך קיינעם זיך ניט צו מישן, פאַרשטאַנען? ריי, איך בין געקומען צו דיר און צו אורי׳ן. קענסטו ניט הייסן זייטיקע מענטשן אַרויסגיין אויף אַ ווײַלע?

ר י י : — זייט ניט אַזוי שטרענג, אַנקל.

אַ נ ק ל : — איך בין ניט געקומען אויסצו׳טענה׳ן זיך מיט אורי׳ס קרובים.

ר י י : — איר זעט דאָך, שוויגער, דער אַנקל איז בייז. גייט בעסער צו זיך אין צימער, איר זייט מיד.

אַ ל ט ע : — זינט איך בין דאָ, זע איך אורי׳לן שטענדיק צעטראָגן. און דו אַליין ביסט אויך שטענדיק אומעטיק...

אַ נ ק ל : — (צו זיך) אַ שטיין וואָלט אויך אומעטיק געוואָרן אין אַזאַ הויז.

ר י י : — קומט, שוויגער, איר דאַרפט בעסער ליגן. (נעמט זי אונטער׳ן האַנט און פירט זי).

אַ ל ט ע : — איך וועל אַליין, טאָכטער. זיי זיך ניט מטריח. (גייענדיק צו איר צימער.) און אַזוי אַלט איז ער געוואָרן. כמעט גרוי. איך דערקען דאָך אים גאָר ניט. (אָפּ זופצנדיק. סאָפּי דרייט זיך אָפּ מיט׳ן פּנים צו אַ צווייטן זייט, זיצט איינגעגראָבן אין בוך).

אַ נ ק ל : — (צו זיך אַליין) אין די טורמעס, וואו ער האָט זיך געוואַלגערט ביי זיי איז אים בעסער געווען... אַלט איז ער געוואָרן... אין אַמעריקע איז ער אַלט געוואָרן.

(ריי נעמט אַ שאַל, וויקלט זיך אין אים, צוקט מיט די אַקסלען, קוקט עקשנות׳דיק אין די שויבן).

אַ נ ק ל : — (רעדט אין דער לופטן אַריין) אַ קעלט. אַלע שויבן פרירן. אין אַ שטוב זאָל זיין אַזוי קאַלט. האָסט ניט קיין באַזונדער אויוועלע אינ׳ם צימער?

ר י י : — ניטאָ.

אַ נ ק ל : — אַ קינד אין אַ שטוב און קיין אויוועלע זאָל ניט זיין.

ר י י : — אַז ס׳איז דאָ איז אודאי גוט.

אַ נ ק ל : — און אַז ס׳איז ניטאָ —

ר י י : — איז אויך גוט.

אַ נ ק ל : — באַדאַרף זיין.

ר י י : — וואָס פאַר אַ רייד, אַנקל?

אַ נ ק ל : — איך בין בייז. (שווער שווייגן).

ר י י : — (מיט געבעט) אַנקל. (נאָכאַמאָל) אַנקל.

ס אַ פּ י : — (הויבט זיך אויף פון איר פּלאַץ, גייט צו צו ריי, נעמט זי אַרום און קושט זי) ניט אַזוי טרויעריק, ריי, ניט אַזוי טרויעריק.

ר י י : — (באַפרייט זיך פאַמעלאַך פון סאָפּי׳ס הענט) נו, וואָס זאָל איך טאָן. אָט אַזאַ בין איך. (גלעט זי איבער׳ן קאָפּ).

ס אַ פּ י : — מענטשן דאַרפן זיין שטאַרק ביי זיך, ניט אַראָפּ־פאַלן... (צום אַנקל) איר פאַרשעמט דאָך מיך, אַנקל. איר זייט דאָך גאָר ניט אַזאַ שלעכטער מענטש... איר זייט אפשר געדעכט...

אַ נ ק ל : — אפשר?

ר י י : — אָבער אורי איז דאָך פאָרט ניט שולדיק.

אַ נ ק ל : — אויב איך בין גערעכט איז ער שולדיק... (שטעלט זיך אויף) דער, וואָס קען אין דעם לאַנד קיין לעבן ניט מאַכן פאַר אַ ווייב און קינד איז שולדיק.

ר י י : — גאָט מיינער, ווי אַזוי רעדט איר עס? נו, וואָס איז ער שולדיק, אַז ער טויג פאָרט ניט צו ביזנעס?

אַ נ ק ל : — ניטאָ אַזאַ מענטש אויף דער וועלט וואָס זאָל ניט טויגן צו ביזנעס. און אַז מען גיט נאָך אים אַלע מעגלאַכקייטן דערצו... און דאָ, אין דעם לאַנד דאַרף מען טויגן, מ ו ז מען טויגן... אַ שווינדלער, אָט וואָס ער איז, דיין אורי.

ס אַ פּ י : — איך וואָלט פאַר אַזוינע רייד געוויזן די טיר. (אָפּ מיט בעס צו זיך אין צימער).

אַ נ ק ל : — (אַנ׳אויפגעשפּרונגענער) די טיר? מיר ווייזן די טיר?

ר י י : — (כאַפּט אָן דעם אַנקל פאַר די הענט) איך בעט אייך, איך בעט אייך... נו, וואָס קען איך העלפן?... אַך מיין גאָט, ווער הייסט איר אריינמישן זיך?...

אַ נ ק ל : — דו ערלויבסט, אַז ביי דיר אין הויז זאָל מען צו מיר אַזוי ריידן?

ר י י : — (מיט טרערן) און אַז איר רעדט אַזוי בייז וועגן אורי׳ן... סאָפּי איז ניט קיין פרעמדע ביי אונז, עס פאַרדריסט איר אויך וואָס איר באַליידיקט אורי׳ן.

אַ נ ק ל : — וויפיל איך באַליידיק אים איז נאָך אַלץ ווייניק. ער פאַרדינט עס.

ר י י : — (אין פאַרצווייפלונג) טוט וואָס איר ווילט, טוט וואָס איר ווילט...

אַ נ ק ל : — איך זייט אַלע גאַרנישטן. דו אויך. אַז דו גיסט אים געדעכט צו אַליץ, וואָס ער טוט. איך האָב נאָך אַזאַ שטוב אויף מיין לעבן ניט געזען...

(אַ קלונג. ריי גייט עפענען און קומט אַריין מיט לוריאַ׳ן, אַן׳אַלטער בחור פון אַ יאָר פערציק, אַ צוריקגעצויגענער, שעמעוודיקער מענטש).

ר י י : — (איבעראַשט־צופרידן פון לוריאַ׳ס קומען, שטאַרק צעטומלט, סטאַרעט זיך איר צעטומלונג באַהאַלטן) אַזאַ גאַסט, אַזאַ גאַסט. וואָס שטייט איר ביים טיר, קומט אַריין... באַקענט זיך. דאָס איז מיין אַנקל, מיסטער סטאָון, (צום אַנקל) אונזערער אַ פריינד, מיסטער לוריאַ.

אַ נ ק ל : — (טויגט זיך) האַו־דו־יו־דו, מיסטער לוריאַ. (לוריאַ בויגט זיך אויך).

ר י י : — גיט מיר אייער מאַנטל. (נעמט פון אים דעם מאַנטל). זיצט, לוריאַ.

(לוריאַ זעצט זיך).

ל ו ר י אַ : — האָב איך אפשר געשטערט?

ר י י : — אַ ניין, ניין. אדרבה. (מען זעט, אַז זי וויל ניט פאַרזעצן דעם געשפרעך מיט׳ן אַנקל, ווייס ניט וואָס צו טאָן). איר וועט נאָך זיצן אַנקל, יאָ? איך וועל מאַכן טיי...

אַ נ ק ל : — (שאַרף) איך האָב איצט ניט קיין צייט פאַר אַזוינע זאַכן... איך בין ניט קיין לײדיקגייער.

ר י י : — נו גוט, אַנקל, איך וועל זען, אַז אורי זאָל אַרויפקומען צו אייך.

אַ נ ק ל : — ער וועט דאָך אָבער ניט אַרויפקומען. איך ווייס דאָך. שוין דריי וואָכן, אַז ער האָט אַוועקגעוואָרפן די סטאָר און איז נאָך קיין איינמאָל ניט געווען ביי מיר. ער וויכט פון מיר. ער וועט ניט קומען. איך ווייס. (לוריאַ הערט זיך צו מיט פאַרוואונדערונג צום אַנקל׳ס רייד).

ר י י : — נו, דאָס מאָל וועל איך זען ער זאָל קומען צו אייך.

אַ נ ק ל : — דו וועסט זען? דו האָסט ביי אים אַ גרויסע דעה, ווי איך פאַרשטיי...

ר י י : — אַנקל, עס זיצט דאָך אַ גאַסט... ניט שען.

אַ נ ק ל : — ער האָט ביי דיר אַ סך געפרעגט צי ער זאָל אויפגעבן די סטאָר?

ר י י: — אַלץ וואָס אורי טוט דאַרף ער מסתמא אַזוי טאָן. איך גלויב אים.

אַ נ ק ל: — זייער שיין, זייער שיין. (צו לוריאַ) אַ פריינד? — וויל איך טאַקע הערן, וואָס אַ פריינט וועט דאַרויף זאָגן?!

ר י י: — (פאַרלאָרן) מיסטער לוריאַ איז שוין דריי יאָר ניט געווען ביי אונז... ער ווייס דאָך פון גאָר נישט.

ל ו ר י אַ: — ווענן וואָס האַנדלט זיך דאָ?

ר י י: — אַט נאַרישקייטן.

אַ נ ק ל: — נאַרישקייטן? רואינירן אַ ביזנעס, אָנמאַכן אַזויפיל חובות — דאָס איז ביי דיר נאַרישקייטן? איר דענקט אויך אַזוי, מיס־טעם לוריאַ, אַז מיט אַ כיון פירן ביזנעס צו באַנקראָט איז גאָרנישט?

ל ו ר י אַ: — אַנטשולדיקט מיר. איך פאַרשטיי ניט ווענן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

ר י י: — (אויסער זיך) מיט אַ כיון, זאָגט איר? מיט אַ כיון?

אַ נ ק ל: — (פעסט) יאָ. מיט אַ כיון. איך זאָג עס. איך ווייס וואָס איך רייד...

ר י י: — ס'איז ניט אמת.

אַ נ ק ל: — (איינגעג'עקשנ'ט) איך וויל וויסן איין זאַך. מיר גייט ניט אַזוי אין דעם געלט, וואָס ער האָט מיר געַ'פטר'ט... איך וויל נאָר וויסן איין זאַך: רואינירן זיך און אַנדערע איז עפּעס, צי ס'איז גאָר נישט? צי עס קומט נאָך אַ דאַנק דערפאַר? אַט וואָס איך וויל וויסן... מיך קרענקט עס ביז אין ביין אַריין. איך בין באַליידיקט. פאַרשטייסט? איך. (צו לוריאַ'ן) אַז דו העלפסט אַרויס אַ מענטשן, ווילסט אים שטעלן אויף די פיס — זעסט: אַ מענטש מאַטערט זיך, קען ניט מאַכן קיין לעבן... אַלרייט, זאָל זיין, אַז אייער פריינד אורי איז, איך ווייס וואָס פאַר אַ געוואַלדיקער גרויסער מענטש, אַ געלערנטער, אַ גאַנצער אי־איי אי... אָבער אַז שוין צו מוז, אַז ער פּלאָגט זיך דאָ, וואַרפט זיך צו אַלע אַרבעטן, און טויג צו קיין זאַך ניט — נעמסטו און ווילסט אים העלפן, עפנסט אים אַ סטאָר, לייגסט אַריין געלט, לערנסט אים ווי אַזוי די ביז־נעס צו פירן — שטייט דער מענטש אָפּ נאָך קיין האַלב יאָר ניט, און מאַכט פון אַלץ אַ תל, אַ חרבן... און נאָך ווי? מיט אַ כיון, אַבי פטור צו ווערן פון דער סטאָר... וואו איז דאָס אַזוינס געהערט געוואָרן?

ר י י: — אַנקל, פּליז, געגוג.

אַ נ ק ל : — איך בין ניט אַזאַ גזלן, ווי דו מיינסט, אָבער דאָס מאָל וועל איך זיין שטרענג. פאַר אַזוינע מענטשן איז ניטאָ קיין פּלאַץ דאָ... דאָ דאַרף מען טאָן, מיט'ן נאָז די ערד אַקערן. אַליין, מיט די אייגענע כחות. און כחות מוזן זיין. ניטאָ קיין תירוץ... איך רייד מיט אַ כיון פאַר אַ פרעמדן מענטשן איר זאָלט זיך שעמען. שעמט זיך. דו שטייסט און ציטערסט, האָסט אַפילו ניט קיין רעכטן מאַנטל.

ר י י : — אוי, אַנקל !

אַ נ ק ל : — דאָ איז דאָך פינצטער, קאַלט אָפּגעלאָזן... איך וועל זיין שטרענג. מיין חוב זאָל מיר דאָס מאָל זיין אָפּגעצאָלט. אַ בעל חוב דאַרף צאָלן. (אָפּ מיט כעס. לוריאַ הויבט זיך אויף, שטייט אַנ׳איבערראַשטער, אַ געריטערטער. ריי קוקט אויף אים אומעטיק, געפינט ניט קיין ווערטער צו ריידן).

ל ו ר י אַ : — אַנ׳איבערקערעניש ביי אייך... ניט אין קיין גוטער צייט געקומען.

ר י י : — גוט וואָס איר זייט געקומען איצט. איך בין אַזוי צופרידן... וויפיל איז שוין אַז איר זייט ניט געווען ביי אונז? שוין דריי יאָר, דוכט זיך... זיצט לוריאַ, פאַרוואָס זיצט איר ניט?...

ל ו ר י אַ : — (שטייט, קוקט זיך אַרום איבער׳ן הויז, שווייגט שווער).

ר י י : — נו, וואָס שווייגט איר, לוריאַ.

ל ו ר י אַ : — (מער צו זיך ווי צו ריי) מאָדנע, מאָדנע... און אַזוי, דוכט זיך, דאָס זעלבע הויז, גאָר ניט געענדערט.

ר י י : — עס האָט זיך באַדאַרפט ענדערן, וואָס?

ל ו ר י אַ : — איך ווייס אַליין ניט. דריי יאָר, זאָגט איר? דער זעלבער זייגער. (גייט צו צום זייגער, באַטראַכט אים).

ר י י : — איז דאָך שוין יאָ אַ ענדערונג פאַראַן...

ל ו ר י אַ : — יאָ? און איר זייט חושד, ריי... (גייט צו צו דער וואַזאָנע). און די וואַזאָנע איז מיר אויך באַקאַנט. אויך אַנ׳אַמאָליקע. יאָ?... זי דאַרט, דאַכט זיך, ביי אייך...

ר י י : — איז דאָך שוין יאָ אַנערנערונג פאַראַן...

ל ו ר י אַ : — אייך פאַרדריסט וואָס איך האָב עס געזאָגט?

ר י י : — ניין, פאַרוואָס? (שמייכלט) דער זעלבער לוריאַ.

ל ו ר י אַ : — ער האָט זיך באַדאַרפט ענדערן, וואָס?

ר י י : — (לאַכט שטאַרקער, כמעט ווי היסטעריש).

ל ו ר י אַ : — (טרעט צו נאָענט צו איר) וואָס טוט זיך מיט אייך, ריי? וואָס איז מיט אייך?

ר י י : — פאַרוואָס זיצט איר ניט? דערציילט וועגן זיך? וואו זייט איר געווען? אַזוי פיל יאָרן, אַזוי פיל יאָרן...

ל ו ר י אַ : — דערציילן? איר ווייסט דאָך: אַלע באַגעגענישן זיינען שטום. עס נעמט אָפּ דאָס לשון.

ר י י : — איך וועל אייך מאַכן טיי, יאָ?

ל ו ר י אַ : — ניין, ניין, מען דאַרף ניט. (זעצט זיך און שווייגט).

ר י י : — (זעצט זיך אַנטקעגן אים) און איר זעט אויס גוט. לוריא, כמעט גאָר ניט עלטער געוואָרן, אייער פּנים נאָר איז פעסטער געוואָרן, שטרענג אַזוי.

ל ו ר י אַ : — איך בין כמעט די גאַנצע דריי יאָר ניט געווען אין ניו יאָרק. אַרומגעשלעפּט זיך איבער אַמעריקע, געטרעמפּעוועט ווי מען רופט עס.

ר י י : — טאַקע? איר האָט אַרומגעטרעמפּעוועט? ווי קומט עס צו אייך?

ל ו ר י אַ : — אָט אַזוי. עס קומט. (באַטאָנט). אַז מען שניידט אָפּ שלעכט אין איין שטאָט דאַרף מען אַוועק איבער אַנדערע שטעט.

ר י י : — וואָס מיינט איר צו זאָגן?

ל ו ר י אַ : — מען דאַרף אייך ניט אויסטייטשן.

ר י י : — (לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ, שווייגט).

ל ו ר י אַ : — איך האָב ניט געמיינט אייך צו שטעכן, ריי. אַנטשולדיקט מיר.

ר י י : — (מיט טרערן). איר האָט נאָך אַלץ מיר ניט פאַרגעבן?

ל ו ר י אַ : — אייך האָב איך פאַרגעבן.

ר י י : — און אורי'ן?

ל ו ר י אַ : — זאָגן אייך דעם אמת? — נו, נו, מען דאַרף ניט... אַז דו גייסט אַרום איבער'ן לאַנד פאַרגעסטו אַז אַלע קריוודעס, באַפרייסטו זיך פון זיי...

ר י י : — און אַז מען קומט צוריק פון לאַנד?

ל ו ר י אַ : — איך בין שוין אַ דריי חדשים אין ניו יאָרק, אַרבעט צוריק אין שאַפּ, וואוין ביי פרעמדע. אַ באָרדער, גיי אַוועק אין דער פרי און קום צוריק אין אָוונט... דאַכט זיך אַלץ אין אָרדנונג ווי גאָט האָט

געבאָטן... מיר איז גאָר קיינמאָל אויפ'ן זינען ניט אַרויף, אַז איך וועל קומען צו אייך... און אָט בין איך געקומען צו אייך. איך ווייס אַליין ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט.

ר י י : — מיך פרייט זייער, וואָס איר זייט געקומען.

ל ו ר י אַ : — איך האָב געמיינט, אַז איר וועט אויסשטעלן אַ פּאָר אויגן, ווען איך וועל אַריינקומען.

ר י י : — פון וואַנען ווייסט איר. אַז איך האָב ניט אויסגעשטעלט קיין פּאָר אויגן?

ל ו ר י אַ : — ביי אייך איז עס אַ שפּאָס? איך בין געשטאַנען אַפריער אַ צען מינוט ביי אייער טיר.

ר י י : — דערזעלבער לוריאַ.

ל ו ר י אַ : — אַך, וואָס רעדט איר?... מאָדנע, איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט אַ געפיל, אַז ביי אייך איז ניט גוט... איר ווייסט, איך האָב די גאַנצע דריי יאָר געהאַלטן אין איין זוכן אורי'ס נאָמען.

ר י י : — וואו האָט איר געזאָלט זען זיין נאָמען?

ל ו ר י אַ : — אין דער פּרעסע. אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך בין געווען זיכער. אַז ער פאַרנעמט אַ גרויסן פּלאַץ.

ר י י : — אורי האָט זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון אַלץ און פון אַלעמען. און קיינער קומט ניט צו אונז און מיר גייען צו קיינעם ניט.

ל ו ר י אַ : — יאָ? אינטערעסאַנט. און וואָס איז פאַר אַ געשיכטע מיט אייער אָנקל? קען איך פרעגן?

ר י י : — מען האָט איינגעשמועסט אורי'ן ער זאָל גיין אין ביז־נעס. אַ סטאָר עפענען.

ל ו ר י אַ : — (שפּרינגט אויף) אַ סטאָר? אורי אין אַ סטאָר?

ר י י : — איר וואונדערט זיך? איך וואונדער זיך אויך, און אורי נאָך מער. (מיט טרויער) מען ווערט מיד פון דער שטענדיקער דחקות... און דאָ האָט זיך אָנגעזעצט אויף אים מיין משפּחה... און אורי — איר ווייסט דאָך — וואָלט ער ניט געווען אַזאַ אומרואיקער...

ל ו ר י אַ : — ווי קומט אורי צו ביזנעס?

ר י י : — איז ער טאַקע אָפּגעשטאַנען אין דער סטאָר אַ פינף חדשים, און אין אַ שענעם פרימאָרגן פאַרשלאָסן זי אויפ'ן שלאָס און אַוועק. אפילו מיר ניט אויסגעזאָגט.

ל ו ר י אַ : — פּשוט, פאַרשלאָסן אויפ'ן שלאָס און אַוועקגעגאַנגען?

ר י י : — יאָ. אַזוי אַ. איבערגעלאָזט אויף הפקר און פאַרטיק...
און די סחורה האָט ער צובאַרגט. און חובות איבער'ן קאָפּ.

ל ו ר י אַ : — פאַר אורי'ן פּאַסט זיך עס.

ר י י : — איר וואָלט אים אַנגעקוקט — ס'איז פון אים אַ תל גע־
וואָרן... אָך, זאָל זיין געגנוג וועגן דעם. דערציילט עפּעס וועגן זיך. איר
האָט דאָך אַזוי פיל דורכגעריייזט...

ל ו ר י אַ : — אייער אינגעלע איז שוין אַ גרויסער, יאָ?

ר י י : — אַ, יאָ. פאַרוואָס ווילט איר ניט דערציילן גאָר נישט?

ל ו ר י אַ : — איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט: אַלע באַגעגענישן
זיינען שטום...

ר י י : — צו וואָס רעדט איר אַזוי, לוריאַ?

ל ו ר י אַ : — איך האָב ניט באַדאַרפט קומען צו אייך.

ר י י : — איך בין געווען זיכער, אַז איר האָט מיך לאַנג שוין אַרויס־
געשלאָגן פון מוח. ס'האָט דאָך ניט קיין זינען.

ל ו ר י אַ : — (שטעלט זיך אויף) עס האָט ניט קיין זינען? און
אייער לעבן האָט אַ זינען?

ר י י : — (מיט ציטער) לוריאַ, שווייגט!

(עס קומט אַריין די אַלטע).

אַ ל ט ע : — געמאַטערט זיך, געמאַטערט זיך איינצודרעמלען, און
קען ניט... אָך קריינעלאָך מיינע, מיר האַלט זיך אין איין חלומ'ן, אַז
עמיצער וויינט...

ר י י : — וואָס פעלט אייך איין שוויגער? (צו לוריאַ'ן), דאָס איז
דאָך אורי'ס מאַמע, ניט לאַנג געקומען פון רוסלאַנד.

ל ו ר י אַ : — טאַקע? ניט לאַנג געקומען?

ר י י : — (צו דער אַלטער) דאָס איז אונזער אַן'אַלטער פריינד —
מיסטער לוריאַ.

ל ו ר י אַ : — שלום עליכם באָבע (גיט איר אַ האַנט).

ר י י : — געקומען צוזאַמען מיט אורי'ס אַ קוזינע. זי איז אויך דאָ.
וואוינט מיט אונז, (רופט) סאַפי.

ל ו ר י אַ : — צו וואָס?

ר י י : — איר וועט זיך באַקענען מיט איר, אַ שיין מיידל און אַ
וואוילס...

ל ו ר י אָ : — אַך נו, ניט אויפגעלייגט איצט... צו וואָס?
(סאָפי קומט אַרוים).

ס אָ פ י : — דער שרייער איז שוין אוועק? איר זייט בייז אויף מיר, ריי?

ר י י : — ניט באַדאַרפט אַזוי אויפשפּרינגען, סאָפי, ניט באַדאַרפט... נו, מילא... באַקענט זיך — מיסטער לוריאַ. מיס דאַן.

ל ו ר י אָ : — (גיט די האַנט) אייער נאָמען איז אויך דאַן?

ס אָ פ י : — אודאי, אודאי. און מיין ערשטער נאָמען איז סאָפי. איך האָב ליב, אַז מען רופט מיך סאָפי.

אַ ל ט ע : — (צו לוריאַ'ן) אַנ'אַלטער פריינד, זאָגט ריי, און מען זעט אייך צום ערשטן מאָל דאָ. איך בין שוין דריי חדשים אין אַמעריקע.

ל ו ר י אָ : — איז דאָס אַ סך, באמת? אַזוי שטאַרק געפעלט אייך ניט אַמעריקע?

אַ ל ט ע : — אַך, זון מיינער, וואָס האָב איך צו אַמעריקע? איך דאַנק גאָט אַלע טעג, וואָס ער האָט מיך געבראַכט אַהער. אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן. איך האָב אַ שנור אַ טייערע און אַ שיין אייניקל.

ר י י : — איר הערט ווי מען לויבט מיך?

ל ו ר י אָ : — מסתמא פאַרדינט איר.

אַ ל ט ע : — געזונט זאָלסטו מיר זיין, טאָכטער. איך האָב די אויגן מיינע אויסגעוויינט ביז איך האָב דערלעבט אייך צו זען. ווען איך האָב דערהערט אין דער היים, אַז מיין אורי'לע האָט חתונה געהאַט דאָ אין אַמעריקע — אַך, אַך, ווער האָט זיך עס געריכט, אַז מיין אורי'לע זאָל זיך אַרויסראַטעווען פון סיביר קיין אַמעריקע?

ל ו ר י אָ : — אַז מען לעבט דערלעבט מען, באַבע.

אַ ל ט ע : — אַ קליינִיקייט — פון סיביר אַנטלאָפן... שוין געווען צייטן, אַז מיר האָבן אים שוין אַלע באַוויינט ווי מען באַוויינט אַ טויטן, ניט היינט געדאַכט. געווען קלאַנגען ביי אונז, אַז אורי'לע איז שוין ניטאָ... געדענקסט, סאָפּילע?...

ס אָ פ י : — צי איך געדענק.

אַ ל ט ע : — (אויף סאָפי'ן) זי האָט אויך גענוג טרערן פאַרגאָסן דעמאָלט...

ס אָ פ י : — אמת טאַקע, איך האָב זייער געוויינט... וואָס האָט איר זיך מיט אַמאָל דערמאָנט טאַנטע?

ל ו ר י אַ : — אַט בין איך דאָך אויך אַן'אַנטלאָפענער פון סיביר, באַבע. ס'איז ניט אַזוי שרעקלאַך.

אַ ל ט ע : — טאַקע? קריינעלאַך מיינע.

ל ו ר י אַ : — און מיט אייער אורי'ן נאָך אין סיביר געקענט זיך. אין איין דאָרף מיט אים פאַרשיקט געווען.

ס אָ פ י : — איר זייט אויך געווען אין סיביר? אינטערעסאַנט. עפּעס דורכט זיך מיר, אַז ווען מען זאָל ניט אַ כאַפּ טאָן דאָ האָט יע־דער דורכגעמאַכט שוין עפּעס גרויסעס אין זיין לעבן.

ל ו ר י אַ : — איך האָף, אַז איר זייט ניט קיין אויסנאַם.

ס אָ פ י : — וואָס בין איך? סיידן דאָס גרויסעס וועט נאָך קו־מען... כאָטש דורכגעמאַכט האָבן מיר שוין אויך אַ סך פאַר די לעצטע יאָרן; ניט אמת, באַבע?

אַ ל ט ע : — זאָל זיך עס שוין מער ניט אומקערן, פאָטער האַר־ציקער.

ס אָ פ י : — אָבער וואָס איז צו דערמאָנען שטענדיק דאָס פאַר־גאַנגענע?... מענטשן לעבן דאָך ניט נאָר מיט דער פאַרגאַנגנהייט אַליין, ניט אמת מיסטער לוריאַ?... איך וויים ניט ווי אַלע אַנדערע וואָס קומען אַריבער אַהער, — איך בין אַזוי איבעראַשט פון דאָס נייע.

ל ו ר י אַ : — אייך געפעלט דאָ?

ס אָ פ י : — זייער. ס'איז עפּעס אַזוי ווי אַ חלום, אַ גרויסער חלום.

ל ו ר י אַ : — זייט איר פון די ווייניקע גליקלאַכע, מערסטע וואָס קומען איבער אַהער בלאָזן זיך.

ס אָ פ י : — און איר? אַנטשולדיקט מיר פאַר דער פראַגע.

ל ו ר י אַ : — (טוט אַ מאַך מיט'ן האַנט) מיר זיינען שוין גאָר עפּעס אַנדערש... איך מיין — איך, אייער קאַזין אורי, און נאָך אַזוינע... ווענן אונז איז ניטאָ וואָס צו ריידן אַפילו.

ס אָ פ י : — וואָס מיינט איר?

ל ו ר י אַ : — מענטשן מיט צו לאַנגע נעז, פאַרשטייט איר מיך, וואָס טוט מען אַז מען האָט לאַנגע נעז? מען האַלט אין איין קרימען מיט זיי... און דערצו נאָך, פאַרשטייט איר מיך, מענטשן וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך דעם טורעמנעם כאַלאַט. גייט מען אַרום אויף אַ פרייער וועלט און מען וויקלט זיך נאָך אַלץ אין דעם פאַרלייזיקטן כאַלאַט... אַנט־שולדיקט מיר פאַר'ן אויסדרוק... טפו. (שווערע פויזע).

ס אָ פ י : — (גייט צו צו ריי וואָס שטייט די גאַנצע צייט אַנ׳אומעטיקע) וואָס שטייט איר אַזוי אומעטיק ריי?

ר י י : — גאָר נישט, סאָפי.

ס אָ פ י : — (נעמט איר פאַר די הענט) זייט פרייליך, זייט פריי־לאַך, איך בעט אייך... איר זייט דאָך אין סיביר ניט געווען?

אַ ל ט ע : — (רעדט אַזוי ווי צו זיך אַליין) אַט ווי היינט געדענק איך נאָך, ווי די זשאַנדאַרן זיינען אַריינגעקומען צו מיר אין שטוב און אים צוגענומען.

ס אָ פ י : — טאַנטע, גענוג. וואָס ווידער?

אַ ל ט ע : — און אורי׳לע דאָ איז אַזוי מאָדנע געוואָרן, אַזוי דער־שלאָגן איז ער. איך זע אויף אים קיין איין פריילאַכע מינוט ניט. און ער איז דאָך געווען אַזאַ לעבעדיקער, אַזאַ פריילאַכער... איך האָב גע־מיינט איך וועל קומען קיין אַמעריקע וועט ער מיר אַלץ דערציילן...

ר י י : — אייך איז קאַלט, שוויגער. נאַט אייך מיין שאַל (טוט אויף איר אָן דעם שאַל).

אַ ל ט ע : — געזונט זאָלסטו מיר זיין, טאָכטער. (צו לוריאַ׳ן) איך דאַנק גאָט, וואָס ער האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט פון גהינם און גע־בראַכט צו מיינע קינדער, און זיי, מיינע קינדער, זע איך, זיינען עפּעס גאָר ניט צופרידן דאָ, זיינען אומעטיק.

ר י י : — גייט זיך אַביסל דורך אין גאַס. אויפ׳ן גאַס איז שען גע־וואָרן, גייט שוויגער. איר זיצט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב. ס׳איז ניט גוט פאַר אייך.

ס אָ פ י : — איך וואָלט מיט אייך געגאַנגען, טאַנטע. איך בין אָבער נאָך ניט פאַרטיק מיט מיינע לעסאָנס.

אַ ל ט ע : — מען דאַרף ניט, סאָפילע. איך וועל בעסער אַריינגיין אויף אַ ווײַלע צו מיסעס גרין, פאַרברייננגען אַביסעלע. (צו לוריאַ׳ן) אַ גוטן אייך. (צו ריי) דאַרפסט דאָך שוין באַלד גיין נאָך וויליק׳לען.

ר י י : — ס׳איז נאָך צייט, שוויגער. (די אַלטע אָפּ).

ל ו ר י אָ : — אַ וואוילע אַלטיטשקע. פּלאָנטערט זיך נעבאָך אין אַ פרעמדער וועלט. און אורי׳לע דערציילט איר גאָרנישט... כאַ, כאַ, כאַ.

ס אָ פ י : — (שטרענג) וואָס לאַכט איר?

ל ו ר י אָ : — אַט אַזוי. עס לאַכט זיך מיר. אורי׳לע דערציילט איר גאָרנישט... און איר מאַכט זיך לעסאָנס?

ס אָ פ י : — וואָס מיינט איר מיט דעם צו זאָגן?

ל ו ר י אַ : — איר דאַרפט זיך ניט באַליידיקן. איך זאָג אַזוי זיך. ס'איז אייך גוט. אַלע גרינגע איז גוט. און זיי פאַרשטייען עס ניט. מען קומט זיך צונויף און מען מאַכט זיך לעסאָנס.

ס אָ פ י : — (סאַרקאַסטיש) איר, ווייזט אויס, האָט שוין אייערע לעסאָנס אָפּגעמאַכט.

ל ו ר י אַ : — (מאַכט מיט אַ האַנט) אַ, יאָ, שוין לאַנג אָפּגעמאַכט... שטערט אייך ניט. איר זייט דאָך נאָך ניט פאַרטיק מיט אייערע לעסאָנס.

ס אָ פ י : — יאָ, איך וועל גיין צו זיך. איר וועט מיר אַנטשולדיקן.

ל ו ר י אַ : — געוויס, געוויס.

ס אָ פ י : — (צו ריי) איך וואָלט עס געלאָזט אויף ביי נאַכט, וועל איך אָבער ביי נאַכט קיין צייט ניט האָבן. איך גיי דאָך היינט אין טעאַטער מיט אורי'ן. איר ווייסט דאָך מסתמא, ריי?

ר י י : — אין טעאַטער? ניין. איך ווייס ניט פון דעם.

ס אָ פ י : — איך האָב געמיינט, אַז אורי האָט אייך געזאָגט.

ר י י : — ניין, ער האָט מיר ניט געזאָגט.

ס אָ פ י : — טאַקע ניט? (אין פאַרלעגנהייט), איך האָב געמיינט, אַז איר ווייסט.

ר י י : — (מיט געמאַכטער רואיקייט) עס מאַכט ניט, ער האָט פאַרגעסן, מסתמא. נו, וואָס איז? טאָ זייט טאַקע פאַרטיק, סאָפי...

ס אָ פ י : — איר זייט אַ גוטע, ריי. (קושט זי. אָפּ צו זיך אונטער־טאַנצנדיק).

ר י י : — ווען־ווען, איר איז גוט.

ל ו ר י אַ : — ס'וועט איר זיין ניט גוט אויך.

ר י י : — ווי ברוטאַל איר זיינט.

ל ו ר י אַ : — ברוטאַל? ניין. פשוט, איך ווער ניט נתפעל פון די טאַנצנדיקע ווענס. מיר זיינען ליבער די מיט אונטערגעהאַקטע פיס... וואָס, זי אַרבעט ניט?

ר י י : — זי אַרבעט. היינט איז זי ניט געגאַנגען.

ל ו ר י אַ : — וואָס טוט איצט אורי?

ר י י : — גאַרנישט. לויפט אַרום. זוכט אַרבעט. קומט אַהיים אַ מי־דער, אַ נערוועזער.

ל ו ר י אַ : — וואָס פאַר אַן'אַרבעט זוכט ער?

ר י י : — וואָס ניט איז. אפשר וואָלט איר אים אַרויפגענומען אין שאַפּ, וואו איר אַרבעט?

ל ו ר י אַ : — אין שאַפּ? צום מאַשין?

ר י י : — וואָס איז אַזוינס? ער וועט זיך אויסלערנען.

ל ו ר י אַ : — ער טויג ניט צו קיין מלאכה. ער וועט ניט טויגן, איך וויים. ניט פאַר אורי׳ן.

ר י י : — נעמט מיך אַרויף אַרבעטן. איך קען גוט נייען.

ל ו ר י אַ : — (איבערראַשט) איר ווילט גיין אַרבעטן?

ר י י : — וואָס זייט איר אַזוי איבערראַשט? אַ ווייב מעג אַרויסהעלפן אין אַ שלעכטער צייט.

ל ו ר י אַ : — אַז איר פאַרשטייט מיך ניט. (מיט גיט באַהאַלטענער פרייד) געוויס. וואָס הייסט?... ווען ווילט איר אָנהייבן — ווע׳ל איך קומען נאָך אייך... מיין באָס זוכט אַרבעטער... מאָדנע, ווי מענטשן פאַרשטייען זיך ניט...

ר י י : — (דערפילט לוריאַ׳ס פרייד און דערשרעקט זיך) איך וועל זיך נאָך באַטראַכטן... איך האָב דערווייל נאָר געפרעגט... נו זאָל זיין דערווייל...

ל ו ר י אַ : — איר באַליידיקט מיך, ריי...

ר י י : — (נעמט אים פאַר אַ האַנט) לוריאַ, איר פאַרשטייט דאָך אַליין.

ל ו ר י אַ : — איך פאַרשטיי דאָך גאָר נישט... וואָס האָט איר מורא? איר האָט דאָך מיך ניט ליב.

ר י י : — איך בעט אייך.

ל ו ר י אַ : — (אַ צעמישטער דרייט זיך אַרום איבער׳ן שטוב) וואו איז מיין מאַנטל? (געפינט זיין מאַנטל און לאָזט זיך צום טיר).

ר י י : — (פאַרהאַלט אים) טוט עס ניט, לוריאַ. (מיט טרערן) מיין גאָט, מיין גאָט... איך וויל ניט איר זאָלט אַוועקגיין פון דאַנען מיט אַזאַ שטימונג... איר זייט דאָך אַ קלוגער מענטש. אַ סך געליטן. אַ סך געזען... וויפיל אַ שיער צו אַרומטראָגן זיך מיט אַ שווער האַרץ?... אַ מענטש דאַרף דאָך מוחל זיין...

ל ו ר י אַ : — (שטייט ביים טיר. שווייגט שווער).

ר י י : — לוריאַ, איך וויל איר זאָלט קומען צו אונז. מיר זיינען אַזוי איינזאַם לעצטנס. אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען אויף אַן אינזל.

ל ו ר י אַ : — איך מיין, אַז ס'איז גלייכער צו לאָזן אייך אליין אויפ'ן אינזל... צו וואָס קומען? זען, ווי די איינזאַמקייט אייערע ווייננט איבער אַלע אינזלען?

ר י י : — איר ווילט גאָרניט זען זיך מיט אורי'ן?

ל ו ר י אַ : — און ער מיך וויל יאָ זען?

ר י י : — לוריאַ! (נאָך אַ פּויזע) קומט אויף סאַפּער צו אונז היינט.

ל ו ר י אַ : — איך וועל זען. אַ גוטן. (לאָזט זיך גיין).

ר י י : — (שרייט אים נאָך) וואַרט, לוריאַ, איך וועל אייך דורכפירן אַביסל. איך דאַרף גיין נאָך מיין אינגעלע...

(אָפּ. אַביסל צייט בלייבט די סצענע ליידיק. עס קומט אַריין אורי, אַ מאַן פון אַ יאָר 32. שטילערהייט. די אַקסלען אַרונטערגעזעצטע, ווי ביי אַ מענטשן, וואָס טראָגט אויף זיך אַ גרויסן לאַסט. טיפע אויגן. בלאָנדזען אַרום אַזוי ווי אין אַ ליידיקער וועלט. אָפּטמאָל פלאַקערט אויף אין זיי אַ טונקעלער, ניט היימלאַכער פייער און דער מענטש ווערט אַרומגעכאַפּט מיט אַ פיבערישער קריינקלאַכקייט. אין מערסטע מאָמענטן ווייזט פון דעם מענטשן אַנ'אויסגעליטענע געליטערטקייט. אַ צוריקגעצויגנקייט, וואָס גייט איבער אין אַ מאָדנער רואיגקייט. רעדט אָפּגעהאַקט. אין מיטן ריידן, טרעפט, אַז ער האַלט זיך אָפּ און שווייגט לאַנג. ער קומט אַריין, שטייט אין מיטן שטוב ניט אויסטוענדיק זיין מאַנטל. מיינט אַז קיינער איז ניטאָ. טוט זיך אַ וואָרף אויפ'ן דיוואַן אָט אַזוי ווי ער איז אַנגעטאָן).

א ו ר י : — (אין דער לופטן אַריין) מיד. מיד. צום טייוול... ריי!... קיינער ניטאָ... (שפּרינגט אויף פּלוצלינג) אַז אידיאָט געוואָרן. בריוועלאַך צו אַ קליינשטעטלדיקן מיידל... ראָמאַנסן... עקלהאַפט...

(לאָזט זיך מיט ראַשיקע טריט צו סאָפּי'ס צימער, גיט אַנ'עפן די טיר און שטויסט זיך אָן אָן סאָפּיין, וועלכע האָט געהאַלטן ביים אַרויסגיין).

ס אָ פּ י : — (קומט אַרויס. פּלאַצט אויס אַ געלעכטער) אורי! איר האָט דאָך מיר שיער די נאָז ניט צעשלאָגן...

א ו ר י : — (פאַרשעמט) איך האָב געמיינט איר זענט ניטאָ. איר זייט אין דער היים גאָר?

ס אָ פּ י : — געפוילט זיך היינט צו גיין אַרבעטן. אַרבעט איז סיי-ווי ווייניק. ווען זייט איר אַריינגעקומען?

א ו ר י : — נאָר וואָס. (לאָזט זיך גיין אין סאָפּי'ס צימער).

ס אָ פּ י : — וואָס ווילט איר טאָן?

א ו ר י : — איך דאַרף עפּעס אַ קוק טאָן ביי אייך. אויף אייער טיש איז געלעגן אַ בוך.

ס אָ פ י : — וואָס דאַרפט איר דאָס בוך?

א ו ר י : — טאָלסטאָי׳ס אַ בוך. איר האָלט אים איצט אין לייענען.

ס אָ פ י : — ניין. איך האָב היינט ניט געלייענט. בין פאַרנומען געווען. ער ליגט ערגעץ.

א ו ר י : — איר האָט אים גאָרניט געעפנט היינט?

ס אָ פ י : — צו וואָס פרעגט איר עס?

א ו ר י : — איך פרעג דאָך אייך.

ס אָ פ י : — ניין. איך האָב אים היינט נאָך ניט געעפנט אפילו. וואָס זייט איר בייז?

א ו ר י : — (רואיק) איך בין ניט בייז... ס׳איז גאָרנישט. (זעצט זיך ביים טיש). וואו איז רײ? די מאַמע? וויליקעל איז נאָך אין סקול?

ס אָ פ י : — (קוקט אים נאָך מיט ביידע אויגן) רײ איז נאָר וואָס געווען דאָ. אַוועק, ווייזט אויס, מיט אייער פריינד. אייערער אַ פריינד איז דאָ געווען, מיסטער לוריאַ.

א ו ר י : — (איבעראַשט) טאַקע? לוריאַ?

ס אָ פ י : — וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי?

א ו ר י : — ער איז שוין לאַנג ניט געווען ביי אונז. נו, עס מאַכט ניט... האָב אייך גוט אָפּגעקלאַפּט? איך האָף, אַז ס׳איז גאָרנישט.

ס אָ פ י : — גאָרנישט. גאָרנישט. וואָס זיצט איר אין מאַנטל? טוט אים אויס.

א ו ר י : — מען דאַרף ניט. איך ברויך נאָך צופאָרן ערגעץ. (גייט אַרום איבער׳ן שטוב הין און צוריק).

ס אָ פ י : — (קוקט אים נאָך מיט ליבשאַפט) איר זייט מיד, זע איך, בלייבט שוין אין שטוב. וואָס וועט איר פאָרן איצט?

א ו ר י : — מען דאַרף גיין. מ׳דאַרף. אַ מאַן האָט מיר געהייסן קומען וועגן ארבעט.

ס אָ פ י : — וואָס פאַר אַן׳ארבעט?

א ו ר י : — וואָס מאַכט עס אויס? ארבעט. ווענן גייט עס אָן וואָס פאַר אַן׳ארבעט? פּיינטינג. איר ווייסט וואָס דאָס איז? שמירן, שמירן ווענט.

ס אָ פ י : — (מיט באַדויער) אוי, ניין. גייט ניט צו אַזאַ ארבעט.

איך וואָלט ניט געוואָלט אייך זען אַ פאַרשמירטן. אַזאַ ווי איר.

א ו ר י : — וואָס בין איך?

ס אַ פ י : — איך וואָלט דאַכט זיך אַלץ געטאָן אַבי איר זאָלט ניט דאַרפן גיין צו אַזאַ פּראָסטער אַרבעט.

א ו ר י : — (שמייכלט) וואָס וואָלט איר געטאָן? נאַריש מיידל וואָס איר זייט... אַנ'אַרבעט דאַרף זיין פּראָסט, שמוציק. נאָך בעסער. מען דאַרף אַרבעטן שווער, אין שוויים. מיט'ן גאַנצן גוף. מיט אַלע אֵברים. קומען אַהיים — אַנידערפאַלן ווי אַ סנאָפּ... אַבי ניט האַנדלען. אַבי ניט שטיין אין דער פּאַסקודנער סטאָר... געננג, גענוג, גענוג וועגן דעם.

ס אַ פ י : — איר רעדט אַזוי מאָדנע, אַזוי שניידנדיק, און דאָך פיל איך עפּעס אַזאַ פרייד הערנדיק ווי איר רעדט.

א ו ר י : — וואָס? אַ פרייד?

ס אַ פ י : — עפּעס ווער איך אַזוי געהויבן, ווען איר רעדט צו מיר נאָענט... דאָס ביסל צייט, וואָס איר האָט נעכטן מיט מיר פאַרבראַכט האָט מיך אַ גאַנצע נאַכט ניט געלאָזט שלאָפן. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעווײנט און בין געווען עפּעס אַזוי גליקלאַך.

א ו ר י : — יאָ. דער וואָס קען וויינען איז גליקלאַך.

ס אַ פ י : — איר ווײנט קיינמאָל ניט?

א ו ר י : — ניין.

ס אַ פ י : — אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געהאַלטן אין איין פאָר־שטעלן אַ מערקווירדיק בילד, ווי איך האָב אייך געזען אין דער היים אַמאָל, אַ חדשים צוויי איידער מען האָט אייך צוגענומען פון אונז... איך בין אַלט געווען דעמאָלט אַ יאָר פופצן, ניט מער. איר זייט שוין געווען אַ גאַנצער מענטש, כאָטש איר זייט ניט קיין סך עלטער פון מיר.

א ו ר י : — און וואָס האָט איר געזען?

ס אַ פ י : — איר זייט געשטאַנען אויפ'ן מיטן מאַרק אויף אַ הויכן לייטער. אַרום אייך אַ טויזנטקעפּיקער עולם. איר האָט גערעדט צום עולם, גערופן צו בונט. איך האָב ניט גוט פאַרשטאַנען דעמאָלט אַלע אייערע ווערטער, אָבער איר האָט גערעדט מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ קלינגנ־דיקן קול, אַזוי ווי פון שטאָל געגאָסן. איר האָט אויסגעזען אַזוי שען, אַזוי דין, — אויסגעצויגן, מיט אַזאַ אויפגעהויבענעם קאָפּ... איך געדענק, איך האָב זיך געשטופּט צווישן עולם מיט ביידע עלנבויגנס, געוואָלט נאָענט צוקומען צו אייך... איך געדענק נאָך ווי היינט, ווי איינער פון עולם,

אַנ׳עלטערער מאַן האָט אַ געשריי געטאָן אויף מיר: וואוהין שטופּסטו זיך מיידעלע?... מיט אַמאָל האָט דער עולם אַ כאַפּ געטאָן אייך פון לייטער און מיט אַ ווילדער פרייד אַוועקגעטראָגן אייך אויף די הענט איבער דער גאַנצער גרויס פון מארק... איך בין צוגעלאָפן צום לייטער, אַרויפגעקראָכן אויף אים און פון דער הויך געקוקט אויף דער גאַנצער סצענע... איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די מינוט, וואָס איך בין געשטאַנען אויפ׳ן לייטער...

אורי: — נו — איז גוט צו שטיין אויף אַ לייטער?

סאָפי: — איר שפּאַסט? איך זאָג דאָך אייך, כ׳וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אורי: — נו וואָס? וואו איז דער לייטער היינט? ליגט ערגעץ אַ צעפּוילטער.

סאָפי: — און איר האָט גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז ס׳איז געווען אַ קליין מיידעלע, וואָס איז געווען פאַרליבט אין אייך.

אורי: — נו, וואָס? דאָס קליין מיידעלע איז אויסגעוואַקסן, געקומען קיין אַמעריקע און וואוינט אין הויז ביי מיסטער דאַן.

— סאָפי: — איך האָב ניט ליב, אַז מען רופט אייך מיסטער דאַן. פאַר מיר זענט איר יענער אורי, וואָס שטייט אויפ׳ן לייטער.

אורי: — אומזין. אומזין. — מיסטער דאַן, און איר מעגט מורא האָבן פאַר אים.

סאָפי: — מורא האָבן?

אורי: — מיסטער דאַן קען אונטערשפּרינגען צו יענעם אינגל, וואָס שטייט אויפ׳ן לייטער, אַ כאַפּ טאָן אים פאַר׳ן קאַרק און אַ זעץ טאָן אָן דער ערד...

סאָפי: — (שפּרינגט צו צו אים, כאַפּט אים אָן פאַר די הענט, בעט זיך) רעדט ניט אַזוי. וואָס איז מיט אייך?

אורי: — זאָל ער ליגן אַביסעלע אויף דער ערד, אייער יענער אורי... אַ צעשלאָגענער, אַ באַ׳דמ׳טער. זאָל ער... איך האָב מיטלייד מיט אייך סאָפי. צו וואָס האָט איר באַדאַרפט קומען אַהער זיין אַ באָרדערקע ביי מיסטער דאַן?

סאָפי: — (מיט טרערן) ווי פאַרצווייפלט איר זייט!

אורי: — פאַרצווייפלט?... איר האָט ניט באַדאַרפט קומען אַהער.

ס אַ פּ י : — באַדאַרפֿט.

א ו ר י : — (מיט כּעס) אַלעמען פֿאַרטריבן פֿון זיך. פֿריינד, מעג־לאַכקייטן. וועל אייך אויך פֿאַרטרייבן.

ס אַ פּ י : — וועל אָננעמען מיט ליבשאַפֿט צו זיין פֿאַרטריבן פֿון אייך.

א ו ר י : — סאַפּי רעדט דאָס? סאַפּי? דאָס קליין מיידעלע?... אומזין, זאָג איך אייך. אַלץ וואָס איך טו איז ניט דאָס, וואָס איך דאַרף טאָן... וואו איך זאָל ניט זיין איז דאָרטן ניט מיין פּלאַץ... איך בין ניט אויף מיין פּלאַץ. איר פֿאַרשטייט?... און דאָ איז אַ לאַנד, וואו יעדער דאַרף זיך האַלטן מיט אַלע נעגל אָן זיין פּלאַץ. איינגראָבן זיך, צוקלעפּן זיך צו אים, סטיקען... איר ווייסט וואָס באַטייט „סטיקען“?

ס אַ פּ י : — יאָ, איך ווייס.

א ו ר י : — אַלע טוען אַזוי. מען סטיקט. אַלע, אָן אונטערשייד... אַ שאַפּ, אַ סטאָר, אַ צייטונג, אַ יוניאָן, אַ פּאַרטיי. מען סטיקט צו דעם. אַזוי דאַרף זיין מסתמא. מען דאַרף זיך אַרויפֿוואַרפֿן מיט אַלע פֿיר אויפֿ'ן פּלאַץ, וואָס איר פֿאַרנעמט, און זויגן, אַרויסזויגן, וויפֿיל עס לאָזט זיך נאָר. מען איז הונגעריק. אַ הונגעריקער מוז זיך אַרויפֿשליידערן אויפֿ'ן לעבן ווי אַ הונט אויף אַ נבלה, און גריזשען, פֿרעסן. מען דאַרף הנאה האָבן. און ניט — אומגיין און קלאָגן זיך... ענדזשאַיען... איר פֿאַר־שטייט — ענדזשאָיען דאַרף מען... ניט — איז שלעכט. איר בלייבט אַליין. אין אַ טעמפּן ווינקל... אָט האָב איך, קען מען זאָגן, באַגאַנגען דאָס גרעסטע פֿאַרברעכן.

ס אַ פּ י : — וואָס רעדט איר?

א ו ר י : — גענומען אַ סטאָר, פֿרעמד געלט, פֿרעמדע סחורה און חרוב געמאַכט.

ס אַ פּ י : — וואָס זייט איר שולדיק?

א ו ר י: — ניט געוואָלט „ענדזשאַיען“, איר פֿאַרשטייט? דערזען פֿאַר זיך די סכּנה פֿון „סטיקן“. אַ ווייב. אַ קינד. צען יאָר דחקות... דערשראָקען זיך — ווייל אַ סטאָר איז אייביק. איר פֿאַרשטייט? איי־ביק... צום טייוול, איך האָב געמאַכט אַ חרבן פֿון אַלץ.

ס אַ פּ י : — (מיט התפּעלות) ס'איז דאָך אָבער וואונדערבאַר, זאָג איך אייך. אין אַלץ, וואָס איר טוט איז דאָ אַזאַ שענקייט: איך פֿאַרשטיי אייך אַזוי גוט.

(אַ קלונג. סאָפי לויפט עפענען און קומט אַריין מיט אַן׳אַלטן אידן, אַ פּעדלער. ער טראָגט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס. אַ שטעקן אין האַנט).

פּ ע ד ל ע ר : — (גריסט זיך) איז מיסעס דאָ אין הויז ?

ס אָ פ י : — ניין, אַוועקגעגאַנגען. אויף וואָס דאַרפט איר מיסעס דאָ ?

פּ ע ד ל ע ר : — אַז זי איז ניטאָ איז דאָך ניט שייך.

ס אָ פ י : — וואָס האָט איר מורא צו זאָגן ?

פּ ע ד ל ע ר : — מורא ? איך האָב ניט מורא. פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן ? נאָ דיר גאָר מורא האָבן.

ס אָ פ י : — איר האָט עפּעס צום פאַרקויפן ?

פּ ע ד ל ע ר : — שוין פאַרקויפט. איך וויל געלט, וויל איך. עס קומט מיר געלט.

א ו ר י : — עס קומט אייך אַ סך ?

ס אָ פ י : — (צו אורי׳ן) מישט זיך ניט. (צום פּעדלער) נו, וועט איר קומען אַ צווייטן מאָל.

פּ ע ד ל ע ר : — וואָס שייך ? אודאי וועל איך קומען. אפשר איז דער מיסטער אין דער היים ?

ס אָ פ י : — אויף וואָס דאַרפט איר דעם מיסטער ?

פּ ע ד ל ע ר : — מיר איז אַלץ איינס ווער עס זאָל ניט צאָלן. דער מיסטער צי די מיסעס. מיר איז אַלץ איינס.

ס אָ פ י : — מיסטער דאָ איז אויך ניטאָ איצט אין דער היים.

א ו ר י : — סאָפי, וואָס איז דאָס ?

ס אָ פ י : — וואָס אַרט אייך ? מישט זיך ניט. (צום פּעדלער) יאָ, דער מיסטער איז אויך ניטאָ איצט.

א ו ר י : — (נערוועז) צו וואָס ? אַך.

פּ ע ד ל ע ר : — שוין דריי וואָכן, אַז איך גיי מאָנען, און די מי־סעס לייגט אָפּ פון וואָך צו וואָך. איך בין ניט קיין גביר. איך קען ניט וואַרטן.

ס אָ פ י : — מיסעס דאָ וועט ניט אַנטלויפן.

פּ ע ד ל ע ר : — אַנטלויפן. ווער אַנטלויפט עס ? קיינער אַנטלויפט ניט. אָבער מען דאַרף צאָלן אַלע וואָך, אַז מען נעמט זאַכן ביי אַ פּעד־לער, אָט וואָס. אַנטלויפן. קיינער אַנטלויפט ניט.

ס אָ פ י : — וויפיל זשע קומט אייך ? אַ סך ?

פּ ע ד ל ע ר : — אַ סך. צי ניט אַ סך. אַמאָל איז אַ סך — אַ ביסל, און אַמאָל איז אַביסל — אַ סך.

ס אַ פּ י : — איר רעדט קלוגע רייד, זיידע.

פּ ע ד ל ע ר : — און דו ביסט מיר שוין, דוכט זיך, אַ ביסעלע צו קלוג.

ס אַ פּ י : — יאָ? איר זייט אין כעס אויף מיר?

פּ ע ד ל ע ר : — אין כעס צי ניט אין כעס — פון אַנ׳אַלטן אידן דאַרף מען ניט אַפּלאַכן, אַט וואָס.

ס אַ פּ י : — אַנטשולדיקט מיר, איך האָב גאָרנישט געמיינט, זיידע. אַנטשולדיקט מיר.

פּ ע ד ל ע ר : — וואָס שייך? איך בין ניט אין כעס. איך קום אַריין אין אַ סך הייזער. זע אַ סך מענטשן. אַלערלייאיקע מענטשן. איך זאָל אויף אַלעמען זיין אין כעס, וואָלט איך שוין עם אויסזען... אין כעס — קיינער איז ניט אין כעס. איך זאָג נאָר — מען דאַרף צאָלן, אַט וואָס. זי וועט זיך זאַמען די מיסעס דאָן?

ס אַ פּ י : — איך קען אייך ניט זאָגן.

פּ ע ד ל ע ר : — איך בין ניט קיין גביר. מען דאַרף צאָלן אַלע וואָך... גוט־ביי. (פּעדלער אָפּ).

ס אַ פּ י : — (לאַכט) נו?

א ו ר י : — (איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ווי אַ פרעמדער) מיר געפעלט עס ניט. צו וואָס האָט איר באַדאַרפט זאָגן, אַז איך בין אויך ניטאָ? כאָטש איך האָב ניט קיין געלט איצט, אָבער —

ס אַ פּ י : — (אונטערטאַנצנדיק, שפּאַסיק) מ י ס ט ע ר ד אַ ן איז ניטאָ אין דער היים איצט. פאַרשטאַנען? אורי איז דאָ און ס׳איז ניטאָ קיין חובות, קיין חשבונות... און ס׳איז מיר גלאַט געפעלן געוואָרן דאָס שפּיל... נו, וואָס נעמט איר עס אַזוי ערנסט? אַ שפּאַס געמאַכט. מיר וועלן גיין היינט אין טעאַטער, יאָ? איך האָב שוין בילעטן.

א ו ר י : — שוין?

ס אַ פּ י : — איר וועט גיין מיט מיר. מיר וועלן שמועסן ביידע. יאָ? ריי וועט דאָך ניט פאַראיבל האָבן... איך האָב אַזוי ליב ריי.

א ו ר י : — אפשר יאָ פאַראיבל האָבן... אפשר ניט. איך ווייס ניט... וואו איז דאָס בוך וואָס אויף אייער טיש געווען?

ס אַ פּ י : — ווידער דאָס בוך. אויף וואָס דאַרפט איר אים?

א ו ר י : — איך דאַרף אים. גיט מיר דאָס בוך אויף אַ ווײַלע. (לאָזט זיך צו סאָפי'ס צימער).

ס אָ פ י : — אָט ברײנג איך אים אײַך (לויפט צו זיך און ברײנגט אַרויס אַ בוך). איך פאַרשטיי נאָך אַליין ניט אויף וואָס איר דאַרפט אים איצט.

א ו ר י : — (בלעטערט דאָס בוך, נעמט אַרויס פון דאָרט אַ בריף).

ס אָ פ י : — וואָס איז דאָס? (שטויסט זיך אָן) אַ, איך פאַרשטיי שוין. (שפרינגט פון פרייד) אײַערס אַ בריוול צו מיר? איר האָט אַרײַנגעלייגט אַ בריוועלע צו מיר? גיט אים אַהער, גיט אים אַהער.

א ו ר י : — ניין. מען דאַרף ניט. (צערײַסט דאָס בריוול אויף שטיקלאַך).

ס אָ פ י : — (אַ פאַרציטערטע) וואָס טוט איר? (כאַפּט אים פאַר די הענט). ס'איז צו מיר. ס'איז מײַנס. רײַסט ניט. איר טאָרט דאָס ניט טאָן.

א ו ר י : — שוין ניטאָ.

ס אָ פ י : — (מיט טרערן) וואָס האָט איר געשריבן צו מיר? זאָגט. וואָס איז דאָרט געשטאַנען?

א ו ר י : — אומזין. (גייט אַרויס פון שטוב מיט ראַשע טריט).

ס אָ פ י : — (קלײַבט פון דער ערד די שטיקלאַך פּאַפּיר און איר פּנים קרימט זיך פון געוויין).

(פאָרהאַנג)

## צ ו ו י י ט ע ר   אַ ק ט

(איג'ם זעלבן צימער. אָוונט. ריי און אַ שכנה, אַנ'עלטערע אידענע מיט אַ שיסל וועש אין האַנט).

ש כ נ ה : — אוי, איך האָב אייך אודאי אויפגעוועקט, איר זייט געשלאָפן ? עקסקיוז מי.

ר י י : — יאָ, איך האָב געדרעמלט אביסל. עס מאַכט ניט.

ש כ נ ה : — איך וויל ביי אייך אַנטלייען אייער ליין, מיסעס דאָן.

ר י י : — מיין קינד אָבער שלאָפט ביים פענסטער, מאָרגן, אַז איר ווילט.

ש כ נ ה : — אָלרייט, זאָל זיין מאָרגן.

ר י י : — יאָ, מאָרגן, מאָרגן. (וואָרט מיט אומגעדולד זי זאָל אַרויס־גיין).

ש כ נ ה : — אָלרייט, זאָל זיין מאָרגן. עס ברענט ניט. אייער שוויגער שלאָפט שוין אויך ?

ר י י : — יאָ, צוגעלייגט זיך.

ש כ נ ה : — אַ טייערע אַלטיטשקע, זאָג איך אייך. געווען ביי מיר היינט. האָט אייך אַזוי ליב. אייער מאַן איז נאָך ניטאָ אַזוי שפּעט ?

ר י י : — אַנטקעגן וואָס פרעגט איר ?

ש כ נ ה : — אַזוי זיך. מיין מאַן איז שוין לאַנג געקומען פון דער אַרבעט. אייער מאַן אַרבעט אַזוי שפּעט ?

ר י י : — צו וואָס פרעגט איר עס ?

ש כ נ ה : — אַזוי זיך. וואָס, אייער מאַן האָט שוין אַ דזשאַב ?

ר י י : — פון וואַנען ווייסט איר, אַז מיין מאַן האָט ניט געהאַט קיין דזשאַב ?

ש כ נ ה : — מען ווייס. פאַרוואָס זאָל מען ניט וויסן ?

ר י י : — מיין מאַן אַרבעט נאָך ניט. ניין.

ש כ נ ה : — ניין ? טו בעד. און די סטאָר וויל טאַקע אייער מאַן ניט אַנהאַלטן מער ?

ר י י : — אָך, מיין גאָט. פון וואַנען ווייסט איר עס אַלץ ?

ש כ נ ה : — מען ווייס. אַלע פון סטריט ווייסן. אַלע וואונדערן זיך. אַ קלייניקייט — אויפגעבן אַ ביזנעס. טו בעד.

ר י י : — איך בעט אייך.

ש כ נ ה : — מען דאַרף האַלטן אַנ׳אויג אויף די מענער, מיסעס דאָן. טאָקע ווייל אַמעריקע. אָט מיין מאַן —

ר י י : — צו וואָס דערציילט איר עס מיר ?

ש כ נ ה : — אַזוי זיך. מיין מאַן ברייננגט מיר יעדן שבת די גאַנצע פיי אין האַנט... אַמעריקע, מיין פריינד, אַמעריקע... היינט, אַז גאָט גיט נאָך אַ ביזנעס... אַ קלייניקייט — אַ ביזנעס. טו בעד... אַלרייט, זאָל זיין מאָרגן. (וויל גיין).

ר י י : — אפשר ווייסט איר פון עפּעס אַ פרוי, וואָס וואָלט וועלן זיין ביי מיר אַכטונג געבן אויף מיין קינד ?

ש כ נ ה : — טאָקע, איר ווילט צונעמען אַ פרוי אין הויז ? דאָס איז פיין... דאָס וואָלט איך אויך באַדאַרפט האָבן... מען דאַרף זיך נאָכ־פרעגן... דאָס איז פיין... (עס קומט אַריין אורי).

א ו ר י : — גוט נ׳אָוונט, ריי... ווער איז דאָ נאָך מיט דיר ? גוט נ׳אָוונט.

ר י י : — אָ, אַזוי שפּעט, אורי...

ש כ נ ה : — האַו דו יו דו, מיסטער דאָן.

א ו ר י : — (ווערט מיט אַמאָל אַריינגעצויגן אין זיך, פאַרכמורעט, וויל די שכנה זאָל אַוועקגיין).

ש כ נ ה : — נו, איר האָט שוין אַ דזשאָב, מיסטער דאָן ?

ר י י : — אָך, מיין גאָט.

א ו ר י : — (שרייט אַריין דער שכנה כמעט אין פּנים אַריין) צוויי דזשאָבס, צוויי. ווער זענט איר ?

ש כ נ ה : — (אַ דערשראָקענע רוקט זיך צום טיר. פאַרשווינדט).

א ו ר י : — ווער איז די אידענע ?

ר י י : — פון נעקסט דאָר. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט ? אורי.

א ו ר י : — וואָס פאַר אַ נעקסט דאָר ?

ר י י : — (נעמט אים פאַר די הענט) זיי ניט אַזוי נערוועז, איך בעט דיך.

אורי: — (נאָך מער אויפגערעגט) ווי קומט אהער נעקסט דאָר? וואָס האָט צו טאָן מיט מיר נעקסט דאָר? (כמעט מיט שרעק) ווער איז די אידענע? אַלע מוזן וויסן, אַז איך האָב ניט קיין דזשאָב? אַלע?

רוי: — (נעמט אים איין) אורי, טייערער... וואָס שטייסטו אין מאַנטל?

אורי: — (רואיקער) זע, איך האָב נאָך ניט אויסגעטאָן דעם מאַנטל. צעטומלט. (טוט אויס דעם מאַנטל, וואַרפט אים אויף אַ שטול).

רוי: — (נעמט דעם מאַנטל הענגט אים אויף).

אורי: — וואָס מאַכסטו, רוי? (נעמט זי אַרום און קושט זי). האָסט געשלאָפן?

רוי: — געוואַרט, געוואַרט אויף דיר און איינגעדרעמלט... ביסט מיד, זע איך.

אורי: — און דאָס אינגעלע וואָס טוט? שלאָפט שוין לאַנג?

רוי: — פון אַ שטונדע שוין. די מאַמע האָט זיך אויך צוגעלייגט.

אורי: — (קוקט אַריין צום קינד אין צימער) ס'איז ניט וואַרים דאָ, ווייסט? (זעצט זיך און זיצט אין אַ שטומענדיקער פּאָזע).

רוי: — ביסט פאַרצווייפלט, אורי. איך זע דאָך.

אורי: — אַ, ניין, ניין.

רוי: — קום, מיר וועלן עסן.

אורי: — האָסט דען צום עסן?

רוי: — איך האָב ניט ליב, אַז דו רעדסט אַזוי. בעטלען דאַרפן מיר נאָך ניט גיין.

אורי: — איך האָב דאָך דיר ניט איבערגעלאָזט קיין געלט.

רוי: — רעדסט ווי אַ קינד. דער הימל פאַלט נאָך ניט צו דער ערד.

אורי: — איך בין דאָך בייטאָג אויך געווען דאָ, ווייסט? האָב געמוזט גלייך אַוועקגיין.

רוי: — יאָ, איך ווייס. סאַפי האָט מיר געזאָגט. איך בין אַרונטער מיט לוריאַ'ן, לוריאַ איז דאָך דאָ געווען!

אורי: — וואָס מאַכט ער? איז נאָך אַלץ אָנגעשטויסן אויף מיר?

רוי: — ער וועט אפשר נאָך זיין היינט דאָ... קום עסן.

אורי: — מיינסט איך בין הונגעריק? (זעצט זיך אויפ'ן דיוואַן שפּאַרט זיך אָן מיט'ן קאָפּ צום וואַנט) פאַרוואָס פרעגסטו ניט, וואָס האָב איך אויפגעטאָן פאַר'ן טאָג?

ר י י : — וועסט מיר מסתמא אַליין דערציילן.

א ו ר י : — זעסט, די אידענע האָט גלייך געפרעגט. די אידענע איז גערעכט. אַלע אידענעס זיינען גערעכט. און דו ביסט צו גוט, ריי. שווייגסט צופיל...

ר י י : — (גייט אָפּ פון אים, זעצט זיך אָן אַ זייט. שווייגט. פּויזע).

א ו ר י : — (ווי צו זיך אַליין). אורי ווערט אומערטערגלאַד.

ר י י : — (מיט ווייטאָג) איך בעט דיך זאָלסט ניט ריידן אַזוי.

א ו ר י : — און די וואַזאָנע דאַרט דאַרט, דאַרט. אַלע בלעטער — געל. פאַרוואָס וואַרפסטו זי ניט אַרויס פון הויז, ריי?

ר י י : — מיר געפעלן ניט דיינע רייד.

א ו ר י : — דאָס, וואָס דאַרט, דאַרף מען אַרויסוואַרפן. אַרויס־וואַרפן. (פּויזע). באמת, איך בין געוואָרן אומערטערגלאַד... (פּויזע). היינט נאָך אויך ניט געקראָגן קיין אַרבעט. ניט געקראָגן. די געלע בלע־טער פון דער וואַזאָנע מאַכן מיך נערוועז.

ר י י : — (זיצט פאַראומערט און שווייגט).

א ו ר י : — פאַרוואָס שווייגסטו, ריי? אַלע מאָל בין איך דער שווייגער, היינט — דו. (שפּרינגט אויף) האָסט געהערט אַנ'איינפאַל פון אַ אידענע — איר האָט שוין אַ דזשאָב?...

ר י י : — איך בעט דיך.

א ו ר י : — האָסט רעכט, ריי. עקלהאַפט. צו אַל די רוחות. — איך בין געוואָרן עקלהאַפט. ערשעפּט. הערסט, היינט האָב איך דערפילט ניו־יאָרק אויף זיך. גאַנץ ניו יאָרק אויף מיינע אַקסלען... האָסט געזען, ריי, ווי אַ פערד שלעפּט אַ וואָגן, און מיט אַמאָל גיט ער אַ צעשפּרייט די פיס און פאַלט אַנידער אין מיטן גאַס? ליגט. קוקט מיט פאַרבלוטיקטע אויגן...

ר י י : — אַך, גאָט מיינער, גאָט מיינער.

א ו ר י : — (שפּאַנט אַרום איבער'ן שטוב) ווייסט ריי, ס'איז אַזוי טשיקאַווע, ווען דו גייסט אַרויף אויפ'ן סטיישאַן, ווילסט באַצאָלן אַ ניקל, און האָסט ניט מער ווי פיר סענט... קאָמיש.

ר י י : — ביסט געגאַנגען צו פוס אַהיים?

א ו ר י : — נו, וואָס איז? עס מאַכט ניט. איך בין דערווייל, גייענ־דיק, צוגעגאַנגען געוואָר ווערן מיין סטאַר. (גאַליק) מ י י ן  ס ט אַ ר.

ר י י : — וואָס ביסטו געגאַנגען אַהין?

אוריי: — די פיס האָבן מיך אַליין געטראָגן. שדים ווייסן. עפּעס דוכט זיך מיר. אַז איך פאַרליר דעם גאַנצן קאָנטראָל איבער זיך. וואָס טוט זיך מיט מיר? דו ווייסט ניט ווי איך בין געלאָפן איצט אַהיים... געלאָפן צו דיר... (שטייט אין מיטן שטוב אַ צעטומלטער).

ריי: — (נעמט אים איין) גענוג אודאי. נו, גענוג. ביסט ווי אַ קינד, כ'לעבן. וואָס האָסטו געדאַרפט גיין צו דער סטאָר?

אוריי: — דו וואָלסט געזען ווי קאָמיש. די טירן פאַרהאַקט. אין אַלע סטאָרס ברענען אַזוי ליכטיק די שילדען, און דאָ — אַן'אויסגעלאָשן שילד הייִנגט און טאַרטשעט אין נאַרישן הימל אַריין... דאָן ענד קאָמ־פּאַני... כאַ כאַ. ענד קאָמפּאַני... דאַכט זיך וואָס? מען נעמט און מען הענגט אַרויס אַ שילד, מען צינדט אַן לעמפּלאַך. לעמפּלאַך ברענען, שי־מערן... אורי דאָן פינקלט אין עלעקטרישע לעמפּלאַך. איז דאָס ניט די אומפאַרמיידלאַכקייט אַליין?...

ריי: — עס געפעלט מיר ניט ווי דו רעדסט...

אוריי: — נו, וואָס זאָל מען טאָן, ריי? די אומפאַרמיידלאַכקייט. די אידישע אומפאַרמיידלאַכקייט... נעמסט און באַליידיקסט אַזויפיל עלעקטרישע לעמפּלאַך... אַלעמענס אויגן ברענען פון בענקשאַפט, פון תאוה נאָך סטאָר־לעמפּלאַך... וואָס איז אַ אידישער מענטש? דער, וואָס גיט אַ ציטער, ווען ער דערזעט, אַז מען פאַרשוועכט סטאָר־לעמפּ־לאַך... סטאָר־לעמפּלאַך מוזן זיין אָנגעצונדן, ברענען אייביק...

ריי: — ס'איז אומערטרעגלאַך, אורי. (אַפּ אַ ברוגז'ע).

אוריי: — (אַליין. רופט) ריי, ריי. (ציט זיך אויס אויפ'ן דיוואַן ליגט. רעזאַנירט) אַ לייטער. ברידער און שוועסטער. פינסטער. וואַכט אויף. אַרבעטער, פּויערים, פינסטער. וואַכט אויף... שנעלער, וואָראַנע, מאַרש. פינסטער. קלינג־קלאַנג... אַז ברענען לעמפּלאַך... האַו דו יו דו, מיס־טער דאָן... ליכטיק... רייזן, אַ מאַנטל... אַ קליין מיידעלע שטייט אויפ'ן לייטער... וויליקלען — שיכלאַך... ליכטיק. ברידער און שוועס־טער... אַ קליין מיידעלע שטייט אויף אַ לייטער. (הייבט זיך אויף, גייט אַרום איבער'ן שטוב, גייט צו צו דער וואַזאַנע, רייסט אַרונטער אַ בלאַט, דרייט אים צווישן די פינגער. רופט נאָכאַמאָל) ריי, קום אַרויס. זיי ניט אין כעס. (ריי קומט אַרויס). איך האָב ניט געמיינט דיר וויי צו טאָן.

ריי: — איך האָב דאָס ניט געטראַכט גאָר.

אוריי: — פּשוט. עס ווילט זיך מיר אַראָפּרייסן פון האַרץ.

ר י י : — דו רעדסט מיט מיר אַזוי זעלטן לעצטנס, זינט דו האָסט זיך פאַרבונדן מיט דער סטאָר. אָבער דיינע רייד איצט פאַלן אויף מיר אַזוי שווער.

א ו ר י : — פאַרשטייסט, איך האָב אַ געפיל, אַז דאָס לעבן וואָס איך לעב דאָ אין אַמעריקע, איז עפּעס אַ געשוואָלן לעבן, אַ לעבן מיט אַ גרויסן וואַסערדיקן קאָפּ . . .

ר י י : — איך בין דיר אויך שווער, איך ווייס.

א ו ר י : — (קוקט זי אָן) וואָס רעדסטו?

ר י י : — (מיט טרערן) איך ווייס ניט, איך ווייס ניט . . . זינט דו האָסט אויפגעגעבן די סטאָר איז דיך ניט צו דערקענען. אפשר טראַכסטו, אַז איך האָב טענות צו דיר דערפאַר.

א ו ר י : — ניט טענות. אָבער דו ליידסט דאָך צוליב מיר —

ר י י : — איך וויל דאָס ניט הערן. דו הערסט. און גענוג זאָל זיין. אַנ'עק. וועסט געפינען אַנ'אַנדער באַשעפטיקונג. זעסטו. דאָס וואָס דו רופסט ניט צונויף די בעל־חובות.

א ו ר י: — איך האָב מורא פאַר'ן אָנקל.

ר י י : — ער איז שוין געווען דאָ היינט.

א ו ר י : — (מיט שרעק) געווען שוין? ער איז דאָך פון זיין זייט גערעכט.

ר י י : — האָסט באַדאַרפט אַרויפגיין צו אים.

א ו ר י : — ניין. איך קען ניט.

ר י י : — זיי זיינען אַלע אויפגעבראַכט געוואַלדיק.

א ו ר י : — די משפחה. האַ? די משפחה . . . סאַפּי איז נאָך ניטאָ אַזוי שפּעט?

ר י י : — זי דאַרף באַלד קומען, גייסט דאָך אין טעאַטער מיט איר היינט. האָסט מיר ניט געזאָגט וועגן דעם.

א ו ר י : — איך ווייס נאָך גאָר ניט צי איך גיי.

ר י י : — זי האָט דאָך שוין בילעטן.

א ו ר י : — נו, איז וואָס? און דיר וועט פאַרדריסן, אַז איך וועל גיין?

ר י י : — ס'איז דאָך ניט דאָס ערשטע מאָל, אורי'לע.

א ו ר י : — (קוקט אויף איר לאַנג אַ געטראָפּענער) אַזוי?

ר י י : — (שיער וואָס זי צעוויינט זיך ניט) ס'איז מיר אומעטיק. איך בין צופיל אַליין.

א ו ר י : — ביסט אייפערזיכטיק ? זאָג. נאָר דעם אמת.

ר י י : — איך ווייס ניט. ניין, ניט אייפערזיכטיק, אָבער ס'איז מיר אומעטיק. ס'איז מיר קאַלט...

א ו ר י : — (זעצט זיך לעבן איר, קוקט איר אין פּנים, לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ).

ר י י : — נו האָב קיין פּאַראיבל ניט. זיי מיר מוחל... אַז דו ביסט אַזוי האַרט די לעצטע צייט, אַזוי פרעמד אין הויז, אַזוי ווייט פון מיר... גייסט אַרום אַזוי ווי ניט אויף ד ע ר וועלט... ס'איז איבער מיינע כחות...

א ו ר י : — יאָ, איך ווייס, ס'איז דיר שווער מיט מיר לעצטנס. אַ סך מאָל ווילט זיך צוגיין צו דיר און זאָגן: שטראָף.

ר י י : — דו ביסט ניט זינדיק קעגן מיר.

א ו ר י : — זינדיק. איך בין פול מיט זינד... מיר דוכט, אַז איך האָב באמת איבערגעריסן אַלץ מיט דער וועלט... איבערגעריסן אויף אייביק... איך האָב באַדאַרפט ליגן ערגעץ אויף אַ בוידעם. אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. ליגן און פינסטערן.

ר י י : — (מיט געשריי) זאָלסט ניט ריידן אַזוי.

(עס קומט אַריין סאָפי).

ס אָ פ י : — גוט נ'אָוונט. שוין שפּעט, האַ ? (נעמט אַרום ריי) קאַלטלאַך אויפ'ן גאַס. אָבער שיין. איר זעט אויס פאַרשלאָפן, ריי. איר האָט געשלאָפן ?

ר י י : — יאָ. אַביסל.

ס אָ פ י : — (ניט דרייסט צו אורי'ן) איר זייט שוין לאַנג דאָ ?

א ו ר י : — ניט לאַנג.

ס אָ פ י : — דער זייגער איז שוין האַלב נאָך זיבן.

ר י י : — ס'איז דאָך שוין שפּעט, אורי. דאַרפסט דאָך גיין אין טעאַטער. גיי עס אָפּ.

ס אָ פ י : — איר האָט נאָך ניט געגעסן ?

א ו ר י : — איך ווייס ניט, צי כ'וועל גיין.

ר י י : — וואָס הייסט דו וועסט ניט גיין ? עס אָפּ און גיי.

ס אָ פ י : — אַז איר ווילט ניט, דאַרפט איר זיך ניט צווינגען, אורי.

ר י י : — וואָס הייסט? איר האָט שוין בילעטן. דו דאַרפסט גיין אורי. ס'איז ניט שיין. האָסט דאָך צוגעזאָגט גיין.

ס אָ פ י : — עס מאַכט ניט, ריי, אַז ער האָט ניט קיין חשק.

ר י י : — גיב עפּעס אַ בים און גיי. (איילט אים). איך וויל זאָלסט גיין. איך בעט דיך — גיי. וואָס טראַכסטו נאָך? מאַך עס שנעלער.

א ו ר י : — (אַנטשלאָסן) איך קען היינט ניט... איר וועט מיר אַנטשולדיקן, סאָפי... איך קען ניט. איר וועט ניט זיין ברוגז. יאָ, סאָ־פי?... ווייסט איר וואָס, איך האָב אַ פּלאַן, גייט איר ביידע. יאָ. ריי. איך וועל זיין אין הויז.

ר י י : — דו דאַרפסט גיין.

ס אָ פ י : — נו. אַז ער וויל ניט... איך בין ניט ברוגז. (נעמט אַרום ריי) קומט, מיר וועלן גיין ביידע. קומט, מיר וועלן גוט פאַרברייינגען.

א ו ר י : — ריי, איך בעט דיך.

ר י י : — וואָס טוט זיך דאָ? ס'איז קאָמיש, אורי. כ'לעבן. מען האָט געקויפט אַ בילעט פאַר דיר, דאַרפסטו גיין... איך האָב זיך ניט געגרייט. איך בין ניט געשטימט צו גיין אין טעאַטער היינט... איך פאַר־שטיי עס ניט. מיר געפעלט עס ניט, אורי.

א ו ר י : — (בעט זיך) טו מיר אַ טובה... זעסט דאָך. איך בין מיד... (אַלע שטייען מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן. שווערע פּויזע). ריי, זיי ניט איינגעשפּאַרט... נו טאַקע, דו ביסט שוין לאַנג ניט געווען אין טעאַטער. טו זיך אָן און גיי. שנעל... וואו איז דיין מאַנטל? (דרייט זיך אַרום און זוכט דעם מאַנטל, געפינט אים אין האָל) נעם ריי, טו זיך אָן. איך בעט דיך.

ס אָ פ : — (געקלעמט) איר ווילט ניט גיין מיט מיר, ריי?

ר י י : — (צערטלאַך צו סאָפי) עס האָט ניט צו אייך, סאָפי... מיט אייך האָט עס ניט צו טאָן, אָבער — איך ווייס אַליין ניט... איך זאָג דיר נאָכאַמאָל אורי, עס געפעלט מיר ניט...

א ו ר י : — (באַשטייט אויף זייניקע) ביסט נאָך אַ גרעסערער עקשן פון מיר. (טוט אָן אויף ריי דעם מאַנטל מיט גוואַלד). מאַכסט אַ וועזן איך ווייס אַליין ניט פון וואָס.

ר י י : — (גיט זיך אונטער, ניט ווילנדיק, טוט אָן דעם מאַנטל. שווייגט פאַרביסן, זאָגט צו זיך אַליין) נו, מילא. קומט סאָפי. (צו אורי'ן) אַ גוטע נאַכט. דיין סאַפּער שטייט נאָך.

ס אָ פ י : — גוט נאַכט (כאַפּט ריי אונטער'ן אָרעם) מיר האָבן נאָך

אביסל צייט. מיר וועלן נאָך שפּאַצירן ביז'ן טויַן. (ביידע אָפּ).

אורי: — (שפּאַנט אַרום איבער'ן שטוב אַנ'אַריינגעצויגענער אין זיך, מאַכט קלענער די גאַז, לאָזט זיך אַראָפּ אויפ'ן דיוואַן. פאַלט צו מיט'ן קאָפּ צום וואַנט. ליגט אַ שטומער מיט די פיס אַרונטערגעהאַנגען צום דיל. — עס דער־הערט זיך אַ קלונג אין טיר. אורי לאָזט זיך עפענען די טיר, און קומט אַריין מיט לוריאַ'ן. זיי גיבן זיך ביידע די הענט, שטייען איבעראַשטע, צעטומלטע).

אורי: — קום אריין ווייטער, וואָס שטייסטו ביים טיר?

לוריאַ: — וואָס עפּעס פינסטער ביי דיר?

אורי: — אַט וועט ווערן ליכטיק. (מאַכט גרעסער דאָס ליכט). קום אריין ווייטער. זיץ.

לוריאַ: — (זעצט זיך ניט. ביידע שטייען אָנגעצויגען. לוריאַ — נאָך מערער) איך בין שוין היינט געווען ביי דיר איינמאָל.

אורי: — איך ווייס. ריי האָט מיר געזאָגט.

לוריאַ: — ביסט גאָר אַליין?

אורי: — ריי איז אוועק אין טעאַטער.

לוריאַ: — עס מאַכט ניט. עס מאַכט ניט.

אורי: — פאַרוואָס זיצסטו ניט?

לוריאַ: — (זעצט זיך, ביידע שווייגן).

אורי: — וויפיל איז שוין, אַז דו ביסט ניט געווען ביי אונז?

לוריאַ: — אנטקעגן וואָס פרעגסטו?

אורי: — ס'איז דאָך ניט גוט אַזוי צו זיצן און שווייגן.

לוריאַ: — יאָ, ביסט גערעכט. מאָדנע.

אורי: — וואָס מאָדנע?

לוריאַ: — אַט אַלץ. הם... קענסט נאָך אודאי מיינען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ נארישער לאַגע, געדענקט, אַז דו ביסט איז טעאַ־טער און ריי איז אין דער היים...

אורי: — דו ביסט נאָך, זע איך, אַלץ אָנגעלאָדן אויף מיר.

לוריאַ: — אויב דו פילסט עס, מסתמא באַדאַרפסטו עס פילן.

אורי: — אינטערעסאַנט.

לוריאַ: — איך בין ניט אויסן צו זיין אינטערעסאַנט.

אורי: — ביסט געקומען מיט קריג צו מיר?

לוריאַ: — אויב דו פילסט אַזוי, מסתמא באַדאַרפסטו עס פילן.

אורי: — (שפּרינגט אויף) וואָס באַטייט עס? איך בין איצט ניט אויפגעלייגט צו קריגן זיך לוריאַ... און מאָדנע, ביסט דאָך אַ גאַסט,

ווי קומט מען עס אריין אזוי קריגעריש? נאָך ניט צייט געהאַט אָפּצו־אָטעמען. — וואַרט אויף אַ מינוט. אָטעם אָפּ.

לוריאַ: — איך בין ניט קיין גאַסט, עפּעס מער.

אורי:—(קוקט אים אָן ערשטוינט) עפּ"ס מער? דאָס געפעלט מיר.

לוריאַ: — איך בין געקומען מאָנען אַ חוב.

אורי: — אַ חוב? דיר אַ חוב? אַלע קומען צו מיר מאָנען חובות. אָבער וואָס פאַר אַ חוב בין איך דיר שולדיק?

לוריאַ: — ריי'ס אַ חוב.

אורי: — וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד?

לוריאַ: — געלאַסענער, אורי, געלאַסענער.

אורי: — ווידער די אַלטע מעשות?... און — ריי האָט דיך קיינמאָל ניט ליב געהאַט.

לוריאַ: — דאָס אַרט מיך ניט. וואָס מיך אַרט איז, וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט ליב געהאַט ריי, און האָסט זי איצט אויך ניט ליב.

אורי: — (צעלאַכט זיך) זעסטו, דאָס איז שוין צופיל אפילו פאַר איינעם, וואָס איז ניט קיין גאַסט, נאָר עפּעס מער. (פּנים צו פּנים). ס'איז ניט אמת. ווער גיט דיר דאָס רעכט צו ריידן אזוי?

לוריאַ: — איך נעם זיך דאָס רעכט. און איצט, אַז דו ווילסט, קענסטו מיך אָננעמען פאַר'ן קאַרק און אַרויסוואַרפן.

אורי: — אַרויסוואַרפן? חלילה. אדרבה, דו געפעלסט מיר... כאָטש דאָס וואָס דו זאָגסט איז ניט אמת. איך האָב דיך קיינמאָל ניט געזען אין אַזאַ געשטאַלט... (זעצט זיך) מאָדנע, מאָדנע. מיט אַמאָל דערזע איך פאַר זיך די סיבירער נעכט, ווי מיר פלעגן זיצן ביידע ביים פייער פון אויוועלע, און הערן ווי דער צפון־ווינט בייסט מיט די ציין דעם דאַך פון אונזער שטיבל.

לוריאַ: — (דערפילט זיך מיט אַמאָל אַזוי ווי אַן אַנטוואָפנטער) וואָס עפּעס אין מיטן דערינען?

אורי: — אין מיטן דערינען? נאָר איינער, הער זיך צו, וועסטו הערן. דאָ פעלט דאָס אויוועלע. נו, וואָס? זיצן מיר אָן אַנ'אויוועלע... אָבער אין די שויבן און איבער'ן דאַך ברומט יענער ווייסער, ווייסער ווינט... הערסט ווי ער רייסט? הערסט ווי ער מאַכט הו־הו־הו־הו־הו... (ברומט אויס מיט די ליפּן אַ ווינט־געפייף).

לוריאַ: — (מיט שרעק) אורי, ביסט פון זינען אַרונטער? (כאַפּט אים אָן פאַר די הענט) וואָס איז מיט דיר?

אורי: — (פאַלט צו מיט'ן פּנים צום וואַנט) גאָרנישט, גאָרנישט, רייד ניט.

לוריאַ: — (שטייט לעבן אורי'ן) דו ביסט דאָך שוין באמת גרוי, אורי...

(מיט אַמאָל קומט אַריין סאָפי, אַ צעטומלטע. אורי שפּרינגט אויף, קוקט פאַרגאַפט).

אורי: — וואָס איז דאָס? וואָס עפּעס צוריק? וואו איז ריי?

סאָפי: — (מיט וויינענדיקן קול) זי האָט חרטה געקראַגן, וויל ניט גיין. אַנטלאָפן צוריק. וואָס בין איך שולדיק?

אורי: — עפּעס געוועזן צווישן אייך?

סאָפי: — איך ווייס ניט. זי גייט און שווייגט. רעדט מיט מיר ניט. וואָס בין איך שולדיק? (אָפּ צו זיך אַ וויינענדיקע).

ריי: — (קומט אַריין נידערגעשלאָגען מיט פאַרשטייפטע ליפּן, דערזעט לוריאַ'ן, קאָרטשעט זיך צוזאַמען. אורי אַ מבולבל'ער לויפט איר אַנטקעגן).

אורי: — וואָס באַטייט עס, ריי?

ריי: — איך ווייס ניט. איך ווייס ניט. לאָז מיך איצט. איך קען ניט. איך קען ניט... (אָפּ).

לוריאַ: — (כאַפּט זיין מאַנטל און לאָזט זיך צום טיר).

אורי: — (כאַפּט אים אָן פאַר אַ האַנט) גיי ניט אוועק, לוריאַ. זיי דאָ. איך בעט דיך. (ווייס אַליין ניט פון צעטומלעניש ווי ער האַנדלט). טו מיר אַ טובה, זיי דאָ.

לוריאַ: — (רייסט זיך אַרויס און וואַרפט אין לופטן) געמיינהייט.

אורי: — (שטייט אַ פאַרגליווערטער. אים דוכט זיך, אַז ער הערט אַ געוויין און ווייס ניט פון וואַנען. גייט צו צו ריי'ס טיר דערנאָך צו סאָפי'ס און ווידער צו ריי'ס) ריי, קום אַרויס, ריי...

(עפנט פּאַמעלאַך די טיר, טרעט אַריין אינווייניק. פון דאָרט הערט זיך אַ שטילער כליפּ. ער פאַרמאַכט די טיר. שטיל. עס קומט אַריין דער אָנקל געלאַסן, קאַלטבלוטיק. קוקט זיך אַרום, זעט קיינער ניטאָ. שטייט אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן ווירדיק און רואיק. זעצט זיך ביים טיש פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס ווי איינער זאָגט: איך קען וואַרטן... אורי קומט אַרויס, דערזעט דעם אָנקל'ס פיגור, בלייבט שטיין ביים טיר ווי אַ צוגעשמידטער. אָנקל קערט אָפּ זיין פּנים, באַגעגנט זיך מיט אורי'ס אויגן. קוקט אויף אורי'ן שאַרף, דורכדרינגנדיק).

(פאָרהאַנג לאַנגזאַם).

## דריטער אַקט

אין אַ פּאָר טעג אַרום. אָוונט. די אַלטע מאַמע שטייט ביים טיר
פון איר שלאָף צימער און רעדט אַריין:

**אַלטע:** —

שלאָף מיין אינגעלע, שלאָף וויליקעל, שלאָף מיין טייערער...

(שטייט. וואַרט אַ פּאָר רגעים, רעדט ווייטער)

מאַמע באַלד קומען, פּאַפּע באַלד קומען... שלאָף מיין אינגעלע...

(מאַכט צו די טיר, גייט אַרום און זיפצט)

אַך, אַך, קינדערלאַך מיינע... אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט...

(גייט צו צו דער טיר פון סאָפּי'ן, רופט:)

סאָפּי'לע.

**סאָפּי:** — (עפנט די טיר, רעדט אַרויס פון צימער) וואָס איז, מאַנטע?

**אַלטע:** — איך דאַרף אַרונטערגיין עפּעס איינקויפן. וועסט דאָך זיין אין הויז, סאָפּי'לע.

**סאָפּי:** — (פון צימער) ניין, טאַנטע. איך גיי אַוועק. וועל שוין דאָ ניט זיין מער אינגאַנצן.

**אַלטע:** — וואָס רעדסטו דאָרט, סאָפּי? (קוקט אַריין אין צימער) וואָס טוסטו? (דערשראָקען) דו פּאַקסט זיך?

**סאָפּי:** — (קומט אַרויס) יאָ, טאַנטע, איך פּאַק זיך. איך קלייב זיך אַרויס פון אייך.

**אַלטע:** — דו קלייבסט זיך אַרויס? פאַרוואָס? אַזוי פּלוצלינג.

**סאָפּי:** — אַזוי, טאַנטע. מען דאַרף.

**אַלטע:** — אין מיטן חודש. דו פאַרסט אַוועק ערגעץ?

**סאָפּי:** — ניין, איך קלייב זיך איבער אין אַ צווייטן הויז.

**אַלטע:** — קריינעלאַך מיינע. דאָ איז דיר שלעכט?

**סאָפּי:** — מען קען דאָך אייביק ניט וואוינען אין איין הויז.

**אַלטע:** — דו וואַרטסט גאָר ניט אויף אורי'ן, אויף ריי? וואָס טוט זיך דאָ?

ס אָ פ י : — איך קען ניט וואַרטן, טאַנטע.

אַ ל ט ע : — זיי ווייסן פון דעם?

ס אָ פ י : — מסתמא ווייסן זיי.

אַ ל ט ע : — און אַט איך ווייס גאָר ניט, בין אַ גאַנצן טאָג אין הויז און ניט חושד געווען גאָר, אַז דו פּאַקסט דיינע זאַכן. פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט?

ס אָ פ י : — וואָס איז דאָ צו זאָגן?

אַ ל ט ע : — וואַרט זשע כאָטש אויף די קינדער. וואָס הייסט דו קלייבסט זיך אַרויס און זעגנסט זיך ניט? איר האָב זיך צעקריגט, וואָס?

ס אָ פ י : — ניין. ניט געקריגט זיך.

(אורי קומט אַריין, האַלט זיין מאַנטל אין האַנט, סאָפי דערזעט אים, גייט די רגע אַריין צו זיך אין צימער, פאַרמאַכט די טיר).

א ו ר י : — גוט ג׳אָוונט, מאַמע.

אַ ל ט ע : — גוט יאָר דיר, מיין קינד.

א ו ר י : — וואו איז רײי?

אַ ל ט ע : — זי איז נאָך ניט געקומען.

א ו ר י : — וואוהין איז זי אַוועק?

אַ ל ט ע : — זי איז אַוועק נאָך פון אין דער פרי, אַביסל שפּעטער פון דיר.

א ו ר י : — אויף אַ גאַנצן טאָג? און זי איז נאָך ניטאָ? זי האָט דיר ניט געזאָגט וואוהין?

אַ ל ט ע : — וואָס ווייס איך, מיין זון? לוריאַ איז געקומען און זיי זיינען אַוועק ביידע ערגעץ, זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיך זאַמען אַ גאַנצן טאָג. איך זאָל אַכטונג געבן אויפ׳ן קינד. דו ווייסט גאָר ניט פון דעם?

א ו ר י : — איך ווייס גאָר נישט. איך פאַרשטיי ניט... ווי אַזוי לאָזט זי עס דיך איבער אַליין מיט׳ן קינד?

אַ ל ט ע : — מיר איז ניט שווער, וויליקעל איז אַזאַ טייערס... ער האַלט אין איין פרעגן וואו איז די מאַמע. — דו האָסט שוין עפּעס גע־קראַגן אַרבעט, מיין זון?

א ו ר י : — ניין, ניין.

אַ ל ט ע : — אורי׳לע זאָג מיר, פאַרוואָס קלייבט זיך סאָפי אַרויס פון דאַנען? זי פּאַקט דאָך אירע זאַכן. גיי זע.

א ו ר י : — וואָס איז דאָ צו זען? זי וויל דאָ ניט וואוינען מער.

אַ ל ט ע: — וואָס עפּעס אַזוי פּלוצלינג?

אָ ו ר י: — איר איז מסתמא באַקוועם ערגעץ אַנדערש מאַמע. וואָס איז אַזוינס? זי איז ניט קיין קינד.

אַ ל ט ע: — קריינעלאַך מיינע — בעט זי זי זאָל בלייבן.

אָ ו ר י: — איך קען ניט מאַמע. אָבער וואו איז רײ?

אַ ל ט ע: — אַז איר דערציילט מיר גאָרנישט, ווייס איך ניט... פּרואוו פונדעסטוועגן, אורי'לע, בעט זי. איך וועל אַרונטערגיין עפּעס איינקויפן צו סאַפּער. רייד זיך מיט איר דורך דערווייל. דיר וועט זי אפשר פאָלגן. (לאָזט זיך גיין).

אָ ו ר י: — האָסט געלט ביי זיך, מאַמע?

אַ ל ט ע: — יאָ, מיין זון. רײ האָט מיר איבערגעלאָזט געלט. זע, רייד זיך מיט איר דורך. בעט זי. (אַלטע אָפּ).

אָ ו ר י: — וואוהין האָט עס געקענט רײ אַוועקגיין אויף אַ גאַנצן טאָג?

(גייט אַריין אין קינד'ס צימער, קומט גלייך אַרויס. סאָפי קומט אַרויס מיט אַ טשעמאָדאַן אין האַנט. בלייבט שטיין און קוקט אויף אורי'ן. אורי מיידט אויס אירע בליקען).

ס אָ פ י: — (שטיל און אומעטיק) נו זעט, איך פאָלג אייך. איר וועט מיר עפּעס זאָגן פאַר'ן אַוועקגיין?

אָ ו ר י: — (שווייגט).

ס אָ פ י: — איר ווילט מיט מיר אפילו ניט רײדן? איר האָט ניט באַדאַרפט קומען. שפּעטער אַביסל... נאָך איין מינוט — וואָלט איך שוין ניט געווען דאָ...

אָ ו ר י: — וואו איז רײ?

ס אָ פ י: — זי האָט מסתמא ניט געוואָלט זיין דערביי, ווי איך פאַרלאָז דאָס הויז.

אָ ו ר י: — רײ ווייס גאָר ניט.

ס אָ פ י: — (ערשטוינט) ווייס ניט?

אָ ו ר י: — רײ ווייס ניט.

ס אָ פ י: — (ציטעריק) אָבער פאַרוואָס אַזוי ברוטאַל, אורי? ניט געפונען אפילו פאַר נויטיק צו רײדן מיט מיר, נאָר צוגעוואָרפן מיר אַ צעטעלע אויפ'ן טיש מיט דריי ווערטער: פאַרלאָזט אונז, סאָפי... פאַרוואָס קומט עס מיר, אורי?

אורי: — איך האָב אַנדערש ניט געקענט.

סאָפי: — הייסט עס — אורי אַליין הייסט מיר אַרויסקלייבן זיך.

אורי: — יאָ, סאָפי.

סאָפי: — אָבער פאַרוואָס קומט מיר איר זאָלט זיין צו מיר אַזוי ברוטאַל?

אורי: — ברוטאַל ניט צו אייך, נאָר צו זיך. איר געדענקט, איך האָב אייך געזאָגט איר זאָלט מורא האָבן פאַר מיסטער דאַן.

סאָפי: — אַפילו איצט זייט איר פאַר מיר נאָך אַלץ יענער אורי, ניט מיסטער דאַן, און איך גלויב אין אורי'ן.

אורי: — נו איז דאָך אייך גוט, סאָפי. גוט, גוט. איר זייט אַ גלויביקע. אָבער איך — איך בין מיסטער דאַן... מיסטער דאַן האַלט אייער אורי'ן פאַר'ן האַלז און ווערגט, שטיקט, בלוטיקט...

סאָפי: — ניט אמת. ניט אמת. איר וועט ניט דערשטיקן אורי'ן. איר האָט אים ליב אַזוי ווי איך האָב אים ליב. און אורי האָט מיך אויך ליב. יאָ, יאָ.

אורי: — און אָט פאַרטרייבט ער אייך.

סאָפי: — (לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטול. באַהאַלט איר פּנים. אורי קוקט אויף איר מיט הייסע אָנגעשטרענגטע אויגן. שווייגט שווער און קלער־מעדיק).

אורי: — איר געדענקט, סאָפי, איר האָט געזאָגט, אַז איר וועט אָננעמען מיט ליבשאַפט צו זיין פאַרטריבן פון מיר. פאַרוואָס זאָגט איר עס ניט איצט, ווען ס'איז געקומען דערצו?

סאָפי: — אַזוי אומגעריכט געקומען. אַזוי שנעל. איר טוט עס צוליב ריי? זי איז אייפערזיכטיק? זאָגט, אַז צוליב ריי, צוליב'ן טעאַטער.

אורי: — ניין. ניט צוליב'ן טעאַטער. פון ריי'ס וועגן וואָלט איר געקענט דאָ בלייבן.

סאָפי: — הייסט עס, איר אַליין —

אורי: — יאָ.

סאָפי: — נו, גוט. איך האַלט מיין וואָרט. כאָטש איך פאַרשטיי ניט אייער האַנדלונג. מסתמא פאַרשטייט איר... איר נעמט טאַקע נקמה פון זיך, ניט אַנדערש... (גרייט זיך צו גיין).

אורי: — (לייגט אַרויף אַ האַנט אויף איר אַקסל) איך וויל איר

זאָלט מיך יאָ פאַרשטיין. ס'איז געווען אייער גורל צו ליב האָבן אַ מענטשן, וואָס האָט שוין אַ ווייב און אַ קינד, און דער מענטש וואָס האָט אַ ווייב און אַ קינד האָט אייך אויך ליב, אָבער ער ו ו י ל אייך ניט ליב האָבן... אָט שטייט איר לעבן מיר. פון אייך קוועלט מיט פרייד, מיט הייסער ליבשאַפט, מיט שיינקייט, וואָס איר ווייסט נאָך אַליין ניט פון איר, אָבער דער מענטש, וואָס שטייט לעבן אייך, וויל זיין אַליין, באַהאַלטן אין זיך, מיט קיינעם ניט טיילן זיין איינזאַמקייט.

ס אַ פ י : — אַפילו ווען איבער זיין קאָפּ ברעכט אויס אַ שטורם?

א ו ר י : — דעמאָלט נאָך מער. דער שטורם איז דאָך ניט איבער אים, נאָר א י ן אים. איך וויל ניט קיין הילף פון דער זייט.

ס אַ פ י : — איז ניט אמת, אַז איר האָט מיך ליב.

א ו ר י : — אמת.

ס אַ פ י : — אַ שרעקלאַכער אמת.

א ו ר י : — איך האָב אייך ליב. אָבער איך זאָג דאָך אייך: איך ו ו י ל אייך ניט ליב האָבן... אָט וועט איר אַוועקגיין. איר וועט אַוועקנעמען פון מיר אַ חלום, וואָס ניט אַזוי אָפט חלומ'ט מען אין דעם עלנד פון לעבן. אָבער גוט אַזוי. מענטשן דאַרפן זיך ניט אָנכאַפּן אָן אַלץ, וואָס עס קומט זיי צום האַנט, מעג עס זיין אַפילו דאָס גליק אַליין. (פּויזע). סאָפי, איך רייד צו אייך ווי צו אַ מענטשן, וועמען איך וועל אפשר מער קיינמאָל ניט זען.

ס אַ פ י : — (אַ דערשראָקענע) וואָס רעדט איר אורי? וואָס רעדט איר?

א ו ר י : — שרעקט זיך ניט. איך וועל גאָרנישט טאָן מיט זיך. איך וויל אייך נאָר זאָגן: מיט מיר קומט עפּעס פאָר אַזוינס, וואָס איך ווייס אפילו ניט ווי אַזוי אָנצורופן עס... עפּעס ברעכט זיך אין מיר, צעפאַלט; אָבער איך פיל אויך, אַז עפּעס שטאַרקט זיך אין מיר... דאָס פאַרטרוויערטע לעבן, וואָס איך לעב דאָ, מוז מיך צו ערגעץ ברענגען, צו עפּעס גרויסעם... וואָרים אַנדערש קען עס ניט זיין... איך האָב שוין אַלץ דאָ געטאָן אין אַמעריקע. געאַרבעט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין יוניאָנס, געשריבן אין צייטונגען, געלערנט, געשטודירט און פון אַלץ בין איך אַנטלאָפן, ניט געפונען קיין זין אין קיין זאַך, קיין טיף־לעבן, קיין פייער, אַלץ טעמפּ, פלאַך, חושב'דיק... איך ווייס ניט, אפשר

בין איך אַליין אין אַלץ שולדיק. אויב יאָ — דאַרף איך אַליין געפינען דעם אויסוועג...

ס אָ פ י : — זאָגט מיר אורי, איר האָט ליב רײַ?

א ו ר י : — (איבעראַשט. שווייגט אַ ווײַלע און זאָגט פעסט) יאָ, געוויס. עס געפעלט מיר, וואָס איר האָט עס געפרעגט.

ס אָ פ י : — איך וואָלט געוועז זייער אַנטוישט אין אײַך, ווען איר זאָגט ניין... אָבער — איך ווייס אַליין ניט — ס'איז מיר אַזוי שווער (פאַלט צו מיט'ן קאָפּ צום טיש) אַזוי שווער...

א ו ר י : — מען דאַרף ניט, סאָפי. מען דאַרף ניט ווײנען... געווים, געוויס. וואָס פאַר אַ קונץ יצו פאַרליבן זיך אין אַ צווייטער, ווען מען האָט ניט ליב דער ערשטער? ... אָך, צו וואָס האָט איר באַדאַרפט קומען אַהער?

ס אָ פ י : — טאַקע צוליב וואָס האָב איך באַדאַרפט קומען אין אײַער הויז? אַרויפלויפן אויף אַ וועג פון אַ מענטשן, וואָס וויל גאָרניט, אַז עמיצער זאָל אים קומען אַנטקעגן... (שטעלט זיך אויף) איר וועט מיר ערלויבן איבערצולאָזן ביי אײַך מײַן טשעמאָדאַן ביז מאָרגן?

א ו ר י : — יאָ, געוויס.

ס אָ פ י : — איר ווילט גאָר ניט וויסן מײַן נײַעם אַדרעס?

א ו ר י : — (שווייגט).

ס אָ פ י : — מײַן טיר וועט זײַן אָפן פאַר אײַך.

א ו ר י : — ניין, ניין.

ס אָ פ י : — אָבער מײַן האַנט וועט איר דאָך נעמען צום זעגענען זיך? (שטרעקט אויס איר האַנט).

א ו ר י : — (מיט געוואַלטערהייט נעמט אָן איר האַנט. טוט מיט אַמאָל אַ ציי איר האַנט צו זײַן מויל און קושט זי).

ס אָ פ י : — (ציט צוריק איר האַנט) גיט מיר אַנ'אמת'ן קוש. (שטייט און וואַרט. אורי טרעט אָפּ אויף צוריק). איר זײַט גערעכט. מען דאַרף ניט. מען דאַרף ניט. (אָפּ שנעל מיט אומקוקנדיק זיך אויף אורי'ן. אורי לייגט אַרויף זײַנע הענט אויף די אויגן. שטייט אין מיטן שטוב ווי אַ פאַרגליווערטער. עס קומט אַריין די אַלטע).

אַ ל ט ע : — נאָך ניטאָ רײַ?

א ו ר י : — (שווייגט).

אַ ל ט ע : — ביסט שוין אודאי הונגעריק, אורי'לע. קום אין קיך קענסט עפּעס אַ ביס טאָן.

א ו ר י : — איך וויל ניט.

אַ ל ט ע : — ביסט דאָך הונגעריק... (קוקט אַריין אין סאָפּי'ס צי־מער). וואָס, סאָפּי איז שוין טאַקע אַוועק?

א ו ר י : — אַוועק.

אַ ל ט ע : — קריינעלאָך מיינע... אַנטלאָפן. ס'טע געזען... ווי איז מיר... (צעוויינט זיך). וואָס איז מיט דיר, מיין זון?

א ו ר י : — גאָרנישט. וואָס זאָל זיין? וואָס ווייסטו?

מ אַ מ ע : — צו דער נאַכט... אַזוי שווער איז איר שוין געווען איבערצונעכטיקן דאָ... אַנטלאָפן. אפילו מיט מיר ניט געזעגנט זיך. ווי איז מיר. וואָס טוט זיך דאָ? ס'איז דאָך עפּעס ניט גלאַט, אורי'לע.

א ו ר י : — מאַמע, הער אויף. איך בעט דיך.

מ אַ מ ע : — ווי אַזוי וועט זי עס וואוינען ביי פרעמדע מענטשן? געווען ווי אַנ'אייגענע דאָ. אין מיטן דערינען — אַנטלאָפן... אורי'לע ווילסט דאָך מסתמא עסן.

א ו ר י : — (נערוועז) איך וויל ניט. איך וויל ניט.

מ אַ מ ע : — קריינעלאָך מיינע. (קוקט אַלע ווײַלע אַריין אין סאָפּי'ס צימער און זיפצט).

(עס קומט אַריין ריי, אויפגעלייגט, פריילאַך, סטאַרעט זיך די פריילאַכ־קייט צו איבערטרייבן, טוט זיך שנעל פּאַנאַנדער, לויפט צו צו אורי'ן, נעמט אים אַרום).

ר י י : — גוט נ'אַוונט אורי'לע. ביסט שוין לאַנג אין דער היים?

אַ ל ט ע : — (קומט אַרויס פון סאָפּי'ס צימער) אַט איז שוין ריי אויך דאָ. אַבי אורי איז שוין אומגעדולדיק.

ר י י : — וואָס טוט ווילקל? ער איז געווען גוט?

אַ ל ט ע : — נו, אודאי, אַז די מאַמע איז דאָ איז בעסער.

א ו ר י : — פון וואַנען קומסטו, ריי?

ר י י : — באַלד, באַלד אורי. אַפריער אַ קוק טאָן אויף מיין אינ־געלע. (לויפט אין שלאָפצימער).

אַ ל ט ע : — נו, אַבי דו האָסט זיך געזאָרגט... אוי, קריינעלאָך מיינע, איר וועט דאָך שוין גיין עסן. (לויפט אין קיך אַריין).

א ו ר י : — (גייט אַרום צעטראָגן הין און צוריק).

ר י י : — (קומט אַרויס פריילאַך) אַנו טרעף, וואו איך בין געווען, אורי? אַנו טרעף.

אורי: — איך ווייס ניט.

ריי: — זאָג מיר צו, אַז דו וועסט ניט בייז ווערן, וועל איך דיר זאָגן. אַ־יאָ. דו וועסט דאָך ניט בייז זיין, אורי׳לע... לוריאַ וועט אויך באַלד אַרויפקומען אַהער. ער איז געלאָפן זוכן ערגעץ וויין און גוטע זאַכן.

אורי: — וואָס פאַר אַ וויין? ווי קומט לוריאַ איצט? איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין.

ריי: — אַט וועל איך דיר שוין זאָגן. אָבער זאָג מיר צו, אַז דו וועסט ניט בייז ווערן. זאָג מיר צו...

אורי: — אָבער זאָג שוין. (פאַר דער צייט איז די אַלטע צוריק־געקומען).

אַלטע: — דער סאַפּער איז שוין פון לאַנג פאַרטיק, קינדערלאַך מיינע. קומט עסן.

ריי: — באַלד, באַלד שוויגער... איך האָב דיר געמאַכט אַ סור־פּריז, אורי׳לע. איך האָב געוואוסט, אַז דו וואָלסט מיך ניט געלאָזן, ווען איך פרעג דיך... איך האָב געאַרבעט...

אורי: — (איבעראַשט) געאַרבעט?

אַלטע: — קריינעלאַך מיינע.

ריי: — נו וואָס ביסטו אַזוי איבעראַשט? לוריאַ האָט מיך אַרויפ־גענומען צו אים אין שאַפּ... אויף אַ פּאָר וואָכן.

אורי: — ביסט געגאַנגען אין שאַפּ?

ריי: — נו, וואָס איז אַזוי? איך האָב דיר ניט געוואָלט דער־ציילן, איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט מיך ניט לאָזן... אויף אַ פּאָר וואָכן נאָר, אורי׳לע, ביז וואַנען דו וועסט קריגן באַשעפטיקונג. עס מאַכט ניט, אורי׳לע, עס מאַכט ניט.

אורי: — דו האָסט געוואוסט, אַז איך וועל דאָס ניט ערלויבן, און דו ביסט געגאַנגען. וואָרום האָסטו דאָס געטאָן, ריי?

ריי: — איך זע ניט איין, וואָרום דו זאָלסט עס נעמען אַזוי ערנסט. נו, וואָס איז אַזוינס? איך מעג אויך אַרויסהעלפן אין אַ שלעכ־טער צייט. פאַרקערט, ס׳איז מיר אָנגענעם דיר אַרויסצוהעלפן.

אורי: — וואָס רעדסטו — אַרויסהעלפן. ס׳איז ניט גוט, ריי. איך וויל דאָס ניט. איך וויל דאָס ניט. (געפינט זיך ניט קיין אָרט).

ריי: — נו, זיי ניט בייז אורי׳לע, איך בעט דיך. נו, זאָגט איר, שוויגער. וואָס איז דאָ אַזוינס? מער ניט, איך האָב מיך זייער געזאָרגט פאַר אייך, טאַמער פאַלט אייך שווער מיט׳ן קינד אַ גאַנצן טאָג.

אַ ל ט ע : — וואָס שייך שווער... אדרבה... האָסט מיר אויך ניט אויסגעזאָגט, אַז דו גייסט אַרבעטן.

ר י י : — איך בין געגאַנגען אַ קוק טאָן, צי עס וועט מיר געפעלן זיין. אַ גוטער פּלאַץ גראָדע... עס מאַכט ניט, אורי'לע... אָבער ס'איז אייך ניט צו שווער? זאָגט מיר דעם אמת, שוויגער.

אַ ל ט ע : — געזונט זאָלסטו מיר זיין, וואָס רעדסטו... אָבער גייט שוין עסן. ניט צייט נאָך?

א ו ר י : — (שטייט ביים וואַנט אַזוי ווי דאָס לשון וואָלט אים אָפּ־גענומען).

ר י י : — זיי ניט אַזוי ערנסט. נעם עס לייכטער. ס'איז מיר אָנ־גענעם. איך שווער דיר. איך טו עס מיט'ן גאַנצן האַרצן... דו לויפסט אַרום, זוכסט, און ס'איז דיר שווער, איך זע דאָך... נו, איז וואָס? איך קען דאָך גוט נייען, עס וואָלט דאָך געוועזן אַ פאַרברעכן, ווען איך העלף דיר ניט איצט. (נעמט אים אַרום און בעט זיך) אורי, זיי ניט אַזוי ערנסט, אַזוי שווער... (עס קומט אַריין לוריאַ מיט פּעקלאַך אין די הענט). אָט איז לוריאַ; קומט אַהער, לוריאַ, מאַכט אים פריילאַך.

ל ו ר י אַ : — גוטן אָוונט אייך. (האָט געוואָלט זיין דרייסט און פאַר־לירט גלייך זיין טאָן) וועמען דאַרף מען עס מאַכן פריילאַך, אורי'ן?

ר י י : — איר האָט טאַקע געקראָגן ווייך?

ל ו ר י אַ : — געווים. ווי דען? און טאַקע — גוטן. אמת'ן ווייך. וואָס הייסט ניט קריגן קיין ווייך?... וואָס, אורי איז טאַקע בייז?

ר י י : — איר מוזט אים מאַכן פריילאַך, לוריאַ.

ל ו ר י אַ : — אויב עס ווענדט זיך נאָר אַן מיר — פאַראַן צייטן, וואָס מען דאַרף זיין ניט אומעטיק, אפילו ווען ס'איז אומעטיק — ניט אמת, אורי?

א ו ר י : — אפשר.

ל ו ר י אַ : — בייז זיין? וואָס איז דאָ בייז צו זיין? ווען איך האָב אַ ווייב, וואָלט מיך אסור געאַרט, אויב זי וואָלט וועלן גיין אַרבעטן... אדרבה... נו, וואָס איז דאָ צו ריידן? אַ פלאַש ווייך איז דאָ, געבעקס אויך... די באָבע וועט דאָך אויך מאַכן מיט אונז אַ לחיים, יאָ, באָבע?

אַ ל ט ע : — טרינקט אייך געזונטערהייט, קינדערלאַך, וואָס איך בין שוין פאַר טרינקערין.

ל ו ר י אַ : — נו, זייט אַ באַלעבאַסטע, ריי... אפילו סאַרדינען

האָב איך איינגעהאַנדלט... אורי, איר האָט נאָך אַזאַ ווייַן ניט גע־טרונקען... גלעזלאַך, באַלעבאַסטע... אַ פּראָפּנציער האָט איר דאָך אויך מסתּמא... זעט נאָר אַ ווייַן, אורי...

ר י י : — (האָט אַרייַנגעקוקט דערווייל אין סאָפּי׳ס צימער) וואָס איז דאָס? וועמענס טשעמאָדאַן?

ל ו ר י אַ : — איר האָט גלעזלאַך, באָבע?

ר י י : — וועמעס טשעמאָדאַן?

אַ ל ט ע : — סאָפּי האָט איבערגעלאָזט.

ל ו ר י אַ : — קומט באָבע אין קיך נאָך גלעזלאַך. (גייט מיט דער אַלטער אין קיך).

א ו ר י : — סאָפּי האָט זיך אַרויסגעקליבן.

ר י י : — פאַרוואָס?

א ו ר י : — איך האָב איר געהייסן.

ר י י : — דו?

א ו ר י : — יאָ.

ר י י : — מיינסט עס אמת?

א ו ר י : — יאָ.

ר י י : — האָסט עס געטאָן צוליב מיר? צוליב וואָס האָסטו דאָס געטאָן?

א ו ר י : — צוליב מיר.

ר י י : — וואָס מיינסטו?

א ו ר י : — איך מיין גאָרנישט. פּשוט, איך האָב איר געהייסן אַרויסקלייבן זיך.

ר י י : — מיין גאָט... אפשר בין איך שולדיק טאַקע?

א ו ר י : — דו ביסט ניט שולדיק.

ר י י : — (אויסער זיך) אַך, מיין גאָט. וואָס הייסט... אַזוי שנעל... אַזוי מיט אַמאָל... וואָרום האָסטו מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם? און זי איז שוין ניטאָ?

א ו ר י : — ניטאָ.

ר י י : — (נעמט אים אַרום פאַר׳ן קאָפּ) עפּעס איז מיט דיר, אורי. זאָג מיר וואָס?

א ו ר י : — ס׳איז מיר גאָרנישט, ריי... איך בין נערוועז אַביסל... דו ביסט אין כּעס, וואָס איך בין ניט צופרידן מיט דייַן גייַן אַרבעטן, זייַ ניט אין כּעס ריי...

ר י י : — ניין, אורי'לע.

א ו ר י : — (דריקט צו איר קאָפּ צו זיינע ליפּן) טראַכט ניט אויף מיר קיין שלעכטס, ריי.

ר י י : — (כאַפּט אָן זיינע הענט) וואָס פאַר אַ שלעכטס וועל איך טראַכטן אויף דיר? וואָס רעדסטו? וואָס טוט זיך מיט דיר? זע, ווי דו קוקסט אויס.

א ו ר י : — (גייט אָפּ פון ריי אַ פּאָר טריט) מיך האָט ער ניט געוואָלט אַרויפנעמען אין שאַפּ. (לוריאַ קומט אַריין מיט גלעזלאַך אין די הענט).

ל ו ר י אַ : — נו, גלעזלאַך זיינען שוין אויך דאָ.

א ו ר י : — (צו לוריאַ) ס'איז געווען דיין עצה זי זאָל גיין אין שאַפּ אַרבעטן?

ל ו ר י אַ : — מיין עצה? וואָס מיינסטו צו זאָגן?

ר י י : — אורי!

א ו ר י : — איך האָב דיך געבעטן דו זאָלסט מ י ך נעמען צו דיר אין שאַפּ.

ל ו ר י אַ : — איך האָב דאָך געזאָגט, אַז פאַר דיר וועט ניט גוט זיין... איך מיין — ערשטנס, קענסטו דאָך ניט די אַרבעט, אַרויפקומען לערנען זיך — וואָס האָט עס פאַר אַ זינען פאַר דיר?... און צווייטנס, קען איך זיך עפּעס ניט פאַרשטעלן, אַז דו זאָלסט זיצן ביים מאַשין...

א ו ר י : — (בייז) אָבער אַז איך וויל!... מיין גאָט... וואָס עפּעס דאַרפסטו זיך פאַרשטעלן? צו אַלדי רוחות.

ר י י : — איך קען דאָך נייען, אורי'לע... איך קען דאָך גלייך פאַר־דינען אַ סך געלט... און איך וויל אויך ניט דו זאָלסט גיין אין שאַפּ...

א ו ר י : — פאַרוואָס קען איך ניט גיין אין קיין שאַפּ? איך קען! איך קען: צו אַלדי רוחות. (לויפט אַרויס פון שטוב).

אַ ל ט ע : — (אַריין פון קיך) וואוהין איז אַרויסגעלאָפן אורי? וואוהין איז ער געלאָפן?

ר י י : — (זיצט אַ טרויעריקע און שווייגט).

אַ ל ט ע : — וואָס איז דאָ געווען, טאָכטער?

ר י י : — ער איז בייז געוואָרן.

אַ ל ט ע : — אַך, קריינעלאַך מיינע. וואו טוט זיך מיט אייך... וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָג היינט? קריינעלאַך מיינע. (אָפּ צוריק אין קיך). (פּויזע).

ל ו ר י אַ : — (זוכט זיין מאַנטל אַוועקצוגיין).

ר י י : — איר גייט אַוועק, לוריאַ?

ל ו ר י אַ : — יאָ.

ר י י : — בלייבט. איך בעט אייך.

ל ו ר י אַ : — איך זאָג אייך דעם אמת. אויף דעם האָב איך זיך ניט גערעכט. ס'איז ניט שיין פון אים.

ר י י : — זייט אים מוחל. איר זעט דאָך, ער איז נערוועז, צע־טראָגן... אָך, גאָט מיינער... אפשר האָב איך טאַקע ניט באַדאַרפט גיין אַרבעטן, ווען איך וואָלט געוווּסט, אַז דאָס וועט אויף אים אַזוי שלעכט ווירקן.

ל ו ר י אַ : — איך קען עס ניט צוקוקן. (פעסט) ריי, ס'איז אָנ־אומזין.

ר י י : — (מיט וויינענדיקן קול) רעדט ניט, לוריאַ. איך בעט אייך.

ל ו ר י אַ : — פיליסטעריש.

ר י י : — (וויינט פאַרשטיקט).

ל ו ר י אַ : — וויינט ניט, ריי.

ר י י : — (שטאַרקט זיך ניט צו וויינען) איך וויין שוין ניט.

ל ו ר י אַ : — (נעמט זי אָן פאַר די הענט) איר וויינט דאָך יאָ. (גלעט זי פאַר'ן קאָפּ).

ר י י : — וואָס קען איך טאָן? ... אפשר טאַקע ניט געדאַרפט גיין? אַזוי ניט גוט...

ל ו ר י אַ : — נו, בארואיקט אייך. (לייזנשאַפטלאָך) ריי, ריי.

ר י י : — איר דאַרפט ניט קומען מער צו אונז.

ל ו ר י אַ : — ניט קומען? אַז איר ווילט ניט, וועל איך ניט קו־מען... אייער פאַרלאַנג איז ביי מיר הייליק... ס'איז דאָך אָבער אָנ־אומזין, ריי. אָנ'אומזין. (נעמט אַרום איר קאָפּ).

ר י י : — (שטויסט אים אַוועק פון זיך) טוט עס ניט לוריאַ... איך בעט אייך... (דרייט אַוועק איר פּנים צו דער וואַנט). ·

ל ו ר י אַ : — ס'איז דאָך אָבער אומזין. אומזין.

ר י י : — (קערט זיך אום צוריק צו אים מיט'ן פּנים) איך וועל מער ניט גיין אין שאַפּ.

ל ו ר י אַ : — (אַ פאַרשעמטער) ווי איר ווילט אייך. (נעמט זיין מאַנטל).

ר י י : — זייט ניט בייז. וואוהין גייט איר? גייט ניט אַוועק... (צעוויינט זיך שטאַרק).

אַ ל ט ע : — (מיט שרעק, לויפט אַריין) טאָכטער מיינע, טאָכ־טער מיינע, וואָס וויינסטו? וואָס איז מיט דיר?

ר י י : — איך וויין ניט שוויגער, ס׳איז גאָר נישט. איך וויין שוין ניט.

אַ ל ט ע : — קריינעלאַך מיינע. וואָס טוט זיך מיט אייך? איך ווייס דאָך גאָר ניט וואָס עס טוט זיך מיט אייך...

אַ קלונג אין טיר. לוריאַ זעצט זיך אָן אַ זייט און שווייגט. די אַלטע גייט עפענען. ריי מאַכט צו רעכט איר אויסזען. לוריאַ זיצט אַ שווייגנדיקער מיט אַנ־אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ. עס קומען אַריין רייס משפחה: דער אָנקל, די טאַנטע, דער שוואָגער, די שווערעגין, ערשטער קאָזין און צווייטער קאָזין.

אַ נ ק ל : — (און מיט אים אַלע איבעריקע) גוט איוונינג.

ר י י : — (איבעראַשט) אַ ס׳אַראַ געסט. זיצט, זיצט. אָט ברייננ איך שטולן. (גייט מיט דער אַלטער אין קיך און ברייננט שטולן).

אַ נ ק ל : — (שטרייננ) ניט צו גאַסט, נאָר פאַר ביזנעס.

ב ר ו ד ע ר : — ניט קיין צייט פאַר וויזיטן.

ע ר ש ט ע ר ק אָ ז י ן : — יאָ וויזיטן, ניט וויזיטן — מיר זיינען געקומען.

צ ו ו י י ט ע ר ק אָ ז י ן : — אודאי, מיר זיינען געקומען.

ש ו ו ע ג ע ר י ן : — אַזוי פינסטער ביי אייך, ריי.

ר י י : — פינסטער? ווי פאַר ווענען.

ט אַ נ ט ע : — ריי איז שוין אויך אין כעס. ס׳וועט נאָך צייט זיין פאַר כעס.

(די געסט צעזעצן זיך. אָנגעבלאָזן. שווייגן. לוריאַ זוכט אַ פּלאַץ וואו אַהינצוטאָן זיך. כאַפּט זיך אַריין אין סאָפּיס צימער. די אַלטע קוקט מיט בלאָנ־דזשענדיקע אויגן אויף אַלעמען).

ר י י : — (קלייבט צו פון טיש) איר וועט אפשר טרינקען טיי?

אַ נ ק ל : — איך זאָג דאָך: מיר זיינען געקומען פאַר ביזנעס.

ר י י : — איר באַליידיקט דאָך מיך, אָנקל.

ט אַ נ ט ע : — אַ דאַנק, ריי. זיי זיך ניט מטריח.

ר י י : — אַביסל ווייון אויך ניט?

ט אַ נ ט ע : — אַ דאַנק, ריי.

ש ו ו ע ג ע ר י ן : — איך טרינק ניט קיין וויין.

ע ר ש ט ע ר  ק אַ ז י ן: — יאָ ווײַן — ניט ווײַן — וואָס עפּעס אין מיטן דערינען ווײַן?

צ ו ו י י ט ע ר  ק אַ ז י ן: — אוודאי, וואָס עפּעס אין מיטן דע־רינען ווײַן?

ב ר ו ד ע ר: — מיר דאַרפֿן אים אַליין. דעם פּריץ אַליין.

ע ר ש ט ע ר  ק אַ ז י ן: — יאָ אַ פּריץ, ניט אַ פּריץ — מיר דאַרפֿן אים אַליין.

ר י י: — (נעמט צו פֿון טיש, זעצט זיך אַליין פֿון דערווײַטנס).

ש ו ו ע ג ע ר י ן — וואָס מאַכט איר, באָבע?

אַ ל ט ע: — מען לעבט. אַ דאַנק גאָט. איר זייט אַלע אַנגעשטויסן אויף מײַן אורי׳לן... קריינעלאַך מײַנע.

ב ר ו ד ע ר: — מיר האָבן פּאַר וואָס צו זײַן אַנגעשטויסן... איר זעט דאָך באָבע, מײַן שוועסטער זיצט און בלאָזט זיך, פֿרעגט זי, וואָס בלאָזט זי זיך נאָך.

ר י י: — מעגנסט זיך שעמען, אַז דו רעדסט אַזוי.

ש ו ו ע ג ע ר י ן: — האָסטו געזען, מיר זאָלן זיך נאָך שעמען.

ט אַ נ ט ע: — וואָס מאַכט וויליקעל?

ר י י: — אַ דאַנק, טאַנקע. ער איז געזונט.

ט אַ נ ט ע: — ער שלאָפֿט שוין?

ר י י: — יאָ, ער שלאָפֿט שוין.

ב ר ו ד ע ר: — וואו איז אורי?

ר י י: — ער וועט קומען באַלד. שרעק זיך ניט, ברודער.

ב ר ו ד ע ר: — (איראָניש) ער אַרבעט דאָך ניט קיין אָווערטיים.

ר י י: — ביסט טאַקע מײַן ברודער, אָבער וועגן אורי׳ן מעגסטו ריידן אַנשטענדיקער. דו אַרבעטסט — איז דיר גוט.

ב ר ו ד ע ר: — אוודאי אַרבעט איך. און אורי אַרבעט טאַקע ניט. ער וויל ניט אַרבעטן.

ר י י: — (מיט צו להכעיס טאָן) איך אַרבעט, ווי געפֿעלט עס דיר?

ב ר ו ד ע ר: — דו אַרבעטסט?

ש ו ו ע ג ע ר י ן: — איר הערט, זי גייט אַרבעטן.

ר י י: — יאָ. געפֿעלט אייך ניט?

ע ר ש ט ע ר  ק אַ ז י ן: — זייער שיין, זייער שיין.

ב ר ו ד ע ר: — אַזאַ תּכלית אויף אַלע מײַנע שונאים. (שפּרינגט

אויף) איך בין דיינער אַ ברודער, און איך מעג דיר זאָגן, ריי, עס איז געמיין — אַ ווייב זאָל גיין אַרבעטן!

ר י י : — איך בעט קיינעם זיך ניט מישן.

אַ נ ק ל : — ווען איך וואָלט ניט געווען דיין אַנקל, וואָלט מיין פוס ניט געווען דאָ.

ט אַ נ ט ע : — רעג זיך ניט אויף, שלמה.

ר י י : — איר קומט דאָך אַהער סיי ווי, ווייל איר זייט מיין אַנקל, נאָר ווייל עס קומט אייך געלט.

אַ נ ק ל : — ווען איך וואָלט אָבער ניט געווען דיין אַנקל, וואָלט מיר קיין געלט ניט געקומט.

ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — יאָ אַנ'אַנקל, ניט אַנ'אַנקל — עס קומט אונז אַלעמען געלט.

צ ו ו י י ט ע ר ק אַ ז י ן : — אודאי. עס קומט אונז אַלעמען.

אַ נ ק ל : — דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך קום אין הויז צו דיר. אין מיין משפחה האָט נאָך קיינער ניט געשיקט זיין ווייב אין שאַפּ אריין אַרבעטן.

ר י י : — קיינער האָט מיך ניט געשיקט. איך בין אַליין געגאַנגען.

ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — יאָ געשיקט, ניט געשיקט — אַבי אין שאַפּ אריין אַרבעטן.

צ ו ו י י ט ע ר ק אַ ז י ן : — אודאי, אַבי אין שאַפּ אריין אַרבעטן.

אַ נ ק ל : — שאַנד און שפּאָט.

ט אַ נ ט ע : — רעג זיך ניט אויף, שלמה.

ב ר ו ד ע ר : — אַז ער האָט באַדאַרפט געלט, איז ער געקומען צו מיר. איצט ווייכט ער פון מיר.

אַ ל ט ע : — (לאָזט זיך צו זיי אַלעמען מיט געבעט) קריינעלאַך מיינע. וואָס איר צערעדט עס אויף מיין אורי'לן... אַזוי ווי ער וואָלט אייך, חלילה, באַ'גזל'ט...

ב ר ו ד ע ר : — אַז איר ווייסט ניט, טאַנטע, וואָס מישט איר זיך אריין?

ר י י : — לאָזט זיי, שוויגער.

ב ר ו ד ע ר : — (שפּרינגט אויף) יעם מעם. ס'איז געמיין, זאָג איך. יעם מעם. איך בין דען ראַטשילד, האַ? דאָס געלט, וואָס אורי האָט ביי מיר גענומען אויף דער סטאָר איז בלוטיק געלט. איך בין אַ שווערער אַר־

בעטער, אַרבעט מיין גאַנץ לעבן אין שאָפּ... וואָס? מיין שוואָגער וויל זיין אַ יחסן, אים שטייט ניט אָן אין קיין שאָפּ... איך וואָלט אויך געקענט פאַרדינען ניט צו זיצן מיינע גאַנצע יאָרן אין שאָפּ... אַלע גלייכע יחסנים דאָ. האָסטו געזען? לעט מי טעל יו, ריי — דו ביסט שולדיק, דו. גיסט אים נאָך, פאַרשווייגסט אים. אַ גוואַלדיקע מעשה, אײדל געוואַקסן... נאָך אַ סאָציאַליסט געווען, — בעט ביי מיר אַ דרייער פאַר דעם... אַרבעטער, אַרבעטער — און אַליין וויל דאָס אַרומגיין מיט אַ שטעקעלע איבער די גאַסן... געמאַכט אים אַ ביזנעס — אויך ניט גוט. איז וואָס זשע וויל ער? (טוט אַקלאַפּ מיט'ן פויסט איבער'ן טיש). אַרבעטן זאָל ער גיין. אין שאָפּ אַריין. קלאָוקס נייען... זעסט? (שטרעקט אויס אַ האַנט מיט אַ פאַרבונדענעם פינגער) נאָדלען זיצן דאָ אין פלייש, אַריינגעהאַקטע נאָדלען. יעס מעם. וואָס, מיין פלייש איז אפשר קיין פלייש ניט...

ר י י : — (אָנגעצונדן) קלאַפּ ניט אין טיש.

ב ר ו ד ע ר : — (מיט מער כעס) יעס מעם. צו מאַכן אַ לעבן דאַרף מען האַרעווען. צי מען וויל, צי מען וויל ניט. איך בין שוין אַ דאַנק גאָט נאָענט צו פופציק, איך אַרבעט שוין צוואַנציק יאָר ביים מאַשין. איך פאַרשטיי ניט קיין אויבערשפּיצלאָך. אונזערער אַ מענטש האָט זיך ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן... וואו איז ער? איך וואָלט עס אים זאָגן אין פּנים אַריין...

ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — וואָס איז דאָ צו ריידן אַ סך? אַ טאַלק זאָל מען מאַכן.

אַ נ ק ל : — ס'וועט שוין זיין אַ טאַלק. אַ חשבון וועט ער געבן. אַלע בעל חובות קומען צו מיר. וואָס איז? — איך האָב גוט געזאָגט. דער סוף וועט זיין, אַז איך וועל נאָך בלייבן דער שלעכטער אַנקל.

ט אַ נ ט ע : — רעג זיך ניט אויף, שלמה.

אַ נ ק ל : — (צו ריי) דיין ברודער איז גערעכט. אודאי. שטיין ביי מיר צענדליקער אַרבעטער און אַרבעטן אויף מיינע בילדינגס; פּיינטערס, קאַרפּענטערס, בריקלייערס, מויערער.

ט אַ נ ט ע : — אַזאַ יאָר אויף מיר ווי גוט זיי פאַרדינען.

אַ נ ק ל : — איטאַליענער, גריכן, אידן, און אמת'ע אַמעריקאַנער. יעס, אמת'ע אַמעריקאַנער. אַלע אַרבעטן אויף מיינע בילדינגס. אַרבעטן און פאַרדינען... גראָבן, שלעפּן ציגל, ווייל מען דאַרף אַרבעטן. און קיי

נער קלאָגט זיך ניט... ניטאָ קיין קלאָגעניש... שוין וואָלט די וועלט אויסזען, ווען אַלע וואָלטן מיט אַמאָל אַווקגעלייגט די אַרבעט, די גראָב אייזנס, די העק מיט די דלאָטעס, ווען אַלע וואָלטן פאַרשליסן די סטאָרס מיט אַלע געשעפטן און גענומען זיך בלאָזן, אויסשטעלן זויערע פּנים׳ער... ניטאָ דאָ קיין פּלאַץ פאַר זויערע פּנים׳ער...

טאַנטע: — זייער שיין טאַקע וואָלט אויסזען די וועלט.

ערשטער קאַזין: — יאָ שיין, ניט שיין, מען דאַרף אַר־בעטן.

אַנקל: — און אַז אַ מענטש וואַלגערט זיך אַרום שוין צען יאָר דאָ אין לאַנד, האַלט זיך אין איין מאַטערן — און ס׳האָט מיר אַ פּנים פון חוזק... ער קומט צוגיין צו מיר און בעט אַ דזשאָב אויף מיינע ביל־דינגס. וואָס פאַר אַ דזשאָב קען איך אים געבן? ער וועט אַרבייטן שוואַר־צע אַרבעט? — איך קען דאָך די לייט פון זיין מין: ער וועט אָפּאַרבעטן אַ טאָג און אויף מאָרגן וועט ער שוין אומגיין מיט אַ פּנים, אַזוי ווי די וועלט וואָלט אים דערקוילעט... זאָג איך צו אים: אורי, איך עפן דיר אַ סטאָר און איך וועל זען, אַז אַלע זאָלן דיר אַרויסהעלפן.

ברודער: — ער איז דאָך גלייך געקומען צולויפן צו מיר מיט אייער פּלאַן.

ערשטער קאַזין: — צו מיר אויך.

אַנקל: —אַזוי ווי מען דאַרף בויען הייזער, אַזוי דאַרף מען האָבן סטאָרס.

טאַנטע — אַנ׳אַנדערער וואָלט געטאַנצט אין די גאַסן פאַר שמחה.

אַנקל: — און איך זאָג אים גלייך: אורי זאָלסט וויסן זיין — דאָ איז אַמעריקע, גענוג דיר אומצודרייען זיך ווי אַ ניט־היגער, ווי אַ נעבעכטיקער... דו לעבסט אין דעם לאַנד און דו דאַרפסט זיך איינפונ־דעווען, דאַרפסט אָנהייבן אַ לעבן, אַ צופרידענעם, אַ זאַטן... און איך זאָג אים ווייטער: זאָלסט וויסן זיין, אַז אַ סטאָר איז אפשר נאָך אַ גרעסע־רער עניין ווי בילדינגס... זאָגט ער: אודאי, אודאי אַנקל, איך בענק שוין אַליין פון לאַנג צו אָנהייבן אַ זיכערן לעבן... נו, אַט זעט איר דאָך. מיר אַלע, וואָס האָבן אים געוואָלט העלפן, זיצן איצט דאָ, מען קען מיי־נען, ווי בייזע גזלנים... האָט צוטאַכלעוועט דאָס געלט מיט די סחורות, אַז אַ סיסטעם, האָט אָנגעמאַכט הונדערטער חובות... פאַרשלאָסן די

סטאָר און פּאַרטיק... דער מענטש איז דאָך פּשוט באַנקראָט...

ט אַ נ ט ע : — רעג זיך ניט אויף, שלמה.

ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — יאָ באַנקראָט, ניט באַנקראָט, איך וויל מיין חוב.

ב ר ו ד ע ר : — אַ סוף זאָל עס נעמען.

ש ו ו ע ג ע ר י ן : — צו וואָס האַלט ער נאָך די שליסלען און קיי־נער קען ניט אַריינקומען אין סטאָר? זאָל ער מער ניט האָבן צו טאָן מיט דער סטאָר.

ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — יאָ שליסלען, ניט שליסלען — זאָל ער האַלטן די שליסלען.

(עס קומט אַריין אורי. דערזעט דעם עולם, בלייבט שטיין אַ צעמישטער. דיי און די מאַמע גייען צו צו אים. אַלע אויגן פון'ם עולם נעמען אים דורך).

א ו ר י : — (גיט אַ זאָג אַרויס אַ צעטומלטער) גוט נ'אָוונט.

ק אַ ז י ן : — יאָ גוט נ'אָוונט, ניט גוט נ'אָוונט, מיר זיינען גע־קומען מאַכן אַ טאָלק.

ב ר ו ד ע ר : — ריי דאַרף עס גיין אין שאַפּ אריין אַרבעטן.

ר י י : — (טוט אַ טופּ מיט'ן פוס) שוויי.

א ו ר י : — ווי אַזוי האָט איר זיך עס צונויפגערעדט אַלע אין איין צייט קומען?

(לוריאַ קומט אַרויס פון צימער, שטייט ביים טיר און קוקט צו שטום צו דער סצענע).

אַ נ ק ל : — איך האָב זיי אַלעמען געבראַכט.

א ו ר י : — נו, וואָס? גוט אַזוי.

אַ נ ק ל : — איך ווייס נאָך ניט צו ס'איז גוט.

ט אַ נ ט ע : — רעג זיך ניט אויף, שלמה.

ב ר ו ד ע ר : — דיר ליגט נאָך אין זינען צו וויצלען זיך. (טרעט אַרויס פון טיש). איך זאָג דיר אָפן: ס'איז געמיין. יעם סער.

אַ נ ק ל : — (צום ברודער) זעצט זיך. איך וועל מאַכן אַ טאָלק. (דער ברודער זעצט זיך צוריק).

ש ו ו ע ג ע ר י ן : — שטייען אים אפשר ניט אָן די געסט?

א ו ר י : — אדרבה.

אַ נ ק ל : — איך וויל אַ חשבון.

א ו ר י : — חשבנ'ט.

אַ נ ק ל : — דו האָסט מיט אַ כיון געפירט די סטאָר צו באַנקראָט, מיט אַ כיון. איך ווייס דאָס.

א ו ר י : — פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

אַ נ ק ל : — איך בין ניט קיין איד פון גאַס, זאָלסטו וויסן ... איך בין שוין אין אַמעריקע העכער פון דרייסיק יאָר, און דו האָסט ניט אַזוי פיל האָר אויפ'ן קאָפּ, וויפיל הייזער, וויפיל גאַסן איך האָב שוין אויסגעבויט דאָ, וויפיל טויזנטער דאָלאַרס עס זיינען דורכגעגאַנגען דורך מיינע הענט ...

א ו ר י : — איך ווייס דאָס.

אַ נ ק ל : — איך גיב אַ קוק אויף אַ מענטשן — דערקען איך אים. האָב ניט קיין מורא — איך קען דיך אויך ... עס געפעלט דיר ניט דאָס גאַנצע לעבן דאָ — אַט וואָס ... ביסט שוין צען יאָר דאָ, און ביסט נאָך אַלץ ניט קיין היגער, ביסט נאָך אַלץ אַ שטומער, אַ זייטיקער ... מיט קרומע אויגן גייסטו דאָ אַרום, און האָסט אונז אַלעמען פיינט ... דיין אייגן הויז האָסטו פיינט. אַלעמען. איך זאָג, אַז דו האָסט מיט אַ כיון געפירט די סטאָר צו באַנקראָט. זאָג, אַז ניין, קוק מיר גלייך אין די אויגן. (גייט צו האַרט צו אורי'ן) קוק מיר גלייך אין די אויגן.

א ו ר י : — איך קוק אייך גלייך אין די אויגן.

אַ נ ק ל : — זאָג, אַז ניין.

א ו ר י : — איך האָב אייך ניט וואָס צו זאָגן.

אַ נ ק ל : — האָסט אונז אַלעמען פיינט.

א ו ר י : — זייער.

אַ נ ק ל : — (גייט צוריק צו זיין פּלאַץ. שטרעקט אויס אַ האַנט) גיב אַהער די שליסלען פון דער סטאָר.

א ו ר י : — אַט זיינען זיי. (זוכט אין די קעשענעס).

אַ נ ק ל : — אהערצוצו.

א ו ר י : — (שטרעקט אויס די שליסלען).

אַ נ ק ל : — אהערצוצו.

א ו ר י : — (טוט אַ וואָרף די שליסלען אויפ'ן טיש. די שליסלען טוען אַ פאַל מיט אַ קנאַק. — אַ לאַנגע פּויזע).

אַ נ ק ל : — (לייגט אַרײַן די שליסלען צו זיך אין קעשענע, הייבט זיך פּלוצלינג אויף. צום עולם) קומט.

אַ ל ע : — וואָס הייסט?

אַ נ ק ל : — קומט, זאָג איך.
ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — און אַ חשבון?
אַ נ ק ל : — ניטאָ וואָס צו חשבונ'ען. קומט. מיר האָבן דאָ ניט וואָס צו טאָן מער. (גייט אַרויס אַ שווייגנדיקער. און אַלע, ווי אין פאַרלעגנ־הייט, נאָך אים. שטיל. קיינער זאָגט קיין וואָרט ניט).
ל ו ר י אַ : — נו, האָבן זיי דאָס אָנגערעדט אַלע.
(שטילשווייגן).
א ו ר י : — האָסט אַ סיגאַרעט, לוריאַ?
ל ו ר י אַ : — מען דאַרף טאַקע אַרונטערגיין נאָך אַ סיגאַרעט.
א ו ר י : — ניט נייטיק. (פּויזע).
ר י י : — (צו צו אורי'ן) האָסט דאָך דאָס ערוואַרט, אורי. נו, אַראָפּגע'פּטר'ט... אורי טייערער, שטיי ניט אַזוי.
א ו ר י : — מאַמע, וואָס וויינסטו?
אַ ל ט ע : — (וויינענדיק) מילא אַנ'אַנקל, אָבער אַ ברודער זאָל אַזוי שלעכט זיין.
א ו ר י : — גיי צו זיך. מאַמע. (צו ריי) זאָל זי גיין צו זיך.
ר י י : — קומט שוויגער.
מ אַ מ ע : — גייט זשע שוין אָפּעסן, קינדער.
ר י י : — און איר זייט ניט הונגעריק, שוויגער.
אַ ל ט ע : — ניין, טאָכטערל. (אָפּ צו זיך שטיל וויינענדיק).
ר י י : — וואָס שטייט איר, לוריאַ, ווי אַ נעכטיקער. נו, געננג, כ'לעבן. און דו, אורי. וויפיל דער שיער?
ל ו ר י אַ : — נו, אַלרייט. איר זייט גערעכט, ריי. ברייננט דעם וויין צוריק. נאָך אַ נס, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונ'ם וויין.
ר י י : — מיר זיינען דאָך אַלע הונגעריק. קומט לאָמיר גיין עסן. אורי!
א ו ר י : — נו גוט, נו.
ל ו ר י אַ : — וואו זיינען די גלעזלאַך
ר י י : — שטעלט אַרויף דעם וויין מיט די גלעזלאַך).
ל ו ר י אַ : — האָסט מיך באַליידיקט, אורי, פריער. אָבער איך וויל פאַרגעסן. אָט האָב איך שוין פאַרגעסן... איך האָב זיך באמת אַמוזירט פון זייערע רייד...
א ו ר י : — יאָ אַמוזירט, ניט אַמוזירט — טרינקט, נו.

לוריאַ: — (לאַכט) דעם קאַזינ'ס רייד. האָבן זיי דאָס אַביסל אָנגערעדט. (גיסט אָן די גלעזלאַך) פאַר אייך אויך, רײַ?

רײַ: — ווי דען? איך בין ניט קיין טרינקערין?

אורי: — דו האָסט דוכט מיר, געזאָגט, אַז דו קלייבסט זיך ווידער אַוועקגיין איבער'ן לאַנד — וואוהין? צו וועסט? לחיים פאַר די וועסט.

לוריאַ: — נאָך ניט אַזוי שנעל מסתמא.

אורי: — רײַ האָט דוכט מיר געזאָגט, אַז איינגיכן.

לוריאַ: — וועל אַפּנים וואַרטן שוין אויפ'ן זומער.

אורי: — טאָ זאָל זיין לחיים — פאַר וועמען?

רײַ: — פאַר דיר, אורי.

אורי: — פאַר מיר? גוט. פאַר דעם, וואָס האָט ניט וואוהין אַוועקצוגיין.

לוריאַ: — וואָס מיינסטו?

אורי: — ניט גוט געזאָגט? נו — פאַר דעם וואָס גייט אין ערגעץ ניט אַוועק. סתם. ער גייט אין ערגעץ ניט אַוועק. ניט צו וועסט, ניט צו איסט. (טרינקען).

לוריאַ: — און איצט לאָמיר טרינקען לכבוד רײַ'ס היינטיקן טאָג אַרבעט.

רײַ: — לוריאַ!

לוריאַ: — (מיט עקשנות) מען דאַרף טרינקען לחיים פאַר אייער היינטיקן טאָג אַרבעט.

אורי: — (אינ'ם טאָן פון לוריאַ) געזאָגט. פאַר רײַ'ס טאָג אַרבעט.

רײַ: — אויב דו ווילסט ניט, איך זאָל גיין, וועל איך ניט גיין מער.

אורי: — אָבער לוריאַ, ווי איך זע, וויל דאָך.

לוריאַ: — (גיט אַ שטעל דאָס גלעזל מיט אימפּעט). וואָס?

רײַ: — (אָנגעצונדן) וואָס האָסטו געזאָגט?

לוריאַ: — (כאַפּט זיין מאַנטל און לאָזט זיך צום טיר).

רײַ: — (פעסט) בלייבט דאָ. איך היים.

אורי: — (צעמישט) וואָס האָב איך געזאָגט? איך האָב עפּעס געזאָגט?

רײַ: — יאָ, דו האָסט געזאָגט. (עס קומט אַריין אַ מאַן).

מ אַ ן: — אַ ליידי האָט דאָ איבערגעלאָזט אַ טשעמאַדאַן.

א ו ר י: — יאָ, וואו איז די ליידי אַליין?

מ אַ ן: — אונטן וואַרט זי.

ר י י: — פאַרוואָס קומט זי אַליין ניט אַרויף?

מ אַ ן: — איך וויים ניט. זי האָט מיך אַרויפגעשיקט צונעמען דעם טשעמאַדאַן.

א ו ר י: — (דערלאַנגט דעם טשעמאַדאַן) נעמט.

ר י י: — זאָגט איר, אַז איך בעט זי אַרויפקומען.

א ו ר י: — ניין.

ר י י: — וואָס הייסט?

א ו ר י: — גיט איר אָפּ דעם טשעמאַדאַן. מער גאָר נישט.

ר י י: — וואָס טוט זיך היינט מיט דעם מענטשן? איך וויל זען סאָפי'ן. איך וויל זי זען. (לאָזט זיך צום טיר).

א ו ר י: — (פאַרצאַמט איר דעם וועג) האָסט זי ניט וואָס צו זען. (צום מאַן) זי זאָל ניט וואַגן אַרויפקומען.

(מאַן קוקט אים אָן משונה, אָפּ מיט'ן טשעמאַדאַן, פּויזע).

א ו ר י: — נו, מער ניטאָ שוין פאַר וועמען צו טרינקען? האַ?

(ריי און לוריאַ שטייען און גאַפן).

א ו ר י: — שטייט אַ וואַזאַנע און דאָרט. פאַרוואָס ניט טרינקען לכבוד דער וואַזאַנע וואָס דאָרט? האַ? (שטילשווייגען).

א ו ר י: — לוריאַ — אין כעס? און דו, ריי, אויך? טאַקע אין כעס? (כאַפּט אָן ריי פאַר די הענט מיט אַ ציטערדיקן קול) ריי! איך האָב געזאָגט אַ נאַרישקייט?... האָב איך טאַקע געזאָגט? (ריי באַפרייט אירע הענט, טרעט אָפּ אויף צוריק) וואָס גיסט איר ניט אין די גלעזלאַך לכבוד דער וואַזאַנע, וואָס דאָרט?... וואָס גיסט איר ניט אָן? פאַרוואָס אַזוי שטיל? האַ?... אַזוי שווייגנדיק?... פאַר וואָס אַזוי שטיל...

(גייט צו צו דער וואַזאַנע, שטייט לעבן איר, גיט אַ שלעפּ אַ בלאַט. די וואַזאַנע פאַלט אַרונטער מיט אַ קנאַק אויף דער ערד, ווערט צעשאָטן אויף שטיקלאַך, ריי און לוריאַ לאָזן אַרויס אַן־אויסגעשריי פון שרעק. אורי, אַליין אַ פאַרציטערטער, טוליעט זיך צום וואַנט).

(פאָרהאַנג)

## פערטער אקט

(ביימאָג. אויף מאָרגן. אַזייגער צוויי. ריי אַ פאַרצווייפלטע גייט אַרום איבער׳ן שטוב. אירע ליפּן צוזאַמענגעדריקטע. שטאַרקט זיך ניט צו וויינען. די אַלטע, געבויגען קראַנק, גייט איר נאָך).

אַ ל ט ע : — פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט אויס?

ר י י : — (מיט פאַרשטיקטען געוויין) רעדט ניט, רעדט ניט.

אַ ל ט ע : — איך זע, אַז עפּעס האָט פּאַסירט מיט אורי׳לן, פון אין דער פרי אָן, אַז דו גייסט אַרום אַ צעמישטע. ריי, טאָכטער מיינע, וואָס האָט געטראָפן מיט אורי׳לן? פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט?

ר י י : — איך וויים נאָר נישט.

אַ ל ט ע : — איך זע דאָך, אַז היינט ביסטו ניט ווי אַלע מאָל. ניט דו עסט ניט דו טרינקסט... וואָס טוט זיך דאָ? פאַרוואָס דערציילט מען מיר ניט? (שטייט צו) פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט? וואָס שווייגסטו?

ר י י : — (שטייט ווי אַ צעמישטע, נעמט אַרום דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, שווייגט מיט פאַרקלעמטע ליפּן).

אַ ל ט ע : — לאָזט זיך אַרונטער אויף אַ שטול, ברעכט אויס אין געוויין).

ר י י : — (מיט ציטער גיט אַ טופּ מיט׳ן פוס) וויינט ניט.

אַ ל ט ע : — (שטייט ווידער אויף, כאַפּט ריי אָן פאַר אַ האַנט) זאָלסט מיר זאָגן וואו איז אורי? האָסט ניט געזען, ווי ער איז אוועק פון הויז? (מיט פּחד) וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי?... ריי, איך וועל מאַכן גוואַלדן.

ר י י : — (בעט זיך) נו נו... ש־ש, וויינט ניט׳ (רואיקער) איך דאַרף אויף אַ מינוט אַריינגיין צו דער שכנה. זייט דאָ. איך קום באַלד.

אַ ל ט ע : — איך וועל אויך גיין מיט דיר.

ר י י : — ניין, זייט דאָ. איין מינוט. (אָפּ געשווינד).

אַ ל ט ע : — (זיצט און קוקט מיט פאַרוויינטע אויגן אויף אַלץ אַרום. שעפּטשעט). פּאָטער הארציקער, געטרייער, דערבאַרים זיך. וואָס טוט זיך דאָ ביי זיי אין אַמעריקע? וואָס איז געשען מיט מיין אורי׳לן?... דערבאַרים זיך... (ריי קומט אַריין צוריק און מיט איר ערשטע שכנה און נאָך צוויי שכנות).

ר י י : — איך בעט אייך, מאַכט ניט קיין טומל. (ווינקט צו ערשטער שכנה זי זאָל אוועקנעמען די אַלטע).

ע ר ש ט ע   ש כ נ ה : — קומט אריין צו מיר, באָבע. פאַרברייננגט אַביסל ביי מיר.

א ל ט ע : — וואָס טוט זיך דאָ, קרייניעלאַך מיינע?

ש כ נ ה : — קומט באָבע. איר מעגט אריינקומען אביסעלע אַפטער צו מיר.

א ל ט ע : — ווער זאָגט, אַז ניט. אודאי, אודאי. מענטשן מעגען אריינקומען איינע צו די צווייטע.

ש כ נ ה : — קומט באָבע.

א ל ט ע : — אָבער, קינדערלאַך מיינע, פאַרוואָס וויל מען מיך צו־נעמען פון דאַנען?

ר י י : — גייט, שוויגער, פאַרברייננגט אביסל. איך בין געווען נער־וועז פריער. ס'איז גאָרנישט, גייט שוויגער.

א ל ט ע : — (גייט ניט ווילנדיק נאָך דער שכנה) מען וויל מיר ניט אויסזאָגן. מען באַהאַלט פון מיר.

ש כ נ ה : — מען באַהאַלט גאָרנישט פון אייך, באָבע.

ר י י : — (מאַכט זיך, אַז זי איז פאַלקאָם רואיק, נעמט דער אַלטער אונ־טער'ן אָרעם) וואָס איז מיט אייך, שוויגער? איר קענט מיך שוין. איך בין אַביסל אַ משוגענע. אַ נאַווינע, אַז אורי איז ניטאָ אין דער היים בייטאָג. ער איז דאָך בייטאָג קיינמאָל ניטאָ.

א ל ט ע : — לאַנג לעבן זאָלסטו, טאָכטער, האָסט מיך איבער־געשראָקען.

(ריי פירט זי אונטער'ן אָרים, און גייט אַרויס צוזאַמען מיט דער ערש־טער שכנה. די אַנדערע צוויי שכנות בלייבן, קוקען זיך איבער, באַטראַכטן דאָס הויז).

ע ר ש ט ע : — אַ מאַמע'ס האַרץ קען מען ניט אָפּנאַרן.

צ ו ו י י ט ע : — אויף די אַלטע יאָרן דערלעבט נחת. געדאַרפט נאָך פון רוסלאַנד קומען אַהער צוזען. זאָל מען באַהיט ווערן. און זי — מיסעם דאָן, איר האָט געזען ווי זי קוקט אויס?

ע ר ש ט ע : — אריינגעלאָפן צו מיר בלייך ווי די וואַנט, העגט און פים האָבן איר געציטערט.

צ ו ו י י ט ע : — צו מיר אויך אַזוי. קוים אַ וואָרט אויסגערעדט,

ביז וואַנען איך האָב ביי איר אַרויסגעקראָגן, אַז עפּעס איז דער מער מיט איר מאַן.

ע ר ש ט ע: — איך ווייס נאָך אַלץ ניט, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. ער האָט זי פאַרלאָזן, וואָס?

צ ו ו י י ט ע: — (געהיימניספול) ניין, ניין. עפּעס אַנדערש... זי האָט מורא פאַר עפּעס אַנדערש... איר פאַרשטייט?

ע ר ש ט ע: — (מיט פּחד) איר מיינט — —

צ ו י י ט ע: — אוי, רעדט ניט, מיסעם לעבן.

ע ר ש ט ע: — זאָל מען באַהיט ווערן. טאָ וואָס שווייגט מען? וואָס שטייען מיר דאָ? זאָל מען זוכן — —

צ ו ו י י ט ע: — וואו זוכן, מיסעם לעבן, וואו זוכן? אַזאַ תהום ווי ניו יאָרק... מען דאַרף אָנזאָגן אין פּאָלים.

ע ר ש ט ע: — מען דאַרף אפריער זי פרעגן צו אָנזאָגן.

צ ו ו י י ט ע: — מען דאַרף זי ניט פרעגן גאָר. זי איז אַזוי צע־טומלט. קומט, מען טאָר קיין מינוט ניט פאַרלירן...

ע ר ש ט ע: — אוי, איר מיינט עס אמת? איר האָט טאַקע אַליין געהערט פון איר מויל?

צ ו ו י י ט ע: — זאָלט איר געזונט זיין, מיסעם לעבן, איך פאַר־שטיי אַליין. זי האָט געזאָגט איין וואָרט — פאַרשטיי איך שוין אַליין. איך ווייס פון אַזוינע צרות. זאָל מען ניט געפּרואוווט ווערן... מיט מיי־נעם אַ קאָזין איז אויך אַזוי געווען. ניט לאַנג טאַקע. אַוועק פון הויז אָט אַזוי אָ, און דערנאָך האָט מען אים, ניט היינט גערדאַכט, געפונען אין קעלער...

ע ר ש ט ע: — אוי, וואָס רעדט איר.

צ ו ו י י ט ע: — אַזאַ תהום ווי ניו יאָרק (סודות'דיק) זיי האָבן זיך אַרומגעקריגט צווישן זיך... און מען זאָגט נאָך... זיינע אַ קוזינע האָט געוואוינט מיט זיי, האָט זי מיסעם דאָן אַרויסגעטריבן.

ע ר ש ט ע: — יאָ, איך האָב עפּעס געהערט... איז עס טאַקע אמת?

צ ו ו י י ט ע: — און קיין לעבן האָט ער אויך ניט געקאָנט מאַכן. אַליין אַרומגעגאַנגען שלינג און שלאַנג, און געשיקט די ווייב אין שאָפּ אַריין... אַ סטאָר געהאַט, און ניט געוואָלט שטיין אין איר. באַנקראָ־טירט. האָט בעסער געוואָלט דאָס ווייב זאָל גיין אַרבעטן.

ע ר ש ט ע : — וואָס היינטיקע מענער זיינען.

צ ו ו י י ט ע : — ער וואָלט באַדאַרפֿט אין פּריזאָן גיין. איר אָנקל האָט אים געוואָלט אין פּריזאָן אריינזעצן... קומט, מיסעס לעבן, מען דאַרף אָנזאָגן די פּאָליציי... (נעמען זיך איילן אַרויסצוגיין. עס קומט אַריין דער אַלטער פּעדלער).

צ ו ו י י ט ע : — (ווי אַ גאַנצע באַלעבאָסטע, אַיידער דער פּעדלער האָט נאָך אַ וואָרט אַרויסגערעדט) וואָס דאַרפֿט איר דאָ, מיסטער? ניטאָ אין שטוב קיינער. מען וועט ביי אייך גאַרנישט קויפֿן איצט.

פּ ע ד ל ע ר : — וואָס קויפֿן — ווער וויל פֿאַרקויפֿן? וואו איז די מיסעס דאָן? איך דאַרף די מיסעס דאָן.

צ ו ו י י ט ע : — גייט אַוועק פֿון דאַנען. ניט די צייט איצט. איר וועט קומען אַנ׳אַנדער מאָל.

פּ ע ד ל ע ר : — וואָס פֿאָלט איר אויף מיר אָן אַזוי? זע נאַר, זע נאַר. ווען איך קום — טרעף איך פֿרעמדע מענטשן. געלט קומט מיר, אָט וואָס, איך דאַרף די מיסעס, דאַרף איך.

צ ו ו י י ט ע : — ניט איצט, ניט איצט, מיסטער. אין הויז איז אַנ׳אומגליק, און ער קומט חובות מאָנען. גייט אייך, גייט אייך.

פּ ע ד ל ע ר : — אַנ׳אומגליק? וואָס פֿאַר אַנ׳אומגליק?

צ ו ו י י ט ע : — (צו דער ערשטער) קומט מיסעס לעבן, מען דאַרף אָנזאָגן אין פּאָליס סטיישאָן... זאָל מען אים זוכן. (צום פּעדלער) קומט פֿון דאַנען. איצט מאָנט מען ניט קיין חובות.

פּ ע ד ל ע ר : — פּאָליס סטיישאָן? וואָס עפּעס פּאָליס סטיישאָן אין מיטן דערינען?

צ ו ו י י ט ע : — מען זאָגט דאָך אייך: אַנ׳אומגליק האָט גע־טראָפֿן. מיט מיסטער דאָן אַנ׳אומגליק... ער איז שוין ניטאָ, איר פֿאַר־שטייט? ניטאָ... (לויפֿן אַרויס און שלעפּן מיט דעם פּעדלער. עס קומט אַריין רוי מיט ערשטער שכנה).

ש כ נ ה : — איך זאָג אייך מען דאַרף רופֿן מענטשן.

ר ו י : — מען דאַרף נאָך ניט. איך בעט אייך. מיין קאָפּ שפּאַלט זיך מיר. האָט קיין פּראָבלעם ניט וואָס איך האָב אייך מטריח געווען.

ש כ נ ה : — אַ, וואָס רעדט איר. איך וועל אַכטונג געבן אויף אייער שוויגער. נו, זייט ניט אַזוי צעטראָגן. אפשר וועט גאָט רחמנות האָבן.

ר ו י : — אַ דאַנק אייך, אַ גרויסן דאַנק אייך... אַ שאַנדע טאָקע,

איך האָב אינגאַנצן מיין קאָפּ פאַרלוירן. פון פרי אָן, אַז איך זיץ און וואַרט. ער איז אַרויס פון הויז נאָר אויף פינף מינוט...

ש כ נ ה : — פאַרוואָס האָט איר מיך ביז איצט ניט אַ רוף געטאָן?

ר י י : — אַז איך ווייס אַליין ניט. איך האָב אַלץ געוואַרט... ס'איז דאָך ניט מעגלאַך...

ר י י : — איר האָט דאָך אָבער אַליין געזאָגט. אַז איר זייט חושד —

ר י י : — איך בין זייער צעטומלט. איך ווייס אַליין ניט וואָס איך רייד. איך בעט אייך, גייט, זייט מיט דער שוועגער. מאַכט ניט קיין רעש, אַז איך בין איינע אַליין, אַזוי אַליין... (די צווייטע שכנה קומט אַריין ווידער).

צ ו ו י י ט ע : — אפשר זאָל מען אַ קוק טאָן אויפ'ן רוף, אָדער אין סעלער.

ר י י : — (געוועזן באַרואיקט אביסל, פאַלט אַריין צוריק אין שרעק, נעמט זיך אָן פאַר'ן קאָפּ) גייט קוקט, גייט זוכט, גייט.

ש כ נ ה : — (צו דער צווייטער) וואָס שרעקט איר אַ מענטשן. מען טאָר ניט אַזוי.

צ ו ו י י ט ע : — וואָס הייסט — איך שרעק? מען דאַרף זוכן. מען דאַרף אַרומזוכן דאָס הויז...

ר י י : — זוכט, זוכט. אָט איז מיין אָנקל'ס און ברודער'ס טעלע־פאָן, רופט זיי אָפּ, איך בעט אייך, זאָגט זיי, זיי זאָלן קומען וואָס שנע־לער... (גיט איר אַ קאַרט).

צ ו ו י י ט ע : — אודאי. איך לויף שוין. (עס קומט אַריין לוריאַ. די שכנה לויפט אים פאַרביי מורמלנדיק: און אין סעלער דאַרף מען פונדעסט־וועגן זוכן — און פאַרשווינדט).

ר י י : — אַ, גוט, וואָס איר זייט געקומען, לוריאַ. (צו ערשטער שכנה) גייט צו מיין שוועגער, איך בעט אייך. אַ דאַנק אייך פאַר אייער גוטסקייט. (שכנה אָפּ. ריי צו לוריאַ) אַזוי ווי גאָט וואָלט אייך געבראַכט.

ל ו רי אָ : — וואָס איז מיט אייך? ווי איר זעט אויס!

ר י י : — (באַפּט אים אָן פאַר די הענט) לוריאַ, לוריאַ.

ל ו ר י אַ : — איך בין געקומען צו אייך זיך זעגענען. איך גיי צוריק איבער'ן לאַנד.

ר י י : — גייט ניט אַוועק איצט.

ל ו ר י אָ : — איך פאַרלאָז ניו יאָרק אין אַ שעה אַרום. האָב גע־
האַט באַשלאָסן ניט קומען צו אייך זיך זעגענען, און דאָך געקומען.

ר י י : — (פאַרברעכט מיט די הענט) פאַרלאָזט מיך ניט איצט.

ל ו ר י אָ : — וואָס איז מיט אייך? איר זעט אויס שרעקלאָך.
עפּעס האָט פּאַסירט? זאָגט שוין.

ר י י : — איך פיל אַ גרויס אומגליק. איך האָב מורא אַרויסצור־
ריידן... אורי —

ל ו ר י אָ : — וואָס אורי?

ר י י : — אורי איז ניטאָ.

ל ו ר י אָ : — איך פאַרשטיי ניט.

ר י י : — איך האָב מורא אַרויסצוריידן.

ל ו ר י אָ : — ער איז אַוועק פון אייך?

ר י י : — פאַר עפּעס ערגערס האָב איך מורא.

ל ו ר י אָ : — (הייבט אָן צו פאַרשטיין) ערגערס?

ר י י : — איך האָב געמיינט אַ גאַנצן טאָג, אַז איך ווער משוגע.

ל ו ר י אָ : — איר שטעקט מיך אָן מיט אייער שרעק. ווי אַזוי?
ווי? ווען?

ר י י : — איך האָב מורא אַרויסצוטרעטן פון שטוב. מיר דוכט זיך
אַלץ, אַז אָט ברענגט מען אים צוטראָגן...

ל ו ר י אָ : — איך זייט פון זינען, ריי —

ר י י : — איך זאָג דאָך אייך — אומגליק פיל איך... יעדער שאָרך
אויף די טרעפּ —

ל ו ר י אָ : — אייך דאַכט זיך, צי איר ווייסט אויף זיכער?

ר י י : — איך ווייס ניט. איך האָב שוין קיין כח ניט צו טראַכטן.
גיט אַן עצה. ער איז ניטאָ... איר פאַרשטייט. אַוועק — ניט ווי אַלע
מאָל. אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, ווי קיין מענטש גייט ניט אַרויס... אַ פחד
גייט מיר דורך אַלע גלידער, ווען איך דערמאָן זיך זיין אויסזען, ווען ער
איז היינט אין דער פרי אַרויס פון הויז... ערשט איצט הייב איך אָן
פאַרשטיין ווערטער אַזוינע פון אים, וואָס איך האָב פריער ניט פאַרשטאַ־
נען. מיר דוכט זיך אַ גאַנצן טאָג, אַז איך הער זיין קול: ראַטעוועט, אַ
קול פון אַ גוסס... טוט עפּעס, לוריאָ. מען מוז אים אויפזוכן...

ל ו ר י אָ : — דאַרף מען אָנזאָגן אין פּאָליס סטיישאָן. דאָס איז
דאָס בעסטע וואָס מען קען טאָן.

ר י י : — אפשר נאָך וואַרטן ?

ל ו ר י אָ : — ס׳איז דאָך שדים ווייסן וואָס. באַרואיקט אייך אַביסל. וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אייך ?

ר י י : — איר ווייסט דאָך אַלץ.

ל ו ר י אָ : — איר האָט זיך געקריגט נעכטן נאָך מיין אַוועקגיין ?

ר י י : — ניין. פאַרקערט. אַז איר זייט אַוועק בין איך צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט צו ער איז אייפערזיכטיק אויף אייך, — האָט ער געענטפערט : ניין. ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געזעסן אַ שווייגנ־דיקער, און פּלוצלינג איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, און מיט אַזאַ מאָדנעם קול געזאָגט : זיי מיר מוחל... אַזוי ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט מיר.

ל ו ר י אָ : — איר מיינט, אַז ער האָט זיך שוין פון לאַנג אַרומגע־טראָגן מיט׳ן געדאַנק ?

ר י י : — איך זאָג אייך דעם אמת : פאַר די לעצטע וואָכן האָב איך אים געהיט.

ל ו ר י אָ : — פאַרוואָס האָט איר מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם ?

ר י י : — איך האָב מורא געהאַט אַרויסצוריידן. אפילו טראַכטן האָב איך מורא געהאַט.

ל ו ר י אָ : — וואָס איז געווען ביי נאַכט ?

ר י י : — איך האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן און ער — אויך ניט. אַזייגער פינף פאַרטאָג, זע איך, ווי ער גייט צו צום קינד׳ס בעטל, שטייט צוקאָפּנס, און קוקט מיט אַזאַ מאָדנער שטילקייט. בויגט זיך צו פּאַמעלאַך, גיט אַ קוש דאָס קינד, און גייט צו דערנאָך צו מיר. איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך שלאָף. ער איז געשטאַנען אַ פּאָר רגע׳ס, און מיט אַמאָל האַסטיק זיך אַ לאָז געטאָן צום טיר. איך בין אויפגעשפּרונגען און אַ געשריי געטאָן : אורי. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט : איך קום באַלד צוריק... וואוהין אַזוי פרי ? פרעג איך. — עס מאַכט ניט, זאָגט ער, וואָס אַזוי פרי. איך וויל זיך דורכגיין אַביסל, איך קום באַלד. און איז אַרויס פון הויז. איך וואַרט אַ שעה, צוויי, דריי, און אָט איז שוין צווייטע נאַכט באַלד.

ל ו ר י אָ : — האָט איר זיך נאָכגעפרעגט וואו ?

ר י י : — אומעטום. וואו נאָר אַ באַקאַנטער. אפילו ביי סאָפּי׳ן בין איך געווען.

ל ו ר י אָ : — איר ווייסט דען וואו זי וואוינט ?

ר י י : — דער מאַן, וואָס איז געקומען נאָכ׳ן טשעמאָדאַן, וואוינט אינ׳ם צווייטן הויז פון דאַנען. ער איז מיט מיר געגאַנגען צו איר. ער איז אָבער דאָרט ניט געווען.

ל ו ר י אָ : — (לאָזט זיך צום טיר).

ר י י : — וואוהין גייט איר?

ל ו ר י אָ : — מען דאַרף אַרומזוכן דאָס הויז.

ר י י : — איך האָב מורא.

ל ו ר י אָ : — זייט ניט קיין קינד. מען מוז דאָך אים געפינען. איך אַליין הייב זיך אָן דערמאָנען ווערטער אַזוינע פון אורי׳ן. (לוריאָ אָפּ. ריי נאָך אים. עס גייען דורך אַ פּאָר רגעים. מען הייבט אָן הערן שטימען אויף די טרעפּ און טופּנדיקע פיס פון אַ סך מענטשן, וואָס לויפן אַרויף און אַראָפּ. — ער קומען אַריין די פריערדיקע שכנות, נאָך שכנים, און דער אַלטער פעדלער).

צ ו ו י י ט ע   ש כ נ ה : — איך האָב דאָך אייך געזאָגט, מען זאָל זוכן אין סעלער.

ע ר ש ט ע   ש כ נ ה : — אַז מען קען דעם דזשעניטאָר גאָר ניט געפינען. דער סעלער איז פאַרהאַקט.

ע ר ש ט ע ר   ש כ ן : — אַנ׳איינפאַל פון אַ מענטשן. אין סעלער גאָר. קיין אַנדער פּלאַץ שוין ניט געקענט קריגען.

אַ ל ט ע ר   פּ ע ד ל ע ר : — ניט אויסצוהאַלטן, ניט אויסצוהאַלטן. וואו מען גייט און וואו מען שטייט — זעלבסטמערדער.

צ ו ו י י ט ע ר   ש כ ן :—שאַט, שטילער אביסל, וואָס פּאַר אַ רייד.

צ ו ו י י ט ע   ש כ נ ה : — און קיין פּאָליסמאַן אויף אַ רפואה. איך לויף שוין אַרום פון צען מינוט, זוך אַ פּאָליסמאַן. (דרייט זיך אַרום אין שטוב ווי אָן אמת׳ע באַלעבאָסטע. די גאַנצע מעשה איז איר אַזוי ווי צום האַרצן) גייט, גייט, אידן, מען וועט אויסקומען אָן אייך.

פּ ע ד ל ע ר : — אָט האָסטו דיר אַ נייע באַלעבאָסטע. ס׳טע געזען? נאָר זי טרייבט זיך.

ע ר ש ט ע ר   ש כ ן : — און אַליין איז זי אַרומגעלאָפן און גע־קלאַפּט אין אַלע טירן, גערופן.

ע ר ש ט ע   ש כ נ ה : — מאַכט ניט קיין טומל. וואָס טוט זיך מיט אייך? וואו איז זי — די מיסעס דאַן? מען דאַרף זי אָוועקנעמען ערגעץ. די אַלטע שווינער זיצט קוים איין אין שטוב ביי מיר. קומט אַריין צו מיר, איך בעט אייך. פאַרשמועסט מיט עפּעס דער אַלטער.

צווייטע שכנה: — קומט, איך גיי מיט אייך. אַ רחמנות אויף דער אַלטער מאַמען. (אָפּ).

דריטע שכנה: — וואָס זשע שטייט איר דאָ אידן? לויפט אין סעלער, זעט מען זאָל אויפרייסן די טיר.

צווייטער שכן: — איך האָב מורא פאַר אַ זעלבסטמערדער.

דריטער שכן: און איך האָב געמיינט, אַז מען האָט אים שוין געפונען. אַז ער ליגט שוין דאָ אין שטוב.

פעדלער: — (מורמלט) וואָס איז די נפקה מינה? אויב ער ליגט אין קעלער, וועט ער שוין ליגן דאָ אויך.

דריטער שכן: — פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן?

דריטע שכנה: — וואָס הייסט? אַ מענטש האָט קיין לעבן ניט געקענט מאַכן. אפילו אַ ביזנעס ניט געקענט אַנהאַלטן.

צווייטער שכן: — אַבי איך האָב געמיינט, ער איז רייך.

דריטע שכנה: — רייך, אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן. זעט — אַ שטוב. חשך. אָרים. אַ טיש — קוים וואָס ער האַלט זיך. (אַלע קוקען אַרום די שטוב, קוקען אַריין אין די חדרים).

פעדלער: — יאָ, רייך, פרעגט מיך — איך וויים.

דריטע שכנה: — פון וואַוילטאָג נעמט מען זיך ניט דאָס לעבן.

פעדלער: — אַ סדום, ניט קיין וועלט. רשעים — ניט קיין מענטשן. רשעים, אָט וואָס.

דריטער שכן: — וואָס בייזערט איר זיך, מיסטער?

פעדלער: — (קלאַפּט מיט זיין שטעקן) זעט אַ שמחה׳לע אויף זיי, אַ יום טוב׳ל אויף זיי. (גייט אַרויס).

דריטע שכנה: — מען דאַרף טעלעפאָנירן נאָך אַן׳אַמבו־לאַנס.

ערשטער שכן: — קומט, קומט, וואָס איז דאָ צו שטיין? קומט אַרונטער אין סעלער. מען דאַרף אויפברעכן די טיר.

צווייטער שכן: — אַן מיר. אַז איך זע אַ טויטן קען איך דערנאָך ניט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט.

דריטע שכנה: — אַרויס. אַרויס. (אָפּ, און אַלע נאָך איר. דאָס געלויף אויף די טרעפּ ווערט שטאַרקער. עס קומען אַריין מענטשן פון גאַס. צווישן זיי דער מאַן וואָס האָט געטראָגן סאָפּי׳ס טשעמאָדאַן).

מ אַ ן : — וואָס זאָגט איר ניט צו דעם, האַ? ערשט נעכטן בין איך געווען אין שטוב דאָ. אַליין געזען אים. אַליין מיט מיינע אויגן.

א י י נ ע ר : — האָט ער אייך גאָרניט געזאָגט, אַז ער גייט זיך אויפהענגען? ווי קומט דאָס?

מ אַ ן : — אַ גאַנצער חכם.

אַ צ ו ו י י ט ע ר : — וואָס, טאַקע אויפגעהאַנגען זיך? טאַקע אין סעלער?

ע ר ש ט ע ר : — אַז וועט קען צוקומען אַהין. אַלע שטויסן זיך און יעדער האָט מורא די טיר אויפצוברעכן. היינט אַ טיר — אַן אייזן, זאָג איך אייך.

מ אַ ן : — איצט פאַרשטיי איך שוין.

ע ר ש ט ע ר : — וואָס פאַרשטייט איר?

מ אַ ן : — איך פאַרשטיי שוין אַלץ. מיר דאַרף מען קיין פינגער ניט לייגן אין מויל. אַזאַ אידיאָט וואָס איך בין. היינט אין דער פרי קומט מיר צולויפן זיין ווייב — איך זאָל איר זאָגן וואוהין איר געוועזענע באָרדערקע האָט אַריינגעמופט.

אַ ד ר י ט ע ר : — אַזוי גאָר. אַז אַ באָרדערקע מישט זיך אַריין.

ע ר ש ט ע ר : — איך האָב געהערט, אַז ער האָט זיין אָנקל שיער ניט דער׳הרג׳ט אויף טויט. אַ מענטש האָט באַנקראָטירט. זאָגט מען. דערפאַר האָט ער עס געטאָן.

אַ פ ע ר ט ע ר : — ס׳איז אים ניט געפעלן געווען אַמעריקע.

אַ פ י נ פ ט ע ר : — אַזוי — ניט געפעלן אים אַמעריקע? נאָר עס געפעלט זיי ניט. איך קען אַ סך אַזוינע מענטשן — נאָר עפּעס אַ האָר — אַמעריקע געפעלט זיי ניט. זיי האָבן טאַקע אַ גרויסן חלק אַריינגעלייגט אין אַמעריקע.

מ אַ ן : — זעט איר דאָך וואָס פאַר אַ סוף... אַזאַ אידיאָט וואָס איך בין. איך האָב דאָך אים נעכטן אַליין געזען. אַ נערוועזער אַזאַ — אַ מורא... אַי, אַי, אַי, איך בין דאָך נעכטן אַליין געווען אין שטוב דאָ.

אַ נ ׳ אַ ל ט ע פ ר ו י : — שאַט אידן. אַ מענטש איז טויט און איר רעדט אַזויפיל שלעכטס אויף אים. מען טאָר ניט. אַ מענטש איז שוין טויט (ווישט די אויגן).

ע ט ל אַ כ ע : — טאַקע, טאַקע, אַ מענטש איז שוין טויט. (לאָזן זיך צום טיר. אין דער צייט איז אַריינעקומען סאָפי).

ס אַ פ י : — (אַ פאַרסאַפּעטע, קוים וואָס זי כאַפּט דעם אָטעם) טויט? ס׳איז אמת?

מ אַ ן : — דאָס איז זי. צו איר איז דאָס מיסעם דאָן געלאָפן היינט פרי. (אַלע קוקען זי אָן שטום).

ס אַ פ י : — (דערקענט דעם מאַן, צו אים) ס׳איז אמת? זאָגט. וואו איז ער?

מ אַ ן : — וואָס דען? ניט אמת?

ע ט ל אַ כ ע : — (בייז) איר מיינט, ס׳איז אַ שפּאַס?

ס אַ פ י : — (פאַלט צו צום וואָגט מיט׳ן פּנים) זאָגט מיר, וואו איז ער? (אַ בחור׳ל לויפט אַריין).

ב ח ו ר ׳ ל : — גוואַלד, וואָס שטייט איר? מען דאַרף אַ פּאָליס־מאַן קריגן. וואָס איז דאָס פאַר אַ סעלער צו אַלדי שווארצע יאָר? מען זאָל ניט קענען אַ טיר אויפברעכן. אַ געגנט — מען זאָל קיין פּאָליסמאַן ניט געפינען. (אָפּ. אַ טייל עולם פון עולם לאָזט זיך נאָך אים).

מ אַ ן : — (צו סאָפי׳ן) וואָס איז אייך, מיס? איר ווילט אביסל וואַסער? ברייגנט ווער אביסל וואַסער. איר איז ניט גוט געוואָרן. (אַלע רינגלען זי אַרום, שרייען: וואַסער, וואַסער).

ס אַ פ י : — (שטעלט זיך אויף) ניין, ניין, מען דאַרף ניט. (האָט זיך די גאַנצע צייט איינגעהאַלטן ניט צו וויינען. ברעכט אויס מיט אַמאָל אין אַ שטאַרקען געוויין. דער עולם, דורכגענומען פון איר געוויין, קוקט איר נאָך שווייגנדיק. דער פּעדלער קומט אָן אַקוראַט ווען סאָפי גייט אַרוים, קוקט איר נאָך מיט שאַרפע אויגן, שאָקלט מיט׳ן קאָפּ).

פּ ע ד ל ע ר : — אָט אַזוי, אָט אַזוי. זאָל מען וויינען. אַז אַ מענטש שטאַרבט דאַרף מען וויינען. זעלבסטמערדער דאַרף מען אויך באַוויינען, כאָטש זיי פאַרדינען עס ניט.

אַ ל ט ע פ ר ו י : — (צעלאָזט זיך מיט אַ געוויין) אַזאַ יונגער בוים.

(עס קומען אַריין דער אָנקל, די טאַנטע, ברודער, שוועגערין און די קאָזינס. מבולבול׳ע).

אַ נ ק ל : — ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט? פול די גאַס מיט מענטשן. זאָגט אידן, וואו איז ער? איך בין זיין אָנקל.

פּ ע ד ל ע ר : — זייער שיין פון אַנ׳אָנקל. קומט ווען ס׳איז שוין נאָך אַלעמען.

ט אַ נ ט ע : — וויי איז מיר. וואָס נאָך אַלעמען? וואו איז ריי? וואו איז די אַלטע מאַמע?

ב ר ו ד ע ר: — (צום פּעדלער) ווער זייט איר? וואָס דאַרפט איר דאָ?

פּ ע ד ל ע ר: — ווער בין איך? ווער זאָל איך זיין?

אַ נ ק ל: — אַרויס פון דאַנען אַלע.

אַ ל ט ע פ ר ו י: — וואָס טרייבט איר זיך, מיסטער? באַקלאָגן מעגען אַלע.

פּ ע ד ל ע ר: — געקומען, און ס׳איז שוין נאָך אַלעמען און שרייען. מענטשן באַוויינען — געפעלט זיי ניט. אַנ׳אַנקל! — וואו איז דער אַנקל געווען פריער, ווען מען האָט נאָך געקענט ראַטעווען.

ש ו ו ע ג ע ר י ן: — ווי איז מיר, וואָס טוט זיך דאָ?

ק אַ ז י ן: — אַבער וואו איז ער? וואָס שטייען מיר דאָ?

פּ ע ד ל ע ר: — אַז אַ מענטש גייט צום טויט רופט ער, שרייט ער, וויינט. — פאַרוואָס האָט איר ניט געהערט ווען ער האָט אייך גערופן? גייט אין סעלער אַריין. אין סעלער, אָט וואָס.

אַ נ ק ל: — איך וועל אייך נעמען פאַר׳ן קאַרק און אַרויסוואַרפן, אַלטע וואַראַנע.

פּ ע ד ל ע ר: — מיך טרייבט מען ניט. פון אַ ליידיקן הויז טרייבט מען קיינעם ניט.

אַ נ ק ל: — וואָס טוט זיך דאָ? (לויפט אַרויס און די משפּחה נאָך אים).

פּ ע ד ל ע ר: — געקומען טרייבן. אַז דער באַלעבאָס פון הויז הענגט זיך אויף בלייבט דאָס הויז ליידיק. אַ באַלעבאָס דאַרף זיין און אַז דער באַלעבאָס איז ניטאָ, איז אוים הויז. אָט וואָס.

אַ ל ט ע פ ר ו י: — גענוג שוין.

מ אַ ן: — טאַקע אַנ׳אַלטע וואַראַנע. (אָפּ).

פּ ע ד ל ע ר: — מען דאַרף וויינען. ניט טרייבן זיך. אַז אַ מענטש שטאַרבט דאַרף מען וויינען.

(צוויי פּאָליסלייט קומען אַריין).

פּ אָ ל י ס מ אַ ן: — אַלע אַרויס פון דאַנען.

א י י נ ע ר: — מען טראָגט אים שוין, דזשענטלמען?

פּ אָ ל י ס מ אַ ן: — אַרויס פון דאַנען. (שטויסט אַרויס דעם עולם און אַליין אויך אָפּ. עטלאַכע נייע מענטשן קומען אַריין. דער פּעדלער צוריק).

א י י נ ע ר: — אַז מען קען זיך ניט דורכשלאָגן.

פ ע ד ל ע ר : — אַ שמחה'לע אויף זיי. אַ טויטן דערשמעקט.

אַ פ ר ו י : — און וואָס איז דער מער מיט אייך זיידע? אַ קרוב אייערער?

פ ע ד ל ע ר : — און אַז ניט קיין קרוב?

א י י נ ע ר : — זיינען מיר דאָך אויך ניט קיין קרובים.

פ ע ד ל ע ר : — ווערמען עס טוט ווי דאָס האַרץ און ווערמען ניט. אַט וואָס.

אַ פ ר ו י : — מיר טאַנצן דען?

פ ע ד ל ע ר : — ווערמען ס'איז פינסטער אין די אויגן און ווערמען ניט. אַט וואָס. די וועלט איז פול מיט זעלבסטמאָרד. אַט וואָס.

א י י נ ע ר : — אַז איינעם שטיקט צו.

פ ע ד ל ע ר : — דאַרף מען זיך שטיקען. אָבער לעבן דאַרף מען.

אַ צ ו ו י י ט ע ר : — נעבאַי וואָלט איר מיט אייער עצה געקומען פריער?

פ ע ד ל ע ר : — (אין ווילדן כעס) טפּשים — אַט וואָס.

א י י נ י ק ע : — (לאַכן) אַט וואָס.

פ ע ד ל ע ר : — לאַכט, לאַכט פון אַנ'אַלטן אידן. איך זאָג אמת. איך וויים וואָס איך זאָג. איך האָב שוין ניט איינעם פון דער תליה אַרונ־טערגעשלעפּט. איך קום אין אַ סך הייזער. איך זאָג אמת. אַט וואָס. וואָס שטייט איר דאָ? איר הערט, ס'איז שטיל געוואָרן דאָס געלויפעניש. (אַלע הערן זיך צו).

פ ו ן ע ו ל ם : — טאַקע שטיל געוואָרן.

פ ע ד ל ע ר : — שטיל געוואָרן. אַט וואָס. (עס קומט אַריין אורי, בלייבט שטיין ביים טיר צעטומלט און דערשראָקן. קוקט געפּלעפּט אויפ'ן פרעמדן עולם).

פ ע ד ל ע ר : — אַ! אַט איז נאָך אַ פריינד געקומען. אויסגע־שלאָפן זיך.

א ו ר י : — וואָס איז דאָ פאַר אַנ'עולם? וואָס איז דאָ געשען? וואָס פאַר אַ געלויף?

פ ע ד ל ע ר : — וואָס הייסט? איר הערט דען ניט, איר זעט דען ניט?

א ו ר י : — וואָס איז געשען? פרעג איך. וואָס טוט זיך דאָ?

א י י נ ע ר : — וואָס שרייט איר, מיסטער? פון וואַנען קומט איר?

א ו ר י: — וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? וואָס טוט איר דאָ?

אַ נ'אַ ל ט ע ר איד: — מיר זיינען שכנים. מיר זיינען אידן — זיינען מיר געקומען.

אַ צ ו ו י י ט ע ר: — גייט אין סעלער וועט איר זען.

א ו ר י: — וואָס פאַר אַ סעלער?

אַ ל ט ע פ ר ו י: — אין סעלער, מיין טייערינקער, אין סעלער. דאָרטן ליגט ער. ווײ איז מיר. (וויינט).

א ו ר י: — ווער ער?

א י י נ ע ר: — דער מיסטער פון דעם הויז. אַ געהאַנגענער.

א ו ר י: — אַ געהאַנגענער? ווער?

א י י נ ע ר: — איך ווייס ווי מען רופט אים דאָרט. מיסטער דאָן, דוכט זיך.

א ו ר י: — (הייבט אָן צו פאַרשטיין) וואָס טוט זיך דאָ?

פ ע ד ל ע ר: — וואָס איז די נפקה מינא? אָפגעטאָן שוין — פאַרפאַלן. אַט וואָס.

א ו ר י: — ווער האָט עס אייך געמאַכט צו דענקען אַזוינס?

א י י נ ע ר: — וואָס רעדט ער? אַ מענטש האָט אָנגעזוצט.

אַ צ ו ו י י ט ע ר: — אַ טויגעניכטס געווען. אַ צעדרייטער. אַלע זאָגן.

אַ ד ר י ט ע ר: — אַ מענטש אָן געוויסן. געלאָזט די ווייב גיין אַרבעטן.

ע ר ש ט ע ר: — פיינט געהאַט דאָס לאַנד. פיינט געהאַט מענטשן.

פ ע ד ל ע ר: — אַ ווערמדיקער מענטש געווען. אַט וואָס. כאָטש אייערער אַ פריינד, אָבער ס'איז אמת. אַז ניט — וואָלט ער עס ניט געטאָן. לעבן מוז מען. אַט וואָס.

א ו ר י: — (מיט פויסטן) אַרויס פון דאַנען, מנוּבלים!

א י י נ ע ר: — זע, זע, אַ נייער באַלעבאָס.

א ו ר י: — אַרויס פון דאַנען, זאָג איך.

פ ע ד ל ע ר: — אַ טויט הויז, אַ פוסט הויז. — מעגן אַלע אַריינקומען.

א ו ר י: — (כאַפּט אָן דעם פעדלער און וואַרפט אים צו דער טיר). אַרויס פון דאַנען. (דער עולם פאַלט אָן אויף אורי'ן, ראַטעווען אַרויס דעם אַלטן פעדלער).

ע ו ל ם : — אַז הענט, מיסטער.

א ו ר י : — איך היים אַרויסגיין. איך בין דער באַלעבאָס פון הויז.

ע ו ל ם : — דער באַלעבאָס? (שיסן אוים אַ געלעכטער).

א ו ר י : — וואָס לאַכט איר?

פ ע ד ל ע ר : — וועמען בלאָפט איר, מיסטער? מיך וועט איר נים בלאָפן. ניטאָ שוין דער באַלעבאָס. אין סעלער איז דער באַלעבאָס. אָט וואָס. אויף אַ תליה. אָט וואָס.

א י י נ ע ר : — מען זאָגט אים, אַז דער באַלעבאָס איז טויט, און ער גלויבט נאָך נים, אַזאַ יאָלד.

א ו ר י : — מען זאָגט דאָך אייך, אַז איך בין דער באַלעבאָס.

פ ע ד ל ע ר : — פון וועמען מאַכט איר חוזק, מיסטער? נים די צייט צו מאַכן חוזק. אָט וואָס. ער איז גאָר דער באַלעבאָס — האָסטו געהערט? איך ווייס דאָך.

ע ו ל ם : — האָט איר אייך אַ נייעם משוגענעם.

א ו ר י : — אַרוים פון דאַנען. (אַ פּרוי לויפט אַריין).

פ ר ו י : — ניטאָ אים אין סעלער. אויפגעבראָכן די טיר, און ניטאָ אים דאָרט.

פ ר ו י : — מען לויפט צום סעלער פון׳ם צווייטן הויז. אַלע זאָגן, אַז דאָרטן ליגט ער.

פ ע ד ל ע ר : — נים אין דעם סעלער איז אין אַ צווייטן. מען וועט אים שוין געפינען.

א י י נ ע ר : — אַ חברה מאַן. האָט גוט אויסגערעכנט. וואָרים ווער וועט עס גיין אין אַ פרעמדן סעלער זוכן. קומט, קומט, אידן. (אַלע אַפּ, אַחוץ דעם אַלטן פעדלער און אורי).

א ו ר י : — נו, וואָס לויפט איר נים?

פ ע ד ל ע ר : — (מורמלט) וואָס? אפשר ווילט איר נאָך אַמאָל אַנפאַלן אויף מיר?

א ו ר י : — ניין.

פ ע ד ל ע ר : — איך האָב שוין גענוג געהאַנגענע געזען. ניטאָ וואָס צו קוקען. נייגעריקע לויפן. איך בין נים נייגעריק. פאַרוואָס לויפט איר נים?

א ו ר י : — איך בין אויך נים נייגעריק.

פ ע ד ל ע ר : — נים נייגעריק? אַ פריינד — און נים נייגעריק.

א ו ר י : — (שטייט ביים פענסטער. קוקט אַרויס) זעט, ס׳איז דאָ געגוג נייגעריקע. (וואַקלט זיך, שפּאַרט זיך אָן אין וואַנט).

פּ ע ד ל ע ר : — גאָרניט שיין פון אייך יונגערמאַן. מאַכן חוזק פון אַנ׳אַלטן אידן. און נאָך אַנפּאַלן. (זעט, אַז מיט אורי׳ן איז עפּעס ניט גוט).

א ו ר י : — גאָרנישט, גאָרנישט.

פּ ע ד ל ע ר : — וואָס זענט איר אַזוי בלייך? ס׳איז אייך ניט גוט געוואָרן?

א ו ר י : — עס מאַכט ניט, גוט אַזוי.

פּ ע ד ל ע ר : — וואָס איז גוט אַזוי?

א ו ר י : — צו זען אַזויפיל נייגעריקע. איר האָט שוין געזען, זיידע, אַ מענטשן, וואָס זאָל קוקן אויף זיין אייגענער לויה?

פּ ע ד ל ע ר : — זיין אייגענער לויה? וואָס מיינט איר צו זאָגן?

א ו ר י : — ס׳איז גוט אַזוי. ס׳איז אמת. אַזוי באַדאַרף עס זיין.

פּ ע ד ל ע ר : — איר זענט אַ קרוב צום געשטאָרבענעם? אַ נאָענ־טער פריינד?

א ו ר י : — יאָ, אַ קרוב.

פּ ע ד ל ע ר : — אויב אַזוי איז עפּעס אַנדערש.

א ו ר י : — יאָ, עפּעס אַנדערש.

פּ ע ד ל ע ר : — (שלעפּט זיך צום טיר) אַך, אַך, אַך, (קוקט זיך אום צוריק) האָט איר טאַקע גוט געקענט דעם געשטאָרבענעם?

א ו ר י : — יאָ, זייער גוט.

פּ ע ד ל ע ר : — איז טאַקע אמת אַלץ וואָס מען זאָגט אויף אים?

א ו ר י : — אַלץ אמת.

מ אַ ן : — אויב אַזוי איז עפּעס אַנדערש... אַך, אַך, אַך... (אָפּ. אורי בויגט זיך אַראָפּ מיט אַ האַלבן קערפּער איבערן טיש, שטייט אַזוי אָנגע־שפּאַרט און שווייגט. עס קומט אַריין לוריאָ. דערזעט אורי׳ן, גיט אַ ציטער).

ל ו ר י אָ : — (לויפט צו צום טיש מיט פרייד אויסגעשריי) אורי!

א ו ר י : — (גלייכט זיך אויס, גייט צו צוריק צום פענסטער) נישקשה פון אַנ׳עולם. ניט אמת?

ל ו ר י אָ : — (כאַפּט אים פאַר די הענט) אורי, וואָס באַטייט עס?... (לאָזט זיך צום טיר און רופט אויס) אורי איז דאָ. ער לעבט.

א ו ר י : — (מיט פּלוצלונגען אימפּעט שפּרינגט צו צום טיר, פאַרצאַמט לוריאָ׳ן דעם וועג) זאָלסט ניט וואַגן רופן. שוויג. וועסט ניט אַרויסגיין איצט.

ל ו ר י אַ: — (דערשראָקען, קוקט אים אָן) וואָס איז דאָס פֿאַר אַן־איינפֿאַל?

א ו ר י: — (באַפֿעלנדיק) זאָלסט ניט וואָגן, זאָג איך. אורי איז ניטאָ. אורי לעבט ניט.

ל ו ר י אַ: — וואָס איז מיט דיר? רוי און די מאַמע — זיי גייען דאָך פֿון זינען אַרונטער פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. לאָז מיר גיין אָנזאָגן זיי.

א ו ר י: — איר האָט דאָך אַלע געגלויבט, אַז איך בין שוין ניטאָ. פֿאַרפֿאַלן. געגלויבט — איז פֿאַרפֿאַלן.

ל ו ר י אַ: — ס'איז געווען אַ גרונט צו גלויבן.

ל ו ר י אַ: — (סטאַרעט זיך אים איינצושטילן) אורי, באַרואיק זיך. ווילסט זיך מיט מיר קריגען איצט? ניט די צייט אויף דעם. יעדע מינוט איז טייער.

א ו ר י: — (לאָזט אים ניט גיין) זיץ דאָ, זאָג איך.

ל ו ר י אַ: — ביסט פֿון זינען אַרונטער?

א ו ר י: — איך בין ניט אַרונטער פֿון זינען. איך זע אַלץ קלאָר. איך האָב זיך אויף אַזוינס ניט געריכט. איך קען ניט זאָגן, אַז איך פֿאַרשטיי עס. אָבער, ס'איז דאָך אמת. עס קומט דאָך פֿאַר. איך האָב דאָך געהערט דאָס געוויין איבער מיר, דאָס אמת'ע געוויין, טויט־געוויין... גאָט מיינער, פֿאַרברעכער פֿאַר'משפּט מען דאָך אויך ניט אַזוי אַ...

ל ו ר י אַ: — (רייסט זיך אַרויסצוגיין) לאָז מיך. ביסט אויף אַן'אמת משוגע געוואָרן. קוק ווי דיינע אויגן זיינען ווילד.

א ו ר י: — (נאָך ווילדער) וועסט ניט גיין, זאָג איך. אַזוי וועט עס בלייבן. (לוריאַ ראַנגלט זיך, אָבער אורי איז פֿון ווילדקייט אַזוי שטאַרק, אַז ער טוט לוריאַ'ן אַ וואָרף אויף אַ שטול, דריקט אים מיט ביידע הענט אויף די אַקסלען) זיץ!

ל ו ר י אַ: — (זיצט, קוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, קען ניט קומען צו זיך, בלייך פֿון שרעק) וואָס קומט דאָ פֿאָר? איז דאָס אמת? אַ קאָש־מאַר, ניט אַנדערש. וואָס קומט דאָ פֿאָר?

א ו ר י: — בויגט צו דעם קאָפּ צום שוועל פֿון טיר) דאָס, וואָס עס דאַרף פֿאָרקומען.

ל ו ר י אַ: — דאַרף?

א ו ר י: — אַזוי דאַרף עס מסתמא פֿאָרקומען. (לייגט אַראָפּ די הענט אויף די אויגן) אַלע האָט איר מיר אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. אַלע. ס'איז ניט

געוועזן קיין איינער, וואָס זאָל אַ צווייפל טאָן. אַלע. הער דעם טומל אויפ׳ן גאַס. אַלע. דו אויך. ריי אויך. קיין איינער. זעסט, אָט קלאַפּן זיך פליגן איבער די ווענט. טויטע פליגן האָבן געשלאָפן, האָבן געוואַרט, האָבן געלויערט... האָט איר זיי אויפגעוועקט. אַנגעשיקט אויף מיר מחנות־וויים... פאַרנומען מיין הויז, באַלעבאַטים נייע, פרעמדע, פרעכע, דורש־טיקע...

ל ו ר י אַ : — (שפּרינגט אויף) משוגעת. דו רעדסט משוגעת. האָסט קיין רחמנות ניט אויף דיין ווייב, אויף דיין מאַמען... מיר דוכט זיך, אַז איך ווער אויך באַלד משוגע...

א ו ר י : — וואָס איז איצט ווייב, מאַמע ?...

ל ו ר י אַ : — (קלאַפּט אין טיש) ס׳איז געמיין.

א ו ר י : — זעץ זיך, קלאַפּ ניט.

ל ו ר י אַ : — איך זאָג נאָכאַמאָל : ס׳איז געקומען. איך זאָג דיר אָפן. ביסט אַ געמיינער מענטש, איך האָב אָבער אַלעמאָל אָפּשיי פאַר דיר. אי פאַר דיין איינזאַמקייט דאָ, איר פאַר דיין טרויער. איך האָב געגלייבט אין דיין גרויסן טרויער און איך האָב דיר אַ סך פאַרגעבן. דו פירסט מיך אָבער אַרויס פון געדולד איצט צו זאָגן דיר —

א ו ר י : — וואָס האָסטו מיר פאַרגעבן ?

ל ו ר י אַ : — איך זע איצט, אַז מען דאַרף דיר ניט פאַרגעבן קיין זאַך. מען דאַרף מאַנען און מאַנען. אַננעמען דיך פאַר׳ן האַלז און מאַנען.

א ו ר י : — (שטרעקט אויס זיין האַלז) נאַ, מאָן. נעם אָן. מאָן דיין חוב. ווערג, טו וואָס דו ווילסט. גיי, ברייננג דעם עולם אהער. די גאַס. פאַראייניק זיך מיט זיי און מאָן.

ל ו ר י אַ : — ביסט אַ אידענע, אָט וואָס.

א ו ר י : — וועק אויף דיין גאַנצע שנאה, וועק אויף.

ל ו ר י אַ : — מיין שנאה איז באַרעכטיקט געוואָרן. אָט איצט איז זי באַרעכטיקט געוואָרן. איך ווייס דאָך, אַז אַלץ, וואָס איז פאַרגעקומען היינט, וועסטו פאַרשרייבן אויפ׳ן חשבון פון דיין עלנד, וואָס דו באַ־ליעסט אַזוי... איצט וועסטו ערשט קענען ארומגיין און צערטלען דעם געדאַנק, אַז דו ביסט ניט אויף דיין ריכטיקן פּלאַץ, און דיין פאַראַכטונג צו אַלעמען וועט דיר רינען איבער די ליפּן. און איך זאָג דיר, אַז דו ביסט אַ קאַלטער רוצח, און וואָס ווילסטו ? זאָג. אַדער דו ווילסט גאַרנישט, אַבי נאַר באַליען דיין קראַנקען טרויער.

א ו ר י : — נאָך, נאָך, רייד.

ל ו ר י אַ : —נאָך, נאָך. וועסט מיך מיט דיין בטול׳דיקן טאָן ניט אָפּשרעקן. איך גיי אַוועק פון דאַנען. איז מיר ניט גוט דאָ, גיי איך אַוועק ערגעץ אַנדערש. ליגט אין מיין נשמה אַ שטיק סם — ווערג איך זיך, אָבער איך גרויס מיך ניט מיט דעם. איך קום צווישן מענטשן, ווער זיי זאָלן ניט זיין, און מיך אַרט ניט אויב איך בין דער לעצטער צווישן זיי . . . דו וועסט אין ערגעץ ניט אַוועקגיין. האָסט אין ערגעץ ניט קיין פּלאַץ. ניט קיין אָפּגרונט צווישן דיר און מענטשן. ביסט אַליין אָפּגרונט.

א ו ר י : — נאָך, נאָך.

ל ו ר י אַ : — קוק ניט אַזוי פון אויבן אַראָפּ אויף מיר. אַז דו ווילסט וועל איך דיר נאָך אַט וואָס זאָגן: דו מיינסט, אַז דער טומל אויפ׳ן גאַס איז גאַרנישט, איז אַ צופאַל?

א ו ר י : — ניין, איך מיין דאָס ניט.

ל ו ר י אַ : — דער אומבאַוואוסטער משפט פון מענטשן, מיינסטו, איז גאַרנישט? עס איז אפשר נידערטרעכטיק פון מיר דיר דאָס צו זאָגן.

א ו ר י : — זאָג, זאָג. די נידערטרעכטיקייט פון דיינע רייד וועל איך מוחל זיין.

ל ו ר י אַ : — מענטשן משפּט׳ן, כאָטש זיי האָבן קיינמאָל ניט געזען דעם גע׳משפּט׳ן. אַלע זיינען געבונדן איינער צום צווייטן מיט ניט געזעענע שטריק. אַלע קאָנען איינע די צווייטע, כאָטש זיי מעגן זיך קיינמאָל ניט זען אין פּנים, ווייל יעדער מענטש האָט אַ חוב צום צווייטן, און דאַרף זיין חוב טאָן, און טאָמער ניט — מאָנט מען, און מען דאַרף צאָלן. און קיינער קען זיך ניט אַרויסדרייען, און אַז מען קען ניט צאָלן — שטראָפט מען, פאַר׳משפּט מען.

א ו ר י : — איך בין קיינעם גאָרנישט שולדיק. קיינעם ניט.

ל ו ר י אַ : — יאָ שולדיק. איך האָב דאָס דיר איינמאָל שוין געזאָגט, און איך זאָג נאָכאַמאָל: דו ביסט שולדיק חובות. ניט געלט, נאָר עפּעס מער פון געלט. אַז מען האָט ניט ליב דאָס לעבן — נעמט מען אַ זאַק אויף די פּלייצעס, און אַ שטעקן אין האַנט און מען גייט אַוועק, און ניט מען פאַרנעמט גלאַט אַזוי אַנ׳אָרט.

א ו ר י : — אַט וואָס!

ל ו ר י אַ : — יאָ. אויב דאָס וואָס איך זאָג איז נידערטרעכטיק, זאָל זיין אַזוי. און איך וויל ניט דו זאָלסט מיר מוחל זיין . . . יאָ, מען נעמט אַ שטעקן אין האַנט און מען טראָגט זיך אָפּ, און ניט מען פאַרנעמט נאָך אַ צווייטנס פּלאַץ . . .

א ו ר י : — (גייט צו האַרט צו לוריאַ'ן) ענדלאַך ביסטו געקומען צום פּונקט, וואוהין דו האָסט געצילט.

ל ו ר י אַ : — יאָ, היינט איז עס געקומען.

א ו ר י : — און דו ביסט דאָס דער צ ו ו י י ט ע ר וועמענס פּלאַץ איך האָב פאַרנומען?

ל ו ר י אַ : — יאָ, איך.

א ו ר י : — ווער גיט דיר דאָס רעכט צו ריידן אַזוי?

ל ו ר י אַ : — איך נעם זיך דאָס רעכט, ווייל איך האָב ל י ב.

א ו ר י : — (צעלאַכט זיך פאַרשטיקט) נאַר דערפאַר? (טרעט אָפּ פון טיר וואו ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און שטרעקט אויס די האַנט) גיי, איך לאָז דיך פריי... גיי פאַרנעם דיין פּלאַץ, פאַרנעם, גיי, רוף צוזאַמען די מחנות פון גאַס. די מחנות זיינען שוין אַביסל אַנטוישט, זיי זוכן און געפינען ניט... זיי גייען זיך שוין פאַנאַנדער, רוף זיי צונויף צוריק. גיי. (נעמט אַרויס אַ שליסל פון קעשענע) נעכטן האָב איך צוריקגעקערט דעם שליסל פון סטאָר. איצט ביסטו געקומען מאַנען אויך דעם שליסל פון מיין שטוב. נאָ, זיי דו באַלעבאָס. באַלעבאַטעווע. (שטרעקט אויס די האַנט מיט דעם שליסל).

ל ו ר י אַ : — קוקט אויף אורי'ן, אַ קרומער שמייכל פון וויטאָג צעגיסט זיך איבער זיין פּנים. ער פאַלט צו מיט'ן פּנים צום טיש, ליגט אַזוי אַ ווײַלע, שפּרינגט אויף מיט אומפּעט און לויפט האַסטיק אַרויס, מען הערט ווי די טיר טוט איצטער אַ האַסטיקן קלאַפּ. אורי שטייט מיט'ן שליסל אין האַנט אַ פאַרגליווערטער. — אין טיר באַווייזט זיך די גאַנצע משפּחה, אַלע ווי זיי דערזעען אים שרייען אויס מיט פרייד „אורי". בלייבן שטיין פאַרשעמט און קענען מער ניט ריידן. אורי קוקט אויף זיי שטיל און פאַרטרויערט, פרעמד אַזוי ווי ער קערט זיך ניט אָן מיט קיינעם. דער שליסל פון זיין האַנט פאַלט אַרונטער צו דער ערד מיט אַ קלאַפּ).

מ אַ מ ע : — (קומט צו זיך די ערשטע) זון מיינער, אורי'לע. (פאַלט צו צו אים מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס).

א ו ר י : — (רוקט זיך אויף צוריק, זאָגט ניט קיין וואָרט).

ר י י : — (לויפט צו צו אים, כאַפּט אים אָן פאַר די הענט) אורי, אורי. (ברעכט אויס אין אַ געוויין).

אַ נ ק ל : — וואָס טוט זיך דאָ, האַ? זיינען מיר משוגע געוואָרן צי וואָס?

ע ר ש ט ע ר ק אַ ז י ן : — יאָ משוגע, ניט משוגע, אַבי ער איז דאָ.

ט אַ נ ט ע : — זאָל מען שוין מיט דעם שרעק אָפּקומען, רבונו של עולם.

ב ר ו ד ע ר : — אָבער וואו ביסטו עס פארפאלן געוואָרן? האָסט געזען? אַזאַ מהומה אָנגעמאַכט.

אַ נ ק ל : — שרייט ניט איצט. נו, אַנ'עק. אבי מיט שרעק אָפּגעקומען.

צ ו ו י י ט ע ר ק אַ ז י ן : — אַ שענער שרעק.

אַ נ ק ל : — (מיט כעס אויף זיך אַליין) טפו זאָל עס ווערן. ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן פון אונז.

מ אַ מ ע : — אורי'לע, וואָס איז מיט דיר? וואָס רעדסטו ניט? (צו אַלעמען) ווייַ איז מיר, זעט, ווי ער שטייט!

ר י י : — (פאַלט צו מיט'ן קאָפּ צו אורי'ן) זיי מיר מוחל.

אַ נ ק ל : — וואָס געווען איז געווען. פארגעסט. אַ טעות געמאַכט. פארפאלן.

ר י י : — זיי מיר מוחל.

מ אַ מ ע : — וואָס האָט איר געטאָן מיט מיין אורי'ן? זעט, זעט.

אַ נ ק ל : — צו אַלדי גוטע יאָר.

ט אַ נ ט ע : — (אויף ריי) און שולדיק איז זי. זי האָט אָנגעמאַכט די טרעוואָגע.

ר י י : — פארגיב מיר.

א ו ר י : — ביסט ניט שולדיק.

ר י י : — איך בין שולדיק. איך בין משוגע געוואָרן. דעם קאָפּ פארלוירן. ניט פון שלעכטסקייט צו דיר, אורי, טייערער.

אַ נ ק ל : — דו האַלסט מיך טאַקע פאַר אַזאַ שלעכטן, קאָנסטו מיך נאָך ניט. אויב איך בין געווען שלעכט צו דיר — איז אויך ניט פון שלעכטקייט, גלויב מיר.

א ו ר י : — איך גלויב אייך.

אַ נ ק ל : — פון דיין טובה וועגן. איך האָב אָבער ניט געמיינט, אַז ס'וועט אַזוי ווייט פארגיין. זיי מיר מוחל, איך בין גרייט אַלץ צו טאָן פאַר דיר. געלט איז ניט אַלץ, אורי. נאַ דיר מיין האַנט.

א ו ר י : — איר האָט ניט געזינדיקט קעגן מיר.

אַ נ ק ל : — געזינדיקט. איצט זע איך, אַז געזינדיקט . . .

א ו ר י : — וואָס זעט איר איצט?

אַ נ ק ל : — נאַ דיר מיין האַנט —

אורי: — צו זעגענען זיך מיט מיר?

ריי: — אורי, וואָס רעדסטו?

אורי: — וואו איז מיין קינד? וועט מיר ערלויבט זיין אַ קוק צו טאָן אויף מיין קינד?

אַלע: — (רינגלען אים אַרום) אורי, אורי, וואָס רעדסטו?...

מען הערט אַ קלינגעריי פון אַנ׳אַמבולאַנס).

אַנקל: — ווער האָט טעלעפאָנירט נאָך אַנ׳אַמבולאַנס?

קאַזין: — איך ניט.

צווייטער: — איך אויך ניט.

ריי: — ניט איך.

טאַנטע: — פרעמדע מסתמא.

(עס קומען אַריין אַנ׳אַמבולאַנס דאָקטאָר, אַ געהילף, צוויי פּאָליסלייט, אַנ׳עולם נאָך זיי. די פּאָליסלייט לאָזן ניט אַריין דעם עולם).

דאָקטאָר: — וואו איז ער?

אַנקל: — אַנטשולדיקט, הער דאָקטאָר, ס׳איז אַ טעות געווען.

דאָקטאָר: — מען האָט דאָך טעלעפאָנירט נאָך אַנ׳אַמבולאַנס. אַ זעלבסטמאָרד.

אַנקל: — איך זאָג דאָך אייך, הער דאָקטאָר, אַ טעות געווען. קיין זעלבסטמאָרד. פרעמדע מענטשן האָבן מסתמא טעלעפאָנירט.

קאַזין: — יאָ טעלעפאָנירט, ניט טעלעפאָנירט. אַ טעות, וואָס איז דאָ צו ריידן.

דאָקטאָר: — איר וועט באַצאָלן שטראָף.

אַנקל: — אָלרייט, אָלרייט, דאָקטאָר.

דאָקטוירים אָפּ. אורי קוקט זיך צו מיט אַ מאָדנעם שמייכל. דער נייגעריקער עולם פילט אָן דאָס הויז).

אַנקל: — וואָס דאַרפט איר דאָ אַלע?

פּאָליסלייט: — אַרויס, אַרויס. (דער עולם ווערט אַרויסגעשטויסן. פּאָליסלייט אָפּ. אין געדרענק און טומל באַמערקט מען ניט, ווי אורי איז ניט געוואָרן. די איבערגעבליבענע משפחה דערזעט מיט אַמאָל, אַז אורי איז ניטאָ).

ריי: — (שרייט אויס די ערשטע) וואו איז אורי? וואו איז אורי?

(לויפן אַרום איבער אַלע חדרים אין שטייגנדן שרעק און רופן: אורי. ריי לאָזט זיך לויפן פון הויז אַרויס) אורי! אורי! (אַלע נאָך איר).

(פאָרהאַנג)

## י. י. סיגאל:

אכט לידער

## דוד איגנאַטאָוו:

דאָס ליד פון איך מיט זיך אליין אויף מיינע הענט

## איינציקע בילדער:

חיים גראָס, משה שוער, לייב ריבאק, אברהם בלום

## איינציקע לידער:

ראשעל וועפרינסקי, דוד פעפער, בצלאל פרידמאן, ב. צ. בורשטאק, מלכה לי, מאיר שטיקער, אל. גוריה, א. ש. שקאָלניקאָוו.

## י. י. סיגאל

### אויפ'ן אייביקן וועג פון לידער

1.

די ווייסע שוועל וואו אלטע לידער שטייען אויף צום ווידערלעבן
קאלטן אש פון טויטע יאָרן נעמט א בלויער ווינט צובלאָזן.
פון אונטערן אַש צושפּריצן זיך אזעלכע שפּיציק-גרינע גראָזן
די גליווערדיקע פלאַך הויבט אָן אין גרינער ליכטיקייט זיך וועבן.
פון א ווייטן, ווייטן ים קומט אָן א וואָלקן טוי צו שוועבן.
פרישע ווארעמע טראָפּנס הויבן אָן זיך פון דער הויך ארונטערלאָזן.
באפרוכפּערן און וועקן אויף, צונעמען, עפנען און צובלאָזן
פארמען, פארבן, פייערן, אַנטפּלעקונגען, געהיימנישן — לעבן!
וועגן שמאָלע ווערן ברייט און טויטע גרעניצן אנטרינען.
פאלמען וואונדערלאכע רופן אינ׳ם גאָלדענעם טייך פון׳ם באַגינען,
וואָס צוגיסט זיך בענטשנדיק פון טיפע ברונעמ׳דיקע האָריזאָנטן. —
די ווייטן — הירשן גלאָרייכע און ווייסע שאָף — די נאָענטן...
פּאָעט, פארצויבערער פון וואָר און וואָרט און אייביקער באַנייער.
פון אונטער אלטן קאלטן אַש פלאמט אויף א וואונדערלאכער פייער.

2.

דער שטומער וועג וואו ס׳גייען איינזאם אום אונזערע לידער —
בוימער קליינע, פרומע, אָנהויב זומער, אינדערפרי.
הינטער זיי — ניו יאָרק. פויקט הארט און שווער איר רויע מי,
און גיסט אומהיימלאַך גלוט און בלוט פון אירע גלידער.
מויערן מיט מויערן אין שטומען טרויערן דערנענטערטע ווי ברידער.
פענסטער איבער פענסטער, אונטער פענסטער — שימערדיק געפלי.
זון אין מזרח-גרין, און זון אין מערב׳דיקן פורפורדיקן גלי,
הענט פארברענטע פונ׳ם יאָך דערפרישטע הויבן זיך און שווינגען
ווידער.

לידער אונזערע. איינזאם אויפ׳ן שמאָלן בריק צו נאַכט און היילן
שעה׳ן הענגלאַך וויינטרויבן פול-סמיקע. מיר טיילן, טיילן
אלעמען וואָס ליגן קליין און אלט אין שאָטנדיקן טויט,
פערזן, גרין און געל און בלוי און פייערדיק און רויט.
ווייטער, ווייטער שטייט אן איינגעהויקערטער בית-עולם פלויט,
און די לבנה גייט אויף אים פארגאלדיקט און פארבלויט.

אויף א וועג.

דער וועג איז בראָנז,
געלע סטעזשקעס הארבסט.
בוימער, האָפנונגסלאָזע, דאַרע.
צוגעמאכטע שטיבער.
פארוויינטער בארג־אַראָפּ
טאָל אין געלן הינטערקלייד,
פאַרציט אין פארנאכט ארויף.
אויפ׳ן בארג שפרייטן זיך לאנגע פינגער נאכט.
א ברונעם.
נאָך א ברונעם.
אַ זשאווערנדיקער עמער.
אַן אָפּגעריסן שטיק קייט,
שווארצע קעלט
שטופּט דעם קאָפּ אין הויכן הימל ארויף.

שבת.

פון ווייטע געגנטן קומט אַן א מענטש, אַן אָרימאַן.
און אויף דער שוועל פון שטאָט איז שבת אויפגעגאנגען:
שטייט דער אָרימאַן באַם טויער פון דער שטאָט
אין ליכט פון פריען שבת לויכטנדיק.
אין מערב־זייט פארפינקלט שוין די קרוין פון שטארבנדיקן טאָג.
און אויף דער שבת׳דיקער ערד גייט אויף א טיפע הייליקייט.
די שטילקייט שפרייט זיך אויס ווי ווייסער ווייכער שניי,
אויף רו און ברייטקייטן פון פעלדער.

טרייסט.

טרייסט — זי שפּילט אַמאָל איר גוטסקייט אויף
אין אַזאַ גרינגער אינגער שעה.
און ווי דורך חלומדיקן שלאָף
צעבליט זי זיך אין דורכזיכטיקן בלאָ.

אָ, גיי ניט איצט פון הויז אַרויס,
זיי שטיל מיט זיך אַליין.
ס׳וועט עמיצער דערמאָנען זיך
אַז דו ביזט אַיין אליין.

שפעטקייט וועט דיך איינהילן,
ווי נעפל הילט דעם וועג.
און ביי דיין פענסטער אָנקלאַפּן
וועט דיר אַן אַלטער פריינט:

אָ, טייערער, ס׳איז אזוי שפּעט.
ווי האָסטו זיך דערפרעגט
צו מיין פאַררוקטער גאַס,
אין אַזאַ שטומער שפּעט?

טרייסט — זי שפּילט איר גוטסקייט אויף
אין אַזאַ אַלטער שעה,
אין אַזאַ קאַלטער שעה.

לבנה.

ווייסע פלעקן פון לבנה
ליגן אויסגעשאָטן איבער בערג.
איך גיי מיט דיר אַרויס אין נאַכט צווישן בערג.
אין די לבנה־פלעקן גייען מיר אום.

פורן פאָרן דורך דורך אונז,
מ׳קוקט זיך איין:
צוויי קליינע מענטשן.
מיר קוקן זיך איין:
— קליינע מענטשן.
גוטער אָוונט.
— גוטער אָוונט.
ווי שפּעט?
— שוין נאָך צוועלף.

ווייסע פלעקן פון לבנה.
דאָרט אין טאָל
שטייט דער וואָגן מיט׳ן קליינעם אָרון.
אונזער קליינער אָרון.
ווי אַזוי וועלן מיר אים דורכשלעפּן
דורך אַזויפיל הויכע בערג
און געדיכטן וואַלד
און טייכן —

דאָרטן, זעסט,
ליגן ווייסע טייכן.

שאַ, מ׳קלינגט.
זילבערן-גרין,
זילבערן-בלוי.
קאַלט,
ווי איבער אַ פעלד מיט שניי.

איך געדענק

פארביילויפנדיקע שטיבער, פענסטער, טירן, פלויטן.
ווערטער האָבן גאלדיק ארייננעקלונגען אין מיין האַרץ ארייַן.
מיינע אויגן האָבן זיך געזעגנט און אזוי פיל צוגעזאָגט,
אזוי פיל ליבשאַפט, נאָנטקייט און גוטסקייט —
און — כ׳האָב פארגעסן.

איך האָב מיטגענומען פרייד און וואונשן,
הייליקע בענשונג האָט אין מיין מזל געלויכטן,
בין גלויביק פון אלע שטרויכלונגען אַראָפגעשפרונגען,
און געקומען צו פריילאכע טישן פון פריינט,
און געטרונקען זייער ווייַן און זייער רו —
און — כ׳האָב פארגעסן.

פון אַ דאָרף אויף א ליימיקן וועג אין שטאָט אריין
זומער איז צעוואָרפן שוין פארוועלקט.
הערבסט רויטיקט און ברענט פון קראנקע בוימער אַראָפ,
מיר פירן אין א וואָגן א טויטן צום שטאָטישן בית עולם,
גרויע שטייען מיר און קוקן ווי די ערד עפנט זיך,
שטומע שטייען מיר און קוקן ווי די ערד פארמאַכט זיך.
און — איך געדענק.

איבער׳ן בעל שם טוב׳ס שטיבל

איבער׳ן בעל-שם-טוב׳ס שטיבל בלויט אַ היימלאַכע גוטע נאַכט.
פרומע גאָטספאָרכטיקע וועלט.
די לבנה שיינט איבער׳ן דאָרף און איבער די בערג.
שפעטע נאַכט,
נאָך אין דער לבנה׳דיקער לופט איז פריש און פרי.
דאָס קליינע שטיבל שטייט אין אָרימער עניוות און אין שלום.

## דוד איגנאטאָוו:

### דאָס ליד פון איך מיט זיך אַליין אויף מיינע הענט.
(א מיידלש געזאנג)

קוקט מיך אָן.
דאָס בין איך.
איך מיט זיך אַליין אויף מיינע הענט.
איך האָב זיך געבאָרן, האָב זיך געוואַשן
און גערייניקט, ביז איך האָב מיט אַמאָל
דערזען זיך אָט אזוינע, אָט אַזאָ.
האָב איך געכאַפּט זיך אַליין אויף מיינע הענט
און טראָג זיך איצט צו אים.
אָט אַזוינע, אָט אַזאָ.
מיין אויפגעשפּיגלט לייב,
מיין אויפגעלויכטן ליכטיק ליכט.
איך טראָג דיך איצט אַליין אויף
מיינע הענט.
ניט פארשטעלט,
ניט פון זיך
און ניט פון זייערע פארוואונדערטע
אויגן.
אָ, זילבערנער פויגל!
אָ, שאָף!
אָ, וועלפּישע ציין! — — —
איך וועל דיך צערטלען און ער וועט דיך ליבן.
איך וועל דיך היטן און ער וועט דיך קושן
און ער וועט דיך האלזן און ער וועט דיך וויגן,
און ער וועט דיך הילן ווי די לבנה דער הימל.

קוקט מיך אָן, קוקט מיך אָן!
דאָס בין איך.
איך ווי אַלע,
איך, מיט זיך אליין אויף מיינע הענט.
איך אן אָנגעטאָענע שטרעק אוים מיין האנט
און שטעל זיך אן אויסגעטאָענע אליין
אויף איר אַוועק.
איר קוקט און איר גלויבט ניט
איר זעט און פאַרשטייט ניט —
פאַר וועמען? צו וועמען? — — —

ער ווייסט ניט און וואַרט פאַרט —
— וואו ביזטו, ווען קומסטו ?
— אָט בין איך, אָט קום איך,
אָט שטיי איך שוין באַלד ביי דיין טיר !

— ווער איז דאָרט, ווער קומט דאָרט,
ווער קלאַפּט אין מיין טיר ?
— דאָס קלאַפּ איך, דאָס קלאַפּ איך !
— דו ? אליין ? !
— אַליין און ניט אַליין,
אַליין מיט זיך, אַליין אויף מיינע הענט.

איך רוף און ער זעט ניט,
איך קלאַפּ און ער הערט ניט
— אָ, גיכער, עפן !
איך האָב דיר געבראַכט וואָס.
— געברייט פאר דיר איז דאָס שוין פון לאנג שוין
נאָך איידער עס האָט אונז די מאמע געהאט.
— וואָס איז דאָס ?
— אַן אוצר !
איך האָב אים פלוצלונג געפונען
אָט אַזוינעם אָט אַזאַ.

ווער האָט אַזוי פיל שטערן דעם הימל געגעבן
און אַזוי פיל שלייער דער נאַכט ?

ווער האָט דאָס געשענקט דיר און מיר דאָס געגעבן
אָט דאָס רונדיקע, ווייכע, אָט דאָס בויגיקע לייב מיינס ?
און מיך איצט געמאכט צו דיר עס איצט טראָגן
אזוי אליין אויף מיינע הענט ?

ווי דער מאַמעס שוים איז דאָס הויז דיינס,
ווי דעם טאטנס אקסלען דיין שוועל און די ראם פון דיין טיר.
א שלייער פאלט, א שטערן פאלט,
ווי גוט און פלוצלונג איך שיין אויף
אזוי א צווייענדיקע
אויף דיין שוועל.

וואָס ווערסטו צעטומלט?
וואָס ווערסטו פאַרויטלט?
מיין ליבער, מיין גוטער, מיין פעלז און מיין קלייד?!

אַ פלאַם גייט אויף, אַ פלאַם גייט אויף,
אַ ליכט גייט ווידער אויף.
א ליכט פון מיר מיט מיין געפונענער
שוועסטער.
אַ ליכט פון מיר מיט מיין אָפּגעדעקטער
פרייד —
אַ ליכט, אַ ליד.
אַ ליד, —
פון איך מיט זיך אַליין אויף
מיינע הענט.





משה שוער — צייכנונג



לייב ריבאַק

ציוכנונג

### ראשעל וועפּרינסקי:

דיין מידער קאָפּ.

דיין מידער קאָפּ הייננט אויף מיין נאַקן
ווי אַ פּאַר'חלש'טע רויז;
איך פיל ניט איר געוויכט,
איך פיל בלויז דעם אָטעם
וואָס קייקלט זיך פון דיין מויל
ווי ווייסע, ווייכע, רויזן־בליטלאַך
און שיטן זיך פאַנאַנדער
איבער מיין קלייד.

פרילינג.

דער בלוי־לייכטנדיקער פרילינג־רעגן,
בייטשט אויף מיט בייסנדיקע בייטשן
די אַלטע ערד צום לעבן.
דיינע בלויע בליקן
בייטשן אויף מיין מיד געוואָרן בלוט,
דיינע בלויע בליקן
רעגענען פרילינג אויף מיין געבויגענעם רוקן;
און איך גלייך זיך אויס —
איך גלייך זיך צו דיר.
אויף מיינע ליפּן בליט דער שמייכל
פון רייפקייט קלוג
און מיינע הענט — מיינע ווייסע אויסגעשרייען
אין זיי איז ווידער דאָ דער כח און דער פלאטער פון זעגלען.

### דוד פעפער:

כ'האָב טאַנצן געזען,
טאַנצן אין ווייסע קיטלען
מיט הוילע פיס.
געקלאַפּט האָבן פויקן, טאַצן,
געקלאַפּט און געקלאַפּט.
און ווען דאָס קלאַפּן
און טאַנצן
האָט אויפגעהערט,
האָבן זיך געבויגענע קעפּ,
אין ווייסע קיטלען
מיט הוילע פיס
געטראָגן איבער דער וועלט.

## בצלאל פרידמאַן:

ס'איז דאָס בלוט שוין לאַנג פאַררונען

ס'איז דאָס בלוט שוין לאַנג פאַררונען
און די לייבער אויפגעפרעסן —
זיינען ביינער נאָר געבליבן.

העי, גרעבער! אין די שוואַרצע יאָמער־נעכט
אַרוים צו נאַכטיק שרעקעדיקע ברודער־קברים
מיט צלמים אויף די קעפּ — — —
אויף פעלדער — האַרץ צעלעבערטע
און וועלדער — דעמב גע'שרפ'עטע
שפּייט פּחד אוים אויף צלמים גולם־סטאַרטשינדיקע
און פּלאַצן זאָל דאָס האַרץ־געשוויר
און ברודיקן דעם פאַלנדיקן טוי
אין נעכט אַזוינע נע־ונד'ישע — — — —

און שטעלט זיך גראָבן.
גראָבט אוים אַ קאָפּ אַ פּערדישן
און הענגט אים אויף
אויף פּים — צוויי דראָנגען — מענטשישע,
אַ קאָפּ אַ מענטשישן
אויף פּים פיר פּערדישע —
און שטעלט, און שטעלט,
און פּלאַצן זאָל די גאַל
און גאַליקן די ביינער טרוקענע — — — —

פּאַלמעסט דורך די נאַכט מיט קולות ווילדיקע
און רופט אַרוים דעם נס פון אחרית הימים —
נשמות פאַר די ביינער טרוקענע — — — —

העפּט די צלמים צו די קעפּ די פערדישע!
מענטשן זיינען דאָ פון גלויבונגען פאַרשיידענע
און די צייט איז אַחרית־ימים'דיק — — —

ביין צו ביין און שאַרבן לעבן שאַרבן
אַן אויסגעריכט סקעלעטישע ארמיי.

איצטער שפּאַנט,
מעסט אויס די לענג און ברייט
פון שטעטס באַלעבסטע גאַסן,
ווי מען מעסט אַ קבר
פאַר אַ בר־מינן — — — —

תיקון —
פלאַסטערט אויס די גאַסן
מיט די אויגן־לעבער און מיילער־ציינער
אין אַ וויסטער קללה
צו די הימלען — — — — —

לויף —
לויף, לעבעדיקער מענטש, פון שטאָט
ח'אַ פאַר'סמ'טער שרץ,
לויף אין אימת מות,
ביז דו ועסט — פאַרמאַטערטער —
מיט'ן גוף דעם אייגענעם
צודעקן דיין זינד — — — —

## ב. צ. בורשטאָק :

דאָרף.

ווייסע טיכער, קליידער פארביק.
פאזובעס געשטריקטע.
ברוסטן ברויטיקע פון שיקסעס.
קלויסטער שפיצן. שטרוי פון דעכער.
הארבסטיק טיפע, גרויסע בלאָטעס.
שטיוול מיט קאַלאָשן.
ווינטגערדיש און הינטגעפילדער.
שליטנס, שניי און זאַווערוכע.

## מלכה לי:

קויפט פאפיראָסן!

פאַפּיראָסן! פּאַפּיראָסן!
קלינגט מיין שטים דורך גאסן,
מיט אויגן נעפּלדיק פארצויגן —
קויפט! קויפט! קויפט!
יאָגן פוקסן זיך — קאָזאקן —
מיט פּאָרקאָוועס ווי די קאָסעס —
שניידן קלאַנגען אַזוי ווי זאַנגען:
קויפט! קויפט! פּאַפּיראָסן!

טאנצט קאָזאק מיט פערד אין ראָד,
שפּרינג איך צו אין קאַראַהאָד,
גלעט די פעל מיט פחד שטילן,
ווי איך גלעט מיין זיינדס תפלין —
מיינע אויגן בעטן, בעטן —
קויפט! קויפט! סיגאַרעטן!

קומט קאָזאַק מיט לייבן-אויגן,
בריט מיין קערפּער ווי מיט שפּיזן —
שאַרפט מיט מעסערס דורך מיין לייב —
דורך מיין צוגעדעקטן קלייד
שלינגט ער, שלינגט ער — נאַקעטקייט...
שיילט אַרונטער מיט דער הויט —
גלידער פלאַמען, גלידער רויט.
מענטשן — גאַסן — קאַראַהאָד —
און איך נאַקעט — אין אַ ראָד
און די אויגן בעטן, בעטן:
קויפט! קויפט! סיגאַרעטן!

פּראַלט קאָזאַק געלעבטער אויס,
אַזוי ווי וועש מען פּראַלט
פון טייך אַרויס: —
אַך, דו שיינע קליינינקע!
דו ביזט נאָך אַזאַ קליינינקע!!

## מאיר שטיקער:

דאָס ליד פון די אלטע מיידלאך אין הימל.

— גאָט האָט אונז גערופן, זיינען מיר געקומען —
ריינע ווי די ווייסע לעמעלאַך פון זינד.
האָט ער ווי אַ פאַסטוך זיין סטאַדע אויפגענומען,
און אונז געצערטלט ווי א מאַמע אַן איינאונאיינציק קינד.

און מיר זיינען געשטאַנען מיט אויסגעבלויטע אויגן,
עס האָבן זיך ווי פליגל געהויבן אונזערע הענט.
און גאָט האָט זיך מיט ליבשאַפט אַריבער אונז געבויגן —
זיין אָטעם האָט געהייליקט און געברענט.

דערנאָך האָט ער פון וואָלקנס די ווייסטע אויסגעקליבן,
און האָט אונז ווי אין ווייכע שאָף־פעל איינגעהילט.
זיינען מיר אויף אייביק שוין מיט אים פאַרבליבן
אין די ווייכע, ווייסע וואָלקנס איינגעהילט.

## א. ש. שקאָלניקאָוו.

מיר זומערן

מיר האָבן זיך צעוואָקסן,
אונזערע ביינער זומערן,
אונזער לייב קאָלירט.
דאָס בלוט אונזערס שפילט אין די קאָלירן
פון אונזער זומערדיק לייב.

דיין לייב איז גאָלדיק־ברוין, גלאַט און רונד,
ווי א רייפע זאנג בויגסטו זיך צו מיר;
עס שמעקט מיט רעגן און פרישע ערד
פונם אָטעם פון דיין לייב.

מיר זומערן, ווי זון, ווי לבנה.
איך וויים דיין קאָליר ביי טאָג.
דו ווייסט מיין קאָליר ביי נאַכט.
מיר געפינען זיך טאָג און נאַכט.
מיר זומערן אין די גרעניצן פון אונזער לאַנד,
וואו מיר שטאַרבן אויפגעבליטע.

## אַל גוריה:

נר תמיד.

אין מיין מח הייננט דיין בילד,
אַ נר תמיד אויפגעהאַנגען, און פארשייבלט מיט מיינע אויגן.

טעג שטיי איך אָנגעשפּאַרט אין מיין פארגאנגענהייט,
ווי אָן אַן אַייזערנעם קלויסטער פלויט. . .
מיט בייזע אויגן אונטער שווערע ברעמן,
לויערט איצט די וועלט, וואָס מיר אַנטקעגן.

מיט מיר איז ס׳בילד און די פלעמעלדיקע הייליקייט אין זיך פון מיין נשמה וועלט.
אַ וועלט פאר מיר אליין און אין זיך אַליין;
זיך קיינמאָל ניט צו פארלעשן,
ניט אויסצוגיין.

נצחון.

ווער כ׳בין? — איך בין
פון בלויז נצחון אויפגעבויט.
איז שענערס נאָך פאַראַן פון אָט דער שיינקייט,
וואָס טראָגט אין זיך דעם פייער פון נצחון?
נאַ, פיל: צוויי מענער הענט —
דאָס צינדט, פאַרלענדט
אפילו טויט.

די וועלט צווישן אונז, זי שטייט,
פאַרמירנדיק זיך אין א צלם, וואָס איז
געפאַרבט לויט די נצחונות פון מיר און דיר —
דיין זייט איז זונליכט, ווייס;
מיין זייט — רויט, הייס: —
נצחון, טויט.

מ. עלקין :

סמאָל'ס ממשלה

צווייטער נאָך ניט געדרוקטער אקט צו אנסקי'ס „טאָג און נאכט".

ב. אראנסאָן :

קאָסטיום, דעקאָראַציעס, עסיים.

## מענדל עלקין:

### ס מ א ל ׳ ס  מ מ ש ל ה

(דאָס איז דער טעקסט פונ׳ם צווייטן אקט, וואָס איז אריינגעפירט געוואָרן אין אַנ—סקי׳ס דראמאטישע פראגמענטן „טאָג און נאכט“. שרייבנדיק דעם דאָזיקן אַקט האָב איך כסדר געהאַט בדעה צו האַלטן זיך נענטער צום גייסט פון אנ—סקי׳ס פראגמענטן און צו זיינע שילדערונגען פון סמאָל מיט זיין הערשאפט. איך האָב זיך באַנוצט מיט זיין „אשמדי“, מיט דעם סטיל פון זיינע העלדן, כדי דאָס זאָל טראָגן אַן איינהייטלאַכן כאַראַקטער. דעריבער, נישט קוקנדיק דער־רויף, וואָס דער אַקט איז אייגנטלאַך אַ מאַסקן שפיל, איז דער טעקסט דאָך אַ שדים׳שער, לויט אַנ—סקי׳ס נוסח.

„טאָג און נאכט“ איז, אין א נייער באַארבעטונג, מיט דעם דאָזיקן צווייטן אַקט אויפגעפירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין ניו יאָרק אין „אונזער טעאַטער“, דעם 9־טן דעצעמבער, 1925).

(אין אַ חורבה הינטער׳ן שטאָט, וואו די שוואַרצע חברה ריכט אָפּ זייער שוואַרץ שבת, פאַר האַלבע נאַכט. אויפ׳ן בינע — פינסטער. פון צייט צו צייט באַווייזט זיך ווי אַ פלעק אַ פאַרנעפּלט געשטאַלט און פאַרשווינדט. דער זייגער שלאָגט האַלבע נאַכט. עס הייבט אָן צו העלן. פון פאַרשיידענע זייטן באַווייזן זיך דער ערשטער און דער צווייטער לאַפּיטוט.)

ע ר ש ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

כאַ־כאַ־כאַ, איך דער ערשטער.

צ ו ו י י ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

כי־כי־כי, איך דער ערשטער.

ע ר ש ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

בין איך דער צווייטער און דער ערשטער.

צ ו ו י י ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

בין איך דער ערשטער און דער צווייטער.

אוי, בין איך געלאָפן! (ביידע לאכן).

ע ר ש ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

היינט ביינאַכט האָב איך געטראַכט

וועלן הערנער מיר אויסוואַקסן...

צ ו ו י י ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

(פאַרגייט זיך)

אויב שוין הערנער קומט עס מיר גאָר,

גרינגער זיך אמאָל פאַרשטעלן. (לאכן).

ע ר ש ט ע ר  ל א ַ פ ּ י ט ו ט:

וואָס געזען?

צ ו ו י י ט ע ר ל א פ י ט ו ט :
האָבן מורא אַלע, אַלע האָבן מורא,
שווידער לויערט איבער היימען,
איבער הייזער, איבער גאַסן.
א ש ט י ם :
חתן כלה פאַר דער חופה
ציטערן פאַר אונזער זכר.
ערשטער און צווייטער לאַפיטוט :
איבער יונגע קליינע קינדער. (לאַכן).
צ ו ו י י ט ע ש ט י ם :
און עס לויערן מגפות
איבער יונגע קליינע קינדער.
ערשטער און צווייטער לאַפיטוט :
איבער יונגע קליינע קינדער. (לאַכן).
צ ו ו י י ט ע ר ל א פ י ט ו ט :
כי־כי־כי...
און וואו ביזטו געווען ?
ע ר ש ט ע ר ל א פ י ט ו ט :
אומעטום געווען, געזען...
און וואו איך גיי און וואו איך קום
אויף אַלץ, אויף אַלץ בין איך אַ בעלן,
אַלץ און אַלץ איז מיר אַ קרן.
קען איך מענטשן ניט דערגרייכן
זיינען הינער אויך אַ קרן.
ווער איך גאָר אַ טכויר אַ פלינקער
און איך ווערג מיר הינער, הענער...
(פון אַלע ווינקלען)
הינער, הענער, הינער, הענער.
(געזאַנג)
רי רא רא, ארויף, אראָפּ,
קוואַקען זשאַבעס אין אַ טאָפּ
רי רא רא, רי רא רא
קוואַקען זשאַבעס אין אַ טאָפּ...
(עס קומען אַריין סמאַל'ס צוויי אַדיוטאַנטן מיט זייערע באַגלייטערינס)
ע ר ש ט ע ר א ד י ו ט א נ ט :
עס האָט דער זייגער צוועלף געשלאָגן
קומען אָן באַלד האַר און לילית.
גרייט זיך חברה, פּוצט די נעזער.
גרייט זיך צו קבלת פּנים.

צווייטער אַדיוטאַנט:
פוצט די נעזער, קאַמט די בערדלאַך,
גרייט זיך, גרייט זיך צו דער שמחה;
גרייט משקאות, פעך און שוועבל —
גרייט זיך, גרייט זיך צו דער שמחה!
ערשטער אַדיוטאַנט:
הוליען זאָל אין טאַנץ אין ווילדן
אין געווירבל אונזער חברה.
צווייטער אַדיוטאַנט:
פוצט די נעזער, קאַמט די בערדלאַך,
גרייט זיך, גרייט זיך צו שוואַרץ שבת.
גרייט משקאות, פעך און שוועבל
פאַר סמאַל מיט זיין כנופיא.
צווייטער לאַפּיטוט:
איך האָב געבראַכט נאָר גוטע נייסן
פאַר'ן האַר, פאַר סם סמאַל,
טאַנצן וועט ער היינט פאַר שמחה
פון די פריילאַכע ידיעות.
ערשטער לאַפּיטוט:
ס'וועט זיין פריילאַך, ס'וועט זיין פריילאַך...
ער'ט אויך פון מיר הנאה האָבן
כ'האָב דערפילט מיין לעצטע שליחות:
ווי אַ שרעטל זיך געקייקלט
אומעטום געשנאָרט, גענישטערט
וואָס געזען — אַלץ פאַרפעסטעט...
שטימען:
ס'וועט זיין פריילאַך, ס'וועט זיין פריילאַך!
ערשטער אַדיוטאַנט:
מאַכט קיין שהיות, שטעלט זיך אַלע,
אַלע שטעלט זיך אוים אין רייען!
ערשטע באַגלייטערין:
מאַכן מיר קבלת פנים
פאַר סמאַל און פאַר לילית.
צווייטע באַגלייטערין:
לאָמיר זיי שפּילן לכבוד
גהינום זמירות, טייוול לידער!
אַלע:
פויקן, פייקלאַך, טאַצן, פייפלאַך,
גרילצט און ליאַרעמט, קנאַקט און פייקלט

און מיר שפּילן און מיר זינגען
גהינום לידער, טייוול זמירות.
(זינגען)

פייפן ווינטן אין די קוימענס
יאָגן רוחות אין די וועלדער
צאַפּלען מענטשן אין די נעגל
ביי סמאַל׳ס פלינקע שלוחים.
האַ האַ האַ האַ
כאַ כאַ כאַ כאַ.
און מיר יאָגן איבער לענדער
און מיר רייצן מענטש אויף מענטשן
און עס בלינעט זיך די וועלטל
אין איר אייגן בלוט און טרערן.
כאַ כאַ כאַ כאַ.
האַ האַ האַ האַ
פלאַקערט העליש בראַנד און פייער
אין דעם שטריימל שטעקט אַ קאַזאַק
און מיר טראָגן פעך און שוועבל
און פאַרכאַפּן אַלץ אין נעצן.
האַ האַ האַ האַ
כאַ כאַ כאַ כאַ.
און מען שענדעט פרומע מוטערס
שטאַרבן קינדער אין מגפות;
איז דער צדיק אויך אַ ממזר
און די וועלט פאַרגייט אין פלאַמען;
כאַ כאַ כאַ כאַ.
האַ האַ האַ האַ
(עס קומען אַריין סמאַל און לילית)

אַ ל ע:

ווילקאַם, ווילקאַם אונזער הערשער
צו דער שמחה, צו שוואַרץ שבת;
כבוד, כבוד פאַר סמאַל,
כבוד פאַר׳ן האַר און לילית! . . .

ס מ אַ ל:

זיינען אַלע דאָ פאַרזאַמלט
מיינע שלוחים פון די בלאָטעס
פון די מיסטן מיינע העלפער?
האָט איר אַלע גוטע נייעס?
ווער האָט ווינטיקס צו דערציילן

וואָס אין יענע וועלטן טוט זיך,
וואו מיר שפּרייטן פּליסיק נעצן
צו פאַרשטאַרקן מיין ממשלה?
האַלט נאָך אַלץ אַן די מהומה
איבער לענדער, שטעט און דערפער?
וואו איז לאַפּיטוט דער ערשטער?
ער דער ערשטער זאָל דערציילן!...

ע ר ש ט ע ר ל אַ פּ י ט ו ט:
(פאַרנויגט זיך)

איך האָב, מיין האַר, דערפילט מיין שליחות
אויף אַ דיפּלאָמאַטיש אופן:
איך האָב צורו דעם מענטש געלאָזן,
בין אַוועק אין נייע דרכים
אויסצושפּרייטן דיין ממשלה
צווישן חיות אויך און עופות...
שלאָגן הענער זיך ווי מענטשן,
און דער טכויר פאַרצוקט די הינער
און דער יאַסטרעב שלאָגט פון אויבן
און עס פלאַקערט אַ מלחמה
איבער שטעגן, איבער וועלדער,
און עס טראָגן זיך געשטאַנקען
פּונקט אַזוי ווי ביי די מענטשן...
און מיט צניעות מיט געזעצן
טיליקן זיי איינס דעם צווייטן...
אַלץ ווי דו האָסט מיר באַפוילן
אַלץ ווי עס וויל מיין האַר סמאַל!
און עס שפּרייט זיך דיין ממשלה
איבער באַרג און איבער טאָלן!
(ער פאַרנויגט זיך).

ס מ אַ ל:
(שמייכלט).

כ'וועל מיין דאַנק דיר שפּעטער זאָגן
זאָל אַ צווייטער איצט דערציילן.

צ ו ו י י ט ע ר ל אַ פּ י ט ו ט:

כ'האָב אויך געבראַכט, מיין האַר, דיר
גוטע נייסן פון די וועלטן.
כ'האָב אַלץ געטאָן ווי דו'סט געהייסן:
שווידער לויערט איבער היימען
איבער שטעט און איבער גאַסן

חתן־כלה פאַר דער חופּה
ציטערן פאַר אונזער זכר...
און איך האָב דעם מענטשנ׳ס חכמה
אין אַ קללה גאָר פאַרוואַנדלט, —
שוועבן מענטשן אין די וואָלקנס
אויף די פליגלען פון דער חכמה
דורך באַלאָדן מיט כלי זין
מיט מכשירים פון גהינום
און פאַרניכטן איינס דעם צווייטן...
אַלץ ווי דו האָסט מיר געהייסן
אַלץ ווי עס וויל מיין האַר סמאָל.
און עס שטאַרקט זיך דיין ממשלה
איבער לענדער, איבער וועלטן.
(ער פאַרנייגט זיך).

ס מ א ל :
(צעגיסט זיך אין אַ שמייכל)
ווער נאָך איז דאָ פון ווייט געקומען?
וואו איז לאַפּיטוט דער דריטער?

ערשטער און צווייטער אַדיוטאַנט:
וואו איז לאַפּיטוט דער דריטער?

א ל ע :
לאַפּיטוט דער דריטער? לאַפּיטוט דער דריטער?

ע ר ש ט ע ש ט י ם :
מיר וואַרטן לאַנג שוין אַף זיין קומען.
ער האָט אַ שווערע, שווערע שליחות,
ער שלאָגט זיך דאָרטן מיט אַ שונא
וועלכן שווער איז צו באַזיגן...

א ל ע :
(מיט אַ זיפץ)
שווער איז צו באַזיגן...

ס מ א ל :
ווער זאָגט, אַז שווער איז צו באַזיגן?
ווער זאָגט אַזוינס ביי מיר אין פּאַלאַץ?

ע ר ש ט ע ש ט י ם :
איך...

ס מ א ל :
דו בלאַטיק שד׳ל, שלים־מזל׳ניק,
שנעל פאַרשווינד פון מיינע אויגן
לויף און זוך און ברענג צופירן

לאַפּיטוט צו מיר דעם דריטן!
ווי קומט אהער אזא מין בטלן?
וואָס טוט ער דאָ אין אונזער חברה?

ע ר ש ט ע ר  א ד י ו ט א נ ט:

ניין, מיין האַר, ער איז קיין בטלן
ער איז בלויז אביסל שיכור
געכאַפּט אַן איבעריקע כוסה
פעך און שוועבל צו הבדלה,
זעט ער אַלץ אין שוואַרצע פאַרבן,
אָבער ער איז ניט קיין בטלן...

ס מ א ל:

מ... מ... מ...

ל י ל י ת:

זיי ניט בייז סמאַל ליבער
שטער ניט אונזער שוואַרצע שמחה.
אפשר איז גערעכט דער בטלן
אפשר איז דער קאַמף אַ שווערער?
מוז דאָך דאַרט זיין ווער אַ שטאַרקער
אויב מען קען ניט שנעל באַזיגן...
איך בין נייגעריק צו וויסן
ווי זעט אויס דער שטאַרקער שונא,
ער מוז זיין געוויס אַ צדיק...
ווי איך וואָלט אים וועלן רייצן
און אין צויבער אים פאַרהילן!
לאָזט מיך נישט גיין אין וועלטן
לאָזט נישט אָפּ פון זיך אַ רגע...
זיי נישט בייז, סמאַל ליבער,
שטער נישט אונזער שוואַרצע שמחה.
זאָלן בעסער חברה זינגען,
זאָל זיך אָנהייבן די שמחה.

ס מ א ל:

מ... מ... מ...
(ער גיט אַ צייכן מ׳זאָל זינגען)

א ל ע:

(זינגען)
רירא רירא ריראַרא
ס׳איז אַשפּיל ביי אונז אַזא
לויפט די וועלט אַרויף, אַראָפּ,
קוואַקען זשאַבעס אין אַ טאָפּ.

ריראַריראַריראַ
ס'איז אַשפּיל ביי אונז אַזאַ
שיסן באַרג און טאָל מיט רויך
פליען אייזלען אין דער הויך.

ריראַריראַריראַ
אַ שמחה איז ביי אונז אַזאַ
און אַרום עס פּייפט און ברומט
לאַפּיטוט דער דריטער קומט...

**שדיל:**
(לויפט אַריין)
ער קומט, ער לויפט, ער פליט...

**דריטער לאַפּיטוט:**
(לויפט אַריין, פאַרנויגט זיך).

**לילית:**
איז ער שיין, איז ער שטאַרק
האָסטו אים אין נעץ פאַרכאַפּט?...

**סמאל:**
וואו האָסטו זיך געזאַמט אַזוי?
וואָס האָט דיך דאָרט געהאַלטן לאַנג?

**דריטער לאַפּיטוט:**
פאַרגיב מיין האר, כ'בין שרעקלאַך מיד
די שליחות איז געווען גרויס,
די אַרבעט איז געווען שווער.
דער צדיק דן געהערט צום פאָלק,
וואָס גיט זיך אונטער זייער שווער.
מען מוז אַלץ אָנהייבן פון ווייט,
די אַרבעט איז געווען שווער. . . (ער אָטעמט שווער).

**סמאל:**
רייד, דערציייל. (אַלע שפּיצן זיך אָן).

**דריטער לאַפּיטוט:**
עס זיצט פאַרשפּאַרט דער צדיק דן
איבער תורה טאָג און נאַכט
ער יאָגט פון זיך דעם גייסט פון ערד
פון לעבנסלוסט אַ ווייט געדאַנק.
און ער הייליקט זיך און פאַסט
זיצט אין טלית איינגעהילט
און פאַרצערט זיין לעבן אין פּיין.
ציען מענטשן זיך צו אים

פון אַלע עקן פון דער וועלט
קראַנקע היילט ער מיט'ן בליק
געזונט גיט ער מיט א וואָרט.
און עס קלינגט די וועלט מיט אים. (כאַפּט אָפּ דעם אָטעם).
איז געווען די ארבעט שווער
צעשפּרייטן איבער אים א נעץ,
כ'האָב אַנהויבן געמוזט פון ווייט:
כ'האָב דעם ממזר אויפגעוועקט אין אים.
דעם ווילדן קאָזאַק, דעם באַנדיט.
זיין בלוט מיט תאווה אָנגעגליט,
מיט געלוסטונג צו א פרוי.
און האָב אָנגעשיקט אויף אים
זיין אייגן בלוט, זיין ברודער'ס קינד
די שיינע מרים מיט איר רייץ...
איז זיין קאָפּ צערעגט, צעדולט
און דאָס בלוט אין הארץ פאר'סם'ט,
ראַנגלט זיך דער צדיק דן
מיט'ן ממזר דעם קאָזאַק
און עס גייט א קאַמף אויף טויט.
די מלחמה איז אין ברען... (לאַכט, כאַפּט אָפּ דעם אָטעם)
אך, א שווערע ארבעט איז געווען...
אויף דער שטאָט פון צדיק דן
האָב איך שרעק און טויט געשיקט.
שפּרייזט מגפה איבער שטאָט,
שפּרייזט דער טויט פון הויז צו הויז.
קומען קליינע קינדער אום,
שטאַרבן ווי די פליגן אוים,
ווערן טאַטעס שטום און גרוי,
שרייען מאַמעס אין דער וועלט,
יאָמער טראָגט זיך אין דער לופט...
שטילן וויל דער צדיק דן
די מגפה מיט געבעט
מיט תענתים און מיט פיין, —
וואַרט די שטאָט דאָך אויף זיין וואָרט.
אויף זיין וואונק, אויף זיין באַפעל, —
וועק איך ממזר אויף אין אים.
פלאַקער אויף דאָס ווילדע בלוט,
עקשנט זיך דער קאָזאַק איין
און די קדושה ווערט פארשוועכט

און עס קומט קיין וואונק, קיין וואָרט... (אָטעמט אָפּ)
אַך, אַ שווערע אַרבעט איז געווען
די שליחות איז געווען גרויס.
כ'האָב אַלץ דערפילט ווי דו ס'ט געוואָלט
אַלץ ווי דיר האָט זיך געגלוסט.
שטאַרק זאָל זיין דיין קעניג קרוין
איבער לאַנד און איבער וועלט! (ער פאַרנייגט זיך)
(ערשטער אַדיוטאַנט גיט אַ וואונק צו חברה)

אַלע:

שטאַרק זאָל זיין דיין קעניג קרוין
איבער לאַנד און איבער וועלט!

סמאַל:

(גיט אַ צייכן מיט'ן האַנט. אַלע ווערן שטיל אין פאַרשיידענע פּאָזעס)
(צום דריטן לאַפּיטוט)
היינט פאַרדינט האָסטו מיין לויב
האָסטו מין שליחות גוט דערפילט (מיט סאַרקאַזם)
פּרויען יאָמער, טויט פון קינדער
כ'הויב שטענדיק אָן פון דעם צו ניסן.
אויך דער פּחד און דער שווידער
וואָס צעשפּרייט זיך ווי די כמאַרעס
איבער גאַסן, איבער הייזער
קריכט ווי שטויב מיר אין די אויגן.
אָבער דן און די מגפה
איז אַ גרויסער, גרויסער ענין.
ס'איז אַ פּלאַנטער אין אַ פּלאָנטער
לויט דעם נייסטן שדים נוסח...
דו האָסט די נעץ געשיקט פאַרצויגן,
דער געפאַנג איז גאַנץ געראָטן,
גרויסע העכט זיך דאָרטן צאַפּלען...
גערעכט איז לאַפּיטוט דער דריטער:
מען דאַרף קיין ווייַרויך ניט געברויכן
פאַר די וואָס קענען פּעך פאַרדייען...
אויפוועקן אין דן דעם ממזר,
אויפרייצן אין אים דעם קאָזאַק
איז געווען דער וועג דער בעסטער.
עס קאָן זיין שטריימל זיך ניט האַלטן
אויף אַ צווילינג קאָפּ אַזוינעם...
איד און קאָזאַק איינצופלעכטן

איז געוועזן דאָס גרעסטע שפּיצל, —
פלאַצן וועט דאָס הייליק שטריימל
אויף א צווילינג קאָפּ אזוינעם!...

**לילית:**

וואו איז דער צעברויזטער קאַזאַק?
ברייננט מיר אים אהער דעם צדיק!

**סמאל:**

לאַנג געלויערט אויף דעם קרבן
און געפּאַקט אים אין די נעצן.
שמעקט זיין ליב מיט זינד און תאוה
מיט געלוסטונג אין די בלוטן...

**לילית:**

(לײדנשאַפטלאַך)

ווער וועט ברייננען צו מיר דנ'ען,
דנ'ען, דנ'ען ווער וועט ברייננען?
פון לוסט און תאוה א ברונים גראָבן
דאַרף איך איצטער ניט באַפוילן, —
ער וועט אליין זיין פייער ברייננען,
ער וועט אליין זיין ברונים גראָבן...
ווער וועט ברייננען צו מיר דנ'ען? (אומגעדולדיק)
ברייננט אהער מיר דעם קאָזאַק!...

**סמאל:**

(איבערזיכטיק)

דן דעם קאַזאַק, דן דעם רבין
האָבן זיי דאָך אויסגעמאַטערט
מיט תעניתים און סינופים
ס'איז פון אים דאָך נישט געבליבן.

**לילית:**

דן דער קאַזאַק האַלט ביים לעבן
אויך דעם גוף פון דן דעם רבי'ן!
פייער פלאַמען וועל איך פלעכטן
און צעגלוטן וועל איך בלוטן!
גיט אהער מיר דן דעם קאָזאַק!

**דריטער לאַפּיטוט:**

(אונטערטעניק)

ער וועט קומען, לילית גרויסע.
ער וועט דיינע הענט ניט פעלן...

עס יאָגט דער קאַזאַק אים אַהערצו
אין די שיינע אָרעמס דיינע.

ס מ א ל :

(אַ צייכן מיט'ן האַנט)

אייך מיין דאַנק איר דינער טרייע,
טראָגט מיין דאַנק אין אַלע וועלטן
זאָל עס פּלייסן מיין כנופיא
צו פאַרשטאַרקן די ממשלה
פון סמאל און פון לילית.
איצטער זייט זיך משמח
נעמט זיך אַלע צו שוואַרץ שבת.

אַ ד י ו ט אַ נ ט ן :

האַד, האַד, האַד, האַד!

אַ ל ע :

האַד, האַד, האַד, האַד!
(אַלע שטעלן זיך אויס אין פאַרשיידענע גרופּן)
פּויקן, פייקלאַד, טאַצן, פייפלאַד
גרילצט און ליאַרעמט קנאַקט און פּייקלט
גרילצט און ליאַרעמט, קנאַקט און פּייקלט!
(זינגען)
פייפן ווינטן אין די קוימענס
יאָגן רוחות אין די וועלדער
צאַפּלען מענטשן אין די נעגל
ביי סמאַל'ס פלינקע שלוחים.
האַ האַ האַ האַ
כאַ כאַ כאַ כאַ.
און מיר יאָגן איבער לענדער
און מיר רייצן מענטש אויף מענטשן
און עס כלינעט זיך די וועלטל
אין איר אייגן בלוט און טרערן
האַ האַ האַ האַ
כאַ כאַ כאַ כאַ.
פלאַקערט העליש בראַנד און פייער
און די וועלט פאַרגייט אין פלאַמען
און מיר טראָגן פעך און שוועבל
און פאַרכאַפּן אַלץ אין נעצן.
האַ האַ האַ האַ
כאַ כאַ כאַ כאַ.
און מען שענדעט פרומע מוטערס

שטאַרבן קינדער אין מגפות.
איז דער צדיק גאָר אַ ממזר
אין דער שטריימל שטעקט אַקאַזאַק
האַ האַ האַ האַ
כאַ כאַ כאַ.

(עס הויבט זיך אָן א טאנץ, אין וועלכן אלע ווערן אריינגעשלעפּט. לילית — אין מיטן, דרייט זיך לײדנשאַפטלאַך אין טאַנץ. מיטאַמאַל, אומדערוואַרט באַווייזט זיך ר׳ דן. עס ווערט אַ טומל. לילית שרייט אויס, וואַרפט זיך צו אים און שלעפּט אים אריין אין טאַנץ. אלץ איז אין דער גרעסטער אויפרעגונג. פון אַ זייט באַווייזט זיך מרים צאַרט און מילד, געקליידט אין ווייסן. ר׳ דן באַמערקט זי, רייסט זיך אַרויס פון טאַנץ, לויפט צו מרים און פאַלט צו צו איר אין אַ לײדנשאַפטלאַכן קוש. עס פּלאַצט אויס אַ ציניש געלעכטער. סמאַל, וועלכער איז געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ און האָט צוגעקוקט, פאַרגייט זיך אין אַ טייוולישן געלעכטער. עס הויבט אָן צו ווערן ביסלאַכווייז טונקעלער און ביסלאַכווייז הייבט אָן אַלץ פאַרשווינדן אונטער סמאַלס געלעכטער. עס ווערט פינסטער).

(פאָרהאַנג)




ב. אַראָנסאָן: צו ערנסט טאָלער׳ס „מאַשינען־ברעכער“



ב. אראנסאָן　　　דעק. צו אנסקי „טאָג און נאכט“ אקט 1



ב. אראנסאָן　　　דעק. צו אנסקי'ס „טאָג און נאכט“ אקט 2




ב. אראנסאָן　　דעק. צו פינסקי'ס „לעצטער סך הכל"



ב. אראנסאָן　　דעק. צו פינסקי'ס „לעצטער סך הכל"

## ב. אראנסאן.

דעקאראציע און קאסטיום.

נישט דער מענטש פאר דער דעקאראציע, נאר די דעקאראציע פאר'ן מענטשן — דאס איז דער רוף פון דעם מאדערנעם מאלער. די דעקאראציע איז נויטיק נאר אויף אזוי פיל אויף וויפיל זי איז נויטיק אלס א ראם, אלס א פעדעסטאל פאר דעם אקטיאר. די דעקאראציע איז באמת נויטיק נאר אויף צו באטאנען, אויף אונטערצושטרייכן דעם באוועגלאכן מענטשן אויף דער בינע. קיינע איבעריקע זאכן טארן זיך אין דער דעקאראציע ניט געפינען. מעגן די זאכן זיין ווי אינטערעסאנט פאר זיך אליין. נאר דאס וואס איז א אומפארמיידלאכע נויטווענדיקייט קאן געברויכט ווערן. דאס אילוזארישע, דאס דערציילערישע איז אין דער בינע־דעקאראציע שטענדיק איבעריק. טאקע דערפאר וואס זיי זענען זעלבסטשטענדיקע זאכן. און עס ווערט דערפאר אין דער מאדערנער דעקאראציע פארביטן דורך געבוי, דורך רעאלע רוימלאכע פארמען. דער שוישפילער וואס ווירקט אויף דער בינע איז פון דריי דימענסיעס און ער ווידערשפרעכט דערפאר דעם פלאכן באמאלטן לייוונט מיט די אפגעמאלטע אילוזיעס פון קעגנשטאנדן און אויסשטאטונג. די אנגעמאלענע פארמען ווערן דערפאר פארביטן דורך געבויטע, רעאלע דריי־דימענסיקע קעגנשטאנדן אין דעם רעאלן רוים. די דאזיקע קעגנשטאנדן רעפראדוצירן ניט די אויסשטאטונג. זיי ברייננען נאר ארויין לופט. זיי גיבן נאר א באגריף פון דער סביבה וואו די האנדלונג קומט פאר, ווערן דער מאטעריעלער גרונט דורך דעם וואס זיי ארגאניזירן נאר דעם שטאף און דעם רוים אויף אזא אופן, אז די האנדלונג פון שוישפילער זאל האבן וואס בעסערע מעגלאכקייטן זיך צו אנטוויקלען. עס ווערן דערביי אנגעווענט די אייגענע פרינציפן וואס ווערן אנגעווענט אין דער מאדערנער מאלעריי. עס איז די נייגונג זיך צו באפרייען פון דער איינצלהייט, וואס ציט אפ די אויפמערקזאמקייט פון דעם שוישפילער. עס איז א נייגונג צו געבן א ליניענארטיקע, פלאסטישע דעקאראציע, וואס איז ארגאניש פארבונדן און נויטווענדיק פאר דעם שוישפילער'ס ראל, פאר דעם שוישפילער'ס קערפער, פאר זיינע פאזן און באוועגונגען.

דער קוביזם אלס א ליניענארטיקע און אבסטראקט געבויטע מאלעריי, האט זייער פיל מיטגעהאלפן צו באפרייען דאס טעאטער פון דער הערשנדיקער דיקטאטור פון אקאדעמישן מאלער און געהאלפן צו אנטוויקלען די נויטיקע און אייגנארטיקע טעאטער־קונסט.

אזוי ווי די שטימע פונ'ם אקטיאר מוז זיין ארגאניש פארבונדן מיט זיינע באוועגונגען, פונקט אזוי מוז זיך זיין קאסטיום צוגעפאסט זיין

מיט זיין קערפּער. דער ציל פון׳ם אמת׳ן טעאַטראַלן קאָסטום איז ניט נאָר צו „באַפּוצן" אָדער אָנקליידן דעם שוישפּילער אין מאָיאַנטקעס פון דעם אָדער יענעם סטיל. דער אָדער יענער תקופה, נאָר איז א מיטל צו אונטערשטרייכן די באַוועגונגען פון דעם שוישפּילער. דורך דעם קאָסטיום ווערן אָפּגעטאַקט און באַקומען א גאַנץ באַזונדערע בולט׳ע שאַרפקייט די באַוועגונגען זיינע.

דער קאָסטום — דאָס איז א מיטל צו מאַכן דעם גוף און די גאַנצע פיגור פון דעם שוישפּילער שטריינג און שאַרף פאַרבונדן מיט דעם מהות פון דער געשפּילטער געשטאַלט. דער וויכטיקסטער פּרינציפּ בײַם בויען דעם קאָסטום איז — די אָרגאַנישע האַרמאָניע פון די מאַלערישע פלאַכן מיט דעם עצם גוף פון דער סצענישער געשטאַלט. און דאָס איז די הויפּט־זאַך: אַלע אַנדערע אויפגאַבן, ווי: סטיל, שטייגער, עפּאָכע א. א. וו., זיינען נאָר געבן זאַכן און דאַרפן אויסגענוצט ווערן נאָר אַלס עלעמענטן. מען דאַרף ניט באַלעסטיקן דעם צושויער׳ם אויג מיט ציטאַטן פון באַראָקאָ סטיל און אונטערשלאַק פון דער רענעסאַנס תקופה. די איינציקע אויפגאַבע איז נאָר דער קאָנטאַקט פון קאָסטום מיט דעם שוישפּילער׳ס באַוועגונגען. גענוי ווי די קליידער פון דעם זשאָקיי־רייטער, אָדער פוטבאָל־שפּילער זיינען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די באַוועגונגען וואָס זיי מאַכן, אַזוי מוז אויך דער טעאַטראַלער קאָסטום דערגענצן די באַוועגונגען וואָס דער שוישפּילער מאַכט. חוץ דעם מוז דער מאַלער אויך אָרגאַניזירן די פאַרבן־האַרמאָניע, כדי צו פאַרגרעסערן דעם אָפּטישן איינדרוק.

אין די אינטערעסן פון דער פּלאַסטישער האַרמאָניע אויף דער בינע, איז אומבאַדינגט נויטווענדיק אונטערשטרייכן און אולטרירן אפילו דעם רונדן קערפּער פון דעם מענטשלאַכן גוף. א מאָדערנער טעאַטראַלער קאָסטום דאָס איז ניט קיין פּראָסטע שטיקלאַך סחורה אין וועלכע מען פאַרוויקלט דעם שוישפּילער. נעמענדיק אין באַטראַכט נאָר די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון זיין פיגור, וועלכע באַוועגט זיך נאָר צופעליק, ווייל דער רעאַליסטישער קאָסטום איז אָנגעווענדעט פון די אינדיווידועלע באַוועגונגען פון דעם אַקטיאָר. אין דעם נייעם טעאַטראַלן קאָסטום איז אַלץ אויסגערעכנט, אי דער קאָנטור פון דעם קאָסטום, אי זיין אומפאַנג, אי זיינע קנייטשן. אַן אַקטיאָר אין א נייעם קאָסטום דאָס איז א באַוועגלאַכער רעליעף, וואָס זעט אויס ווי א לעבעדיקע געמאָלענע סקולפּטור. די פּלאַסטישקייט ווערט דאָ דערגרייכט דורך דעם וואָס דער קאָסטום ווערט באַמאָלט. דערביי ווערן די נאַטירלאַכע קנייטשן פון שטאָף פאַרטיפט נאָך שטאַרקער דורך פאַרב. און די געאָמעטרישע גלייכע ליניען באַקומען זיך דורך די שווערע שטאָפן וואָס ווערן אַריינגעלייגט אין דער וואַרע.

מאַכנדיק א קאָסטום פאַר א שוישפּילער, רעכנט זיך דער מאָלער

ניט נאָר מיט די בולט'ע קאָנסטרוקטיווע ליניעס פון דער מענטשלאכער פיגור (ווי למשל די אקסלען) נאָר אָפט צעפאָרמירט דער מאלער די נאַטירלאכע ליניען פון דער פיגור, כדי שטארקער צו אונטערשטרייכן דעם כאראַקטער וועלכן דער שוישפילער שפילט. ווי א פארגרימירטער קערפער, ווי א מאסקע פון דער פיגור — דארפן אויסזען די מאָדערנע קאָסטומען. יעדער פון זיי איז פארטראכט דורכ'ן מאלער ווי אבסאלוט א גאנצע און אויסגעהאלטענע זאך. דער צופאל האָט דאָ קיין פלאץ. דער שניידער אָדער דער אקטיאָר קענען אבסאלוט ניט צוגעבען צו דעם פלאן פון דעם מאלער, ווייל אלעס איז שוין אויסגערעכנט דורך דעם קינסטלער, וועלכער ארבעט אוים צוזאמען מיט דעם רעזשיסאָר, די אויסגעהאלטענע ליניע פון דער ראָל — דעם סקעלעט אירן און איר באַפארבונג, ווייל אי די פאָרם, אי די פארב, און אויך אפילו דער אָדער יענער מאטעריאל — נוצן אלץ איין און דער זעלבן ציל: דער מאקסימאלער בולט'קייט. און אויך דאָ איז פולן איינקלאנג מיט די ריין מאַלערישע זוכענישן, וועלכע די מאָדערנע קינסטלער פירן דורך ביי זיך אויף זייערע לייוועגטן, ווערן די קאָסטומען ניט נאָר געמאָלט מיט פארשיידענע פארבן, נאָר עם ווערן אויך ארייגעפירט פארשיידנאַרטיקע מאַטעריאלן, וועלכע ווערן וואריעאירט לויט דער נויטווענדיקייט פון דעם אָדייר יענעם איינדרוק: למשל א שווערער, אָדער א גרינגער, א גלאַנציקער אדער א מאטאווער. דערפאר קען מען אָפט אין איין און דעם זעלבן קאסטום פארוועגדן פארשידענע שטאָפן, לייוועגט, זייד, אטלעס, א. ד. גל. — א גרויסע באצייטונג האָט אויך דער אָרנאמענט וועלכער ווערט אריינגעפירט אין דעם נייעם קאָסטום, וועלכער ווערט, אגב, געצייכנט אין אן אונטערגעשטרייכטן גרויסן פראגמענט. די אונטערגעשטראָכנקייט קומט דערפון וואָס אין דעם נייעם טעאָטער איז אלץ קינסטלאך, אלץ געמאָלט, אלץ צוזאמענגעשטעלט פון פארשיידענע שטאפן. אלץ אונטערגעשטראָכן — ווייל צוליב דער אזוי־גערופענער געקינצלטקייט ווערט דערגרייכט די שטארקסטע טעאטראלישקייט, די גרעסטע בולט'קייט פון דעם איינדרוק.

## חיים שוים:

### די מלוכה פון דער ערד און די מלוכה פון הימל

די געשיכטע פון די אידן אין דער צייט ווען זיי האָבן געפירט אַן אייגענעם מלוכה־לעבן אין ארץ ישראל — אַ צייט פון איבער טויזנט יאָר, וואָס נעמט אַריין די עפּאָכע פון דער זעלבסטשטענדיקער מלוכה און די עפּאָכע פון צווייטן בית־המקדש — איז אַ געשיכטע פון אַ מערקווירדיקן פאָלק, וואָס האָט געזוכט און געשטרעבט זיך צו באַפרייען פון זיין מלוכה און אויפצובויען זיין נאַציאָנאַלן לעבן אויף אַ גייסטיקן יסוד. אָבער ניט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען די אידן פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ גייסטיקן פאָלק, אַ זאַך וואָס האָט זיך קיין אַנדער אומה ולשון נאָך ניט איינגעגעבן. כדי דאָס דורכצומאַכן, האָבן די אידן געמוזט אויפשטעלן אַנטקעגן דעם געדאַנק פון דער מלוכה פון דר׳ערד, פון זייער מלוכה וואָס זיי האָבן אויפגעבויט אויף דער ארץ ישראל׳דיקער ערד, דעם געדאַנק פון דער מלוכה פון הימל.

די געשיכטע פון דעם אידישן מלוכה־לעבן אין ארץ ישראל, פון דוד׳ן ביז׳ן צווייטן חורבן, איז דערפאַר אַ צווייפּאָניקע מיט אַ טאָפּלטן פּרצוף: פון איין זייט די מלוכה פון דר׳ערד, פון דער אַנדערער — די מלוכה פון הימל.

מיר דאָ וועלן צוערשט באַטראַכטן די אידישע מלוכה פון דר׳ערד, און ערשט ווען מיר וועלן זי האָבן געזען אין אַלע אירע פאַזעס, וועלן מיר איבערגיין צו דער „מלכות השמים".

די אידישע מלוכה פון דר׳ערד, די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע אָר־גאַניזאַציע פון די אידן אין ארץ ישראל, האָט, טיילווייז דורך פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַקטאָרן, טיילווייז אונטער דער השפעה פון דעם געדאַנק פון גאָט׳ס מלוכה, דורכגעמאַכט פאַרשידענע פאַזעס אין איר אַנטוויקלונג. עס וועט זיין אונדזער אויפגאַבע אין די פאָלגנדיקע קאַפּיטלען צו ווייזן, אַז די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז געגאַנגען אין אַן עיגול, און אין איר לעצ־טער פאַזע איז זי צוגעקומען צו איר סאַמע אָנהויב און איז געווען באַנק־ראָט.

מיר וועלן אויך ווייזן, אַז דער דאָזיקער עיגול, אין וועלכן דאָס אי־דישע מלוכה־לעבן אין ארץ ישראל האָט זיך טויזנט יאָר געדרייט, איז גע־טיילט געווען אין צוויי סימעטרישע העלפטן: אַז הן אין דער ערשטער און הן אין דער צווייטער העלפט פון דעם עיגול האָט דאָס אידישע לעבן דורכגעמאַכט דריי פאַזעס. אין דער ערשטער העלפט: מלוכה, נבואה און תורה: אין דער צווייטער העלפט: תורה, כהונה און מלוכה.

מיר וועלן אנהויבן מיט דער ערשטער פאזע פון דער ערשטער העלפט פון דעם עיגול: מיט מלוכה.

מלוכה

די אידישע פאסטוכער־שבטים האבן א לאנגע צייט געקעמפט מיט זייערע פיינט פון ארום פאר זייער קיום אין דעם לאנד, וואו זיי האבן זיך באזעצט. איינאיינציקער געדאנק האט זיי דעמאלט באהערשט: דער געדאנק פון א מלוכה; איינאיינציקעס שטרעבן האט צוזאמענגעהאלטן אלע טיילן פון דעם פאלק: דאס שטרעבן אויפצובויען א שטארקע אידישע מלוכה, אויסצעשפרייטן איר ממשלה איבער אלע שכנים־פעלקער ארום, צו קריגן וואס מער פאליטישע מאכט און מאטעריעלע רייכקייט. און אונטער דער פירערשאפט פון דעם גבור פון בית־לחם איז דאס דאזיקע שטרעבן דערפילט געווארן. אונטער דוד'ן האט די פאליטישע מאכט פון די אידן דערגרייכט איר העכסטן פונקט און זייער נאציאנאלער אידעאל איז גע־ווארן א ווירקלאכקייט: זיי זיינען געווארן א מלוכה־פאלק.

אבער אט דער נאציאנאלער געדאנק, אויף וועלכן עס האט זיך דע־מאלט געהאלטן דער גאנצער בנין פון אידישן לעבן, איז לחלוטין ניט גע־ווען קיין ספעציעלער אידישער. דאס איז געווען דער אייגענער סארט נא־ציאנאלער געדאנק, אויף וועלכן עס האלטן זיך עד היום אלע פעלקער: דער מלוכה־געדאנק. ניט אומזיסט זאגט א ביבלישער היסטאריקער, אז מיט דער מלוכה, וואס די אידן האבן געגרינדעט, האבן זיי נאר נאכגע־מאכט די פעלקער ארום (שמואל א, ח5, 20).

און פונקט ווי ביי אלע פעלקער, אזוי איז אויך דעמאלט ביי די אידן געווען די מלוכה דאס סאמע העכסטע אין זייער גאנצער השגה. עפעס העכערעס ווי די מלוכה האט פאר זיי ניט עקזיסטירט. אמת טאקע, די אידן האבן דאן געהאט אויך א גאט, זייער גאט יהוה, דעם גאט פון'ם פאלק ישראל; אבער אויך דער גאט־געדאנק איז געווען אונטערגעווארפן אונטער דער מלוכה. יהוה איז געווארן גרויס און מעכטיק און קיינער צווישן די געטער איז ניט געווען גלייך צו אים (שמות ט"ו 11), ווען די אידישע ארמיי איז געווען מעכטיק און האט צעשלאגן אויף די שלאכט־פעלדער אלע אידישע פיינט, דעמאלט ווען ער, יהוה, איז געווען דער פאנצער פון ישראל'ס הילף און דער שווערד פון זיין שטאלץ (דברים ל"ג 29). די מעכטיקייט פון דעם אידישן גאט איז בכן דעמאלט געווען אין דער אידי־שער רעליגיעזער השגה ניט מער ווי א פועל־יוצא פון דער אידישער פא־ליטישער מאכט. איז די אידישע מלוכה שוואך געווארן און די אידן זיי־נען צעשלאגן געווארן, איז אויך זייער גאט שוואך געווארן. אחז האט רעריבער איז זיין געדריקטער לאגע מקריב געווען קרבנות צו די געטער פון דמשק; ווארום ער האט איינגעזען, אז די געטער פון ארם זיינען שטארקער פאר דעם גאט פון ישראל (דברי הימים ב, כ"ח 23). מנשה

מלך יהודה, וועלכער איז געווען א טרייער וואסאל פון אשור און האט אויפ־געגעבן יעדן געדאנק פון פאליטישער זעלבשטענדיקייט, איז דערפאר גע־ווען אן עפנטלאכער געצנדינער און האט אויסגעבויט אין בית־המקדש מזבחות פאר די געטער פון אשור (מלכים ב, כ"א). ווארים ביי די קריי־זען פון אידישן פאלק, וועלכע האבן פארטראטן דעם מלוכה־געדאנק, איז געווען א פארשטענדלאכע זאך, אז אויב ארץ ישראל איז ניט מער ווי א פראווינץ פון דער אשורישער אימפעריע, איז דער אידישער גאט אויך אונטערגעווארפן אונטער די מעכטיקע געטער פון אשור. די אידן מוזן דע־רום, צוזאמען מיט אלע אנדערע אשורישע אונטערטאנען, זיך בוקן צו זיי.

אזוי ווי דאס העכסטע אין דעם אידישן נאציאנאלן לעבן איז אין יענער עפאכע געווען די מלוכה, איז דער העכסטער פארטרעטער פון דער אידישער נאציע זעלבסטפארשטענדלאך געווען דער מלך. ער איז געווען דער „געזאלבטער פון יהוה", און זיין פערזאן איז געווען הייליק און אומ־באריר־באר. דער וויכטיגסטער צענטער פון פאלק איז געווען דעם קעניג'ס ציטאדעל, וואס האט געשטעלט אין שאטן דעם מקדש פון גאט. שלמה'ס בית־המקדש איז געבויט געווארן אלס טייל פון די קעניגלאכע בנינים אויפ'ן בארג ציון, און אז ער איז ניט געווען דער סאמע עיקר ביי אים, ווי מ'האט אין שפעטערדיקע צייטן זיך פארגעשטעלט, קאן מען זען דערפון, וואס אויף זיין פאלאץ האט ער פארברויכט א דרייצעניעריגע ארבעט, בעת דער בית־המקדש איז אויסגעבויט געווארן אין זיבן יאר (מלכים, א, ו 38, ז 1).

אין הסכם דערמיט איז אויך דער כהן אין בית־המקדש געווען דעם קעניג'ס א דינער. אין דער רשימה פון די באאמטע פון דוד'ס און שלמה'ס הויף שטייען דעריבער אויך די כהנים (שמואל ב, כ, 23—26 ; מלכים א, ד, 2—6). ניט דער כהן איז דער געזאלבטער פון גאט, ווי שפעטער אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש, נאר דער מלך, און דער כהן פירט נאר אויס זיינע באפעלן, ווי יעדער אנדער קעניגלאכער באאמטער. שלמה זעצט אראפ פון זיין שטעל דעם כהן אביתר, פונקט אזוי ווי דעם אויבער־קאמאנדיר פונ'ם חיל יואב'ן. ווען דער קעניג אחז פון יהודה דערזעט אין דמשק א שיינעם מזבח, שיקט ער א גענויען פלאן פון אים צום כהן אוריה פון בית־המקדש אין ירושלים, און אוריה בויט גלייך אויס א מזבח לויט דעם דאזיקן פלאן און טוט אלץ, וואס דער קעניג באפעלט, אן דער מינד־סטער קוויינקלעניש. און אוריה הכהן דארף מען געדיינקען, איז ניט גע־ווען אבי ווער: דאס איז דערזעלביקער אוריה, וועמען ישעיה ניט אן אלס „עד נאמן" אין איינער פון זיינע נבואות (פארגלייך מלכים ב, ט"ז און ישעיה ח).

אבער ניט נאר דער כהן, דער אפיציעלער פארטרעטער פון דער אפי־ציעלער רעליגיע און פון דעם אפיציעלן קעניגלאכן הייליקטום, איז געווען

דעם קעניג׳ס א באאמטער; אויך דער נביא, וועלכער האט אין עקסטאז גערעדט אין גאט׳ס נאמען, איז געווען ניט מער ווי א שרייפעלע אין דער מלוכה־מאשין. אויך דער נביא איז אין יענער צייט געווען ענטווערדער דירעקט א הויף־זעער, ווי א שטייגער נתן און גד ביי דוד־ן אין הויף, אדער לכל הפחות איז זיין עובדא געווען מיטצוהעלפן אין דעם מלוכה־לעבן פון דעם פאלק. ווארים וויבאלד, אז ארץ ישראל איז געווען „גאט׳ס לאנד" (ארץ יהוה", הושע ט 3), און דער מלך איז געווען „גאט׳ס געזאלבטער", האט ער, אלס נביא פון גאט, ניט געקאנט טאן קיין העכערע און בעסערע זאך, ווי העלפן דער מלוכה און דעם מלך. טייל נביאים זיינען געווען פאטריאטן נאך אין אן ענגערן זין. לאקאלערן זין. אחיה, למשל, פון שילה אין אפרים, האט געהאלפן ירבעם׳ען אראפווארפן דוד׳ס דינאסטיע און ארויפזעצן אויף זיין קאפ די קרוין פון ישראל.

די אידן, ווי מיר זעען דא, זיינען געשטאנען דעמאלט אויף דערזעל־ביקער מדרגה, אויף וועלכער אלע פעלקער זיינען געשטאנען און שטייען נאך עד היום. דער אלף און דער תו פון זייער נאציאנאלן לעבן איז גע־ווען זייער לאנד, זייער מלוכה, זייער פאליטישע ארגאניזאציע, און דער גרעסטער מענטש פונ׳ם פאלק איז געווען דער מלך, דער פאליטישער פאר־שטייער, און דער קאמאנדיר פון אידישן חיל. דער גרעסטער שטאלץ פון פאלק איז געווען א נצחון אויפ׳ן שלאכטפעלד. די גרעסטע שמחה איז גע־ווען ווען מ׳איז געקומען צוריק פון שלאכטפעלד זיגרייך און באלאדן מיט רויב (ישעיה ט 2), און די גרעסטע נאציאנאלע שאנד איז געווען פאליטי־שע שוואכקייט, ווען די אידישע ארמיי איז געשלאגן געווארן פונ׳ם פיינט. דאס ערגסטע, וואס דער ביבלישער היסטאריקער זעט אין דער צייט פון יהואחז בן־יהוא, איז דאס, וואס די מלוכה פון ישראל איז געבליבן מיט צען טויזנט פוסגייער, פופציק רייטער און צען רייטוועגן (מלכים ב, י"ג 7).

די אידן זיינען דעמאלט געווען, ווי מיר זעען דא, א פאלק ווי אלע פעלקער, זיינען געגאנגען אויף אויסגעטראטענע וועגן און זיינען געווארן א שטיק פון דער ציוויליזאציע פון אלטן מזרח ארום זיי. די אידישע גע־שיכטע פון יענער אלטער מלוכה־צייט לייענט זיך דעריבער אומגעפער ווי די געשיכטע פון זייער היסטארישן פאלק. ווען די אידן וואלטן געבליבן אויף יענער מדרגה פון זייער היסטארישן לעבן, וואלט פון זיי געווארן דאס, וואס איז געווארן פון אלע זייערע שכנים־פעלקער ארום. מיט דעם אונטערגאנג פון זייער מלוכה, וואלטן זיי אויפגעהערט צו עקזיסטירן אלס פאלק. ווען די ערד, זייער שטיק אידישע ערד, איז ארויסגעריסן געווארן פון אונטער זייערע פיס און זיי זיינען פאליטיש פארשלונגען געווארן פון די גרויסע וועלט־מלוכות, וואלט זייער נאמען אלס פאלק אפגעמעקט גע־ווארן פון דער וועלט.

אבער צום גליק זיינען די אידן אין זייער היסטארישן לעבן ניט גע־

בליבן שטיין, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, ביי דעם מלוכה־גערעדאַנק. דאָס שטאַרקע, פאַראייניקטע קעניגרייך איז נאָך שלמה'ס טויט צעשפּאָלטן געוואָרן. די פּאָליטישע מאַכט פון די אידן איז געגאַנגען אויף אַראָפּ. אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן אַנטוויקלען די בעסטע כחות, וואָס זיינען אין אים געלעגן. ערשט נאָך דער צעטיילונג פון דער מלוכה הייבט זיך אָן די אמת'ע אידישע געשיכטע, ווייל ערשט דעמאָלט הויבן די אידן אָן צו גיין אויף נייע, אָריגינעלע, פון קיינעם נאָך ניט באַטראָטענע וועגן.

ניט לאַנג נאָך דער צעטיילונג פון דער מלוכה שטייט אויף אין אידישן לעבן אַ נייע אינסטיטוציע, וועלכע שטעלט זיך העכער איבער דער מלוכה, און ווערט לגמרי אומאָפּהענגיג פון דעם מלך און דער מלוכה־מאַשין; נאָך מער: זי שטעלט זיך גאָר אין אָפּאָזיציע צו איר. די דאָזיקע נייע אינסטיטוציע איז די נבואה.

אַ לאַנגע צייט זיצן נאָך אידישע מלכים אויף זייערע טראָנען אין שומרון און אין ירושלים. אָבער דער מלך איז ניט מער ווי אַ שאָטן פון אַ הערשער. דער אמת'ער הערשער איז דער נביא. אים געהערט די צוקונפט. אים קאָן קיין אַרמיי און קיין מאַכט ניט באַזיגן. וואָרים ער טראָגט אַ ניי ליכט פאַר דער וועלט, ער פּריידיקט אַ נייעם קוק אויפ'ן לעבן, ער גיט די מענטשן אַ העכערע און דויערהאַפטערע זאַך ווי אַ מלוכה; דאָס איז אַ וועלט־רעליגיע און אַ וועלט־מאָראַל.

די עפּאָכע פון דער מלוכה איז פאַקטיש געענדיקט, און עס הייבט זיך אָן די עפּאָכע פון דער נבואה.

דער נביא קעגן דעם מלך

אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָך דער צעשפּאַלטונג פון דער מלוכה קומט פאָר אַן אומגעוויינלאַכע געשעעניש אין אידישן לעבן:

אַ נביא, מיט דעם אויסזען פון אַ בעדואין און מיט אַ סימבאָלישן נאָמען: אַ ל י — י ה ו (מיין גאָט איז יהוה), קומט פון דער סטעפּע פון עבר־הירדן און טרעט אויף מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין געוואַלדיקער פּערזענלאַכקייט קעגן דעם קעניג אחאב. וועלכער איז דאַמאָלס געזעסן אויפ'ן טראָן פון ישראל. מ'וועט זאָגן: שוין לאַנג פריער איז אַ נביא, נתן, אויפגעטראָטן קעגן דוד'ן. אָבער אַפילו אויב אין יענער לעגענדע איז פאַראַן אַ היסטאָרישער אמת, האָט עס אויך ניט קיין באַדייטונג פאַר אונדז דאָ. נתן זאָל האָבן גע'מוסר'ט דוד'ן פאַר אַ געוויסער זינד. אליהו אָבער קומט ניט נאָר מוסר'ן אחאב'ן, ניט נאָר טרעט ער אויף קעגן דעם מלך צוליב געוויסע מעשים זיינע, ער שטעלט זיך בכלל קעגן די אינטערעסן און די פאָדערונגען פון דער מלוכה. ער שטעלט זיין גאָט־געדאַנק קעגן דעם מלוכה־געדאַנק.

וואָס האָט אליהו געהאַט צו אחאב'ן און וואָס האָט ער פון אים גע־

וואלט ? וואס אזוינס האט דער קעניג געטאן, וואס ער האט דערמיט פאר־דינט געשטעמפּלט צו ווערן אלס רשע ? אין וואס איז באשטאנען זיין מורא׳דיקע רשעות ? איז ער טאקע באמת געווען ערגער פאר אלע מלכים פון ישראל פאר אים, ווי א שפּעטערדיקער היסטאריקער זאגט אויף אים ?

ווען מיר קוקן זיך צו אביסל נענטער, זעען מיר דעמאלט, אז די זאך איז גארניט אזוי ווי עס דוכט זיך פון אויבן אויף. מיר האבן באמת אין ספר מלכים פארשידענע באריכטן וועגן אחאב׳ן, געשריבן פון פארשי־דענע שרייבער, וועלכע קוקן אויף אים פון גאנץ להיפוכ׳דיקע שטאנד־פונקטן, און טראגן דערפאר ארויס גאנץ להיפוכ׳דיקע אורטיילן. לויט איין באריכט האט אחאב לגמרי פארלאזן דעם גאט פון זיין פאלק, האט שרעק־לאך גערודפ׳ט די נביאים פון יהוה און האט דערצארנט דעם גאט פון ישראל נאך מער ווי אלע מלכים פון ישראל, וואס זיינען געווען פאר אים. דער דאזיקער שרייבער קוקט אויף אחאב׳ן פון זיין, דעם שרייבער׳ס, רע־ליגיעזן שטאנדפונקט און פארדאמט אים דעריבער. אין מיטן פון דעם דאזיקן באריכט איז ארייגעשטעלט א צווייטער באריכט, וועלכער אונטער־ברעכט יענעם אין צוויי שטעלן (מלכים א, כ און כ״ב). דער פארפאסער פון אט דעם צווייטן באריכט קוקט אויף אחאב׳ן פון א פאליטישן שטאנד־פונקט, און ער שילדערט אים אלס גרויסן, העלדישן קעניג, וועלכער פירט כסדר מלחמות, כדי צו מאכן די אידישע מלוכה וואס גרעסער און מעכ־טיקער. ער שטייט אליין אין די שלאכט־רייען, און אז ער ווערט פאר־וואונדעט און עס גיסט זיך פון אים א שטראם בלוט, קומערט אים לחלוטין ניט זיין אייגן לעבן, נאר ער בלייבט שטיין אין רייטוואגן ביז׳ן לעצטן אטעמצוג, כדי ניט צו דעמאראליזירן די ארמיי, און ווי אן אמת׳ער העלד און פירער פון זיין פאלק שטארבט ער אויפ׳ן שלאכטפעלד. אחאב ווערט דא אויך פארגעשטעלט אלס מילד און גרויסהארציק, גרויסהארציקער פאר זיינע געגנער, די בני הנביאים (מלכים א, כ 35—43). די נביאים פון יהוה האט ער לחלוטין גארניט גע׳רודפ׳ט, נאר איז אדרבה געשטאנען אין זייער גוטע באציאונגען צו זיי (כ׳ 13, 14, 28). פיר הונדערט „נביאי יהוה״ האט ער גופא געהאלטן אין זיין הויף (קאפּ. כ״ב). מיר זעען דער־פון, אז די אליהו־לעגענדע האט שטארק מגזם געווען די זאך, און אז אין די קרייזן פון די „בני הנביאים״, פון וואנען די לעגענדע שטאמט, האט מען געמאלט אחאב׳ן מיט צו שווארצע פארבן.

וואס באמת האט אחאב טאקע געטאן, וואס האט ארויסגערופן אזא שטורמדיקן פראטעסט ביי געוויסע קרייזן פון פאלק ?

אחאב האט אנגענומען א פעניקישע אריענטאציע אין זיין אויסער־לאבער פאליטיק. זיין פאטער עמרי איז צעשלאגן געווארן פון די ארא־מייער (מלכים א, כ 34). כדי זיך צו ווערן נעגן דער וואקסנדיקער פאלי־טישער און קאמערציעלער מאכט פון ארם דמשק, האט אחאב זיך פארבונדן

מיט צור, די נייע פעניקישע מלוכה, וועלכע האט דעמאלט אריבערגעשטיגן די אלטע צידון. צו באשטעטיקן א פאליטישן בונד פלעגן די מלכים פאר־צייטן זיך מתחתן זיין. אחאב האט דעריבער חתונה געהאט מיט דער פעני־קישער פרינצעסין איזבל. אראמייאישע סוחרים האבן שוין זינט עמרי׳ס צייט געהאט זייערע באזארן אין שומרון (מלכים א, כ 34). איצט זיינען געקומען צוזאמען מיט איזבל׳ן א סך פעניקיער, באזונדערס סוחרים, וועמען אחאב האט קענטיק באוויליקט ספעציעלע פריווילעגיעס אין זיין הויפטשטאט. אחאב האט אויך געלאזט אויסבויען אין שומרון פאר זיין פעניקישער פרוי און דער פעניקישער קאלאניע א טעמפל פאר מ ע ל ־ ק א ר ט, דעם שטאט־גאט פון צ ו ר. דאס אייגענע האט אויך שלמה געטאן. אויך ער האט געלאזט אויסבויען אין ירושלים מזבחות צו פרעמ־דע געטער, כדי זי צו מאכן פאר דער הויפטשטאט פון אלע פעלקער ארום, וואס זיינען געווען אונטערגעווארפן אונטער זיין צעפטער. אחאב׳ס אומ־גליק איז אבער געווען, וואס ער האט געלעבט אין א צייט, ווען אין אידישן לעבן האט שוין געהערשט א רעאקציע געגן דעם מלוכה־געדאנק, ווען דאס גאנצע אידישע פאלק איז צעטרייסלט געווען דורך דער באוועגונג געגן דעם בעל, געגן אלע נייע אינסטיטוציעס און אופנים פון לעבן, וואס די אידן האבן איינגעפירט זינט זיי האבן זיך אין זייער לאנד באזעצט.

וואס האט באדייט אט דער קאמף און די באוועגונג געגן דעם ב ע ל?

די אידישע פאסטוכער־שבטים זיינען געקומען פון מדבר אין ארץ ישראל און האבן זיך באזעצט צווישן די כ נ ע נ י ם, וועלכע האבן שוין דארטן געוואוינט פון הונדערטער יארן. מיר ווייסן היינט פון די אויס־גראבונגען, אז בשעת די אידן האבן איינגעוואנדערט אין כנען האט פון לאנג שוין דארט געבליט א הויכע ציוויליזאציע, מיט שטעט, האנדל, האנטווערק און קונסט. די כנענים האבן געטרונקען א סך וויין, האבן גע־לעבט אין רייכקייט און אין לוקסוס און האבן שוין געהאט אלע פאר־דארבנקייטן פון ציוויליזירטע מענטשן. זייער רעליגיע איז געווען א נאטור־רעליגיע. זייערע הויפטגעטער זיינען געווען די ב ע ל י ם. יעדע פרוכטבארע געגנט האט געהאט איר ב ע ל, איר געטלאכן האר און אייגנטימער, וועלכער האט געמאכט אלץ וואקסן און זיך פרוכפערן. ביי דער זייט פון דעם געטלאכן טאטן איז געשטאנען א געטלאכע מאמע: די ע ש ת ר ת, די געטין פון פיזישער ליבע און פרוכטבארקייט. דער סימ־באל פון דעם בעל איז געווען די מ צ ב ה, דער הייליקער שטיין; דער דינען צום בעל און צו דער אשרה, צו דעם גאט און דער געטין פון פיזישער סימבאל פון דער עשתרת — די א ש ר ה, דער הייליקער בוים. די ליבע און פרוכטבארקייט, איז ביי אלע פעלקער געווען פארבונדן מיט אויסגעלאסנקייט.

די אידן זיינען געקומען אין כנען אלס נאמאדן, אלס אומציוויליזיר־

טע מדבר־מענטשן, מיט די מנהגים, די זיטן, די השגות און דעם לעבנס־שטייגער פון פאסטוכער אין דער סטעפּע. זיי זיינען געווען געזונט, איינ־פאַך און צניעות'דיק און האָבן ניט געוואוסט פון קיין וויין, שיכרות, לוקסוס און אויסגעלאַסנקייט. זיי האָבן אויך ניט געוואוסט פון קיין קלאַסן־היפּוכים, פון א קלאַס רייכע מיט אן אנגעזאַמלטן רייכטום און א קלאַס אָרימע, וואָס גייען אויס פון הונגער. ביי נאָמאַדן זיינען פאַראַן רייכערע און אָרימערע משפחות. למשל, די משפחה פון'ם שעיך איז געוויינלאך א רייכערע. אָבער פון א צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין א קלאַס פון רייכע, וואָס ווייסן ניט וואָס צו טאָן מיט זייער רייכטום, און א קלאַס פון אָרימע, וואָס פאַרמאָגן גאָרנישט אַלס זייער אייגנס, ווייסן ניט קיין נאָמאַדן.

אויך די אידישע רעליגיע איז געווען א נאָמאַדישע. דעם הויכן געדאַנק פון אן איינאיינציקן גאָט אויף דער וועלט האָבן די אידן אנטוויקלט ערשט פיל שפּעטער, אין דער עפּאָכע פון די גרויסע נביאים. אין יענער אוראַלטער צייט האָבן די אידן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, געדינט צו א פאַלקסגאָט, יהוה, וועלכער איז געווען דער גאָט פון ישראל אויפ'ן זעלביקן שטייגער ווי מ ל כ ם , למשל, איז געווען דער גאָט פון עמון אָדער כ מ ו ש דער גאָט פון מואב. געבראַכט האָבן די אידן זייער גאָט פון מדבר און א לאַנגע צייט איז ער געווען און געבליבן א מדבר־גאָט, א גאָט פון פאַסטוכער־שבטים, וועלכע וואַנדערן אַרום אין דער סטעפּע.

אָבער אריינקומענדיק אינ'ם לאַנד כנען און זיך באַזעצנדיק צווישן די פריערדיקע ציוויליזירטע איינוואוינער פונ'ם לאַנד, די כנענים, האָבן די אידן אָנגעהויבן ביסלאַכווייז זיך צו כנענ'יזירן, זיך צו ציוויליזירן. זיי האָבן זיך געלערנט פון זייערע שכנים ווי צו באַאַרבעטן די ערד, צו פלאַנצן גערטנער, צו בויען הייזער א. אז. וו. דאָס איז שוין אזוי אַלע מאָל דער היסטאָרישער סדר־העולם, אַז אומציוויליזירטע שבטים און פעלקער, ווען זיי נעמען איין ציוויליזירטע לענדער און באַזעצן זיך צווישן די עלטערע, ציוויליזירטע איינוואוינער, נעמען איבער זייער שטייגער פון לעבן און מישן זיך מיט זיי דורך.

אזוי האָבן די אידן א לאַנגע צייט זיך כנעני'זירט, האָבן אַלץ מער זיך איינגעלעבט אינ'ם לאַנד, האָבן אַלץ מער אויפגעגעבן זייערע מדבר'דיקע אופנים פון לעבן. אויך אין זייער רעליגיע און אין דעם שטייגער פון דינען גאָט זיינען זיי געוואָרן האַלבע כנענים. צוזאַמען מיט דעם לאַנד האָבן די אידן אויך איבערגענומען די אַלטע כנעני'שע הייליקטימער פונ'ם לאַנד: די הייליקע שטיינער, בוימער און קוואַלן, און זיי געמאַכט פאַר אידישע הייליקייטן. אז יעדן הייליקן אָרט האָבן די אידן אָנגעקניפּט אַן ערינערונג אַן א אידישער לעגענדאַרישער פיגור פון דער אוראַלטער צייט און האָבן דערציילט, אַז דער אידישער גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט אויף

דעם דאָזיקן אָרט. אַזוי, למשל, האָבן די אידן זיך דערציילט, אַז דער הייליקער שטיין פון בית־אל איז יעקבס צוקאָפּנס און אַז דעם הייליקן ברונים פון באר־שבע האָט יצחק געלאָזט גראָבן (בראשית כ״ו און כ״ח). דאָס לאַנד כנען איז געוואָרן אַ אידיש לאַנד. אָבער די אידן זיינען דורך דעם געוואָרן האַלבע כנענים, און זייער גאָט, וועלכער האָט פאַרטריבן די כנענ׳ישע ב ע ל י ם און איז געוואָרן דער געטלאַכער האַר פון דעם אידישן לאַנד, איז דורך דעם אַליין געוואָרן אַ האַלבער ב ע ל , און מ׳האָט אים געדינט אויפ׳ן זעלביקן שטייגער ווי די כנעני׳שע ב ע ל י ם.

אין משך פון אַ דער צייט פון כנענ׳יזירונג און בעל׳יזירונג זיינען די אידן געוואָרן די פולע הערשער פון גאַנצן לאַנד אַרום. האָבן זיך אָרגאַניזירט, ווי אַלע פעלקער, אין אַ פעסטער מלוכה, זיינען געוואָרן ניט נאָר פון פאַסטוכער — פויערים, זיי האָבן אונטער שלמה׳ן אויך אָנגעהויבן פירן האַנדל און פאָרן מיט שיפן אויפ׳ן ים. זיי האָבן אויך אויסגעבויט פאַר זייער גאָט, וועלכער האָט ביז דעמאָלט גערוט אין אַ געצעלט, אַ פּראַכטיקן טעמפּל לויט דעם מוסטער פון די ציוויליזירטע פעלקער אַרום.

ביז דער שפּאַלטונג פון דער מלוכה זיינען די אידן אַזוי געגאַנגען אין די דרכים פון אַלע פעלקער. אָבער נאָך שלמה׳ס טויט האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינאַמישע עפּאָכע אין אידישן לעבן. ס׳איז געקומען אַ צייט פון בריי־נערקריג, פון פּאָליטישער שוואַכקייט און מאַטעריעלער נויט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעאַקציע געגן ב ע ל , געגן דער כנעני׳שער ציוויליזאַציע, וואָס די אידן האָבן איבערגענומען. די אידן האָבן זיך אַרומגעזען, אַז שטרעבנדיק נאָך פּאָליטישער מאַכט און מאַטעריעלער רייכקייט, זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען אויף אַ פאַלשן וועג; אַז די אַלע גוטע, ציוויליזירטע זאַכן, וואָס זיי האָבן זיך איינגעשאַפט אין זייער לאַנד, האָבן לחלוטין זיי ניט גליקלאַכער געמאַכט. אדרבה, זייערע אורעלטערן האָבן געלעבט אַמאָל אַלס פרייע פאַסטוכער אין מדבר פיל גליקלאַכער איידער זיי איצט אין אַ ציוויליזירטער מלוכה. און עס הויבט זיך אָן אין אידישן לעבן אַ באַוועגונג געגן כנען און דעם בעל און אַ שטרעבונג זיך אומצוקערן צוריק צום אַמאָליקן ריינעם פאַסטוכער־לעבן.

אָם שטאַרקסטן צעפלאַקערט זיך דער קאַמף געגן דעם בעל אונטער אחאב׳ן. מילא, מיט דעם אַגריקולטורעלן בעל פון די היימישע כנענים האָט מען נאָך ווי עס איז קאָמבינירט דעם אַמאָליקן גאָט פון מדבר און זיך געשאַפן אַ בעל׳יזירטע יהוה־רעליגיע. דער גאָט פון די אידישע פאַסטוכער איז פון לאַנג שוין געוואָרן דער גאָט פון די אידישע פויערים. אָבער איצט, אונטער אחאב׳ן, האָט מען צוליב פּאָליטישע אינטערעסן איינגעפירט אין דער הויפּטשטאָט פון ישראל אַ ווילד־פרעמדן גאָט, דעם פעניקישן בעל, דעם גאָט פון דער האַנדלס־שטאָט צור. מיט אַזאַ בעל פון געלט־מענטשן, פון סוחרים, האָט מען בשום אופן ניט געקאָנט פאַרבינדן

דעם אידישן גאט. זיי האבן געמוזט בלייבן לגמרי פרעמד איינער דעם אנדערן. דא איז געווען איין ברירה: יהוה אדער בעל. ביידן גלייכצייטיק האט מען ניט געקאנט דינען. אמת טאקע, די אינטערעסן פון דער מלוכה האבן געפאדערט א בונד מיט פעניקיען און א בעל־טעמפל אין שומרון. אבער פאר די בני הנביאים, די אנפירער פון דער באוועגונג געגן דעם בעל, איז געווען פיל וויכטיקער צו דינען ריכטיק גאט איידער צו האבן א שטארקע מלוכה.

דער רבי און פירער פון די בני הנביאים איז געווען אליהו. ער, מיט זיין גיגאנטישער פערזענלאכקייט, איז עפנטלאך אויפגעטראטן געגן דעם קעניג, געגן דעם מלוכה־געדאנק, געגן שטעלן די מלוכה און דעם מלך איבער אלץ. אליהו איז דער ערשטער נביא, וואס שטייט מחוץ פון דער מלוכה־מאשין. מיט אים טרעט די נבואה אריין אין א נייעם פעריאד. זי הייבט אן ווערן א זעלבשטענדיקע אינסטיטוציע, אומאפהענגיק פון דער מלוכה און פון מלך. נאך מער, דערמיט וואס זי שטעלט די רעליגיע און די מאראל העכער איבער דער זיכערקייט און די אינטערעסן פון דער מלוכה, גראבט זי איר אונטער. דער קעניג וואקלט זיך אויף זיין טראן; דער נביא האלט ביים פארכאפן די מאכט.

נבואה און מלוכה

אליהו האט קיין גרויסע זאכן ניט געשאפן. ער האט נאר אנגעהויבן א גרויסע זאך. זיין הויפטבאדייטונג באשטייט אין דעם, וואס ער האט דורכגעבראכן א וועג פאר זיינע פיל, פיל גרעסערע נאכפאלגער, די שריפט־לאכע נביאים, וואס זיינען אויפגעטראטן ארום הונדערט יאר נאך אים. אליהו בלייבט טאקע דעריבער אין גלויבן פון פאלק ניט אלס דער ברייגער, נאר אלס דער אנזאגער פון דער גאולה, פון דער גליקסצייט ביים סוף פון די טעג.

דער פועל־יוצא פון אליהו׳ס טעטיקייט איז געווען דאס, וואס מ׳האט אויסגעראט מיט א בלוטבאד עמרי׳ס דינאסטיע און דעם פרעמדן בעל. א לענגערע צייט נאכדעם הערט מען טאקע ניט פון דינען פרעמדע געטער אין ארץ ישראל. אבער אליהו איז נאך געווען זייער באגרעניצט אין זיין געדאנק און אין זיינע פאדערונגען. ער גופא בויט נאך א מזבח פאר זיין גאט אויפ׳ן בארג כרמל. ער טרעט נאר אויף געגן די מזבחות פאר׳ן פרעמדן גאט; אבער אז מ׳קען איבערהויפט ניט דינען גאט מיט מזבחות און קרבנות — דאס איז נאך ניט געלעגן אין זיין געדאנקען־קרייז. ער שטעלט זיך אויך ניט איבער דער מלוכה, נאר געגן איר. ער קאן ניט פארטראגן, אז מ׳זאל דינען א פרעמדן גאט אין זיין לאנד, דעם לאנד פון זיין גאט יהוה, אפילו אויב די זיכערקייט פון דער מלוכה פאדערט עס. אים קימערט ניט, אויב ישראל זאל פאליטיש אפגעשוואכט ווערן, אבי מ׳זאל דינען ריכטיק גאט. לויט דער לעגענדע זאגט גאט דעריבער אליהו׳ן, אז

ער וועט איבערלאזן פון דער מיליטערישער מאכט פון ישראל נאר זיבן טויזנט, די קני וואס האבן זיך ניט געבויגן פאר דעם בעל און די מיילער וואס האבן אים ניט געקושט (מלכים א, י"ט 18). אבער אז פון יהוה'ס וועגן מעג די גאנצע אידישע מלוכה אונטערגיין, און ווער רעדט נאך אז ער גופא זאל גאר העלפן דעם פיינט מאכן צו איר א סוף — אזוי ווייט איז אליהו נאך ניט געגאנגען, צו אזוי ווייט איז זיין דור נאך ניט געווען דער־וואקסן. דאס האבן ערשט געטאן זיינע גרויסע נאכפאלגער, די נביאים פון אכטן יארהונדערט (פאר דער קריסטלאכער צייט), וועמעס רייד עס זיינען אונדז געבליבן פארשריבן אין די ביכער פון „נביאים אחרונים". מ'באצייכנט זיי דערפאר אלס שריפטלאכע אדער ליטערארישע נביאים. די דאזיקע נביאים הויבן אן א נייע תקופה, די קלאסישע תקופה, אין דער געשיכטע פון דער נבואה. זיי האבן געבראכט א נייע שליחות צו די מענטשן, א נייעם קוק אויף גאט, וועלט און לעבן. זיי האבן דערקלערט, אז עס זיינען ניטא קיין פארשידענע געטער פאר די פארשידענע פעלקער; נאר איין גאט, דער אידישער גאט הערשט איבער אלע פעלקער, און אלץ וואס פאסירט אין דער וועלט קומט פון אים, פון אט דעם אלמעכטיקן גאט, וועמעס שטים זיי האבן געהערט אין דער טיפעניש פון זייער הארץ. און דער מהות פון גאט איז מאראלישע פולקומענקייט, און דינען קען מען אים ניט מיט מזבחות און קרבנות, נאר אויסשליסלאך מיט א פולקומען מאראלישן לעבן, מיט'ן פראקטיצירן גערעכטיקייט און ליבע.

דער עיקר אבער וואס אונדז אינטערעסירט דא אין די שריפטלאכע נביאים איז זייער פארהעלטניש צו דער מלוכה. די דאזיקע גרויסע נביאים זיינען אויפגעטראטן אין א צייט, ווען עס האט זיך אנגעהויבן א נייע ערא אין דער געשיכטע פון פאדער־אזיען: די ערא פון וועלט־אימפעריעס. איבער דריי הונדערט יאר האבן די גרויסע מלוכות פון דער אלטער סעמי־טישער וועלט צורו געלאזן פאלעסטינע און סיריען. עגיפטן האט פון 12טן יארהונדערט אן מער ניט געטראכט וועגן הערשאפט אין אזיען און האט זיך באגנוגנט מיט'ן באשיצן אירע גרעניצן אין אפריקע. די אלטע בבל (צו אונטערשיידן פון דער שפעטערדיקער ניי־באבילאנישער מלוכה פון די כשדים) האט לאנג שוין געהאט פארלארן איר וועלטמאכט, זינט זי איז (אין 17טן יארהונדערט פאר דער קריסטלאכער צייט) דערצבערט געווארן פון די ניי־אריינגעוואנדערטע קאסיטן. אשור איז דעמאלט שוין געווען אן אומאפהענגיק לאנד, אבער קיין אימפעריאליסטישע שטרעבונ־גען האט זי נאך ניט געהאט. ס'איז דערפאר געווען א גאלדענע צייט פאר די קליינע פעלקער אין פאלעסטינע און סיריען, וועלכע האבן דעמאלט גע־קאנט זיך פריי אנטוויקלען, יעדעס פאלק מיט זיין גאט.

צו אט דער גאלדענער צייט פון די קליינע נאציעס איז געקומען א סוף אין יאר 876, ווען דער אשורישער קעניג אשורנאזירפאל איז אריבער

מיט זיין חיל דעם טייך פרת און האט איינגענומען גאנץ צפון־סיריען. הונדערט יאר שפעטער, ווען עס טרעטן אויף די ערשטע שריפטלאכע נביאים, האט יעדער וויטזיכטיקער מענטש געקאנט זען, אז די קליינע מלוכות זיינען פאר׳משפט צום אונטערגאנג, אז ס׳איז געקומען די צייט פון דער וועלט־אימפעריע און אז באלד וועלן אלע אוועקווארפן די נאציאנאלע נעטער „צו די קראטן און די פלעדערמייז". אויך די אידישע מלוכה איז דעמאלט פאראורטיילט געווען צום אונטערגאנג, און עס האט געהאלטן דערביי, אז פון דעם פאלק ישראל זאל ווערן דאס, וואס איז געווארן פון אלע דאמאלסדיקע פעלקער פון אריענט. אויב די אידן זיינען נים אונטער־געגאנגען, זיינען נים פארשלונגען געווארן אין דער קעסלגרוב פון די וועלט־מלוכות, איז דאס געווען א דאנק די גרויסע נביאים, וועלכע האבן אפגע־שיידט די השגה ווענן גאט פון דעם מלוכה־געדאנק, וואס איז ביי אלע פעלקער געווען איינס. ביז די נביאים האבן די אידן געגלויבט, אז אויב זיי ווערן צעשלאגן איז עס, מחמת זייער גאט איז שוואך געגן די אנדערע געטער, אדער ער איז בייז, ווייל מ׳איז נים מקריב צו אים גענוג קרבנות. די נביאים אבער האבן דערקלערט, אז יהוה איז דער גאט פון אלע פעלקער, און דאס וואס אשור איז אזוי מעכטיק געגן ישראל איז נים, ווייל יהוה איז שוואך געגן די געטער פון אשור, נאר אדרבה: יהוה גופא גיט עס אשור אזוי פיל מאכט. אט די גרויכע וועלט־מלוכה איז באמת נים מער ווי א בייטש אין יהוה׳ס האנט צו שטראפן מיט איר די אידן. ווארים יהוה איז א גאט פון רעכט און יושר איז ער רעגירט די וועלט לויט מאראלישע פרינציפן. די אידישע מלוכה, וואס איז געבויט אויף עקספלואטאציע און פארדארבנקייט, האט בכן קיין עקזיסטענץ־בארעכטיקונג נים. יהוה גופא וועט דעריבער פארטרייבן די אידן אין גלות, כדי דורכצופירן זיין שטריינגן מאראלישן רעזשים אין דער וועלט.

די נביאים האבן אזוי אפגעשיידט דעם גאט־געדאנק פונ׳ם לאנד, פון דעם גרויסן אמת ווענן גאט און ווענן לעבן. און ווען זיי האבן אינגאנצן פארלארן זייער מלוכה און זייער זעלבשטענדיקייט, זיינען זיי ערשט דע־מאלט אמת גרוים געווארן, ווייל ערשט דעמאלט האבן זיי זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער לערע פון די נביאים און האבן זי אנגענומען מיט׳ן גאנצן הארצן. אזוי האבן די נביאים פארוואנדלט די נאציאנאלע צעשלאגנקייט פון די אידן אין א נאציאנאלן טריאומף און די נאציאנאלע שאנד אין א נאציאנאלער ערע.

אחוץ אבער וואס די העכערע נבואה האט בכלל זיך געשטעלט איבער דער מלוכה, איז צוזאמען מיט דער באוועגונג געגן דעם ב ע ל, פון וועל־כער די העכערע נבואה איז ארויסגעוואקסן, אויך אנגעגאנגען אין דער צפון־מלוכה ישראל א באוועגונג דירעקט געגן דעם קעניגטום. אין דעם פרט האט ישראל זיך שטארק אונטערשיידט פון יהודה, וואו דוד׳ס דינאס־

טיע האָט געהערשט כמעט אומאונטערבראָכן, וואו די אינערלאַכע פּאָלי־טישע צושטענדן האָבן זיך פיל ניט געענדערט אין פאַרלויף פון דער צייט, וואו דאָס לעבן בכלל, וואָס איז דאָרטן נאָך געווען האַלב־נאָמאַדיש, האָט געפליסט מיט אַ רואיקערן לויף און וואו מ'האָט דעריבער געקוקט מיט אַ גוטן אויג אויף דעם מאָנאַרכישן רעזשים.

אין יענער עפּאָכע זיינען געשריבן געוואָרן איןביידע אידישע מלוכות, אין ישראל און אין יהודה, צוויי פאַרשידענע געשיכטסביכער, וועלכע האָבן דערציילט ווי אַזוי דאָס קעניגטום איז אַנטשטאַנען ביי אידן און וועלכע האָבן גלייכצייטיק אויסגעדריקט זייער קוק אויף דעם ענין פון מלוכה בכלל. ביידע שריפטן זיינען שפּעטער, נאָכ'ן אונטערגאַנג פון דער צפון־מלוכה ישראל, צונויפגעשריבן געוואָרן אין איין בוך, אַ שטיק פון איין שריפט נעבן אַ שטיק פון דער אַנדערער שריפט, און דאָס געפינט זיך אין אונזער ספר שמואל. ווען מיר לייענען יענע קאַפּיטלען קלעפּט זיך דעריבער ניט; איין שטיק איז סותר דאָס אַנדערע. לויט איין באַריכט, דער וואָס שטאַמט משמעות פון יהודה, איז דאָס קעניגטום אַן אינסטיטו־ציע, מיט וועלכן גאָט האָט באַגליקט זיין פאָלק. דער מאָטיוו פאַר דער איינפירונג פון קעניגטום איז געווען דער דרוק מצד פון די פלשתים (שמואל א, ט 16). שמואל איז געווען עפּעס אַ זעער אויפ'ן באַרג אפרים, אַן אַ וואַסערער נאַציאָנאַלער באַדייטונג. שאול גופא ווייסט גאָרניט פון אים, נאָר ער הערט עס ערשט פון זיין קנעכט. שמואל'ס גאַנצע באַדייטונג איז לויט דעם באַשטאַנען נאָר דעריז, וואָס ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף שאול'ן און אים אונטערגעגעבן מוט זיך צו שטעלן, ביי דער ערשטער גע־לעגנהייט, בראש פונ'ם פאָלק. ניט דער נביא, נאָר דער מלך איז דאָ דער אמת'ער, פון גאָט באַשטימטער פירער פון דעם אידישן פאָלק. לויט'ן צווייטן באַריכט, וואָס איז קענטיק פאַרפאַסט געוואָרן אין ישראל, איז דאָס קעניגטום פון לכתחילה אַן געווען אַ זינד, אַן אָוועקקערונג פון גאָט, אַ נאָכמאַכן נאָך די פעלקער אַרום. קיין וויכטיקן גרונט, צוליב וואָס איינ־צופירן דאָס קעניגטום, האָבן די אידן גאָרניט געהאַט: וואָרים די פלשתים זיינען שוין געווען לגמרי צעשלאָגן דורך שמואל'ן (שמואל א, ח; י"ב), וועלכער איז פון אָנהויב אַן געווען דער נביא און אָנערקענטער פירער פון גאַנצן פאָלק. ס'איז לייכט צו זען, אַז דער שרייבער זוכט דאָ ניט צו דער־ציילן דעם אמת'ן גאַנג פון די געשעעניש, נאָר ער זוכט אַרויסצוברענגען זיין פּאָליטיש־רעליגיעזע פילאָזאָפיע, וואָס איז אַנטי־מאָנאַרכיסטיש. ניט דער מלך, נאָר דער נביא דאַרף זיין — און איז אויך לכתחילה געווען — דער פירער פון פאָלק, און אַז מ'פאָלגט גאָט, איז דער קעניג דעמאָלט אי־בערהויפּט אַן איבעריקע זאַך.

די באַוועגונג געגן דעם בעל, געגן דעם וואוקס פון דער אידישער ציוויליזאַציע אין ארץ ישראל, און די געגנערשאַפט צו דער פּאָליטישער

ארגאניזאציע פון אידישן לעבן, צו דער מלוכה, האבן געפונען זייער טע־אריקער בערך א הונדערט יאר נאך אליהו׳ן אין דעם נביא הושע. הושע טיילט איין די אידישע געשיכטע ביז זיין צייט אין צוויי פעריאדן: דער נאמאדישער פעריאד און דער פעריאד פון באזעסנקייט און ציוויליזאציע. דער ערשטער פעריאד איז זיין אידעאל, דעם צווייטן פארווארפט ער. מיט צארטקייט און ליבע רעדט הושע וועגן דער אלטער צייט, בשעת ישראל איז נאך א אינגל געווען און יהוה האט אים אזוי שטארק ליב באקומען (י״א 1). אבער דאס איז געווען גאר אמאל, ווען די אידן האבן נאך ארומ־געוואנדערט אין מדבר, האבן געדינט אויסשליסלאך יהוה און האבן נאך ניט געוואוסט פון די כנעני׳שע ב ע ל י ם. יענע צייט, ווען די אידן זיינען נאך געווען נאמאדן און האבן נאך ניט געוואוסט פון קיין ציוויליזירטן לעבן אין דערפער און שטעט, ווערט פון דעם ראמאנטישן נביא הושע אי־דעאליזירט אלס די גאלדענע תקופה אין דער אידישער פארגאנגענהייט: און די גאנצע ציוויליזאציע, וואס די אידן האבן אויפגעבויט אין זייער לאנד, איז לויט אים ניט געווען א פארטשריט, נאר א ריקשריט אין זייער לעבן. „און ישראל האט פארגעסן זיין באשעפער און האט אויסגעבויט פאלאצן״. די גרויסע שטעט און פראכטיקע הייזער האבן די אידן אויס־געבויט, ווייל זיי האבן פארגעסן זייער גאט פון מדבר און האבן אנגעהויבן דינען די ב ע ל י ם פון די ציוויליזירטע כנענים, די געטער פון פרוכט־בארקייט און ערדארבעט.

פונקט ווי וועגן דעם ב ע ל, אזוי טרעט הושע אויך אויף וועגן דעם קעניגטום. דינט מען ריכטיק גאט, דארף מען דאן לחלוטין ניט דעם קעניג מיט דעם גאנצן מלוכה־אפאראט. אבער אז מיר זיינען ניט גאטספארכ־טיק, וואס קאן דעמאלט דער קעניג טאן פאר אונדז?״ (י 3). „וואו איז דיין קעניג? זאל ער דיר העלפן! און וואו זיינען דיינע ש ר י ם? זאלן זיי זיך אננעמען דיין קריוודע! דו האסט דאך געזאגט: גיב מיר א מ ל ך און ש ר י ם!״ (י״ג 10).

הושע זעט דעריבער אין דער צוקונפט א חורבן, אן אונטערגאנג, א מדבר, וואוהין גאט וועט ווידער ברייינגען זיין פאלק. דעמאלט וועט יהוה ווידער, ווי בשעת׳ן ארויסגיין פון מצרים, זיך פאר׳קנס׳ן מיט ישראל, אבער דעם מאל וועלן זיי זיך פאר׳קנס׳ן אויף אייביק. און א גוטע צייט וועט דעמאלט קומען, ווען אידן וועלן ניט האבן „קיין מלך און קיין האר, קיין שעכט אפפער און קיין מ צ ב ה. קיין א פ ו ד און קיין ת ר פ י ם״, עס הייסט: קיין פאליטישע ארגאניזאציע און קיין אפאראט פון אן אפי־ציעלן גאטסדינסט. אידן וועלן ווידער פירן א פריי און ריין לעבן ווי אין דער פארהיסטארישער צייט, איידער זיי האבן זיך ציוויליזירט און זיינען געווארן פאליטיש אונטערדריקט און מאראליש פארדארבן.

אבער די אנטי־קעניגלאכע ריכטונג אין אפרים, דעם לאנד פון טראו־

פארכאפונגען און פאלאץ־רעוואלוציעס, איז ניט אזוי שטארק וויכטיק פאר דעם פראבלעם פון מלוכה און נבואה. דער עיקר איז דא, וואס די העכע־רע נבואה האט זיך געשטעלט ניט געגן דער מלוכה, נאר איבער איר, און זי האט דערמיט געמאכט די אידן פאר אן איבער'מלוכה'דיקן פאלק.

נבואה און תורה

די נביאים האבן בכן צוגעגרייט א נייעם, גייסטיקן באדן פאר די אידן אין דער צייט, ווען זייער פאליטישער באדן, זייער מלוכה, האט זיך געוואקלט און האט געהאלטן ביים ארויסגערימן ווערן פון אונטער זיי.

אבער דער נייער באדן, וואס די נביאים האבן צוגעגרייט, איז געווען נוט נאר צייטווייליק. דאס איז געווען אן אידעאלער באדן, אויף וועלכן נאר א קליינע צאל, נאר „יחידי סגולה“ האבן זיך געקאנט האלטן. א גאנץ לאנגע צייט וואלטן די אידן, אן א מלוכה, ניט געקאנט עקזיסטירן אלס אייגנארטיק פאלק נאר מיט דעם וועלטקוק פון די נביאים. ווארים א הויכע השגה פון גאט און פון לעבן איז א נשמה וואס קאן קיין קיום ניט האבן אן א גוף. דעריבער איז עטלאכע צענדליק יאר פאר'ן חורבן ירושלים, אין דער צייט פון דעם קעניג יאשיהו, געשאפן געווארן דער גוף, וואס האט געזאלט אויפנעמען אין זיך די נשמה פון דער העכערער נבואה, די קאנ־קרעטע פארם, וואס האט געזאלט אויסדריקן איר גייסטיקן אינהאלט; דאס איז געווען די תורה.

דאס הייסט אבער ניט, אז ביז דעמאלט איז דער באגריף תורה גאר בכלל ניט געווען. ניין, תורה האבן די אידן אלע מאל געהאט. אבער דאך הויבט זיך אן די עפאכע פון „תורה“ אין דער אידישער געשיכטע ערשט אין דער צייט פון דעם קעניג יאשיהו, א קורצע צייט פאר דעם אונ־טערגאנג פון דעם אידישן אומאפהענגיקן מלוכה־לעבן.

וואס באדייט תורה? תורה האט אן אלגעמיינע באדייטונג: לער־נונג, אנווייזונג. למשל, דער חכם זאגט: „הער צו, מיין זון, די מוסר פון דיין פאטער און פארלאז ניט די תורה פון דיין מוטער“ (משלי א 8). תורה האט אבער אויך פון אלע מאל געהאט א ספעציפישע באדייטונג: די תורה פון דעם קולט, דעם כהן'ס תורה, די אנווייזונגען וואס דער כהן פלעגט געבן ווי אזוי צו דינען גאט אין היילקטום, ווי אזוי צו פראווען דעם גאטסדינסט א. אז. וו. עס זיינען געווען פארצייטן דריי קלאסן לערער ביי די אידן: כהנים, נביאים און חכמים. די לערע פון דעם כהן האט גע־הייסן „תורה“, די לערע פון דעם נביא האט געהייסן „דבר“ („דבר יהוה“), און די לערע פון דעם חכם האט געהייסן „עצה“. ירמיה דערציילט דער־

פאר, אז זיינע געגנער זוכן פלענער ווי אים אומצובריינגען, ווארים זיי זאגן, אז עס וועט גארנישט שאדן וואס ירמיה וועט שטארבן, „עס וועט ניט אונטערגיין „תורה" פונ'ם כהן און אן „עצה" פונ'ם חכם און א „דבר" פונ'ם נביא" (ירמיה י"ח 18).

די אידן האבן בכן פון דער עלטסטער צייט אן געהאט א תורה, וואס אויף איר זאל משה, דער אידישער באפרייער און דער גרינדער פון דער אידישער רעליגיאן, האבן געשלאסן דעם בונד צווישן יהוה און ישראל. די דאזיקע ת ו ר ה איז אבער ניט געווען א געוויסע, אלעמען באקאנטע ס פ ר ת ו ר ה. זי האט געהאט נאר אן אינהאלט, אבער ניט קיין גע־שריבענע פארם. דער כהן אינ'ם הייליקן ארט: אין ירושלים, אין בית־אל אדער אין שכם (געווען אין דער אלטער צייט פאר יאשיהו'ן זייער א סך הייליקע ערטער) פלעגט לערנען דעם פאלק די תורה פון יהוה, וואס משה זאל האבן געגעבן די אידן. דער עצם פון דער תורה איז באשטאנען אין דינען יהוה. ווי אזוי אבער און מיט וואס צו דינען גאט — דאס איז אין איטלאכער תקופה אנדערש דערקלערט און פארמולירט געווארן, לויט דער השגה וואס מ'האט אין יענער צייט געהאט פונ'ם מהות פון גאט און פון זיינע פאדערונגען צו מענטשן.

לכתחילה איז די תורה באשטאנען פון מינדלאכע טראדיציעס, וואס זיינען איבערגעגעבן געווארן פון דור צו דור. שפעטער אבער, ווען עס האט זיך אנטוויקלט ביי די אידן א רייכע געשריבענע ליטעראטור, האט מען אויך די תורה־טראדיציעס אנגעהויבן אויפשרייבן אויף ביכער. עס זיינען אונדז געבליבן אין חומש פון יענער צייט פארשידענע שטיקער תורה, וואס זיינען אויפגעשריבן געווארן אין פארשידענע הייליקע ערטער אין ארץ ישראל. אבער א געשריבן בוך, וואס אלע האבן געקענט אלס די „תורה", וואס יעדער איד האט געזוכט אפצוהיטן מיט אלע פרטים, ווי דאס איז געווען אין די שפעטערדיקע צייטן — אזא אינסטיטוציע האבן די אידן אין דער אלטער מלוכה־צייט ניט געהאט. ניט געווען דעמאלט קיין גע־שריבענע ספר תורה מיט אן אויסשליסלאכער, אייביקער און אומפאר־ענדערלאכער געטלאכער אויטאריטעט. גאט'סווארט איז ניט געווען אן אויפגעשריבן ווארט אין א בוך, נאר דאס לעבעדיקע ווארט, וואס מ'האט טאג־טעגלאך געהערט פון דעם נביא'ס מויל. האט מען געוואלט וויסן גאט'ס ווילן, האט מען געפרעגט דעם נביא; האט מען געוואלט וויסן וואס איז „טמא" און וואס אזוי „טהור", וואס איז „קדוש" און וואס איז „חול", וואס טאר מען און וואס טאר מען ניט טאן אין גאטסדינסטלאכע ענינים — האט מען געפרעגט דעם כהן. תורה האט דעריבער ביז יאשיהו'ס צייט ניט געשפילט קיין ראלע אין אידישן לעבן. מ'הערט לחלוטין ניט פון איר אין דער אלטער מלוכה־צייט. קיינער דערמאנט זי ניט, קיינער באציט זיך אויף איר ניט. דער יסוד פון אידישן לעבן איז דעמאלט געווען די

מלוכה. א היסטאריקער פון יענער צייט שרייבט דעריבער וועגן די אור־אלטע צייטן, איידער די מלוכה איז געגרינדעט געווארן, אז „אין יענע טעג איז ניט געווען קיין מלך אין ישראל און יעדערער האט דערום געטאן, וואס ס'איז אים געפעלן". מ'זעט דערפון, אז די אויטאריטעט פון א געוויסער תורה האט נאך דעמאלט ניט עקזיסטירט.

ערשט אין דעם אכצנטן יאר פון דעם קעניג יאשיהו, אין יאר 621 פאר דער קריסטלאכער צייט, 35 יאר פאר'ן חורבן ירושלים, ווערט איינגעפירט א נייע אינסטיטוציע אין אידישן לעבן, ד י ת ו ר ה: א געוויסער, געשריבענער בוך, וואס פארקערפערט אין זיך גאט'ס ווילן און זיינע פאדערונגען צו די מענטשן; א בוך וואס אלע אנערקענען זיין העכסטע, אומפארענדערלאכע געטלאכע אויטאריטעט און וואס יעדערער מוז זוכן אפצוהיטן אלע זיינע דינים און פארשריפטן, אויב ער וויל פירן א פרום לעבן, אויב ער וויל געפעלן גאט און געפינען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן.

אין 18טן יאר פון קעניג יאשיהו, ווערט דערציילט אין ספר מלכים, איז געפונען געווארן א ספר תורה אין בית־המקדש אין ירושלים. אז די דאזיקע ספר תורה איז געווען א נייע זאך, וואס מ'האט ביז דעמאלט פון איר ניט געוואוסט, איז צו זען באשיינפערלאך פון דער גרויסער איבעראשונג, וואס זי האט געמאכט און פון דער געוואלדיקער ווירקונג וואס איר פארעפנטליכונג האט געהאט. דער קעניג יאשיהו האט גלייך געלאזט צוזאמענרופן א גרויסע פאלקספארזאמלונג, און ער גופא האט, שטייענדיק אויף א פלאטפארם, פארגעלייענט די רייד פון דער ספר תורה, און די אידן האבן צוגעשווארן צו היטן אלע געבאטן און געזעצן וואס שטייען דערין געשריבן. דער קעניג האט באלד דורכגעפירט די גרויסע רעפארם, וואס ווערט פארגעשריבן אין דעם דאזיקן געזעצבוך: ער האט אפגעשאפט אלע במות, די הייליקע ערטער פון דער פראווינץ, און דערקלערט ירושלים פאר דעם איינציקן הייליקן ארט, וואו מ'קען דינען גאט. ער האט אויך אויסגעראמט פון דעם בית־המקדש אין ירושלים אלץ וואס האט געהאט צו טאן מיט דעם בעל און דער עשתרת, אלצדינג וואס די אידן האבן איבערגענומען פון זייערע שכנים אין און ארום ארץ ישראל. דאס דאזיקע נייע געזעצבוך, וואס איז געפונען געווארן אין יאשיהו'ס צייט, איז די תורה וואס איז אנטהאלטן אין חומש דברים פון קאפיטל י"ב אן. דאס איז פון לאנג שוין אז אנגענומענע און אומבאשטריטענע זאך אין דער וויסנשאפטלאכער וועלט (פארגלייך דברים י"ב און מלכים ב, כ"ב און כ"ג).

די תורה פון חומש דברים איז אבער ניט געווען דאס ערשטע גרעסערע געזעצבוך ביי די אידן. אחוץ קלענערע שטיקער געזעצגעבונג, וואס מיר האבן אויבן שוין דערמאנט, איז אויך געשריבן געווארן אין דער עלטערער מלוכה־צייט א גרעסערעס געזעצבוך, דאס איז דער „ספר הברית" (די סדרה משפטים). א געזעצבוך וואס האט א גרויסע ענלאכקייט צו דעם

קאָדעקס פון דעם אַלט־באַבילאָנישן קעניג אַמוראַבי (שמות כ״ד 7). די נייע תורה פון חומש דברים איז אין עצם געווען אַ ניי־געשריבענע אויסגאַבע פון דעם אַלטן ס פ ר ה ב ר י ת. דער חילוק צווישן אַט די צוויי געזעצביכער איז אָבער אַזאַ געוואַלדיקער, אַז ער מאַכט די תורה פון דברים פאַר אַ שפּאָגל־נייער דערשיינונג אין אידישן לעבן און איר פאַרעפנטליכונג דורך יאשיהו׳ן פאַר אַ וועלט־היסטאָרישע געשעעניש. דער „ספר הברית״ האָט ניט געטראָגן דעם נאָמען „ספר התורה״. דאָס איז ניט געווען די תורה מיט אַ ה׳ הידיעה, וואָס יעדער איד האָט געמוזט וויסן אויף אָפּהיטן, נאָר אַ זאַמלונג פון טראַדיציעס וועגן רעכט, פון פּסקדינים וואָס אידישע ד י י נ י ם פ ל ע ג ן ארויסגעבן אין דער אַלטער מלוכה־צייט. א ו ן מ י ר ד א ר פ ן ז י ך ד ע ר י ב ע ר לחלוטין ניט וואונדערן, וואָס מיר געפינען זיי ביי די אַלטע באַבילאָניער טויזנט יאָר פאַר דער גרינדונג פון דער אידישער מלוכה. דאָס געזעצבוך פון דברים אָבער אַנטהאַלט ניט קיין אַלטע טראַדיציעס וועגן רעכט, נאָר געזעצן לכתחילה געשריבן פון אידישע הומאַניטאַרישע געזעצגעבער, מיט דער כונה אויסצורבעסערן דאָס מענטשלאַכע לעבן. צווישן דעם ס פ ר ה ב ר י ת און דער תורה פון דברים ליגט די צייט פון די גרויסע שריפטאַלכע נביאים אין דער אשורישער פּעריאָדע: עמוס און הושע אין ישראל און ישעיה און מיכה אין יהודה.

אונטער דער השפעה פון אַט די גרויסע נביאים האָט אַ שולע פון הומאַניטאַרישע שריפטשטעלער און געזעצגעבער אין ירושלים פאַרפאַסט אַ געזעצבוך, וואָס זאָל אין דער פאָרם פון געזעצן איינפירן אין פּראַקטישן לעבן די לערע פון די נביאים, וואָס זאָל אָפּשאַפן יענע איבלען, געגן וועלכע די נביאים האָבן אַזוי שטורמדיק פּראָטעסטירט. די דאָזיקע שריפטשטעלער זיינען באמת געווען נביאים, וואָרים עס ווייט אַרום אין זייערע רייד דער גייסט פון ליבע, פון ליבע צו גאָט און צו מענטשן, וואָס די נביאים האָבן געפּריידיקט. אין דער תורה פון דברים שטייען ניט קיין טרוקענע פּסק־דינים, ווי אין „ספר הברית״. מיר פילן דאָ אויך ניט די פּריסטערלאַכע שטרייינקייט, דאָס געבאָט און פאַרבאָט: דאָס זאָלסטו און דאָס טאָרסטו ניט טאָן, נאָר אָן אַ פאַרוואָס, פון דער שפּעטערדיקער „תורת כהנים״. כמעט יעדעס געזעץ אין דער תורה פון דברים איז באַגרינדעט אויף אַ הומאַניטאַרישן מאָטיוו, און דער געזעצגעבער אַפּעלירט תמיד צו די איידלסטע געפילן אינ׳ם מענטשן.

מיר וועלן דאָ געבן איין ביישפּיל צו ווייזן דעם געוואַלדיקן פאָרטשריט פון דער תורה פון דברים געגן דעם ספר הברית. דאָס אַלטע געזעץ פון ספר הברית שרייבט פאָר, כדי צו רעגולירן שקלאַפעריי, אַז אַ קנעכט זאָל דינען נאָר ביז׳ן זיבעטן יאָר און דאַן אַרויסגיין פריי. נאָר ווען דער

שקלאף זאגט: איך האב ליב מיין האר, איך וויל ניט ארויסגיין פריי, מעג ער דעמאלט בלייבן א קנעכט אויף זיין גאנצן לעבן (שמות כ"א 2—6). דער געזעצגעבער פון דברים האט, דוכט זיך פון אויבן אויף, איבערגעשריבן דאס אייגענע געזעץ, אבער מיט אן אנדער סטיל, אן אנדער פראזעאלאגיע און מיט אזעלכע הוספות, וואס מאכן דערפון גאר א נייע זאך. דאס אלטע געזעץ איז משמעות ניט געווען ווירקזאם; ווארים וואס האט גענוצט דעם ארימען קנעכט די פרייהייט, וואס ער האט באקומען אין דעם זיבעטן יאר, אז ער האט ניט פארמאגט קיין זאך אלס זיין אייגנס און האט ניט געהאט מיט וואס זיך מפרנס צו זיין אפילו ניט איין טאג? איז שוין דאך געווען גלייכער צו בלייבן ווייטער דינען ביים האר און צו זיין פארזארגט מיט חיונה. דאס געזעץ וועגן קנעכט פון ספר הברית איז דערפאר געבליבן א פאפירענע פארמולע. פאקטיש האט יעדער קנעכט געזאגט אין זיבעטן יאר: „איך האב ליב מיין האר", מחמת ער האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי אים ליב צו האבן. דער הומאניטארישער געזעצגעבער פון דברים שרייבט דעריבער פאר ניט ארויסצולאזן דעם קנעכט אין זיבעטן יאר מיט ליידיגע הענט, נאר אים צו שיינקען צוזאמען מיט זיין פרייהייט אויך עטוואס אייגנטום פון דער סטאדע, פון שייער און פון קעלטער. „און עס וועט זיין ווען דו וועסט אים אנבאטן פרייהייט מיט אייגנטום און ער וועט פארט זאגן צו דיר: איך וויל פון דיר ניט ארויסגיין, ווייל ער האט טאקע ליב דיך און דיין הויז, ווייל עס איז אים טאקע באמת גוט ביי דיר, דעמאלט מעג ער זיין ביי דיר א קנעכט אויף אייביק" (דברים ט"ו 12—18).

אזוי איז די נבואה פארוואנדלט געווארן אין תורה, און ס'איז דערמיט געליינגט געווארן אין יאשיהו'ס צייט דער נייער יסוד, אויף וועלכן דער בנין פון אידישן לעבן האט זיך געהאלטן טויזנטער יארן. פונקט ווי מיט שאול און דוד הויבט זיך אן די עפאכע פון דער מלוכה און מיט אליהו — די עפאכע פון דער נבואה, אזוי הויבט זיך אן מיט דעם 18טן יאר פון יאשיהו די עפאכע פון דער תורה אין דער אידישער געשיכטע.

## די אידן ווערן דאס פאלק פון דער תורה

יאשיהו'ס רעפארם האט קיין גרויסן ערפאלג ניט געהאט. אמת טאקע, אז דאס צענטראליזירן דעם קולט אין ירושלים האט געבראכט גרויסע ענדערונגען אין אידישן לעבן, אין דעם אופן פון דינען גאט און פון פראוועון די ימים־טובים. אבער די גרויסע עולות, די אומרעכטן און פארדארבנקייטן, וועגן וועלכע די נביאים האבן אזוי פייערדיק פראטעסטירט, זיינען דורך דער רעפארם אין קולט און דורך דער ניי־איינגעפירטער תורה, אויף וועלכער יאשיהו האט באנייט דעם בונד צווישן יהוה און ישראל, ניט אפגעשאפט געווארן. די אידן זיינען דורך דער אויסערלאכער רעפארמאציע

ניט געוואָרן פרומער אינעווייניק אין זייערע הערצער, נאָר האָבן ווייטער געלעבט אויפ'ן פריערדיקן שטייגער און האָבן געטאָן די פריערדיקע זינד.

יאשיהו'ס רעפאָרם האָט באמת גאָר ניט געקאָנט האָבן קיין ערפאָלג אין די 35 יאָר וואָס זיינען פאַרגאַנגען פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער תורה פון דברים ביז דעם חורבן ירושלים. כל־זמן די מלוכה האָט נאָך עקסיסטירט, כל־זמן די נבואה האָט איר נאָך ניט געהאַט אינגאַנצן באַזיגט, האָט דאָס אידישע לעבן ניט געקאָנט געשטעלט ווערן אויף אַ נייעם יסוד. ירמיה האָט דעריבער געזאָגט, אַז די גאַנצע רעפאָרם איז אין תוך אַ דורכפאַל, ווארים „דאָס פאָלק פון ירושלים האַלט זיך פעסט ביי דער פאַלשקייט און וויל זיך ניט אומקערן; פון קליין ביז גרויס זיינען זיי אַלע להוט נאָך געלט און פון נביא ביז'ן כהן האַנדלען זיי אַלע מיט פאַלשקייט". גאָט'ס תורה, וואָס זיי האָבן איצט, איז דערפאַר אָן נוצן, און „אומזיסט האָט געאַרבעט אויף דעם די פען פון די שרייבער" (ירמיה ח 4—12).

דער מלך און דער נביא האָבן ניט געקאָנט אָפּדאַנקען און איבערגעבן זייער מאַכט צו דעם כהן און דעם סופר, דעם געלערנטן אין דער תורה. די צייט איז נאָך ניט געווען ראוי פאַר דעם. אין דער תורה פון דברים און אין דער רעפאָרם איז געשאַפן געוואָרן אַ סינטעז צווישן מלוכה, נבואה און כהונה. דער מלך, דער נביא און דער כהן האָבן צייטווייליק זיך פאַראייניקט און געאַרבעט צוזאַמען. אָבער לאַנג האָט דער דאָזיקער אויסגלייך ניט געקאָנט אָנהאַלטן. באַלד האָבן זיך געענדערט די אומשטענדן און ס'איז געקומען אַ „ויתרוצצו". דער מלך מאָביליזירט אַלע כוחות צו קעמפן פאַר דעם אומאָפּהענגיקייט פון דער מלוכה. די כהנים און די פאַטריאָטישע נביאים, וועלכע האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די מלוכה־לייט און האָבן פאַרטראָטן דעם אַלטן מלוכה־געדאַנק, ריידן דעם פאָלק איין, אַז איצט, נאָך דער רעפאָרם, ווען מ'האָט אָפּגעשאַפט די במות און מ'דינט גאָט נאָר אין ירושלים, לויט ווי ס'איז אָנגעזאָגט אין דער תורה, קען מען זיכער זיך פאַרלאָזן, אַז גאָט וועט ניט איבערגעבן זיין הייליקע שטאָט און זיין איינציקן הייליקטום אין דער האַנט פון דעם פיינט. און דער נביא, דער אמת'ער נביא, ירמיה, בלייבט איינזאַם, פאַרלאָזן און פאַרפאָלגט פון אַלעמען: פון דעם מלך, פון די כהנים און פון גאַנצן פאָלק. די צייט איז אַ שטורמדיקע, די תורה און יאשיהו'ס גאַנצע רעפאָרם־אַרבעט טרעטן צוריק אין דעם הינטערגרונט, און אין פאָדערגרונט פון דער היסטאָרישער אַרענאַ זעען מיר דעם לעצטן, פאַרביטערטן קאַמף צווישן מלוכה און נבואה; מיר זעען, ווי עס ראַנגלען זיך דער לעצטער קעניג צדקיה, דער לעצטער אָפיציעלער פאַרטרעטער פון דעם אידישן מלוכה־געדאַנק, און דער נביא ירמיה, דער גרעסטער פאַרטרעטער פון דעם אידישן גאָט־געדאַנק.

ערשט דער אונטערגאַנג פון דער מלוכה און דער גלות האָבן גע־

בראכט דעם ענדגילטיקן נצחון פון דער נבואה איבער דער מלוכה און האבן דערמיט געשאפן דעם באדן פאר דער אבסאלוטער הערשאפט פון דער תורה. נאכ'ן חורבן האבן אלע אייננעזען, אז די נביאים, וועלכע האבן פאראויסגעזאגט דעם אונטערגאנג פון דער מלוכה, זיינען טאקע גערעכט געווען. עס האט טאקע באמת זיך אויסגעלאזן ווי ירמיה האט געזאגט. די נביאים זיינען איצט געווארן חשוב און אנערקענט, און זייער לערע איז איצט אריינגעדרונגען אין די מוחות פון די ברייטערע קרייזן פונ'ם פאלק. אבער נאר פון אויבן־אויף האט זיך געדוכט, אז די נביאים האבן געזיגט. דער אונטערגאנג פון דער מלוכה האט סוף־כל־סוף געפירט אויך צום אונ־טערגאנג פון דער נבואה און דער חורבן מיט'ן גלות האבן באמת נאר צו־געגרייט דעם וועג פאר דעם נצחון פון דער תורה.

דער אונטערגאנג פון דער מלוכה און די צעשפרייטונג פון די אידן אין פארשידענע לענדער האט אויסגעריסן דאס אידישע לעבן פון זיינע סאמע ווארצלען. דער באדן, אויף וועלכן די אידן האבן זיך געהאלטן זינט זיי זיינען א פאלק געווארן, איז ארויסגעריסן געווארן פון אונטער זייערע פיס. אין גלות, אין דער פרעמד, זיינען די אידן געצוואונגען געווען צו שאפן א גייסטיקן באנד, וואס זאל זיי צוזאמענהאלטן אלס קינדער פון איין פאלק. אויב זיי האבן געוואלט בלייבן קינדער פון דעם פאלק ישראל, האבן זיי געמוזט זיך אפשיידן פון דער גויאישער וועלט, האבן זיי געמוזט אויפשטעלן א גייסטיקע מחיצה צווישן זיך און די גויים ארום. זיי האבן געמוזט שטעלן דעם טראפ אויף יענע מנהגים און אינסטיטוציעס, וואס האבן זיי אויסגעצייכנט פון זייערע היידנישע שכנים, צווישן וועמען זיי האבן געלעבט. אזוי איז דאס רעליגיעזע לעבן פון די אידן אין גלות בבל געווארן איידעלער און גייסטיקער און ס'איז דארטן אנטשטאנען א נייער סארט פרומקייט, די אמת'ע אידישע פרומקייט וואס מיר טרעפן שפעטער אין דער פערסיש־גריכישער עפאכע.

אבער אין גלות איז פארטריבן געווארן נאר א קליינער, הגם דער אינטעליגענטסטער, טייל פון אידישן פאלק. די מאיאריטעט איז גע־בליבן אין ארץ ישראל. נאכ'ן גלות, אין דער תקופה פון „שיבת ציון", ייען מאנכע אידן האבן זיך צוריק אומגעקערט אין זייער אלטער היים, איז ־עריבער אנטשטאנען אין דעם לאנד יהודה א קאנפליקט צווישן צווייער־ל'' יידן: די אורשפרינגלאך ארץ ישראל'דיקע אידן, וועלכע האבן קיינ־מאל ניט פארזוכט דעם טעם פון גלות, און די גלות־אידן, וועלכע האבן זיך צוריקגעקערט פון ווייטן מזרח אין זייער אלטן לאנד. די אלטע ארץ ישראל'דיקע אידן זיינען געווען שטארק ענלאך צו זייערע אוראורעלטערן פון דער מלוכה־צייט. וואוינענדיק אויף דיזעלביקע נחלאות און באאר־בעטנדיק דיזעלביקע פעלדער און ווייגערטנער ווי זייערע אורעלטערן, זיי־נען זיי ווינציק וואס בארירט געווארן פון דער גאנצער אנטוויקלונג, וואס

דאָס אידישע לעבן און דער אידישער געדאַנק האָבן דורכגעמאַכט פון חורבן אַז. די פרומע אידן אָבער פון גלות, וואָס זיינען געקומען צוריק אויפבויען אַ נייַ אידיש לעבן אין יהודה, זיינען ניט געווען דיזעלביקע ווי זייערע עלטער־עלטער־זיידעס אין דער צייט פון דער מלוכה. נאָר נייע אידן זיינען זיי געווען, וועלכע האָבן געפילט אין זיך די נייע הארץ וואָס יחזקאל האָט פאַראויסגעזען אין דער צוקונפט.

ביי די לאַנד אידן האָט נאָך געלעבט דער אַלטער מלוכה־געדאַנק. זיי האָבן עס געבוים דעם צווייטן בית־המקדש אין דער צייט פון דער וועלט־רעוואָלוציע אונטער דריוש דעם ערשטן און האָבן געהאַלטן ביים אויסרופן אָדער האָבן מאַקע אויסגערופן זרובבל'ן פאַר דעם אידישן קעניג. אָבער די גאַנצע אונטערנעמונג האָט זיך אויסגעלאָזן מיט אַ דורכפאַל. דריוש'ן האָט זיך איינגעגעבן צו אונטערדריקן די ווייט פאַנאַנדערגעפלאַ־קערטע רעוואָלוציע, און די פערסישע אימפעריע איז ארויסגעקומען פון דער וועלט־מהומה אין די ערשטע יאָרן פון דריוש'ן נאָך מעכטיקער ווי פריער. זרובבל איז פאַרשוואונדן פון דער היסטאָרישער סצענע, און אַ פערסישער גובערנאַטאָר האָט פאַרנומען אין ירושלים דעם פּלאַץ פון די פּרינצן פון דוד'ס הויז, זרובבל און ששבצר. די אידן אין יהודה זיינען געבליבן מוטלאָז און אַפּהענטיק, אַז דער האָפענונג אויפצובויען זייער לעבן אויף אַ פּאָליטישן יסוד. דער מלוכה־געדאַנק האָט מיט זרובבל'ס דורכפאַל זיך דערקלערט באַנקראָט, און אויב די אידן האָבן ניט געוואָלט פאַרשלונגען ווערן אין דעם ברוזנדיקן פעלקער־שטראָם פון דער פערסי־שער וועלט־אימפעריע האָבן זיי געמוזט אוועקשטעלן זייער לעבן אויפ'ן יסוד פון דער גייסטיקער פרומקייט און פון דער אָפּגעשיידקייט פון דער ארומיקער וועלט, וואָס האָט זיך אנטוויקלט אין גלות.

אַט די פרומקייט האָבן די גלות־אידן פאַרקערפערט אין אַ נייער תורה וואָס זיי האָבן דעמאָלט געשאַפן, דאָס איז די „תורת כהנים" („ויקרא" און מאַנכע טיילן פון „במדבר" און אויך פון „שמות"). דאָס איז באמת גע־ווען די אַלטע תורה פון דברים, נאָר פון דאָס נייַ פאָרמולירט און צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן. פּונקט ווי די תורה פון דברים איז געווען צוגע־פּאַסט פאַר דער קליינער מלוכה פון יהודה נאָכ'ן חורבן שומרון, אַזוי איז די ת ו ר ת כ ה נ י ם געווען צוגעפּאַסט פאַר די אידן אין דער פערסי־שער עפּאָכע, וועלכע האָבן געלעבט צעשפּרייט איבער דער וועלט מיט אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן צענטער אין יהודה.

ווידער האָט זיך איבערגע'חזר'ט דאָס פאַרלייענען די תורה אויף אַ גרויסער פאָלקספאַרזאַמלונג אין ירושלים און די פייערלאַכע שבועה זי אָפּ־צוהיטן, ווי מיט צוויי הונדערט יאָר פריער אונטער יאשיהו'ן (נחמיה ט, י). אָבער אונטער וועלכע פאַרשידענע אומשטענדן! ניט קיין מלך און ניט קיין נביא איז איצט געווען דער וואָרטפירער, נאָר צוויי פרומע אידן גע־

קומענע פון גלות: איינער א פשוט'ער פרומער איד, א תקיף אין הויף פון פערסישן קעניג, און דער אנדערער א כהן און א סופר, א שריפטגעלערטער אין גאט'ס תורה. יאשיהו'ס רעפארם איז אין אנהויב געווען א דורכפאל. א אידישער קעניג, א פארטרעטער פון דעם מלוכה־געדאנק, האט ניט גע־קאנט איינפירן אין אידישן לעבן די אומבאגרעניצטע ממשלה פון דער תורה. ערשט אין דער צייט פון נחמיה און עזרא, ווען די האפענונגען אויף א אידישער מלוכה זיינען צערונען געווארן, זיינען די אידן פאקטיש טאקע געווארן דאס פאלק פון דער תורה, און די פרומקייט פון אפהיטן מיט אלע פרטים אלץ וואס שטייט געשריבן אין דער תורה איז געווארן דער יסוד פון זייער לעבן, דער „במקום" פאר דער אמאליקער מלוכה. ניט מיט'ן גוטן ווילן זיינען די אידן געווארן דאס פאלק פון דער תורה, נאר זיי האבן קיין אנדער ברירה ניט געהאט, אויב זיי האבן ניט געוואלט אונטערגיין צווישן די פעלקער. „גאט", זאגט די גמרא, „האט אריבער־געבויגן דעם בארג סיני איבער די אידישע קעפ און געזאגט: אויב איר וועט מקבל די תורה, איז גוט, אניט וועט אט־דא זיין אייער קבורה".

אין דער נייער קאנסטיטוציע פון אידישן לעבן, אין ת ו ר ת כ ה נ י ם, איז קיין פלאץ ניטא פאר קיין מלוכה. אנשטאט דעם אמא־ליקן מלך איז איצט דער כהן גדול געזאלבט געווארן מיט'ן הייליקן אויל (ויקרא כ"א) און האט געטראגן די גאלדענע קרוין און דעם פורפורמאנטל (פארגלייך כתובים אחרונים, חשמונאים א, י 20). ניט דעם קעניג'ס צי־טאדעל, נאר דער בית־המקדש איז איצט געווען דער צענטער פון אידישן לעבן. פון א פאליטישן פאלק זיינען די אידן איצט געווארן א הייליקע געמיינדע, „א הייליקער זאמען" (זרע קדש), ווי עזרא האט זיי גערופן. די אידן האבן זיך אפגעשיידט פון אלע היידנישע און האלב־היידנישע שכנים ארום. איד און גוי זיינען געווארן צוויי באזונדערע וועלטן מיט א תהום צווישן זיי, וואס מ'קאן קיין בריק ניט מאכן איבער אים. די באַ־וועגונג געגן דעם ב ע ל, וואס האט זיך אנגעהויבן מיט פיר הונדערט יאר פריער, אין דער צייט פון דער געטיילטער מלוכה, האט איצט געפונען איר אפשלוס. די אידן זייענן געווארן ניט א מלוכה פאר זיך, נאר א וועלט פאר זיך, אפגעשיידט פון אלע פעלקער ארום דורך די געזעצן פון דער תורה.

אזוי זיינען די אידן אונטער דער אנפירערשאפט פון עזרא און זיינע חברים געווארן דאס וואס זיי זיינען געווען פון יענער צייט אן ביז איצט: „דאס פאלק פון דעם בוך", דאס פאלק פון דער געשריבענער תורה. די תורה האט געזיגט, דערפאר איז די נבואה אונטערגעגאנגען. די נבואה איז געווען ניט מער ווי אן איבערגאנג פון דער מלוכה צו דער תורה. די פונקציע פון דעם גרויסן נביא איז געווען צו זיין אן „אנטידאט" צו דער מלוכה. זיין עובדא איז געווען צו זיין א שטראפער. אבער דאס האט

ער געקאַנט זיין נאָר אין דער צייט פון דער מלוכה. שטראָפן קאָן מען נאָר א געזונטן, שטאַרקן און רייכן. איצט אבער איז דער איד געווען קראַנק, שוואַך און אָרים. ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ אָזעלכן צו שטראָפן ? נאָכ'ן חורבן האָט זיך דערפאַר אַנגעהויבן אַ נייע פאַזע אין דער נבואה ; דער נביא איז געוואָרן פון אַ שטראָפער אַ טרייסטער. אבער אויך פאַר'ן טרייסט־נביא איז מער קיין פּלאַץ ניט געבליבן. די אידן אין יהודה האָבן געפירט אַ מיזעראַבעלן לעבן אלס פּערסישע אונטערטאַנען, אַן וואָסערע אויסזיכטן אויף אַ בעסערער צוקונפט. דער איד האָט איצט זיך מתודה געווען אויף זיינע זינד און אויף די זינד פון זיינע עלטערן און איז געווען גרייט צו טאָן גאָט'ס ווילן. די נביאים האָבן דעריבער ניט געהאַט מער וואָס צו טאָן. די נביאים האָבן אַנגעוויזן דעם אַלגעמיינעם וועג, וואָס אויף אים זאָל דער איד גיין. אבער איצט זיינען נויטיק געווען ווענווייזער אויף יעדן טריט, אַ סלופּ ביי אַ סלופּ ; דאָס זיינען געווען די דינים פון דער תורה. די פונקציע פון די נביאים האָבן דערפאַר איצט איבערגענומען די סופרים, וואָס האָבן געלערנט מיט'ן פאָלק גאָט'ס תורה. די תורה איז גע־וואָרן דער איינאיינציקער, אייביקער און אומפאַרענדערלאַכער אויסדרוק פון גאָט'ס ווילן. האָט אַ איד געוואָלט זיין פרום און האָט געוואָלט וויסן וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון אים צו טאָן, האָט ער ניט באַדאַרפט הערן גאָט'ס וואָרט פון דעם נביא'ס מויל, ווי אַמאָל, נאָר ער האָט באַדאַרפט וויסן וואָס שטייט אין דער תורה און זי אָפּהיטן גענוי מיט אַלע דקדוקים.

די תורה איז געוואָרן דאָס סאַמע העכסטע אין אידישן לעבן. די תורה שטייט פריער אפילו פאַר דער עבודה אין בית־המקדש (פּרקי אבות א, 2), און „אַ ממזר אַ תלמיד חכם איז פריער פאַר אַ כהן גדול אַן עם הארץ“. מיט דער תורה האָט דער איד אוועקגעוואַנדערט אין די ווייטסטע לענדער און האָט דאָרטן אויפגעשטעלט זיין עקס־טעריטאָריעלע גייסטיקע מלוכה. די תורה איז געוואָרן פאַר דעם אידן אַ מין מלוכה אין אַ קעשענע־אויס־גאַבע, וואָס ער האָט געקאָנט מיטראָגן אומעטום מיט זיך. דערפאַר טאַקע האָט מען אַרויפגעשטעלט אַ „כתר“ אויף דער ספר תורה, ווייל זי האָט פאַקטיש גע'ירש'נט די קרוין פון דעם מלך.

דערמיט זיינען מיר דורכגעגאַנגען די ערשטע העלפט פון דעם היסטאָ־רישן קרייז, אין וועלכן דאָס אידישע לעבן אין ארץ ישראל האָט זיך גע־דרייט.

# פון אלטע קוואלן:

## דוד איגנאטאָוו:

קליינע אנטאָלאָגיע פון יאפּאנעזישע האָקים

## מאיר שטיקער:

כינעזישע לידער (פון לי טאי פּאָ)
אינדיאנער לידער
עגיפּטישע לידער
אראבישע לידער

## הערש ראָזענפעלד:

די קאַלעוואלע

## א. אַלמי:

גאָטאַמאַ בודאַ

דוד איגנאַטאָוו:

קליינע אַנטאָלאָגיע פון
יאפאנעזישע האָקים

ווייט פון דער רוישיקער שטאָט
אַ בודא שטייט. און פון זיין נאָז
אַן אייז־צעפּל רינט.

אים־סאָ

ווײ, מיין פייער איז אויס,
און אָט! א שאָטן אויף דער וואַנט —
א גאסט אוודאי קומט.

באָ־שאָ

די גאנצע וועלט אין שלאָף.
אפילו די מייז זיינען שטיל.
א גלאָק הילכט קלאָר און טיף.

קו־רין

איינגעשטילט דער שטילער ים.
די לבנה שיינט העל.
די ים־פויגל שווימען שלאָפנדיק.

ראַנ־קאָ

די שווימענדיקע לבנה —
א קישן פאר׳ן פויגל
וואָס שווימט שלאפנדיק אויפ׳ן ים.

רענ־סען

אזוי קאַלט איז דער פרילינג —
מיינע קליינע טייפלאנצן
פארגעסן כמעט צו בליען.

באָנ־ראַי

אויפ׳ן ווילד צורייצטן ים
פאַלט ווייך דער פרילינג שניי
און שטילט אים איין.

באָנ־שין

האָבן דאָס די ווילדע גענז
מיט זייערע פלאטערדיקע פליגל
געבראכט דאָס ווינטל אין היינטיקער לבנה־נאכט?

טוי־בון

פלוימען-בליטן ווייס ווי שניי
שטיל ארום. נאָר דער קאַרפּ
פּאַטשט אויף אין שטראָם דערנעבן.

או־ריטסנ

די פלוימען האָבן ניט קיין טרערן צו פארגיסן,
האָבן זייער ריח
זייער צער צו פארשפּרייטן.

הו־סען

פלוימען בליטן ראָז און ווייס.
זייערע זיסע ריחות שפּרייטן אויס א ליכטקר׳ז
ארום דער לבנה היינט באַנאַכט.

בו־סאָן

ווי זיס עס שמעקט דער פלוימען-בוים.
הלוואי וואָלט מען דעם ריח זיינעם געקענט מאָלן
ווי מען מאָלט זיינע בליטן.

שאָ־האָ

היינט נאַכט איז די לבנה געהילט
אין הארציקע וואָלקנס.
דער גרויסער בודאַ שלאָפט. ער חלומ׳ט.

טשאָ־סואי

קליינגט אין גרויסן גלאָק.
ס׳וועלן בא דעם ערשטן קארשנבוים
היינט פלאצן זיינע קנאָספּן.

פו־סאָ

פרילינג, קלאָרער מאָרגן־הימל.
דאָ און דאָרט — הויך איבער׳ן קאָפּ —
פליט זינגנדיק א ווילדע גאנז.

ריאָ־טאָ

א קארשנבוים באַם וועג
איז ווי א וויג-ליד
פאר׳ן מידן װאנדערער.

באַ־שאָ

היינט וועלן אלע גייען ארויס
זיך פרייען מיט׳ן יום טוב פון די קארשן-בליטן —
מוז איך שטיין דאָ פארקויפן פיש.

האַ־קומו

א קארשן-בליטל איז לייכט געפאלן

אויפ׳ן מויל פון איר מאיעסטעט, דער זשאבע,
האָט איר געזאַנג זיך אָפּגעהאקט אינמיטן.

ריו־קיאָ

שפּרייטנדיקע קארשן־בליטן פאַלן איינס צו איינס.
זשאַבעס קוקן נאָך.
טראכטן און זאָגן ניט וואָס.

טאָ־גאָ

ס׳איז אמת — די בליטן וואַקסן.
ס׳איז אמת — זיי זיינען שיין.
און ס׳איז אמת — זיי וועלקן גיך.

אָ־ניטסיראָ

היינט בלאָנקע איך ארום שטום.
ווארים קיין איין ליד מיינס
איז ניט גלייך צום פרילינגס ווינט.

ריאָ־טאָ

ווי ריין עס זיינען די בליטן פון דעם בארנבוים.
א הייליק געלייטערטע שוועסטער
איז ניט האַלב אזוי ריין ווי זיי.

גען־סואי

זע, בא דער לבנה׳ס בלייכן ליכט —
אונטער די באַרן בוימער —
גייט ארום א מיידל לייענענדיק איר ליבע־בריף.

באָ־סאָן

איך וואָלט וועלן אָנטרינקען מיין נשמה
מיט דעם טוי וואָס אויף די לאָטוס־בלומען —
בא אָט דעם ברעג פון טייך.

טאַי־גי

איבער דעם לאָטוס טייך דערהויבט זיך
דאָס געשטאלט פון גרויסן בודאַ,
זיינע בליקן געווענדט צו דער ווייט.

חאָ־קוגעטסו

דער טעמפּל באדט זיך אינ׳ם ליכט פון דער לבנה,
און האָרכט זיך צו צום פּלאצן פון די קנאָספּן,
וואָס עפענען זיך פאר בליאונג היינט באנאכט.

טוי־געטסו

די פלאטערנדיקע פייער־פליגן
צווישן ווילד גראָז אין דער נאַכט
זיינען ווי דאָס ווילד גראָז אין בליאונג.

טוי־יאָ

כאָטש די נאַכט איז פייכט
קומט פאָרט די פייער־פליג
און צינדט לאנגזאם אָן איר לעמפל.

סוי־רא

אין א הארבסט־נאַכט אונטער׳ן גראָז
ליגט די פייער־פליג אָפּגעהיט
און וואַרט דער רעגן זאָל פארביי.

אים־שאָ

ווען די פייער־פליגן וואָלטן געזונגען!
אָ, דאָס וואָלט זיכער געווען
א זייער מעלאַנכאָליש געזאנג.

טאַ־דאַיאָשי

ווי גיך די שעה׳ן פארשווינדן!
די פייער־פליג באהאלט שוין איר קליינטשיק לעמפל
פאר דעם טאָג וואָס קומט.

רי־ריו

ווי קיל די בהמות זענען אוים!
זיי האָבן ליב צו דרייען מיט די עקן
שטייענדיק ביז די קני אין וואסער.

באַנ־קאָ

איצט ווען דער אָוונט איז קיל
שלאָפט אפילו די לבנה
אינמיטן פון דעם טייך.

ריו־סוי

צווישן די הויכע באמבו בוימער
טריפט דאָס ווייסע לבנה־ליכט
און דער קוקו פויגל רופט.

באַ־שאָ

א קוקו פויגל רופט!
זיין ליד קען אויפברעכן די טיר פון קבר,
און אויפוועקן די טויטע פון זייער שלאָף.

בו־סאָן

חילות חלום׳ען איינגעשלאָפן אין די קברים
און איבער זיי כוואַליען זיך
די ווייכע זומער גראָזן.

באַ־שאָ

יעדן פרימאָרגן קוק איך אָן מיין ווייץ.

דורך דער נאַכט וואַקסן זיי אונטער
בלויז אויף איין טראָפּן טוי.

שונ־סוי

אפילו פאר די גנבים באַנאַכט
הילכט דאָס געזאנג פון קוקו פויגל,
די וואונדערלאכע מתנה פון הימל.

סו־אָקו

דאָס ליד פון קוקו פויגל פראלט
און הער — נאָך א קול —
זיין עכאָ שאַלט.

סאַנ־קאַ

אלץ פאַרגייט. און באַלד ווערט די נעסט
באַהאַלטן דעם קוקו פויגל,
און די וואָלקנס וועלן באַהאַלטן די לבנה.

קוואַ־יאַ

די ווינטן קומען אָן.
ציען פון מיר מיין מאנטל
ווי מלאכים הענט פון הימל.

מיי־סעטסו

ווען אפילו אלע גלעקער זאָלן קלינגען און רופן
וועט דײַס ניט צוריקהאַלטן
דאָס אָפּגיין פון דעם פרילינג.

שאַ־ראַ

פון אויף יענער זייט טייך — הער —
דאָס געזאַנג פון דער נאַכטיגאַל.
עס זינגט און זאָגט : דער זומער קומט.

מיי־סעטסו

אָ, ווינט פון הימל — גנאָד !
האַלט איין דאָס בלאָזן דיינס א ווייל.
די מאָנבלומען בליען היינט.

איע־מאַרו

אָפּגעפאלענע מאָנבליטן ! די לבנה
מוז וויסן פון אייער פריערדיקער פראַכט
און חלומ׳ט איצט פון אייך.

טסונע־מאַרו

ביים געיעג פון פערד אין געוועט —
הילכען קלאָען
קוים אָנרירנדיק די ערד.

קאַ־דאַ

טרויעריק איז צו זען דעם לעצטן
רייטער אין געיעג. פאַרלאָרן —
און ראַנגלט זיך נאָך אַלץ.

שי־קי

ווען דער מאָרגן ברענגט צוריק דעם טאָג
פארשווינדן די פלאַטערנדיקע ליכטער
פון די גייסטער.

שי־גען

ווי שוואַך עס פלאַטערן דורך חשך
אין גראָז די לאַמטערנעס
וואָס באַלויכטן דעם היים־וועג פון די גייסטער

רי־יו

אויף דעם קעפּל פון מיין קינד,
אָ וועבערן, אָ שטערן חילות!
שפּרייט ברכות אָן א צאָל.

טשאָ־ריאָ

טונק איין מיין ערדיש קלייד
אין דעם טייך פון הימל
און וואַש פון דעם די פלעקן אויס.

סאָ־יאָ

וואָלקנווייז, ווי זומער־פייגעלאך
אויף פלאַטערדיקע פליגל, —
גייט אויף דער ריח פון סאָד.

באָ־שאָ

ווען די גייסטער האָבן אָפּגעריכט זייער סעודה
איז אויף דעם מזבח פאַרבליבן
בלויז אָן איינציקע גרויע האָר.

טשאָ־סואי

מיין לאָמפּ איז אויסגעגאנגען.
האָט זיך פארשעמט
פאַר דעם ליכט פון דער לבנה.

מי־תיאַקו

מיין לאָמפּ איז איינגעשלאָפן.
דער שיין פון טוי
האָט איינגעזאפּט איר ליכט.

טאָ־סעקו

א מוטער וועט זיך אפילו גנב'ענען באַנאַכט

צו צינדן איר לאמטערן
פֿאַר דער נשמה פון איר פֿאַרבערעבעריש קינד.

רי־אָטאָ

דער היישעריק פּרעפּלט ווי א גלח:
דער טאָג איז קורץ און פארגייט
ווי אלץ אויף דער וועלט.

סאָ־סעקי

קלאָרער, בלויער מאָרגנהימל.
ס'וולד גראָז בליט.
ווער קען זיך קלאָגן? ניט איך.

שאָ־נען

די בלאָזנדיקע ווינטלאך
הויבן אונטער די ווערבע צווייגלאך
זיי זאָלן כאַפּן די לבנה היינט בּאַנאַכט.

באָ־שאָ

די הויכע ווילד־פּלאַנצן נייגן די קעפּ
צו די בערג, בעטנדיק די לבנה
אויפצושטיין פון איר בעט.

גוואַן־שאָ

ווי קלאָר עס שיינט היינט די לבנה.
דער שאָטן פון אַ סאָסנעצווייגל
ליגט אזוי ווי לעבעדיק אויף מיין דיל.

קי־קאַקו

אַלע ווארנונגען אומזיסט. איך האָב געליטן
איינמאָל און נאָכאַמאָל. און הער אַלץ ניט אויף
קוקן אויף דער לבנה ביז אין שפּעטער נאַכט אַריין.

קי־גין

אונטער דעם האַרבסטיקן הימל
בליען אזוינע בלומען
וואָס זעען קיינמאָל ניט די זומער־פייגעלאך.

באָ־שאָ

דער הארבסטאָג גייט אוועק.
אַן איינאונאיינציקע סאָווע בלויז
שמייכלט קעגן דער אונטערגייענדיקער זון.

קי־קאַקו

דער הארבסטאָג פארגייט.
אַ קראָ אויף א וועלקן צווייג
ווינקט צו דער אונטערגייענדיקער זון.

באָ־שאָ

וואו זאָלן זיך די קראָליקעס שפּילן,
און זיין באַשיצט פון די קאַשטאַנעס,
וואָס פאלן אזוי האַסטיק פון די בוימער היינט ?
סעי־בי

דלויז אן איינאונאיינציק קאַשטאַן ניסל —
דאָס איז אלץ וואָס עס קען האַלטן
זיאָס קליינע הענטל פון מיין קינד.
גאָ־מעי

דער הארבסט ווינט איז רוי,
און מאכט ווי מיט פּודרע ווייס
די בעקלאַך פון מיין קינד.
שאָ־האַ

פון דער וויי טער שטאָט
גרייכט קוים אַהער דער גלאָקנקלאַנג.
פאַלן אָפּ די טויטע בלעטער פון די בוימער.
סאי־מאָן

שניי איז געפאלן דורך דער נאַכט.
אַזוי שיין איז ער אין דער פרי געווען,
אַז איך האָב פארגעסן אָן מיין מאָרגן תפילה.
סו־סען

די גאַנצע וועלט איז ווייס.
וואו געפינט מען אַן אָרט אַצינד
צו זען דאָס גאַנצע בילד ?
רי־ון

באַם סוף פון יאָר
וואָגט אפילו ניט די בראַווסטע פרוי
א קוק צו טאָן אין שפּיגל.
שין־טאָקו

טאַנץ וועט פּארטרייבן
דעם צער פון יאָר,
אָבער זינג קיין ליד ניט היינט.
טאַ־טסע

ביים קבר פון דיכטער באַ־שאָ

ביי באַ־שאָ׳ס רו פּלאַץ היינט
האָב איך געריסן דאָס פארוועלקטע גראָז
און מיט דעם אָפּגעווישט דעם שטויב פון זיין קבר.
גאָ־מעי

## מאיר שטיקער:

לידער פון לי טיי פּאָ

### ו ו י י נ ל י ד

זע! די וואסערן פון געלן טייך
קומען פליסנדיק פון הימל אזוי גלייך.
דער אימפּעטיקער שטראָם זיך גיסנדיק אין ים געשווינד —
בלייבט דאָרטן אָפּהענגדיק ווי א קינד.

זע! אויף יענעם טורעם אין דער הייך
שטייט איינער בא א שפּיגל טרויעריק און בלייך
דאָס ווייגט אזוי און קלאָגט א גרייז
אויף זיינע האָר וואָס זיינען ווייס.

ערשט אינדערפרי ווי ווייכער זייד געוועזן זיינען זיי
און איצט — אין אָוונט — ווייס ווי שניי.

לאָמיר הוליען, טרינקען!
און אין שמחות אַלערליי פאַרזינקען.
ניט לאָזן איינע פון די פעסלאך ווייז
בלייבן שטיין אליין אין זילבערנעם לבנה־שיין.
געטער האָבן אונז געשאָנקען זייער פראכט —
זיי זאָלן געווינען וואָס דערפון.
לעבט און הוליעט אונטער זייער זון!
הרגעט שאָף און קוילעט אָקסן — שכורט טאָג און נאַכט!

קום, טשין, מיין גוטער פריינט.
אויך דו, מיין וואוילער טאַן־טשיאו...
איך גיב אייך גוטן וויין —
ניט קווינקלט אייך, נאָר טרינקט!

איצט וועל איך זינגען אייך א ליד.
און אויב איר ווילט — זינגט אויבעט מיט.
גלעקער, פויקן, נאריש צוקערוואַרג —
זיי טויגן ניט!

גוט איז שכור זיין פון רויטן וויין —
און קיינמאָל זיך ניט אויפכאַפּן צו זען די לעבעדיקע שיין!

די גוטע און די קלוגע און די שטילע לייט
האָט מען פאַרשפּאַרט אַליין אין זייער איינזאַמקייט.
פריילאכע שכורים האָבן אויסגעווירקט רום
וואָס יעדער איז מקנא אומעטום.

לאָמיר קויפן וויין היינט — איר און איך —
וואָס טויג דאָס קלאָגן
אז מיר האָבן ניט פארוואָס עס צו באקומען.
מיין פערד איז אָפּגעפלעקט מיט פינעף טייערע בלומען,
און מיין פעלץ איז ווערט זיין וואָג אין גאָלד.
איך וועל אַ רוף טאָן נאָך מיין אינגל באַלד —
און זאָל ער אויסבייטן דאָס אַלץ פאַר בעסטן וויין.
און מיט אייך ביידן — לאָזט מיך הוליען ביז אין טאָג אריין,
און פאַרגעסן דעם פּיין פון צענטויזנט דורות.

**א בריף פון טשאנג־קאן.**

איך האָב זיך געשפּילט מיט בלימעלאַך באַם טויער.
מיינע האָר האָבן קוים דערגרייכט מיין שטערן.
דו ביזט אָנגעקומען רייטנדיק אויף דיין באַמבו־שטעקן
און פאַרוויילט זיך באַ דער באַנק
מיט גרינע פלוימען אנשטאט שפּילעכלאך.
אָט אַזוי האָבן מיר געוואוינט אין שטאָט טשאַנג־קאַן,
קינדער צוויי וואָס האָבן זיך אויף גאָרנישט ניט געריכט.

צו פערצן יאָר האָסטו מיך פאַר דיין ווייב גענומען.
איך בין געווען שעמעוודיק, און ניט געקענט מיין פּנים טראָגן פריי.
איך האָב נאָכגעלאָזט מיין קאָפּ,
און אויסגעדרייט אים צו דער שוואַרצער וואַנט.
דו האָסט מיך אפשר טויזנט מאָל גערופן —
איך האָב געשוויגן, און זיך ניט אומגעקוקט אַפילו...

בא פופצן האָב איך שוין געקענט פאַריכטן זיך די ברעמען
און בעטן זאָלסט מיך האָבן ליב —
ביז מיר וועלן ווערן שטויב און אַש.

דו האָסט געגלויבט אין גלויבן פון ו ו ע י ־ ש ע נ ג ,
וואָס האָט געוואַרט אונטער דער בריק —
דאָס האַרץ אַקעגן טויט.

און איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט
אז איך וועל דאַרפן ווען אַרויפקלעטערן
דעם באַרג וואַנג־פו,
אַרויסקוקן אויף דיר אַזויפיל טעג.

ווען איך בין אַלט געוואָרן זעכצן יאָר
ביזטו אַוועק פון מיר.
אַוועק צום בייזן קלין קיו־טאַנג
וואו ריזנשטיינער שטעלן זיך אַקעגן אימפּעטיקן טייך,
און די שליוזעס קען מען ניט אַדורכגיין זומער צייט.
האָסט כאָטש געהערט די מאַלפּעס קלאָגן
אין די הויכע פעלזן?
און ווייסטו, אז די צייכנס פון דיינע פוסטריט
באַ אונזער טויער זיינען אַלט,
און אז יעדער צייכן איז באַדעקט מיט גרינעם מאָך?

דער מאָך איז טיף און איינגעוואַקסן,
מען קען אים ניט אַוועק־קערן שוין מער,
און די בלעטער פאַלן שוין אין אָסיענווינט.
די געלע שמעטערלינגען פון אָקטאָבער
פלאַטערן פאַרנווייז איבערן גראָז פון וויאַנעדיקן גאָרטן.
מיין האַרץ טוט וויי — ווען איך קוק אויף זיי.
איך זיץ און טרויער איינאַליין און — אָ —
די רויטקייט פון מיין פנים וויאַנעט.

אויב דו וועסט זיך אומקערן אַמאָל אַהיים —
און אויב דו וועסט מיר אָנשרייבן אַ בריף פאָרויס —
וועל איך קומען דיך באַגעגענען (דער וועג איז אזוי קורץ!)
צום „טייך פון לאַנגען ווינט“.

צו זיינע קינדער

די מוילבער־בלעטער זיינען גרין אין לאַנד פון וואו,
און דריי מאָל זיינען שוין די זייד־ווערים
אין שלאָף פאַרזונקען.
אין מזרח־לו, וואו מיין משפחה וואוינט —
ווער וועט דאָרט פאַרזייען אונזער פעלד?
איך קען זיך שוין ניט אומקערן צו דער רעכטער צייט —
און פאָרנדיק באַם טייך,

איז שווער מיר זיי אַרויסצוהעלפֿן.
דער דרום־ווינט צעבלאָזט מיין גייסט, וואָס בענקט אהיים,
און פליט מיט אים אַוועק אַקעגנאיבער אונזער הויז.
אין מזרח־זייט פון אונזער הויז — א פערשקע־בוים
מיט דיקע בלעטער, שווערע צווייגן
וועבנדיק זיך אין דעם נעפל.
דער זעלבער בוים, וואָס כ׳האָב געלאָזן וואַקסן
איידער כ׳בין אַוועק — דריי יאָר צוריק.
דער פערשקע בוים איז אויסגעשפרונגען ביז דער סטעליע —
ווען איך האָב אומגעבלאָנקעט אין די בערג.

פינג־יאנג, מיין שיינע טאָכטער, כ׳זע דיך שטיין
באַם בוים און פליקן א באבלימלט צווייגל.
דו רייסט די בליטן און איך בין ניטאָ —
דיינע טרערן גיסן זיך ווי וואסער.
מיין קליינער, קליינער זון, פּאָ־טשין,
אויסגעוואקסן ביז דיין שוועסטער׳ס אקסל —
דו קומסט ארויס מיט איר
און שטעלסט זיך נעבן בוים.
נאָר ווער איז דאָ וואָס זאָל אַ קלאַפּ טאָן אויף דער פּלייצע?
איך טראַכט פון אָט די אלע זאַכן,
און מיין געדאַנק צעבלעזלט זיך.
א שאַרפער ווייטיק שניידט מיין האַרץ איעדן טאָג.

איצט רייס איך אָפּ א שטיק פון ווייסן זייד
צו שרייבן אייך דעם בריוו,
און שיקן אים אַוועק צוזאמען מיטן וואַסער —
אַ לאַנגן, לאַנגן וועג צו אייך!

די פרוי רעדט

ווען דו ביזט דאָ געווען איז פול געווען דאָס הויז מיט בלומען.
איצטער אז דו ביזט ניטאָ — פוסטעוועט דאָס ליידיקע געלעגער.
דער אויסגעשטיקטער צודעק ליגט צונויפגעוויקלט אויפן בעט
איך קען ניט שלאָפן. דריי יאָר שוין אז דו ביזט ניטאָ.
דער ריח, וואָס איז פאַרבליבן הינטער דיר, פאַרפאָלגט מיך אַלץ.

דער ריח בלאָנדזשעט אום, נאָר וואו ביזטו געליבטער?
איך קרעכץ — געלע בלעטער פאלן פון די צווייגן.
איך וויין, — דער טוי בליסטשעט ווייס אויפן גרינעם מאָך.

ב

דאָס וואַסער — בלוי.
לבנה — קלאָר און ריין.
ווייסע בושיקעס פליען אין לבנה־שיין.
הער! די מיידלעך קלויבן
וואסער־קאַשטאַנעס פאַרטראַכט,
און גייען זינגענדיק אַהיים
אין דער שטילער נאַכט.

ג

דאָס גראָז פון יען וואַקסט גרין און לאַנג,
און אין טשין הענגען די מילבער צווייגלעך באַ דער טיר,
אַצינד אז מיין האַרץ איז צעבראָכן און קראַנק —
טראַכסטו כאָטש, מיין טייערער, פון קומען צוריק צו מיר
אָ, ניט געבעטענער און פרעמדער פרילינגסווינט —
ניט שפּיל זיך מיט די זיידענע פאָרהענגלעך אצינד!

ד

אָפּגעשיידט פון דיר זיץ איך אליין
און קלאָג אונטער די הימלען פון יעה־לאַנג.
אין מיין הויז באַלויכטן פון לבנה־שיין
קומט זעלטן אַ שליחות אָן פון דיר.

אין פרילינג פליען ווילדע גענז קיין צפון
און שטעלען אָפּ זיך באַ מיין טיר.
און קומען שפּעטער צוריק אַהער —
אָבער ניט קיין בריוול פון יו־טשאנג.

ער געזעגנט זיך מיט איר

א

שוין דריי מאָל אז מיין פרינץ האָט מיך גערופן,
איך וועל גיין און זיך ניט אומקערן צוריק.
מאָרגן אינדערפרי וועל איך אַוועק פון דיר,
און אריבערגיין דעם טויער וואו־קואַן.
אומזיסט וועסטו מיך זוכן אין דעם ווייסן הויז,
און וועסט אַ בייענקדיקע דאַרפן קריכן אויפן באַרג וואַנג־פו.

ב

נעבן טויער האַלטסטו מיך נאָך אַלץ באַם גאַרטל,
און פרעגסט מיך ווען איך וועל צוריק קומען פון וועג.
איך וועל זיך אומקערן אַמאָל —
ברענגענדיק מיט זיך אַ זיגל גאָלד.

און דו — דו וועסט דאָך ניט זיין
ווי די פרוי פון אָרעמען סו־טשין.
וואָס האָט אפילו ניט פאַרלאָזט איר וועב־שטול
צו גיין באַגעגענען איר מאַן.

ג

פון גאָלד זיינען די טרעפּ,
און ווי די פליגל פון אַן אייז־פויגל
בלישטשען די שפּיצן פון הויז וואו איך וועל וואוינען,
נאָר דאָס חלומען פון דיר, מיין טייערע,
וואָס וועט דארפן שטיין אַליין
באָם אַלטן טויער בליפּען אין געוויין —
וועט מאַכן איך זאָל זיצן וואַך באַנאַכט באַם לאָמפּ,
און קוקן אויף דער שטאַרבנדיקער לבנה אינדערפרי.
און מיינע טרערן וועלן רינען —
פאָרנדיק קיין מעריב.

קראָען פאַרנאַכט

אין דעמערונג פון גראָע וואָלקנס
זוכן קראָען זייערע נעסטן נעבן טויער פון דער שטאָט.
זיי פליען קראַקנדיק אהיים אין א געדיכטן ראָד.
קראַקען איינע צו דער אנדערער אין די ביימער־שפּיצן.
די פרוי פון טשין־טשואן זיצט טרויערנדיק אַליין,
און וועבט בראָקאַדע אויף איר וועב־שטול.
פאַר וועמען?
זי מורמלט שטיל צו זיך אַליין,
און ס'ציטערן אירע ברעמען
אונטערן בלוי און נעפּלדיקן גאַזע־פאָרהאַנג.
אָט הערט זי אויף צו וועבן,
און איר געדאַנק הויבט אָן אַוועקצושוועבן.
דערמאָנט זי זיך אָן אים וואָס איז אַוועק פון איר,
און זי מוז ליגן איין־אַליין אין שטיבל אויף דער נאַכט.
און ס'פאַלן אירע טרערן
ווי א רעגן וואָס וויל קיינמאָל ניט אויפהערן.

## אינדיאַנער לידער.

שוואַרצע תפלות:

ס׳איז דאָ אַ פרוי,
וואָס האָט צוגענומען דעם מאַן בײַ מיר.

פון וואַנען האָב איך עס געזאָלט וויסן,
ווען איך האָב אים געגעבן צו טרינקען מײַן נשמה,
דעמאָלט ווען די בלעטלעך פון דעמב
זײַנען גלאַטיק ווי אויערן פון אַ מויז,
און די לבנה קרײַזלט זיך ווי אַ תפלה־פעדער,
אין גרינעם פּאַס איבער טײַאָיי.

ווען איך האָב אויסגעגאָסן מײַן נשמה פאַר אים,
דעמאָלט, ווען איך האָב אַזוי שטאַרק געציטערט,
פון וואַנען האָב איך געקענט וויסן,
אַז די נשמה פון אַ פרוי איז בײַ אים גלײַך
ווי זיסער סאָק, וואָס טריפט
פון אַ בעכער, צעבראָכן פון ווינט?

ווען איך זאָל געווען וויסן
וואָלט איך געווען צוריקגעהאַלטן פון אים מײַן נשמה,
כאָטש כ׳האָב ניט געהאַלטן מײַן לײַב.

יענע פרוי מיט די קרומע אויגן,
וואָס זי זאָל ניט נעמען פון אים —
ס׳איז מײַן נשמה וואָס זי נעמט.

ב

וואַכנדיק בײַנאַכט
פיל איך ווי מײַן לעבן איז אָפּגעריסן פון מיר,
ווי וואַסער פון אַ ניט דערבאַקענער אָלאַ.
דעמאָלט ווייס איך, אַז ער איז מיט איר.
זי טרינקט פון זײַנע ליפּן
די נשמה, וואָס איך האָב אים געגעבן.

דערפאַר מאַך איך שוואַרצע תפלות פאַר איר
מיט אַ שוואַרצער פעדער פון אַ שוואַרצער קראָ.
מיט סאָווע־פעדערן פאַרשפּיצט מיט שטילקייט —

אַז אַלע אירע טעג זאָלן זיין שווארץ ווי די נאַכט,
אַז שוואַרצקייט זאָל הערשן איבער איר,
אַז זי זאָל גיין אין שאָטן פון שטילקייט
אויפן וועג אקעגן סיפּאַפּו.

ג

הלואי וואָלט איך געווען געהאַלטן מיין נשמה,
כאָטש כ׳האָב אוועקגעגעבן מיין לייב.
בעסער דער ביטערער שמייכל און דער אָנגעשפּיצטער פינגער
איידער דאָס אייביגע גריזשען די נשמה
פון א לייכטזיניקער פרוי.

איצטער ווייס איך פארוואָס די מכשפה׳ס זיינען אזוי שיין —
זיי נערן זיך אויף די הערצער פון בעסערע פרויען.

ד

א פינסטערניש זאָל קומען אויף איר.
אירע פיס זאָלן אריינבלאָנדזשען
אין שווארצן טייך פון טרערן.
איר נשמה זאָל אונטערגיין.
זאָלן די, וואָס זיינען אויבן, ניט הערן איר קול.
באַ דער שווארצער קראָ׳ס פעדער,
באַ דער סאָווע׳ס פעדער.

דעם קריגערס געזאנג

ניט פאר מיר זאָלסטו וויינען, געליבטע פרוי,
ווען איך וועל שטאַרבן ;
נאָר פאר דיר אַליין זאָלסטו וויינען.

וויין ניט פאר די קריגער, וואָס גייען
צופרידענע אין קריג.
זיי גייען זיך נוקם זיין
פאַר די געפאלענע און דער׳הרג׳עטע פון אונזער פאָלק ;
זיי גייען אַוועקלייגן
אַלע אונזערע שונאים ווי זיי.
גייען שאַפן טויט, זינגנדיק.

וויין ניט פאַר די קריגער,
נאָר וויין פאַר די פרויען !
אָ, וויין פאַר אַלע פרויען !

אויף זיי באַדאַרף מען רחמנות האָבן
מער ווי אויף אַלע באַשעפעניש ן,
זייערע מענער קערן זיך ניט אום!

ווי אַזוי קענען זייערע הערצער איבערבלייבן,
ווען מיר זיינען געפאַלן?

ניט פאַר מיר זאָלסטו וויינען, געליבטע פרוי,
וויין פאַר דיר אַליין.

הארצנס פריינט.

שיין איז דער ווייסער שטערן פאַרנאַכט
און דער הימל קלאָרער,
ווען דער טאָג גייט אַוועק;
נאָר זי איז שענער,
און זי איז טייערער,
זי, מיין האַרצנספריינט.

שיין איז דער ווייסער שטערן פאַרנאַכט
און די לבנה, וואָס שווימט
צום הימלס ברעג;
נאָר זי איז שענער,
און זי איז טייערער,
זי, מיין האַרצנספריינט.

קארבן

א

אַ מיידל טראָגנדיק אַ גרינע סטענגע
אַזוי ווי ס'וואָלט געווען מיין מיידל.
די גרינע סטענגע, וואָס כ'האָב איר געשענקט צום אָנדענק.
איך ווייס די גאַנצע צייט, אַז ס'איז ניט מיין מיידל,
דאָס איז אָבער געווען דער כישוף פון דער סטענגע,
אַז פּלוצלינג,
און מיין מיידל איז געוואָרן אין מיר.

ב

דיין פּנים איז פרעמד,
פרעמד דער ריח פון דיינע קליידער,
נאָר דיין נשמה איז אַזוי באַקאַנט;

אַזוי ווי אין חלומות
וואָלטן זיך אונזערע געדאַנקן באַגעגנט.

אָפּטמאָל כאַפּ איך זיך אויף
א גליענדיקער פון שלאָף.
איצט ווייס איך וואָס מיין האַרץ האָט געטאָן.

איצט ווייס איך פארוואָס
ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט,
האָבן מיר זיך אזוי גרינג אָנגעהויבן ליב צו האָבן.

### געזאנג באם צעשיידן זיך

ברעכט זיך, ברעכט זיך מיין הארץ אצינד,
ווען איך טראַכט,
אַז איך גיי אַוועק פון דיר,
הער זשע, וואָס עס זאָגט מיין האַרץ:
האַלט מיך,
האַלט מיך שטענדיק אין דיר.

חלום׳ט איצט, חלום׳ט איצט מיין הארץ,
וויינענדיק כאַפּ איך זיך אויף,
טראַכטנדיק, אז מיר צעשיידן זיך ווידער,
חלום דו,
קען זיין, דיין חלום וועט אָנהאַלטן.

### קום ניט נאָענט צו מיינע לידער

קום ניט נאָענט צו מיינע לידער,
דו וואָס ביזט ניט מיין געליבטער!
ווייל ס׳קען נאָך פון באַהעלטעניש
ארויפשפּרינגען אויף דיר מיין הארץ!

ווען מיינע לידער גליען
ווי די מאַנדל בוימלעך
מיטן צוויט אויף זיי,
ליגט מיין הארץ באַהאַלטן
צווישן מיין געזאנג;
קום ניט נאָענט צו מיינע לידער,
דו וואָס ביזט ניט מיין געליבטער!

הער ניט מיינע לידער,
דו וואָס ביזט ניט מיין געליבטער!
דאָס האַרץ איז איבער זיס
וואו מיין ליבע האָט עס צעוואונדיקט.
ניט אָטעם אַיין דעם ריח,
דו וואָס ביזט ניט מיין געליבטער!

ב׳יג זיך ניט אריבער מיינע לידער
מיט זייער בענקשאַפט איבער דיר,
ווייל ס׳קען נאָך פון מיין זינגען
אַרויפשפּרינגען אויף דיר מיין האַרץ.

עגיפּטישע לידער

אָ, גאָלדענע!

אָ, גאָלדענע! ווי שיין איז אָט דאָס ליד!
ווי דאָס ליד פון האָרוס׳ן אליין.
עס זינגט דער זון פון רו דאָס געטלאַכע געזאַנג,
ער איז דאָס הארוס קינד, דער געטלאכער זינגער.

ער נעמט ניט צו דיין ברויט.
ער פארמינערט ניט דיין שפּייז.
זיין האַרץ איז גלייך, אויפריכטיק זיין לייב.
אַ ליכטיקייט איז אין זיין ברוסט.

זיין אָפּשיי איז דיין טרויער.
זיין אָפּשיי איז דיין הונגער און דיין דאָרשט.
זיין אָפּשיי איז די לייד פון זונעןהאַרנטע.

דער מילגרוים־בוים אין מיט פון גאָרטן רעדט:

מיינע פּרוכטן זיינען ווי איר מויל,
און זים איז זי ווי מיין געשמאַק.
מיינע קערנער — גלייך ווי אירע ציין,
און מיין פורעם איז געגליכן צו׳ן איר ברוסט.

איך בין דער בעסטער בוים פון סאָד —
אייביק לעב איך און פארבלייב די גאַנצע צייט.

וואָס די שוועסטער און דער ברודער טועז
ווען זיי זיינען שכור פון א סך געטראַנקען,
און באַנעצט מיט אוילן און געריכן —
בלייבט אַ סוד אין מיינע צווייגן.

אלע בוימער שטאַרבן אָפּ, פארשווינדן —
נאָר איך אליין פארבלייב.
צוועלף חדשים גרוים איך זיך
אין בלעטער־ציר.

איך שטיי און וואַרף פון זיך די בליטן,
און אַנדערע שפּראָצן שוין אין מיר.

### דער דאנקבארער פייגנבוים

דער פייגנבוים באַוועגט קוים מיטן מויל,
די צווייגן רירן זיך — אָט וואָס זיי זאָגן:
— איך וועל זיך איילן טאָן אַלץ פאר מיין האַרין,
זי איז דאָך אזוי גראַציעז ווי איך.

ווען דינער זיינען ניט פאראַן
בין איך דער שקלאַף.
איך בין די קריגס מתנה
פון געליבטן אַזש אין פלשתים לאַנד.

זי האָט געלאָזט מיך זיצן אין איר גאָרטן,
און גיסט אפילו ניט אויף איר קיין וואסער
ווען מען דאַרף.

איך בין אַנטפּלעקט בלויז
פאַרן צייטפארטרייב.
און פאר דער צייט ווען קיינער טרינקט ניט.

## הערש ראָזענפעלד:

### די קאַלעוואַלע

#### ערשטע רונע

##### דאָס געבורט פון וואַינאַמאָינען

פון אַ שטאַרקער לוסט געטריבן,
פון פאַרשטאַנד אַרויסגעפאָדערט,
בין איך איצטער גרייט צו זינגען,
גרייט איצט מעשות צו דערציילן,
גרייט צו זינגען אונזער שטאַם־ליד,
דאָס געזאַנג פון אַלטע דורות.
ווערטער שטראָמען איצט פון מויל מיר
און עס גליטשן זיך די טענער,
ווילן פון מיין מויל זיך רייסן,
ווילן מיינע ציין מיר עפענען.

* * *

גאָלדענער פריינט, מיין ליבער ברודער!
פון חברים ביזט דער ליבסטער!
לאָמיר איצט צוזאַמען זינגען,
לאָמיר מעשות זיך דערציילן,
זיינען מיר דאָך שוין צוזאַמען,
דורך אַ צופאַל זיך באַגעגנט.
זעלטן טרעפט מען זיך צוזאַמען,
זעלטן גייען מיר צוגאַסט דאָ,
אין דעם לאַנד דעם גרויזאַם־קאַלטן,
אין דעם אָרעמען לאַנד פון צפון.

* * *

לאָמיר ביי די הענט זיך נעמען,
לאָמיר איינפלעכטן די פינגער,
און זיך נעמען פריילאַך זינגען,
און זיך מעשות איצט דערציילן,
זאָלן גוטע מענטשן הערן,
זאָל דער דור, וואָס וואַקסט איצט, הערן.
כ׳קען פון קינדהייט נאָך די ווערטער,
און פון אַלטע אַלטע ציטן,
קומען אַלע מיינע לידער,
און עס נעמען זיך די מעשות
פון דעם וואַינאַמאָינען־גאַרטל,
פון דער אילמאַרינען־קוזניע,
פון דעם שווערד פון קאָוקאָמעלי
פון דעם בויגן יאוקאַהיינען׳ס
פון די ברייטע נאָרדלאַנד־פעלדער,
פון די קאַלעוואַלאַ טאָלן.

* * *

אָט־די לידער האָט מיין פאָטער,
האָט מיין גוטער אַלטער פאָטער
נאָך געזונגען ביי זיין אַרבעט,
און מיין ליבע גוטע מוטער
האָט געדרייט דאָס פלינקע שפינדל
און די לידער מיך געלערנט,
ווען איך בין אַ קינד געוועזן,
בעת איך בין אַרומגעקראָכן,
אַף דער הוילער ערד געפויזעט.

* * *

ס׳פעלט דאָ ניט קיין צויבער־מעשות,
מעשות, וועגן סאַמפּאָ־כישוף,
מעשות, וועגן לאָוהיס שפּרוכן.
אין געזאַנג ווערט אַלט די סאַמפּאָ,
לאָוהי הערט אויף כישוף אָפּטאָן,
אין דעם ליד גייט אויס וויפּונען,
ביי דעם שפּיל שטאַרבט לעמינקיינען.
און פיל אַנדערע לעגענדעס,
און פיל כישוף־שפּרוכן קען איך,
טייל האָט מען מיך אויסגעלערנט,
טייל האָב איך אַליין געפונען
ביי די זייטן פון די וועגן,
און אַ סך האָב איך געזאַמלט
אין די שמעקנדיקע וועלדלאַך,
טייל האָב איך אַראָפּגעריסן
פון די צווייגן פון די ביימער,
פון די הויכע סאָסנע־שפּיצן,
פיל האָב איך דערשפּירט אין טאָלן
צווישן פלאַנצן, צווישן בלומען,
פיל פאַרנומען האָט מיין אויער
אַף די האָניק־רייכע לאָנקעס,
אַף די גאָלדיק־גרינע בערגלאַך,
וואו איך האָב די שאָף געפּאַשעט,
און געגאַנגען נאָך מוריקקי׳ן,

נאָך מוריקקי׳ן נאָך דער
שוואַרצער,
און דער שיין-געפּלעקטער קימאָ׳ן
זונעס פלעגט דער פראָסט מיר
זינגען,
און די פויגל פון וועלדער
און די כוואַליעס פון די ימים
פלעגן אָפט מיך לידער לערנען.

* * *

און די לידער און די מעשות
פלעג איך אויפקייקלען אין
בינטלאַך,
און זיי פירן אַף די שליטנס,
אַף די שליטנס צו מיין שטיבל,
און אין קעסטעלאַך, מיט קופּער
אויסגעפּלאַסטערטע, באַהאַלטן.

* * *

אָפּגעלעגן אין מיין שטיבל,
דורך די פראָסטיק ווינטער ווינטן,
דיינען זיי אַ צייט אַ לאַנגע,
דורות גאַנצע דאָרט געלעגן;
זאָל איך איצטער אָט-די לידער
פון באַהעלטעניש באַקומען?
זאָל איך אָט-די אַלע קעסטעלאַך,
וועבטער פון די גאָלדענע מעשות,
אַף דעם טיש אָט-איצט צעלייגן,
אונטער די געמאָלטע באַלקנס
אין מיין שטיבל אין דעם אלטן?
זאָל איך עפענען די קעסטעלאַך,
אָנגעפילט מיט צויבער-מעשות?
זאָל איך אָפּקניפּן דעם עק איצט
פון דעם קנויל פון אַלטער חכמה,
און דערציילן אייך אָט-איצטער
די לעגענדעס פון די פאָטערס?

* * *

לאָם איך אויסזינגען אַצינדערט
דאָס געזאַנג פון אַלטע דורות!
זאָל דער אָפּקלאַנג זיך צעטראָגן
ביי דעם ביר, וואָס איך וועל
טרינקען,
ביי דעם ברויט, וואָס איך וועל
עסן;

ווען מען מיר קיין ביר
דערלאַנגען,
ווען קיין ברויט ביים טיש ניט
ליגן,
וועל איך פּאַרט די לידער זינגען
ביי אַ ביסל ריינעם וואַסער;
איך וועל זינגען אָט-די לידער
פאַר דער פרייד פון אונזער אָוונט,
פון דעם לאַנגן נאָרדלאַנד אָוונט,
פאַר דער פרייד פון די פאַרטאָגן,
פאַר דער שיינקייט פון פרימאָרגן.

* * *

אָפט געהערט האָב איך דערציילן,
אָפט געהערט אין לידער זינגען,
אַז ביי אונז פאַלט נאַכט צו
איינזאַם,
און די טעג, זיי שיינען איינזאַם,
אַזוי איינזאַם איז געבאָרן
דער באַרימטער וואַינאַמאָינען,
וואַינאַמאָינען דער מכשף,
ביי זיין מוטער, עטער׳ס טאָכטער.

* * *

גאָר פאַרצייטן האָט אַ מיידל,
האָט אַ שיינע עטער-טאָכטער,
אָפּגעלעבט זיך כמה יאָרן
אין די ברייטע הימל-רוימען,
איבער פרייריס נאָך געקנוילטע.
ביסקל זי איז מיר געוואָרן,
טרויערדיק, אָן האָפענונגען,
אַזוי לאַנג אַליין צו לעבן
אין די ברייטע הימל-רוימען,
אין דער לופטן איבער ים-שוים,
אין דער איינזאַמקייט פון עטער,
און זי איז אַראָפּגעגאַנגען,
צו דעם ים אַראָפּגענידערט;
שוימיק וואַסער — איר געלעגער,
כוואַליעס דיינען אירע קישנס.

* * *

פלוצלונג הויבט זיך אויף אַ
שטורעם,
קומט מיט צאָרן פון דעם מזרח,
שמייסט דעם ים, צעברויזט דאָס
וואַסער,

הויבט די כוואַליעס ביז צום
הימל,
שמייסט די שטערן מיט כוואַליעס,
ביז זיי ווערן ווייס פון כעס.
און דאָס מיידל ווערט
געשליידערט
ווי א שפּענדל אַף דעם וואַסער,
שפּילן מיט איר גרויסע כוואַליעס,
שפּאַסן מיט איר שטורעם-ווינטן,
אַף דעם בלויען וואַסער-רוקן,
אַף דעם ים דעם שוימיק-ווייסן,
אַלע כחות פון די ימים
שפּילן מיט דעם הילפלאָזן מיידל,
מיט דעם הילפלאָז איינזאַם מיידל,
ביז לסוף ווערט זי מעוברת
פון דעם וואַסער, פון די ווינטן.

* * *

אַנגעלאָדן מיט דער משא,
קען דאָס מיידל זיך ניט הויבן
אַף דער פלאַכקייט פון דעם
וואַסער.
זיבן הונדערט יאָר כסדר
האָט דאָס מיידל אַלץ געוואַנדערט,
האָט אין וואַסערן געוואַנדערט;
ניין מאָל לעבן פון אַ מענטשן
איז דאָס מיידל אומגעשוואומען,
און זיך ניט אַרויפגעהויבן
אַף דער פלאַכקייט פון דעם
וואַסער,
איבער אירע שווערע ווייען.
זיבן הונדערט יאָר געליטן
ביז זי האָט אַ זון געבאָרן;
אומגעשוואומען א״ז די מוטער
אָט קיין מזרח, אָט קיין דרום,
און קיין מערב, און קיין צפון,
אומעטום איז זי געשוואומען,
פון דעם שטורעם-ווינט געשראָקן,
אַלץ אין ווייען אומגעשוואומען,
ביז זי האָט אַ זון געבאָרן.

* * *

הויבט די מוטער אָן פון ווייען
לייכט צו כליפּען און צו ריידן,
זיך פון האַרץ אַראָפּצורייידן:
„ווי איז מיר און ווי מיין מזל!
סאַראַ פלאָגעניש און ווייטאָק!
וואו בין איך אַריינגעפאַלן?
וואָס האָב איך מיין היים פאַרלאָזן,
צו באַזעצן זיך אין ים-שוים,
אַז די וועלן זאָלן וואַרפן,
און די ווינטן אַף דעם וואַסער,
אַף די ברייטע וואַסער-שטרעקעס,
זאָלן הוידען מיך און טרייסלען!
וואָלט ניט בעסער דען געוועזן,
אוקקאָ גרויסער, מויד צו בלייבן,
ווי צו טראָגן זיך אין ימים,
ווי צו ווערן וואַסער-מוטער!
דאָ איז קאַלט און טריב דאָס לעבן
און מיין בלאָנקען אַף דעם וואַסער
און מיין וואַנדער איבער ימים,
ברענגט אַף יעדן שריט מיר
ווייטאָק!
אוקקאָ, דו, אָ גאָט דער
העכסטער!
אוקקאָ, טרעגער פון די הימלען!
מיין געבעט פאַרנעם אַצינדערט,
קום אַהער, דיין הילף איז נייטיק,
קום אַהער און העלף מיר
איצטער
זיך באַפרייען פון די צרות,
אויסצולייזן זיך פון ווייען!
קום געשווינד, אייל צו זיך
שנעלער,
שנעלער נאָך, ווי איך באַדאַרף
דיך!"

* * *

ווי די ענדיקט נאָר צו בעטן,
ניט פאַרגאַנגען נאָך קיין רגע,
ערשט עס פליט אַ שיינע ענטל,
לאָזט זיך צו דער וואַסער-
מוטער,
פלאַטערט אום און זוכט און
נישטערט,
זוכט א פלאַץ אַף אָפּצורוען,
ערגעץ וואו אַ נעסט צו בויען,
פליט קיין מזרח, פליט קיין
מערב,
לאָזט קיין צפון זיך, קיין דרום,
זעט אין ערגעץ ניט קיין בערגל,

קען קיין זיבער פּלאַץ געפינען;
און זי פליט און פליט פּאַמעלאַך
קוקט און זוכט אַף אַלע זייטן —
נאָר נישטאָ וואו אָפּצורוען.
הויבט זיך אָן צו טראַכטן, קלערן,
הויבט אַליין צו זיך אָן ריידן
אַף אַ קול אַזוינע ווערטער:
„וועל איך נעסט אַף ווינט זיך בויען?
אַף די וואַסערן מיין רו־פּלאַץ?
וועט דער ווינט מיין נעסט צעשטערן,
וועלן כוואַליעס זי פאַרשווינקען."

* * *

ערשט די שיינע עטער־טאָכטער,
די נים־מזל׳דיקע מוטער,
שטעקט איר קני אַרויס פון וואַסער,
הויבט די פּלייצעס פון די כוואַליעס:
זאָל אַ נעסט דאָס ענטל בויען,
אַף אַ רואיק פּלאַץ פאַרוויילן.
פליט דאָס ענטל צו פּאַמעלאַך,
זעט די פּלייצעס פון דעם מיידל,
מערקט די קני פון עטער׳ס טאָכטער,
נעמט זיי אָן פאַר גרינע בערגלאַך
אַף דעם בלויען וואַסער־רוקן,
און זי שוועבט אַרונטער לאַנגזאַם,
זעצט זיך אַף דער קני אַנידער,
הויבט אַ נעסט פאַר זיך אָן בויען,
און געפינט אַ פּלאַץ זיך דאָרטן,
וואו צו לייגן אירע אייער;
לייגט זי זעקס פון לויטער גין־גאָלד
און דאָס זיבעטע פון אייזן;
זעצט אַנידער זיך דאָס ענטל
אַף די אייער זיי צו בריען,
זיצט זי איין טאָג און אַ צווייטן,
און דעם גאַנצן טאָג דעם דריטן.
הויבט דאָס מיידל אָן צו שפּירן,
אַז דאָס וואַסער ווערט אַלץ הייסער,
אַז איר הויט הויבט אָן צו ברענען,
און די אָדערן, זיי גליען.
טוט זי האַסטיק זיך אַ טרייסל,
טוט אַ שאָקל אירע קניעס —
פאַלט די נעסט פון איר אַרונטער,
און די אייער — גלייך צום אָפּגרונט
און צעברעכן זיך אַף שטיקלאַך.

* * *

אין דעם זאַמד ניט אומגעקומען,
אין דעם וואַסער ניט פאַרלוירן,
נאָר מיט וואונדערלאַכער שיינקייט
קומען זיך די שטיק צוזאַמען
און באַהעפטן זיך אין העלפטן,
אין צוויי שיינע, גלייכע העלפטן,
איין העלפט אויבן, איינע — אונטן;
פון דער העלפט, וואָס ליגט פון אונטן
ווערט דאָ, אונטן, ערד באַשאַפן,
פון דער אויבערשטער, דער צווייטער,
וועלבט זיך אויס דער הימל אויבן.
פון דעם שטיקל געלכל אויבן
הויבט די זון דאָרט אָן צו שטראַלן,
פון דעם שטיקל ווייסכל דאָרטן
שיינט אַראָפּ צו אונז לבנה,
פון די טיילכעלאַך די העלע
ווערן שטערן אַף דעם הימל,
און פון אַלע טונקעלע טיילן
ווערן וואָלקן אין דער לופטן;
און די טעג, זיי שווינדן איילִיק,
און עס קייקלען זיך די יאָרן,
פון דער יונגער זון באַלויכטן,
פון לבנה־שיין באַגאָסן.

* * *

און די שיינע עטער־טאָכטער
שווימט נאָך אַלץ אַרום אין וואַסער

אַף די שלעפּערדיקע כוואַליעס,
אַף די נעבלדיקע פלאַכן.
פאַר זיך האָט זי וואַסער־
שטרעקעס,
איבער זיך—דעם בלויען הימל.

* * *

ענדלאַך, אין דעם נײַנטן יאָר
ערשט,
פּונקט אַרום דעם צענטן זומער,
הויבט זי אויף איר קאָפּ פון
וואַסער,
הויבט דעם שטערן פון די
כוואַליעס,
און זי נעמט זיך צו דער אַרבעט,
פאַנגט ערשט איצטער אָן צו
שאַפן,
אַף דעם רוקן פון די ימים,
אַף די בלויע וואַסער־שטרעקעס;
וואו זי טוט איר אָרעם הויבן —
דאָרטן וואַקסן גלײַך אויס
בערגלאַך,
וואו זי טוט איר פוס נאָר
שטעלן —
ווערן לעבער פאַר די פישן,
וואו זי טוקט זיך נאָר
אַרונטער —
דאָרטן שפּרייטן זיך די טיפן,
וואו זי ציט זיך אַף אַ זייט
אויס —
הויבן זיך דאָרט פלאַכע ברעגן,
שטרעקט איר פוס זי צו יבשה —
ווערן גריבער פאַר די
לאַקס־פיש,
ווענדט איר קאָפּ זי צו יבשה —
ווערן דאָרטן ברייטע בוכטן,
שווימט זי אָפּ פון ברעג אַביסל,
רוט אַ ווײַלע אַף איר רוקן —
ווערן ריפן דאָרט פאַרבאָרגן,
וואו עס גייען אונטער שיפן
און מיט זיי אַזוי פיל לעבנס.

* * *

שוין באַשאַפן זיינען אינזלען,
אין דעם ים באַפעסטיקט פעלזן,
פעסטגעשטעלט די הימל־זײַלן,
שוין באַשאַפן פעלדער, וועלדער,
און קאָלירנדיקע שטיינער,
וואָס זיי פינקלען אין דעם זון־
שיין,
נאָר דער זינגער וואַינאַמאָינען
איז געווען נאָך ניט געבאָרן.

* * *

וואַינאַמאָינען, העלד און זינגער,
ליגט אין בויך נאָך פון זײַן
מוטער
דרײַסיק זומערן כסדר,
ליגט אָפּ ווינטערן אויך דרײַסיק
אַף די שטילע וואַסער שטרעקעס,
אַף די ווייכע ימים־כוואַליעס,
טראַכט און קלערט און זוכט
זיך עצות,
ווי צו לעבן און געדייען,
אין דער איינגשאַפּט, אין דער
פינצטער,
וואו ער קען קיין זונליכט זעען,
קיין לבנה־שיין ניט מערקן.

* * *

הויבט ער אָן אַזוי צו ריידן,
און אַזוי לאָזט ער זיך הערן:
„פיר אַרויס מיך, אָ לבנה,
פיר מיך, זון, איך בעט דיך
איצטער,
פיר ארויס מיך, בער פון הימל,
דורך די אומבאקאנטע טירן,
דורך די טויערן, די פרעמדע,
פון מיין קליינער איינגער
וואוינונג,
פון מיין חושב'דיקער תפיסה,
איך זאָל קענען פריי ארומגיין,
אַף דער ערד און אַף די אינזלען,
אָוונט צייט לבנה זעען,
און בייטאָג די זון באַטראַכטן,
אַף דעם בער אין הימל קוקן.

* * *

נאָר די זון וויל אים ניט העלפן,
און לבנה ניט באַפרייען,
און דער בער קיין הילף ניט געבן.

און זײַן לעבן איז צו לאַסט אים,
און פֿאַראומערט איז ער
שטענדיק,
ברעכט ער אויף די שמאָלע טירן
פֿון זײַן חושכ'דיקער תּפֿיסה
מיט זײַן פֿינגער מיט דעם פּערטן;
אָף די שפּיצן פֿינגער זײַנע
פֿון די הענטלאַך און די פֿיסלאַך
שפּאַרט ער דורך זיך דורך
דעם טויער,
שטעלט אַוועק זיך אָף די קניעס,
טאַנצט אַרײַן אין טיפֿן וואַסער,
שפּרינגט אַרום אָף אַלע זײַטן,
שווימט קיין דרום און קיין צפֿון,
שווימט קיין מזרח און קיין מערבֿ,
און באַקוקט זײַן נײַע סבֿיבֿה.

* * *

אָט אַזוי איז ער געקומען,
איז דער העלד אַרײַן אין וואַסער,
אַ יאָר פֿינף האָט ער גערוט דאָרט,
פֿולע זעקס און אפשר זיבן,
און אין הארבסט פֿון אַכטן יאָר
ערשט,
לאָזט ער זיך אַרויס פֿון וואַסער,
לאָזט זיך צו די הויכע ברעגן,
צו די וויסטע פּוסטע ברעגן;
מיט זײַן רעכטן פֿוס אַ פֿריער
הויבט ער אויף זיך פֿון דעם
וואַסער,
קריכט אַרויף אָף דער יבשה,
שטעלט זיך אויף, כּדי צו זען
די לבֿנה אַלע אָוונט,
און בײַ־טאָג די זון באַטראַכטן
און דעם בער, און אַלע שטערן.

* * *

אָט אַזוי איז וואַינאַמאָינען,
אונזער גרויסער העלד און
זינגער,
וואָס געבוירן צו זײַן מוטער,
צו דער שיינער עטער־טאָכטער,
אָף דער וועלט צו אונז געקומען.

## מאיר שטיקער:

### אראבישע לידער

א

אזוי ווי די מוראשקע האָט געבראַכט צום קיניג שלמה
די פיסלאַך פון א היישעריק פאר א מתנה —
אַזוי ברײנג איך דיר, געליבטע, מײן האַרץ.
איך האָב אַוועקגלײגט מײן קאָפּ און מײן האַרץ
באַם שוועל פון דער טיר פון דײן ליבע —
טרעט צאַרט, קינד.

ב

דאָס זאַמד איז ווי א פאַס מילך
אויסגעגאָסן אונטערן לבנה ליכט.
עס שפרייט זיך נעבן דיינע פיס
ווי ווײן וואָס קומט פון ווייסע שטערן.

ג

ווען איך האָב געקושט דעם שוואַרצן שטײן
האָבן מיך ארומגערינגלט פרײנטלאַכע פרויען.
זיי זײנען געקומען תפלה טאָן מיט פאַרהילטע פנימ'ער.
דערנאָך האָבן זיי אָפּגעדעקט די שלייערס און געזאָגט צו מיר:
— דער טויט פון דער נשמה איז אין דײן קוק אויף אונז.

**א. אלמי :**

## בודהא׳ס געבורט *)

אין קאפילאוואסטו האט געהערשט א סאקיא־קעניג—א יורש פון די איקשוואקוס, וואס ווערן אנגערופן גאטאמא — און זיין נאמען איז געווען סודהאדאנא. סודהאדאנא האט געהאט א ווייב מיט׳ן נאמען מאיא־דעווי, שיין ווי די וואסער־ליליע און ריין אין אירע מחשבות ווי די לאטוס. מאיא־דעווי איז געווען די מלכה פון הימל, וואס לעבט אויף דער ערד. פריי פון גלוסטונגען, געאכט פון איר מאן פאר איר אומבאפלעקטער הייליקייט. דער גייסט פון ווארהאפטיקייט האט אראפגענידערט אויף איר; און ווען זי האט געשפירט, אז זי דארף א קינד געבערן, האט זי געבעטן מ׳זאל זי שיקן צו אירע עלטערן — און סודהאדאנא האט איר בקשה באוויליקט.

מאיא־דעווי איז אויף איר רייזע געקומען אין א פרעכטיקן גארטן, וואס זיינעביימער האבן געטראגן דופטנדיקע בלומען און אין די צווייגן האבן מיריאדן פייגל געזונגען. זי איז אראפ פון איר גאלדן טראג־בעט און שפאצירט דורך די שאטנדיקע שטעגן, ביז זי איז צוגעקומען צום גרויסן בוים סאלא, אין מיטן גארטן. דא האט זי דערפילט, אז איר שעה איז געקומען, און זי האט גערופן אירע באדינערינס, וועלכע האבן אויף די צווייגן א פארהאנג ארום איר פארצויגן.

אז דאס קינד איז געבוירן געווארן, האבן פיר מלאכים פון הימל אויסגעשפרייט א גאלדענע נעץ אויפצונעמען עס, זאגנדיק דערביי : „פריי זיך, א, קעניגין, א מעכטיקער זון איז דיר געבוירן געווארן". אז אלטע פרוי, וואס איז לעבן איר געשטאנען, האט תפלה געטאן דער הימל זאל בענטשן דאס קינד.

בעת׳ן געבורט פון דעם קינד זיינען אלע וועלטן פארפלייצט געווארן פון ליכט. די בלינדע האבן באקומען זייער שיין ביי דער אנקומענדיקער גלאריע פון גאט ; די טויבע און די שטומע האבן גערעדט וועגן דעם געבורט פון קומענדיקן בודהא ; די קרומע זיינען גלייך געווארן, די לאמע זיינען געגאנגען, די געפאנגענע זיינען פריי געווארן.

די בלאטיקע שטראמען זיינען געווארן ריין ; הימלישע מוזיק האט אנגעפילט די לופט און די גייסטער פון הימל האבן געיובלט מיט פרייד.

די געשרייען פון די חיות זיינען איינגעשטילט געווארן ; אלע באשעפענישן זיינען דורכגענומען געווארן פון ליבע ; פרידן האט זיך אויף דער ערד אויסגעשפרייט.

בלויז מארא, דער בייזער גייסט, האט זיך נישט געוואלט פרייען.

עס זיינען די נאנא־הערשער געקומען צו גריסן דעם בודהא און געבראכט מיט זיך מאנדארא־בלומען.

סודהאדאנא האט געטראכט איבער די דאזיקע צייכנס, אט אנגע־

---

*) אן איבערזעצונג פון די וויכטיקסטע טיילן פון די בודהיסטישע הייליקע שריפטן, לויט קארוס.

פילט מיט פרייד און באַלד מיט אַ באַטריבט געמיט. דאָס האַרץ מאַיאַ־דעווי'ס, וועלכע האָט איבער איר קינד געוואַכט, איז באַשוועערט געוואָרן.

אין אַ וואַלד לעבן לומביני האָט געוואוינט אַ רישי *), וואָס האָט געפירט אַ לעבן פון אַ נזיר, אַ בראַהמין, באַרימט מיט זיין חכמה — און ער איז געקומען זען דאָס קינד; און ווען ער האָט דאָס קינד געזען, האָט ער געוויינט.

„פאַרוואָס האָט דער אַנבליק פון מיין זון אין דיר שמערץ ארויס־גערופן?" — האָט דער קעניג געפרעגט.

אָבער אַסיטאַ, דער נזיר, האָט געוויינט פון פרייד און נישט פון שמערץ, און ער האָט צום קעניג געזאָגט:

„דער קעניג, ווי די לבנה בעת זי איז פול, דאַרף אַנגעפילט זיין מיט אַ גרויסער פרייד, ווייל באַשאַנקען איז ער געוואָרן מיט אַ וואונדערלאַכן זון. איך בין נישט מתפלל צו בראַהמאַ. איך בין מתפלל צו דעמדאָזיקן קינד; און די געטער אין די טעמפּלען וועלן זייערע ערן־ערטער פאַרלאָזן אין זיין כבוד. פאַרטרייב פון זיך אַלע שרעקן. דאָס קינד, וואָס איז איצט געבוירן געוואָרן, וועט ברענגען דערלייזונג צו דער גאַנצער וועלט.

„ווייל איך וויים, אַז איך אַליין בין אַלט, קאָן איך נישט צוריק־האַלטן מיינע טרערן, וואָרים מיין סוף דערנענטערט זיך און איך וועל ניט זען די גלאָריע פון דעם קינד, ווייל דיין זון וועט רעגירן די וועלט. דער סצעפּטער פון דער אימפּעריע וועט זיין זיינער; ער וועט הערשן אויף די לענדער פון דער ערד; ער וועט ווערן אַ בודהאַ; ער איז געבוירן פאַר'ן גליק פון אַלע, וואָס לעבט.

„זיינע לויטערע לערן וועלן זיין ווי דער האַפן, וואָס נעמט־אויף דעם שיף־ברוך. זיינע געדאַנקען וועלן זיין ווי די קילע וואַסערן; און אַלע די, וואָס זיינען דורכגענומען פון שלעכטע פאַרלאַנגען, וועלן פון זיי פריי טרינקען.

„אויפ'ן פלאַקערדיקן פייער פון האַבזיכטיקייט וועט ער ארויסלאָזן די וואָלקנס פון ליבע, כדי דער רעגן פון גערעכטיקייט זאָל עס אויסלעשן. די טויערן פון האָפנונגסלאָזיקייט וועט ער עפענען; ער וועט ברענגען באַ־פרייאונג צו די, וואָס זיינען אין נאַרישקייט און אומוויסנהייט געפאַנגען. ער קומט אויסצולעזן פון זייער קנעכטשאַפט די אָרימע, די פאַרשטוי־סענע, די הילפלאָזע."

ווען דער קעניג און די קעניגין האָבן געהערט די ווערטער אַסיטאַ'ס, האָבן זיי זיך געפרייט אין זייערע הערצער, און גערופן זייער קינד „סיד־האַרטאַ", וואָס דאָס מיינט: „ער, וואָס דערגרייכט זיין צוועק".

דאַמאָלט האָט די קעניגין געזאָגט צו איר שוועסטער, פּאַדזשאַפּאַטי: „אַ מוטער, וואָס האָט געבוירן אַ בודהאַ, וועט קיינמאָל ניט געבערן אַן אַנדער קינד. איך וועל באַלד פאַרלאָזן דידאָזיקע וועלט, מיין מאַן דעם

*) אַ הייליקער, אַ חוזה.

קעניג און סידהאַרטאַ, מיין קינד. ווען איך וועל נישט זיין, זאָלסט דו זיין אַ מוטער צו אים".

און פּאַדזשאַפּאַטי האָט געוויינט און צוגעזאָגט.

ווען די קעניגין האָט זיך אָפּגעשיידט פון די לעבעדיקע, האָט פּאַדזשאַפּאַטי גענומען סידהאַרטאַ און אים אַוועקגעטראָגן. און אַזוי ווי דאָס ליכט פון דער לבנה ווערט גרעסער ביסלאַכווייז, אַזוי איז דאָס קינד געוואַקסן טאָג נאָך טאָג, אין פאַרשטאַנד און אין גוף; און אמת און ליבע האָבן געלעבט אין זיין האַרץ.

דער פּרינץ סידהאַרטאַ

אַז דער פּרינץ סידהאַרטאַ איז אויסגעוואַקסן צו יונג-מאַנלאַכקייט, האָט זיין פאָטער באַגערט ער זאָל חתונה האָבן; ער האָט דערפאַר באַפוילן אַלע זיינע קרובים, די עלצטע, צו ברענגען זייערע טעכטער, די פּרינצעסינס, דער פּרינץ זאָל זיך אַ ווייב קלייבן. נאָר די עלצטע האָבן געזאָגט:

„דער פּרינץ איז יונג און דעליקאַט; ער איז אויך נישט געלערנט געוואָרן. ער וועט נישט אימשטאַנד זיין אַ פּרינצעסין אויסצוהאַלטן, און זאָל אַ מלחמה אויסברעכן, וועט ער נישט קענען אַנטקעגנקומען דעם שונא".

סידהאַרטאַ האָט ליב געהאַט צו זיצן אונטער דעם גרויסן דזשאַמבו-בוים אין גאָרטן פונם פּאַלאַץ, און דאָרט זיך פאַרטיפן אין די וועגן פון דער וועלט. ער האָט געזאָגט צום פאָטער: „אַכטאַראַפּ אונזערע קרובים זיי זאָלן אויספּרובן מיין געלערנטזאַמקייט"; און דער פאָטער האָט געטאָן ווי זיין זון האָט אים געבעטן.

ווען די געסט זייענען אָנגעקומען און דאָס פאָלק פון קאַפּילאַוואַסטו האָט זיך פאַרזאַמלט צו פּרובן די כחות און די געלערנזאַמקייט סידהאַרטאַ'ס, האָט ער באַוויזן, אַז ער איז דערהויבן איבער אַלעמען, סיי מיט זיין גבורה און סיי מיט זיין שכל, אַזוי אַז עס איז קיינער נישט געווען, וואָס זאָל זיך מיט אים קענען פאַרמעסטן. ער האָט מיט קלוגשאַפט אויף די פראַגן פון די חכמים געענטפערט; און ווען ער האָט זיי נעפרעגט, האָבן די קלוגסטע צווישן זיי געשוויגן.

דאַמאָלט האָט סידהאַרטאַ זיך אַ ווייב אויסגעקליבן. זיין אויסוואַל איז געפאַלן אויף זיין שוועסטער-קינד יאַסאָדהאַראַ, די טאָכטער פון דעם קעניג פון קאָלי. צו זיי איז אַ זון געבוירן געוואָרן, וועמען זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן ראַהולאַ, וואָס דאָס מיינט „אַ קנופּ" און סודהאָדאַנאַ דער קעניג האָט געזאָגט:

„דער פּרינץ איז מיט אַ זון געבענטשט געוואָרן, און איך וועל אים ליב האָבן אַזוי ווי איך האָב ליב דעם פּרינץ. דאָס וועט זיין אַ קנופּ, וואָס וועט בינדן סידהאַרטאַ'ס האַרץ צו די אינטערעסן פון דער וועלט און דאָס

קעניגרייך פון די סאַקיאַס וועט פאַרבלייבן אונטער דעם סצעפּטער פון מיינע אבות."

קיין אייגנליבע איז נישט געווען אין זיינע כוונות, מיט ליבשאַפט צו זיין קינד און צום פאָלק, האָט סידהאַרטאַ געבאָדן זיין לייב אין דעם גאַנגעס און געריייניקט זיין האַרץ אין די וואַסערן פון גערעכטיקייט. אַזוי ווי עלטערן ווילן פאַרשאַפן גליק זייערע קינדער, אַזוי האָט ער געגאַרט צו ברענגען רו אויף דער וועלט.

די דריי אומגליקן

דער קעניג האָט דעם פּרינץ אָפּגעגעבן אַ פּאַלאַץ, וואָס איז פאַרזאָרגט געווען מיט אַלע רייכקייטן פון אינדיע. אַלע טרויעריקהאַפּטיקע אָנבליקן, אַלע בילדער און וויסן פון מענטשלאַכע ליידן זיינען פאַרהוילן געוואָרן פונ'ם פּרינץ, ווייל עס איז דעם קעניג'ס באַגער געווען, אַז נישט באַוואוסט זאָלן אים זיין קיין שום צער אָדער בייז.

אָבער אַזוי ווי דער געפאַנגענער עלפאַנט בענקט נאָך די ווילדערנישן פון דעם דזשאַנגל, אַזוי האָט סידהאַרטאַ געגאַרט צו זען די וועלט; און ער האָט אַ דערלויבעניש דערויף געבעטן זיין פאָטער. סודהאָדאַנאַ האָט זיין זונ'ס פאַרלאַנג באַוויליקט און ער האָט באַפוילן, אַז אַ רייטוואָגן מיט פיר פערד־געשפּאַן זאָל גרייט זיין, און באַפוילן האָט ער אויך, אַז די וועגן, דורך וועלכע דער פּרינץ וועט דורכפאָרן, זאָלן אויסגעצירט זיין.

די געביידן פון דער שטאָט זיינען אויסגעפּוצט געוואָרן מיט פאַרהאַנגען און פאָנען, און צושויער האָבן זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן; און סידהאַרטאַ איז געפאָרן מיט גהאַנאַ דעם אָנטרייבער דורך די גאַסן און דורך לענדערייי באַוואַסערט פון טייכן און באַדעקט מיט וועלדער.

אויפ'ן וועג האָבן זיי אָנבאַגעגנט אַן אַלטן מאַן מיט אַ געהויקערטן גוף, אַ געשרומפּטן פּנים און שווערע ברעמען; און סידהאַרטאַ האָט געפרעגט גהאַנאַ'ן: „ווער איז דאָס? זיין קאָפּ איז ווייס, זיינע אויגן זיינען פאַרזונקען, זיין קערפּער איז פאַרוויאַנעט; און ער קאָן זיך קוים האַלטן אויף זיין שטעקן".

און גהאַנאַ האָט געענטפערט: „דאָס זיינען די צייכנס פון עלטער. דערדאָזיקער מענטש איז אַמאָל געווען אַ זויג־קינד, און דאַן אַ יונגערמאַן, פול מיט כח; איצט איז זיין יוגנט אַנטרינען, און דער כח פון זיין גוף האָט זיך אָפּגעטאָן"

סידהאַרטאַ האָט זיך פאַרטראַכט איבער דעמדאָזיקן אומהיימלאַכן אָנבליק און צום סוף האָט ער געזאָגט: „ווי קענען מענטשן האָבן פרייד אין לעבן, אַז זיי מוזן באַלד פאַרוועלקן און פאַרדאַרבן?"

ווי זיי זיינען אַזוי ווייטער אַוועק, האָט זיך אויפ'ן וועג געוויזן אַ קראַנקער מאַן, מאַטערנדיק זיך דעם אָטעם צו כאַפּן און קרעכצנדיק פון

יסורים. סידהאַרטאַ האָט געפרעגט גהאַנאַ'ן : „וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז דאָס ?"

און גהאַנאַ האָט געענטפערט : „דערדאַזיקער מאַן איז קראַנק. אַלע מענטשן זיינען אונטערגעוואָרפן צו קראַנקהייט, די אָרימע ווי די רייכע, די אומוויסנדע ווי די חכמים. אַלע, וואָס האָבן קערפּערס, קענען קראַנק ווערן".

און סידהאַרטאַ האָט געטראַכט : „ווי נישטיק זיינען די תענוגים פון לעבן".

אַביסל ווייטער האָבן זיי אָנבאַגעגנט פיר מענער טראָגנדיק אַ מת. סידהאַרטאַ, זעענדיק דאָס ערשטע מאָל אַ לעבלאָזן קערפּער, האָט גע־פרעגט : „וואָס איז דאָס, וואָס זיי טראָגן ? איך זע בענדער און גאַרלאַנדן בלומען, אָבער די מענטשן זיינען איבערפולט פון שמערץ".

גהאַנאַ האָט געענטפערט : „דאָס איז אַ טויטער מענטש ; דאָס לעבן איז אַרויס פון אים ; זיינע ליפן זיינען פאַרשטומט ; די, וואָס האָבן אים געליבט, וועלן אים באַגראָבן".

„איז דאָס דער איינציקער טויטער, אָדער עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט נאָך אַזעלכע, וואָס זיינען טויט ?"

„איבער דער גאַנצער וועלט שטאַרבן מענטשן, — האָט געענטפערט גהאַנאַ, — אַלע די, וואָס ווערן געבוירן, מוזן שטאַרבן. מ'קאָן נישט אַנט־לויפן פון טויט".

ביי דידאָזיקע ווערטער האָט סידהאַרטאַ אויסגערופן : „אָ, מענטשן פון דער וועלט ! ווי נישטיק זיינען אייערע אילוזיעס ! אייער גוף וועט ווערן שטויב, און דאָך ווי אומבאַרעכנט לעבט איר אייערע לעבנס !"

זעענדיק וואָס פאַראַ טיפן רושם דידאָזיקע אָנבליקן האָבן געמאַכט אויף סידהאַרטאַ'ן, האָט גהאַנאַ זיך פאַרקירעוועט אויף צוריק צום שטאָט. אַזוי ווי זיי זיינען פאַרבייגעפאָרען די פּאַלאַצן פון די אַדלליט, האָט קיסאַ גאַטאַמי, אַ יונגע פּרינצעסין און אַ פּלימעניצע דעם קעניג'ס, אויס־גערופן :

„גליקלאַך זיינען די, וואָס האָבן געפונען דערלייזונג, גאַרנדיק רו. איז די מוטער, וואָס האָט דיך געפּלעגט ; גליקלאַך איז די פרוי, וואָס רופט דיך „מאַן" !

הערנדיק דידאָזיקע באַגריסונג האָט דער פּרינץ געענטפערט :

„גליקלאַך זיינען די, וואָס האָבן געפונען דערלייזונג, גאַרנדיק פרידן, וועל איך זוכן דאָס גליק פון נירוואַנאַ."

און קיסאַ גאַטאַמי האָט געפרעגט : „ווי ווערט נירוואַנאַ דער־גרייכט ?" און דאַן האָט זי ווייטער געזאָגט : „ווען דאָס פייער פון גלוס־טיקייט איז איבערגעשטאַרקט, דאַמאָלט איז נירוואַנאַ דערגרייכט ; ווען די פייערן פון האַס זיינען אויסגעלאָשן, דאַמאָלט איז נירוואַנאַ דער־

גרייכט; ווען די קומער און די שרעקן פון דער נשמה, וואָס שטייגן־אויף פון אומוויסנהייט און לייכטגלויביקייט, און ווען די שלעכטע מחשבות טוען זיך אָפּ, דאַמאָלט איז נירוואַנאַ דערגרייכט."

סידהאַרטאַ האָט אונטער'ן רושם פון אירע רייד, איר געגעבן זיין פּערל־האַלזבאַנד, וואָס ער האָט געטראָגן; און ווען ער איז אַהיים געקומען האָט ער מיט פאַראַכט געקוקט אויף די אוצרות פון זיין פּאַלאַץ. צו זיין ווייב האָט ער געזאָגט: „איך האָב געזען דאָס געזעץ פון באַשטענדיקער ענדערונג. מענטשן ווערן אַלט, קרענקען און שטאַרבן. וואָס פאַרא באַטרעף האָבן דעריבער די פאַרגעניגנס?"

דער פּרינץ גייט אוועק

עס איז געווען נאַכט. דער פּרינץ האָט נישט געפונען קיין רו. ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַריין אינ'ם גאָרטן פון זיין פּאַלאַץ. „וויי, האָט ער געזאָגט, די וועלט איז פול מיט פינצטערניש און יסורים".

זיצנדיק אונטער דעם גרויסן דזשאַמבו־בוים האָט ער געטראַכט איבער לעבן און טויט. ער האָט געזען דעם עלנט און דעם טרויער אין דער וועלט; און אַ שטאַרק רחמנות האָט אָנגעפילט זיין האַרץ. פאַרזינקנדיק אין די טראַכטונגען וועגן לעבן, זיינען די שלעכטע באַגערן אוועק.

זיצנדיק אונטער'ן דזשאַמבו־בוים איז דערשינען פאַר דעם גאָטאַמאַ אַ הערלאַכע געשטאַלט, מאַיעסטעטיש, רואיק און ערווירדיק.

„פון וואַנען טוסטו קומען, און ווער ביסטו?" האָט געפרעגט דער פּרינץ.

און די דערשיינונג האָט געזאָגט: „איך בין סראַמאַנאַ *). איך זוך דעם וועג פון רו. אַלע זאַכן פאַרגייען. בלויז דער אמת בלייבט אייביק. אַלצדינג ענדערט זיך; נישטאָ קיין באַשטענדיקייט. בלויז די רייד פון די בודאַ'ס פאַרגייען קיינמאָל נישט."

גאָטאַמאַ האָט געפרעגט: „קאָן מען געפינען רו? איך האָב געזען די פּוסטקייט פון פאַרגעניגן, דעם סם פון גלוסטיקייט. די וועלט מאַכט מיך נידערגעשלאָגן; דאָס לעבן זעט אויס אומדערטרעגלאַך."

דער סראַמאַנאַ האָט געענטפערט: „וואו ס'איז דאָ היץ, דאָרט קאָן אויך זיין קעלט; וואו ס'איז דאָ פּיין, דאָרט קאָן אויך זיין פאַרגעניגן; פון בייז קאָן אויך גוטס אַרויסקומען. וואו ס'זיינען דאָ יסורים, דאָרט קאָן אויך זיין פרייד, אויב דו טוסט עס נאָר זוכן, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין שמוץ, דאַרף זוכן די לויטערע וואַסערן, באַדעקטע מיט דער לאָטוס, אַזוי אויך זאָלסטו זוכן די אייביקע וואַסערן פון נירוואַנאַ צו טובל'ן דיין נשמה".

דער פּרינץ איז, הערנדיק דידאָזיקע רייד, פול געוואָרן מיט פרייד.

---

*) אַ נזיר.

„דו ברענגסט מיר גוטע בשורות, — האָט ער געזאָגט, — ווייל איצט ווייס איך, אַז מיין צוועק וועט דורכגעפירט ווערן. איצט איז די שעה געקומען אויסצובינדן אַלע קנופּן, וואָס בינדן מיך, כדי איך זאָל קענען זוכן דאָס ליכט; איצט איז די צייט צו זוכן דעם וועג פון דערליי־זונג“.

ביי די ווערטער דיראַזיקע האָט דער סראַמאַנאַ זיך געפרייט און גע־רעדט:

„גיי, סידהאַרטאַ גאַטאַמאַ און דערגרייך דיין צוועק, וואָרים דו ביסט דער בודהאַ, אַ ליכט פאַר דער וועלט, דו ביסט טאַטהאַגאַטאַ, דער גרוי־סער לערער; דו וועסט זיין דהאַרמאַראַדזשאַ, דער קעניג פון אמת; דו ביסט בהאַגאַוואַט, דער געבענטשטער; דו ביסט אויסגעוויילט צו זיין דער דערלייזער פון דער וועלט. גיי, זוך דעם אמת; און כאָטש די אימה נידערט אַראָפּ אויף דיין קאָפּ, גיב זיך נישט אונטער צו די נסיונות, וואָס פירן אַראָפּ פון גלייכן וועג. אַזוי ווי די זון האַלט זיך אייביק ביי איר באַשטימונג, אַזוי האַלט זיך דו אויפ'ן וועג פון אמת, ווייל דו ביסט בודהאַ, דער באַלייכטער“.

די דערשיינונג איז פאַרשוואונדן. סידהאַרטאַ'ס נשמה איז איבער־פולט געווען מיט רו. די אייגענע נאַכט האָט דער פּרינץ, נאָכדעם ווי ער האָט געוואָרפן איין געזעגנונגס־בליק אויף זיין שלאָפנדיק ווייב און קינד, לאַזנדיק אַלץ הינטער זיך, פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ, דורך דער גאָרטן־טיר. ביים טויער איז געשטאַנען מאַראַ, דער בייזער גייסט. און ער האָט גע־זאָגט: „גיי נישט אַוועק, אָ, מיין האַר, אין זיבן טעג אַרום וועט די אימ־פּעריע זיין אין דיינע הענט“.

און דער פּרינץ האָט געענטפערט: „נישט קיין הערשאַפט איז דאָס, וואָס איך באַגער; איך וועל ווערן אַ בודהאַ. אַ ליכט פאַר דער וועלט“.

ל. לעהרער :

פילאָמיטאָלאָגיע (בייטראג צו דער פאָרשונג פון קינדער פּסיכאָלאָגיע).

א. העריטאָן :

צייכנונגען צו קינדער מעשות.



ל. לעהרער:

פילאָמיטאָלאָגיע.

.1

פאַראַן איין גרויסע שוועריקייט אין יעדער באַטראַכטונג וועגן דער פילאָמיטישער1) אנטוויקלונג פון קינדער מיט דער הילף פון קינדער ליטעראַטור. אַט די שווערקייט האָט אונז תמיד פאַרפירט אין פאַרפּלאָנטערטע וועגן און אונז געבראַכט צו אומזיכערע רעזולטאַטן. די שוועריקייט באַשטייט דעריין, וואָס סיי די שאַפונג און סיי די קריטיק פון קינדער־ליטעראַטור ליגט ניט אין די הענט פון קינדער. אַז קינדער זאָלן זיין ווייט פון יעדן סאָרט סיסטעמאַטיש אויסגעאַרבעטער קריטיק, איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך. קריטיק איז דאָך נאָך אַלעמען דער סאַמע דייפּסטער אָפּרוף אויף אַרומיקע געשעענישן, סיי אין קונסט, סיי אין דער וועלט בכלל. קינדער זיינען נאָך ניט פאַרטיק געוואָרן מיט דער זאַך גופא, אַז זיי זאָלן קענען אָפּשפּאָרן געגנוג אויפמערקזאַמקייט אויף פראַגן וועגן פּאָזיציע אין שייכות. זיי האַלטן נאָך ביי דער ליניע און העגען זיך ניט באַשעפטיקן מיט פערספעקטיוו. אַזעלכע באַגריפן ווי אונטערשיד. ענלאַכקייט, ווערט, קאָנטראַסט, ציל, אידייע, א. א. וו. דער אמת'ער באַגאַזש פון קריטיק, זיינען ביים קינד, פונקט ביים פרימיטיוון מענטשן. אין אַ קוים שפּראָצנדיקן צושטאַנד.

אַז ענלאַכע לאַגע, כאָטש אין אַ פיל קלענערער מאָס, איז בנוגע שאַפן. עס האָט נאָך, ווי מיר דוכט, ניט פּאַסירט, אַז אַ קינד זאָל שרייבן פאַר קינדער, און ס'זאָל האָבן אַ דויערנדיקן ווערט. די סיבה איז אַ גאַנץ פשוט'ע: אויב עס געפינט זיך אַ קינד וואָס ווייזט אַרויס אומגעוויינטלאַכע ליטעראַרישע פייאיקייטן, אַזאַ וואָס מיר זיינען גרייט אָנצוטאָן אויף זיין קעפּל דעם לאָרבער־קראַנץ פון „טאַלאַנט", דעמאָלט איז אַ סימן אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ שאַפונג פאַר אַ העכערן עלטער; אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ קינד וואָס איז פרי רייף געוואָרן אַזוי, אַז עס אָפּערירט שוין מיט געפיל־ניואַנסן און אַ ליטעראַרישע טעכניק, וואָס שטייגט ווייט איבער זיין כראָנאָלאָגישן עלטער. און ממילא איז אַזאַ שאַפונג, על־פּי רוב, ניט צוגעפּאַסט פאַר קינדער. וואָרים די העכערקייט פון אַזאַ קינד איז פאַרגלייך מיט דורכשניטלאַכע קינדער איז גאָר אַן אַנדערע ווי פונ'ם טאַלאַנטירטן קינסטלער אין פאַרגלייך מיט'ן דורכשניטלאַכן דערוואַקסענעם מענטשן. אין לעצטן פאַל שטייט דער קינסטלער אויפ'ן באַזיס פון אַ לעבן, וואָס איז גלייך פאַר אַלעמען; זיין מאַטעריאַל איז אונזער אַלעמענס איבערלעבונגען; בעת דאָס טאַלאַנטירטע קינד זאַפּט איין אין זיך עפּעס רייפערס, עפּעס אומקינדישס, און קען

---

1) דאָס וואָרט „פילאָמיטיע" (פילא — ליבע! מיטאָס — מעשה) — וואָס דריקט אויס די נייגונג צו הערן, לייענען, דערציילן מעשות, איבערצוגעבן פּאַסירונגען אין אָרגאַניזירטע גאַנצקייטן — נעם איך אָן אויף דער עצה פון מיין פריינט, דעם פילאָלאָג יהודה יאָפע. אַזוי באַנוץ איך זיך ווייטער אויך מיט'ן ניי־געשאַפענעם וואָרט „פילאָמיטאָלאָגיע", וואָס באַצייכנט די פּסיכאָלאָגישע אַנאַליז פון דער פילאָמיטישער נייגונג ביי מענשן. — ל. ל.

מער צום קינדישן האַרץ ניט ריידן, אויף אַזאַ אופן האָבן מיר אַ קינדער־ליטעראַטור וואָס ווערט אי געשאַפן אי באַוואוסטזיניק אָפּגעשאַצט פון דערוואַקסענע.

בלייבט אונז איבער בלויז צו בויען, ערשטנס, אויף די עמאָציאָנעלע אָפּרופן פון קינדער אויף מעשיות וואָס זיי לייענען, און, צווייטנס, אויף די מעשות וואָס די קינדער אַליין דערציילן זיך און שאַפן. אמת, אַזעלכע שאַפונגען וועלן אונז קיינמאָל ניט געבן קיין קינדער־ליטעראַטור, מיר קענען אָבער פון זיי קריגן אַן אויסגאַנגס־פּונקט וועגן דעם וואָס עס דאַרפן זיין אונזערע צילן אין קינדער־ליטעראַטור. זיי וועלן אונז אויך העלפן פאָרמולירן געוויסע אַלגעמיינע פּרינציפּן, וואָס וועלן אונז בייהילפיק זיין און באַטראַכטן דעם גאַנצן ענין מיט מער זיכערקייט.

אין בנוגע דעם ערשטן, דער אוממיטלבאַרער קינדער „קריטיק", אַזוי צו זאָגן, זיי לאָגע מער אָדער ווייניקער ניש'קשה'דיק. הערט מען דאָך וואָס קינדער זאָגן וועגן די מעשות וואָס זיי לייענען. אַ חוץ דעם זיינען געמאַכט געוואָרן אַ סך פאַרשונגען, סיי מיט דער הילף פון אַנקעטעס, סיי אויף אַנדערע אופנים, און ווי קליין די רעזולטאַטן זאָלן ניט זיין, אַן אַנהויב איז דאָך געמאַכט געוואָרן. קומען מיר אָבער צום צווייטן פונקט, דעם סאַמע וויכטיקסטן מאָמענט אינ'ם גאַנצן ענין, באַגעגענען מיר זיך מיט אומגעהייערע שטערונגען. ווי ווייט איך ווייס, איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרן קיין איין וויכטיקע שטודיע, וואָס זאָל נאָכפאָלגן אפילו איין איינציק קינד, און פאַרצייכענען אַלע פריי־געשאַפענע מעשות אין משך פון דער גאַנצער קינדהייט — זאָגן מיר, פונ'ם דריי־יאָריקן עלטער ביז דער יוגנט־צייט — ווער שמועסט וועט מיר זאָלן האָבן טויזנטער אַזעלכע שטודיעס, וואָס זאָלן קומען פון פאַרשידענע לענדער, צייטן און באַדינגונגען, וואָלט פאַר אונז אויפגעלויכטן גאָר אַ ניי ליכט אין די טונקעלע חקירות וועגן דעם וואָס קינדער דאַרפן לייענען.

מיר זיינען נאָך אַלע טיף פאַרוואַקסן מיט איינגעוואָרצלטע אָבערגלויבנס אין אונזערע באַציאונגען צו קינדער. אַזוי איז נאָך אַלץ ניט אָפּגעשטאָרבן די השערה, אַז יעדע מעשה וואָס אַנטהאַלט גראָד דעם מוסר־השכל וואָס אונז איז ליב, ווירקט אַז אָט די מידה זאָל טאַקע ווערן אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אינ'ם קינד'ס לעבן. און טאָמער איז ערגעץ דער מוסר־השכל ניט גענוג קלאָר, איז טאַקע אַ ספק צי אַזאַ מעשה קען האָבן וועלכן ניט איז מאָראַלן איינפלוס אויף אַ קינד. ווער שמועסט נאָך ווען אַ ווערק אַנטהאַלט אַ שלעכטן מוסר־השכל, דעמאָלט איז דאָך קלאָר, אַז דאָס מוז ווירקן שלעכט אויף קינדער. דער דאָזיקער בליק אויף קינדער־ליטעראַטור איז שוין אייגנטלאָך זייער אַלט, און מיר האָבן זיך נאָך פון אים ניט אינגאַנצן אָפּגעוויינט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די פשוט'ע טאָג־טעגלאַכע פאַקטן פון לעבן שטימען לחלוטין ניט מיט אַזעלכע השערות.

שוין פּלאַטאָן האָט אין דער „רעפּובליק" אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט אַנטקעגן אַריינברענגען האָמער'ן און העזיאָד'ן אין דער שול, ווייל איז זייערע ווערק דערציילן זיך ניט זייער קיין שיינע מעשות וועגן די געטער 2) היינטיקע צייטן, אמת, בויט מען שוין ניט קיין טעאָרעטישע

2) The Republic, Trans. by A. Kerr, Book II, 100ff.

בנינים וועגן קינדער ליטעראטור אויף א דורכאויסיקן ס־מאראלן פונ־
דאמענט. אין דער פראקטיק אבער — די עלטערן אין דער היים און דער
לערער אין שול — קענען זיך בשום אופן ניט באפרייען פון דער דאזיקער־
טראדיציע.

דאס זעט אבער אויס צו זיין ניט מער ווי אן איבערבלייבעכץ, וואס
וועט, אין דער שול לכל הפחות, אין גאנצן פארשווינדן, ווייל אן אנדער
בליק האט שוין לאנג אנגעהויבן צו פארנעמען דעם פלאץ. דאס איז דער
בליק, אז קינדער־ליטעראטור דארף קודם כל זיין קונסט, און אויב דאס
איז פארזארגט, האבן מיר שוין קיין זאך ניט מורא צו האבן. די וואס
פארטרעטן דעם דאזיקן שטאנדפונקט ווילן מאכן דעם איינדרוק, אז
אין דער פארמולע „קונסט“ ליגט שוין א זיכערער וועג־ווייזער און א
קלארע ריכטונג. מיר שיינט, אז דאס איז זייער ווייט פונ׳ם אמת, ווי
עס וועט נאך שפעטער אויסקומען צו דערווייזן. א חוץ דעם, באגייט אזא
פארמולע די געוויינטלאכע עולה, וואס זי נעמט אן דעם טערמין „קינדער“
ווי אן אויסדרוק פון א באשטימטן איינהייטלאכן פסיכישן צונויפשטעל.
דאס ברענגט דאך אריין די גרעסטע צעמישעניש אין די ויכוחים וועגן
קינדער־ליטעראטור. ווארים ווען מען ווייזט ניט אן וועגן וואסערע קינ־
דער מען רעדט, האט איינער געוויינטלאך אין זין פינף יאריקע, א צוויי־
טער — אכט יאריקע, און א דריטער — צוועלף יאריקע. אזוי ווערן
געפירט ויכוחים אן א געמיינזאמען באדן, און דער סך־הכל איז, אז
יעדער דיסקוטירט אין דער אמת׳ן מיט זיך אליין.

דער קרעפטיקסטער און קאנסעקווענטסטער פארטרעטער פונ׳ם
„ריין־עסטעטישן“ שטאנדפונקט איז, דוכט מיר, היינריך וואלגאסט, רע־
דאקטאר פון די „יוגנטשריפטן־ווארטע“, א זשורנאל וואס גיט זיך אינ־
גאנצן אפ מיט פראבלעמען פון קינדער־ליטעראטור. וואלגאסט האלט,
אז א בוך פאר קינדער דארף קודם־כל זיין א קונסט־ווערק. ממילא, הייסט
עס, אז קינדער־ליטעראטור קען ניט געשריבן ווערן ספעציעל פאר קינ־
דער. גוטע קינדער־ליטעראטור דארף אויך זיין א פאסיקער ליטעראריי־
שער מאטעריאל פאר גרויסע. ווי א מאטא פאר זיין בוך איבער דעם ענין
באנוצט וואלגאסט טעאדאר שטארמ׳ס א פאראדאקס: „ווען דו האסט
בדעה צו שרייבן פאר קינדער, זאלסטו ניט שרייבן פאר קינדער[3]“.

דא האבן מיר גאנץ קלארע דיבורים. אבער קען דאס אונז ווייזן א
באשטימטן וועג אין קינדער־ליטעראטור? איז אזא פארמולע א זיכערע
פאר יעדן עלטער? קען דאס אונז וואבפן א ליכט אויף די מער ספע־
ציפישע פראגן און דעטאלן וואס זיינען פארבונדן מיט אונזער ענין?
ווי געזאגט, וועלן מיר זיך נאך צו אט די פראגן אומקערן. דערווייל אבער
איז נייטיק מיר זאלן קודם כל אויסהערן דאס קינד אליין. און, ווי ווייט
מעגלאך, טאקע פון ביידע זייטן, אי פון דער זייט פון „קריטיק“, ד. ה
פון זיין רעאגירן אויף געלייענטן מאטעריאל, אי פון דער זייט פונ׳ם
שאפן, אויף וויפיל דאס האט א שייכות צום פרייען קינדערשן אויסדרוק.

.2

ווילן מיר אויסגעפינען וואס קינדער דענקען וועגן קינדער־ליטע־
ראטור, קענען מיר נאטירלאך דאס בלויז דערגיין מיט עקספערימענטאלע

3) Das Elend Unserer Jugendliteratur, 1905.

מיטלען. אמת, דאָ איז אויך דער וועג ניט אַזוי גלאַט, און דער וואָס איז ניט געווען פּאַרזיכטיק, וועט ניט אַרויסבערענגען קיין רעזולטאַטן אויף וועלכע מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזן. אַזוי געפינען מיר, למשל, אַז קינדער פון צווייטן קלאַס (זיבן־יאָריקע) האָבן געענטפערט אויף אַן אַנקעטע אַז זיי האָבן ליב אַלץ וואָס לאַנגפעלאָו האָט געשריבן, אָבער „די קינדער'ס שעה" און דער „תהלים פון לעבן" זיינען די פּראַכטפולסטע לידער. וויטיערס „מיין תהלים" האָבן זיי אָנגערופן אויסגעצייכנט. קינדער פון אַ פּריוואַטער רעליגיעזער שול ברענגען מיט ליבע פאַר'ן קאַטעכיזם, פאַר דעם לעבן פון די הייליקע און די ביבלישע מעשות. איינער איז ספּעציעל פאַרליבט אין זיין געבעט־בוך 4). נו, עס לייגט זיך ניט אויפ'ן שכל אַז זיבן־יאָריקע קינדער זאָלן אָוועקשענקען זייער ביסל ליבע אַזעלכע לידער ווי :

דערציייל מיר ניט אין טרויעריקע רייד,
אַז דאָס לעבן איז בלויז אַ פּוסטער חלום.
וואָרים די נשמה איז דאָס וואָס דרעמלט,
און זאַכן זיינען ניט ווי זיי זעען אויס.

מען קען אויך ניט האָבן קיין פולן גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון קינדער וואָס „ברענגען מיט ליבע" פאַר'ן קאַטעכיזם, אָדער רעליגיעזע תפילות, בפרט ווען מיר האָבן אין זינען זיבן־יאָריקע קינדער. עס איז גיכער מעגלאַך אַז דאָ האָבן די קינדער געענטפערט וואָס זיי האָט זיך געדוכט, אַז מען פאַרלאַנגט עס פון זיי. אָבער אַ געניטער פאָרשער ווייס ווי אַזוי אויסצומיידן אַזעלכע פּאַסטקעס און קען קאָנטראָלירן זיין אַרבעט.

אין 1889 האָט קלאַראַ וואַסטראָווסקי דורכגעפירט אַן אַנקעטע, אויף וועלכער זי האָט באַקומען 1269 ענטפערס (604 אינגלאַך און 665 מיידלאַך 5). דאָ ווייזט זיך קודם כל אַרויס, אַז דער טאַמע ערשטער מאָטיוו צו נעמען לייענען אַ בוך איז געווען די רעקאָמענדאַציע פון פריינט. בלויז זייער אַ קליינע צאָל זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פונ'ם נאָמען פון שרייבער אָדער בוך. דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פּונקט. וואָרים אין דער וועלט פון דערוואַקסענע וואָלטן מיר אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט פון ליטעראַרישע פירמעס און קונסט־שולן, אַז עס איז אָפט מאָל שווער צו זאָגן צי דער גוטער אָדער שלעכטער איינדרוק פון אַ ווערק נעמט זיך טאַקע פונ'ם אינהאַלט, אָדער פונ'ם פאַראורטייל וואָס מיר האָבן פאַר אָדער קעגן אַ באַשטימטער ליטעראַרישער פירמע, אָדער שול.

אין דער זעלביקער אַנקעטע, באַקומען מיר אויך די וויכטיקע אינפאָרמאַציע, אַז די סיבה פאַרוואָס קינדער האָבן ניט ליב געוויסע ביכער, זעט אויס צו זיין דאָס, וואָס זיי האָבן צופיל באַשרייבנדיקע דעטאַלן, וואָס זיי פאַרמאָגן טרויעריקע פּאַסירונגען וועלכע קוקן אויס אין די קינדערס אויגן ווי „נאַריש", אָדער וואָס עס זיינען פאַראַן אַ סך שטעלעס וואָס די קינדער האָבן ניט פאַרשטאַנען.

וואָס זיינען אָבער די מאָמענטן וואָס קינדער האָבן יאָ ליב און זוכן זיי אין דער ליטעראַטור? ידיעות וועגן דעם געפינען מיר אין די רעזול־

4) Children's Interest in Reading. Isabel Lawrence
Nat. Educ. Ass'n Addresses and rPoceedings, 1888, 1044-51

5) Pedagogical Seminary, 1889, 523-35.

טאטן פון אן אנדער אנקעטע, דורכגעפירט פון פרענקלין אריאן סמיט, אויף וועלכער עס האבן געענטפערט 2199 קינדער (915 אינגלאך און 1284 מיידלאך 6). דאס ווייזט זיך ארויס, אז דאס ריזיקאלישע איז דער הויפט מאטיוו אין אלע קלאסן פון דער אנפאנג שול. שפעטער, אין דער מיטל־שול, ווערן שוין אפגעשאצט אלגעמיינע שיינקייט, פארשידענע סענטימענטן וואס ווערן פארקערפערט אין בילדער, אויסדרוק־פארמען און טיפן שילדערונג. הומאר, פאטאס, פריינטליכקייט, מיטגעפיל, קוראזש, אי־.א־לע עקשנות און ערלאכקייט, זיינען שטארקע מאטיוון אין דער אנפאנג־שול. אין דער מיטל־שול זיינען די מאטיוון שוין מער צעשוואומען און אומבאשטימט.

ענלאכע רעזולטאטן זיינען ארויסגעבראכט געווארן אין פארשידענע צייטן און אויף פארשידענע אופנים. מיט עטלאכע חדשים צוריק איז מיר אויסגעקומען דורכצופירן אן אנקעטע, אויף וועלכער עס האבן געענטפערט 55 קינדער אין עלטער פון 7 ביז 14. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז פולע 26 פון אט דער צאל — מייסטנס די 9, 10, 11 און 12 יאריקע — האבן א טבע איבערצוהיפן בעת'ן לייענען. אזעלכע שטעלעס וואס פארנעמען זיך מיט געשלעכטלאכער ליבע, נאטור באשרייבונג, אדער וואו עס געפינען זיך שווערע ווערטער, ווערן פון די דאזיקע קינדער ניט געלייענט. ווען מיר דערמאנען זיך, אז אין די גרעסטע צאל מעשות ווערט ליבע געשילדערט צעקראכן סענטימענטאל, וועט אונז אפשר קיין חידוש ניט זיין פארוואס קינדער זאלן ניט ליב האבן צו לייענען אזעלכע סצענעס. עס וועט אונז אבער נאך אויסקומען זיך אומצוקערן סיי צו דעם פונקט, סיי צו דער פראגע וועגן נאטור באשרייבונגען, און באשרייבונגען בכלל.

די זעלביקע אנקעטע האט אויך געשטעלט די פראגע: „וועגן וועמען האט איר ליבער צו לייענען, וועגן קינדער אדער וועגן ערוואקסענע?” די רעזולטאטן זיינען לחלוטין אומבאשטימטע. מעגלאך דערפאר, וואס די צאל קינדער איז געווען אזוי קליין, קען מען דערפון גארניט דרינגען. בכלל ווערט אנגעגעבן, אז קינדער האבן ליבער צו לייענען וועגן העלדן פון זייער אייגענעם עלטער איידער פון דערוואקסענע. ארטור ע. באסטוויק האט סטאטיסטיש געפארשט דאס לייענען פון קינדער און דערוואקסענע אין ניו יארקער ביבליאטעקן אין משך פון א חודש צייט און קומט צום שלום, אז קינדער לייענען מער קינדער־ליטעראטור, ד. ה. וועגן קינדער. און דערוואקסענע — מער פון דערוואקסענעם מין. אגב אורחא פארצייכנט ער אויך שוין, אז „דאס אומגעריכטע פאסירט אבער ווען אין געשיכטע, ביאגראפיע און רייזע־באשרייבונגען, אין יעדער פון אט די אפטיילונגען, יאגן די קינדער אריבער די גרויסע. אז דאס איז ניט קיין צופאל באווייזט דער פאקט, אז מיט בלויז איין אויסנאם איז דאס זעלביקע אמת אין יעדערפון די זעקס ביבליאטעק־צווייגן באזונדער” 7).

אויף ענלאכע רעזולטאטן ווייזן אן די ארבעטן פון בולאק 8), הענ־

6) Pedagogical Seminary, 1907, 208-22.
7) What Adults and Children Read, Library Journal, 1896, 444-6.
8) Some Observations on Children's Read., Proc. of N.E.A. 1897, 1015

דערמאָן 9) און קוריקפּעטריק 10), וועלכע האָבן צוזאַמען באַקומען ענטפערס פון 9989 קינדער, און אַ סך אַנדערע. אין סך הכל קומט אויס, אַז אָנהויבנדיק פון זעקסטן ביז'ן צוועלפטן יאָר האָבן קינדער ליב שטאַרקערע איבערלעבונגען, ווי מלחמה מעשות, ריזיקאַלישע רייזעס, דעטעקטיוו מעשות. אַ. ד. ג. שפּעטער קומט פאַר אַ טיפערע צעטיילונג צווישן אינגלאַך און מיידלאַך. די ערשטע רייסן זיך גיכער צו ביאָגראַפיע, רייזע באַשרייבונגען און געשיכטע, בעת די לעצטע האַלט פאַר בילכער שיינע ליטעראַטור און ווייזן ניט אַרויס אַזאַ גלייכגילטיקייט אָדער ווידערווילן צו ליבע סצענעס, ווי אינגלאַך פון זעלביקן עלטער.

די ענדערונגען בנוגע דעם אינהאַלט פון'ם לייענען, וואָס קומען פאַר אַרום דעם צוועלפטן אָדער דרייצנטן יאָר, קומען זיך צונויף מיט נאָך אַ וויכטיקער ענדערונג. עס קומט אויס אָפט צו הערן טענות, אַז קינדער לייענען בכלל צופיל, אַז זיי זיינען צו ווייניק איבערקלייבעריש און ווייזן אַרויס אַ מאָדנע הנאה פון'ם פּראָצעס פון לייענען גופא. אָט די אומקאָנטראָלירטע ליידנשאַפט צו לייענען רייסט זיך אַרויס מיט אַ גוואַלטיקן אימפּעט אין די דערמאָנטע יאָרן, ד. ה. אין עלטער פון דער געשלעכטלאַכער רייף־צייט. די אויסטייטשונג, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ פאַרגעניגן וואָס שטאַמט פון'ם הוילן פּראָצעס פון לייענען, איז ניט אין גאַנצן פּינקטלאַך. עס איז גיכער אַ רייסן זיך אין דער וועלט אַריין פון אַלע זייטן און ריכטונגען. אָפט מאָל פאַרמאָגט אָט דער לייען־דורשט אַזאַ אימפּעט, אַז יעדער אינהאַלט און יעדע פאָרם געווינט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון'ם קינד. אַזוי, למשל, קומט פּראָפעסאָר טשאַרלז ע. ראָסל צום שלוס, אַז אין דרייצנטן יאָר וואַקסט די לייען־משוגעת צו אַזאַ מדרגה, אַז מען קען גאָר ניט געפינען קיין ביכער וואָס זאָלן זיין מער באַליבט אָדער ווייניקער. קינדער פון דעם עלטער „לייענען אַלץ וואָס פאַלט זיי אין די הענט אַריין" 10). כמעט אַלע וואָס באַרירן די פראַגע וועגן דעם ווען קינדער לייענען מער און ווען ווייניקער, שטרייכן אונטער דעם דערמאָנטן עלטער ווי אַ צייט ווען דער דורשט צו לייענען קען גאַרניט געשטילט ווערן, און ער זוכט אַלע מעגלאַכע קוואַלן פון וואַנען צו טרינקען 11). כאָטש אַ געוויסע איבערקלייבערישקייט איז יאָ דאָ, ווי עס איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן.

דאָס איז אויך די צייט ווען די קינדערס אינטערעס צו דערציילן אָדער שרייבן מעשות איז צום שוואַכסטן. דאָס לייענען, ריכטיקער, דאָס פאַרגעניגן אין לייענען, ציט צו די גאַנצע פילאָמיטישע אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז די צייט ווען דאָס באַוואוסטזיין פון'ם אייגענעם אומרייפן צושטאַנד פאַלט צוזאַמען מיט אַ נענטערער באַקאַנטשאַפט מיט דער דערוואַקסענער וועלט, וואָס שפּילט די באַשטימענדיקע ראָלע אין לעבן. אַ געפיל פון דער אייגענער באַוואוסטזיניק־געוואָרענער שוואַכקייט שאַפט דעם איינדרוק פון פאַרלאָזנקייט, איינזאַמקייט. דאָס איז אויך די צייט ווען פון אין זייט קומען פאַר פיזיאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע ענדערונ־

9) Report on Child. Reading, N. Y. Report of State Sup't, 1897, Vol. 2, 979.

10) Children's Reading, North-Western Mo. Dec. 1898, 188 and Jan. 1899, 229.

11) Library Journal, 1897, 194.

12) Conradi, Ped. Sem. Oct. 1903.

נען צוליב די רייף־ווערנדיקע געשלעכטלאַכע אינסטינקטן און בכלל צוליב דער נאַטירלאַכער ווייטערער אַנטוויקלונג פון אַ העכערן עלטער, און פון דער אַנדער זייט הייבט זיך אויפצוטויכן אין באַוואוסטזיין אַ מין אָנהייב פון דער פראַגע וועגן תכלית און קאַריערע — ספּעציעל ביי אינגלאַך — וואָס דאָס איז אַ געוואַלטיקע איבערקערעניש אין פּסיכישן לעבן. דאָס קינד הייבט אָן פילן די באַגרענעצטקייט און אָרימקייט פון זיין וועלט; עס פילט דעם ווידערשפּרוך צווישן דער הויכקייט פונ׳ם פלי וואָס איז איצט נייטיק, און דער קליינקייט פון זיינע פליגל. דאָס לייענען גיט דע־ריבער די גרעסטע מעגלאַכקייט זיך אויסצוגלייכן מיט דער דערוואַקסענער וויעלט, און שאַפט אויך די אַנגענעמסטע מאָמענטן אין דער אומזיכערקייט פון יוגנט שטימונגען דורך אויפבויען אַ באַשטימטע פילאָמיטישע וועלט אויפ׳ן אָרט פון אַן אומבאַשטימטער ווירקלאַכקייט.

3.

דער אינטערעס צווישן די קינדערס אַפּקלייב אין לייענען און זייערע אייגענע פרייע שאַפונגען איז ניט אַזוי ווייט־גייענדיק ווי עס קען זיך אין פלוג אויסדוכטן, אַבער דאָך זייער וויכטיק. ביים לייענען האָבן מיר די פּשוט׳ע פיזישע באַגרענעצונג וואָס די קינדער האָבן פאַר זיך צוגעגרייטע ביכער און מעשות, וועלכע זיי קענען ניט אַנדערש מאַכן. דאָ אָבער איז אַזאַ באַגרענעצונג ניטאָ. דאָ שאַפט די פאַנטאַזיע וואָס איר איז ליב און נאָענט. אמת, דאָרט איז די באַגרענעצטקייט גאָר ניט אַזוי באַגרענעצט, און דאָ איז די פרייהייט גאָרניט אַזוי פריי, ווייל פּונקט ווי דאָרט האָבן מיר דעם איינפלוס פונ׳ם קינדערשן געשמאַק און די אָנשטרענגונג פון דערוואַקסענע זיך צוצופּאַסן צו אים, אַזוי האָבן מיר דאָ דעם איינפלוס פון די גרויסע און די קינדערס פאַרזוך צו בלייבן אין טאָן. איך וויל דער־מיט ניט זאָגן, אַז אין ביידע פאַלן פעלט דער אמת׳דיק פרייער אויסדרוק. וואָרים ווער עס זוכט אַן אויסדרוק וואָס קומט פון „זיך אַליין" אַן שום זייטיקן איינפלוס, האָט אין זינען אַן אַבסאָלוטע „פרייהייט" און אַן אַב־בעדיקער, ממשות׳דיקער וועלט, וואו אַן אַ נעגענזייטיקן איינפלוס איז קיין „זיך אַליין" ניטאָ. עס איז אָבער פאָרט פאַראַן אַ נפקא מינה וואָס מען טאָר באַין אופן ניט איגנאָרירן. די קינדערשע פרייע שאַפונג איז נאָך אַלעמען מער קינדעריש, מער אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ספּעציעלער מדרגה פונ׳ם אימרייפן עלטער איידער אַ שאַפונג פון אַ דערוואַקסענעם. סאַלוטן „זיך אַליין", וואָס געהערט צו דער מעטאַפיזיק, ניט צו דער לע־ווי גרוים עס זאָל ניט זיין די פייאיקייט זיינע זיך צוצופּאַסן צום קינ־דערשן געמיט.

די סאַמע ערשטע פאַרזוכן אויפ׳ן פעלד פון פילאָמיטישן שאַפן ביי קליינע קינדער — זאָגן מיר אין צוויי־יאָריקן עלטער — באַשטייט לכתחילה אינ׳ם פאַרגעניגן אַנצורופן די נעמען פון זאַכן, אַרומגיין און דערציילן אַז דאָס איז אַ שטול, דאָס איז אַ טיש, וואָס ווערט געוויינטלאַך אָנגעוויזן מיט׳ן פינגער און אויסגעדריקט מיט די ווערטער „טיש", „שטול", „טיר", א. א. וו. די ערשטע טריט אין דער אַנטוויקלונג פון שפּראַך קומען פאַר אַ סך פריער. דאָ אָבער זעען מיר שוין אַן אויסדרוק פון אַ באַציאונג. עס איז אַן אויסדרוק פון דער ליידנשאַפט עפּעס איבער־צוגעבן, און פון אַרויסברענגען די נעמען פון זאַכן וואָס שפּילן אַ ראָלע אינ׳ם קינדס וועלט.

די ראָלע פון ווערטער אין דער סאַמע פריסטער קינדהייט איז אומגעהייער. די שוועריקייטן און צרות וואָס קליינע קינדער האָבן ווען זיי קענען ניט קלאָר מאַכן וואָס זיי ווילן, און, פאַרקערט, דאָס פאַרגעניגן וואָס זיי האָבן ווען זייערע קלאַנגען העלפן ארויס אין אָנשטויסן זיך אויף זייער פאַרלאַנג — וועלכער ווערט נאַטירלאַך גלייך נאָכגעגעבן — אָט דאָס אַלץ איז פאַר אונז גענוג מיר זאָלן זיך ניט חדוש'ן פאַרוואָס דאָס וואָרט זאָל שוין אפילו ביי אַזעלכע עופה'לאַך באַקומען דעם ווערט פון אַ מין צויבער־שטעקעלע. דער אמת איז, אַז ווערטער האָבן קיינמאָל ניט דעם ווערט בלויז פון קלאַנגען. זיי זיינען פון סאַמע פריסטן עלטער עמאָציאָנעל אָנגעלאָדן, און האָבן דעריבער ניט בלויז אַ בוכשטעבלאַכן טייטש, נאָר אויך אַ זין, אַ באַטייט, ד. ה. זיי געפינען זיך אין שטענדיקער שייכות צום גאַנצן פסיכישן לעבן.

די נייגונג פון קינדער צו שאַפן קלאַנגען און אַרויסברייגען זיי, מיט גרויס הנאה, איז שוין אָפט באַמערקט געוואָרן. אָבער דאָס איז ניט בלויז קיין ליבע פאַר וואוילקלאַנג, ווי טייל ווילן האָבן. אָט האָב איך ביי אַ פיר־און־אַ־האַלב־יאָריק קינד צוזאַמענגעקליבן אַזעלכע אַליין־אויסגעטראַכטע ווערטער ווי „פיטש", „בערמער", „פראָמפ", „פלאַיפאָר", „קענטש", „בראַם", „נעכסאַבענד", „טראָ", „סאָ" און „גראַמע". עס איז שווער צו גלויבן אַז די אַלע ווערטער האָבן צו טאָן מיט וואוילקלאַנג. דער אמת זעט אויס צו זיין, אַז קינדער הייבן אָן צו שאַפן אַזעלכע ווערטער ווען זיי דערפילן אַז וואָרט און זאַך זיינען ניט דאָס זעלביקע; אַז אַ וואָרט איז אַ קינסטלאַכער צוגאָב: אַז מען קען בייטן און שאַפן ווערטער, מען קען זיין אַ בעל־הבית איבער זיי. עס קומט דעריבער אויס, אַז די נייקייט און פרעמדקייט פון וואָרט שפילט אַ גרעסערע ראָלע ווי וואוילקלאַנג. אויף אַזאַ אופן האָט דער גאַנצער ענין אַ שייכות צו שפיל, ניט צו קינדער־ליטעראַטור. אָבער אפילו אין דער שפיל איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַן אָפּגעריסענע באַגייסטערונג פאַר'ן וואָרט, ווי פאַר אַן אָנגענעמען קלאַנג. נעמען מיר, למשל, באַקאַנטע צייל־לידלאַך:

ענגע בענגע
סטופּע צענגע
אַרצע באַרצע
גאָלע שוואַרצע
אייזמעלע, רייזמעלע
בייגעלע, פייגעלע,
האָפּ, האָפּ.

אָדער:
איינס, צוויי, דריי,
אָדער, לידער, ליי.
אָקן, באָקן,
ביידע גלאָקן.
צירל, פּערל,
דוקס — אַרויס.

דאָ וואָלט מען שוין זיכער געקענט מיינען, אַז דער אינטערעס ליגט אין גאַנצן אין די קלאַנגען, ווייל דאָ איז קיין פאַרבינדונג ניטאָ, קיין שום אַנדער מאָמענט, הייסט עס, וואָס זאָל פאַראינטערעסירן. דאָס איז אָבער לחלוטין ניט אמת. קיין קינד זעצט זיך ניט אַוועק אַזוי זיך, דיר ניט, מיר ניט, צו הערן אָדער זאָגן אַזעלכע גראַמען. די לידלאַך שפילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער שפיל, זיי וואַרפן גורל און באַשטימען די פּאָזיציעס פון די מיטשפילער. צו באַטראַכטן אָט די גראַמען אָפּגעזונדערט פון דער לעבעדיקער טעטיקייט וואו זיי האָבן אַ זין, הייסט מאַכן דעם אַלטן פילאָזאָפישן טעות פון כסדר חקירה'ן זיך וועגן פאַרבאָרגענער קוואַליטעט און איגנאָרירן די אָפענע שייכות. דאָס איז אָבער בלויז אַ פאַר־

בייגייענדיקע באַמערקונג וועגן די אומזיניקע ווערטער וואָס קינדער טראַכטן אויס אָדער באַנוצן.

גייען מיר צוריק צו די ערשטע סימנים פון די פּילאָמיטישע שאַפונגס־טענדענצן באַגעגענען מיר קודם כל אָפּגעהאַקטע ווערטער־זאַצן. אָדער מען וואָלט שוין אפשר געקענט זאָגן ווערטער־עפּיזאָדן. זיי באַנוגענען זיך דערווייל מיט אויסשטעלן די באַלאַבאַטישקייט פון דער וועלט, אַזוי צו זאָגן, אויף אַ שפּראַכלאַכן אופן. דאָס ווערט אויך פאַרוואַנדלט אין אַ מין ווערטער־שפּיל, וואָרים דאָס פאַרגעניגן אין אויסשטעלן אַזעלכע ווערטער אין ריטמישע שורות און איבער׳חזר׳ן זיי איינס נאָך איינס, איז זייער גרויס. אָבער אַזוי שנעל ווי דאָס קינד באַרייכערט זיין וואָקאַבולאַר מיט מער שפּראַך־טיילן, ספּעציעל צייט־ווערטער און אייגנשאַפט־ווערטער, דעמאָלט הייבט זיך שוין אָן אַרויסווייזן דער תוך פון׳ם באַגריף מעשה אין דעם אופן ווי דאָס קינד גיט איבער זיינע איבערלעבונגען. אין דעם עלטער קומט אָפּט פאָר ווען אַ קינד דערציילט עפּעס און מיר באַמערקן אַז „עס ווייס ניט וואָס עס רעדט", ד. ה. ווען די פּאַסירונגען זעען אויס ניט צו האָבן קיין שום שייכות צווישן זיך, אָדער זיי באַשטייען פון ווילדע איבערטרייבונגען. אָבער עס איז ביי מיר קיין שום ספק ניט, אַז ווען אַזעלכע פאַלן זאָלן שטרענג אַנאַליזירט ווערן, וועט מען, אָדער געפינען אַ גאַנץ קלאָרע שייכות, וואָס מען האָט פריער ניט אַרויסגעזען, אָדער אַ קינסטלאַכע צונויפבינדונג פון עטלאַכע עפּיזאָדן, וואָס יעדע פון זיי איז אַ גאַנצקייט אין זיך אַליין. נעמען מיר, למשל, אַזאַ מעשה פון אַ מיידעלע פון 37 חדשים:

„פּי־פּי איז געווען אַליין אויפ׳ן גאַס.
געפאָרן אויף אַ פערדעלע, געמאַכט אַזוי (סמאַטשקעט מיט די ליפּן).
פּי־פּי איז געווען אויף אַ שטול.
פּי־פּי וויל נישט עסן, וויל נישט עסן."

זעט עס אין פלוג אויס, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אָפּגעריסענע זאַצן וואָס האָבן צווישן זיך קיין שייכות ניט. אָבער אַן אַנאַליז פון דער דאָזיקער מעשה האָט אַרויסגעבראַכט דעם פאַקט, אַז „פּי־פּי" איז אַ אינגל פון גאַס צו וועמען די דערציילערן האָט אַ פיינטלאַכע באַציאונג. די שנאה נעמט זיך פּשוט דערפון, וואָס בעת ער איז אַרומגעפאָרן אויף זיין פערדעלע און אונזער העלדן האָט ביי אים געבעטן ער זאָל איר אויך שענקען אַבּיסל פון זיין פאַרגעניגן, האָט ער איר אָפּגעזאָגט. אָט דעם פאַקט האָט דאָס קינד פאַרקערפּערט אין דער ציטירטער מעשה. זי דערציילט קודם כל אַז ער איז געווען „אַליין", ד. ה. ער האָט אַ פערדעלע, נאָר ער האָלט עס בלויז פאַר זיך. ממילא איז ער שוין דערמיט אַ שלעכט קינד, וואָס זי דריקט אויס מיט די ווערטער: „ער וויל נישט עסן". די אַסאָציאַציע צווישן „שלעכט" און „נישט עסן" האָט זי שוין לאַנג געקראָגן פון איר מאַמעס אָפטע באַמערקונגען וועגן דעם ענין. און ס׳איז גאַנץ פאַרשטענדלאַך פאַרוואָס זי זאָל אַזאַ עגאָאיסטיש קינד שילדערן מיט אַזעלכע שוואַרצע פאַרבן ווי „ער וויל נישט עסן".

פאַרשטייט זיך, אַז דער איינפלוס פון געהערטע מעשות איז אומגעהייער גרויס און באַשטימט על־פּי רוב דעם גאַנצן כאַראַקטער פון קינדס שאַפונגען. דאָך זענען אין דער גרעסטער צאָל איינן־געשאַפענע

מעשות פאַראַן כאַראַקטעריסטישע שטריכן אומאָפּהענגיג פון׳ם מאַטע־ריאַל מיט וועלכן זיי באַנוצן זיך.

דער אמת׳ער פּראָצעס פון דערציילן מעשות הייבט זיך אָן אַרום דעם פערטן יאָר, אָפּט נאָך עטוואָס פריער. דאָס ווייזט זיך אַרויס סיי אין אָפּקלייבן געוויסע געהערטע מעשות און מאַכן וואַריאַציעס אויף זיי וואו די גאַנצקייט פון דער מעשה ווערט אָפּגעהיט, סיי אין דעם וואָס קינדערהיי ייבן זיך שוין דעמאָלט אָן צו באַנוצן מיט דער פאָראַלגעמיי־נערונג „אַמאָל איז געווען״, אָדער אַלגעמיינע באַגריפן ווי „אַ פּאָפּע״, „אַ מיידעלע״, „אַ פערדעלע״ א. א. וו. וואָרים דער „אַמאָל איז געווען״, אין מויל פון אַ קליין קינד, איז לחלוטין ניט קיין צייט־באַגריף, פּונקט ווי „אַ פערדעלע״ איז ניט קיין קלאָרע אַלגעמיינע אידייע. דאָס זיינען בלויז די ערשטע טעכנישע מיטלען אויסצודריקן די ברייטערע ראָם פון דער פאַנטאַזיע, און די דערווייטערטקייט און אָביעקטיוויטעט, וואָס די פּסיכאָאַנאַליטיקער רופן אָן די פּראָיעקציע־טענדענץ. דאָס איז דאָך אייגנטלאַך דער צוגאַנג צום כאַראַקטעריסטישן ליטעראַטור־באַוואוסט־זיין וואָס פּאַסט אויף דאָס דערציילטע ווי אַ פּאָסירונג אין דער וועלט, ווי אַ רינגעלע אין דער קייט פון לעבנס־פּראָצעסן, וואָס האָט אַ שייכות צו אַלץ וואָס איז געווען פריער און וואָס עס וועט זיין שפּע־טער: עס איז אַ באַוואוסטזיין וואָס באַטראַכט אַ קאָנקרעטע מענשלאַכע איבערלעבונג „סוב ספּעציע עטערניטאַטיס״.

אַ חוץ דעם הייבט זיך שוין אָן אַרויסווייזן אין מעשות פון פיר־יעריקע קינדער, דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פון אַ מענשלאַכער אי־בערלעבונג, דער עטישער פּאַרלאַנג. דאָס דריקט זיך אויס סיי אין אַן אָפּענער באַציאונג צו גוטס און שלעכטס, ווי אין׳ם פריער געבראַכטן ביישפּיל, סיי אין אַ פאַנטאַסטישער הוספה צו אַן איבערגעלעבטער פּאַ־סירונג וואו דער עטישער עלעמענט איז ניט געווען, אָדער ניט געווען גענוג פּאַרטראַכט. אַ קינד וועט, למשל, דערציילן אַ מעשה וואו איין קינד איז אָן שום אורזאַך אַנגעפאַלן אויפ׳ן צווייטן, און דער צווייטער האָט דערפאַר דעם ערשטן שטאַרק צעשלאָגן, כאָטש אין דער אמת׳ן איז דאָס אַן אָביעקטיווע פּאַסירונג פון אייגענעם לעבן וואָס האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז דער דערציילער, וואָס אויף אים איז מען אַנגעפאַלן, איז גאָר פּחדנ׳יש אַנטלאָפן פון שלאַכטפעלד. די פאַנטאַזיע האָט דאָ באַ־שטראָפט דעם אַנפאַלער און דערמיט געשאַפן מער גערעכטיקייט אין דער וועלט.

אָט דאָס איז, דוכט מיר, דער סאַמע תוך פון׳ם גאַנצן עניין מעשה. אַ מעשה איז ניט, אַפילו פון סאַמע אָנהייב ניט, קיין באַריכט פון אַן איבערלעבונג, נאָר אַ באַריכט פּלוס אַ לויב־געזאַנג, אָדער פּראָטעסט, אַ באַריכט פּלוס אַ באַשטעטיקונג אָדער אָפּלייקענונג, אַ באַריכט וואָס באַפאַרבט, ענדערט, שטעלט צו און נעמט אַראָפּ, ניט קיין שנירל הוילע פאַקטן. אַ טרוקענער פאַקט איז אַן אַבסטראַקציע וואָס בלויז אַ רייפער אינטעלעקט קען משיג זיין. ווי אַזוי מיר זאָלן ניט אויפנעמען אונזערע איבערלעבונגען, אָבער מיר ווערן באַוואוסט פון זיי, און, דער עיקר, מיר רייסן זיך זיי איבערצוגעבן, אין דער פאָרם פון מעשות, פון אָרגאַניזירטע גאַנצקייטן, ניט פון אָפּגעריסענע, גלייכגילטיקע געשעענישן. און ווען מיר דריקן זיי אויס, האָבן מיר אַ באַזונדער פאַרגעניגן זיי אוועקצושטעלן

אין אַן אַלגעמיינע וועלט־ראַם („אַמאָל איז געווען“ — אויסגעדריקט אָדער פאַרשטאַנען) און מיר גיבן זיי איבער ווי אומצעטיילבאַרע איינ־קייטן פון פסיכישן לעבן, איינקייטן וואו קאָנפליקט און אויסגלייך פאַר־לירן יעדן זין ווען זיי ווערן אָפּגעריסן איינס פון צווייטן.

אָט איז אַ גאַנץ מיטלמעסיקע מעשה פון אַ פינף־יעריק מיידעלע: „אַמאָל איז געווען אַ מיידעלע. ס׳מיידעלע געקומען און געשפּילט זיך. ס׳מיידעלע געגאַנגען אַהיים. און ס׳מיידעלע געשפּילט זיך אין הויז. און ס׳מיידעלע געגאַנגען אין שטוב. געזאָגט די מאַמע זי איז הונגעריק. די מאַמע איר געגעבן עסן. ס׳מיידעלע געגאַנגען שלאָפן“. ווען מען נעמט אַראָפּ דעם „אַמאָל איז געווען“, קען זיך אויסדוכטן אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ טרוקענעם באַריכט. אָבער אין דער אמת׳ן איז דאָס זייער ווייט פון דעם. וואָרים יעדע היים ווייס צו דערציילן גענוג קאָנפליקטן מיט קליינע קינדער ווען עס קומט צום עסן און צום גיין שלאָפן. עס קומט זעלטן ווען פאַר אויף אַזאַ אידעאַלן אופן ווי דאָ ווערט גע־שילדערט. אין דער אמת׳ן דערציילט אונז אָט די מעשה ניט ווי עס איז, נאָר ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין, אין הסכם מיט׳ן אידעאַל וואָס דאָס מיידעלע האָט זיך איינגעזאַפּט אין משך פון איר קורצן לעבן. און כדי אונטערצושטרייכן דעם דאָזיקן בליק אויף דער געבראַכטער מעשה, האָבן מיר פונ׳ם קינד אַליין נאָך אַ הוספה. וואָרים גלייך ווי זי האָט געענדיקט דערציילן די מעשה, איז זי דורכאויס באַשטאַנען דערויף מען זאָל אויסהערן נאָך אַ מעשה. אָט איז זי: „אַמאָל איז געווען אַ גרויס אינגעלע. האָט ס׳אינגעלע געוואָלט גיין אין שטוב. איז געגאַנגען יענעס מיידעלע, געגומען ס׳אינגעלע צו זיך אין שטוב“. מעגלאַך אַז אַ פסיכאָ־אַנאַליטיקער וואָלט אין דעם איינגעזען געשלעכטלאַכע אַנצוהערענישן, וואָס האָט, אין דעם פאַל, לכל הפחות, זייער אַ שוואַכן באָדן. דאָ איז אַ קלאָרע אונטערשטרייכונג פון דער גוטסקייט פונ׳ם העלד. עס איז אַ מין אידעאַלע פאַרשטעלונג פון אַ „צוקונפט“־קינד, געבויט אויף געוויסע פאַקטן און צוגעגעבן דאָס איבעריקע פון דער פאַנטאַזיע, וואָס געפינט זיך אונטער׳ן איינפלוס פון אַן אידעאַל.

דאָס דערציילן אַ מעשה איז דעריבער קודם כל — און אויף דער ערשטער מדרגה — אַן אויסדרוק פון אַ דורשט נאָך אַ וועלט וואָס איז באַפרייט פון אַלע אירע חסרונות, לויט ווי דער דערציילער זעט זיי. און דער גאַנצער אינהאַלט — אָנהייב, אַנטוויקלונג, סוף, שייכות, אַ. אַ. וו. — ווי פּרימיטיוו ער זאָל ניט זיין ביי אַ קינד — איז אַ מיטל פאַר אָט דעם צוועק.

עס איז דעריבער פּשוט ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי גאַנץ גוטע קענער פונ׳ם קינדער־לעבן פאַרנאַכלעסיקן דעם דאָזיקן געוואָלטיק וויכ־טיקן פונקט. לייענט, למשל, אַזאַ מעשה פון אַ קינד פון 22 חדשים. זי האָט געקוקט אויף אַ בילד וואו עס האָבן זיך געפונען אַ קו, אַן אייזל און אַ אינגעלע, וואָס זי האָט אָנגענומען פאַר איר קליינעם ברודערל.

וואו איז קו?  
וואו איז אייזל?  
וואו איז ברודערל?  
קו איז אַוועק.  
אייזל איז אַוועק.  
ברודערל איז אַוועק.

ליב קו.  
ליב אייזל.  
ליב ברודערל.  
קום צוריק קו.  
קום צוריק אייזל.  
קום צוריק ברודערל 14).

14) Here and Now Story Book, Lucy S. Mitchel, 1921, 48.

די שרייבערן וואָס ברענגט די דאָזיקע מעשה (באמת אַן אומגעוויינטלאַך שיינע זאַך פאַר אַזאַ פּיצל קינד, און דאַרף זיכער ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ דורכשניטלאַכע שאַפונג פאַר דעם עלטער) טוט דאָס מיט דער כונה צו באַווייזן, אַז „אויב אינהאַלט איז בלויז אַ העלפט, איז פאָרם די אַנדערע העלפט פון מעשות, און באַין אופן ניט די גרינגערע העלפט". אַז מיר האָבן אַ פּראַכפולע פאָרם, קען קיין ספק ניט זיין. אַז שרייבער קענען דאָ לערנען ווי אַזוי מען דאַרף שרייבן פאַר גאָר קליינע קינדער, איז זיכער אמת, און פאַר אַזעלכע שרייבער איז עס גראָד אַן אַלט באַקאַנטע זאַך. אָבער צו פאַרזען דאָ דעם וויכטיקסטן מאָמענט — וואָס איז אַן אַ שיעור וויכטיקער אפילו פון דער פּראַכטפולער פאָרם — צו פאַרזען דאָ דעם עטישן תוך, די ליבע באַציאונג צו דער קו, צום אייזל און צום ברודערל: די האַרציקע בקשה: „קום צוריק". הייסט פאַרזען דעם רירנדיקסטן מאָטיוו ניט בלויז פון דער דאָזיקער שאַפונג, נאָר פון שאַפונג, פון ליטעראַרישער שאַפונג בכלל.

דאָס פּסיכישע לעבן איז אַ שטענדיקער פּראָצעס פון רעאָרגאַניזירן די שייכות'ן צווישן אונז און דער ארומיקער סביבה. די מעשה איז אַ מין פאָרמולירונג, אין טערמינען פון לעבעדיקסטן מאַטעריאַל, פון אַט דעם שטענדיקן פּראָצעס. די געוויינטלאַכע דערקלערונג, אַז קינדער זיינען מאָטאָרע באַשעפענישן, אַז זיי דענקען על־פּי רוב מיט די מוסקולן, און אַז דעריבער קענען זיי נאָר כאַנעמען האַנדלונג און באַוועגלאַכקייט אין אַ מעשה, די דאָזיקע דערקלערונג באַקומט אַ טיפערן באַטייט ווען מען באַטראַכט זי פון אַ ברייטערן פּסיכאָלאָגישן, פון אַ פּילאָמיטאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. דאָס דירעקטע לעבן, דאָס לעבן אַן אַ במקום, דאָס לעבן אַן צווישן מדרגות פון ווייט פאַרצווייגטע אידייען פאַרבינדונגען, איז קודם כל האַנדלונג. די מעשה איז אַ פּועל יוצא און אַ סיבה אין די שטענדיקע רעאָרגאַניזיר פּראָצעסן פון לעבעדיקע שייכות'ן, און אויף אַזוי ווייט קען זי דעריבער ביי קינדער בלויז פאַרגעשטעלט ווערן אין האַנדלונגען, אין דער רעאַליטעט פון מענטשלאַכע מעשים. אין מאָמענטן ווען מיר אַליין קומען פּנים אל פּנים מיט'ן דירעקטן לעבן אין אַ קינסטלעריש געשאַפענער ווירקלאַכקייט — למשל ביי אַ טעאַטער פאָרשטעלונג — איז אונזער פאָדערונג דעמאָלט אויך וואָס מער האַנדלונג און וואָס ווייניקער רייד, אַבסטראַציעס, מיט איין וואָרט, מיר ווילן וואָס מער לעבן און וואָס ווייניקער צווישן־מדרגה'דיקע במקום'ס פון לעבן.

מיר קלינגט דעריבער אויך צו באַגרענעצט שטערנס אויפפאַסונג, אַז ביי קליינע קינדער איז נאָך דאָס „ריינע עסטעטישע" ניט פאַראַן 15). אַ קליין קינד וועט זיכער ניט קאָנען אָפּשאַצן אַ טרעפלאַכן פאַרגלייך, אַ געלונגענעם בילד א. א. וו. אָבער דער אמת איז דאָך אַז די אַלע עסטעטישע מאָמענטן שטעלן ניט צונויף קיין ליטעראַריש ווערק. כדי עס זאָל זיין אַ ווערק מוז קודם כל זיין אַ לעבעדיק געוועב און אויף אַזוי ווייט האָבן קינדער אַ גאַנץ פיינעם ליטעראַרישן חוש. אָבער דער עיקר איז דאָס, וואָס אונזער אָפּשאַצונג פון די ריין־עסטעטישע" מאָמענטן אין ליטעראַטור נעמט זיך פון דעם, וואָס זיי אינטענסיפיצירן, מאַכן פולבלוטיקער דעם תוך. אַש'ס באַשרייבונג פון'ם שטעטל פאַרכאַפּט אונז

15) Psychology of Early Childhood. W. Stern, Trans. A. Barwell, 1924, 327.

אזוי שטארק, ווייל דערמיט לעבט אש אין אונז אויף פארשידענע צווישן־מדרגה'דיקע מאטיוון אין אונזערע טיף־פארלאנגטע, ווארעמע באציאונגען צום שטעטל. דאס אויסזען פונ'ם מארק איז שוין ביי אונז געווארן א לעבעדיקער פאקטאר אין דער ראלע וואס אט דער מארק — און אלע זיינע מיליאנען איינצלהייטן, ספעציעל זיינע סאציאלע זייטן — שפילט אין אונזער לעבן. א מעטאפאר, א בילד, א באמערקונג, דארפן האבן ווייט־פארצווייגטע אסאציאציעס כדי זיי זאלן אונז איבערגעבן, און ממילא אינטענסיפיצירן און בארייכערן, דעם ריח פון א דירעקט, האנדלענדיק לעבן, און דורך דעם ווערן א פאקטאר אין דערמאנטן רעארגאניזיר פראצעס. מיר זעען אז אט די „ריין־עסטעטישע" מאמענטן זיינען אפילו ביי אונז שוין גאר ניט אזוי ריין עסטעטיש, ווי מען שטעלט עס זיך פאר. פאר קינדער האבן אזעלכע מאמענטן קיין זין ניט פשוט דערפאר, ווייל זיי פעלט די אינווייניקסטע קייט וואס ציט זיך פון בילד צו האנדלונג, פון ווייטן ווארט צום נאענטן לעבן. דערפאר האבן קינדער פיינט יעדן סארט באשרייבונג און היפן איבער אזעלכע שטעלעס ווען זיי באגעגענען זיי אין זייער לייענען.

וועגן דעם אינהאלט פון קינדערשע מעשות געפינען מיר אין קלארא וואסטראווסקי'ס אונטערזוכונג וועגן זעלבסטשטענדיקע קינדער־שאפונגען (קינדער אין עלטער 6—8). עס ווייזט זיך ארויס, אז פון 56 קינדער האבן 40 געשריבן וועגן זיך אדער אנדערע קינדער, איינער — וועגן דערוואקסענע מענטשן, און 15 — איבעריגע געגנשטאנדן. פון די אלע זיינען 49 אמת'ע מעשות, און 7 פונ'ם אויסגעטראכטן טיפ. בלויז 11 באשרייבן טאג־טעגלעכע פאסירונגען און 45 — אומגעוויינטלעכע פאלן. זי קומט דעריבער צום שלוס, אז מעשות פאר קינדער זאלן זיין אמת'ע מעשות פון קינדער־לעבן וואס באהאנדלען אומגעוויינטלעכע פאסירונגען. אט די פאסירונגען דארפן זיך דערהויפט אפגעבן מיט לעבעדיקע האנדלונגען; זיי זאלן אנטהאלטן ווייניק שילדערונג וועגן מענטשן אדער געפילן, ווייניק עסטעטישע איינצלהייטן אדער מאראלע כללים. די מענטשן און פלעצער וואס ווערן דערמאנט זאלן האבן באשטימטע נעמען 16). ענלעכע רעזולטאטן — ספעציעל דער פונקט, אז קליינע קינדער שרייבן מייסטנס וועגן פערזענלעכע איבערלעבונגען און אז ערשט עלטערע הייבן זיך אן ערנסטער צו פארנעמען אין זייערע שאפונגען מיט די איבערלעבונגען פון אנדערע — האט באקומען ס. ע. איטאן, וועלכער האט פארגעבן 137 קינדער צו שרייבן איבער וואס נאר זיי ווילן. דער עלטער פון די קינדער איז געווען צווישן 6½ און 15. 17).

אין פלוג וואלט מען זיך געדארפט וואונדערן, פארוואס אזעלכע קליינע קינדער זאלן ניט שרייבן קיין מעשות וועגן חיות. איז זיי קומט אפט אויס צו הערן אדער לייענען אזעלכע מעשות, איז זיי ווייזן ארויס א שטענדיקן אינטערעס אין אזא לייען מאטעריאל. דער אמת איז אבער, אז דער לייב, דער פוקס, העלפאנט, א. א. וו. פון דער מעשה, ווערן פארגעשטעלט ווי קינדער. זייערע חכמות און נארישקייטן זיינען פון טיפישן קינדערשן מין, און ס'איז קיין וואונדער ניט וואס ביי אונזער קליינווארג

16) Study of Children's Own Stories—Studies in Early Education, Earl Barnes, July 1896.
17) Children's Stories—S. W. Eaton, Ped. Sem. Oct. 1895.

בלייבט פון אַזעלכע מעשות דאָס קינדערשע, ניט דאָס חיה'שע. אַנדערש קען עס גאָר ניט זיין. וואָרים ווען מעשות וועגן חיות זאָלן ניט געהערן צום פאַבעל טיפּ, ריכטיקער, צום קינדערשן טיפּ, וואָלטן זיי זיך גיכער געפּאַסט פאַר ביאָלאָגיע איידער פאַר ליטעראַטור. זיכער וואָלטן זיי קיין פּלאַץ ניט געקענט האָבן אין קינדער ליטעראַטור. אַגב אורחא איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין דער זאַמלונג פון קינדער מעשות וואָס איך האָב אַליין פאַרשריבן, געפינען זיך יאָ אַ געוויסע צאָל וועגן שטוב חיות, כאָטש די ווייט גרעסטע צאָל געהערט צום טיפּ וועגן וועלכן עס רעדן וואָסט־ראָוואָסקי, איטאָן, מיטשעל, און כמעט אַלע אַנדערע.

4.

וועלן מיר צוטרעטן צו דער פראַגע: וואָס, קאָנקרעט, דאַרפן קינדער לייענען? דאַרפן מיר זיך קודם כל באַפרייען פון אַ קאַרדינאַלן טעות: דאָס איז דער טעות. אַז דאָס איינציקע וואָרט „קינדער" באַצייכנט אַן איינהייטלאַכן פּסיכישן צושטאַנד. מיר דאַרפן די קינדהייט צעטיילן אין מער אָדער ווייניקער באַשטימטע פּעריאָדן אין איינקלאַנג מיט באַזונ־דערע פילאָמיטישע אינטערעסן וואָס זיי ווייזן אַרויס. לויט קאַרל און שאַרלאָט בילער דאַרף די קינדהייט צעטיילט ווערן אויף דריי פּע־ריאָדן 18). די ערשטע פּעריאָדע — די אַזוי־גערופענע „שטרואוועל־פּעטער" פּעריאָדע — איז די צייט ווען קינדער גיבן זיך בלויז אָפּ מיט די געוויינטלאַכע, טאָג־טעגלאַכע פּאַסירונגען פון די סאַמע ערשטע יאָרן, ווי עסן, וואַשן, פינגער זייגן, א. ד. ג. די צווייטע פּעריאָדע שטרייכט אונטער די צויבער־מעשה, און די דריטע שטעלט דעם טראָפּ אויף גע־וואַגטע און העלדישע מעשים.

די דאָזיקע קלאַסיפיקאַציע איז געבויט אויף גאַנץ פאַרזיכטיקע באַ־אָבאַכטונג, אָבער נעמט אַרום, ווי מיר דוכט, בלויז די דרויסנדיקע זייט פונ'ם ענין. פון אונזער שטאַנדפּונקט וואָלט מען די קינדער געדאַרפט צעטיילן אין פיר פּעריאָדן, געבויט אויף פאַרשידענע אופנים פון שאַפן אידעאַלע נאָרמען אין דער וועלט מיט דער הילף פון פילאָמיטישע מיט־לען. די סאַמע ערשטע צייט איז די צייט ווען קינדער הייבן אָן צוזאַמענ־קלייבן דאָס גאַנצע ביסל היימישע מאַטעריאַל און שאַפן אַן עפּיזאָד, אַ פילאָמיטישע גאַנצקייט, וואָס רעאָרגאַניזירט דאָס קליינע וועלטל זייערס לויט די פאָדערונגען פון די קענגזייטיקע שייכות'ן וואָס עקזיסטירן צווישן זיי און אַלץ וואָס אַרום. דאָס איז איינגנטלאַך דער זין פון דער מעשה מיט'ן „צוקונפט"־קינד, וואָס איך האָב פריער געבראַכט. אויף אַן אַנדער אופן ווערט דאָס זעלביקע פאַרגעשטעלט אינ'ם מעשה־לידעלע פונ'ם 22 חדשים'דיקן קינד. דאָ ווערט עס פאַרגעשטעלט אויף אַ לירישן אופן (אַ פאַרלאַנג: „קום צוריק", אָדער: „איך האָב ליב"), ניט אויף אַן עפּישן. וואו דער עיקר איז אַן איינגעשטעלטע פאַרווירקלאַכטקייט. די דאָזיקע פּעריאָדע וואָלט מען אפשר געדאַרפט אָנרופן די צייט פון דירעקטער איבערלעבונג, ניט בלויז ווייל דער מאַטעריאַל ווערט גענו־מען פון דער קליינער, ענגער וועלט אַרום, נאָר אויך דערפאַר, ווייל די גאַנצע שטרבונג, דער גאַנצער רעאָרגאַניזיר פּראָצעס באַציט זיך אויף דעם נאָענטן, דירעקטן, אייגנטלאַך, איינציק מעגלאַכן, מאַטעריאַל.

18) Stern, l. c. 331.

דאָס איז די צייט ווען עלטערן פילן בחוש אַז בלויז זייערע אייגענע אויסגעטראַכטע מעשׂות, פון פאַסירונגען וואָס זיינען נאָענט פאַרבונדן מיט'ן קינדס לעבן, קענען האָבן אַ האַפּט. און דאָס איז גאַנץ ריכטיק. אין דער דאָזיקער צייט, וואָס דערגרייכט איר העכסטן פּונקט אַרום סוף פון פערטן יאָר, איז שווער צו געפינען אַ רייכן, פּאַרטיקן און פּאַסיקן מאַטעריאַל. וואָס זאָל כּסדר גילטן.

דערנאָך קומט אַ צייט, וואָס מען וואָלט, דוכט מיר, צום בעסטן געקענט אָנרופן פאַנטאַסטישע צייט. זי ציט זיך ביז אַרום דעם זיבעטן אָדער אַכטן יאָר. דער טערמין פאַנטאַסטיש האָט ניט קיין שייכות צו די גייסטער און מיסטעריעזע באַשעפענישן מיט וועלכע מיר פילן אַז די קינדערשע מוחות אין דער דאָזיקער פּעריאָדע. בכלל דאַרף אַזאַ קלאַסיפיקאַציע ניט זיין געבויט אויף אונזערע טראַדיציאָנעלע באַציאונגען צו קינדער, נאָר צו זייערע אייגענע ווירקלאַכע אינטערעסן. אמת, עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז ווען מיר זאָלן אפילו קיין שום אַבערגלויבישע מעשׂות ניט דערציילן, וועלן זיי די קינדער אַליין אויסטראַכטן; קינדער וועלן דעמאָלט אַליין אָנפילן זייער וועלט מיט מכשפות, שדים, רוחות, מלאכים, געטער א. ד. ג. אַלץ וואָס מיר איז באַקאַנט וועגן דעם ענין, און לויט ווי מיינע אייגענע באַאָבאַכטונגען ווייזן מיר, איז ניטאָ קיין שום גרונט, קיין שום שאָטן פון אַ גרונט, אָנצונעמען אַזאַ השערה. איך פּיל, אַז מיר מעגן מיט פולער זיכערקייט אָננעמען, אַז אַט די גאַנצע איבערנאַטירלאַכע, אַבערגלויבישע וועלט געהערט צו דעם וואָס מען רופט סאָציאַלע ירושה. דאָס זיינען טראַדיציאָנעלע מעשׂות און גלויבונגען וואָס גייען איבער פון דור צו דור און ווערן אויף אַזאַ אופן אויפגעהאַלטן. מיר אַליין פירן פשוט די קינדער אַריין אין דער דאָזיקער וועלט און דערנאָך לייגן מיר דעם בלבול אויף די קינדער 19).

דאָס וואָרט פאַנטאַסטיש האָט דאָ אַ שייכות צום פאַקט, וואָס ביי קינדער אין דאָזיקן עלטער איז שוין די וועלט ברייט אויסגעוואַקסן, בעת די מיטלען צו קאָנטראָלירן אַט די עשירות זיינען נאָך צו באַגרענעצט. דאָס קינד האָט שוין דעמאָלט גענוג געזען און געהערט, גענוג איינדרוקן אין זיך איינגעזאַפּט, אָבער איז נאָך ווייט פון מינדסטן באַגריף וועגן די געזעצן וואָס באַהערשן אַט די אַלע זאַכן. איך האָב פּריער באַמערקט, אַז דאָס דערציילן אַ מעשׂה איז אויף דער ערשטער מדרגה אַן אויסדרוק פון אַ דורשט נאָך אַ וועלט וואָס איז באַפרייט פון אירע חסרונות. דאָס איז אָבער בלויז די ערשטע מדרגה. איצט וואַקסט אויס דער דורשט אין אַ נייער ריכטונג. פּריער איז גענוג געווען אַז די מעשׂה זאָל איבערשטעלן דאָס ביסל באַלאַבאַטישקייט, און אַלץ איז פאַרענטפערט. איצט זוכט שוין דאָס פילאָמיטישע לעבן אַריינצוברייגען עלעמענטן וואָס געהערן ניט צום דירעקטן איינדרוק, וואָס זיינען שוין אָבער געוואָרן אַ פאַקטאָר אין די לעבנס שייכות'ן. פון אַזאַ קינד הערט מען שוין ניט בלויז דעם סטערעאָטיפּישן „אַמאָל איז געווען". נאָר אויך דעם נייעם נוסח פון

19) ווי אַזוי דאָס ווערט געטאָן אפילו פון גאַניץ אינטעליגענטע מענטשן. אפילו פון אַזעלכע וואָס ווילן אַז דאָס קינד זאָל זיך אויסאַרבעטן אַן אייגענע מיטאָלאָגיע, זע דעם אָפענעם טעות אינ'ם באַריכט וועגן Fairies, W. B. & J. B. B. Jour. Experimental Pedagogy Vol. I., No. 5, 1912

„אמאל, אמאל, אמאל“ און „ווייט, ווייט, ווייט פון דאנען“, — בולט'ע סמנים פון א ברייטערן און ווייטערן וועלט געשעען.

אין דעם עלטער באקומט אויך די מעשה שוין א גלייך־ליניקע אנט־וויקלונג. פּאסירונג פאלגט נאך פּאסירונג מיט דער נויטווענדיקייט פון א פולער לעבן. און עס ווייזט זיך שוין ארויס א זין פאר דער קאמישער סיטואציע, וואס שפּילט אזא אומגעהייערע ראלע אין דער קינדהייט. אט איז א כאראקטעריסטישע מעשה פון א זעקס־יאריק קינד, וואס ווייזט די לעצט־דערמאנטע שטריכן פון דעם עלטער:

„אמאל איז געווען א אינגל און דאס אינגל איז געווען זייער קא־מיש. און איין מאל איז דאס אינגל געגאנגען אין קראם קויפן אייער און ער האט באקומען די אייער און ער איז אזוי שנעל אהיים געלאפן מיט די אייער, אז ער האט זיך פארטשעפּעט און צעבראכן די אייער. האט ער גענומען די אייער, און האט גענומען די שאלן און האט זיי פארריכט ווי גאנצע אייער. און ער איז פּאמעלאך אהיים געגאנגען. און זיין מאמע איז געגאנגען צעקלאפּן די אייער און זי האט נאר גע־עפנט די שאלן און קיין אייער זיינען דארט ניט געווען, און זי האט ניט געקענט באקן קיין קוכן אין יענער נאכט“ 20).

און אט איז א מעשה פון פאנטאסטישן טיפּ, וואס איך האב אליין פארצייכנט. דאס קינד איז 5½ יאר אלט.

„אמאל איז געווען א קליין פערדעלע. ס'פערדעלע איז געגאנגען קיין ניו יארק. איז ס'פערדעלע אריין אין שטוב, און דאן אין עס־צימער און דאן אין קיך. איז פון קיך האט עס גענומען עסן קיכלאך, ברויט. אזוי גרויס איז ער, גרעסער פון טיש. הייבט ער אן צו עסן אלצדינג ארונטער פון טיש: ס'גלאז און די ביימער (?) און אלץ וואס פּאפּעס און מאמעס עסן. מען האט גאר ניט מער געהאט. מען האט געמוזט גיין קויפן. און דאס פערד האט אלץ אויפגעגעסן און אנטלאפן.“

דאס ווירקלאך נייע אין דעם עלטער איז, אי דאס פאנטאסטישע אינ'ם זין פון נייע קאמבינאציעס וואס שטאמען ניט פון דירעקטע אי־בערלעבונגען, אי דאס פאנטאסטישע, אינ'ם זין אומגעצאמטקייט, און עס לייגט זיך דעריבער אויפ'ן שכל פארוואס די צויבער־מעשה ווערט ביי א סך באטראכט ווי א פּאסיקער, אפילו ווי דער פּאסיקסטער לייען־מאטעריאל פאר אזעלכע קינדער. עס וואלט אונז צו ווייט פארפירט, ווען מיר וואלטן זיך דא ארייננגעלאזט אין דער אלטער און פארעלטערטער דיסקוסיע וועגן צויבער־מעשות פאר קליינע קינדער. עס איז גענוג אנצו־ווייזן אויף צוויי אנטקעגנגעזעצטע מיינונגען, כדי צו זען, וואו מיר האלטן מיט'ן גאנצן ענין צויבער־מעשות. איין שרייבער האלט, אז: א סך גע־מיינהייט און עגאאיזם אין די עלטערע יארן קומט צו מענטשן דערפאר, וואס זיי האבן ניט קיין אנטוויקלטע פאנטאזיע“, און דערפאר דארף מען קינדער דערציילן צויבער־מעשות ,ווייל זיי אנטוויקלען די פאנ־טאזיע 21). און מיטשעל פון דער אנדער זייט זאגט, אז „די צויבער־מעשה, דער צירק, דער געיעג נאך נייאיקייטן, דערפרייען דעם פאר־בארגענעם דערוואקסענעם; זיי רעגן אויף און צעמישן דאס קינד“ 22).

20) Mitchell, l. c. 44.
21) Literature for Children, Orton Low, 1914, 15.
22) Mitchell, l. c. 16.

דער שווער־פונקט פון אלע פארטיידיקער פונ'ם צוויבער־מעשה מאטעריאל איז תמיד געווען דער ארגומענט, אז די דאזיקע מעשות אנטוויקלען די פאנטאזיע. פעליקס אדלער זאגט אויך וועגן צוויבער־מעשות, אז „דער הויפט פעדאגאגישער ווערט וואס זיי באזיצן איז, וואס זיי איבן אויס און אנטוויקלען די פאנטאזיע" 23). אמת, אדלער פארטיידיקט ניט די צוויבער־מעשה אויף דער גאנצער ליניע. ער האלט, אז א סך צוויבער־מעשות זענען טאקע שעדלאך. אבער דאס איז נאר דערפאר, ווייל דער מוסר־השכל איז ניט קיין גוטער. א צוויבער־מעשה וואס איז, למשל, געבויט אויפ'ן מאטיוו פון דער שלעכטער שטיף־מוטער, דארף מען טאקע לויט אדלער'ן ניט אונטערטראגן די קינדער. אבער דאס האט נאטירלאך גאר ניט צו טאן מיט די עלעמענטן וואס מאכן די צוויבער־מעשה פאר דעם וואס זי איז.

די גאנצע טעאריע פון דער צוויבער־מעשה ווי אן אנטוויקלער פון דער פאנטאזיע, מעג געשטעלט ווערן אונטער א גרויסן פרעג־צייכן. בכלל זעט עס אויס זייער געקינצלט ווען מען באדארף זיך באנוצן מיט א ספעציעל געשאפענעם מאטעריאל אויף צו אנטוויקלען וואס ניט איז אין א לעבעדיק קינד. מיר זיינען שוין באלד אין גאנצן פטור געווארן פון דער טעאריע אז מען דארף לערנען לאטיין אויף צו אנטוויקלען דעם שכל, אדער מען דארף זיך באנוצן מיט די מאנטעסארי אפאראטן אויף צו אנטוויקלען די חושים. דעם זעלביקן מזל וועט מסתמא האבן יעדער אנדער געקינצלטער מאטעריאל וואס מען דארף ספעציעל באנוצן אויף עפעס צו אנטוויקלען.

צוויבער־מעשות זיינען אין דער אמת'ן פארעלטערטע ווירקלאכקייטן. די אלע אבסורדן און מאדנע פירונגען, די אלע אוממעגלאכקייטן און סתירות, וואס מיט זיי איז פול די צוויבער־מעשה, קענען בלויז דערקלערט ווערן ווי אן איבערבלייבאכץ פון אנדערע עפאכן און אנדערע ציוויליזאציעס 24). אויב די צוויבער־מעשה קען באנוצט ווערן איצט אויף צו אנטוויקלען די פאנטאזיע נאר דערפאר, ווייל זי איז דערווייטערט פון דער איצטיקער ווירקלאכקייט, אדער איז א סתירה צו איר, וואס־זשע האבן מענטשן געטאן אין יענע צייטן, ווען די צוויבער־מעשה איז געווען אריינגעוועבט אין געוויינטלאכן טאג־טעגלאכן לעבן? וואסער מעשות האט מען דעמאלט באנוצט אויף צו אנטוויקלען די פאנטאזיע? עס זעט אויס פשוט קינדיש אט דער גלויבן, אז מען דארף אוועקפירן א קינד אין אלטע לאנג־פארלאשענע וועלטן כדי צו אנטוויקלען זיין פאנטאזיע וואס לעבט און קען נאר לעבן אין דער איצטיקער וועלט, און וועט תמיד דארפן אויסגעבן איר גאנצע עשירות בלויז אויף מאכן לייכטער, בעסער און גליקלאכער דאס צוזאמענלעבן מיט דער דאזיקער איינציקער, איצטיקער וועלט. אויב מען דארף קינדער געבן בלויז טיילן פון גרוי־אלטע לעבנס־אופנים, וואלטן מיר זיי דאך ניט געדארפט לאזן שפילן מיט אויטאמאבילן, אפשר מיט וועגעלאך אויך ניט, ווייל די דאזיקע טראנספארט־מיטלען זיינען צו נאענט צו דער איצטיקער ווירקלאכקייט. אדער לכל הפחות וואלטן מיר געדארפט אכטונג געבן, אז אונזערע קינדער זאלן ניט רופן קיין „דאקטוירים" ווען די ליאלקעס

23) Moral Instruction of Children, 1892, 63.
24) The Science of Fairy Tales, E. S. Hartland, 1890, 352.

ווערן „קראנק“, נאר זאלן זיי אפשפרעכן אן עין־הרע, ווייל דאס לעצטע איז גענוג ווייט פון א מאדערנעם הייל־מיטל אז עס זאל שוין צוליב דעם אליין אנטוויקלען די פאנטאזיע.

דער דאזיקער ארגומענט פאר דער צויבער־מעשה האט קיין שום ווערט ניט. אלץ, וואס לעבט אין אונז, אנטוויקלט זיך אויפ'ן חשבון פון לעבן גופא, ניט מיט דער הילף פון געקינצלטע מיטלען. די פאנטאזיע נערט זיך פון איצטיקע ווייטאקן, איצטיקע קאנפליקטן, איצטיקע פאר־לאנגען און דער איצטיקער אנטוויקלונגס־מדרגה פונ'ם גאנצן קינד. זי האט ניטק יין באזונדערע אויטאנאמע עקזיסטענץ אינ'ם קינדס נשמה, און באזונדערע, ספעציעל אנגעווענדטע מיטלען וועלן איר ניט העלפן.

און פונקט ווי עס איז ווערטלאז דער דאזיקער ארגומענט פאר דער צויבער־מעשה, אזוי איז אויך ווערטלאז דער געגנערישער ארגומענט, וואס האט מורא אז די צויבער־מעשה וועט אנטוויקלען אין אונזערע קינדער אבערגלויבנס, עפעס אזוי ווי עס וואלט געווען אן ערנסטע גע־פאר אז אויסוואקסנדיק קענען זיי זיך נאך חס ושלום באוואנדלען אין אן אמאליקן פרימיטיוון שבט. דער אמת איז, אז פאנטאסטישע מעשות האבן אן אומשאצבארן ווערט פאר דער דאזיקער תקופה. אבער דאס ווילד־פאנטאסטישע אין דער צויבער־מעשה צעמישט, שרעקט, פארפירט און פילט אן די קליינע וועלט מיט פאראליזירנדיקע מורא'ס. אפט ווערן די געשטאלטן פון דער צויבער־מעשה א שעדלאכער פאקטאר אינ'ם קינד'ס טאג־טעגלאכן פאנטאזירן 25), א טעטיקייט, וואס איר וויכטי־קייט האבן די פסיכא־אנאליטיקער מיט רעכט אונטערגעשטראכן. די מאדנע, קאפריזנע האנדלונגען פון די העלדן פון דער צויבער־מעשה זיינען גיכער פרעמד איידער פאנטאסטיש. נעמט, למשל, די פארוואנד־לונג — א מענטש ווערט א הונט, אדער א זשאבע; אדער דאס פאר־בארגענע אויג וואס לויערט אויף שלעכטע אדער פוילע קינדער; אדער דאס אלץ וואס גייט אונטער'ן נאמען כשוף, — וואס איז דאס אויב ניט אן אפשפיגלונג פון א פרעמדער ווייטער וועלט? היינט נעמט די אלע פרינצן, פרינצעסנס, קעניגן, א. א. וו. אויב הארטלאנד'ס טעאריע איז אמת, אז צויבער־מעשות זיינען אן איבערבלייבאכץ פון גאר אלטע, גראע ציטן, זעען מיר אבער, אז מען האט זיי גאנץ פיין צוגעפאסט צו שפעטערדיקע באדינגונגען דורך דעם, וואס מען האט זיי אנגעפילט מיט גוטע פרינצן און שיינע פרינצעסנס. פארוואס זשע זאלן מיר איצט לאזן דארט די אלע העלדן וואס האבן היינט שוין פארלוירן יעדן זין און שפילן קיין שום ראלע ניט אין דער קינדערשער וועלט?

פאראן גענוג פאנטאסטישע מעשות און נאך מער מעגלאכקייטן פאר אזעלכע, וואס קענען באגייסטערן און דערפרייען א היינטיק מענטשלאך קינד מיט מאטעריאל פון דער איצטיקער וועלט. ביי אונז, ספעציעל, איז פאראן א ים מיט פאלקס־מעשות וואס וואלטן, מיט קליינע ענדערונגען, געקענט זיין זייער וויכטיק. אייגנטלאך שטאמט די פרייד פון קינדער אין צויבער־מעשות אויך פון דעם, וואס זיי האבן אלע א ווענדונג צום איצטיקן לעבן; די שרעק און פארווירטקייט פון אזא מעשה איז גיכער א שטערונג איידער א הילף, און ווען קינדער קומען אין די וויטערע יארן פון דער פאנטאסטישער תקופה זאגן זיי זיך טאקע אפ

25) Children's Stories, Wontrina A. Bone, 1924, Ch. 3.

פון צוויבער־מעשות: „דאָס איז פאַר קליינע קינדער, מיר ווילן דאָס ניט הערן“, זאָגן זיי, בעת ווען עס קומט צו פאַנטאַסטישע מעשות, וואָס זיינען ניט אַזוי טיף אריינגעטאָן אין אַ פרעמד און דערוווייטערט לעבן. האַלטן זיי טאַקע אַן אַ פיל לענגערע צייט. דאָס געהערן אַ סך פון אַנ־דערסענם מעשות, און ווען מען זאָל באַזייטיקן די פרינצן און פרינ־צעסנם — וואָס געהערן שוין איצט צו דער געשיכטע און דאַרפן דער־מאָנט ווערן ניט פריער ווי אין געשיכטע קורסן — וואָלטן נאָך מער געקענט האָבן אַ ווערט. דאָ האָער געהערן אויך די פאַבעלן, בכלל די מעשות וועגן חיות זיינען אַ זעלטענער פאַנטאַסטישער מאַטעריאַל, און די מורא פאַר אַנטראָפּאָמאָרפיזם, אויף וואָס טייל ווייזן אָן, איז, דוכט מיר, געבויט אויף אַ פאַלשער אויפפאַסונג.

די צאָל מעשות וואָס גייען אונטער'ן נאָמען צוויבער־מעשות איז אַזוי גרויס, און די קלאַסיפיקאַציע אַזוי אומבאַשטימט, אַז צווישן זיי זיינען באמת פאַראַן אַ סך, וואָס געהערן צום טיפ פון שיינע און ניצ־לאַכע פאַנטאַסטישע מעשות. און דאָס נעמט זיך אַי פון דעם וואָס זיי האָבן ניט אין זיך די שעדלאַכע עלעמענטן, אויף וועלכע איך האָב אָנ־געוויזן, איז צוליב דעם וואָס דער מוסר השכל סטאַרטשעט ניט אַרויס פון אַלע זייטן.

אין פלוג זעט עס אויס צו זיין אומפאַרשטענדלאַך פאַר וואָס ניט נאָר קינדער, נאָר מענטשן בכלל זאָלן אַזוי פיינט האָבן מוסר און ספּעציעל דעם מוסר־זאָגער. און די לאָגע בייט זיך אויף אַ האָר ניט אפילו ווען דער מוסר באַציט זיך אויף אידעאַלע נאָרמען וואָס ווערן אַלגעמיין אָנגענומען און געשעצט. צווישן די וויצן און אַנעקדאָטן וואָס גייען אַרום אין פאָלק געפינען מיר גאָר אַ גרויסן טייל וואָס שפּאָט אָפּ פון'ם גייסט־לאַכן און מוסר זאָגער, און פון'ם אינהאַלט פון אָט די אַלע אַנעקדאָטן זעט זיך אַרויס דאָס באַזונדערע פאַרגעניגן פון מענטשן צוצושרייבן צום ממונה איבער אונזער מאָראַל אַלע ליידנשאַפטן און שוואַכקייטן אַנט־קעגן וועלכע זיינע פלאַמיקע דרשות זיינען געווענדט. אַן ענלאַכע פיינט־לאַכע באַציאונג האָבן מיר אַלע, און ספּעציעל קינדער, צום מוסר וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט אויף אַ פילאָמיטישן אופן.

אין לעצטן פאַל פילן זיך קינדער באַזונדערס אָפּגענאַרט, פאַרווירט. די איינציקע טרייסט פון'ם מאָראַלן אידעאַל איז זיין כח אין דער גע־שטאַלטונג פון ווירקלאַכע לעבנס פראָצעסן. די מעשה איז אַ וויכטיק דערציערישע מיטל, ווייל זי שפּילט זיך פאַנאַנדער אין דער וואָרעמקייט פון אַ לעבעדיקער רעאַליטעט. די מעשה איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אייביקער זעלבסט־באַוועגונג וואָס טראָגט אין זיך אַליין אַלע אירע סיבות. און איז ניט קיין אַבסטראַקציע, קיין אָפּגעריסענע אידייע, וואָס לעבט אַ זייטיק, דערוווייטערט לעבן. דאָרט ווען דער דערציילער ווייזט אַרויס אַז דאָס דערציילן איז ביי אים אַ מיטל פאַר זייטיקע כוונות, אַז ער אַליין שטייט פון דער זייט, וואָס ביי אַן אמת'ן לעבנס־פראָצעס איז עס אוממעגלאַך, דערוווייטערט ער זיך שוין דערמיט פון'ם צוהערער. די פּאַסירונגען פאַרלירן פאַר'ן לעצטן זייער גאַנצן זין, ווייל ער קען זיי דאָך ניט מער מאַכן פאַר זיינע אייגענע, ער קען מער אין זיי ניט זען די נאַטירלאַכע שפּראָצונגען פון זיין וועלט, און זיין באַגער אַקטיוו מיטצושאַפן ווערט אָפּגעטויט. אַנשטאָט צו דערפילן די אומבאַוואוסטע

און טונקעלע זייטן פון לעבן און זיין אויפמערקזאם אויף די באוואוסטע, בלייבט דא איבער בלויז א פארשארפט באוואוסטזיין פונ׳ם דערציי־לערם א געדאנק, און אזא קינסטלאכער צוזאמענשטעל איז פאר א קינד אן אנטוישונג, אויף וויפיל עס איז ניט קיין מעשה, און לחלוטין ווייט, פרעמד און אומאינטערעסאנט אויף וויפיל עס איז א באוואוסטזיניק געשטעלטע כונה. דער מאראלער איינפלוס פון מעשות אויפ׳ן לעבן פון קינדער איז בלי ספק אומגעהייער, אבער נאר דעמאלט, ווען זיי זוכן צו דערציילן, ניט צו לערנען. דער אמת איז, אז די איינגעגלויבטקייט פון דערוואקסענע אין פראפאגאנדע, אינ׳ם מאגישן כוח פון רייד, נעמט זיך גיכער פון אונזער אייגענער באדערפעניש זיך אפצורעדן פון הארצן איידער פון וועלכער ניט איז אויפפאסונג פון דער קינדערשער, אדער בכלל, מענטשלאכער, פסיכיק.

די דריטע פעריאדע, וואס ציט זיך ביז ארום דעם צוועלפטן אדער דרייצנטן יאר, וואלט מען געדארפט אנרופן די רעאליסטישע אדער העלדן פעריאדע. דאס איז קודם כל די תקופה ווען דער דראנג צו רעארגאני־זירן און שאפן נעגנזייטיקע צופאסונגען מוז זיך האלטן אין ענג־רעאלע גרענעצן. אויך אין דער ערשטער, דער פעריאדע פון דירעקטער איבער־לעבונג, געפינען מיר בלויז דאס קאנקרעטע, דאס נאנט־ארומיקע, אבער דארט איז עס א פועל יוצא פון א צו־ארעם פסיכיש לעבן. דא, פארקערט, לאכקייט. דארט ציט זיך דאס קינד צו א רעאלער וועלט, דא — צו א רעאליסטישער. דארט אפעריר׳ט דאס קינד בלויז מיט ווירקלאכקייטן, דא — מיט ווירקלאכקייטן פלוס ווירקלאכע מעגלאכקייטן. דער נערוון־סיסטעם געפינט זיך שוין באלד אויף דער רייפער מדרגה פון א דער־וואקסענעם; די מעגלאכקייטן פאר ווייט־פארצווייגטע פארבינדונגען זיינען אפן און פריי. די פאנטאסטישע כחות וואס קומען צוהילף אין דער פריערדיקער פעריאדע אין די פראצעסן פון רעארגאניזירן און צו־פאסן קענען איצט שוין מער ניט גילטן, ווייל די נענטערע באקאנט־שאפט מיט די עלעמענטארע געזעצן פון דער פיזישער און גייסטיקער וועלט לייגן ארויף א שווער געוויכט אויף די פליגלען פון דער פאנטאזיע. ממילא ווערט געבוירן א נייער כוח וואס האט די גרויסע מעלה אז ער האלט אין זיך אויף די מעגלאכקייט פון גרויסע דערגרייכונגען און דאך טרעט ער ניט ארויס פון די גרעניצן פון רעאלן לעבן. דא קומען מיר צו צו דער צווייטער כאראקטעריסטיק פון דער דאזיקער תקופה: דער טיפער אינטערעס אינ׳ם אויסדערוויילטן מענטשן, אין דער גרויסער מענטשלאכער פערזענלאכקייט.

דאס איז די צייט ווען, פון איין זייט, איז די פראגע: „איז עס אמת?“ אן אפט געשטעלטע פראגע בנוגע געהערטע אדער געלייענטע מעשות. מיר איז אפט אויסגעקומען צו באמערקן ביי קינדער פון דעם עלטער א ווידערוויליקייט צו לייענען מעשות וואס זיינען געשריבן אין דער ערשטער פערזאן. די ערשטע פערזאן שמעקט עפעס מיט בארימעריי אין די אויגן פון אזעלכע קינדער, און ממילא איז פאראן א מעגלאכקייט אז עס איז ניט אמת. פון דער אנדער זייט רייסט מען זיך צום דעטעקטיוו פעלד, צו דער באשרייבונג פון ריזיקאלישע מאמענטן און צו רובינסאן קרוסא טיפ פון בייקומען שוועריקייטן.

דאס איז אויך די צייט ווען שונד האט דעם שטארקסטן אנהאלט.

א געניטע ביבליאטעקארן קלאגט זיך: „קינדער גלויבן אז מען דארף זיי געבען פרייהייט אין לייענען און האבן פיינט ווען מען מישט זיך אריין. ווי צו די קלאסיקער, זיי ווילן אלדזשער, ניק קארטער, אפטיק, פינלי אדער פאנכי. זיי וועלן גלייכער לייענען אזעלכע ביכער צום דריטן מאל, איידער אזעלכע וואס מען רעקאמענדירט זיי ווי גוטע ביכער" 27). די צרה איז, וואס אזעלכע קינדער האבן זיך ניט איין מאל אפגענארט ווען זיי האבן געפאלגט און זיך געכאפט צו רעקאמענדירטע קלאסיקער. עס איז פיל מער די פראגע וועגן דעם כאראקטער פון רעקאמענדירטן בוך ווי וועגן דער פרייהייט צו לייענען וואס די קינדער אליין ווילן. פון מיינע ערפארונגען מיט געשעפטן פון אלטע ביכער ווייס איך צו דערציילן פון טויזנטער קינדער וואס גיבן אויס זייערע לעצטע סענטן אויף די ערגסטע שונד ביכער ווען די ביבליאטעקן זאגן זיך אפ זיי אריינצונעמען. אט דאס רייסן זיך צום דאזיקן סארט ליטעראטור איז אזא, אז קיין ערנסטער באאבאכטער פון קינדער לעבן — ווי שטארק עס זאל ניט זיין זיין אינטערעס, ליבע און גלויבן אין העכערער קונסט — טאר זיך ניט פארגינען עס אוועקצומאכן מיט דער האנט. מיר האבן דא פאר זיך א ליידנשאפט צו וועלכער מען טאר ניט זיין בלינד, מען דארף זי פארשטיין, און ערשט דעמאלט וועלן מיר האבן די מעגלאכקייט זי צו קאנטראלירן.

דער אמת איז, אז אט די שונד מעשות פארמאגן אפט אזא זעלטענע פאראייניקונג פונ׳ם נאענטן און ווייטן, אזא פיינע קאמבינאציע פון נאענטסטע מאטיוון און ווייטסטע אינטערעסן, אז עס פארכאפט פשוט דעם אטעם ביי די קינדער. עס שפילט זיך פאר זיי אפ א לעבן געבויט אויף א בעסערן אופן און מיט באקאנטע, איצטיקע, לעבעדיקע מאטעריאלן. עס איז א לעבן וואס גיט צו דאס וואס פעלט, וואס נעמט אוועק דאס וואס דארף ניט זיין, און רעארגאניזירט ריכטונגען, פאזיציעס און פראצעסן אין הסכם מיט נייטיקסטע באדערפענישן. מעשות, וואס דרינגען אריין אזוי טיף און באהעפטן זיך אזוי שטארק מיט ווירקלאכע לעבנס־מאטיוון, שטויסן ניט אפ צוליב זייערע אנדערע חסרונות, אפילו ווען די חסרונות זיינען אזעלכע וואס קינדער קענען באנעמען ווען מען ווייזט זיי אן אויף זיי. עס איז פאראן ממש א ים פון אזעלכע שונד מעשות וואס זיינען געבויט אויף פארשידענע וואריאציעס פון דער טעמע: אן ארעם קינד וואקסט אויס א גרויסער און בארימטער מענש. דאס קינד שטאמט געוויינטלאך פון ארעמע, שלעכטע עלטערן; רייסט זיך ארויס פון דער היים מיט גרויס שוועריקייט; לאזט זיך אליין ארויס איבער דער גרויסער וועלט; לעבט איבער געפארן, הונגער, באליידיקונג, א. א. וו. צום סוף ווערט ער בארימט אין דער וועלט מיט זיין בילדונג, אדער חכמה, אדער עשירות, אדער פיזישער שטארקייט, אדער ספארטשפילן, א. א. וו. א. וו. פארשטייט זיך, אז יעדעס לאנד און יעדעס פאלק טראגט אריין אין אזעלכע מעשות אן אנדער קאליר און פארשידענע שאטירונגען פון צוועקן וואס די העלדן ווילן דערגרייכן.

אזעלכע מעשות פאראייניקן אויף א מערקווירדיק־צוגעטראפענעם אופן אי דעם „אמת", אי דעם „העלד", וואס דאס איז דאס נאענטסטע צו דער פסיכיק פון דעם עלטער, און ווערט אזוי טיף איינגעווארצלט,

27) What Children Read, Lila Van Public Libraries, 1906, 183.

אַז גאַנץ בולט'ע סימנים פון אַט דעם פּסיכישן צושטאַנד בלייבן איבער אויפ'ן גאַנצן לעבן. און אויב אין דערוואַקסענעם לעבן קענען מיר זיך ווען ניט ווען באַפרייען פון'ם כשוף פון מיכל קאַפּלאַנס מגיד וואָס, ווען ער „מאָלט דעם חבוט הקבר איז גלייך ווי איר וואָלט זיין דערבײַ", זוכט אָבער די דריטע מייסטנס דאָס רעאַלע, כאָטש דאָס פּאַנטאַסטישע פון דער פריערדיקער פּעריאָדע ווערט ניט אין גאַנצן אָפּגעמעקט. אויך דער העלד, די גרעסטע שאַפנדיקע און איבערשאַפנדיקע קראַפט פאַר דעם עלטער — אין דער אמת'ן די איינציקע קראַפט וואָס, פון שטאַנדפּונקט פון אַזאַ עלטער, טראָגט אין זיך אַליין אַלע אירע סיבות, און איז ניט מאַשין־מעסיק געבונדן צו אַנדערע כחות — שטייגט אויף אין אַזעלכע מעשות אין זיין גאַנצער פולקייט און פאַרנעם. דער מאָטיוו פון ריזיקאַלישע איבערלעבונגען, וואָס איז באמת אַ מאָטיוו ניט פון סתם איבערלעבן געפאַרן, נאָר פון בייקומען זיי, רוקט אַרויס דעם כוח פון העלד אין סאַמע פראָנט פון געשעענישן, און פילט אָן מיט גרויסער באַגייסטערונג דעם קליינעם לעזער. דערפאַר האָט טאַקע דער קינעמאַטאָגראַף אַזאַ מעכטיקע צוציאונגס־קראַפט אין אָט דער פּעריאָדע, וואָרים ער, נאָך מער ווי דאָס בוך, איז בכוח איבערצוגעבן דאָס רעאַלע, אָן שום באַשרייבנדיקע דעטאַלן — וואָס קינדער האָבן אַזוי פיינט — און קאָנצענטרירט זיך אויך אויפ'ן העלד, די וויכטיקסטע קראַפט אויף וואָס דער קליינער צוקוקער קען זיך אָנשפּאַרן.

וויפיל ווערק האָבן מיר אין דער קינסטלערישער וועלט־ליטעראַטור, וואָס איז צוגעפּאַסט צו קינדער, וואָס זיינען געבויט אויף די דערמאָנטע מאָטיוון? מיר דוכט, אַז מען וואָלט געקענט אָן שום גוזמא זאָגן, אַז וואָס מען זאָל פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן, וועלן שאַפן אַ ביבליאָטעק פאַר אָט דער פּעריאָדע, וואָלטן מיר בלויז געקענט צוזאַמענקלייבן אַ זייער אָרימע זאַמלונג. לאָמיר אויך ניט פאַרגעסן, אַז דאָ האַנדלט זיך איינגנטלאַך וועגן דעם שול־עלטער וואָס דערציט זיך אויף דער ליטעראַטור אין די לערן־ביכער. די לערן־ביכער, פון דער אַנדערער זייט, נעמען זייער מאַטעריאַל מייסטנס פון דער אָנערקענטער קינסטלערישער ליטעראַטור. ממילא קומט אויס אַז די לערן־ביכער, אַ חוץ דעם וואָס זיי שטילן ניט די דורשטן וואָס שטאַמען פון די קינדערס פּילאָמיטישע איבערלעבונגען, שאַפן זיי ביים קליינוואַרג אַן איינגעוואָרצלטן פאָראורטייל אַנטקעגן דער ליטעראַטור צו וועלכער עס טרייבן זיי די לערער און בכלל די דערוואַקסענע ליטעראַרישע אויטאָריטעטן. אין מאָמענטן ווען מיר איז געלונגען צו געווינען דעם צוטרוי פון קינדער, האָבן זיי מיר ניט איין מאָל דערקלערט, אַז „מיר לייענען ד אָ ס ווייל אונזערע לערער פאָדערן עס פון אונז; אַליין וואָלטן מיר זיך קיינמאָל ניט גענומען דערצו". מיר וואָלטן דעריבער געקענט זאָגן אָן שום מורא פאַר איבערטרייבונג, אַז — אין איצטיקן מאָמענט לכל הפּחות — וואָס גרעסער עס איז דער קינסטלערישער ווערט פון אַ לערן־בוך אַלץ גרעסער איז זיין אַנטי־קינסטלערישער איינפלוס אויף די שול־קינדער, ד. ה. אַלץ שווערער ווערט דער וועג וואָס פירט צו דער אַנטוויקלונג פון אַ העכערן ליטעראַריש־קינסטלערישן געשמאַק ביי אונזערע קינדער, וואָס געפינען זיך אין עלטער פון דער רעאַליסטישער אָדער העלדן תקופה פון זייער פּילאָמיטישער אַנטוויקלונג.

א פארגלייך צווישן דעם ליטעראַרישן מאטעריאל וואס לערן־ביכער פון אנפאנג־שולן אנטהאלטן אין דער ליטעראטור, און וועלכער קינדער זיינען באמת פאראינטערעסירט, איז מיט א קורצער צייט צוריק געמאכט געווארן פון צוויי שרייבערנס 28). אין זייער אויספארשונג ליגט א ים מיט ארבעט און איז דורכגעפירט געווארן מיט גרויס פארזיכטיקייט, כאטש פון דעם וואס זיי האבן פארעפנטלאכט קען מען ניט דערגיין צי זיי זיינען אזוי וויט געגאנגען אין דער טיף ווי אין דער ברייט. קודם כל האבן זיי איבערגעקוקט א צאל פון די וויכטיקסטע ענגלישע לערן־ביכער און דעם גאנצן מאטעריאל קלאסיפיצירט. דערנאך האבן זיי זיך גענומען אויסצוגעפינען וואס די קינדער לייענען אויסער דער שול. די לעצטע אויספארשונג איז דורכגעפירט געווארן. (1) דורך אויספרעגן אין ביבליאטעקן וואסערע ביכער קינדער בעטן און לייענען; (2) דורך אינפארמאציע פון ביבליאטעק קארטלאך וויפיל מאל קינדער האבן גענומען געוויסע ביכער צו לייענען; (3) דורך באטראכטן די פאפולאריטעט פון ביכער פון זייער צושטאנד, ווי פינגער־צייכנס, צעריסענע בלעטער, איינגעשמירטע טאוולען, א. ד. ג.; (4) וואסער ביכער עס ווערן געלייענט אין דער ביבליאטעק גופא און וויפיל מאל; (5) שמועסן מיט קינדער. בנוגע דעם פערטן פונקט, האבן זיי זיך צוגעקוקט צו 1500 קינדער אין משך פון ניין חדשים, געשיקט אנקעטעס אין אלע טיילן פון לאנד, אזוי אז ארום און ארום האט זייער אונטערזוכונג ארומגענומען 5000 קינדער. דער שלום פון דער דאזיקער אויספארשונג גיט איבער, אז צווישן ענגלישע לערן־ביכער איז אין די לעצטע צייטן פארגעקומען זייער א גרויסע ענדערונג צום גוטן. דאך ווייזן זיי אז אויף געוויסע פעלערן וואס זיינען זייער אינטערעסאנט. זיי ווייזן למשל אן, אז מיטאלאגישע מעשות, וואס פארנעמען אן אנגעזעענעם ארט אין לערנביכער, פארנעמען קיין שום פלאץ ניט אין טאג־טעגלאכן פילאמיטישן לעבן פון קינדער. די פאדערונג אויף הומאר און רעטענישן איז א סך גרעסער ווי די לערנביכער אנערקענען, און פאבלען, ספעציעל די פונ'ם מוסר השכל טיפ, זיינען עלף מאל מער פארטראטן אין די ביכלאך ווי זיי ווערן געלייענט אין לעבן.

א וואונדער איז דאס, וואס כאטש זיי אליין ווייזן אן אז די ביכלאך גיבן דריי מאל אזוי פיל פאעזיע ווי די קינדער פארלאנגען עס, דאך זיינען זיי ניט איינשטימיק מיט צוויי פריערדיקע פארשער, וואס האבן גאנץ קלאר אנגעוויזן, אז קינדער זיינען גאנץ ווייניק פאראינטערעסירט אין פאעזיע 29). פון די רייד פון די דאזיקע שרייבערנס איז אפילו גאנץ שווער צו כאפן וואס זיי מיינען מיט פאעזיע, אבער מען קען זיך משער זיין אז זיי האבן אין זין ריטמישע פערזן אין גראמען. וואלטן זיי אבער קלאסיפיצירט פאעזיע לויט אינהאלט, וואלטן זיי מסתמא אויסגעפונען, אז אויף וויפיל עס איז יא פאראן ביי קינדער אינטערעס אין „פאעזיע", האט זי א שייכות צו א פרימיטיווערן פילאמיטישן מאטעריאל (א מעשה אדער אן עפיזאד אין גראמען) און ניט צו אזעלכע לידער וואו פילא־

28) Emma B. Grant & Margaret L. White, Teacher's College Record, February and April, 1925.
29) Dunn, Interest Factors in Primary Reading. Teacher's College Contribution ot Education No. 113. Abbot, Reading of High School Pupils, School Review, 1902, 585.

כיטישע מאָטיוון ווערן שוין, דורך העכערע דענק־געוואוינהייטן, פאַרקערפּערט אין וואָרט־פאָרמען, בילדער א. ד. ג., אָדער וואו די נייטיקייט צו סאָציאַליזירן איבערלעבונגען (אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן) וואָרט שוין אַ מאָטיוו אין זיך אַליין, און געפינט זיין אויסדרוק אין לירישע לידער. אין דער אידישער ליטעראטור האָט נאָך קיינער ניט געשאַפן אַזוי פיל פרייד די קינדער ווי לאה קאפּילאָוויטש, ספּעציעל וואו זי איז טעכניש ניט הינטערשטעליק, און מאַני לייב, וואו ער איז בלויז דערציילעריש. אַ סך לידער וואָס גייען אַריין אין אונזערע לערנביכער, כאָטש זיי שטייען קינסטלעריש גאַנץ הויך, און כאָטש קינדער האָבן ניט קיין גרויסע שוועריקייט זיי צו פאַרשטיין, האָבן אַ קנאַפן ווערט. עס דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר ווערן, אַז פריער פאַר די מעלות פון קינסטלערישער הויכקייט און אינטעלעקטועלער צוגעפּאַסטקייט אין קינדער ליטעראַטור, שטייט די גרויסע מעלה פון פילאָמיטישער וויכטיקייט. די דערמאָנטע צוויי שרייבערנס פאַרענדיקן זייער אַרבעט מיט אַזאַ באַמערקונג:

„צווישן 1080 און 1910 האָט זיך אַנטוויקלט דאָס לערנבוך מיט ליטעראַרישן מאַטעריאַל. מענטשן האָבן געהאַט אַ באַגריף פון אַ ליטעראַריש לערנבוך אפילו פריער, אָבער זיי האָבן אויך געהאַט אַ באַגריף, אַז אַ קינד איז אַן עמבריאָ דערוואַקסענער. פון זייער דערוואַקסענער הויך... האָבן זיי כסדר אַראָפּגעגאָסן איבער, און אַרום דעם קינד... די רייפע זאַכן וואָס ליטעראַרישע מייסטער האָבן געשאַפן אָן שום כונה אַז זיי וועלן זיין פאַר קינדער. זיי האָבן געטוליעט צו זיך די האָפענונג, אַז די קינדער וועלן פלוצלונג אויסוואַקסן מיט דער געוואוינטהייט און דעם געשמאַק צו לייענען ליטעראַרישע שריפטן. אַ סך קינדער זיינען טאַקע אַזוי אויסגעוואַקסן. אָבער דער קרעדיט געהערט צו זייערע עלטערן אָדער אַ דערבייאיקער ביבליאָטעק". ווען מיר דערמאָנען זיך ווי אָרים עס איז דער קוואַל פון וואַנען אונזערע אידישע לערנביכער מוזן שעפן, ווערט באמת ניט פריילאַך אויפ'ן האַרצן.

די פערטע פּעריאָדע, וואָס הייבט זיך אָן אַרום דעם דרייצנטן יאָר, צייכנט זיך אויס מיט דער אַנטוויקלונג פון עטוואָס נייע צענטרען סיי אין פיזיאָלאָגישן סיי אין פסיכאָלאָגישן לעבן. דער וואוקס פון האַרץ און אַרטעריען איז אַזאַ, אַז די פּראָפּאָרציע איז לחלוטין ניט די זעלביקע ווי פריער, מיט'ן רעזולטאַט וואָס עס קומט פאָר אַן אָנזעעוודיקע שטייגונג פון בלוט־דרוק. די טעמפּעראַטור שטייגט עטוואָס. וואָס דאָס איז אַן עדות אויף כעמישע ענדערונגען. דאָס קול בייט זיך ביי ביידע געשלעכטער. עס קומט פאָר אַ שנעלער וואוקס פון גאַנצן קערפּער, און דער וואוקס פון מאַרך דערגרייכט די לעצטע מדרגה. און פון אומגעהייערער וויכטיקייט איז דאָס וואָס די רעפּראָדוקטיווע אָרגאַנען ווערן רייף. ניט ווייניקער וויכטיק איז די אַנטוויקלונג אין דער פסיכישער ספערע. ווערטער. פאַסירונגען און מענטשן באַקומען אַ רייכערן זין. אָפענע געגנזייטיקע באַציאונגען ווערן געפירט אין גרענעצן פון מער קאָנטראָלירטע נאָרמען און לאָזן איבער אַ ברייטן שטח פון האַלב פאַרשטויסענע אידייען און ניט אויסגעדריקטע געפילן פאַר שטענדיקן פאַנטאַזירן און פאַרטיפטן חלום־אַרטיקן לעבן. עס קומט פאָר אַ פולער און דעליקאַטער געמיש פון גאוה און עניוות. דאָס אויפגעוואַכטע סעקסועלע לעבן, ווען דער מיטגליד פון צווייטן געשלעכט ווערט שוין אַן אָביעקט און אַ ציל, שטעלט לכתחילה אוועק שאַטנדיקע אומבאַשטימטקייטן צו

וועלכער עס ציט זיך די יוגנט נשמה. עס קומט אויך פאַר אַ גלייכצייטיקע פאַרשאַרפונג סיי פון אינדיווידועלע סיי פון סאָציאַלע דורשטן.

אזוי ווערט פאַר זיי די וועלט פול מיט קאָנפליקטן, קאָנפליקטן צווישן ברייט־אויסגעוואַקסענע פאַרלאַנגען און באַגרענעצטע מעגלאַכקייטן, צווישן דער אויפפאַסונג פון פערזענלאַכער פייאיקייט, פולקאַמענהייט, גערעכטיקייט, און אַרומיקער מורא, באַגרענעצטקייט און פאַלשקייט דאָס אַלץ צו אנערקענען. דער פריערדיקער אידעאַל פונ׳ם אויסדערוויילטן העלד פאַרלירט שוין אביסל זיין אמאָליקן ווערט, ווייל זיין ספערע זעט איצט אויס צו זיין צו אָרים און זיין ראָלע אין איר, די ראָלע פון אַן איינציקער, דערווייטערטער, אָפּגעזונדערטער, כאָטש העלדישער פיגור, קען שוין מער ניט זיין אזא גריטלאַכע טרייסט אין אַ וועלט וואָס אירע קאָנפליקטן זיינען אזוי טיף פאַרפערזענלאַכט געוואָרן.

אויך דאָ שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לייענען דער מאָטיוו פון ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען, אָבער דער צוגאַנג איז שוין אביסעלע אַנדערש. דאָ וואַקסט שוין אויס דער באַוואוסטזיניקער דורשט נאָך אינפאָרמאַציע. דאָס באַוואוסטזייז פון אייגענער באַגרענעצטקייט — דער מאָמענט פון זעלבסט־קריטיק, הייבט זיך שוין אָן צו באַווייזן. דער דורשט צו שפּילן אַ גרעסערע געזעלשאַפטלאַכע ראָלע ווערט שטאַרקער. ממילא ווערט גרעסער דער פאַרלאַנג נאָך ליטעראַטור וואָס אינפאָרמירט. ממילא ווערט בכלל שטאַרקער דער פאַרלאַנג צו לייענען; לייענען וואָס מער, וואָס פאַרשידנאַרטיקער און אָנגעשטרענגטער. דאָס איז אַ מין זוכן אין אַלע ריכטונגען, אַ מין וועלן זיך ראַטעווען פון דער אייגענער פאַרלוירנקייט אין דער גרויס־געוואָרענער וועלט.

די ראָלע פונ׳ם פיזישן פאַרנעמט שוין ניט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייטס־ליניע ביי דער יוגנט. זי הייבט אָן דורכגעדרונגען צו ווערן — סיי דורך אינפאָרמאַציע סיי דורך דירעקטער איבערלעבונג — מיט דער ראָלע פון גייסטיקע כוחות אין דער וועלט, פון די איידעלערע, העכערע כחות. דאָ האָט שוין דער גרויסער דעטעקטיוו אָדער פלינקער ראַנגלער אַ שוואַכע פּאָזיציע אין פאַרגלייך מיט יענע מעשות פון געיואָגטן לעבן וואָס רוקט אַרויס דעם אַנטדעקער, דעם ערפינדער אָדער גרויסן קינסטלער. און ווי איך האָב פריער אָנגעוויזן פאַרנעמען דאָ די ביאָגראַפיע, די רייזע־באַשרייבונג און געשיכטע זייער אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ.

פון אַ פּילאָמיטאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז וויכטיק צו פאַרצייכענען, אַז אין דער תקופה הויבן די קינדער אַן אָפּצוטיילן צוויי באַזונדערע פּילאָמיטאָלאָגישע ווערטן: דאָס באַריכט־אַרטיקע (די אמת׳ע מעשה, ווי די ביאָגראַפיע, רייזע־באַשרייבונג א. ד. ג.) און דאָס קינסטלערישע. דאָס וואָס ווערט אַוועקגעשטעלט אין דער לאַגע פון אַ לעבנס־געשעעניש בכלל, שוין פריער האָבן מיר געזען, אַז אזא פאַראַלגעמיינערונג־טענדענץ (אין שאַפנדיקע מאָמענטן) איז פאַראַן אפילו אין דער גאָר יונגער קינדהייט. דאָ אָבער ווייזט זיך שוין אַרויס אַן אָפּן באַמערקטע פאַנאַנדערטיילונג. און כאָטש ביי אַזעלכע קינדער האָט די אמת׳ע מעשה, טאַקע ווייל זי איז אַן אמת׳ע, נאָך אַלץ די פּריווילעגיע פון בילכערקייט, ווערט אָבער דאָס קינסטלערישע ווערק שוין אויך קלאָר אָפּגעשאַצט. וואָרים די מעלה פון ליטעראַרישע קונסט איז דאָס וואָס זי איז זיך ניט סומך בלויז אויף דירעקטע האַנדלונגען, נאָר באַלייכט דעם מענטשלאַכן זין

פֿון אַלע, אין פֿלוג נייטראַלע, פּרטים פֿון דער גאַנצער אַרומיקייט. זאַכן, קאָלירן, ווערטער, באַוועגונגען, וועטער־ענדערונגען, חיות, פּלאַנצן, קאָסמישע ערשיינונגען, מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס רינגלט אונז אַרום, האָט פֿריער פֿון אַלץ אַ מענטשלאַכן ווערט, ניט קיין ווערט אין זיך אַליין. אַ נייע שול אין דער ליטעראַטור איז סוף כל סוף אַזאַ, וואָס ווייזט אַז אויפֿ'ן מענטשלאַכן זין פֿון נייע, אומבאַמערקטע, ד. ה. „נייטראַל"־אַנגענומענע דעטאַלן. אַזאַ צוגאַנג צו וועלט־ערשיינונגען אַנטפּלעקט אַ נייע מעכטיק מיטל אין פּילאָסאָפֿישער רעאָרגאַניזאַציע פֿון לעבן. און דער אַנהייב פֿון אָט דעם פּראָצעס הייבט זיך אַן אין אָט דער פּערטער, אַדער פּאָר־ליטעראַרישער פּעריאָדע.

אויך דאָ, פּונקט ווי אין דער ערשטער פּעריאָדע, דער פּעריאָדע פֿון דירעקטער איבערלעבונג, באַמערקט מען אַ באַזונדערע פּאַרליבטקייט אין קלינגענדיקע ווערטער. אָבער איצט איז שוין דאָס וואָרט מער זינפֿולער סימבאָל ווי שאַפֿונגס־שפּיל; מער פֿונקציע פֿונ'ם באַוואוסטזיין, איידער פֿון אַ טונקל געפֿיל, וועגן דער ראָלע פֿון וואָרט אין עמאָציאָנעלן און כאַציאַלן לעבן. אין אַלגעמיין זעען מיר אין יעדער פּעריאָדע וויכטיקע ערשיינונגען פֿון אַ פֿריערדיקער נאָר אין אַ נייעם זין און אין אַ רייכערן הינטערגרונט וואָס וואַרפֿט אַ באַזונדער ליכט אויף פּילאָסאָפֿישער עוואָ־לוציע.

ווי געזאָגט. האַלטן מיר איצט ביי אַ פּאָר־ליטעראַרישן עלטער. עס איז ניט אַזוי וויכטיק דאָס, וואָס אַזעלכע קינדער קענען שוין אויפֿכאַפּן מער אַדער ווייניקער די שיינקייט פֿון אַ בילד, די טרעפֿלאַכקייט פֿון אַ פֿאַרגלייך אַדער די קראַפֿט פֿון אַ וואָרט, נאָר דאָס, — אייגנטלאַך די זעלביקע זאַך — וואָס זיי קענען שוין פֿילן די שייכות פֿון אָט די אַלע ליטעראַרישע קונסט־מיטלען צו די טיפֿערע איבערלעבונגען. דער פּריי־לאַכער סוף איז נאָך אַלץ די איינציקע פּילאָסאָפֿישע מעגלאַכקייט. דער שכר פֿאַר גוטס און די שטראָף פֿאַר שלעכטס איז פּילאָסאָפֿיש, אַ נאַטירלאַכע פֿאַרענדיקטקייט פֿון אַ לעבנס־עפּיזאָד, וואָס ווערט דיכטירט פֿונ'ם אָפּטימיזם פֿון יעדן אומרייפֿן עלטער, אַדער פֿון אומרייפֿער פּילאָ־סאָפֿישער אַנטוויקלונג.

עס וואָלט ממש געווען אַ גליק ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ רייכע לי־טעראַטור פֿול מיט יענער ראָמאַנטישער אינספּיראַציע, וואָס רעאָר־גאַניזירט און פּאַסט צו דאָס לעבן פֿון דער דאָזיקער פּעריאָדע. אַזאַ ליטעראַטור וואָלט שוין ממילא — צווישן אַנדערע אָנגעוויזענע מאָ־מענטן — אויך זיך אָפּגעשטעלט אויף די יוגנטלאַכע באַציאונגען צווישן די געשלעכטער, יענע צאַרטע, איינגעהאַלטענע און ביטערע באַציאונגען. אַזעלכע ווערק וואָלטן ממש געווען אַ דערלייזונג. צום באַדויערן זיינען מיר אָבער זייער אָרים אין אַזאַ ליטעראַטור. עס איז זייער מעגלאַך אַז דאָס איז לכל הפּחות איינע פֿון די סיבות, פֿאַרוואָס די יוגנט איז אַזוי שפּרינגעוודיק און ווייניק איבערקלייבעריש אין איר לייענען. וואָרים בנוגע צוגרייטן אַ פּאַסיקע ליטעראַטור, איז פֿאַר דער יוגנט ווייניקער געטאָן געוואָרן ווי פֿאַר יעדן פֿריערדיקן עלטער.

.5

אין זיין אַרטיקל „צו דער פּראָבלעם פֿון דער קינדער־ליטעראַ־

טור" 30), שטעלט ח. ש. קאַזדאַן קודם כל אוועק די פראַגע: „איז פאַראַן אַ ספּעציפישע שאַפונג פאַר קינדער?" און גיט דערויף אַ קאַטעגאָרישן נעגאַטיוון ענטפער: „די טעאָריע פון קונסטשאַפונג — זאָגט ער — ווייס ניט פון קיין ספּעציפישע מעטאָדן פאַר דערוואַקסענע און קינדער באַזונדער. די פּרינציפּן פון קינסטלערישער שאַפונג זיינען איינע און די זעלבע ביי אַלע פעלקער, אויף אַלע שפּראַכן, און זיי זיינען איינע און די זעלבע פאַר פאַרשידענע עלטערס און געשלעכטער. פון דער צווייטער זייט ווייסן מיר אויך פון דער פּראַקטיק, אַז ביי קינדער זיינען די באַליבטסטע ווערק פון טאָלסטאָי, טשעכאָוו, קאָראָלענקאָ, אַנדרעיעוו, אָדער ביי אונז פון פּרץ, מענדעלע, שלום־עליכם, שלום אַש — קיינמאָל ניט געשריבן געוועזן, ניט פאַרטראַכט געוועזן ווי ספּעציעלער לייען־מאַטעריאַל פאַר קינדער. אָבער זייער געניאַליטעט און קינסטלערישקייט האָט זיך ניט געמיינערט אויף אַ האָר דערפון, וואָס זיי זיינען מיט דער צייט אָנגענומען געוואָרן מיט אַזאַ התלהבות און ליבשאַפט אויך ביים קינדערשן עולם. פאַרקערט, די צענדליקער קינדער־דערציילונגען און געשיכטן פון די פאַרשיידענע לוקאַשעוויטשעס, טשאַרסקעס וכדומה (ביי אונז, להבדיל, ז. ראָזנטאַל, מ. טייטש, און אַנד.) — האָבן זיך ניט אויפגעהויבן אויף קיין איין שטאַפּל צו אמת'ער קונסט, צו ווירקלאַכער שיינער שאַפונג, ניט געקוקט אויף זייער פאַרשפּרייטקייט און כלומר'שטער באַליבטקייט ביים גרויסן עולם קינדער לייענער".

איך גלויב, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי די אינטערעסן פון ריינער קונסט, אָן שום שייכות צו מענטשן און לעבן. יאָ, געוויס איז פאַראַן אַזאַ אַבסטראַקציע. — צו וואָסער אַבסטראַקציע קענען זיך דען מענטשן ניט דערטראַכטן? אָבער פון שרייבער איבער קינדער־ליטעראַטור האָבן מיר זיכער אַ רעכט צו פאָדערן אַז זיי זאָלן לייגן דעם טראָפּ אויף דעם דערציערישן, ניט אויפ'ן קינסטלערישן, ווען זיי גייען ניט ביידע צוזאַמען. צו זאָגן אַז שלום עליכם איז באַליבט און לוקאַשעוויטש איז „כלומרשט" באַליבט, און דערביי זיך אָפּשטעלן, איז פּשוט אַן עולה. שלום עליכם איז קאַזדאַנ'ען ליבער איידער לוקאַשעוויטש, מיר אויך. אָבער דער „כלומרשט" איז דאָך דאָ קאַזדאַנ'ס, ניט דעם קינדס, בעת אין זיין אַרטיקל וויל ער דאָך ציען אונזער אויפמערקזאַמקייט צום קינד. ניט צו זיך. דאָ האָבן מיר אַ פעסטשטעלונג פונ'ם זעלביקן שטאַנדפּונקט ווי ביים פריער ציטירטן וואַלגאַסט און ביים אַמעריקאַנער מאָזעס, כאָטש דער לעצטער איז אַ סך פאַרזיכטיקער. וואָרים מאָזעס זאָגט, אַז צו האַלטן נאָר יענע ביכער פאַר גוטער קינדער־ליטעראַטור, וואָס אויך דערוואַקסענע קענען הנאה האָבן פון זיי, „קען זיין זייער איינזייטיק און קען פירן צו פאַלשע אויסטיישונגען" 31).

דאָס וואָס שלום עליכם, פּרץ, מענדעלע, אָדער אַנדערע אָנערקענטע אידישע שרייבער האָבן ניט געשריבן ספּעציעל פאַר קינדער 32). איז

---

30) צו דער פּראָבלעם פון קינדער־ליטעראַטור, פון ח. ש. קאַזדאַן, נייע שול, אַפּריל־מערץ, 1921.

31) Children's Books and Reading, Montrose J. Moses, 1907, 7.

32) ווי י. ד. בערקאָוויטש פאַרזיכערט מיר, זיינען שלום עליכמ'ס קינדער־מעשות יאָ געשריבן געוואָרן פאַר קינדער.

דאָס זיבער אַ קליינע טובה פאַר זיי, אָבער אַ גרויסע רעה פאַר אונזער קינדער־ליטעראַטור. עס וואָלט געווען אַ גליק פאַר אונז אַלעמען ווען גרויסע טאַלאַנטן זאָלן זיך דורכדרינגען מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון קינדער פון פאַרשידענע עלטערס און שרייבן פאַר אַלע תקופות, אָבער ספּעציעל פאַר דער דריטער און דער פערטער. דאָס וואָס מיר קענען אָפּקלייבן ביי פאַרשידענע קינסטלער זאַכן וואָס זיינען פּאַסיק פאַר די פאַרשידענע פילאָמיטישע רעגונגען פון די קינדער, באַווייזט, אַז מיט מער באַוואוסטזיין מצד אַזעלכע שרייבער וואָלטן זיי געקענט אַ סך מער באַרייכערן די קינדער־ליטעראַטור. דאָס באַווייזט אויך, אַז קינסטלער האָבן ליב אַמאָל זיך צו ווענדן צו אַזעלכע לעבנס־ספערן וואו זיי קענען זיך באַפרייען פון העכערע ליטעראַרישע דערגרייכונגען און סובטיליטעטן, און ווערן דערמיט אַליין נענטער צו קינדער. ווי די לאַגע איז איצט קען מען טאַקע פון שלום־עליכמ׳ען נעמען אַ היפּשע צאָל זאַכן פאַר קינדער, ווייל שלום עליכם איז בטבע דירעקט, דערציילעריש, וואָס איז אַ גרויסע מעלה אי פאַר דער דריטער און פאַר דער פערטער פעריאָדע. קומען מיר אָבער צו פּרצ׳ן איז שוין די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. איך בין זיכער, אַז ווען פּרץ וואָלט געהאַט פאַר זיך אַ קינדער לעזער און געשריבן דירעקט פאַר קינדער, וואָלטן אויך אונזערע לערער געקענט אונטערטראָגן זייערע תלמידים א ו נ ז ע ר פּרץ. אַזוי איז אָבער פּרץ פאַר די קינדער מער גרויסער נאָמען איידער גרויסער דערציילער. אַז מענדעלע זאָל זיין באַליבט ביי קינדער, אַפילו אין דער פערטער תקופה, דאָס איז פאַר מיר באמת אַ נייעס, אַן אומגלויבלאַכע נייעס, און עס וואָלט פאַר מיר געווען אַן אמת׳ע איבעראַשונג, ווען אַ פאַרזיכטיקע אונטערזוכונג זאָל דאָס פעסטשטעלן. אמת, ווען גרויסע טאַלאַנטן זאָלן שאַפן קינדער־ליטעראַטור וואָלטן זיי בלויז אויסגעמיטן די שרעקלאַכע חסרונות פון אַ סך פּראָפעסיאָנעלע שרייבער פאַר קינדער. קיין קונסט אין דערוואַקסענעם רייפן זין פון וואָרט וואָלט עס ניט געווען. אָבער קינדער־ליטעראַטור דאַרף ניט און טאָר ניט מיט זיך פאַרשטעלן קיין רייפן קינסטלערישן פּראָדוקט, ווי מיר געפינען עס אין דער דערוואַקסענער מאָדערנער ליטעראַטור. אַנדערסענס קינדער שאַפונגען קענען ניט זיין קיין טייל פון אַ דערוואַקסענער, רייפער ליטעראַטור, ד׳אמיטישים אויך ניט. דאָס נעמט אָבער ניט אוועק פון זייער ווערט פאַר קינדער. יעדעס ווערק דאַרף קודם כל געפינען אַ באַרעכטיקונג פון שטאַנדפּונקט פון זיין פילאָמיטישער פונקציע. דער קינסטלערישער שטאַנדפּונקט איז אַן אַבסטראַקציע און סיי ווי געבויט אויף פילאָמיטאָלאָגישע געזעצן.

פון דעם וואָס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרען וועגן די פאַרשידענע פילאָמיטישע כאַראַקטער־שטריכן פון פאַרשידענע עלטערס, איז קלאָר, אַז מען קען די שאַפונגען פאַר קינדער ניט איבערלאָזן צום קינסטלערישן צופאַל. און אויב דאָס קען נאָך ווי עס איז געטאָן ווערן בנוגע דער פאַר־ליטעראַרישער תקופה, קענען מיר אָבער לחלוטין ניט לאָזן אַזאַ צושטאַנד בנוגע די פריערדיקע עלטערס. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז היינריך וואָלגאַסט, וואָס האַלט זיך אַזוי שטאַרק ביי שטאָרמ׳ס פּאַראַדאָקס, אַז „אויב דו האָסט בדעה צו שרייבן פאַר קינדער, זאָלסטו ניט שרייבן פאַר קינדער“, אַט דער וואָלגאַסט האַלט אויך אַז מען דאַרף קינדער תמיד באַטראַכטן ווי אַ מאַטעריאַל צו באַאיינפלוסן באַוואוסטזיניק.

מען דאַרף זיי, האַלט ער, לערנען און דערהייבן דורך קינסטלערישע ווערק. לייענען ווי אַ קוואַל פון פשוט'ער הנאה („אונטערהאַלטונג") איז ניט נאַטירלאַך פאַר קינדער, ווייל זיי געפינען עס געוויינטלאַך אין זייער שפּיל. אונטערהאַלטונג איז אייגנטלאַך אַ פאָרם פון אָפּרוען זיך, און קינדער דאַרפן בלויז זיין טעטיק. און אין „אונטערהאַלטונג" רעכנט וואָל־גאַסט אויך אריין דעם שונד ראָמאַן פאַר קינדער, וועלכער פאַרנעמט, ווי ער גיט צו, כמעט דעם גאַנצן פּלאַץ פון קינדערשן פרייען לייענען. ווער זשע איז שולדיק דעריין וואָס קינדער גיבן זיך אַזוי פיל אָפּ מיט עפּעס וואָס איז „ניט נאַטירלאַך פאַר זיי"? די שול. אמת, אין לייענ־בוך איז קיין שונד ניטאָ, אָבער דאָרט ווערט אויך ניט אונטערגעשטראָכן דער ווערט פון ריינער קונסט, און דאָ ליגט די צרה. מען דאַרף כסדר קלאָר מאַכן אַז דאָס לייענען איז בלויז אַ מיטל אַריינצופירן קינדער אינ'ם פּאָעטישן געניוס פון קינסטלערישער שאַפונג, בלויז דאָס, און ניט קיין אַנדער זאַך 32).

דאָ זעט זיך צום בולט'סטן אַרויס די נפקא מינה צווישן דעם אַבסטראַקט קינסטלערישן און דעם פּילאָמיטישן שטאַנדפּונקט אין קינ־דער־ליטעראַטור. בלויז אַזאַ אונטערשטרייכונג פון באַוואוסטזיניק לער־נען און „דערהייבן", בלויז אַזאַ שטאַנדפּונקט וואָס רייסט אָפּ דאָס „פּאָעטישע געניוס" פון קאָנקרעטן, פולבלוטיקן לעבן און איבערלעבן, קען פירן אַ דערוואַקסענעם מענטשן וואָס אָטעמט אין אַן אַטמאָספערע פון „סתם קונסט". פאַלש אויסטייטשן דעם ווערט פון רייפער קונסט פאַר אומרייפע מענטשן. אַ מאָדערנער דערציער, דוכט מיר, דאַרף על־פּי נויט געצוואונגען זיין צו רעווידירן אַזאַ טעאָריע. וואָרים די ראָלע פון פילאָמיטישער שאַפערישקייט אין הערן און דערציילן, אין לייענען און שרייבן, איז אַזוי גרויס, עכט און וויכטיק אין לעבן פון מענטשן בכלל און פון קינדער בפרט, אַז מען טאָר ניט בויען אינגאַנצן אויף הוילע עסטעטישע אַבסטראַקציעס.

32) Wolgast, l. c. (Dritte Auflage), 10, 11, 12.

דוד איגנאַטאָוו:

מאָסקווע, וואָלקאָוויץ, רעפאָרם.

מענדל עלקין:

מאָסקווער קונסט טעאַטער.

ק. מרמר:

א גוטער אָנהויב.

י. י. סיגאַל:

וועגן חיים קרול, י. מ. קאַצאָוויטץ.

דר. י. גרינפעלד:

זכרונות לבית דוד.
געקליבענע שריפטן פון דר. הלל זאָלאָטאַראָף.

ה. ר.:

א. ש. זאַקס׳ געשיכטע פון אַרבעטער רינג.
מאַסליאַנסקי׳ס זכרונות.

י. שטיינבוים:

וועגן קינדער ליטעראַטור.



מאָסקווע.

„נייערד", „אָקטאָבער" (זאמל ביכער).

1

מענטשן בלאָנדזשען אָפט אויף גראדע וועגן.

דער גראדער וועג איז, אז נייע צוגע־קומענע קרעפטן אין דער געזעלשאַפט בכלל און אין ליטעראַטור און קונסט בפרט דארפן און זאָלן וועלן אָפּהיטן זייער גאַנצקייט, זייערע נאָך יונגע כחות. און כדי צו ענטוויקלען און וואָס שטארקער צו פארפעסטיקן זייער אייגנארטיקייט און מעגלאכע גרויסקייט, דארפן זיי זיך אָפּהיטן פון צו קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט די שוין עטאבלירטע געזעל־שאַפטן, קונסטן, פאַרשטייער און קינסט־לער, ווייל צווישן זיי, די איינגעפונדעוועטע. קאָן מען נאָך מיט די יונגע אָנהויבע־רישע כחות פארבלאסט ווערן, מבלבל ווע־רען, — בעסער אין זייערע ד' אמות ניט שטיין. אויף יעדן פאל ניט ביז די צייט וועט קומען אז מען זאָל זיך קאָנען אקעגן שטעלן ווי גלייכע. אזוי איז אויך געווען בא אונז אין אמעריקע. קוקט זיך צו ווי ווייניק שריפטשטעלער עס האָבן זיך בכלל באַטייליקט אין די ערשטע פּאָר ביכער „שריפטן" צוליב דער אייגענער סיבה און באמערקט דערביי אז קיין איי־נער פון די שוין דעמאָלט מער אדער וויי־ניקער עטאבלירטע שריפטשטעלער זיינען דאָרט ניט פאַראַנען. ניט פאראנען, ווייל אינסטינקטיוו און באוואוסטזיניק זיינען זיי ניט איינגעלאדן געוואָרן. זיך אָפּגע־שיידט און אויסגעמיטן זיי, און דערביי אָפט וויטאָגדיק געטראָטן אויף יענעמס געפילן.

אָט אזוי איז געקומען א נייער דור, אַן עפּאָכע אין דער אידישער ליטעראַטור — די אמעריקאנער עפּאָכע וואָס האָט רע־וואָלוציאָניזירט, וואָס האָט באווירקט און ווירקט נאָך ביז איצט אויף דעם גאנצן לויף פון דער אידישער ליטעראַטור.

2

דאָס, וואָס עס קומט איצט פאָר אין מאָסקווע, דערמאָנט זייער שטארק אָן אונ־זערע ערשטע טעג. אויך זיי האָבן אין זיך דעם אינסטינקטיוון סעקטאנטישן רייץ. און כדי זיך צו האלטן אָפּגעזונדערט, כדי צו דערציען און דערהאלטן אין זיך ביז רייפקייט דאָס אייגן-אייגנטימלאכע, בלאָנדזשעט מען אָפט אויף גלייכע וועגן, ווייל אויף ניט צו בלאָנדזשען, אויף קלאָר צו זען און וויסן וואָס מען טוט, דארף מען האָבן ניט נאָר רעוואָלוציאָנערן אינ־סטינקט, נאָר אויך רעוואָלוציאָנערן באַ־וואוסטזיין און צו דעם איז ניט יעדער מענש, אפילו ניט יעדער דור זוכה, קומט דערפאר בא די מאָסקוואער אויס אזוי: — ערגעץ איז פאראן א גרויסע אידישע לי־טעראַטור. עס זיינען פאראן שריפטשטע־לער — ווערט מען אין כעס אויף דער ליטעראַטור און אויף די שריפטשטעלער, אויף דער גאנצער „אַלאידישקייט", אויף דעם גאנצן "אויסלאנד און אויסנלאנד", וואָס לייקנט און פארלייקנט אונז די מאָ־סקוער. זעט גאנץ וועלט האָט זיך אויף אונז אָפּגעריסן און איז אונז ממש גרויס אוועקצושיקן תחת חרמה.

אָדער מען דערקלערט גאר: מיר, די מאָסקוואער, זיינען דאָך די רעוואָלוציע און זיי זיינען קליינבירגער און אויב איר ווילט כמעט קאָנטער - רעוואָלוציאָנערן.

מילא, דארף מען זיי דאָס אַלץ פאַר־געבן, זאָלן זיי דורך אזוינע בלאָנדזשע־נישן געהאָלפן ווערן, אַבי די ישועה זאָל קומען.

3

די מאָסקוואער ברענגען מיט זיך דער־פרישטן אָטעם, ריינעם און אויפריכטיקן פארנעם, זיי זיינען ווי מיר דאָ, אויס־געוואָרצלטע, פלוצלונג אַריבערגעוואָרפן גע־וואָרן אין א נייער סביבה, אין דער פרעמ־דער גרויס-שטאָט אריין, א שארפער טרא־גיזם רייסט זיך אריין אין די בליקן און אין די פארלאנגען פון אזוינע מענשן, און טראגיזם עגבערט א מענשן דורך ביז ריינקייט, ביז אויפריכטיקייט.

די מערסטע פון אונז דאָ אין אַמעריקא זיינען געבראַכט געוואָרן צו דער דאָזיקער מדרגה דורך דער רעוואָלוציע, וואָס האָט נאָך ערשט געהאלטן אין קומען און זיי דאָרטן זיינען צו דעם געבראַכט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע, וואָס איז שוין גע־קומען.

וואָס איז בעסער?

פאר דער רעוואָלוציע איז, פארשטייט

זיך, בעסער, אז זי קומט. פאר דער שאַפונג פון דעם דור פון דער רעוואָלוציע איז דאָס אָפט ניט אזוי. איינע פון די גרעסטע געפאַרן דערביי איז דער „סנאָביזם", וואָס עסט זיך אריין אין דעם מארך און אין די ביינער פון די מיט דער רעוואָלוציע געבוירענע קינסטלער. קונסט איז געלייטערטע פארטיפונג, דערהויבונג, הונגער, און סנאָביזם איז פארטיגע זאטקייט, וואָס דערנידריגט און פארפלאכט דעם אייגענעם טרעגער. לאָמיר אָבער האָפן, אז די קענטיגע טענדענץ פון סנאָביזם, וואָס די דאָרטיקע נעמען ציוגן, וועט בא זיי אין גיכן פארשווינדן. לאָמיר דאָס האָפן, ניט נאָר פון זייערטוועגן און פון וועגן דער ליטעראטור אונזערער, נאָר טאַקע פון וועגן דעם וואונדערלאכן ווערט פון דער רעוואָלוציע.

4

בא כמעט אלע באַטייליקטע אין די זאמלונגען „ניי ערד" און „אָקטיאַבר" פילט זיך די „העלדן ליד" טענדענץ, און דאָס איז גראר א זייער געזונטע דערשיינונג. דורך העלדן לידער זוכן מענשן בארעכטיקן די עקזיסטענץ פון זייער מין. א העלדן ליד איז אין א געוויסן זין א יחוס בריוו, וואָס מען שרייבט פאר זיך און פאר דער וועלט. און מעג מען אונז זאָגן, אז די אידישע קאָמוניסטן אין רוסלאנד קעמפן קעגן דעם אידישן איך, ווילן אים פארלייקענען, אויסראָטן, לייגן מיר אויף דעם ניט קיין געוויכט, וואָרים אַט קומען די „רוידנדיקע" און לייקענען דאָס אָפּ מיט שאפנדיקע צייכנס. זיי רופן מיט אַן אָנגערעגטן אָטעם און זאָגן:

— אין רוסלאנד איז געוועזן און איז א רעוואָלוציע, א מענשהייט, וואָס איז, דאַכט זיך, געלעגן און געקראָכן ווי א וואָרעם, פויל און שווערמוטיג, האָט זיך פלוצלונג א הויב געטאָן און א שפרונג געטאָן ווי א פליגלדיקע שלאנג פאר דעם וואונדער פון דער וועלט און פון דורות... קומען מיר, די שאפנדיקע, צו פארצייכענען אונזער פאָלקס העלדישן חלק און דעם וואונדער פון דעם וואונדערלאכן שפרונג.

קוקט אָן א ו נ ז ע ר ע שלומקע דאשיקס( ש. ראסין) א ו נ ז ע ר ע פינעס (איזי כאַריק) רחמיאלס (מ. דאַניעל) א ו נ ז ע ר ע „יאַטן" (א. פעפער) אונזערע הערש קעסלערס (ש. גאָדינער). קוקט זיי אָן "מיט האַמער, מיט שטיין און מיט אַייזן„, מיט איבערגעבענקייט, מיט לייב און מיט לעבן, העלדן ליכטיקע פון דער רעוואָלוציע.

די העלדן ליד טענדענץ פילט זיך ניט נאָר בא די דערמאָנטע שריפטשטעלער צו זייערע העלדן, נאָר בכלל צו אלץ וואָס איז „אונזערס" — י. דאָברושינ׳ס ארטיקל וועגן די דאָרטיגע דיכטער איז געשריבן ווי א העלדן־ליד — מיט געזאנג און מיט ליבע רעדט ער וועגן די גרויסע דערגרייכונגען פון די דאָרטיקע יונגע דיכטער. אלע, וואָס שרייבן דאָרט, זיינען גוט אויף צו להכעיס „אויסלאנד און אויסנלאנד". איך גלויב קוים, אויב ער לאָזט דאָרט עמיצן אויס, און עס איז אפשר גוט אזוי, אפשר דארפן זיי דאָס דאָרט נויטיק האָבן, עס צעמענטירט, עס פארשטאַרקט די אייגענע רייען.

די מערסטע פון זיי האָבן אָן צווייפל טאַלאַנט. דער טאַלאַנט, אמת, ווערט אָפּ־פארגוואלטיקט פון דעם פארלאנג דווקא צו שרייבן רעוואָלוציע. ריידן זיי פון שטעטל, רעדט אין זיי אָט יענע עכטע צערייצקייט פון פלוצלונג אויסגעוואָרצלטע מענשן. רעדט מען פון שטאָט און רעוואָלוציע, טוט מען דאָס מיטן אייפער פון מענשן, וואָס ווילן זייערע אויסגעריסענע וואָרצלען געבן זאַפט און נאַרונג פון נאָר וואָס געפונענע נייע קוואלן, און דערביי מוז מען אָפט עפּעס פארגוואלדיקן, עפּעס ניט דערגרייכן, עפּעס פארלירן. אָט אזוי פעלט שוין דעם אינטערעסאנטן און טאַלאַנטפולן כאַריקן אויס אָטעם, ווען ער נעמט שרייבן וועגן מינסק צוליב רעוואָלוציע, כאָטש ער פילט דערביי אָן זיינע לונגען מיט א סך רעוואָלוציאָנערער לופט:

און ווען דאָס לאנד האָט זיך צעברודערט
און צערעדט
מיט טויזנט פויסטן, טויזנט הימנען
אין איין אָטעם (גוט)
האָט זיך צעטראָגן דאן א הייליקער דע־
קרעט

פון אוראלער בערג ביז מינסק מיט
אירע בלאָטעס (פּראָזע)

אָבער גאַנץ פּאָעטישער און נאַטירלא־כער קלינגען בא אים די טענער טאקע אין דעם אייגענעם ליד ווען ער שרייבט וועגן דער אייגענער מינסק, ווי וועגן זיין היים שטעטל.

אדום יעדער שטאָלצער גאַס צו הונדערט
שטילע געסלאך

מיט חייזלאך נידריקע, ווי שעפּסן אונ־
טערן בארג. . .

און אביסל ווייטער:
אין הייזלאך הילצערנע ווערן אומרואיק
די גלידער

אין הייזלאך הילצערנע ווערן אומרואיק
די לידער. . .

ביים בויערן, ביים חובלן, ביים
דראָטווע, בא דער נאָל, —
זינגט מען הויך און זינגט מען היים,
און אלע מיט אַמאָל.

און מ. דאניאל, וואָס הויבט אָן זיין דערציילונג "ראכמיעל נאַכט שומער" מיט טאלאנטפולן אמת קינסטלערישן, מענש־לאך . און זיכערן אָנהויב, נעמט פלוצ־לונג פארלירן זיין טאָן ווי נאָר ער רירט זיך צו צו רעוואָלוציע, ער נעמט מיט אַמאָל שפּרינגען אויף רעוואָלוציע ווי אויף שפּי־ציגע רודעס.

אָבער דאָס זיינען דאָך אַלץ זאַכן, וואָס וועלן זיך מיט דער צייט אויסלייטערן. מענשן האָבן נאָך זייער גלייכגעוויכט ניט געכאַפּט, אָבער מענשן רייסן זיך, פּארטע־טען זיך, האָבן אן אויפריכטיגן פאר־לאנג ערגעץ צו קומען און דערצו איז דאָך טאקע ש. גאדינערס „קאונקאם הערש" גאַנץ גוט און אייגענאַרטיק אָנגעשריבן.

באַ אים איז דאָס שוין, אגב, ניט נאָר רעוואָלוציע לויט דער טעמאַ, נאָר אויך לויט די אייגנאַרטיקע ווענדונגען, לויט דער פאָרמע פון אויסדרוק. ארכיטעקטאָ־ניש, שאַרף און בליציק דערציילט ער וועגן זיין „קאונקאם הערש". (כאָטש עס איז בלויז א קאַפּיטל פון א גרעסערע אַרבעט לייענט זיך עס אָבער ווי אַ זעלבסטשטענ־דיקע דערציילונג, און מעג מיט רעכט אזוי באהאנדלט ווערן). מיט שעפערישע קאפּריזן פון אייגנעם, וואָס וויל זיין אנ־דערש, וואָס מוז זיין אנדערש, ווייל ער קאָן ניט ניט־אַנדערש. דאָס איז שוין ניט נאָר אינסטינקט, נאָר אויך קינסטלערישער באוואוסטזיין. אמת, זיין הערש קעסלער איז שוין אביסל צו העלדיש, ממש פון א לעגענדע ארויס, אָבער גראד א „זעהענ־דיקער" קינסטלער מעג אינאיינעם מיט זיין קינסטלעריש באוואוסטזיין אויך זיין אזוי נאאיוו. ער מעג, כדי צו קאָנען האָבן דעם מוט פון נעמען לעבן און שאפן לעגענדע.

מיט לעבן און פרישן אָטעם איז אויך ראסינס „אין רויש פון געשלעגן" און אָט זעט ווי פּעפער הויבט אָן זיין פּאָעמע „יאָטן":

האָבן לאנג אויף די פעלדער די שלאכטן
געהודעט

אין אויסמיש מיט הודען פון שטאנגען.
זיינען יאָטן פון שטעטלעך, פון מי און
ווארשאטן

געקומען און אויך אף די פעלדער
געגאנגען.

זיינען ארבעטער יונגע געקומען פון
טאטעשע קלייטן

און קלויזן און שטויב פון כאַדאָרים;
דעם זיידעשן פאכאד אף פעלדער צעזייט
און צעווייט און אוועק מיט שטורם.
זיינען שוסטער און שמידן און טישלער

און רימער אין זיידעשן נעפל אין
שטויביקן דרימל געוואקסן,

נאָר פריש זיינען אויגן און הויך זיינען
קעפּ און שטאָלץ זיינען אקסלען.
האָט דער שטורם געיאָגט און געווייט
און די שטעטלעך געדרייט און די
שטעטלעך געפאנגען,

ליגן נאָך שטעטלעך מיט שטויבן
פארוויגט

און מיט אומעט באזעצט און מיט
נעפל באהאנגען.

אין רויכן, אין ווייז פון די כורוועס
ארבעטער יונגע,

יאָטן מיט האמער, מיט שטיין און
מיט אייזן —

דאָרט וועלן נאָך יונגען אין ווייז פון
די כורוועס א וואונדער, א גרויסן,
א וואכעדיק וואונדער באווייזן.

זאלן זיי נאך דארט זיין אין כעס אויף אונז פאר א שטיק צייט. ס'קאן זיין, אז זיי דארפן דאס נויטיק האבן. ס'קאן זיין, אז דאס העלפט זיי זייער שטארק צו וואקסן און זיך גרויסן צו אונזער אלע־מענם פרייד.

**צו דעם דערשיינען פון וואלקאוויץ'עם בוך. פארלאג היבש. פרייז 10 דאל.**

שוין 25 יאר אז אברהם וואלקאוויץ מאלט און צייכנט. דאס וואס בא אונז ווייסט מען כמעט ניט פון דעם איז א שולד אין וועלבער מיר זיינען ניט שול־דיק. קונסט איז פאר אונז בכלל א גאנץ נייע דערשיינונג. אט נעמט א קליינעם כאראקטעריסטישן ביישפיל: די איטא־ליעניש שניידער האבן אויף דער פער־צענטער גאס אויפגעשטעלט א הויז פאר זייער יוניאן, האבן זיי געפונען פאר נוי־טיק צו באצירן די דרויסנדיקע ווענט פון זייער יוניאן הויז מיט צוויי אָריגינעל אויסגעהאקטע בארעליפן, ווייל איטאליע־נער קאנען זיך, ווייזט אויס, גאר ניט פארשטעלן א פאלק־הויז אן א שום קונסט צירונגען. אונזערע אידישע יוניאנס פאלט גאר אזא זאך ניט איין. אפילו אונזערע אידישע אקטיארן, וואס דארפן, לויט זייער פאך, לכל הדעות, זיך פילן נעהנטער צו קונסט איז פונדעסטוועגן ניט איינגע־פאלן צו טראכטן אז מען דארף זייער ניט לאנג אויפגעבויט אקטיאָרן יוניאן הויז באצירן כאטש מיט וועלכן ניט איז צייכן פון קונסט, ווייל. . . ווייל. . . זיי זיינען אידן. ניט ווייל זיי האבן חלילה געמיינט באליידיקן אונזער קונסט־געפיל. זיי האבן בלויז באטאנט דעם פאקט. דער גאנצער קונסט־געביט (ליטעראטור ארויסגערעכנט) איז נאך פאר אונז נייַ. וועגן ליטעראטור, אמת, געפינען זיך שוין אפילו בא אונז מענטשן וואס שטעלן זיך איין צו שפילן די ראָל פון קריטיקער, אבער דאס איז נאר דערפאר וואס לויט זייער מיינונג, אָדער בעסער געזאגט, לויט זייער שרייבן קומט אויס אז אין ליטעראטור האנדלט זיך דאך דאס בלויז וועגן ווארט. . . און רעדן קאנען מיר דאך ב"ה אלע. גאנץ אנדערש אבער איז דאס מיט דער מאלערי־שער און פלאסטישער קונסט. דא ווערט שוין א אונזעריקער אינגאנצן צומומלט,



ווייל, ווי קאן ער רעדן אז עס „רעדט" ניט צו אים. מיט וואסערע וואפן קאן ער דאס באגעגענען, אז עס זאגט אפילו קיין איין לעבעדיק ווארט ניט ארויס, אז עס איז אינגאנצן „שטום".

דער גוי מעק'ברייד קאן זיך דערלויבן **צו שרייבן, למשל, אז צווישן די צען גרעסטע קינסטלער אין דער וועלט, מוז**

מען ארויינרעכענען מאַקס וועבער'ן, און בעסערט זיך דערביי גלייך אויס: ניין, אויב מען זאָל אפילו בלויז וועלן אָפּקלויבען זעקס פון די גרעסטע, מוז וועבער שטיין צווישן זיי.

ווער בא אונז וואָלט דאָס געטעגט און געוואגט צו זאָגן?

פריער קומט קונסט, און נאָכדעם ערשט דאָס אויפנעמען, דאָס פארשטיין און אָפּשאצן. און נאָך שפּעטער, דער פּראָפעסיאָנעלער אָפּשאצער פון וועלכן מיר זענען נאָך דערווייל זייער ווייט.

האָבן דערפאר אונזערע „נישט רעדנדיקע" אידישע קינסטלער — די מאָלער — נישט געהאט און ניט דערוואַרט צו האָבן א היימישע אַטמאָספערע. פרעמדע, דערווייטערטע, וואָגלענדיקע, אפילו אזוינע גייסטרייכע פערזענלאכקייטן ווי אונזער גרויסער, פיל ארטיקער וועבער, ווי א ו נ ז ע ר אָריגינעלער דין פילנדיקער, שטילער טאָפּעל, ווי אונזער פרימיטיווער ביבלישער וויזיאָנער קאָפּמאַן, אויף וועמעס גליק עס איז אויסגעפאלן צו „רעדן" קונסט ניט נאָר מיט'ן פענזל, נאָר אויך מיט ווערטער, אפילו זיי זענען געווען פארשטויסענע און דערווייטערטע, ביז עס זענען געקומען די „שריפטן". און שוין אָפּגערעט פון אַזא קינסטלער ווי וואָלקאָוויץ, וואָס איז אָנגעווענט בלויז אויף „שטומער" קונסט. מיר האלטן דערפאר די דערנענטערונג פון אונזערע שטומע און רעדעוודיקע קינסטלער אונטער איין דאך פאר איינעם פון די גרעסטע אויפטואונגען פון די „שריפטן".

(2)

א שיינע, א ליכטיקע דערשיינונג איז דאָס בוך מיט הונדערט צייכנונגען פון א. וואָלקאָוויץ. די דערפארענע האנט פון א דערפארענעם קינסטלער אָטעמט פאר אייך אויף בילדער מיט פראלנדיקער גוטסקייט און ליכטיקער ריינקייט. די בילדער טויכן כמעט אויף פאר אייערע אויגן ווי אנטפּלעקונגען. ברייגנגען מיט זיך א נאָענטע היימלאכקייט און רו, א רו, וואָס מען דערגרייכט נאָר ווען דאָס הארץ איז ריין און שטרעבט און ליידט און קעמפט פאר דער דערגרייכונג פון מער און מער ריינקייט. די דערגרייכטע רו אָטעמט אויף אייך פון דעם בוך — שטיל און זיכער ווי די זיכערקייט פון א ליכטיקן טייך וואָס טראָגט רואיק און זיכער זיינע פולע וואסערן. אזא איז די אויפריכטיקייט, אזוי איז דער דיכטערישער אמת מיט וועלכן וואָלקאָוויץ צייכנט זיינע קעגנשטאנדן און אזוי איידל און פיינפילנדיק איז זיין חאנט אז אין דעם מינסטן שטריך זיינעם איז דאָ באוועגלאכקייט, לעבן. זיין האנט רעדט, צייכנט און צירט נאָכטראכטנדיק, נאָכפילנדיק יעדן ריר פון פענזל, יעדן קער פון די קערפּערס און פון דער לופט, פון דער אטמאָספערע איבער זיי. דערצו האָט ער נאָך א ניגונג מיט א ריינעם און שפּילעוודיקן ערנסט אויסצוצירן זיינע געצייכנטע קערפּערס מיט א ליכט און שאָטן געוועבולט'ער און ווייכער ווערט פון אָט דער מאַנער זיינער די עראָטישע ווייכקייט פון זיינע פרויען־קערפּערס און די אָפּטע, כמעט שטענדיק, פּרימיטיווע מוסקולדיקייט פון זיינע מענער פיגורן. די קערפּערס קומען בא אים פון דעם ארויס כמעט ווי אויסגעסטאַטואירט מיט א פאנטאסטישער ליכט און שאָטן נעץ וואָס מאכט זיי אויסקוקן סקולפּטורעל, כמעט ווי אויסגעהאמערט. אָפּט גיט זיך בא אים א קערפּער א בויג ווי א געזונטער שטאם פון א קרעפּטיקן בוים וואָס איז פול מיט זאפט און מיט כח (זע זייט 40) אָדער א קערפּער איז בא אים כמעט ווי מיט קאָרע פארוואקסן (זע זייט 56) אָדער „דער מאן מיט'ן האַמער" אויף זייט 35, וואָס זעט אויס ניט ווי קיין אויפגעצייכנטער נאָר ווי איינער וואָס איז נאָר וואָס אליין פון אונטערן האַמער ארויס. און אינאיינעם מיט זיי, די פילע, לייכטע, קוים אָנגעאָטעמטע, פיינע פיגורן און גרופּן וואָס וועלן, דאכט זיך, אָט אָט צוגיין און פארשווינדן פון אונטער אייערע בליקן. און האָט וואָלקאָוויץ איינמאָל אויפגעצייכנט א זאך וואָס איז אים ליב, קערט ער זיך צו איר אום איינמאָל און נאָך אמאָל. אים ווילט זיך פון זיינע געליבטע טעמען ארויסשעפּן דעם גאנצן מעגלאכן דיכטערישן אמת, דערפאר אזוי פיל מאָל „אי־

זאַדאַרא דונקאַן", אַזוי פיל בילדער פון
אַרבעטער לעבן וואָס מאַכט, אַגב, מעק־
ברייד'ן צו זאָגן באַ יעדער געלעגנהייט,
אַז וואָלקאָוויץ גיט זיין גאַנצע גרויסע
ליבע צו די אַרבעטנדיקע מאַסן. אַז וואָל־
קאָוויץ איז אַ סאָציאַליסט, אויב אַפילו
ניט מיט ווערטער, איז דאָס אָבער פאָרט
מיט יעדן קער פון זיין נשמה, און אַז
די פילע דונקאַן צייכנונגען זיינען בלויז
אַן איבריקער באַווייז פון דעם, ווייל דונ־
קאַן, סאָציאַליזם און רעוואָלוציע זיינען
כמעט סינאָנימען. און זאָל דאָ נאָך אַן
איבעריקן מאָל געזאָגט ווערן, אַז די מי־
סטעריע פון שאַפן איז שוין ממילא די
מיסטעריע פון רעוואָלוציע און דער
שאַפנדיקער גייסט פון וואָלקאָוויץ איז
דערפאַר מיט רעכט אַזוי שטאַרק אָנגערעגט
געוואָרן פון די שאַפנדיקע אַנטפּלעקונגען
פון דער גרויסער איזאַדאָרא.

מעק'ברייד, אַגב, דערמאָנט זיך באַ דעם
דערשיינען פון וואָלקאָוויץ'עס בוך, ווי
אַזוי אַ קונסט־זאַמלער וואָס האָט מיט פילע
יאָרן צוריק אַריינגעקראָגן „אַ וואָלקאָ־
וויץ" אין זיין קאָלעקציע און האָט נאָכ־
דעם צו אים און צו סטיגליץ'ן, מיט ענ־
טוזיאַזם געזאָגט: „אַ וואָלקאָוויץ בילד
קאָן הענגען זייט באַ זייט מיט אַ רעמ־
בראַנט בילד און אַ וויסטלער בילד ניט."
„דאָס", זאָגט מעק'ברייד, „האָט דעמאָלט
געקלונגען צו געוואַגט, אָבער נאָכדעם ווען
איך האָב פאַר זיך אַליין דערוואָרבן "אַ
וואָלקאָוויץ", האָב איך אויסגעפונען, אַז
יענער האָט גאָר ניט אַזוי שטאַרק איבער־
טריבן. איך האָב אויסגעפונען אַז מיין
וואָלקאָוויץ בילד קאָן זייער גוט הענגען
מיט אַ רעמבראַנט בילד, אָבער אויך גוט
מיט אַ וויסטלער."

וואָלקאָוויץ האָט אַ ריין אידישע ליבע
און אַנגעבונדנקייט אַן משפחה סענטי־
מענט. מיט אַ אור־ריינקייט קוקט באַ אים
אַט דער משפחה סענטימענט אַרויס, און
ניט נאָר אין זיינע פאַמיליען גרופּן,
נאָר אַפילו אין זיין ערשט בילד אין בוך
„דער קוש". אַ מאַן און אַ פרוי. דאַכט
זיך, אַלץ איז דאָ אַזוי פרימיטיוו ריין
און ערדיש דורכגעפילט מיט איר דראַנג
פון געשלעכט צו געשלעכט, אָבער פאָרט
ניט העלעניש. ערדיש, אָבער ניט בלויז
ערדיש. ערדיש נאָר מיט איבערגעבנקייט,
מיט געטריישאַפט, מיט אידישער משפחה־
פאַרוואַנדשאַפט, מיט'ן „חרי את" געפיל
דערביי. די דאָזיקע אידישע משפחה'די־
קייט פילט זיך אין זיינע פילע פּאַסטעראַ־
לען, פאַנעלן, אויל און וואַסער־פאַרב ביל־
דער. זיין גרויס וואַסער־פאַרב בילד
„ראַטגערס סקווער" אָטעמט שוין גאָר
אויסגעשפּראָכן מיט אָט דעם פיינעם אי־
דישן סענטימענט. מען קאָן כמעט זאָגן



אז ווי נאָר וואָלקאָוויץ מאָלט א גרופּע, מעג ער זי וועלן מאכן ווי פארשיידנארטיק און פארשיידנפארביק, הערשט איבער זיי און טיף אין זיי אָט דער סענטימענט. עס הויבט זיך אָן דאכטן אז אפילו די איינציקע פיגורן זיינע זענען זיין און טעכטער פון א פאמיליע א געטרייער. פאמיליע, דאָס איז בא אים, דעם איינזאמען וואָלקאָוויץ, ווייזט אויס, א רעליגיע אַזאַ.

אין דעם בוך זיינען אויך פאראַן א צאָל אבסטראקטן. וואָלקאָוויץ גייט אויך צו די אבסטראקטן צו מיט דעם אייגענעם ריינעם פיינ־געפיל פאר געוועב און ליניע. אָבער ניט גאָר אבסטראקט זיינען זיינע אבסטראקטן. פּיקאסאָ, למשל, און די גאנצע קוביסטישע שולע, וואָס האָט ארויינגעבראכט דעם אבסטראקט אין דער מאָדערנער מאלעריי, צייכנען כסדר זייערע אבסטראקטן מיט גראדע שארפע ליניעז, ברעכן זייערע פלאכן קאלט און שארף, מיט דעם ריינעם לויף פון רייִנעם געדאנק. וואָלקאָוויץ, אָבער, צייכנט זיינע אבסטראקטן מערסטנס מיט רונדע ליניען. דאָס נעמט זיך, ווארשיינליך, פון דעם וואָס וואָלקאָוויץ האָט אין זיך צופיל ליבע פאר לעבן, פאר דעם מענטשלאכן קערפּער. און ער קאָן זיך דערפאר ניט דערלויבן זיך אינגאנצן אויסטאָן פון לעבן און ארויינגיין א ריין געדאנקלאכער אין דער אבסטראקטער וועלט. אלץ בויגט און רונדיקט זיך בא אים.

א ריינער מענטש, א ריין הארץ, א ריינע האנט האָבן געצייכנט יעדעס בילד פון דעם בוך און מען ווערט דערפאר ביז ריינקייט דורכגעלויכטן קוקנדיק אין דעם.

רעפֿאָרם.

ראבאי סטיפן ס. וויז איז אַן ערלאַכער מענטש און ער מיינט זייער ערנסט ווען ער דערקלערט, אָדער נאָך ריכטיקער, ווען ער פּראָקלאמירט די גרויסקייט פון יעזוס. ער, וואָס איז שוין דער רעוואָלוציאָנער אפילו צווישן די רעפאָרמירטע ראבאים, גלויבט, אז די אמת'ע סיבה פון דעם וואָס אידן זענען קעגן־קריסטענטום איז דאָס וואָס די יעזוס לעגענדע קאָסט אונז אזוי פיל בלוט און פארפאָלגונגען. און ווען ניט דאָס, וואָלט אלץ מיט גאָטס חילף געקאָנט געבראַכט ווערן על דרך השלום און שלום איז דאָס נאָך וואָס די רעפאָרמירטע אידן גאָרן אזוי שטארק. איבערהויפּט זייערע אידעאָלאָגן, די ראבאים. זיי וואָלטן דאָך דאַמאָלט אָלע געוועזן אזוי גוט, אזוי וויכטיק און דערהויבן ווי אמת'ע גלחים, וואָלטן ממש געוואָרן לייטז גלייך.

די רעפאָרמירטע האָבן דאָך שוין כמעט אלץ ווי בא די גוים. זייערע טעמפּלען. זייערע „גאָטעס"־דינסט, זייערע דרשות, נאָר עס פעלן זיי צוויי זאכן. די ערשטע איז — גלויבן. און די צווייטע איז רעפאָרמע.

צו זיין א רעפאָרמירט־רעליגיעזע אידישע געמיינדע אָן גלויבן און אָן רעפאָרמע, איז באמת א זייער טראגישע זאַך.

אונזערע רעפאָרמירטע ברידער, וואָס גרויסן זיך באַ יעדער פּאַסנדיקער און ניט פּאַסנדיקער געלעגנהייט מיט „אונזער טאָכטער־רעליגיאָן", האָבן אפשר, אלס קאסטע, אין בעסטן פאל רעליגיעזע וויבראציעס נאָר ניט קיין רעליגיע.

לוטער האָט געקאָנט זאָגן „היר בין איך דאָ שטיי איך, ווייל איך קאָן ניט אנדערש". ווייל ער האָט זיך געהאט אויף וואָס אָנצולענען, האָט ער געקאָנט זאָגן „דאָ שטיי איך". אָבער א רעפאָרמירטער ראבאי? וואָס זאָגט נאָך דעם אלטן פּזמון פון „אונזער פאָטער אין הימל", דאמאָלט ווען ער ווייס אליין אויף זיכער, אז עס איז גאָר קיין הימל ניט פאראנען. זאָגט דאָך א ניט אמת פאר די אויגן פון מענטשן וועמען ער וויל אָדער דארף ווינציקסטנס פירן אויף דעם וועג פון אמת.

דער תירוץ אז מען מיינט דאָס ניט אין פּשוט'ן זין, קאָן דאָ אפילו ניט פּאַרפירן דעם גלויביקן. ווייל רעליגיעזיטעט איז ניט קיין פילאָזאָפיע, נאָר א רעאלער באַוואוסטזיין אזא. „אמאָל, ווען דער הימל איז געווען אזוי נאָנט צו דער ערד, אז מענטשן האָט זיך אויסגעדאכט אז זיי

קאָנען אים כמעט מיט דער האנט דערלאנגען, איז דער הימל געווען א רעאַליטעט ווייערע און זיי האָבן דערפאר מיט אמת געקאַנט גלויבן אַז די קאָנצענטרירטע פאַרקערפערונג פון זייער אייגענער געלויטערטקייט, געפינט זיך אין הימל וואָס איז דער פאקטישער דאַך איבער זייערע קעפּ. היינט אָבער אין דער צייט פון הימל-קראַצער, פון עראָפּלאַנען און טעלעסקאָפּן וואָלט, דאכט זיך, געווען די נאַטירלאכע זאך פאר רעפאָרמער ארויסצוקומען און זאָגן: „עס איז ניטאָ קיין גאָט אין הימל פשוט דערפאר וואָס עס איז, ווי מיר אַלע ווייסן גאָר ניטאָ אזא זאַך ווי חימל“.

אָבער אויף דעם וואָלט זיך באמת געפאָדערט א נייער לוטער. א נייער לוטער וואָלט אפשר געגאנגען אזוי ווייט ווי צו זאָגן אז ווער עס זאָגט „אונזער פאָטער אין הימל“ זאָגט א ליגן.

דער גייסט פון דער צייט שרייט צו אונז: אויבן איבער אונז זענען דאָ שטערן און איבער די שטערן איז פוסט און וויסט און וואָלט דאָרט געווען א גאָט וואָלט איך אים פון דאָרט אראָפּגעשלעפּט און געוואָרפן ווי א פּגר צו אייערע פיס. דער חימל איז שוין לאנג צעשמעטערט געוואָרן. ער איז צעבראָכן געוואָרן אין שטיקער און איז אראָפּגעפאלן און זיך אויסגעשפּריט ווי א טעפּיך אונטער אונזערע פיס. אונזער ערד איז געוואָרן דער אמת'ער חימל און מיר שפּאנען ארום אין חימל און גאָט אינאיינעם מיט אונז. אָדער נאָך בעסער: און „דאָס אמת'ע ליכט פון דער וועלט“ איז אינאיינעם מיט אונז. לאָמיר זיך אינגאַנצן באַפרייען פון דעם וואָרט גאָט, ווייל „גאָט“ איז שוין געוואָרן געצנדינער, גאָט קאָן שוין געבוירן אַ זון.

אזא שטעלונג וואָלט געווען א נאַטירלאכע, אן אמת'דיקע, א רעוואָלוציאָנער-רעפאָרמאַטאָרישע און וואָלטן אפשר געמאַכט אונזערע רעפאָרמער צו שפּילן א גרויסע ראָל אין דער וועלט. זיי וואָלטן אפשר אויך געהאלפן באפרייען די וועלט פון דער בלוטיקער קריסטוס לעגענדע.

ווארים ניט דערפאר וואָס די קריסטוס לעגענדע האָט אונז אָפּגעקאָסט אזוי פיל בלוט קאָנען מיר מיט איר ניט שלום מאַכן, נאָר עס איז פארקערט — ווייל די יעזוס-לעגענדע אליין איז אזוי שטארק איינגעגריכט אין בלוט, איבלט דאָס אונז פון איר און מיר קאָנען דערפאר אין אירע דלד אַמות ניט שטיין.

מיר אידן האָבן אויך „כורת ברית“ געווען „בין הבתרים“, דאָס הייסט, אַז די מיסטיריעזע רעגונג וואָס דער אוראַלטער מענטש האָט געהאַט פאַר בלוט, האָט אויך באַ אונז אַראָפּגעבראַכט גאָט צווישן פאַרבלוטיקטע שטיקער פלייש. אָבער דאָס איז כאָטש געווען צווישן פלייש פון אָקסן און רינדער און אויך דאָס זיינען אונזערע זיידעס פאַרבייגעגאַנגען עס און זיך ניט איבעריק מטלטל געווען מיט דעם, האָבן אויף דעם גאָרניט געבויט. די איבעריקע וועלט אָבער, האָט נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר שפּעטער געדארפט בלוט און אפילו ניט פון חיות נאָר פון א לעבעדיקן מענטש, כדי אָנגערעגט צו ווערן.

די קריסטלאכע וועלט האָט נאָך ביז איצט מיליאָנען מענטשן וואָס קאָנען אין יעזוס נאָמען צעברעכן א ברויט, אים באַגיסן מיט וויין און זאָגן: מיר עסן דיין פלייש און טרינקען דיין בלוט. און אָט גראד דערפאר וואָס מען האָט אזוי גאסטראָנאָמיש צוגעפּראוועט די יעזוס-לעגענדע מיט בלוט וואָס רינט פון דעם צעשטאָכענעם קאָפּ פון די מיט צוועקעס דורכגעלעכערטע הענט און פיס און פון די וואונדן פון לייב, גראד דאָס האָט גערייצט און אפּעלירט צו די אמאָל נאָך האלב ווילדע בארבארן. בלוט רייצט בלוט, בלוט רופט נאָך ראַכע, וואָס דאָס מיינט ווידער בלוט. מיר אָבער זענען שוין דאָמאָלט עטיש און עסטעטיש געווען צו דערוואַקסן אז בלוט זאָל אונז פאַרבלענדן. און זיי זענען דורך דעם בלוט-גערוך פאַרנאַרט געוואָרן ווי מייז אין א פּאסטקע, און קאָנען זיך ביז איצט פון דאָרט ניט ארויסרייסן.

זיי מעגן אויף אונז באמת זיין גוט אין כעס פאר דעם, ווייל ווער ווייס צו וואָסערע אייגענע גרויסקייטן זיי וואָלטן

זיך שוין ביז איצט געווען דערקליבן ווען מען וואָלט זיי געווען לאָזן צורו, ווען מיר וואָלטן זיי אויף אזא מיזעראבלען אופן דעם וועג ניט געווען פארלאָפן. מיר האָבן מיט דער יעזוס־לעגענדע פארשטאָפט זייערע אייגענע קוואַלן פון ליטערונג.

מיר זענען אלע רעליגיעז. איך גלויב ניט אז עס זענען גאָר פאראנען ניט רע־ליגיעזע מענטשן אויף דער וועלט. נאָר א טויטער גלויבט ניט, אַ מענטש וואָס לעבט גלויבט. „ווי מיר נוצן האַלץ כדי א פייער צו דערהאלטן, אזוי נוצן מיר אלע אונזער לעבן כדי צו דערהאלטן דאָס אמת׳ע ליכט פון דער וועלט".

מענטשן רייסן זיך צום אמת׳ן ליכט פון דער וועלט דורך אלע זייערע טואונ־גען. יעדער אויף זיין וועג און אופן.

דער ווייטסטער, דער פאנטאסטישסטער חלום פון א יעגער וועלט איז אַפילו ניט האלב אזוי וואונדערליך ווי די ווירקלא־כע וועלט איבער וועלכער מיר טרעטן מיט די פיס. דאָס אמת׳ע ליכט פון דער וועלט איז ארום אונז, מיט אונז. עס איז דער קאטעגארישער אימפעראטיוו פון אונזער זיין.

רעפאָרמען, — פאָרמען נייע פאר דעם חעכסטן באוואוסטזיין פון דעם היינטיק־וועלטיקן מענטשן, דאָס יאָ, נאָר רעפאָר־מען נייע, רעוואָלוציאָנערע, ממשות׳דיקע.

דוד איגנאַטאָוו.

## „פינף און צוואַנציק יאָר מאָסקווער קונסט טעאַטער"

„פינף און צוואַנציק יאָר מאָסקווער קונסט טעאַטער", — אזוי הייסט דאָס בוך וואָס איז דערשינען אין מאָסקווע צום 25־יאָריקן יובילייאום פונ׳ם דאַזיקן טע־אַטער.

דאָס איז זייער א וויכטיקע מאָנאָגראַ־פישע אַרבעט איבער דעם לעבן און טע־טיקייט פון דעם וועלט בארימטן טעאַטער, דאָס איז אייגנטלאך דער ערשטער פרואוו פון א ערנסטער היסטאָרישער פאָרשונג, וועלכע נעמט ארום אינגאנצן די פינף און צוואַנציק יאָריקע עקזיסטענץ פון דעם דאַזיקן וואונדערבארן קונסט אָרגאַניזם.

אלע ביז איצט דערשינענע באזונדערע מאָנאָגראַפיעס וועגן איינצעלנע קינסטלער פונ׳ם טעאַטער — סטאַניסלאַווסקי, נעמי־ראָוויטש דאַנטשענקאָ, קאטשאלאָוו, ווי אויך אַפּהאַנדלונגען פון באזונדערע אויפ־פירונגען — „דריי שוועסטער", "קאַרשן גאָרטן", „אויפ׳ן אָפּגרונט", „אנאַטעמא", "איוואַנאָוו", א. א. וו. — זיינען געווען בלויז עפּיזאָדישע ארבעטן וועגן די שאַ־פונגען פונ׳ם טעאַטער. אין דעם יובי־לייאום בוך אָבער ווערט באהאנדלט און באלויכטן די היסטאָרישע באדייטונג פון דאַזיקן טעאַטער אין פּראָצעס פון זיין שאַפן, און זיינע ווירקונגען אויף טעאַ־טער קונסט ניט בלויז אין רוסלאנד, נאָר ווייט, ווייט אויף יענער זייט פון אירע גרענעצן אין מערב אייראָפּא און אפילו אין אמעריקע.

אויב ס׳איז אמת, אז ביכער, ווי מענ־טשען, האָבן זייער אייגענעם גורל, איז דער גורל פון דעם דאַזיקן בוך באזונדער טראַגיש.

דאָס בוך איז געשריבן פון ניקאָלאַי אפרת. א פ ר ת איז געווען פון די ערשטע בויער פון דעם דאַזיקן טעאַטער, און ער האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם באַם אונטערשרייבן די לעצטע קאָ־רעקטור פון דעם דאַזיקן בוך.

צום שער בלאט פון דעם דאַזיקן בוך איז צוגעקלעפּט א קליין בלעטעלע מיט א טרויעריקער צושריפט פון אלעקסאנדער בראָדסקי, אין וועלכער ער זאָגט:

„שרייבן וועגן ניקאָלאַי אפרת אויף א קליין בלעטעלע איז זייער שווער און אויך זייער גרינג. זייער שווער, ווייל איז דען מעגלאך אין געציילטע שורות צו שילדערן די פארשיידנארטיקייט פון זיין טאַלאַנט, פון זיין וואונדערלאכער נשמה, איבערגעבן דעם צויבער פון דער ליכטיקער פערזענלאכקייט, די אומגעהויער גרויסע קולטורעלע און זיטלאכע אייגנ־שאַפטן פון דעם מענטשן, וועמעס טויט ס׳האָט ווי א דונער געטראָפן אַלע, מיט וועמען ער פלעגט נאָר קומען אין בארי־רונג, — א אומפארגעסלאכער פארלוסט ניט בלויז פאר׳ן טעאַטער און ליטעראַ־

טור, ווען ער האָט מיט אזא ליבע און פייער געווידמעט אלע זיינע כחות. . . זייער גרינג, ווייל: הינטער די דאָזיקע טרויעריקע שורות, פון אומרו און מיטן צער נאָכ'ן פארשטאָרבענעם פריינט, שריפטשטעלער און מענטש, ליגט זיין בוך, וועלכן ער האָט אָנגעשריבן מיט זיין אָטעם, מיט א זוניקער באגייסטערונג, מיט'ן פאטאָס פון ערשטער ליבע. א בוך, וואָס וועט וועקן בא יעדן לעזער די טיפ־סטע אַכטונג צום מחבר. צו זיין צויבער־לאכער פעריזענלאכקייט און וועט פארהער־לאכן זיין נאָמען אין דער ווייטער שווי־נער אייביקייט. . . "

און נאָך א טראגישער מאָמענט איז פארבונדן מיט'ן דאָזיקן בוך. דאָס טע־אטער, וועלכן דאָס יובילייאום בוך איז געווידמעט און געשריבן מיט אזוי פיל ליבע און צארטקייט, האָט אָפגעריכט זיין 25טן יאָרטאָג יום־טוב אין דער פרעמד, אין גלות, ווייט פון זיין היים, פארוואָר־פען און אָפגעריסן פון זיין שאפונגס ווינקל, האָט געפייערט זיין יובילייאום אויפ'ן פארצווייפלטן שייד וועג, מיט'ן וואַנדער שטעקן אין האנט, מיט'ן וואַנדער שטעקן, וועלכער איז אפשר זיין איינצי־קער אָנהאלט אין דעם איצטיקן טעאטער בין השמשות.

אויך דאָס אויסזען פון דעם בוך, זיין ניט צוטריטלאכער פרייז, די ניט גאָר גע־לונגענע רעפּראָדוקציעס און בילדער, וואָס זיינען געגעבן אין דעם בוך, שלעכטע בראָשירונג — רופן ארויס טרויעריקע געדאנקען. אָט די, דוכט זיך זייטיקע, איינצלהייטן ווארפן אָבער ליכט אויף די סיבות, וועלכע האָבן געצוואונגען דעם קונסט טעאטער צו זוכן נייע ברעגן, נייע שטעט און לענדער . . .

עס איז ניט אונזער אויפגאבע צו פאַ־נאַנדערקלייבן זיך אין דעם דאָזיקן ענין, — דאָס וואָלט אונז ווייט פארפירט פון אונזער טעמא, און דעריבער וועלן מיר זיך בלויז אָפּשטעלן אויפ'ן אינהאלט פון בוך גופא, אויף דער געשיכטע פון זוכע־נישן און דערגרייכונגען, טרוימען און אויף די גרויסע קינסטלערישע אוצרות, פאַרווירקליכונגען, קאַמף און אומערמיד־לאכע ארבעט, דורכפאלן און נצחונות און וואָס דער מאָסקווער קונסט טעאטער האָט אָנגעזאמלט אין משך פון זיין 25־יאָרי־קער עקזיסטענץ. אוצרות, וואָס וועלן בלייבן אין דער געשיכטע פון טעאטער קונסט און קולטור בכלל. אומאָפּהענגיק פון דער ווייטערדיקער טעטיקייט פון דעם טעאטער און פון זיין ווייטערדיקן גורל.

ניקאָלאי אפרת האָט דער ערשטער אָפּ־געשאצט די גרויסע באדייטונג פון דעם קונסט טעאטער נאָך אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ. אינטואיטיוו האָט ער דערשפּירט, אז מען האָט דאָ צו טאָן מיט קעמפער פאר א אידייע, פאר א ריכ־טונג, און מיט טרעגער פון גרויסער קול־טורעלער פאראנטוואָרטלאכקייט.

אין דעם ביטערן קאמף, וואָס האָט זיך דאן צופלאקערט צווישן די קעגנער פון דעם קומענדיקן קונסט טעאטר און דער קליינער גרופּע „פארביסענע קנאים" מיט סטאניסלאווסקי און ניעמיראָוויטש דאנטשענקאָ בראש, האָט זיך ניקאָלאַי אפרת געשטעלט אויף דער זייט פון די קנאים און מיט זיין שארפער פעדער האָט ער זייער פיל מיטגעווירקט און מיטגע־האָלפן אין זייער רעוואָלוציאָנערער אר־בעט.

צוויי פיגורן דאָמינירן איבער אלץ און אלעמען, וואָס איז אין דעם טע־אטער געטאָן און געשאפן געוואָרן, דאָס זיינען קאָנסטאַנטין סטאַניסלאווסקי און וולאַדימיר ניעמיראָוויטש דאנטשענקאָ.

דאָס גליקלאכע צוזאמענארבעטן פון די צוויי גרויסע קולטור מענטשן און בינ־קינסטלער האָט געגעבן דעם טעאטער די געהעריקע ריכטונג און געפירט פון אומ־רואיקע זוכענישן צו נצחונות'דיקע דער־גרייכונגען. אין דעם ליגט דער סוד פון קונסט טעאטר. מיט דעם ווערט דערקלערט זיין גאנצער וועג, וועלכן ער האָט דורכ־געמאכט. אָט די צוויי שארף און בולט גע־מאָלטע פאַרטרעטן, אָט די צוויי כאראק־טעריסטיקס זיינען די אינטערעסאנטסטע בכלל און איז אויך דער סאמע וויכטיקס־טער טייל פון אפרת'עס בוך. אין די צוויי כאראקטעריסטיקעס וועט דער קומענדיקער פאָרשער און היסטאָריקער געפינען דעם

שליסל צו דער גרויסער קינסטלערישער ירושה, וואָס דער מאָסקווער קונסט טעאַטער האָט איבערגעלאָזן.

"קומענדיקע דורות פלעכטן נישט קיין קרענץ פאַר אַקטיאָרן", — אַזוי זאָגט שילער.

וואָס בלייבט פון אַן אַקטיאָר, ווען ער גייט אַוועק פון אונז? אין בעסטן פאַל געדיינקען זיינע קרעאַציעס מענטשן פון זיין דור, דערמאָנען עס אַמאָל און נאָכדעם איז „פיניטא לא קאָמעדיא", עס בלייבט פון דעם קיין שפּור ניט.

וועגן דעם ריזיקן אַקטיאָר שטשעפּקין האָבן מיר כמעט ניט די מינדסטע פאָרשטעלונג. וועגן מאָטשאַלאָוו, ריבאַקאָוו און זייער גלייכן, ווייסן מיר אויך אַזוי גוט ווי גאָרניט.

וועגן די אומצייליקע ראָלן, וואָס סטאַניסלאַווסקי האָט מיט אַזאַ באַטאָם אין קינסטלערישער דערהויבונג געשפּילט, וועט, אויסער עטלאַכע בילדער און פאָטאָגראַפיעס, גאָרנישט בלייבן, אָבער גרויס וועט זיין די טעאַטראַלע טראַדיציע, וואָס עס האָט באַשאַפן סטאַניסלאַווסקי, דער רעזשיסער, מיט זיין סיסטעם-און גרויס וועלן זיין אירע ווירקונגען.

שטשעפּקין, דער אַקטיאָר, איז פאַרשוואונדן, אָבער זיינע בריוו צו גאָגאָלן און צו שומסקי לעבן עד היום אין דער טראַדיציע פון רוסישן טעאַטער. זיי האָבן דערצויגן גאַנצע טעאַטראַלע דורות און האָבן אויך סטאַניסלאַווסקין געגעבן דעם ערשטן שטויס צו זיין גרויסער אַרבעט איבער דער טעאָריע פון דראַמאַטישער קונסט. און עס איז קיין ספק נישט, אַז פאַר די קומענדיקע דורות וועט אין דער אַנטוויקלונג פון רוסישן טעאַטער סטאַניסלאַווסקיס טעאָריע, און נאָך מער זיין פּערזענלאַכקייט, שפּילן אַ באַדייטנדיקע דערציערישע ראָלע, ווייל זיין טעאָריע, און נאָך מער ער אַליין, עפּנט אויף דעם וועג צו טעאַטער קונסט, ווי צו קונסט בכלל.

וואָס איז דער וועג פון סטאַניסלאַווסקי? אין וואָס באַשטייט די טעאָריע פון זיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען?

סטאַניסלאַווסקיס טעאָריע, סטאַניסלאַווסקיס וועגן זיינען — זעלבסט דיסציפּלין, זעלבסט באַהערשונג און אינערלאַכן קאַמף מיט זיך.

ניט מיט אַמאָל האָט זי סטאַניסלאַווסקי געשאַפן. איינס נאָכן אַנדערן מיט געדולד און אויסדויער האָט ער די יסודות פון זיין סיסטעם געשאַפן. די וויסנשאַפטלאַכע באַגרינדונג פון דער סיסטעם און אַלע אירע איינצלהייטן וועלן אינגיכן פאַרעפנטלאַכט ווערן אין אַ בוך, וועלכן סטאַניסלאַווסקי אַליין באַאַרבעט איצט. אין אַלגעמיין, באַשטייט די סיסטעם פון אַ גאַנצע רייע פאַרשיידענע איבונגען, באַזירטע אויפן זכרון פון געפיל און דאָס ברייננגט צום באַוואוסטזיניקן וועג, אַרויסצורופן אומבאַוואוסטזיניקע עמאָציאָנעלע כוחות פון אַקטיאָרישן שאַפן.

שטאַמענדיק פון אַ „קופּעטשעסקער" פאַמיליע, אַ זון פון זייער רייכע עלטערן, האָט סטאַניסלאַווסקי מיט זיין גרויסן אָנגעשטרענגטן ווילן באַקעמפט און צעשטערט אַלע מחיצות און פאָראורטיילן, וואָס האָבן, ווי מיט אַ שטומער וואַנט, אָפּגעטיילט זיין היים און זיין סביבה פון דעם פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער.

סטאַניסלאַווסקי אַליין דערציילט, אַז זעלטן ווען עס האָט געטראָפן, ער זאָל, אַרויסגייענדיק אין אַ צימער, ניט איבערקערן אַ שטול, ניט אַראָפּוואַרפן אַ וואַזע, ניט אַראָפּשלעפּן די טישטוך פון טיש, א. א. וו. ער האָט ממש ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט די הענט און פיס. נאָך ערגער איז געווען מיט זיין דיקציע: ער האָט געשלונגען ווערטער, געשעפּעליאַוועט און האָט גערעדט זייער שנעל, — אַ שלעכטע מאַנער פון שלעכטע אַמאַטאָרן. אַ שלעכטע אַמאַטאָרישע מאַניר האָט ער אויך באַנוצט, ווען ער פלעגט שפּילן אויף דער בינע. ער האָט ניט געשאַפן קיין ראָלן, ער האָט נישט געהאַט קיין אייגענע קרעאַטירונגען, נאָר ער האָט פּשוט קאָפּירט דעם אָדער יענעם אַקטיאָר, וואָס ער האָט געזען אין דער אָדער יענער ראָל און וועלכער איז אים אַם בעסטן געפעלן געוואָרן.

אַזוי זיינען געווען זיינע ערשטע שריט אויפן שווערן טעאַטער וועג.

נאָר זיין הייסע ליבע צום טעאַטער, זיין באַזונדערע באַגאַבטקייט, זיין זעלטענע אַרבעטזאַמקייט און פּאַרעקשנטער ווילן צו דערגרייכן דעם אָנגעמערקטן ציל, האָבן אים דורכגעפירט בשלום דורך אַלע שטרויכל־שטיינער, וואָס ליגן אויפן וועג צום טעאַטער. און זיין אומאויפהערלאַכע אַרבעט איבער זיך אַליין האָבן פאַר אים אַנטפּלעקט אַזעלכע אוצרות פון קינסטלערישע מעגלאַכקייטן, וועלכע ביז אים האָבן אינטואיטיוו אַרויסבאַוויזן אין מאָמענטן פון גרויסער דערהויבונג בלויז געניאַלע טעאַטער קינסטלער.

אין דעם קאַמפּס פּעריאָד מיט דעם קונסט טעאַטער, האָבן זיינע קעגנער פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין דעם טעאַטער זיינען נישט פאַראַן קיין אַקטיאָרן, אַז דאָס איז אַ טעאַטער פון רעזשיסערישער קונצן־מאַכעריי, אין וועלכן מען רעכנט זיך לחלוטין ניט מיט דער פּערזענלאַכקייט פון דעם אַקטיאָר.

עס איז גענוג בלויז צו דערמאָנען אַזעלכע נעמען ווי קאַטשאַלאָוו, מאָסקווין, לעאָנידאָוו, און אַנדערע, כדי דער דאָזיקער בלבול זאָל צורינען ווי אַ רויך. פאַרקערט, אין קיין טעאַטער רעכנט מען זיך ניט אַזוי אינדיווידועל מיטן אַקטיאָר, אַפילו מיטן סאַמע קלענסטן, ווי אין מאָסקווער קונסט טעאַטר.

און אויך שפּעטער, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס קונסט טעאַטער, האָט מען זיך באַמיט, אַז הינטער די קוליסן זאָל אַלץ אַזוי איינגעאָרדנט ווערן, אַז די שוישפּילער זאָלן זיך שפּירן אין אַ היימישער אַטמאָספערע און ניט אין אַ פאַבריק, וואו מען פּראָדוצירט קונסט צו פאַרווײַלונג פון געערטן פּובליקום.

אַ ביישפּיל: ווען מען האָט אויפגעפירט „סיעלאָ סטעפּאַנטשיקאָוואָ", איז אין דער ערשטער פּאַרטיילונג פון די ראָלען, די ראָל פון פאָלקאָווניק ראָסטאַנאָוו איבערגעגעבן געוואָרן צו סטאַניסלאַווסקי. די ראָלן האָט פּאַרטיילט ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ. נאָך עטלאַכע צענדליק פּראָבעס האָט זיך ניעמיראָוויטש איבערצייגט, אַז די ראָל גייט בא סטאַניסלאַווסקי'ן ניט גוט, ניט ווי ער וואָלט עס וועלן. ער האָט געשפּירט, אַז די ראָל איז ניט גאָר צוגעפּאַסט צו אים. אויף אַ פּראָבע האָט ער אים דערקלערט, אַז די ראָל ווערט איבערגעגעבן צו אַן אַנדערן. די קלוגע אויגען פון'ם געניאַלן שוישפּילער, האָבן זיך פאַרנעבלט מיט טרערן און מיט אַ ציטער האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן: „וולאַדימיר איוואַנאָוויטש, אפשר קאָן איך נאָך אַביסל אַרבעטן איבער דער ראָלע?"

אָבער ניעמיראָוויטש האָט זיין מוינונג ניט געביטן און די ראָל איז איבערגעגעבן געוואָרן צו מעסאַליטינאָוו.

סטאַניסלאַווסקי איז געווען דורך און דורך אַקטיאָר, אינטואיטיוו, מיט אינערלאַכן ברען, מיט רוח הקודש. יעדע ראָל פלעגט ער אויפכאַפּן קודם כל מיט'ן אַקטיאָרישן חוש, און מיט זיין אומאויפהערלאַכער אַרבעט, טעכנישע שלייפונגען, דורכגעטראַכטע דעטאַלן האָט ער געשאַפן די גלענצענדע גאַלעריי הויך קינסטלערישע, אומפאַרגעסלאַכע קרעאַטירונגען, וועלכע האָבן אים געמאַכט באַרימט אויף דער גאַנצער וועלט.

אַזאַ איז סטאַניסלאַווסקי. זיין ווירקונג אין מאָסקווער קונסט טעאַטער, און טעאַטער בכלל און דערהויפּט אויף שוישפּילער און שוישפּיל קונסט, איז אומגעהויער גרויס. ער האָט זיך מיט זיין קינסטלערישער טעטיקייט געשטעלט אין צענטער פון בינע קונסט און דאָרט וועט ער בלייבן אויף לאַנגע, לאַנגע דורות.

אין די אומרואיקסטע און פיבערהאַפטסטע צייטן פון זוכענישן און פּיינלאַכע גריבלענישן, אין די צייטן ווען אַלע ווערטן ווערן איבערגעשאַצט, ווען אַלץ ווערט פאַרוואָרפן און אָפּגעוואָרפן, און זייער אָפט גאַנץ לייכטזיניק, — אין אַזעלכע צייטן וועט סטאַניסלאַווסקי דאָך בלייבן דער מוסטער פאַר שוישפּילער און שוישפּיל קונסט.

3

אַ גאַנץ אַנדער פיגור איז ניעמיראָוויטש דאַנטשענקאָ.

אויסערגעוויינלאַכע עמפּפינדלאַכקייט,

שארפע פויאיקייט פאר פסיכאָ־אַנאַליז, גוואלדיקע אָרגאַניזאַטאָרישע און אונטערנעמונגס פויאיקייטן — דאָס זיינען די אומשעצבארע אייגנשאַפטן מיט וועלכע ניעמיראָוויטש איז געקומען אין קונסט טעאַטער.

ער האָט עס געשאַפן דעם רעפּערטואַר פאר'ן קונסט טעאַטער. ער איז דאָס געווען דער וואָס האָט דערשפּירט די טויפעניש פון אַנטאָן טשעכאָוו און מיט זיינע דראַמען דערפרישט די רוסישע בינע וועלכע איז נאָך דעם אָסטראָווסקי פעריאָד געבליבן שטיין פאר א שטומער וואַנט און האָט זיך פארנומען מיט דער ביליקער דראַמאַטורגיע פון די פארשיידענע רישקאָוו'ס, קרילאָוו'ס, סומבאַטאָוו'ס א. א וו.

ניעמיראָוויטש איז אויך געווען א שריפטשטעלער און דראַמאַטורג. איבער א צענדליק זיינע דראַמען זיינען אויפגעפירט געוואָרן אויף דער רוסישער בינע מיט גרויס ערפאָלג, איבערהויפּט די פיעסן „דאָס ווערט פון לעבן", "נייע אונטערנעמונג", „דער טרויס", א. א. וו. דאָס זיינען אָבער געווען דראַמען פון דעם סומבאַטאָוו שניט און ניעמיראָוויטש האָט פארמאָגט גענוג טאַקט און קונסטלערישן חוש ניט דורכצופירן זיינע דראַמען אין קונסט טעאַטער, נאָכ'ן ערשטן פּרואוו.

אין רעכטן צובליאונגס פעריאָד פון זיין שריפטשטעלערישער קאַריערע, אין אָנהויב פון די נייַנציקסטע יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט ,ווארפט ניעמיראָוויטש אוועק זיין טעטיקייט און טרעט אריין אלס פעדאַגאָג אין מאָסקווער פילאַרמאָניע און גרינדעט דאָרט אין גרויסען מאַסשטאַב א דראַמאַטישע שול און סטודיע און גיט זיך אָפּ דער ארבעט מיט דעם גאַנצן ברען פון א טעאַטראַלן ענטוזייאַסט. און דאָרטן אין פילאַרמאָניע, אין פּראָצעס פון דער ארבעט האָט ער שוין אָנגעהויבן טראַכטן וועגן "א ניי טעאַטער", וועגן גרינדן „אַן אנדער טעאַטער", באַזירט אויף אנדערע קינסטלערישע יסודות, מיט אַן אַנדער צוגאַנג, מיט אנדערע מעטאָדן און ריכטונגען. דאָס האָט ניעמיראָוויטש פון זיין סטודיאָ געבראַכט אין קונסט טעאַטער די באַרימטע שוישפּילערין קניפּער סאַוויצקאַיאַ, ראַקסאַנאָווא, זאַגראַראָוו, מאָסקווין, מייערכאָלד א. א וו.

אויף די קרעפטן פון זיין סטודיע האָט ער געבויט זיינע האָפנונגען צו שאַפען א ניי טעאַטער.

און אזוי האָט זיך עס געצויגן ביז 1897. ער האָט זיך אין דער צייט פאַרבונדן מיט די אָנגעזעענסטע פאַרשטייער פון דער מאָסקווער אינטעליגענץ — גאָלצעוו, סערגעיענקאָ, לאַווראָוו, פּאָטאַפּענקאָ, יוזשין, וועלכער האָט אים אייגענטלאך אריינגעשלעפט אין פילאַרמאָניע, און אויך מיט פאַרשיידענע טעאַטער־אונטערנעמער. דאָס אלץ איז געווען געצילט צו פאַראינטערעסירן זיי אין גרינדן א ניי טעאַטער, אָבער קיין קאָנקרעטע רעזולטאַטן זיינען פון דעם ניט ארויסגעקומען. דעם 22טן יוני, 1897, איז ערשט פאָרגעקומען די היסטאָרישע באַגעגעניש פון ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ מיט קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי, די באַגעגעניש, וואָס האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פון מאָסקווער קונסט טעאַטער.

אין זיינע זכרונות וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש דערציילט ניעמיראָוויטש צווישן אנדערעס דאָס פאָלגענדע: „מיר האָבן אייגנטלאך ניט געהאַט וועגן וואָס צו ריידן. אין אונזער שמועס, וואָס האָט געדויערט פון 2 באַטאָג ביז 7 אין דער פרי (!), האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר האָבן ניט פון וואָס צו ריידן. . . ניטאָ קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, קיין סתירות, אין פּרינציפּ ווילן מיר איינע און די זעלבע זאַך: שאַפן א טעאַטער, אין וועלכן עס זאָלן זיך געפינען זייער תיקון די ווערק פון איבסען, האופטמאַן, מעטערלינק און טשעכאָוו, א טעאַטער, אין וועלכן עס זאָלן זיך קענען אנטוויקלען יונגע קרעפטן, זאָלן אויפבליען נייע טאַלענטן און זאָל בכלל גיין מיט נייע, ניט אויסגעטראָטענע וועגן".

אלס רעזולטאַט פון דער באַגעגעניש איז געגרינדעט געוואָרן א ניט אָפיציעלע

געזעלשאפט, אין וועלכער עס זיינען אריין, חוץ ניעמיראָוויטש און סטאַניסלאַווסקי, נאָך א צען מענטשן מיט די ברידער מאַראָזאָוו אין דער שפּיץ. מען האָט געדונגען דאָס טעאַטער „ערמיטאַזש“ און די איצט היסטאָריש בארימטע דאַטשע אין פּושקינאַ און מען איז צוגעטראָטן צו פּראָבן פון „שיילאק“, „סאַמאָאָפּראַוועץ“, און „צאר פיאָדאָר“.

אין טרופּע זיינען אריינגעטראָטן: אַנדרייעווא (די פרוי פון מ. גאָרקי), קניפּער (פרוי פון א. טשעכאָוו), ראָקסאַנאָווא, זאַגאַראָוו, קאָשעוואַראָוו, מייערכאַלד, מאָסקווין, מונט, סודבינין, ווישניעווסקי, טיכאָמיראָוו, סטאַניסלאַווסקי און נאָך אייניקע פון „געזעלשאַפט פאַר ליטעראַטור און קונסט“ און פילאַרמאָניע סטודיאָ. די ערשטע אויפפירונגען, דערציילט ווייטער ניעמיראָוויטש, האָט רעזשיסירט סטאַניסלאַווסקי.

ער האָט זיך הויפּטזעכלאַך פאַרנומען מיט באַאַרבעטונג פון די ראָלן, מיט דער האַרמאָניזירונג פון דער אויפפירונג. ווי נאָר עס פלעגט קומען צו "פּסיכאָ-אַנאַליז" פון דער אָדער יענער ראָל, אָדער צו דער ליטעראַרישער באַלויכטונג, פלעגט ער אַלע אַקטיאָרן אָפּשיקן צו אים: „גייט צו אים, דאָס איז זיין פאַך. . .“ פלעגט ער זאָגן.

און ביסלאַווייז, ביסלאַכווייז האָבן זיך אַזוי אויך פאַרטיילט די אַלגעמיינע טעטיקייטן פון סטאַניסלאַווסקי און ניעמיראָוויטש. סטאַניסלאַווסקי איז געווען דער לערער, דער דעטאַל זוכער, דער באַאַרבעטער און שלייפער, און אויף ניעמיראָוויטש'עס גורל איז אויסגעפאַלן צו זיין דער פירער, צו געבן די ריכטונג דעם טעאַטער, באַשעפטיקן זיך מיט'ן אויסוואַל פון רעפּערטואַר, א. א. וו.

ניעמיראָוויטש האָט פאַרשטאַנען ווי וויכטיק עס איז, אז אין טעאַטער, אלס צענטער פון קאָלעקטיוון שאַפן זאָלן קאָנצענטרירט ווערן אַלע בעסטע כחות פון דער קונסט וועלט: מאַלער, מוזיקער, כאָרעאָגראַפער א. א. וו. און עס זיינען גלייך צוגעצויגן געוואָרן אזעלכע מאַלער ווי א. בענואַ, מ. דאָבוזשינסקי, א. סימאָוו, רעריך, קאָראָווין, סקולפּטאָר אַנדרייעוו. אין דער שפּיץ פון דער מוזיקאַלישער טייל האָט זיך געשטעלט דער באַרימטער סאַץ און דער אָנפירער פון כאָר און אָרקעסטער איז געווען דער ניט וויניקער באַוואוסטער איזראַילעווסקי. אין פּראָצעס פון דער ווייטערדיקער ארבעט זיינען אויך צוגעצויגן געוואָרן אַנדערע רעזשיסערן פאַר באַזונדערע אויפפירונגען. אזוי איז איינגעלאַדען געוואָרן גאָרדאָן קרעג אויפצופירן „האַמלעט“, סאַנין און סולערזשיצקי זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פאַר אַנדערע אויפפירונגען, א. א. וו. פון טעאַטער גופא האָט זיך ניעמיראָוויטש (און אויך סטאַניסלאַווסקי) באַמיט אויסצוטיילן די פּויאיקסטערע פון די שוישפּילער און סטודענטן פון די סטודיעס, וואָס דאָס טעאַטער האָט געגרינדעט פאַר עקספּערימענטאַלע ארבעטן, און מאַכן זיי פאַר רעזשיסערן. אלס אזעלכע האָבן זיך באַלד אויסגעטיילט און אויסגעצייכנט דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער טאַלאַנטפולער וואַכטאַנגאָוו, ריכאַרד באָלעסלאַווסקי א. א. וו. די נייע יונגע רעזשיסערן פונ'ם קונסט טעאַטער האָבן מיט דער הילף אַנטוויקלט א גרויסע טעטיקייט אין די פון ניעמיראָוויטש און סטאַניסלאַווסקי סטודיעס (איצט עקזיסטירן שוין פיר סטודיעס), זייערע אויפפירונגען האָבן קאָנקורירט מיט'ן קונסט טעאַטער — זייער רבי און מנהיג. די אויפפירונגען פון דיקענס'עס "גריל אויפ'ן אויוון", הייערמאַנ'ס „פאַרלוירענע האָפנונג“, בערגער'ס „מבול“, — האָבן געמאַכט א גוואַלדיקן רושם אין דער טעאַטער וועלט און איבער הויפּט אין קונסט טעאַטער.

די באַגאַבטקייט פון ניעמיראָוויטש-דאַנטשענקאָ איז בויגזאַמער פון גראַדן און גלייכליניענדיקן טאַלאַנט פון סטאַניסלאַווסקי. דערמיט ווערט דערקלערט, וואָס נאָך 25 יאָר שווערע און אָנגעשטריינגטע ארבעט, האָט ער נישט פאַרלאָרן דעם קאָנטאַקט מיט דער יוגנט, מיט דעם יונגן דור, וועלכער וואַרפט זיך אויף נייע וועגן, וועלכער פאָדערט, ווי דאָס פּאַסט פאַר דער יוגנט, תיכף'דיקע פאַרווירקליכונגען, שנעלן ערפאָלג, אַלץ מער

און מער עקספּערימענטן.

און אין דעם איז די גרויסע פאַרדינסט פון דעם אייביק יונגן ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ פון דעם שטענדיקן זוכער, פון דעם אייביקן אומרו.

דאָס גליקלאַכע צוזאַמענלעבן פון דעם גרויסן גייסט פון ניעמיראָוויטש דאַנטשענקאָ מיט'ן גרויסן קינסטלער־פילאָסאָף קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי האָבן געשאַפן דאָס אומפאַרגעסלאַכע אויפ'ן טעאַטער געביט, — דעם מאָסקווער קונסט טעאַטער.

אין דעם יובילעאום בוך פון ניקאָלאַי אפרת זיינען דאָ אויך פיל סטאַטיסטישע ידיעות וועגן די אויפפירונגען, רעפּערטואַר, מחברים, שוישפּילער א. א. וו. דער דאָזיקער טייל, זייער וויכטיק פאַר'ן קומענדיקן היסטאָריקער, פאַרנעמט אינ'ם בוך זייער א גרויסען פּלאַץ. אין א קורצער אָפּהאַנדלונג וועגן בוך איז עס נישט מעגליך איבערצוגעבן. עס איז אָבער כדאי צו פאַרנאָטירן די וויכטיקסטע פון דער דאָזיקער "סטאַטיסטיק".

אין משך פון 24 יאָר (פאַר'ן 25טן יאָר האָט אפרת קיין גענויע ציפערן ניט) זיינען געגעבן געוואָרן פיר טויזנט מיט עטלאַכע און אכציק פאָרשטעלונגען.

„צאַר פיאָדאָר" גייט אָן אונטערברעכן כמעט די גאַנצע 24 יאָר. „דיאדיא וואַניא" איז געגאַנגען 263 מאָל, "דריי שוועסטער" — 262 מאָל, „איוואַנאָוו"— 80 מאָל. „טשאַיקא" — 64 מאָל. „דער קאַרשן גאָרטן" — 331 מאָל. א. א. וו.

חוץ די שוישפּילער פון די סטודיעס בכלל און חוץ די נייע אַקטיאָרן, וואָס זיינען צוגעקומען הן אין טעאַטער, הן אין די סטודיעס פאַר דער צייט, וואָס א טייל פון קונסט טעאַטער גאַסטראָלירט איבער דער וועלט, האָט דאָס קונסט טעאַטער פאַרמאָגט א טרופּע פון עטלאַכע און אכציק מענטשן. באַזונדער אָן אָרקעסטער מאָלער, קאָמפּאָזיטאָרן, בינע אויפזעער א. א. וו. מיט די סטודיעס האָבן זיך אין קונסט טעאַטער באַשעפטיקט איבער הונדערט און פופציק פּערזאָן. און יעדערער פון די איז א אינדיווידועלער קינסטלער. יעדערער פון זיי האָט אריינגעבראַכט אין קונסט טעאַטער דאָס שענסטע און בעסטע פון זיין גייסט און קינסטלערישער נשמה און איבער דעם אלעמען שטייען ווי ריזן די צוויי קאָלאָסאַלע פּיגורן פון ק. סטאַניסלאַווסקי און ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ און לויכטן און באַלויכטן די וועגן און שטעגן פון טעאַטער קונסט אין איצטיקן בין השמשות.

און זאָל דער נייער שטורם פון רעוואָלוציעס איבערראַשאַצן אלע ווערטן, זאָל ער צעשמעטערן אלע אלטע געטער, זאָל ער צעשמעטערן אלע אלטע פּיעדעסטאַלן, — וועט דאָס מאָסקווער קונסט טעאַטער מיט זיינע שאַפער און טרעגער דאָך שטיין בלייבן גאַנץ און אומבארירט אין דער גרויסער קולטורעלער און קינסטלערישער שאַפונג, וואָס ער האָט באַוויזן צו דערגרייכן אין זיין יובילייאום פּעריאָד.

אין די לעצטע ווערטער, וועלכע ניקאָלאַי אפרת האָט אויסגעאָטעמט פאַר דעם טעאַטער צוזאַמען מיט זיין נשמה, פאַרמולירט ער אזוי די ארבעט פון די „קנאים":

„די גרויסע דערגרייכונגען פון דעם דאָזיקן טעאַטער אין משך פון דעם פערטל יאָרהונדערט, איז א פּראָדוקט ניט פון אַנגעשטרייגטער קאָלעקטיווער ארבעט, נאָר איז אויך א רעזולטאַט פון אמת'ן, ריינעם קינסטלערישן ענטוזיאַזם. אין קונסט איז דאָס דער גלויבן, וועלכער קערט איבער בערג. . ."

אויך דאָס בוך פון ניקאָלאַי אפרת, "25 יאָר מאָסקווער קונסט טעאַטער" איז א פּראָדוקט פון ריינעם קינסטלערישן ענטוזיאַזם, פון א נשמה און גייסט וואָס האָבן ניט נאָר געזוכט, נאָר אויך געקעמפט פאַר דאָס שיינע, עטישע און עסטעטישע אין קונסט, ווי אין לעבן.

מענדל עלקין.

## א גוטער אָנהויב

*שמחת הנפש*, אידישע לידער מיט נאָטן, פון אלחנן קירכהן, פאָ־טאָגראַפישער איבערדרוק פון דער ערשטער און איינציקער אויסגאַבע, וועלכע איז דערשינען אין פיורדאַ, אין יאָר 1727, מיט א קולטור היס־טאָרישן אריינפיר פון דר. יעקב שאַצקי. ארויסגעגעבן פון מאקס נ. מייזעל (אידישער פארלאג פאר לי־טעראַטור און וויסנשאַפט). ניו־יאָרק 1926.

דר. יעקב שאצקי האָט געמאכט א גוטן אָנהייב מיט זיין איבערדרוקן אלחנ. קירכהנ'ס „שמחת הנפש", צווייטן טייל, מיט א וויסענשאפטלאכן אריינפיר. אזוינע מינים ארבעטן פלעגן דאָ פריער ווערן פארעפנטלאכט אין העברעאיש, ענגליש און אפילו דייטש, אָבי נאָר נים אין אידיש. פאר די וואָס לייענען אידיש האָט מען געשריבן פאָפולאריזאציעס, אָדער קאָמפי־לאציעס, נאָר זעלטן אן אָריגינעלע פאָר־שונג.

אפילו אין אייראָפע האָבן מיר נאָך, פארהעלטניסמעסיק, ווייניק ארבעטן אין אידיש איבער קולטור היסטאָרישע פאָר־שונגען. די באדייטנדיקסטע אידישע פי־לאָלאָגען, ביבליאָגראפן, פאָלקלאָריסטן, קולטור־היסטאָריקער א. א. וו. פארעפנט־לאכן זעלטן זייערע פאָרשונגען אין אי־דיש. אפילו פינעס'עס געשיכטע פון דער אידישער ליטעראטור איז לכתחילה גע־ווען געשריבן אין אן אנדער שפראך. דאָס איבערדרוקן אלטע ביכער אָדער מאנו־סקריפטען איז נאָך פאר א סך אידישע פאָרשער א זאך, וואָס האָט צו טאָן מיט העברעאיש אָדער די לאַנדס־שפראך, נאָר נים מיט אידיש.

מיר מוזן דערפאר באגריסן דר. שאצ־קי'ס ארבעט פאר א פיאָנערשע דאָ אין לאנד, און איר אויך באטראכטן פון אָט דעם שטאנדפונקט.

דער „שמחת הנפש" איז נאָך אזוי פאָ־פולער ביי אידן ווי דאָס "בבא בוך", אָדער „באָבע מעשה", עס איז געוואָרן געשריבן מיט איבער פיר הונדערט יאָר צוריק. דערצו האָט דאָס „בבא בוך" די מעלה, וואָס דאָס איז דאָס ערשט וועלטלאך בוך אין אידיש, א ראָמאן אין פערזן, און זיין פארפאסער איז דער גרויסער געלערטער אליהו לעוויטא (1472 — 1549). און בעת דער ערשטער טייל „שמחת הנפש" איז כאָטש אמאָל געווען פאָפולער, האָט דער צווייטער טייל נים געקראָגן קיין אויפמערקזאמקייט אפילו מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, דאָס איינציק מאָל וואָס ער איז געוואָרן געדרוקט.

די סיבת דערפון איז פארשטענדלאך. דאָס „בבא בוך" איז באַארבעט פון אן אייראָפעאישן ראָמאַן. זיין אינהאלט האָט שטארק אפעלירט צו דער פאנטאזיע פון די ברייטע מאסן. ער איז דערפאר געוואָרן א סך געלייענט, באזונדערס נאָכדעם, ווי מען האָט אים „באפרייט" פון אליהו לעוויטא'ס פערזן, און איבערגעגעבן אין א לייכטע פאָרם בלויז זיין „שיינע גע־שיכטע". די לייענער האָבן פארשטאנען, אז דאָס איז בלויז א מעשה און זי איז פאר זיי געוואָרן דער מוסטער פון אלע „באָבע מעשיות".

אויך דער ערשטער טייל „שמחת הנפש", וואָס איז צוויי הונדערט יאָר נאָכאנאנד גע־וואָרן איבערגעדרוקט, ביז אין 20טן יאָר־הונדערט אריין, האָט, אזוי ווי דער טייטש־חומש, געוואונען די הערצער פון זיינע לייענער דורך זיינע שיינע מעשה־לאך און משלים, און דורך דעם הארציקן פאָלקסטימלאכן טאָן פון זיין שרייבן. כ'האָב אים געלייענט אין מיינע אינגלשע יאָרן. ער האָט זיך געפונען אויף מיין זיידנס ספרים־אלמער, וואו עס זיינען גע־לעגן די באָבעס עברי־טייטש־ספרים: אי־בערזעצונגען פון ביבלישע, תלמודישע און רבנישע ווערק, ווי אויך: צאינה וראינה, בחיי, חזקוני, קב הישר, שבט מוסר, מנורת המאור, ספר מוסר השכל, גדולת משה, יוסיפון, חכמת שלמה, מכירת יוסף, א. א. וו. כ'געדיינק נאָך גוט מיט וואָס פאר א שפאנונג איך האָב דורכגעלייענט אָט דאָס קליין מוסר ספר'ל. באַזונדערס האָט זיך דעמאָלט איינגעקריצט אין מיין זכרון דאָס בילד, וואָס דער פארפאסער האָט געמאָלן פון יצר הרע, וועמען ער האָט געשילדערט אלס א לאכנדיקע חיענע,

וואָס פאַרנאַרט דעם מענטשן צום טויט דורך געלעכטער.

אָט די בילדלאָכקייט, האַרציקייט און פאָלקסטימלאַכקייט פון ערשטן טייל „שמחת הנפש" פעלט גאַנץ אין צווייטן טייל. אין לעצטן זוכט דער פאַרפאַסער אלחנן (הענלה) קירכהן, צו שרייבן, אָדער איבעראַרבעטן, זמירות און יוצרות אויף אידיש. נאָר ער איז ניט קיין דיכטער און אפילו ניט קיין דערפאָלגרייכער גראַמען־פלעכטער, כאָטש דאָ און דאָרט אי־בעראַשט ער אונז מיט א גראַם וואָס פאַר־כאַפּט. דערביי דאַרף מען נעמען אין אכט, אַז א סך פון זיינע באַאַרבייטע זמירות און יוצרות מאַכן א שוואַכן איינדרוק אויך אין זייער העברעאישן אָדער אַראַ־מייאישן אָריגינאַל.

אלחנן (הענלה) קירכהן איז א גוטער פרומער איד. ער וויל לערנען דאָס פאָלק. ער פּרובירט לכתחילה, אין ערשטן טייל „שמחת הנפש", זיך באַנוצן מיט דעם שיינעם משל, דער האַרציקער לעגענדע. נאָר ניט וויסענדיק פון זיין גרויסן דער־פאָלג, אַז זיין ווערק האָט געמאַכט א פו־ראָר, הויבט ער אָן זוכן נאָך א לייכטערן וועג ווי צו געווינען די הערצער פון די פּראָסטע אידישע מאַסן. שרייבט ער לידער מיט נאָטן, מוסר און דרשות אין גראַמען. איז ער אָבער אויף דעם געביט א קנאַפּער מייסטער. ער קען ניט קאָנקורירן מיט די פּאָפּולערע נגונים פון די חזנים, גאַסנ־זינגער און בדחנים. ווערט זיין ביסל געלונגענע לידער בטל בששים צווישן זיי־נע טרוקענע יוצרות און גראַמען. האָבן זיי ניט דערגרייכט די הערצער פון די מאַסן. נאָר דערפאַר האָבן זיי, קירכהנ'ס לידער, איצט, צוויי הונדערט יאָר שפּע־טער, א היבשן ווערט פאַר'ן פילאָלאָג, פאָלקלאָריסט און באַזונדערס פאַרן קול־טור היסטאָריקער.

קירכהנ'ס אידישע לידער גיבן אונז א קולטור־היסטאָריש בילד פון דעם אידישן לעבן אין מיטל-אייראָפּע אין סוף פון 17טן יאָרהונדערט. מיר באַקענען זיך דורך קירכהנ'ס ווערק מיט די זיידעס פון דער אידישער בורזשואַזיע אין דייטשלאַנד, און מיר הויבן אָן פאַרשטיין קלערער די שפּע־טערע רעפאָרם באַוועגונג צווישן די דיי־טשע אידן און דאָס אנטשטיין פון דעם באַקאַנטן דייטשן „יאַהודי"־טיפּ, מיט אלע זיינע מעלות און חסרונות.

לייענען מיר דורך אלחנן (הענלה) קיר־כהנ'ס אידישע לידער, זיין צווייטן טייל „שמחת חנפש", אַזוי זען מיר, אַז די דייטשע אידן פון צוויי הונדערט יאָר צו־ריק האָבן אויף זיך ניט געפילט שווער דעם יאָך פון גלות, און האָבן זיך ניט אָפּגעגעבן מיט תעניתים און הפסקות. אפילו ער אליין, דער אלטער פרומער מחבר פון „שמחת חנפש", וואָס איז גע־ווען אן איידים פון דעם אין ווילנע גע־בוירענעם מוסר'ניק, צבי הירש קאַידאַ־נאָווער, דער מחבר פון מוסר ספר „קב הישר", פּרעדיקט ניט קיין אסקעטיזם און סטראַשעט ניט מיט די מורא'דיקע גיהנם־שטראָפן, ווי זיין שווער. אלחנן (הענלה) קירכהן זאָגט מוסר אויף נאָטן, האַלט דרשות אין גראַמען, און רעדט מער אין סאַטירישן־הומאָריסטישן טאָן פון בדחן ווי אין דער תוכחה־שפּראַך פון מגיד. באַזונדערס פילט זיך אָט דער סאַטיריש־הומאָריסטישער טאָן אין זיין שילדערן די אידישקייט פון די אידישע בעלי גופים אין די ישובים:

„אין די דרייא וואָכן טונין זיך ניט
שערן אונ'בוצן,
אונ' אם תשעה באב שטיפטין אונ'
לאכין אונ' קוצן.
פיר וואוכן טואט שיטלן אונ'
אויז רוימן חמץ טואט קיין
בלעצכי פרגעשן,
אונ' מצות טואט ער באקין דיר
לויטר חמץ טואט עשין".

אויף זייערע שמחות לאָזן זיך אָט די אידן גאָר וואוילגיין. זיי פרעסן און זויפן און „דערבייא איז מיינשטר ער דיר גרעשט ניבול פה רעט". די פרויען אונטערשיידן זיך ניט אין דעם פּרט פון די מענער:

„אך זיינין נשים דיא טרינקין
פיל יין שרף אייניר חתונה
אונ' ברית מילה,
אזויא פיל אליז צו שיעור טבילה,
אונ' טרייבין צוגלייך מיט מאנין
אונ' יונגין חוצפת אונ'
גלעכטר.

ווי זי אזויא אך אירי טעכטער".

אויף אַט די לעבנסלוסטיקע אידישע פרויען האָט דער אלטער פרומער דרשן איבערהויפּט א שלעכט הארץ. ער איז אויף זיי אין כעס ניט בלויז דערפאר, וואָס זיי היטן ניט אָפּ קיין אידישקייט: גייען „איבעראל אוני שומר, אכטין קיין עבירה קל וחומר", אָדער דערפאר וואָס זיי באהאנדלען שלעכט די מענער: „פולי נשים האלטין דיא מאנין וויא איין הונד, שטעין גיאין קללות אויז אירן מונד".
אויסער זיך פאר צאָרן איז ער, ווען ער רעדט וועגען דעם ווי אזוי זיי שטערן דעם מגיד אין זיין דרשה: ווען א למדן דרשנט פאר אָט די אידישע בעלי גופים, קלאָגט זיך אלחנן (הענלה) קירכהן, איז „תיכף ווערין זיא שלאָפין אודר שלומין".
נאָר דאָס איז נאָך ניט דאָס ערגסטע:

„מעניך מאָל טונין זיא שטופּטין
אונ' ראמורין,
אונ' נשים ובתולות איר קולות לאָזין
הערין ווי די הורין,
אונ' לוזין זיך ניט אב ווערין,
דש מן מיטן אין דער דרשה מוז
אויף הערין.
ווען די דרשה איז פר בייא,
קומן ווידר דיא חוצפא לידר ארבייא,
טונין יוחצין אונ' שאלין אונ' זינגין.
מיט הענד אונ פיס טונין קלאפּין
אונ' אויף דעם טיש שפּרינגן".

פון אלחנן (הענלה) קירכהנ'ס גראמען דערוויסן מיר זיך אויך, אז מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, אזוי ווי היינט, פלעגן אידישע הענדלער אין שול „טונין דברים בטלים אונ' פון האנדל שוויצין". זיי האָבן שוין אויך דעמאָלט שטארק ליב געהאט צו שפּילן אין קאָרטן:

„צדקה צו געבן אפילו מחצית השקל
איז אים שווער,
אונ' נאָך קאָרטן שפּילן זייניען
אייפריג זער.
אפילו אם תענית אונ' תשעה באב
אונ' סליחות טעגין,
לוזין זיא קאָרטין שפּילן ניט
אונטרוועגין".

זייער באקוועמלאכקייט איז ביי זיי געווען דער עיקר פון אלע עיקרים. דעם שבת האָבן זיי אָפּגעהיט נאָר אויף וויפיל דאָס האָט זיי ניט געשטערט זיך צו לאָזן וואוילגיין. די זעלבע באציאונג האָבן זיי אויך געהאט צו עסן כשר און אנדערע אידישע דינים און מנהגים: „אך טונין זיך דער פרומער קירכהן, נאָר כבוד אין גאנץ אָפּגעזאָגט פון דער אלטער גוטער מדה שול האָבן זיי פארלאנגט ווי „כשר'ע" אידן, זיך ארומגעקריגט פאר עליות.

ניט בעסער איז געווען זייער באציאונג צווישן מענטש און מענטש. זיי זיינען געווען ניט ערלאך אין געלט זאכן, האָבן געריסן פּראָצענט, זיך איינע די אנדערע מסיג גבול געווען, געעפנט פרעמדע בריוו, פארשעמט איינער דעם צווייטן, ניט געהאלפן דעם שוואכן און עלנטן און זיך גאנץ אָפּגעזאָגט פון דער אלטער גוטער מדת פון הכנסת אורחים: „אויף ישובים אייז קראנקן גאשט, אויז האלטין איז איינן איין לאשט". נאָר ניט בעסער ווי אָט די פארגרעבטע אידן זיינען געווען זייערע גייסטיקע פירער: די מלמדים, וועלכע בלויז „וועגען דאָש געלט טונין זי קנעלן", די חזנים, וועלכע „דען טייטש אויף דר תפלה ניט קענן", די רבנים און דיינים וועמעס „סדר" איז „איבל געשטעלט". קורץ, א דעמאָראליזאציע איבערן גאנצן לאגער, פון די פּראָסטע ישובניקעס ביז צו די געלערנטע „נדיבים עשירים".

אלחנן (הענלה) קירכהן מוסר'ט דעם עולם ניט בלויז צו זיין פרום, נאָר דער עיקר צו זיין גוט. ער פארדאמט דאָס זאָגן ליגן, ווארנט קעגן שולטן, חנפ'ן, ריידן לשון הרע און רכילות, קעגן שכורן, שפּילן אין קאָרטן, א. א. וו. ער פאָדערט אמת, יושר און רחמנות, און ניט בלויז פון אידן צו אידן, נאָר פון מענטש צו מענטש:

„אויף איין מענש טוא קיין איבל
וואָרט רידין ארויז,
עז מאג זיין אנדערשט וואו אודר אין
דיינים הויז,
ער מאג זיין ארים אודר רייך,
יהודי אודר נכרי האלט אלי צו גלייך".
האָשדו איין יודיש דינסט טוא זיא
ניט מיט ארבייט בשווערין,

מיט שלאָגין אונ׳ שילטן אונ׳
פלוכין טוא זיא ניט שערין
דען גאָט ברוך הוא טוט אליש הערין
ווען זיא אביר ניט זיינין געטרייא,
לוז זיא אויז גין תיכף פרייא,
אונ׳ דען לון וואש איגן גבירט גיב
אינן דערבייא.

קיין אום רעכט געלט טוא בגערין,
יהודי אודר נכרי מאג עס צו הערין״.

געפירט פון דר. שאצקי׳ס קולטור־היסטאָרישן אַרייַנפיר, קאָן פון קירכהנ׳ס אידישע לידער א סך לערנען יעדער אינטעליגענטער מענטש, אפילו דער, וואָס קאָן ניט לייענען די שריפט פון דעם פאַטאָגראַפישן איבערדרוק פון דאָס ווערק, וואָס איז אַרויס מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק. אפילו דער ניט־פאַרשער ווערט פאַראינטערעסירט אין די קולטור היסטאָרישע בילדער, וואָס קירכהנ׳ס ווערק גיט אונז פון זיין צייט.

עס איז נאָר א פארדרוס, וואָס דר. שאצקי האָט זיך צופיל געאיילט. דאָס איז כלל ניט געווען נייטיק. אזא בוך ווי קירכהנ׳ס אלטע לידער, מיט דר. שאצקי׳ס קולטור היסטאָרישן אַרייַנפיר, ווערט ניט באַרעכנט פארן געוויינלאכן ביכער־סעזאָן. דאָס בוך איז דאָך אַרויס אין א באַשרייַנקטן צאָל. בלויז פינף הונדערט און פופציק עקזעמפּליארן, פון וועלכע נאָר פינף הונדערט זיינען צו פאַרקויפן. מיט אזא בוך איז ניטאָ וואָס צו איילן, ער זאָל אַרויס פונקט צום נייעם יאָר.

צוליב דר. שאצקי׳ס איילעניש איז זיין קולטור היסטאָריש אַרייַנפיר ניט ריין פון דרוקפעלער. מען קען אים מוחל זיין אזוינע פאַרשטענדלאכע טעותן ווי „פּראַפּטפּולע״ אנשטאָט „פּראַכטפּולע״, „קוסטור״ אנשטאָט „קולטור״, „יאָהן״ אנשטאָט „יאָרן״ א. ד. ג. עס האָבן אָבער ניט געדאַרפט בלייבן אומבאַמערקט אזוינע טעותן וואָס זיינען נוגע נעמען פון ביכער אָדער פּערזאָנען, ווי „מנקת״ אנשטאָט „מ י נ ק ת״, „חנלה״ אנשטאָט „העגלה״ א. ד. ג. צוליב איילעניש אפנים ווערט דעם פאַרפאַסערס נאָמען ניט אויסגעלייגט אומעטום גלייך, ווערט פאַרביטן מענלאך אויף ווייבלאך מין. שרייבט דר. שאצקי איינמאָל „אידיש ענגלישן ענציקלאָפּעדיע, א צווייטן מאָל „רוסישער אידישער״ ענציקלאָפּעדיע, אָדער ער שרייבט „דער בוך״ (אנשטאָט דאָס בוך) און אין דער צווייטער שורה ווערט „ער״ ביי אים א זאכלאך מין — „עס״. דר. שאצקי האָט אויך געמעגט שרייבן „העסן״ און „קאססל״ א. ד. ג.

נאָר דאָס זיינען אלץ קלייניקייטן, הגם א בוך, אַרויסגעגעבן אזוי פּראַכטפול, און פון אזא קולטור־היסטאָרישן ווערט, האָט געמעגט זיין ריין אויך פון אזוינע פעלערן. מער עולה איז דר. שאַצקי׳ס צוטיילן די נעמען פון איין פּערזאָן. למשל, די פאַרפאַסערין פון דער דאָקטאָר־דיסערטאַציע „דאָס בוך שמחת הנפש — — — רוים־אונטערזוכונג אלס ביטראַג צור קענטניס דער יודיש־דייטשן מונדאַרטן״. בערן, 1913, הייסט ביי דר. שאצקי איינמאָל „מרים פליים״ (זייט 13), א צווייטן מאָל „פּוילינע פליים״ (זייט 22) און א דריטן מאָל „פּוילינע מרים פליים״ (זייט 37).

דר. שאצקי האָט אויך געמאָגט זיין פאָרזיכטיקער מיט מאכן אזוינע באַהויפּטונגען, וועלכע ער קאָן ניט באַווייזן. למשל, ער דערקלערט (אויף זייט 18), אז דער מחבר פון פּאָפּולערן מוסר ספר „קב הישר״, צבי הירש קוידאַנאָווער (ריכטיקער קאלידאנאווער ווי אין זלמן רייזענ׳ס „לעקסיקאָן״), „האָט צו יענער צייט, ווען ער איז געקומען קיין דייטשלאנד, קוים געקאָנט האָבן א טאָכטער א „בתולה״ — אויף „אַרויסצוגעבן״. ער האָט שוין געקאָנט גיין אויף שמחות צו זיינע אייניקלאך און נישט צו א טאָכטער״.

פון וואנען איז דאָס דר. שאצקי אזוי זיכער? פאר וואָס האָט דער אלטער מוסרניק ניט געקאָנט האָבן א מוזינקע א „בתולה?״ דר. שאצקי האָט זיכער געמוזט אָנטרעפן אין לעבן, פונקט אזוי ווי איך האָב געטראָפן, אידישע זקנים, וואָס האָבן געהאַט א פולע הויז מיט קליינע ניטאָ קיין באַשטימטע עלטער ווי פאר
ניטאָ קיין באַשטימטער עלטער ווי פאר

א בר מצוה בחור. א חוץ דעם, זאָגט אונז ניט דר. שאצקי וועגן צבי הירש קאָי־דאַנאָווער איז געקומען קיין דייטשלאַנד. קאָן דאָך זיין, אז ווען דער אין ווילנע געבאָרענער למדן און מקובל האָט פאַר־לאָזן ליטע, וואו ער איז צוליב א פאַל־שער מסירה געזעסן פיר יאָר אין תפיסה, צוזאמען מיט זיין גאנצער פאמיליע, איז ער נאָך כלל ניט געווען קיין אלטער מאַן, און געהאט מער ווי איין „בתולה" אויף „ארויסצוגעבן".

דר. שאצקי וואגט אויך צופיל, ווען ער שטעלט פראגן איבער באהויפטונגען פון אייראָפעאישע פאָרשער וועגן א געוויסער אויסגאבע פון שמחת הנפש, בלויז אויף דעם גרונט, „מחמת דעם" וואָס ער האָט „די אויסגאבע ניט געקאָנט געפינען אין די אמעריקאנער ביבליאָטעקן".

ווייס דען ניט דר. שאצקי, אז אין די אלטע שטעט פון צפון־איטאליע און דרום־דייטשלאנד, שוין ניט צו ריידן פון אנ־דערע געגנטן, געפינען זיך נאָך מאסן אלטע אידישע דאָקומענטן אין פארשידע־נע ביבליאָטעקן און ארכיוון, וועלכע זיי־נען נאָך כלל ניט געוואָרן אויסגעפאָרשט. אַן ערנסטער פאָרשער טאָר דערפאַר ניט ריידן מיט אויטאָריטעט אויפן סמך פון די יונגע אמעריקאנער ביבליאָטעקן.

אין זיין גערעכטן ענטוזיאזם פאַר אלחנן קירכהנ'ס ווערק, טרייבט דר. שאצקי איבער, ווען ער גיט אים קרעדיט פאַר ווערטלאך, וואָס שטאמען פון אלטע קוועלן. למשל, אזא ווערטל, ווי „א שכור איז א חזיר גלייך" איז ניט קירכהנ'ס, נאָר פון דעם אלטן אידישן פאָלקס־אוצר, דעם מדרש *)

דאָך, אפילו אויך אָט די ערגסטע פעלערן ווערן בטל בששים צווישן די גרויסע מעלות פון דר. שאצקי'ס ווערק. ווארים דר. שאצקי'ס קולטור-היסטאָריש ארייַנפיר צום „שמחת הנפש" איז א ווערק פאר זיך אליין. עס אנטהאלט א חוץ א סך ביבליאָגראפיש מאטעריאל, אויך מאסן אָנרעגונגען פאר פילאָלאָגן, פאָלק־לאָריסטן, ליטעראטור און קולטור הי־סטאָריקער. דר. שאצקי ווייזט דערביי ארויס א סך בקיאות. אין די אלע גע־ביטן, וואָס האָבן א שייכות צו זיין ענין, און מיר מעגן האָפן, אז ער וועט דער־פילן די אלע פארשפרעכנס וואָס ער מאכט מיט זיין ארייַנפיר.

אנערקענונג קומט אויך ה' מאקס נ. מייזל, פאר זיין אונטערנעמען ארויסצו־געבן א ווערק, וואָס קאָן ניט אפעלירן צו ברייטע מאסן לעזער. האָפנטלאך וועט דאָס פראכטפול ארויסגעגעבן בוך געפינען זיין געהעריקע אָפּשאצונג ביי דער אידישער אינטעליגענץ, וועמעס צאָל איז זיכער א סך מער ווי פינף הונדערט. דאָס וועט דער־מוטיקן ה' מייזל צו ווייטערע אזוינע אונטערנעמונגען פאר דעם כבוד און נוצן פון אונזער אידישער ליטעראטור.

ק. מרמר

## וועגן חיים קרול.

„שווער איז מיר די לאסט
פון מיין דערוואקסן זיין
קארטשע איך
אין א ווינקל זיך,
און בעט צו דיר:
מאמע, מאמע".

דאָס וואָרט: מאמע, איז שוין געוואָרן דער אייביקער סענטימענטאלער מאניר פון אלערליי פּאָעטן. אינ'ם אַרכיוו פון ליטעראַרישע שאבלאָנען רוט עס ערגעץ

---

*) ווען נח האָט געפלאנצט זיין ווייג־גאָרטן, דערציילט דער מדרש תנחומא, האָט דער שטן, וועלכער האָט אים מיטגעהאָלפן אין דער ארבעט, געקוילעט א שעפס, א לייב, אַן אַף און א חזיר, צוזאמענגעמישט זייער בלוט און דערמיט באַגאָסן די ווייג־שטאָקן. דערפאר געפינען זיך אינ'ם וויין די בלוטן פון די אלע פיר באשעפענישן. ביים ערשטן גלעזל פילט זיך דער טרינקער אזוי באשיידן ווי א שעפסעלע. ביים צווייטן גלעזל ווערט ער מוטיק ווי א לייב און דיינקט, אז די וועלט איז זיינע. ביים דריטן און פערטן גלעזל ווערט ער אז אַף: טאנצט, שפרינגט, רעדט גראָבע ריד. און „ווערט ער שכור, איז ער גלייך צו א חזיר", און קייקלט זיך אין ריני־שטאָק.

א ו ן  מ ע ן  ה אָ ט  מ ו ר א  אפילו צ ו  ד ע ר מ אָ נ ע ן  די  אילוזיע פון דער דאָזיקער געשטאלט. מ'שפאנט אינ'ם הארטן אינטעלעקטואליזם מיט שווערע שריט: גאָט זאָל היטן עס זאָל חלילה א ווי טאָן א לינדער ווינט און דערמאָנען אָן יענער געמיטלאכער פרישקייט וואָס פילט אָן די וועלט און-די-וועלט פון אלע אמת'ע און עכטע קינסטלער פון אלע צייטן און דורות. און ס'איז פשוט צו באוואונדערן, ווען מ'לייענט די פערזן פון חיים קרול, און מ'קאָן קוים פארשטיין דעם כח פונ'ם דאָזיקן עכטן מענשן. דעם כח זיך אויסבאהאלטן, אויך ערגעץ אָן א זייטוועלט און בלייבן אליין, אליין נעבן זיך אין דער לויטערקייט פון זיין פשוט'ן לעבן. זעלטן ווען ווי איר לייענט לידער וואָס זיינען אזוי פאר זיך אליין. אזוי באזונדער אין זייער ריינער אינטימקייט, אזוי ווייט פונ'ם קלענסטן הויך פון פרעטענציע. עפעס איז ער א קנאָפער מחותן מיט אונזער אויפגערוישטן און אויפגעהילכטן פסעאודאָ-פאָטאָס, וואָס רייסט זיך מיט זיינע קוויטשערייען מסוף עולם מועד סופו. ס'זעט אוים: אינמיטן גאנצן אויפגערודערטן „שטורם" אין וועלכען ס'זענען אין לופטן אויפגעהויבן געוואָרן שטיקער אָפפאל פונ'ם מיסט, וואָס האָט זיך תמיד ארומגעוואָלגערט אונטער די פיס, נאָך דעם פלוצלונגדיקן אויפגעבלאָזענעם פלאטער פון דער צושריגענער „עפאָכער", האָט פון א זייטיקן וועג זיך אָנגעהויבן ארויסווייזן א סילועט פון א מענטשן. אפשר איז ער אנטלאָפן געוואָרן און זיך אויסבאהאלטן פאר'ן בייזן צושריגענעם ליגן וואָס האָט זיין שווארצקונסט אָנגעהויבן שפילן. איצט קומט ער צוריק פון זיין באהאלטעניש אין שטילן ישוב פון דער וועלט.

כמעט א קינדערישע ליבשאפט לייכט ארויס פון זיינע קליינע דריי־ווערטער־דיקע שורות. און דער טיפער רחמנות וואָס ער פילט צו זיך אליין, צו זיין אומבאהאָלפנקייט, איז אויך אַזאַ קינדערישער. די ציטערדיקייט פון זיין וואָרט, די סובטילקייט, מילדקייט פון זיין געפיל איז ווי דער אומזיכערער פלאפל פון ווערטער אין א קינד'ס מויל וואָס הויבט ערשט אָן רעדן. כאָטש אין זיין גאנצן וועלט־באנעם, אין זיין גאנצן מהות איז פאראַן עפעס אלטס, ווייטס און קאלטס שוין צום לעבן, פונדעסטוועגן זיינען זיינע ווערטער אזוי יונג, גרין און פריש ווי בלעטלאך פון אן אלטן בוים, גרינע, גרינגע און זיידענע.

אין זיין אומעטיקן טאָן פילט זיך א צוריקקומען פון פארצווייפלונג. עפעס איז פארגעקומען מיט אים וואָס האָט אים אויסגעטאָן פון יעדן חלום און אילוזיע. איצט הילט ער זיך אין נייער לייכטנדיקער חלום'דיקייט. אינ'ם גרויען טאָן פון זיינע אומעטן פאלן פונקען זון פון אלערליי קאָלירן. זיי בלישטשען פון טומאָן ארוים. דערפאר פילט זיך אויך פון צייט צו צייט א מין שטילע באגייסטערונג וואָס גיט צו חן צו זיינע לידער.

אין זיין אָפטוילונג: „פלעקן" זינגט ער אין א ליד, און בעט אז איידער ער וועט צו צום „אומבאוואוסטן אַל" אָפגעבן זיין נשמה, זאָל ער זי פארברענען אויף אַש און דעם „אַש־שטויב" שיטן בא יעדן זונ־אויפגאנג און אונטערגאנג, אַף די פלאכן פון ים, און ער בעט: „נאָר ניט הייסן זאָל איך בא מיין פאָלק טיטום חרשע". אַזאַ ריין אינדיווידועלער טאָן, און די ווערטער: פאָלק, טיטום חרשע, באקומען כמעט אן אנדער באדייט, ווען ער רעדט זיי ארוים. די „געשיכטלאכע" פייערלאכקייט ווערט אי אָפגעקילט אי אָנגעווארעמט, און די ווערטער זיינען אויסגעלייטערט און ניי. און אזוי פריש און אָנהויבדיק:

נעכט פלאקערן,
הייליקע גרויסע נעכט,
פון פאָלקס־גלויבן
און פאָלקס־צאָרן
און פון שייטערס גייט אויף דער
אָפער
פאר פארגעבונג און מחילה.
און עס קנוילן זיך פלאקערס
צום הארץ פון הימל.
מיר פילן אז עפעס זעט ער אז גרויסע

געשעעניש ן קומען פאר. נאר מיט וואס פאר א פאר'חלומ'ט אויג! ער דערהערט די שטילקייט אונטערן שווערן געברויז. ער דערזעט די געלייטערטע אויסגעקלארטע ערד דורך די ברודיקע וואסערן פון מבול. ער דערזעט זיין גורל, אין זיך, אין אלץ און אין אלעמען. און אין די הייליקע גרויסע נעכט וואס פלאקערן זעט ער אויפגיין די פארגעבונג. אלץ ווערט פארגעבן, ווייל ניטא קיין גרויסע זינד אין דער וועלט. אומשולדיקייט פילט אויס זיין הארץ און אויג. און די אפער וואס ער ברענגט, די קרבנות וואס מיר אלע ברענגען, איז אויך מיט ליבשאפט און גלויבן:

הימל, דו זעסט מיינע טעג,
ווי טריי איך בלוטיק
אין זיי
פאר מיין גאט.

דאס רוב פון זיינע לידער זיינען צו־סענטימענטאל. די סענטימענטן זיינען אבער פון אזא טיפן מקור אז מיר קאנען די לידער לייענען, איבערלייענען און תמיד פילן זייער אמת'דיקייט. די סענטימענטן זיינען ניט אינגאנצן באהערשט פון אים. ער ווערט אבער אויך ניט אינגאנצן פון זיי באהערשט. ניטא בא אים קיין טעמעס, בלויז ריינע אביעקטיוויטעט, אויף עפעס אן אומבאשטימט שטיק וועלט פון דער מיט ארויסגעשניטן.

אך,
וואס פאר טאג איז היינט!
שוין פון באגינען
קלארן און גאלדן
וואלקן און קרוינען
איבער מיין קאפ.
און,
כ'טוליע און היל זיך —
וואלקן און זון —
צו דיר.
קלארער הארבסט אטעמט אין מיין
צימער
און איך בין קעגן אים אזוי שוואך.
אז מיר איז א שאד די בלאסע
זון־פלעקן
פון מיינע ווענט.
און איך טוליע זיך, ווי א קינד
אינ'ם קילן גאלד
פון דער בלאסער זון.

כ'האב געמישט דאס ביכל, לאנג זיך אפגעשטעלט אויף א בלעטל; געקוקט און זיך פארבלענדט מיט דער געלייטערטקייט פון די עטלאכע פשוט'ע שורות. איבערגעמישט עטלאכע בלעטלאך און ווידער זיך אפגערוט אויף א וואונדערלאכן פערז. און זיך אליין ניט געקאנט איינגלויבן אינ'ם חידוש: אזא געוויינלאכער, אזא פשוט'ער פאעט צווישן אזעלכע „וועלט־חכמים", אזא עניוות'דיקער צווישען אזעלכע „וויכטיקע"?...

י. י. סיגאל.

## זכרונות לבית דוד פון ש. ערדבערג

די „זכרונות לבית דוד" פון ש. ערדבערג האבן א גאנצע ענטשטייאונגס געשיכטע. אנגעשריבן איז דאס בוך צו אלער ערשט געווארן פון פראפעסאר רעקענדארף. אונטער'ן נאמען „געהיימניסע דער יודן" האט פראפעסאר רעקענדארף נישט אזוי שטארק זיך גערעכנט מיט'ן געשיכטלאכן טייל ווי מיט דעם, וואס האט זיך געלאזט מאכן סענסאציאנאל און ראמאנטיש.

מיט יארן שפעטער איז אין די „געהיימניסן" אריינגעגאסן געווארן א זיסלאך־לאקריצדיקער ציון־נאציאנאליזם, און א היבשע פארציע משכיל'ישע אפאלאגעטיק און אזוי ארום האט א. ש. פרידבערג פארוואנדלט די „געהיימניסן" אין „זכרונות לבית דוד". די „זכרונות" האבן א היפשע צייט פאר'כשופ'ט דעם העברעאישן לעזער. איך ווייס נישט צו נאך א העברעאיש בוך איז געווען אזוי פאפולער ווי די „זכרונות". זייט דער העברעאישער אויסגאבע זיינען געמאכט געווארן פארשידענע פארזוכן די ארבעט צו איבערזעצן אין אידיש און דער ערשטער

באַנד איז אַן ערך צען מאָל איבערזעצט געוואָרן פון פאַרשידענע מענטשן און באַ פאַרשידענע געלעגנהייטן. דער איינציקער אָבער וואָס האָט אָט די קאָלאָסאַלע אַרבעט פאַרענדיקט — זעקס בענד — איז ש. ערדבערג. און די אַרבעט האָט זיך אים גאַנץ נישט־קשה׳דיק איינגעגעבן. די איבערזעצונג איז אַ פריִיע, אפשר גיכער אַ מין באַאַרבעטונג און דאָס איז די הויפּט מעלה. וואָרום פרידבערג׳ס העברעאישע באַאַרבעטונג איז מליצה׳דיק־צוצויגן. אַזוי לאַנג נאָך ווי עס איז געשריבן אין העברעאיש האָט עס נאָך אַ געוויסן חן, ווערט מען נאָך פאַרכאַפּט פון אַ וואָרט־שפּיל און אַ מעטאַפאָרישע המצאה, קען מען נאָך ווי עס איז מוחל זיין. אין אידיש אָבער, האָט עס שוין נישט געקענט גענומען ווערן אַזוי לייכט, און עס איז באמת געווען אַ שווערע אַרבעט אַט די דייטש - סענזאַציאָנאַלע השכלה - אַפּאָלאָגעטישע ערשיינונג צו פאַראידישן, און דאָך נישט דערשטיקן.

און, ווי געזאָגט, עס האָט זיך איינגעגעבן. ערדבערג׳ן קומט אַ יושר כח. עס איז אין אידיש צוגעקומען אַ גאַנץ תיפשער מאַטעריאַל פאַר קינדער־ליטעראַטור.

## געקליבענע שריפטן פון דר. הלל זאַלאַטאַראָף

ערשטער: דערציילונגען, לידער, פון דער וועלט־ליטעראַטור, וועגן דער אידישער ליטעראַטור. צווייטער באַנד: דראַמען, וועגן קונסט, די איראָפּעאישע בינע, פונ׳ם אידישן טעאַטער, די אידישע בינע. דריטער באַנד: סאָציאַל־פילאָזאָפישעס און פובליציסטישעס.

אַ גרויסן יושר כח קומט דער זאַלאַטאַראָף - פובליקיישאָן קאָמיטע פאַר׳ן אַרויסגעבן אָט די דריי בענד. אַ וואונדער־שיינעם דענקמאָל האָבן זיי געשטעלט זייער פריינט וואָס האָט געלעבט, געקעמפט און גע׳חלומ׳ט. פאַר דער מייסטערהאַפטער סיסטעמאַטיזירונג פון דעם רייכן פאַרשידנאַרטיקן מאַטעריאַל קומט אַ גרויסן דאַנק יואל ענטין, אונטער וועמעס רעדאַקציע די שריפטן זיינען ערשינען.

צו זאַלאַטאַראָף׳ס ווערק קען מען נישט אָנווענדן דעם געוויינלאַכן ליטעראַרישן מאַסשטאַב. זיינע לידער קענען נישט באַהאַנדלט ווערן פון אַ פּאָעטישן שטאַנדפּונקט, זיינע דראַמען — פון אַ דראַמאַטישן און זיינע דערציילונגען פון אַן ערציילערישן שטאַנדפּונקט. דער פאַקט, וואָס דר. זאַלאַטאַראָף איז געווען נישט נאָר אַ פּאָעט, נישט נאָר אַ דראַמאַטורג, נישט נאָר אַן ערציילער האָט שוין ממילא געשטערט זיין זיין אַ פּאָעט, אַ דראַמאַטורג און אַן ערציילער. דר. זאַלאַטאַראָף איז געווען אַ אידעאַליסט, אַ פריִיהייטס־קעמפער, אַן אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליסט מיט אַ נאַציאָנאַלער אינטעלאַגע און האָט געפּרעדיקט זיינע אידעען דורך פאַרשידענע ליטעראַרישע מיטלען. אַ מאָל אין אַ דראַמאַ, אַ מאָל אַ ליד און אַ מאָל אַ דערציילונג. די ליטעראַרישע פאָרם איז נישט מער ווי אַ מיטל צום הייליגן פריִיהייטס־צוועק, צו זיינע אויסגעשפּראָכענע אידעאַלן. דר. זאַלאַטאַראָף איז געווען אַ שיינע, צאַרטע נשמה און נישט געקאָנט „סטאַמפּ־ספּיקעווען" זיינע אידעאַלן, האָט ער דאָס דערפאַר געטאָן דורך פאַרשידענע ליטעראַרישע פאָרמען. דאָך קען מען נישט זאָגן, אַז זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן זיינען אינטערעסאַנט נאָר פון פּראָפּאַגאַנדע שטאַנדפּונקט. געוויסע זאַכן מאַכן אויף אייך אַ דויערנדיקן איינדרוק צו וואָס פאַר אַ חדר איר זאָלט נישט געהערן. אַזוי איז למשל, זיין דראַמאַ „דער אינגסטער שמרוני". די סאָציאַל־פילאָזאָפישע און פובליציסטישע אָפּהאַנדלונגען האָבן נישט אָט די שטרענג־וויסנשאַפטליך־אָפּגעגרענעצטע קאָנטורן, דערפאַר אָבער זיינען זיי נישט טרוקן. זיי מוזן נישט געלערנט ווערן. זיי קען מען לייענען מיט אינטערעס.

דר. י. גרינפעלד.

# די געשיכטע פון ארבייטער רינג
## 1892 — 1925
### פון א. ש. זאקס

(ארויסגעגעבן פון נאציאנאלער עקזעקוטיוו קאמיטע פון ארבעטער רינג, צו דער 25טער יובילעאום קאנווענשאן, מאי, 1925).

צווישן די וואגיקע ביכער, וואס די אידישע אמעריקע האט היינטיקס יאר ארויסגעגעבן אף אידיש, פארנעמט א. ש. זאקס'עס געשיכטע פון ארבעטער רינג, א זייער חשוב'ן ארט.

דער א. ר. איז צוזאמענגעשטעלט געווארן פונ'ם סאמע ענערגישן און באוואוסטזיניקן טייל פון די אמעריקאנער אידישע הארעפאשנע מאסן. דער דראנג צו שאפן אליין, אנדערש ווי אנדערע קלאסען אפ'ן געביט פון געזעלשאפטלאכקייט האט צוזאמענגעבראכט די ענערגישסטע צווישן די ארבעטער. אין א משך פון אריבער א פערטל יארהונדערט האבן זיי געוויזן, וואס זיי קענען אויפטאן. וואס פאר א כח דער ארבעטער-רינג איז איצטער און וואס פאר א ראליע ער שפילט איצטער אינ'ם לעבן פון די אידישע ארבעטער בא אונז — זעען מיר מיט אונזערע אייגענע אויגן. ווי אזוי איז דער ארבעטער רינג געקומען צו זיין מאכט און ווירקונג? ווי אזוי האט ער מנצח געווען אלע שטערונגען אויף זיין וועג? — דאס דערציילט אונז ה' א. ש. זאקס אויף א זייער געמיטלאכן שטייגער אין זיין צוויי בענדיקער געשיכטע פון ארבעטער־רינג.

ה' א. ש. זאקס איז זייער גוט צוגעפאסט צו אט דער ארבעט. די כמעט דייטשע פונקטלאכקייט און ערנסט, מיט וועלכער ער גייט צו צו אן ארבעט, ווייזט זיך ארויס בא אט דער געשיכטע פונקט אזוי בולט, ווי אין זיין פאליטישער עקאנאמיע *). מען זעט, אז ער האט ניט געזשאלעוועט קיין מי און זיך געגריבלט אין די טרוקענע, באריכטע (צוליב זייער נוסח און סטיל) ארבעטער רינג באריכטן, אף ארויספישן פון זיי די וויכטיקסטע פאקטן. דערמיט אליין האט ער זיך ניט באנוגנט. ער האט אויך געזאמלט פאקטן בא די לעבעדיקע עדות, וואס זיינען געשטאנען באם וויגעלע פון ארבעטער רינג. ער האט כמעט ניט דורכגעלאזן קיין איינעם, וואס האט אזוי אדער אנדערש געווירקט אף דער אנטוויקלונג פון דעם ארבעטער רינג. אין זיין פארווארט רעכנט ער אויס אריבער הונדערט נעמען, בא וועמען ער האט געזאמלט אינפארמאציע. ער האט ארויסגענומען דאקומענטן, וואס ווארפן א העל ליכט אפ'ן קולטורעלן צושטאנד פון די ערשטע טוער און בויער פון ארבעטער רינג.

נעמט, למשל, די קאנסטיטוציע, וואס איז אפגעדרוקט געווארן אינ'ם יאר 1893.

„קאנסטיטוציאן

דער

ארבעטער רינג אף נויארק,

געגרינדעט דעם 4טן אפריל, 1892,

אויסגעבעסערט אונד אנגענומען דעם ערשטן יולי, 1893.

ארטיקל 1.

נאמען און שפראכע.

1) דיזער פאראיין זאל דעם נאמען ארבעטער רינג אף נויארק פיהרען.

2) אלע פארהאנדלונגען און שריפטען דיזעס פאראיינס זאלען אויף דייטשער שפראכע געפירט ווערדען. יעדאך איזט עס דען מיטגלידערן געשטאטעט זיך איינער אנדערען שפראכע צו באדינען". אדער „צוועק דעם פאראיינס איזט:

א) געגנזייטיקע אונטערשטיצונג דער מיטגלידער אין אלע נאטה און אונגליקספאלן" א. אז. וו., א. אז. וו. אינ'ם זעלביקן סטיל.

א) אף זייט 171 לייענען מיר אין דעם „י א ר ע ס ־ ב א ר י כ ט": „דאס איז א וואקסטום פון איבער 45 פראצענט. ווירקליך, מיר קענען זיך דערמיט גראטולירען".

די דאקומענטן מיט אט דעם דייטשמערישן זאץ־געבוי זיינען שוין איצטער בא

---

*) אדער אין זיין נייעם בוך „דער וויסענשאפטלאכער סאציאליזמוס", וואס איז היינטיקס יאר ארויס אין דעם מינסקער פארלאג — וויען, אף דייטש און גלייכצייטיק איבערזעצט געווארן אף ענגליש.

אונז א יקר המציאות, אַנטיקן ממש.

דער צוגאַנג צו דער געשיכטע, דער אַריינפיר מאַכט א באַזונדער גוטן איינ־דרוק. דער שרייבער באַרירט דאָרט די פאַרשיידענע גרופּעס, וואָס זיינען אַרויס־געשוואומען אינ׳ם רוסיש־אידישן לעבן אין די אכציקער יאָרן פונ׳ם לעצטן יאָר־הונדערט, און פאַרבינדט זיי מיט דעם אָנ־הויב פון דער אַרבעטער באַוועגונג דאָ אין לאַנד. א. ש. זאַקס הויבט ניט אָן פון קיין מיט. דער אַרבעטער רינג איז א טייל פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אידישער אַר־בעטער באַוועגונג און די אידישע אַרבע־טער באַוועגונג איז, פאַרשטייט זיך, ניט אַראָפּגעפאַלן פון הימל. דערפאַר פירט זאַקס פאַר אייך דורך דעם גאַנצן לעבעדיקן שטראָם פון אימיגראַציע, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַהער אין די אכציקער יאָרן, ווייזט אָן אַף זייערע אידעאַלן, זייער אָרעם לעבן, זייער געזעלשאַפטלאַכע טעטיקייט. און פאַר אייך ווערט קלאָר דאָס גאַנצע בילד פונ׳ם וואוקס פון אַרבעטער רינג צוליב דעם פיינעם הינטערגרונט.

כדאי אויך צו דערמאָנען א. ש. זאַק־סעס שפּראַך. זי איז זאַפטיק און קערנ־דיק. און אויך זיין קוק איז אָביעקטיוו, נייטראַל. א שאָד, וואָס ער האָט ניט גע־האַט די מעגלאַכקייט צו באַרירן די שטרייט־פראַגן וועגן רעכטס און לינקס, וואָס זיינען אַרויפגעשוואומען אין די לעצטע פאַר יאָר.

## מאַסליאַנסקי׳ס זכרונות

פערציק יאָר לעבן און קעמפן

פון צבי הירש מאַסליאַנסקי

פאַרלאַג זרובבל,

נויאָרק תרפ״ד

מאַסליאַנסקי׳ס בוך זכרונות האָט דעם רייץ פון פאָרן. פאָרן, אַרומפאָרן — רייץ פון פאַרב און קלאַנג.

איר פאָרט — און איין בילד נאָכ׳ן אַנדערן גלעט און צערטלט אייער אויג. און איידער איר באַמערקט דאָס, ווערט איר אַזוי פאַרבלענדט פונ׳ם כשופ׳דיקן בייט פון די בילדער, אַז איר פאַרגעסט, וואו איר זייט אין דער וועלט, און איר גיסט זיך צוזאַמען מיט׳ן גאַנצן אַרום, ווי זיי־נער אַן אָרגאַנישער טייל.

אַזוי פילט איר, ווען איר לייענט מאַ־סליאַנסקי׳ס זכרונות. איר טוט א מיש א בלעטל — א נייַ בילד, ווידער א מיש — א נייע פּאַסירונג, און איר ווערט צו־ביסלאַך אַריינגעצויגן אין די בילדער און פּאַסירונגען, וואָס וועקן און רעגן אייך, ווי אַן אַלבאָם מיט בילדער פון אייער אַלטער היים, וואָס איר האָט פאַרלאָזן צו־ריק מיט יאָרן.

מאַסליאַנסקי לעבט פאַר אונז אויף דעם ברוויז און דעם קאָך אינ׳ם אידישן לעבן, וואָס די אידייע פון חיבת ציון און ישוב ארץ ישראל האָט מיט זיך געבראַכט. ער פירט פאַר אונז דורך א רייע מיט אי־בערגעגעבענע פירער און קעמפער פאַר אָט דאָס, וואָס איר אַליין האָט נאָר אַמאָל דאָס, וואָס איר אַליין האָט נאָך אַמאָל אַביסל געזען, וואָס איז אָבער שוין איצט כמעט ווי פאַרווישט פון אייער זכרון.

א רעדע פון א מטיף אין א שטעטל — האָט געהייסן א רעוואָלוציע אינ׳ם שטעטל. וויפיל כח האָט אַזאַ רעדע אַריינגעבראַכט אין די הערצער פון די איינציקע פאַר־וואָרפענע און פאַר׳יתומ׳טע משכילים אינ׳ם שטעטל! וויפיל גאַליקע באַמער־קונגען מצד די כלי קודש! וואָסער א קאַמף, ס׳אַרא ויכוחים! איין רעדע איז געווען בכח צו שפּייזן די אידן פון א קליין שטעטל גאַנצע זעקס חדשים, א יאָר צייט.

מאַסליאַנסקי׳ס גייסט, דער גייסט פונ׳ם פאָלקס רעדנער, וואָס זוכט איינצו־פלאַנצן זיינע געדאַנקען אין די הערצער פון זיינע צוהערער, שטראַמט אַרויס פון יעדן בלאַט, פון יעדער שורה אין זיין בוך זכרונות.

ווינציק ביכער אַזעלכע האָבן מיר אין אונזער אידישער ליטעראַטור.

ה. ר.

י. מ. קאצאוויטש
דאָס אייביקע פאָלק

דאָס איז א בוך וואָס האָט אַ באַזונדערן ווערט פאַר אונזערע מאָדערנע שולן, וואָס וואַקסן און אַנטוויקלען זיך דאָ אין אַמעריקע. געשריבן זיינען די לייכטע „אָפּהאַנדלונגען" מיט פּאַטערלאַכע שטימונגען. א געוויסער ציטער פון עלנט באַהערשט דעם טאָן פון'ם געמיטלאַכן קאַצאָוויטש'ן. דער דאָזיקער געפיל ווערט אָבער דערוואָרעמט פון א גרעסערן געפיל פון ליידנשאַפט צו די פאַר וועמען ער דערציילט און לערנט, און צו דאָס וואָס ער דערציילט. די לייכט באַאַרבעטע קאַפּיטלאַך געשיכטע וועגן פאַרשידענע געשעענישן אין אידישן לעבן. די יום טוב מעשׂות און שטימונגען, עראינערונגען וואָס ער האָט דורכגעלעבט און ער וויל דעם גייסט, דאָס ליכט פון יענע שיינע איבערלעבונגען איבערגעבן זיינע קינדער, אַלעמען, וואָס דאָס וואָכעדיקע אינ'ם היגן לעבן האָט אויסגעלאָשן יעדן שיין פון יום טוב. דאָס היסטאָרישע וואָס ער דערציילט האָט אין זיך אויך די פרישקייט פון נאָענטער פאַנטאַסטישער איבערלעבונג. ווי געזאָגט האָט דאָס בוך א גרויסן ווערט פאַר אונזערע אידישע שולן וואו אונזערע קינדער ווערן נאָענטער צו אונזער גייסטיקן לעבן, צו די קוואַלן פון אונזער אַלטער און ניי יאָרק שאַפנדיקער קולטור.

י. י. סיגאַל.

## נאָטיצן וועגן ליטעראַטור פאַר קינדער

1. קינדער זשורנאַל — א מאָנאַטלאַכער אילוסטרירטער זשורנאַל פאַר קינדער, אַרויסגעגעבן פון דעם שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט, נויאָרק, זעקסטער יאָרגאַנג.

דריי זשורנאַלן פאַר קינדער האָבן מיר שוין דאָ געהאַט: „די קינדער וועלט" (אַרויסגעגעבן פון אמאַליקן פאַרבאַנד פון די נאַצ. ראַד. שולן), „קינדערלאַנד" (אַרויסגעגעבן פון דעם אַרב. רינג) און "קינדער זשורנאַל". פון אַלע דריי איז געבליבן בלויז דער לעצטער — דער קינדער זשורנאַל, וואָס ערשיינט שוין אָן אַן אָפּהאַלט כמעט זעקס יאָר. זעקס יאָר נאָכאַנאַנד אַרויסצוגעבן דאָ אין אמעריקע א זשורנאַל פאַר קינדער, בעת די אויסגאַבן פאַר די דערוואַקסענע האַלטן זיך קוים אויף די פיס — דאָס איז באמת אַן אויפטו, וואָס איז ווערט געלויבט צו ווערן.

אַז איר וואָלט גענומען מעסטן דעם ווערט פון דעם זשורנאַל לויט די באַזונדערע נעמען, וואָס עס דערשיינט חודש איין, חודש אויס, וואָלט אייער אָפּשאַצונג באמת ניט געווען קיין ריכטיקע. איר מוזט דערצו נעמען אַלע יאָרגאַנגען, ערשט דאַן וועט פאַר אייך אַנטפּלעקט ווערן דער גרויסער אוצר, וואָס ס'ליגט באַהאַלטן הינטער די טאָוולען פון די אַלע נומערן, וואָס פאַר א ים לידער און מעשׂות! א גרויסער צאָל איינאַקטערס, שפּילן, רעטענישן, וויצן, אילוסטראַציעס און א וועלט מיט אַנדערע זאַכן, וואָס שפּייזן אונזער יונגן דור. ניטאָ איצטער כמעט איין לייענבוך פאַר די אידישע שולן, וואָס האָט זיך ניט באַנוצט, די מחברים דערציילן דאָס צי ניט, מיט די מאַטעריאַלן, וואָס ס'זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין משך פון די קנאַפּע זעקס יאָר. דער פאַקט אַליין איז א גרויסער ביישפּיל פון דעם ווערט פון דעם זשורנאַל.

דער זשורנאַל האָט כמעט אַלע זיינע יאָרן געליטן פון איין גרויסן חסרון — ער האָט זיך מיט גאָרנישט ניט אָפּגערופן אויף די פאַרשידענע געשעענישן, וואָס זיינען א טייל פון דער קינדער וועלט. עפּעס ווי דער זשורנאַל וואָלט אַרויסגעגעבן געוואָרן ניט אויף אונזער זינדיקער ערד און די מענטשן וואָלטן גאָר ניט באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם גאַנצן אַרום. אָט דער חסרון איז געווען און איז נאָך איצטער א גרויסער שאָד — דאָס איז דער איינציקער אָרגאַן, וואָס וואָלט געקענט דערציילן די קינדער-לייענער א סך זאַכן, וואָס ווערן פון אַלע פאַרשוויגן.

לעצטנס האָט די רעדאַקציע אָנגעהויבן

שענקען דעם ענין אביסל אויפמערקזאמקייט, אָבער ס'פעלט נאָך אַלץ דערין אן אויסגעארבעטער בליק און אַ ווכטיקער אינהאלט. לאָמיר האָפן, אז דאָס וועט בקרוב אויסגעבעסערט ווערן.

דער ערשטער רעדאַקטאָר און גרינדער פון זשורנאל איז געווען פ. היילמשטאַק, איצטער א ווינטיקער שול־טוער אין אוקראינע. דער איצטיקער רעדאַקטאָר איז ש. ניגער. ס'איז זיכער ווערט דאָ צו באַמערקן, אז די סאמע וויכטיקסטע און שטענדיקסטע מיטארבעטער פון זשורנאַל זיינען: ל. עלבע, נחום. י., ב. סמאליאר, א. גודלמאַן, (אילוסטראטאר), כאווער פּאַ־ווער, דוד ראָדען און רב אישיע (פּסעוודאָנים). לעצטנס באַטייליקן זיך אויך שטענדיק: ז. וויינפּער, משה שיפרים, יאסל קאָטלער, י. י. סיגאל. ניטא כמעט קיין איין אָנגעזעענער און וויכטיקער אידישער שרייבער אין אמעריקא, וואָס זאָל זיך ניט האָבן באטייליקט אין זשורנאַל. איר געפינט דאָ זייער אָפט: אברהם רייזען, א. ליעסין, ד. איגנאַטאָוו, משה נאַדיר, מאני לייב און א ריי אנדערע.

זייער פיל האָבן מיר צו פארדאנקען פאר דער עקזיסטענץ פון דעם זשורנאל די שול־טוער י. קאמינסקי און ליפּא לערער. ווער ווייס צי וואָלט דער זשורנאל אָנגעהאלטן נאָך איצטער אָן זיי.

2. מתנות — זיבן רייך־אילוסטרירטע מעשות און אָפּערעטעס ארויסגעגעבן פון פארלאג „מתנות" ביים שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט, נויאָרק, 1925.

די ערשטע סעריע „מתנות" אנטהאַלט פאָלגענדע נומערן:

א) דער בער פון פרץ הירשביין, אילוסטרירט פון ב. ארנסאָן.

ב) דער קאמיליאן פון פרץ הירשביין, אילוסטרירט פון א. גודלמאָן.

ג) פארבלאָנדזשעט פון יעקב קרעפּליאק, אילוסטרירט פון א. גודלמאן.

ד) משיח'ס קרוין פון יעקב קרעפּליאָק, אילוסטרירט פון א. גודלמאן.

ה) מוראשקעס פון ח. גאָלדבלום, אילוסטרירט פון גודלמאן.

ו) אין בלומענלאנד (אָפּערעטע) פון נ. קאַפּלאַן, מוזיק פון י. דייווידסאָן.

ז) דער באַפּרייטער (אָפּערעטע) פון ז. וויינפּער, מוזיק פון נ. זאסלאַווסקי, אילוסטרירט פון י. קאָטלער.

מיטן אויסנאַם פון וויינפּערס אָפּערעטע און קרעפּליאקס „פּארבלאָנדזשעט", זיינען אלע זאכן פריער געווען געדרוקט אין „קינדער זשורנאל" און זיינען איצטער ערשינען אין באזונדערע אויסגאבן, אַלבאָם־פאָרמאָט. פון שטאָנדפּונקט פון אינאלבאָש־פארמאט פון שטאנדפּונקט פון אינהאלט האָט זיך זיכער ניט געלוינט ארויסצוגעבן אלע 7 זאכן און מ'האָט זיי זיכער ניט געדארפט ארויסגעבן אין דעם פאָרמאט, וואָס איז גיכער צוגעפּאסט פאר דערוואקסענע זיך צו שפּיגלען אין זיי, אָבער ניט פאר קינדער זיי צו לייענען.

פון הירשביינס צוויי מעשות איז „דער קאמיליאן" די בעסטע. "דער בער" איז א חיבש ביסל לאנגווייליק און ס'פעלט דאָרט א צענטראלער פארכאפּנדיקער סוזשעט. „פּארבלאָנדזשעט" פון קרעפּליאק (איבערגעדרוקט פון „קינדערלאנד"), איז אפשר די ווערטפולסטע זאך פון אלע זיבן. נישט נאָר פארמאָגט די מעשה אן אינטערעסאנטן ספּור־המעשה, נאָר זי איז אויך פּראכטפול אָנגעשריבן, חגם אין א צו מינאָרנעם טאָן. די מעשה לייענט זיך ערטערווייז צו שווער: א שאָד, וואָס די רעדאקציע האָט דאָס ניט פארבעסערט. „משיח'ס קרוין" געפעלט מיר אינגאנצן ניט און איך בין שטאָרק מסופק צי דאָס איז ליטעראטור פאר קינדער.

„מוראשקעס", פון גאָלדבלום, איז א באַארבעטונג וועגן דעם לעבן און קאמף פון די „ציוויליזירטע" ווערימלאך. די מעשה'לאך זיינען גאנץ גלאָט אָנגעשריבן. און אויב ס'איז אמת, אז קינדער „גייען אויס" נאָך אזעלכע „וויסנשאפטלאכע" מעשות, איז דאָס פאר זיי א פיינער בייטראג.

"אין בלומענלאנד", פון קאפּלאן, איז א קינדער־אָפּערעטע. די גאנצע זאך איז שלעכט אָנגעשריבן און הויבט ניט אָן ארויסצורופן דעם מינדסטן אינטערעס צו וועלכן דאָס לייענען. אויף דער מוזיק פון י. דיווידסאָן פארשטיי איך זיך ניט. גוט אָנגעשריבן און מיט א רייכן אינ־

האַלט איז וויינפערס „דער באַפּריוטער". איך צווייפל אָבער צי די קינדער וועלן דאָס אליין קענען לייענען. דער אינהאַלט איז פאַרצויגן אין סימבאָליק און די פּערזן זיינען גאנץ אָפט צו שווער פאַר קינדער.

די אויסגאַבן פון פארלאג „מתנות" זיי-נען ווערט אריינגענומען צו ווערן אין יעדן הויז — אמת'ע מתנות.

3. ארבעטער רינג קינדער ביבליאָ-טעק, — דריי נומערן ארויסגעגעבן פון בילדונגס דעפּארטמענט פון ארבעטער רינג, נויאָרק (אָן דאַטעס).

א) שרה'קע, פון י. אפּאטאשו, אילו-סטרירט פון ראסקין.

ב) אויפן שלאכטפעלד און דער סיג-נאל פון וו. גארשין (איבערזעצט פון ש. הורוויץ־זאלקעס), אילוסטרירט פון מאוד.

ג) זשאַרעס (ביאָגראַפיע) פון ש. הור-וויץ.

פון אלע דריי נומערן איז, דאכט מיר, די איינציקע ווערטפולע זאך פאר קינדער גארשינס "דער סיגנאַל". קינדער וועלן די מעשה אויסהערן מיט א געוואלדיקן אינטערעס און שטאַרק הנאה האָבן פון איר. „אויפן שלאכטפעלד" איז א שוידער-לאַכע מעשה פון דער מלחמה. די מעשה איז אזוי שוידערלאך, אזש עס פארטרייבט אייך פון איר. איר ווילט אזוינס ניט לייע-נען. איר קענט דאָס ניט לייענען זיצנדיק אָדער ליגנדיק אין א באַקוועמער פּאָזיציע. קינדער דארף מען, נאַטירלאַך, ניט שפּייזן בלויז מיט צוקערלעקעכלאך, אָבער ס'איז זייער שווער זיי צו דערלאנגען אָפּגעהאַק-טע קעפּ, פיס, צעשפּאָלטענע בייכער, א. ז. וו., אגיטירן קעגן מלחמה קען מען אויף א בעסערן אופן.

אפּאטאשוס שרה'קע איז א קאפּיטל, אָדער אפשר מער, ווי א קאפּיטל, פון דער ערציילונג, וואָס ער האָט אַמאָל אָפּגעדרוקט אין דער „צוקונפט". די מעשה האָט איין גרויסן חסרון: ס'פעלט אָן אָנהויב און ס'איז גאָרנישט דאָ קיין סוף. די מעשה ענדיקט זיך ווי אָפּגעהאַקט אין דערמיט. וועמען, וועמען, קינדער טאָר מען אזעלכע מעשות ניט געבן. ראסקינס אילוסטראציעס זיינען שוידערלאך.

הורוויטשעס ביאָגראפיע פון זשאָרעסן וועט מסתמא ארויסרופן א פארלאנג בא די קינדער און בא אנדערע צו וועלן זיך באקענען מיט זשאָרעסעס ביאָגראפיע. דאָס אליין איז א גרויסער פארדינסט, אָבער ניט קיין ביאָגראפיע. א ביאָגראפיע פאר קינדער פון אַזאַ אינטערעסאנטער פּערזענ-לאַכקייט אָן אינטערעסאנטע עפּיזאָדן, א ביאָגראפיע פאר קינדער — און נישטאָ גאָרניט זשאָרעס קינדער־יאָרן.

אויסערלאך זיינען די דריי ביכלאך גאנץ שיין ארויסגעגעבן געוואָרן. דאָס פּאַ-פּיר איז אָבער צו גלאנציק (א חסרון די כלה איז צו שיין) און די שורות — צו ברייטע. ווען וועלן מיר זיך עפּעס אויס-לערנען וועגן דער היגעניע פון לייענען, באזונדערס ווען ס'האנדעלט זיך וועגן אויסגאַבן פאר קינדער?

א גרויסע מעלה איז דאָס, וואָס די ביכלאך קאָסטן ניט טייער, ווי ס'איז דער פאל מיט די אויסגאבן פון פארלאג „מתנות".

דאָס איז די ערשטע פּראָבע פון ארבע-טער רינג בילדונגס דעפּארטמענט ארויס-צוגעבן לייענמאטעריאל פאר קינדער. ווי אָן התחלה איז דאָס נישקשה — אויף וויטער ווילן מיר האָבן עפּעס בעסערס. מעגלאכקייטן האָבן די ארויסגעבער אודאי אזעלכע, ווי וועלכע ס'איז אנדערע ארויס-געבער.

י. שטיינבוים.

עס זיינען נאָך פאַרבליבן אַ קליינע צאָל פון די לעצטע פיר בענד
# „ש ר י פ ט ן"

## ב א נ ד  א י י נ ס

אינהאַלט:

בילדער: א. וואָלקאָוויץ, באָריס אַניספעלד, דזשעניגנס טאָפּעל, וואָלט וויט־מאַנ׳ס פּאָרטרעט.

לידער: ל. מילער, אל. גוריה, ה. לייוויק, ב. לאַפּין.

איינציגע לידער: מאַני לייב, א. מ. דילאָן, נפתלי גראָס, אידא גלאַזער, נחום י. א. בערגער.

דערציילונגען: דוד איגנאַטאָוו, ל. שאַפּיראָ, ה. געלבוים.

אַרטיקלען: ה. לייוויק, יעקב מילך, דזשעניגנס טאָפּעל, דר. יעקב גרינפעלד.

איבערזעצונגען: פון וואָלט וויטמאַנ׳ס גראָז בלעטער, (אידיש פון ל. מילער); דזשעליאַליעדין רומי׳ס ראַבאַיאָט, (אידיש פון מאַני לייב); האַנרי בערגסאָנ׳ס אַריינפיר צו מעטאַפיזיק, (אידיש פון וו. נאַטאַנסאָן).

נאָטיצן: ל. באַראַדולין, דר. יעקב גרינפעלד, י. שטיינבוים.

## ב א נ ד  ד ר י י

אינהאַלט:

לידער: א. בערגער, מאַקס וועבער, אל. גוריה, ה. לייוויק, מיכל ליכט, א. לוצקי, מלך ראַוויטש, מאַני לייב, ב. לאַפּין.

בילדער: מאַקס וועבער, ש. וויטקעוויץ, ב. קאַפּמאַן.

עסעים: מאַקס וועבער, ש. וויטקעוויץ, ב. קאַפּמאַן.

דערצעהלונגען: ב. גלאַזמאַן, א. מ. פוקס, ל. מילער.

איינציגע לידער: ה. לייוויק, מ. ל. האַלפּערן, ב. קאַפּמאַן, מאַטעס ל., יצחק

פּאָעמען: נפתלי גראָס, ר. אייזלאַנד, מאַני לייב, ב. קאַפּמאַן.

בילדער: ב. קאַפּמאַן, ב. אַניספעלד, א. וואָלקאָוויץ, י. טאָפּעל.

דערציילונגען: ב. גלאַזמאַן, א. ראַבאָי.

איינציגע לידער: ראַשעל וועפּרינסקי, ציליע דראָפּקין, אידא גלאַזער, אסתר פּעווזנער, בערטאַ קלינג.

יעקב דינעזאָנ׳ס פּאָרטרעט, פאַקסימיליע און בריף.

נאָטיצן: ל. באַראַדולין, זישא לאַנדוי, ר. אייזלאַנד, ב. ריווקין, י. שטיינבוים.

## ב א נ ד  צ ו ו י י

אינהאַלט:

לידער: אל. גוריה, י. טאָפּעל, מאַקס וועבער, זישא לאַנדוי, נחום י., י. סלאָנים, ג. גראַפּשטיין, ב. ביאַלאָסטאָצקי.

אַרטיקלען: ב. ריווקין, פּנחס יאַסינאָווסקי, י. טאָפּעל, וו. נאַטאַנסאָן, דר. ח. זשיטלאָווסקי, ש. ניגער.

איגנאטאָווסקי, דוד איגנאטאָוו

ארטיקלען: ש. ניגער, דר. ח. זשיטלאָווסקי.

איבערזעצונגען: אינדיאַנער געזאַנגען (אידיש — דוד איגנאַטאָוו). די מעשה מיט דעם הודהוד פויגל און מיט דער מלכה בילקיס (אידיש — יהואש). האנרי בערגסאָנס ארייִנפיר צו מעטאפיזיק (אידיש — וו. נאַטאנזאָן).

נאָטיצן: י. ליכטענשטיין, י. טאָפּעל, ל. מילער, ה. לייוויק, י. שטיינבוים, אב. ליוווי.

## באנד פיר

אינהאלט:

בילדער: א. וואָלקאָוויץ, מ. שווארץ, בארטשינסקי, יוסף העכט, מאקס וועבער, י. טאָפּעל, א. העריטאָן.

פּאָעמען: מלך ראוויטש, ל. בערמאן, י. י. שווארץ, ה. לייוויק.

לידער: זישא לאנדוי, א. בראָדערזאָן, דוד זון, חיים קרול, הערשעלע, ב. לאפּין, ס. טשעסטער, נחום י., ראשעל וועפּרינסקי, ש. בודין.

דראמען: ה. דרימער, פּרץ הירשביין, י. גלאטשטיין.

עסעיס: מאקס וועבער, י. טאָפּעל, ב. קאפּמאן.

ארטיקלען: זעליג קעסנער, י. ח. ברענער.

איבערזעצונגען: פון זוהר (אידיש — ש. צ. זעצער); ראבינדראנאט טאַגאר'ס טשיטרא (אידיש — ש. לעווין); האנרי בערגסאָנ'ס ארייִנפיר צו מעטאפיזיק (אידיש — וו. נאַטאַנזאָן.)

נאָטיצן: זעליג קעסנער.

די „שריפטן" ווערן רעדאגירט פון דוד איגנאטאוו.

**פּרייז פון אלע פיר בענד $10.00 געבונדן.**

# דערקלערונגען:

נאָכדעם ווי דאָס איצטיקע בוך „שריפטן“ איז שוין כמעט אינגאנצן געווען באַם איינבינדער, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז לייוויק'ס דראַמע „באַנקראָט“, וואָס איז געדרוקט אין דאָזיקן בוך, איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פּוילן. ס'איז שוין געווען צו שפּעט פאַר אונז ארויסצונעמען די דראַמע פון די „שריפטן“. מיר דרוקן אָבער דאָ אויס אונזער שאַרפסטן פּראָטעסט פאַר אַזאַ האַנדלונג. מיר האָבן באַ לייוויק'ן זיין דראַמע חלילה ניט אויסגענאַרט. מיר האָבן דייטלאַך און קלאָר מיט אים אָפּגערעדט, אַז די דראַמע טאָר אין ערגעץ ניט געדרוקט ווערן ביז אַ לייִנגערע צייט נאָכדעם דערשיינען פון די „שריפטן“. לייוויק ווייס, אַגב, אַז די „שריפטן“ דרוקן ניט בכלל אַנדערש קיינעמס זאַכן. אַזאַ האַנדלונג איז ניט עטיש אפילו צווישען שריפטשטעלער און אָפּיציעלע פאַרלעגער און איז זיכער נאָך ערגער צווישן קאָלעגן. לייוויק האָט געמעגט האָבן מער דרך ארץ פאַר אַזוינע אָפּמאַכן. ער האָט אונז אַוועקגעשטעלט אין אַן אונאַנגענעמער לאַגע. אים האָט זיך געמעגט וועלן זען זיינע אַ זאַך אָפּגעדרוקט אויף איינמאָל אין צוויי פּלעצער, אונז אָבער האָט ער פאַר דעם צוועק ניט געטאָרט אויסנוצן.

דאָס איצטיקע בוך איז באַנד 8—9 און פאַרנעמט 496 פאַרגרעסערטע „שריפטן“ זייטן און דאָך האָט קעגן אונזער ווילן געמוזט אויסבלייבן אַ סך שוין אויפגעזעצטער מאַטעריאַל.

עס איז לכתחילה געווען אָנגעגעבן, אַז עס וועלן דערשיינען צוויי ביכער „שריפטן“ מיט איגנאַטאָוו'ס ראָמאַן „פאַר'ן אמת“ אין זיי. עס האָט זיך אָבער נאָכדעם ארויסגעוויזן, אַז דער ראָמאַן וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אין די ביכער און עס איז באַשלאָסן געוואָרן ארויסצוגעבן דעם ראָמאַן אין אַ באַזונדער בוך. דער ראָמאַן וועט אין גיכן דערשיינען.

די וואָס האָבן זיך אַבאָנירט אויף די צוויי ביכער „שריפטן“, וועלן דערהאַלטן דעם ראָמאַן פריי.

FARLAG “AMERICA”

425 Lafayette St., New York, N. Y. America

# באַמערקטע וויכטיקע דרוקפעלער

מאַקס וועבער'ס „ירושה פון דורות"

ז. 26, שורה 13 פון אויבן, דאַרף זיין פּראַפּעטן אנשטאַט פּראַפּיטן.

ז. 31, שורה 4 פון אויבן, דאַרף זיך לייענען:

„אין זיינע בילדער שפּיגלט זיך זיין גאַנצע, ריינע נאַטור".

ז. 32, שורה 12, דאַרף זיין באַשיידענער אַנשטאַט באַשיידנד.

אין לאַפּינ'ס „צו דער אויסגעטרוימטער פערזענלאַכקייט".

ז. 18, שורה 11, דאַרף זיין אים אין גופא אנשטאַט אין גופא.

אין טאַפּל'ס ליד, ז. 56, שורה 8, דאַרף זיין ראוי אנשטאַט רואו.

אין טאַפּל'ס ליד, ז. 56, שורה 9, דאַרף זיין ראיה אנשטאַט ריאה

אין לוי בערמאַנס „אין טיפע נעכט".

ז. 7, שורה 14 פון אונטן: פרעמדס אנשטאַט פרעמד.

ז. 8, שורה 8 פון אונטן: דורך אלע זיינע טעג און איבער יעדן.

ז. 14, נאָך שורה 5 פון אונטן, קומט שורה: און דער וויטאָג ווי אין חלום טראָגט זיך אָפּ.

ז. 15, שורה 22 אויבן „ליב" אנשטאַט „לייב".

ז. 18 פאַר 20טען פּאַראַגראַף, זיינען ארויסגעפאַלן די שורות:

פון מענטשן אין די וואוינונגען, אויף טרעפּ און בא ארויינגאַנגען
אין אַלערליי געוועלבטע הייזער, מאָנאַסטירן,
חער שטימעס ארום און פאַרנעם יעדן קול,
דורך וועגט הער איך קלינגען אויף טישן קרעדענץ,
און געלעכטער און שפּאַס און פריוד פון אַמאָל.

ז. 21 נאָך שורה 17 אויבן, קומט שורה „זיכער איז די ערד דאָך ציטערט זי"

ז. 22, שורה 2 פון אונטן: ארויינקוקן אנשטאַט ארויינגעקומען.

ז. 24, שורה 5 אונטן, דאַרף זיך לייענען: איידער כ'האָב געזען איז דאָס אזוי געווען.

ז. 26, שורה 16 אויבן, דאַרף זיין: וואוהין זיך ניט פאַרקלייבן, ווי זיך ניט צו ענדערן.

ז. 29, אָנהויב, פעלט שורה: „ווי אין מיטן נאַכט".

אין לייוויק'ס באַנקראַט, ז. 68, שורות 13 און 14 אונטן זיינען צעביטן.

ז. 30, שורה 12 אונטן, געליימט אנשטאַט געלייסט.

ז. 74, שורה 11, דאַרף זיין „פעדלער" אנשטאָט „מאַן".

אין אַראָנסאָנס עסיי, ז. 20, שורה 6 אונטן, דאַרף זיין פאַרמאַט אַנשטאַט פראַגמענט.

אין שוים ארטיקל, ז. 6, שורה 9 אונטן, דאַרף זיין יעדן אנשטאַט זייער.

אין אלמים איבערזעצונג, ז. 32, שורה 9, הויבט זיך אָן: גליקלאָך איז די מוטער.

אין די נאָטיצן, ז. 19, שפּאַלט 2, נאָך שורה 5, דאַרף זיין „זוי די בערט בוצן און שערן".

ז. 20, שפּאַלט 2, שורה 2, אונטן, דאַרף זיך לייענען: קינדער. בפרט אז פאַר א בתולה איז.

ז. 22, שפּאַלט 1, שורה 23, דאַרף זיין: פּאַטאָס אַנשטאַט פּאַטאָס.

ז. 27, שפּאַלט 1, שורה 30, דאַרף זיין: „און ניי זיך" אנשטאַט אין ניו יאָרק".

דער איצטיקער באַנד „שריפטן" האָט 500 זייטן

## אינהאלט: